# DI GESHIKHTE FUN ARBETER-KLAS IN AMERIKE

Melech Epstein

•



מלך עפשטיין



# די געשיכטע פון אַרבעטער-קלאַס אין אַמעריקע

(מיט בילדער)

צוויי בענדער

## צווייטער בוך

פאַרלאַג
אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער אָרדן
1935

# אינהאַלט פון צווייטן בוך

(פון דעם וואפנשטילשטאַנד — 1919 ביז רוזוועלטס
„אויפלעבונג"־פּראָגראַם — 1935)

## זעקס-און-צוואַנציקסטער קאַפּיטל

# די אומרואיקייט נאָך דעם וואַפנשטילשטאַנד (1920—1919)

פּראָספּעריטעט האַלט אָן ביז 1921. — מערהייט פון אַרבעטער-קלאַס פאַרדינט אונטן „אַמעריקאַנעם מינימום". — צאָל פון מיליאָנערן וואַקסט. — דעמאָביליזירטע סאָלדאַטן אַנטוישט און פאַרביטערט.— געשפּענסט פון קאָמוניזם שוועבט איבער אייראָפּע. — אומרואיקייט אויך אין אַמעריקע. — דער פּאָליציי-סטרייק אין באָסטאָן. — א. פ. אָוו ל. קומט אַרויס מיט אַ גראַנדיעזער פּראָגראַם צו באַרואיקן די אַרבעטער.—וויליאַם ז. פאָסטער, איניציאַטאָר פון קאַמפּאַניע צווישן שטאָל-אַרבעטער. — די מאַנעוורעס פון ווילסאָן און גאָמפּערס אָפּ-צוהאַלטן דעם שטאָל-סטרייק. — אַרבעטער רייסן זיך צום סטרייק.— די גרויסע צאָל סטרייק-ברעכער. — מייק טייג העלפט צעברעכן דעם סטרייק. — די העלדישקייט פון די פרעמד-געבוירענע אַרבעטער.— נאָדל-אַרבעטער גיבן מאַטעריעלע שטיצע. — די מעגלעכקייט פון אַ פאַראייניקטן שטאָל- און קוילן-סטרייק. — דזשאָן לואיס וויל ניט „קעמפן געגן אונזער רעגירונג". — סטרייק פון די מענער-שניידער און האָפּן-אַרבעטער.—דער סטרייק אין לאָורענס.—דער העראָישער גענעראַל-סטרייק אין סעאַטל. — א. פ. אָוו ל. פירער רייסן אויף גענעראַל-סטרייק. — די שטייגנדיקע כוואַליע פון ראַדיקאַליזם אין 1920-1919. — דער וואוקס פון די יוניאָנס. — א. פ. אָוו ל. זוכט אויפצושטעלן אַ דאַמבע געגן אַרבעטער-מיליטאַנטישקייט. — רעגירונג פאַרשטאַרקט רעאַקציע.—די איבערפאַלן אויף די „רויטע".

אומדערוואַרט פאַר די קאַפּיטאַליסטן און פאַר די יוניאָן־פירער האָט דער וואַפנשטילשטאַנד, וואָס האָט אָפּגעשטעלט די מאַסן־אויסשלאַכטונג אויף די קריג־פעלדער, ניט אָפּגעשטעלט די פּראָספּעריטעט אין די פאַראייניקטע שטאַטן. פאַרקערט, די האַניק־מאָנאַטן וואָס די מלחמה האָט געבראַכט די קאַפּיטאַליסטן, האָבן אָנגעהאַלטן דעם גאַנצן יאָר 1919 און אַ טייל פון 1920.

דאָס דערקלערט זיך דערמיט, וואָס ערשטנס, זיינען אַלע וואַרעהייזער אין די פאַראייניקטע שטאַטן געווען ליידיק. די מערסטע פּראָדוקציע איז געגאַנגען פאַר מלחמה־צוועקן און עס האָט זיך געפילט אַ מאַנגל אין אַ סך

פראָדוקטן פאַר דעם הײמישן געברויך. צווייטנס, זיינען די מלחמה־פירנדיקע לענדער געווען נאָך מער אויסגעליידיקט ווי די פּאַראייניקטע שטאַטן. זיי האָבן באַדאַרפט האָבן פון ברויט ביז איל און שטאָל און האָבן אַט־די אַלע זאַכן, אין אַ גרויסער מאָס, גענומען פון אַמעריקע. דער קרעדיט וואָס די אַמעריקאַנישע באַנקירן האָבן געגעבן אויסלאַנד, האָט מעגלעך געמאַכט די אויסלענדישע קאַפּיטאַליסטן איינצוקויפן גרויסע זאַפּאַסן פון רויע מאַטעריאַלן און פּראָדוקטן אין די פּאַראייניקטע שטאַטן.

עס האָט גענומען אַ פולן יאָר ביז וואַנען די העכער פיר מיליאָן יונגע מענטשן אין מונדירן זיינען דעמאָביליזירט געוואָרן. אין דער זעלבער צייט זיינען די באַשטעלונגען פון אויסלאַנד געוואָרן קלענער. אָבער די גוואַלדיקע אויסשפּרייטונג פון דער אינדוסטריע און אינדוסטריעלע אויסשטאַטונג (מאַשינען) אין די מלחמה־יאָרן האָבן געפּאָדערט אַ גרויסן מאַרק פאַרן אָפּזאַץ פון סחורות. די דעמאָביליזירטע סאָלדאַטן האָבן באַדאַרפט דזשאַבס און ניט געקראָגן.ביידע פאַקטאָרן האָבן פאַראורזאַכט אַ שווערע דעפּרעסיע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין מיטן 1920.

די קאַפּיטאַליסטישע פּרעסע אין יענע יאָרן האָט ליב געהאַט צו באַטאָנען, אַז דער אַרבעטער־פאַרדינסט האָט דערגרייכט דעם העכסטן פּונקט. דעם זעלבן לידל האָט די פּרעסע אויך געזונגען נאָך מיט מער קראַפט אין די גוטע צייטן פון 1926—1928. אין דער ווירקלעכקייט איז די לאַגע געווען גאַנץ ווייט פון דעם.

אמת, קליינע טיילן פון דעם אַרבעטער־קלאַס האָבן זיך דערשלאָגן גינסטיקע באַדינגונגען. ווען די באַדינגונגען וואָלטן אָנגעהאַלטן אַ לאַנגע צייט וואָלט מעגלעך געווען צו ריידן פון אַ העכסטן פּונקט. אָבער די מערהייט פון דעם אַרבעטער־קלאַס איז געשטאַנען אַ סך נידעריקער פון דעם העכסטן פּונקט. דאָס זעלבע איז געווען אין 1926. די קאַפּיטאַליסטן און זייער רעגירונג האָבן אַלע מאָל אַרויסגעשטעלט די בעסער־באַצאָלטע און פּריווילעגירטע גרופּעס אין דעם אַרבעטער־קלאַס ווי אַ דורכשניט פון דער גאַנצער פיל־מיליאָניקער אַרמיי פון אַרבעט.

### פאַרדינסטן פון מערהייט אַרבעטער אונטער מינימום

אָפיציעלע ציפערן פון דער רעגירונג גיבן די פאָלגנדיקע טאַבעלע פון דורכשניטלעכע פאַרדינסטן, נעמענדיק אַלע אַרבעטער צוזאַמען, קוואַליפיצירטע און ניט־קוואַליפיצירטע :

| יאר | פארדינסט לויטן יאר |
|---|---|
| 1918 | — — — —עטוואס העכער $1,078, וואס מאכט אוים $20.73 א וואך |
| 1920 | — — — — — — — — $1,367, וואס מאכט אוים $26.30 א וואך |
| 1921 | — — — — — — — ארום $1,000, וואס מאכט אוים $20.00 א וואך |

די ציפערן אליין דערציילן נאך ניט די גאנצע געשיכטע. צי די 26 דאלאר א וואך אין 1920, דעם בעסטן יאר, קען זיין א גענוגנדיקער פארדינסט, ווענדט זיך אן די פרייזן פון לעבנס-נויטווענדיקייטן. דא וועלן אונז עטלעכע ציפערן העלפן קלארער צו מאכן דאס בילד.

צווישן 1913 און 1919 איז דער ארבעטער־לוין געשטיגן דורכשניטלעך אויף 55 פראצענט. דער פרייז אויף לעבנס-מיטלען האט זיך געהויבן אויף 104 פראצענט. דאס איז נאך ניט אלץ. לויט דער אויסרעכענונג פון דער פעדעראלער ביורא פאר ארבעט־סטאטיסטיק ביי דעם לייבאר דעפארטמענט, מוז א דורכשניטלעכע פאמיליע פון פיר נפשות האבן אן איינקונפט פון $2,262.47 א יאר, אדער $41.51 א וואך צו קענען לעבן לויט דעם אמעריקאנעם סטאנדארד פון אנשטענדיקייט. דער דורכשניטלעכער פארדינסט פון דער ארבעטער־פאמיליע אין 1919 איז געווען ווייניקער ווי א העלפט פון דעם וואס די רעגירונג רופט אנשטענדיק. אפילו אין דעם בעסטן יאר — 1920 — איז דער פארדינסט געווען בלויז עטוואס העכער א העלפט פון אט־דער סומע. דערמיט מיינען מיר ניט צו זאגן, אז עס זיינען ניט געווען קיין ארבעטער אין לאנד וואס האבן פארדינט עטלעכע און פערציק דאלאר א וואך. זיכער זיינען אזוינע „אריסטאקראטן" געווען. אבער זייער צאל איז נישטיק אין פארגלייך מיט דער גרויסער ארמיי וואס האט דעם דורכשניטלעכן מינימום אויך ניט פארדינט.

צאל פון מיליאנערן פארגרעסערט

די מאגערע פארדינסטן פון דעם ארבעטער־קלאס האבן ניט אפגעשפיגלט די פעטע איינקונפטן פון די קאפיטאליסטן. די קארפאראציעס, טראסטן און באנקען האבן זיך געבאדן אין פראפיטן. עס איז אויסגערעכנט געווארן, אז אין 1917 האבן געשעפטן, וואס ציען א מיליאן דאלאר אדער מער איינקונפט א יאר, געמאכט די סומע פון א ביליאן מיט 234 מיליאן דאלאר. אלע קארפאראציעס האבן געמאכט אין די מלחמה־יארן ארום פיר ביליאן דאלאר יערלעך. דער שטאל־טראסט (די „יונייטעד סטייטס סטיל קארפארייש‍אן") האט אין דעם מלחמה־פעריאד געמאכט א ריינעם פראפיט צווישן א פערטל ביליאן און דריי הונדערט מיליאן דאלאר יערלעך.

די פעטע יאָרן זיינען געווען א פּרוכטבארע פּאשע פאַר די מיליאָנערן. זייער צאָל איז שנעל געוואקסן. אין 1914 זיינען געווען אין לאַנד 7,508 מיליאָנערן. אין 1915 — 10,671 מיליאָנערן. אין 1916 — 17,185 און אין 1917 — 19,903 מיליאָנערן. („אַמעריקאַן לייבאָר יאָר־בוק, 1919־1920, זייט 273.)

דער וואוקס פון ריזיקע פאַרמעגנס און געשוואָלענע פּראָפיטן גיט א גוטע דערקלערונג פאַר דער היץ מיט וועלכער די אמעריקאנישע קאפּיטאליסטן האָבן זיך אריינגעוואָרפן אין דער מלחמה פאַר דעמאָקראַטיע.

די דעמאָביליזירטע מיליאָנען סאָלדאַטן האָבן געבראַכט פון די שלאַכט־פעלדער א גרויסע אומרואיקייט און א טיפע אנטוישונג. אין אַלע לענדער פון אייראָפּע האָבן די הערשער געציטערט פאַר דעם צאָרן פון די מענטשן וואָס זיינען באַגלייט געוואָרן צו די שלאַכטפעלדער ווי העלדן און זיינען צוריק־געקומען אָפּגעריסענע, אויסגעהונגערטע, אָן באַשעפטיקונג און אינגאנצן אויסגעטאָן פון די פריערדיקע פּאַטריאָטישע אילוזיעס. דער ביישפּיל פון דעם אַרבעטער־קלאַס אין דעם לאַנד פון די געוועזענע צאַרן האָט געוואָרפן א טיפע שרעק אויף די קאַפּיטאַליסטן און זייערע שטאַטסלייט. די רעוואָלוציעס אין 1918 אין דייטשלאַנד און אין עסטרייך, די אויפשטאַנדן אין בייערן און אין דרום־דייטשלאַנד האָבן געלאָזט שוועבן דעם געשפּענסט פון קאָמוניזם איבער אייראָפּע. די קאַפּיטאַליסטן האָבן געזוכט צו באַרואיקן און אָפּצוקויפן די אומרואיקייט פון די געוועזענע סאָלדאַטן און פון די אַרבעטער בכלל. אין ענגלאַנד האָט מען איינגעפירט א סיסטעם פון אַרבעטלאָזער פאַרזיכערונג און פּענסיע. דאָס זעלבע אין דייטשלאַנד. די ברעקלעך אַליין זיינען ניט געווען גענוג. צו הילף דעם קאַפּיטאַליזם זיינען ווידער געקומען די רעכטע אַרבעטער־פירער. מיט א ריי פּלענער און לאָזונגען האָבן זיי גענאַרט די אַרבעטער, געשטילט זייער האַס געגן דער עקזיסטירנדיקער אָרדענונג און געגעבן די קאַפּיטאַליסטן, אָפּגעשוואַכט פון דער וועלט־מלחמה, א געלעגנהייט אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם.

אין די פאַראייניקטע שטאַטן האָט זיך אויך געפילט א היפּשע אומ־רואיקייט. די פיר מיליאָן סאָלדאַטן זיינען טאַקע אויפגענומען געוואָרן מיט פּאַראַדן און פּאַטריאָטישע רעדעס, אָבער צו קיין ברויט און אַרבעט קומט עס ניט. דער הערשנדיקער קלאַס וואָס האָט זיך געפילט פיל שטאַרקער אין זאַטל ווי דער הערשנדיקער קלאַס אין די אייראָפּייאישע לענדער, האָט געזוכט אָפּצוציען די אומצופרידנקייט פון די מאַסן מיט שפּאָגל־נייע פּלענער פון שותפות צווישן אַרבעט און קאַפּיטאַל, נייער קאַפּיטאַליזם און נאָך אַזוינע

שיין-קלינגענדיקע פארמולעס, וואס קאסטן די קאפיטאליסטן קיין סענט ניט. גלייכצייטיק האבן די קאפיטאליסטן געגרייט אן אפען-שאפ אנגריף.

### רעגירונג מאכט פריי דעם וועג פאר קאפיטאליסטישן אנגריף

זוכנדיק צו בארואיקן די געמיטער פון די ארבעטער, האט די ווילסאן-רעגירונג אין דער זעלבער צייט זיך געאיילט צו מאכן דעם וועג פריי פאר דער געפלאנטער אפענסיווע פון די ארבעטגעבער. גלייך ווי דער וואפנשטילשטאנד איז אונטערגעשריבן געווארן האט די רעגירונג גענומען ליקווידירן איין קאנטראל-קערפערשאפט נאך דער צווייטער. דאס איז אויך אין איינקלאנג מיט דעם גייסט פון „פארהארטעוועטן אינדיווידואליזם", וואס איז א כלומרשטער זייל פון אמעריקאנישן קאפיטאליזם. (די „פארהארטעוועטע אינדיווידואליסטן האבן זיך ניט געפוילט צו שלעפן זייער רעגירונג ביי דער פאלע יעדן מאל ווען זיי זיינען אריינגעקראכן אין א שמאלן ווינקל און פאמפען פון איר הונדערטער מיליאנען שטיצע פאר די באנקראטירטע באן-קאמפאניעס, שיף-בוי קאמפאניעס א. ד. ג.)

נאוועמבער 1918 האט וויליאם מעקאדו רעזיגנירט פון דער אייזנבאן-אדמיניסטראציע, ווי דער ערשטער שריט אויפן וועג פון צוריקקערן די באנען צו די קאמפאניעס. יאנואר 1919 איז אויפגעלייזט געווארן די אינדוסטריעלע קריג-פארוואלטונג (וואר אינדוסטרים בארד). אין פעברואר האט די קוילן-אדמיניסטראציע אויפגעהערט צו רעגולירן דעם פרייז פון קוילן, כאטש די אדמיניסטראציע איז נאך פארבליבן עקזיסטירן. אין מערץ איז די שיף-בוי אדמיניסטראציע אויפגעלייזט געווארן. אין מאי האט די נעשאנאל לייבאר בארד פארענדיקט איר לעבן. דאס זעלבע האט פאסירט מיט אלע רעגירונג-קאנטראל אינסטיטוציעס וואס זיינען אויפגעשטעלט געווארן אין קריג-צייט. דער גאנצער אפאראט וועמעס צוועק איז געווען אויפצוהאלטן דעם „בורג-פרידן" צווישן ארבעט און קאפיטאל, מיט דער הילף פון קליינע קאנצעסיעס צו די ארבעטער, איז אויפגעגעבן געווארן. ביידע קלאסן האבן געקראגן א פרייע האנט צו באנייען דעם אלטן און שטענדיקן קאמף וואס איז צייטווייליק איבערגעריסן געווארן מיטן קריג. פאר איין קלאס איז די פרייהייט געווען נאר אויפן פאפיר, פארן צווייטן קלאס האט עס געמיינט אז ער קען איצט אנגיין מיט זיינע אפענסיווע-צוגרייטונגען. די ליקווידאציע פון אלע קאנטראל-ארגאניזאציעס איז פאקטיש אויפגענומען געווארן פון די קאפיטאליסטן ווי א סיגנאל אז דער וועג איז פריי צו בארויבן די ארבעטער פון קאנצעסיעס וואס זיי האבן געקראגן אין דער מלחמה-צייט.

אין די יוניאָן־קרייזן האָט מען דאָס אויך גוט פאַרשטאַנען. צווישן די ראַדיקאַלע און פּראָגרעסיווע טוער איז געשטיגן די פאָדערונג פאַר אַ מיליטאַנטישער פּאָליטיק וואָס זאָל באַוואָפענען דעם אַרבעטער־קלאַס אין דער קומענדיקער קאַפּיטאַליסטישער אַטאַקע. אַ ריי פּלענער און פּראָיעקטן זיינען באַטראַכט געוואָרן. די שיקאַגער פעדעריישאָן אָוו לייבאָר האָט אָנגענומען אַ פּראָגראַם פון 14 פאָדערונגען (צו דערמאָנען ווילסאָנס 14 פּונקטן). צווישן זיי איז געווען אַ פאָדערונג פאַר אַ ליגע פון אַרבעטער געגן דער ליגע פון פעלקער, די אָפּשאַפונג פון אַרבעטלאָזיקייט דורך דער „סטאַביליזאַציע" פון אינדוסטריע, אַ פּראָגראַם פון עפנטלעכע אַרבעטן אין צייט פון קריזיסן, עפנטלעכער באַזיץ פון באַנען, טעלעפאָן, טעלעגראַף, שיפן, שלאַכט־הייזער, תבואה־עלעווייטאָרס און אַנדערע עפנטלעכע אונטערנעמונגען. אַ פולשטענדיקע באַגנאַדיקונג פון אַלע פּאָליטישע אַרעסטירטע.

### באַן־אַרבעטער, קוילן־גרעבער און שטאָל־אַרבעטער גרייטן זיך צו סטרייקס

אין לאַנד איז געשטיגן דער יקרות. די א. פ. אָוו ל. פירער האָבן געשטורעמט געגן די פּראָפיטירער, פּונקט ווי דאָס זיינען מענטשן ערגעץ פון אַן אַנדער פּלאַנעט און ניט אַ טייל פון קאַפּיטאַליסטישן קלאַס. אויפן האָריזאָנט האָבן זיך שוין — זומער 1919 — געוויזן די ערשטע צייכנס פון דעם אָנקומענדיקן קריזיס. די אומרואיקייט צווישן די אַרבעטער איז געוואַקסן. באַזונדערס האָט אַ פייער געטליעט צווישן דריי גרויסע אַרבעטער־גרופּעס. די באַן־שאָפּ אַרבעטער, 300,000 אין צאָל, האָבן אומגעדולדיק געפאָדערט אַ באַלדיקן ענטפער וואָס זאָל קלאָר מאַכן זייער לאַגע, איצט ווען די באַנען גייען צוריק איבער צו די פּריוואַטע קאָמפּאַניעס. די קוילן־גרעבער, העכער אַ האַלבן מיליאָן, האָבן ענערגיש געפאָדערט די נאַציאָנאַליזאַציע פון די קוילן־גרובן. אַזאַ רעזאָלוציע איז דורכגעפירט געוואָרן אויף דעם צוזאַמענפאָר פון דער יונייטעד מיין וואָירקערס יוניאָן. די קוילן־גרעבער האָבן אויך געפאָדערט אַ בונד מיט די באַן־אַרבעטער אין פאַל פון אַ סטרייק, אויפן שטייגער פון דעם דריי־בונד אין ענגלאַנד: קוילן־גרעבער, באַן־ און טראַנספּאָרט־אַרבעטער. דזשאָן ל. לואיס האָט ניט געהאַט קיין ברירה, ער האָט געמוזט ריידן ראַדיקאַלע פראַזן. דער אָפּמאַך מיט די קוילן־קאָמפּאַניעס האָט באַדאַרפט אויסגיין אָנהייב 1920 און די שטימונג צווישן די מיטגלידער פון זיין יוניאָן איז געווען אָנגעגליט.

אין אַ דריטער גרויסער און וויכטיקער אינדוסטריע, שטאָל און אייזן, איז אָנגעגאַנגען אַ פּיבערישע קאַמפּאַניע צוצוגרייטן אַ גענעראַל־סטרייק וואָס זאָל צווינגען דעם מעכטיקן שטאָל־טראַסט צו אָנערקענען אַ יוניאָן און פאַרבעסערן די לאַגע פון די אַרבעטער.

די טיפע און דראָענדיקע אומרואיקייט צווישן מיליאָנען אַרבעטער האָט אַרויסגעטריבן די פירער פון דער א. פ. אָוו ל. פון זייער באַקוועמער זאָרגלאָזיקייט. גאָמפּערס האָט געמוזט „שפּאַנען מיט דער צייט" ניט צו ווערן אָפּגעשליידערט אָן אַ זייט. דער גרויסער מלחמה־פּאַטריאָט האָט דערזען ווי עס בורעט אין די טיפענישן פון די מאַסן, האָט ער באַצייטנס אָנגענומען מיטלען.

מאָנאַטן־לאַנג אין יאָר 1918 האָט אַ ספּעציעלע קאָמיסיע פון דער א. פ. אָוו ל. „שטודירט" די לאַגע און געזוכט גרויסע פּלענער וואָס זאָלן אין דער ווירקלעכקייט גאָרניט באַדייטן. די פּלענער זיינען געפונען געוואָרן סוף פונם זעלבן יאָר. דער עקזעקוטיוו־קאָונסיל האָט די פּלענער באַשטעטיקט און דער צוזאַמענפאָר, אָקטאָבער 1919 אין אַטלאַנטיק סיטי, האָט זיי אָנגענומען אונטער אַ הויך־קלינגענדיקן טיטל.

## דער פּאָליציי־סטרייק אין באָסטאָן, אַ באַראָמעטער פון דער שטימונג צווישן די אַרבעטער

די א. פ. אָוו ל. פירערשאַפט איז אַרויסגעקומען מיט אַ כלומרשט־גראַנדיעזער פּראָגראַם פון עקאָנאָמישן איבערבוי. די פּראָגראַם האָט באַדאַרפט איינשטילן די ראַדיקאַלע שטימונגען צווישן די אָרגאַניזירטע אַרבעטער, שטימונגען וואָס האָבן געפונען אויסדרוק אין דער פאָדערונג פון די קוילן־גרעבער פאַר נאַציאָנאַליזאַציע פון די קוילן־גרובן, און פון די באַן־אַרבעטער אין דעם „פּלאָמב־פּלאַן", צוצונעמען די באַנען פון די באַן־קאָמפּאַניעס און זיי בשותפות מיט דער רעגירונג באַטרייבן. די שטימונג איז אויך דערגאַנגען צו די געזעץ־אָפּהיטער, ווי דער פּאָליציי־סטרייק אין באָסטאָן, אין סעפּטעמבער, 1919.

דער פּאָליציי־סטרייק איז דערקלערט געוואָרן ווי אַן ענטפער צום פאַרבאָט פון פּאָליציי־שעף געגן באַלאַנגען צו אַ יוניאָן אָנגעשלאָסן אין דער א. פ. אָוו ל. אין 1919 איז געווען אַ קענטיקע באַוועגונג צווישן די פּאָליציילייט אין אַ ריי שטעט זיך צו אָרגאַניזירן און זיך אָנצושליסן אין דער אָרגאַניזירטער אַרבעטער־באַוועגונג. די א. פ. אָוו ל. האָט באַשלאָסן אַריינצונעמען יוניאָנס פון פּאָליציי.

ווען דער פאַרבאַט איז אַרויסגעגעבן געוואָרן און עטלעכע יוניאָן־פּאָליציי־לייט זיינען אַנטזאָגט געוואָרן איז די גאַנצע פּאָליציי אַרויס אין סטרייק. גאָווערנאָר קולידזש האָט געציטערט און געוואָלט פאַרהאַנדלען מיט די יוניאָן־פאָרשטייער, אָבער די קאַפּיטאַליסטן האָבן אויפגעהויבן אַ שרעקלעכן גוואַלד. די פּאָליציי איז דער כח אויף וועלכן זיי פאַרלאָזן זיך אַפּצוהיטן „לעבן און אייגנטום". אַ פּאָליציי וואָס איז אַ טייל פון דער אַרבעטער־באַוועגונג איז ניט קיין ראַיעלער כח אויף וועלכן די קאַפּיטאַליסטן קענען זיך אָנשפּאַרן געגן אינערלעכע אומרוען.

די א. פ. אָוו ל. האָט זיך אויך דערשראָקן פאַר דעם קאַפּיטאַליסטישן גוואַלד און האָט ניט אַרויסגעוויזן קיין שום שטיצע די סטרייקער. דריי טעג איז באָסטאָן געווען אָן אַ פּאָליציי. אָן הילף פון דער אַרבעטער־באַוועגונג איז דער סטרייק געבראָכן געוואָרן. דער שרעקעדיקער קולידזש האָט זיך אָבער געקליגט צו נעמען פאַר זיך דעם גאַנצן קרעדיט פאַר ברעכן דעם ערשטן פּאָליציי־סטרייק אין לאַנד. אַלס אָנערקענונג האָט ער געקראָגן די נאָמינאַציע פון וויצע־פּרעזידענט פון דער רעפּובליקאַנישער פּאַרטיי.

### די רעקאָנסטרוקציע פּראָגראַם — אַ סך פּראַזן און ווייניק אינהאַלט

די רעקאָנסטרוקציע־פּראָגראַם איז אונטערגעטראָגן געוואָרן ווי „ניט בלויז דער פולסטער און קאָנסטרוקטיווסטער פּלאַן וואָס איז ווען עס איז פאָרגעשלאָגן געוואָרן אין דעם לאַנד, נאָר אויך די איינציקע פּראָגראַם וואָס פאַרענטפערט אַלע פראַגן פון איבערבויען דאָס לעבן פון פאָלק אויף אַ פרידן־באַזע".

די פּראָגראַם איז געווען אָן אויפגעבלאָזענער באַלון. מיטן אויסנאַם פון אַ פּאָר קאָנקרעטע פאָדערונגען, ווי געגן לוין־שניט, פאַר אַן אַכט־שטונדיקן אַרבעט־טאָג, באַשרענקען די אַרבעט פון קינדער, פאָדערן פאַרגיטיקונג־געזעצן אין אומגליק־פאַלן און נאָך פון דעם סאָרט, האָט די גאַנצע קאָנסטרוקטיווע פּראָגראַם ניט געהאַט קיין איין פונדאַמענטאַלן פּונקט פון די נויטן פון דעם אַרבעטער־קלאַס. פון אַרבעטלאָזער פאַרזיכערונג, פון וועלכער מען האָט שוין געוואוסט אין אייראָפּע, וויל די פּראָגראַם פון דער א. פ. אָוו ל. ניט הערן.

ווי אַ צוקער־לעקעכל צו די אַרבעטער וואָס פאָדערן די נאַציאָנאַליזאַציע פון אַלע עפנטלעכע אונטערנעמונגען, ווי באַנען, טעלעפאָן, טעלעגראַף א. ד. ג., האָט די פּראָגראַם פאָרמאָגט אַ נעפּלהאַפטן פּונקט וועגן דעם, אַז די רעגירונג

זאל באטרייבן אדער רעגולירן עפנטלעכע אונטערנעמונגען. די דערפארונג האט באוויזן, אז נאר די קאפיטאליסטן געווינען פון אזא מין רעגולירונג. די אלע רעגולאציע־קערפערשאפטן זיינען נאר שוץ־מיטלען פאר די קאפיטאליסטן.

די פראגראם האט אויך פארמאגט די צוויי אלטע אייזן־פעסטע און אויסגעהאלטענע פאדערונגען פון דעם גאמפערסיזם: אפשטעלן די אימיגראציע און ניט פירן קיין זעלבסטשטענדיקע ארבעטער־פאליטיק.

### ווילסאן רופט א קאנפערענץ צו צאמען ארבעטער־אומרואיקייט

די פארגרעסערטע סימנים פון ארבעטער־אומגעדולד און אומרואיקייט האבן געצוואונגען דער ווילסאן־רעגירונג צו פלאנירן א קאנפערענץ וואס זאל אויסארבעטן „אן אויפריכטיקע און דויערהאפטע קאאפעראציע צווישן קאפיטאל און ארבעט". דער נאך־מלחמה־קריזיס איז נאך ניט אריינגעטראטן. די ווילסאן־רעגירונג האט דעריבער געזוכט צו אנטוואפענען די ארבעטער אין צייט ווען די לאגע איז נאך גינסטיק פאר זיי. דער אלטער מיטל וואס ליבעראלן באטראכטן פאר א צויבער-שטעקל אויפצוהאלטן פרידן צווישן די קלאסן, א קאנפערענץ פון אלע צדדים, איז איינבארופן געווארן אין וואשינגטאן אויף אקטאבער דעם 6טן, 1919. אגב, דער רוף איז געקומען אין מיטן דעם פאליציי־סטרייק אין באסטאן, וואס האט אלארמירט די בורזשואזיע אין ניט קיין קלענער מאס.

די נאציאנאלע אינדוסטריעלע קאנפערענץ איז באשטאנען פון 17 פארטרעטער פון קאפיטאליסטישע ארגאניזאציעס, 19 פון יוניאנס און 21 פארשטייער פון „פובליקום". צווישן די פארטרעטער פון „נייטראלן" פובליקום זיינען געווען אזעלכע אומפארטייאישע דזשענטלמען, ווי דער יונגער דזשאן ד. ראקפעלער, א גרויסער ארבעטגעבער, עלבערט ה. גערי, הויפט פון שטאל־טראסט, וואס האט ארגאניזירט ארמייען מיט מערדער געגן די שטאל־סטרייקער, בערנארד בארוך, א וואל־סטריט ספעקולאנט, טאמאס ל. טשאד־בוירן, א וואל־סטריט קארפאראציע־אדוואקאט און נאך עטלעכע פון דעם טיפ. פארשטייט זיך, אז דער אויסגאנג פון דער קאנפערענץ איז געווען באשלאסן פון פריער, אבער גאמפערס און די איבעריקע יוניאן-פירער האבן זיך געמאכט ניט ווויסנדיק, זיך באטייליקט אין דער קאנפערענץ און דערמיט איר געליפערט דעם אנשטעל פון אומפארטייאישקייט און נייטראליטעט. צווישן די יוניאן־פארשטייער איז געווען וויליאם גרין, מייק טיג און דער „סאציאליסט" וויליאם ה. דזשאנסטאן, פרעזידענט פון דער מאשיניסטן יוניאן (אמאלגאמייטעד אסאסיאיישאן אוו מאשיניסטס).

די קאָנפערענץ האָט זיך געעפנט אין אַ הינטערגרונט פון אַ פלאַקערנדיקן אַרבעטער־קאַמף. די שטאָל־אַרבעטער זיינען געווען אין סטרייק, די קוילן־גרעבער, נאָענט צו אַ סטרייק. איבערן לאַנד זיינען אויסגעבראָכן מאַסן „אומגעזעצלעכע" סטרייקס. אַרבעטער האָבן געבראָכן די קייטן פון די אָפּמאַכן וואָס זייערע יוניאָן־פירער האָבן אויף זיי אָנגעהאַנגען און איבער זייערע קעפּ אַרויס אין סטרייקס.

די לעכערלעכקייט פון דער סיטואַציע האָט זיך שנעל אַרויסגעוויזן. גערי פאַרטרעט דאָס פובליקום און שיקט זיינע אַרמייען צו מאָרדן סטרייקער וואָס קעמפן פאַר דעם רעכט צו זיין אָרגאַניזירט. נאָך אַ ריי דריידלדיקע פאָרמולעס וואָס זאָלן זיך טייטשן ווי אַ צושטימונג פאַר קאָלעקטיווע פאַרהאַנדלונגען — פאָרמולעס וואָס די קאַפּיטאַליסטן פון האַנדל־קאַמער און פון „פובליקום" האָבן צוריקגעוויזן — האָבן די יוניאָן־פירער דעם 23סטן אָקטאָבער פאַרלאָזן די קאָנפערענץ. די פאָרמולעס וואָס די אַרבעטגעבער האָבן פאָרגעשלאָגן, האָבן געצילט צו באַפעסטיקן די קאָמפּאַניע־יוניאָנס, וואָס האָבן דעמאָלט זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן.*)

אַ טאָג שפּעטער האָבן די „פאַרטרעטער פון פובליקום" אין אַ דערקלערונג באַדויערט וואָס די קאָנפערענץ איז אויפגעריסן. זיי האָבן פאָרגעשלאָגן דעם פרעזידענט צו באַשטימען אַ קליינע קאָמיסיע, וועלכע זאָל פאַרטרעטן „פאַרשיידענע אָנשויאונגען". די קאָמיסיע פון פינף מיטגלידער וועט דאַרפן אויסאַרבעטן אַ פּלאַן צו שליכטן אינדוסטריעלע שטרייטיקייטן. אין דער קאָמיסיע איז שוין קיין יוניאָן־פאָרשטייער ניט באַשטימט געוואָרן. ווילסאָן האָט אָפּגעדינט זיין טרייען אַרויסהעלפער, גאָמפּערס. די קאָמיסיע פון „פאַרשיידענע אָנשויאונגען" האָט זיך געאייניקט, אַז סטרייקס אין אינדוסטריעס פון געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער זאָלן פאַרבאָטן ווערן.

פאַר וועמען דאָס פובליקום „שרעקט זיך"

אַזאַ באַריכט האָט די קאָמיסיע אַריינגעטראָגן דעצעמבער 29, 1919. דערביי האָט די קאָמיסיע דערקלערט:

„עס איז אַ זיכערער פאַקט, אַז דאָס פובליקום איז פאַר אַ לאַנגער צייט געווען אומרואיק וועגן דער מאַכט פון די גרויסע אַרבעטגעבער. איצטער

---

*) אין סעפּטעמבער 1919 האָבן 44 פירמעס שוין געהאַט איינגעפירט פאַרשיידענע פאָרמען פון קאָמפּאַניע־יוניאָנס, צווישן זיי די בעטלעהעם שטאָל־קאָמפּאַניע, סטאַנדאַרד אָיל פון ניו דזשוירזי, גענעראַל עלעקטריק קאָמפּאַניע, די האַרוועסטער פאַרם־מאַשין קאָמפּאַניע און נאָך. (לאָרווין, אַ. פּ. אָוו ל., זייט 179.)

> ווערט עס אומרואיק איבער דער מאכט פון די גרויסע ארבעטער-ארגאני-זאציעס. די געזעלשאפט דארף באשיצט ווערן פון דער הערשאפט פוןביידן.״
> (לארווין, זעלבער בוך, זייט 179.)

אט־די פרומע מינע האט עס באדארפט פארשטעלן פון דער עפנטלעכער מיינונג די אינדוסטריעלע מלחמה אין די שטאל־צענטרען פון פענסילוויניע, אהייא, אינדיאנא, אילינאי און אנדערע שטאטן, א מלחמה אין וועלכער דער סאמע אונטערדריקטסטער טייל פון ארבעטער־קלאס האט געקעמפט פאר זיין לעבן געגן דער מעכטיקסטער גרופע פון וואל־סטריט רויבער.

ווילסאן האט אויך געוויזן זיין אמתן פנים אין 1919, ווען די באן־שאפ־ארבעטער זיינען ארויסגעקומען מיט א פאדערונג פון א לוין־העכערונג צוליב דעם אלץ־שטייגנדיקן יקרות. ווילסאן האט זיך ארויפגעווארפן אויף די ארבעטער אז זיי שטערן אים אין זיין פלאן ארונטערצוברייגנען די פרייזן אויף לעבנס־מיטלען. די יוניאן־פירער זיינען געווען איינשטימיק מיט דעם פרעזידענט. די ארבעטער זיינען געבליבן ביי זייער פאדערונג און זיינען ארויס אין סטרייק איבער די קעפ פון די פירער. ווילסאן האט שנעל איינ־בארופן א קאנפערענץ און די יוניאן־פירער האבן אונטערגעשריבן אן אפמאך אז זיי שיקן די ארבעטער צוריק. דער סטרייק איז געבראכן געווארן פון די יוניאן־באאמטע און די ארבעטער זיינען צוריקגעגאנגען אן א לוין־העכערונג.

דער קורצער קאמף איז נאר געווען א פארשפיל צום גרויסן און עפאכע־מאכנדיקן קאמף פון די שטאל־ארבעטער אין סוף פון דעם זעלבן יאר, צום גענעראל־סטרייק פון די קוילן־גרעבער און צום גענעראל־סטרייק אין סיאטל, וואס האבן אויסגעדריקט די אנטשלאסנקייט און דעם טיפן באגער פון די ארבעטער אויפצונעמען א קאמף געגן די קאפיטאליסטן. די דריי גרויסע ארבעטער־ארויסטרעטונגען האבן נאכאמאל דעמאנסטרירט די אנטשיידענע ראלע וואס א רעכטע פירערשאפט פארמאגט ווען ארבעטער קומט אויס צו קעמפן געגן די קאפיטאליסטן און זייער רעגירונג און גלייכצייטיק געגן די אייגענע אזוי־גערופענע פירער, וועלכע אטאקירן פון הינטן.

## וויליאם ז. פאסטער הייבט אן א קאמפאניע פאר דעם שטאל־סטרייק

די שטאל־ארבעטער האבן זיך אלעמאל געפונען אויף דעם אונטערשטן שטאפל פון עקאנאמישן לייטער. מיט יארן צוריק האט די אמאלגאמייטעד אסאסיאיישאן פון אייזן, שטאל און בלעך ארבעטער געמאכט א סך פארזוכן צו ארגאניזירן די שטאל־אינדוסטריע. דער בלוטיקער סטרייק אין האומסטעד

איז געווען איינער פון די פארזוכן. שפעטער איז די יוניאָן פארוואנדלט געוואָרן אין דער אָרגאַניזאַציע פון די סאַמע קוואַליפיצירטסטע ארבעטער אין דער שטאָל־אינדוסטריע. אין 1901, ווען דזש. פּ. מאָרגאַן האָט דורכגעפירט די פאראייניקונג פון עטלעכע גרויסע שטאָל־קאָמפּאַניעס, האָט די אמאַלגאַ־מייטעד אויפגעהערט צו זיין אַ וויכטיקער פאקטאָר אין דער אינדוסטריע. איר מיטגלידערשאַפט האָט זיך געפונען אין קליינע אונטערנעמונגען.



וויליאַם ז. פאָסטער

די גינסטיקסטע צייט צו אָרגאַניזירן די שטאָל־ארבעטער איז געווען נאַטירלעך אין די מלחמה־יאָרן. שטאָל איז דער רוקנביין פון קריג־פירונג. ווילסאָן און דער שטאָל־טראַסט וואָלטן ניט געקענט זיך דערלויבן צו פאראַלי־זירן די שטאָל־אינדוסטריע. אָבער גאָמפּערס האָט פארשפּראָכן ווילסאָנען, אז די א. פ. אָוו ל. וועט האַלטן פאר איר פאַטריאָטישער פליכט ניט צו דער־לאָזן קיין סטרייקס און האָט זיין פליכט טריי דורכגעפירט. די אָרגאַניזירטע ארבעטער־באַוועגונג האָט אַ פינגער ניט אויפגעהייבן צו אָרגאַניזירן די שטאָל־

ארבעטער אין יענעם פעריאָד ווען דאָס איז געווען סטראַטעגיש גינסטיק און געזיכערט מיט א זיג.

אין דער א. פ. אָוו ל. איז אָבער געווען א קליינע גרופּע טוער וואָס האָט גענומען ערנסט די לאַגע פון די שטאָל־ארבעטער און דעם שיקזאל פון דער ארבעטער־באַוועגונג. די טוער האָט מען גערופן די פּראָגרעסיווע. דער סאַמע ענערגישסטער, פּייאיקסטער און מיליטאַנטישסטער איז געווען וויליאַם ז. פאָסטער.

פאָסטער, געשטיצט פון א גרופּע יוניאָן־טוער אין דער שיקאַגער פעדע־ריישאָן אָוו לייבאָר, דעמאָלט א צענטער פון דער פּראָגרעסיווער באַוועגונג, האָט דורכגעפירט די אָרגאַניזאַציע און דעם קאַמף פון די ארבעטער אין די שלאַכט־הייזער פון שיקאַגאָ. ניט געקוקט אויף די פארשיידענע פּאַכן וואָס געפינען זיך אין דער פלייש־אינדוסטריע, איז פאָסטערן געלונגען צו אָרגאַני־זירן אַלע ארבעטער אין אַן אינדוסטריעלער יוניאָן אין גענעראַל־סטרייק אין 1916. די מעכטיקע פלייש־קאָמפּאַניעס האָבן געמוזט פארהאַנדלען מיט דער יוניאָן און נאָכגעבן אירע פאָדערונגען. פון דער פלייש־אינדוסטריע האָט פאָסטער גענומען ארבעטן אויף דער קאָמפּאַניע אין דער שטאָל־אינדוסטריע.

אין אַפּריל 1917 האָט פאָסטער דורכגעפירט א רעזאָלוציע אין דער שיקאַגער פעדעראַציע אָפּצוהאַלטן א נאַציאָנאַלע קאָנפערענץ וועגן דער שטאָל־אינדוסטריע ווען דער א. פ. אָוו ל. צוזאַמענפאָר וועט פאָרקומען אין יוני פון זעלבן יאָר. דער עקזעקוטיוו קאַונסיל פון דער א. פ. אָוו ל. אין וואַשינגטאָן האָט דערצו איינגעשטימט, אָבער די קאָנפערענץ איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן ניט אין פארלויף פון דעם צוזאַמענפאָר נאָר וואָכן שפּעטער. גאָמפּערס האָט געצויגן און געצויגן ביז וואַנען די קאָנפערענץ איז פאָרט אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין אויגוסט.

## פאַר־יוניאָניזם אַרויפגעצוואונגען אויף שטאָל־ארבעטער

די קאָנפערענץ האָט אָנגענומען פאָסטערס פאָרשלאָג אָנצוהייבן אַן אָרגאַניזאַציע־קאַמפּאַניע צווישן די ארבעטער אין דער שטאָל־אינדוסטריע. א נאַציאָנאַלע קאָמיטע מיט פאָרשטייער פון די 24 יוניאָנס וואָס זיינען פאַראינטערעסירט אין דער שטאָל־אינדוסטריע איז צוזאַמענגעשטעלט גע־וואָרן אָנצופירן מיט דער קאַמפּאַניע. גאָמפּערס איז געוואָרן פאָרזיצער און פאָסטער, סעקרעטאַר־קאַסיר.

שוין אויף דער קאָנפערענץ איז דער אַלטער אומגליק פון דער טרייד־

יוניאָן באַוועגונג אַרויסגעקראָכן אין פולער גרויס. פאַר אַלעמען איז געווען קלאָר, אַז אַ קאַמף געגן דעם מעכטיקסטן קאַפּיטאַליסטישן גיגאַנט — דעם שטאָל־טראַסט — קען זיין דערפאָלגרייך נאָר דעמאָלט ווען אַלע שטאָל־אַרבעטער וועלן אָרגאַניזירט ווערן אין איין שטאַרקער אינדוסטריעלער יוניאָן. אָבער די הויכע באַאַמטע פון די 24 יוניאָנס האָבן געהאַט אין זינען יעדער זיינע אייגענע אינטערעסן. זיי האָבן געוואָלט געווינען דיוס־צאָלער פון די שטאָל־אַרבעטער. געגן פאָסטערס ווילן איז באַשלאָסן געוואָרן איינצוטיילן די נייע מיטגלידער אין די 24 באַזונדערע יוניאָנס לויט געצייג און פאַך. די קאַמפּאַניע זאָל געפירט ווערן פון דער אַלגעמיינער קאָמיטע און אַזוי אויך דער סטרייק ווען ער וועט אַרויסגערופן ווערן. די האַלב־קוואַליפיצירטע אַר־בעטער וועמענס באַשעפטיקונג איז אין באַרירונג מיט מאַשיניסטן, זאָלן באַלאַנגען צו דער מאַשיניסטן־יוניאָן, די וועלכע האָבן אַ שייכות צו בלעך — צו דער בלעכערס יוניאָן, א. אז. וו.

דער באַשלוס איז געווען די ערשטע פונדאַמענטאַלע שוואַכקייט פון דער גאַנצער קאַמפּאַניע. שפּעטער האָט ער געפירט צו אונטערגראָבן דעם גאַנצן קאַמף. ווען פאָסטער האָט צוגעשטעלט אַ פינאַנציעלן פּלאַן פאַר דער קאַמ־פּאַניע האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די פירער פון די 24 יוניאָנס זיינען יעדער גרייט צו אַסיגנירן גאַנצע הונדערט דאָלאַר פאַר דער קאָלאָסאַלער אַרבעט. דער הונדערטער איז געווען אַ טרויעריקער שפּאַס. מיט 24 הונדערט דאָלאַר קען מען ווייט ניט פאַרפאָרן אין אַ קאַמפּאַניע צו אָרגאַניזירן הונדערטער טויזנטער אַרבעטער.

עס איז קלאָר געווען פון סאַמע אָנהייב, אַז די פירער פון די 24 יוניאָנס נעמען ניט ערנסט די גאַנצע זאַך, זיי טרעטן אַריין אין דער גרויסער און פאַראַנטוואָרטלעכער אונטערנעמונג געגן זייער ווילן. פונדעסטוועגן זיינען זיי גרייט, אויב די אונטערנעמונג זאָל פאָרט זיך אַרויסווייזן צו זיין אַ דער־פאָלג, צו קריגן זייער חלק אין נייע מיטגלידער.

פאָסטער, פיצפאַטריק, פּרעזידענט פון דער שיקאַגער א. פ. אָוו ל., און נאָך אַ גרופּע טוער האָבן זיך גענומען ענערגיש צו דער אַרבעט, ניט קוקנדיק אויף אַלע שוועריקייטן. זיי איז געלונגען אָנצוהייבן די קאַמפּאַניע אין סעפּ־טעמבער 1918. דערווייל איז אַזוי פיל ווערטפולע צייט פאַרלאָרן געגאַנגען. דער אָריגינעלער באַשלוס איז געווען צו באַשרייננקען פון אָנהייב די אַרבעט צום געגנט אַרום שיקאַגאָ, צוליב מאַנגל אין געלט־מיטלען, אָבער פאָסטער האָט געשטופּט די קאַמפּאַניע אין דער גאַנצער שטאָל־טעריטאָריע.

די נאַציאָנאַלע קאָמיטע און אירע אָרגאַניזאַטאָרן זיינען אויפגענומען

געוואָרן פון די שטאָל־ארבעטער מיט דער גרעסטער פרייד. אלע באמיאונגען פון די אויפזעער פון די שטאָל־קאָמפּאַניעס אָפּצוהאַלטן די ארבעטער פון די יוניאָנס האָבן ניט געהאָלפן. אפילו די עטלעכע סענט וואָס זיי האָבן צוגעוואָרפן זייערע אינדוסטריעלע שקלאַפן האָבן ניט געווירקט. די אָנגעקליבענע ביטערקייט און דער דראַנג פון די ארבעטער אויסצוקעמפן מענטשלעכע באַדינגונגען האָבן זיך געריסן צום אויבערפלאַך. חבר פאָסטער איז זיין בוך דער שטאָל־סטרייק און זיין לערע גיט אָן אז איידער דער סטרייק איז ארויסגערופן געוואָרן האָבן שוין אַ פערטל מיליאָן אַרבעטער זיך אָנגעשלאָסן אין די באטרעפנדיקע יוניאָנס פון דער נאַציאָנאַלער קאָמיטע.

די ערשטע פּאָרזוכן צו געבן די שטאָל־אַרבעטער מיט אַ מעסער אין רוקן

די פיבערישע אָרגאַניזאַציע־ארבעט איז ניט אָנגעגאַנגען אָן שטערונגען און אָן פאַרראַט. אין מיטן פון דער ארבעט, מאַי 1919, האָבן די באַאמטע פון דער אמאַלגאַמייטעד אַסאָסיאיישאָן — אַ טייל פון דער נאַציאָנאַלער קאָמיטע — זיך פּלוצלונג אליין געווענדעט צו ריכטער גערי, פּרעזידענט פון שטאָל־טראָסט, מיט אַ בריוו וואָס האָט געצילט אויפצורייסן דעם סטרייק נאָך איידער ער איז ארויסגערופן געוואָרן. אין דעם בריוו האָבן די אמאַלגאַמייטעד באאמטע געלאָזט וויסן גערין אז „אין דער אינדוסטריעלער וועלט האָט זיך איצט באוויזן אַן ערנסטער צעשטערנדיקער עלעמענט און דעריבער איז די פּאַטריאָטישע פליכט פון אַלע גוטע בירגער אָנצואווענדן אַלע מיטלען צו צאַמען די כוואַליע פון אומרו". דער שפּיץ פון דעם עקלהאפטן בריוו איז געווען אַ ביטע, אז גערי זאָל זיך זען מיט אַ קאָמיטע פון דער אמאַלגאַמייטעד אַסאָסיאיישאָן פון אייזן, שטאָל און בלעך ארבעטער.

די מאַנעוורע צו פאַרקויפן די מערהייט שטאָל־ארבעטער פאַר אַ מעגלעכן טאָפּ לינזן פאַר זייער גרופּע איז די אמאַלגאַמייטעד באאמטע ניט געלונגען. גערי האָט זיי געענטפערט גאָר ניט העפלעך אז זיין קאָרפּאָראַציע האַלט ניט פון טרעפן זיך מיט יוניאָן־פירער. זיין קאָרפּאָראַציע גלויבט אין דעם אָפענעם שאָפּ. פאַר די אמאַלגאַמייטעד באאמטע איז ניט געבליבן קיין אנדער אויסוועג ווי ווייטער שטיין מיט דער נאַציאָנאַלער קאָמיטע.

נאָך די אמאַלגאַמייטעד באאמטע, האָט גאָמפּערס אליין אָנגעהייבן פּראָוועןן פוילע שטיק. דער קאָפּ פון דער יוניאָן־ביוראָקראַטיע האָט געמוזט קריגן אַ וואונק פון וויסן הויז אָדער ער האָט געקראָגן קאַלטע פיס. ער האָט רעזיגנירט אַלס פּאָרזיצער פון דער נאַציאָנאַלער קאָמיטע און דערמיט באַ־

רויבט די גאַנצע אַרבעט פון דער אָפּיציעלער נאָענטקייט און פאַראַנטוואָרט־לעכקייט פון דער א. פ. אָוו ל. גאָמפּערס האָט זיך אויך געשטעלט געגן דעם באַשלוס פון דער נאַציאָנאַלער קאָמיטע אַרויסצורופן די שטאָל־אַרבעטער אין סטרייק דעם ערשטן אָקטאָבער. גאָמפּערס האָט זיך אפילו אנטזאגט אָנטיילצונעמען אין די פאַרהאַנדלונגען פון דער קאָמיטע.

### שטאָל־מאַגנאַטן גרייטן זיך צום סטרייק

די שטאָל־מאַגנאַטן זיינען דערווייל ניט געשטאַנען מיט פאַרלייגטע הענט. דערזעענדיק די ערנסטקייט פון דער באַוועגונג האָבן זיי אָנגעהייבן א קאַמפּאַניע פון פאַרפאָלגונגען געגן די אַקטיווע יוניאָן־מיטגלידער. טויזנטער זיינען אַרויסגעוואָרפן געוואָרן פון די פאַבריקן. די אַרויסגעוואָרפענע האָבן געפאָדערט אַז די יוניאָנס און די נאַציאָנאַלע קאָמיטע זאָלן זיך פאַר זיי אָננעמען. זיי האָבן זיך געריסן צום קאַמף. די קאָמיטע האָט געמוזט מאַכן א סוף צו דער לאַגע וואָס איז געוואָרן אומדערטרעגלעך. די שטונדע האָט געשלאָגן אַרויסצוטרעטן אין אָפענעם קאַמף אָדער איינגאַנצן אויפגעבן די קאַמפּאַניע און איבערלאָזן די אַרבעטער אין אַן ערגערן צושטאַנד ווי פריער.

אין מאַי 25, 1919 איז פאַררופן געוואָרן א באַראַטונג פון די נייע אָרגאַניזאַציעס אין דער שטאָל־אינדוסטריע. 583 טוער פון די ערטער זיינען געקומען. זיי האָבן, ווי איין מענטש, געפאָדערט באַלדיקע אַקציע. די אַר־בעטער באַשטייען אויף א סטרייק, האָבן זיי געמאָלדן, מען קען זיי לענגער ניט איינהאַלטן. די שטאָל־קאָמפּאַניעס וואַרפן אַרויס יעדן טאָג נייע יוניאָן־מיטגלידער. דער קאַמף קען ווייטער ניט אָפּגעלייגט ווערן.

די באַראַטונג האָט באַפולמעכטיקט די נאַציאָנאַלע קאָמיטע אָנצוהייבן פאַרהאַנדלונגען מיט די שטאָל־קאָמפּאַניעס און פאָדערן א העכערונג אין לוין, קירצערע שטונדן, בעסערע אַרבעט־באַדינגונגען און יוניאָן־אָנערקענונג. די נאַציאָנאַלע קאָמיטע האָט אויסגעקליבן א קלענערע קאָמיטע מיט גאָמפּערסן אין דער שפּיץ אָנצוהייבן די פאַרהאַנדלונגען.

גאָמפּערס האָט אָנגעשריבן א שיינעם, איידעלן און עכט־אַמעריקאַניש־פּאַטריאָטישן בריוו צו רירן דאָס האַרץ פון דעם פּרעזידענט פון שטאָל־טראָסט. גאָמפּערס האָט דערמאָנט געריין, אַז די שטאָל־אַרבעטער „זוכן צו פאַרבעסערן זייער לאַגע מיט אַמעריקאַנישער פאַרשטענדיקונג, ניט מיט רעוואָלוציאָנערע מעטאָדן אָדער מיט דער איינפירונג פון אַן איבערקערעניש". ער האָט אים ווייטער געלאָזט וויסן, אַז „מיר גלויבן אין די פאַרזוכן פון אַרבעטגעבער און אַרבעטער צו זיצן צוזאַמען אַרום א טיש".

גערי האט אפילו ניט געשיינקט גאמפערסן קיין ענטפער, דער בריוו איז אינגאנצן איגנארירט געווארן. גלייכצייטיק האבן די שטאל־מאגנאטן פאר־גרעסערט און פארשטארקט די פארפאלגונגען פון די יוניאן־מיטגלידער. די לופט איז געווען אנגעפילט מיט עלעקטריציטעט.

98 פראצענט שטימען פאר גענעראל־סטרייק

דעם 20סטן יולי איז אפגעהאלטן געווארן נאך א בעראטונג, וואס האט באשלאסן אויסצוארבעטן פאדערונגען און צושטעלן זיי צו א רעפערענדום־אפשטימונג פון די ארגאניזירטע שטאל־ארבעטער. די פאדערונגען זיינען געווען זייער מעסיקע, ווי די איינפירונג פון דעם אכט־שטונדיקן ארבעט־טאג, די אפשאפונג פון א 24־שטונדיקער ארבעט־סמענע, לוין־העכערונג, אפשאפונג פון קאמפאניע־יוניאנס און דאס גלייכן. די יוניאן־פירער האבן אויך ארויס־געשטעלט די פאדערונג פון דער „טשעק־אף סיסטעם", געגן וועלכער פאסטער האט שטארק געקעמפט („טשעק־אף" איז די סיסטעם וואו דער ארבעטגעבער נעמט ארונטער פון דעם ארבעטערס לוין די רעגלמעסיקע צאלונגען צו דער יוניאן).

די רעפערענדום־אפשטימונג האט געגעבן א קאלאסאלע מערהייט פאר א באלדיקן סטרייק. 98 פראצענט פון די מיטגלידער האבן זיך ארויסגעזאגט פאר דעם סטרייק. גאנצע געגנטן האבן געשטימט איינשטימיק.

נאך א צווייטן אומגעלונגענעם פארזוך אריינצוטרעטן אין פארהאנד־לונגען מיט די שטאל־קאמפאניעס, האט די נאציאנאלע קאמיטע באריכטעט צום עקזעקוטיוו קאונסיל פון דער א. פ. או ל. וועגן דער אומפארמיידלעכקייט פון דעם גענעראל־סטרייק. דער עקזעקוטיוו קאונסיל האט דעם באריכט בא־שטעטיקט. גאמפערס איז אוועק אין ווייסן הויז צו בעטן ווילסאנען ער זאל זיך אריינמישן ווי א פארמיטלער צווישן די יוניאנס, דעם שטאל־טראסט און די איבעריקע גרויסע שטאל־קאמפאניעס. גאמפערס האט געזאגט ווילסאנען, אז אלץ וואס די ארבעטער ווילן איז א געלעגנהייט אפצוהאלטן א בעראטונג מיט די ארבעטגעבער. ווילסאן האט צוגעזאגט זיך צו זען מיט גערין און איינטעהנהן מיט אים ער זאל זיך טרעפן מיט די יוניאן־פירער. ווילסאן האט פארלאנגט און געקראגן די פארשפרעכונג, אז דער סטרייק־רוף וועט דערווייל פארהאלטן ווערן.

דאס ווענדן זיך צום גרויסן פריינט פון גאמפערסן האט זיך אויסגעלאזט צו זיין א קלאפ פאר די שטאל־ארבעטער.

„א וואָך איז פאַריבער און מען הערט ניט א וואָרט פון פרעזידענט. די באַדינגונגען אין דער שטאַל-אינדוסטריע זיינען שרעקלעך. די קאָמפּאַניעס באַגרייפן די וויכטיקייט פון דעם ערשטן קלאַפּ און זיי וואַרפן אַרויס די אַרבעטער אין די פיל טויזנטער. די אַרבעטער מוזן זיך רירן אָדער זיי וועלן פאַרניכטעט ווערן.״ (פאָסטער, דער שטאַל-סטרייק און זיינע לערעס, זייטן 84-85.)

די יוניאָן־פירער וואָס זיינען אומגערן אַריינגעטראָטן אין דער גאַנצער קאַמפּאַניע האָבן זיך געפונען אין זייער א שווערער לאַגע. אין הארצן האָבן זיי ניט געוואָלט קיין קאַמף געגן די שטאַל־מאַגנאַטן, אָבער צוריקטרעטן איז געווען צו שפּעט. די נאַציאָנאַלע קאָמיטע מאַכט דעריבער נאָך א פאַרזוך צו זען ווילסאָנען. דעם פערטן סעפּטעמבער איז די גאַנצע ספּעציעלע קאָמיטע מיט גאָמפּערסן אין שפּיץ געגאַנגען אין ווייסן הויז און גערעדט צום פּרעזי־דענט ווי צו א טרייען פאַטער:

„די קאָמיטע — האָבן די יוניאָן-פירער געזאָגט דעם פּרעזידענט — האָט זיך פאַרלאָזט אויף אייער דערקלערונג אַז איר זוכט ערנסט איינצואָרדענען א קאָנפערענץ און ברענגען צו אַן ערנהאַפטן און פרידלעכן אויסגלייך פון דעם סכסוך. אונז איז געלונגען ביז איצט איינצורייִדן די אַרבעטער ניט אַרויסצוטרעטן אין א גענעראַל-סטרייק. מיר קענען אָבער ניט וויסן ווי לאַנג נאָך אונז וועט געלינגען אָפּצוהאַלטן זיי.״

## ווילסאָן טרעט אַרויס געגן שטאַל־אַרבעטער

פינף טעג שפּעטער האָט די נאַציאָנאַלע קאָמיטע דערהאַלטן א טעלע־גראַמע פון טאַמאַלטי, ווילסאָנס סעקרעטאַר, אַז דעם פּרעזידענט איז ניט געלונגען איינצואָרדענען א קאָנפערענץ צווישן די יוניאָנס און גערין. אייניקע יוניאָן־פירער האָבן נאָך ניט פאַרלאָרן זייער האָפענונג און געשיקט ווילסאָנען א צווייטע טעלעגראַמע וועגן דער ערנסטקייט פון דער לאַגע, אָבער טאַמאַלטי האָט געענטפערט מיט דעמזעלביקן ניין.

די יוניאָן־פירער האָבן ניט געהאַט קיין אַנדער אויסוועג ווי דורכפירן דעם מאַנדאַט פון דער מיטגלידערשאַפט. גאָמפּערס האָט זיך נאָך אַלץ געוועהרט געגן דעם סטרייק. די נאַציאָנאַלע קאָמיטע געפירט פון פאָסטער און פיצפּעטריק, וואָס האָט פאַרנומען גאָמפּערסעס פּלאַץ פון פאַרזיצער, האָט געשטופּט צו א גענעראַל־סטרייק. די קאָמיטע האָט ענדלעך באַשטימט דעם 22סטן סעפּטעמבער פאַר דעם טאָג פון גענעראַל־סטרייק.

ווילסאָן האָט געהאַלטן אַ שטיין אין אַרבל. גלייך ווי עס איז באוואוסט געוואָרן דער סטרייק-באַשלוס איז פּלוצלונג אָנגעקומען אַ טעלעגראַמע פון ווייסן הויז, אַז דער פּרעזידענט פאַרלאַנגט אָפּצולייגן דעם סטרייק ביז נאָך דער אינדוסטריעלער קאָנפערענץ וואָס ער פאַררופט אויף דעם זעקסטן אָקטאָבער. חבר פאָסטער שרייבט, אַז די טעלעגראַמע איז אַרונטערגעפאַלן ווי אַ דונער אויף דער נאַציאָנאַלער קאָמיטע, וועלכע האָט ניט געהאַט די מינדעסטע אַנונג אַז ווילסאָן פּלאַנעוועט צו מאַכן אַזאַ שריט.

גאָמפּערס האָט איבערגעשיקט ווילסאָנס טעלעגראַמע מיט אַ שטאַרקער רעקאָמענדאַציע אַז דעם פּרעזידענטס פאַרלאַנג זאָל אויסגעפילט ווערן. ווי עס זעט אויס, האָט גאָמפּערס געוואוסט פריער אַז ווילסאָן וועט אַרויסקומען אין דער לעצטער מינוט מיט אַזאַ פאָרשלאָג.

ווילסאָן האָט גוט אויסגערעכנט, אַז זיין פאָרשלאָג שטעלט די סטרייק־פירערשאַפט אין אַ שווערער לאַגע. ניט אָנצונעמען זיין פאָרשלאָג אָפּצולייגן דעם סטרייק וועט געבן דער רעגירונג און דעם שטאָל־טראָסט אַ געלעגנהייט צו אַטאַקירן די „אויסלענדער״, די פרעמד־געבוירענע ארבעטער אין דער שטאָל־אינדוסטריע, אַז זיי זיינען חוצפּהדיק און ווילן אפילו ניט אָננעמען אַ פּלאַן פון דעם פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן אָפּצוואַרטן אַ מאָנאַט מיט זייער סטרייק. אין פאַרלויף פון דעם מאָנאַט וועט דער שטאָל־טראָסט דערוויי־ל טרייבן זיינע אַנטי־סטרייק פאָרברייטונגען. אַ טייל פון דער נאַציאָנאַלער קאָמיטע האָט זיך גענומען וואַקלען, אָבער די פאָדערונג פון די ארבעטער איז געוואָרן שטאַרקער און צודרינגלעכער. חבר פאָסטער שרייבט:

„אַזוי שנעל ווי עס איז באַוואוסט געוואָרן אַז דער סטרייק וועט מעגלעך אָפּגעלייגט ווערן, האָבן די שטאָל-אַרבעטער אָפּגעהאַלטן פאַרזאַמלונגען אין זייערע יוניאָנס און געלאָזט וויסן דער נאַציאָנאַלער קאָמיטע אַז זיי וועלן אַליין וואַרפן די אַרבעט דעם 22סטן סעפּטעמבער סיידן די נאַציאָנאַלע קאָמיטע וועט קריגן קאָנצעסיעס פון די שטאָל-קאָמפּאַניעס.

„די שטאָל-אַרבעטער האָבן געדולדיק געוואַרט לאַנגע מאָנאַטן אונטער די אָנווייזונגען פון די אָרגאַניזאַטאָרן אויף אַ געלעגנהייט אויפצונעמען זייערע קריוודעס. ווען זיי האָבן אויפגעבויט זייערע אָרגאַניזאַציעס, אָפּגעשטימט דעם טאָג פון סטרייק און זיינען גרייט צו דערלאַנגען אַ שווערן קלאַפּ זייערע אונטערדריקער, אַ געלעגנהייט וואָס מאַכט זיך איינמאָל אין אַ דור, וועלן זיי די געלעגנהייט ניט אויפגעבן. די אַרבעטער האָבן אפילו ניט געהאַט די מינדעסטע פאַרזיכערונג אַז די אינדוסטריעלע קאָנפערענץ וואָס ווילסאָן פאַר-רופט וועט אויפנעמען זייער לאַגע. וואָס וועט אַ קאָנפערענץ, באַהערשט פון די גערים און ראָקפעלערס, טאָן פאַר זיי? אין אַזאַ לאַגע האָבן די אַרבעטער

ניט געקענט צושטימען אַפּצולייגן דעם סטרייק. פון כמעט אַלע געגנטן זיינען אָנגעקומען וואָרנונגען אַז די אַרבעטער וועלן אַרויסגיין אין סטרייק דעם באַשטימטן טאָג. די לאַגע איז געלעגן אין די הענט פון דער רענק און פייל.״ (פאָסטער, דער שטאָל־סטרייק, זייטן 91-92.)

די נאַציאָנאַלע קאָמיטע האָט געמוזט באַשליסן אָנצוהייבן מיט דעם סטרייק. די מעכטיקע אַרבעטער־כוחות וואָס די אָרגאַניזאַציע־קאַמפּאַניע האָט אַרויסגערופן האָבן זיך געריסן צו אַקציע.

אַרמיי פון סטרייק־ברעכער און ווילדע העצע געגן סטרייקער

די טוער פון דער נאַציאָנאַלער קאָמיטע וואָס זיינען געווען פאַר דעם סטרייק האָבן גוט אָפּגעשאַצט די פּלאַמיקע שטימונג פון די שטאָל־אַרבעטער. אין דעם ערשטן טאָג זיינען 365,000 שטאָל־אַרבעטער אַרויס אין סטרייק, ניט קוקנדיק אויף דעם טעראָר וואָס האָט געהערשט אין די שטאָל־שטעט און שטעטלעך. אַ קאָלאָסאַלע אַרבעטער־אַרמיי באַזועלט מיט אַ שטאָלענעם ווילן צו געווינען דעם קאַמף פאַר אירע גערעכטע פאָדערונגען.

די גרויסע אַרמיי סטרייקער האָט אָבער באַלד אויסגעפונען, אַז אויסער די קאַפּיטאַליסטישע גיגאַנטן געגן וועמען זי האָט זיך פאַרמאָסטן אין קאַמף, האָט זי צו טאָן מיט אַ גיפטיקן אינערלעכן פיינט.

די שטאָל־קאָמפּאַניעס, און באַזונדערס דער שטאָל־טראָסט, האָבן זיך וואָכן־לאַנג געגרייט צום קאַמף. זיי האָבן אויך מאָביליזירט אַן אַרמיי פון סטרייק־ברעכער, די גרעסטע צאָל וואָס איז וועו געבראַכט געוואָרן צו באַזיגן אַ סטרייק. מען האָט אָפּגעשאַצט, אַז ניט ווייניקער פון פערציק טויזנט נעגערס זיינען אימפּאָרטירט געוואָרן אין די שטאָל־צענטרען. די ריזיקע צאָל נעגער־סטרייקברעכער איז געווען אַ רעזולטאַט פון דער שענדלעכער פּאָליטיק וואָס די אַ. פ. אָוו ל. יוניאָנס האָבן געטריבן — און טרייבן איצט — געגן די נעגער־אַרבעטער. דער ערגסטער סאָרט דזשים־קראָאיזם און דיסקרימינאַציעס זיינען אָנגעווענדט געוואָרן געגן זיי אין פאַבריקן. אין פיל יוניאָנס זיינען די נעגער־אַרבעטער ניט אריינגענומען געוואָרן. דאָס האָט געשאַפן אַ לאַגע, אַז צווישן די נעגערס האָט געהערשט אַ טיפער אומצוטרוי צו ווייסע אַר־בעטער און צו די ווייסע יוניאָנס. די אומצייליקע סקעב־אַגענטורן האָבן אויסגעצייכנט אויסגענוצט אָט־דעם געפיל פון די שוואַרצע האַרעפּאַשניקעס און זיי איינגעשפּאַנט אין דער אַרמיי „שטשורעס״, ווי די אַרבעטער רופן די סטרייקברעכער. עס האָבן אויך ניט געפעלט קיין ווייסע סטרייקברעכער,

אויך אין אַ גרויסער מאָס צוליב דער ענגהאַרציקייט און שמאָלקעפּיקייט פון דער א. פ. אָוו ל., וואָס האָט קיינמאָל ניט געזוכט צו אָרגאַניזירן אָט די אָפּגעשטאַנענע טיילן פון דעם אַרבעטער־קלאַס.

רעדן צו די סטרייקברעכער איז געווען אוממעגלעך. אָן דער פּאַרמאַלי־טעט פון קריג־צושטאַנד האָט אין יעדן שטאָל־שטעטל געהערשט דדי ביקס, די מאַשין־ביקס און די דובינקע. די שטאָל־קאָמפּאַניעס האָבן איינגעשוואָרן מחנות אונטערוועלט־מענטשן פאַר דעפּיוטי־שעריפס. די סטרייקער האָבן ניט געקענט אָפּהאַלטן קיין פאַרזאַמלונגען, ניט געקענט זיך באַגעגענען אין גאַס אָדער אַרויסגיין אין אָוונט פון הויז. די היימען פון די טעטיקע סטרייק־טוער זיינען באַפאַלן געוואָרן ביינאַכט און זייערע פאַמיליעס זיינען מערדער־לעך צעשלאָגן געוואָרן. אינעווייניק אין הויז איז אַלץ צעבראָכן געוואָרן. אין העמאָנד, אינדיאַנאַ, האָבן די גערונגענע מערדער דערשאָסן צום טויט פינף סטרייקער און פאַרוואונדעט צענדליקער. די אַטאַקע איז געמאַכט געוואָרן פלוצלונג און פון הינטן.

די פּרעסע, די קירך און אַלע אַגענטורן פון אינפאָרמאַציע זיינען מאָבילי־זירט געוואָרן געגן די סטרייקער. די גלחים אין די שטאָל־צענטרען האָבן געשטורעמט געגן דעם סטרייק. די פּרעסע האָט אָנגערופן דעם קאַמף פאַר עקאָנאָמישע פאָדערונגען אַ באָלשעוויסטישער פאַרזוך פון די אומדאַנקבאַרע פרעמד־געבוירענע אַרבעטער צו אַטאַקירן דאָס לאַנד וואָס איז געוואָרן זייער צווייטע היים. גלייכצייטיק האָט די פּרעסע געזוכט צו מאַכן דעם סטרייק צו קליין־געלט. נאָכאַנאַנד זיינען געפלויגן טעלעגראַמעס פון פּיטסבורג, אַז די שטאָל־מילן אַרבעטן נאָרמאַל און עס איז ניטאָ קיין קריטישע סיטואַציע. דאָס איז געווען אַן אויסגערעכנטע טאַקטיק צו באַרואיקן די מאַסן איבערן לאַנד, וואָס האָבן געפילט סימפּאַטיע מיט די שטאָל־אַרבעטער. וויבאַלד אַז די שטאָל־מילן אַרבעטן נאָרמאַל איז דער סטרייק קיין סטרייק ניט און די אַרבעטער האָבן ניט קיין קריוודעס.

פאַרשטייט זיך, אַז די צייטונג־קאָרעספּאָנדענטן האָבן געשיקט ליג־נערישע טעלעגראַמעס. דער שרייבער פון דעם בוך געדענקט ווי איין פרי־מאָרגן איז דערשינען אין די ניו־יאָרקער צייטונגען אַ טעלעגראַפישער באַריכט פון אַ טור וואָס זייערע קאָרעספּאָנדענטן האָבן געמאַכט אַרום די שטאָל־מילן אין פּיטסבורג. די קאָרעספּאָנדענטן האָבן מיט זייערע אייגענע אויגן געזען ווי פון די מילן האָט זיך געקייקלט אַ רויך, דער בעסטער באַווייז אַז אינעווייניק זיינען פאַראַן אַרבעטער און זיי פּראָדוצירן שטאָל ווי געוויינלעך. אין דער ווירקלעכקייט איז דער טור געווען נאָר אַ שטיק פאַבריצירטע פּרעס־

אגענטור פאר די שטאָל־קאָמפּאַניעס. די קאָרעספּאָנדענטן האָבן געוואוסט, אַז אין דער שטונדע וואָס זיי וועלן פאַרבייגיין די מילן וועלן די קאָמפּאַניעס, וואָס האָבן זיך אָנגעגרייט מיט דער הילף פון די פּאָרלייט, אינזשענערן און סטרייקברעכער, לאָזן אין גאַנג עטלעכע אויוונס אַז רויך זאָל זיך זען פון דרויסן.

אין דער שטאָל־אינדוסטריע זיינען פאַרטראָטן אַלע ראַסן און נאַציאָנאַליטעטן וואָס געפינען זיך אין די פאַראייניקטע שטאַטן. אַלע זיינען אַרויס אין סטרייק. דער שרייבער פון דעם בוך קען צושטעלן זיין אייגענע דער־פאַרונג. גלייך נאָך דעם סטרייק איז אים אויסגעקומען צו באַזוכן פּועבלאָ, קאָלאָראַדאָ, א וויכטיקער שטאָל־צענטער. דאָרט געפינט זיך ראַקפעלערס שטאָל־פאַבריק, וואָס באַשעפטיקט אין גוטע צייטן 26,000 ארבעטער. די נאַציאָנאַלע קאָמיטע האָט ניט באַוויזן צו טאָן דאָרט א סך צוגרייטונג־ארבעט צוליב דער ווייטקייט. נאָך מער, אין דער מיל זיינען באַשעפטיקט 52 נאַציאָנאַליטעטן. די אינפאָרמאַציע האָט דער שרייבער געקראָגן פון דער פּערסאָנאַל־אָפּטיילונג וואָס שטעלט אָן נייע ארבעטער. די אַלע ארבעטער פון פאַבריק, אָן אויסנאַם, האָבן געוואָרפן די ארבעט דעם 22סטן סעפּטעמבער. אפילו א טייל פון די וועכטער (די אינגערע) זיינען אַרויס אין סטרייק. אַזוי איז די שטימונג פאַרן סטרייק אָנגעגליט געווען ביי די אינדוסטריעלע שקלאַפן פון געַרי, ראַקפעלער און שוואַב.

פאַרראַט פון יוניאָן־פירער און מאַנגל אין הילף ברעכט דעם גענעראַל־סטרייק

די אַרמיי סטרייקברעכער, דער טעראָר און די העצע פון דער פּרעסע און פון דער קירך זיינען ניט געווען די הויפּט־פאַקטאָרן וואָס האָבן געבראָכן דעם גלענצענדיקן קאַמף פון די הונדערטער טויזנטער שטאָל־ארבעטער. די הויפּט־פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דעם דורכפאַל פון סטרייק און פאַר דעם פאַקט וואָס די שטאָל־אינדוסטריע איז נאָך ביז איצט — 1935 — ניט אָרגאַניזירט, פאַלט אויף די יוניאָן־פירער, באַזונדערס אויף די הויפּט־באַאמטע פון דער „אַמאַלגאַמייטעד אַסאָסיאיישאָן אָוו אייראָן, סטיל ענד טין וואָירקערס”. דער זעלבער מייק טייג, וואָס האָט פאַרראַטן דעם קאַמף פון די שטאָל־ארבעטער, זומער 1934, איז געווען פּרעזידענט אין דער אַמאַלגאַמייטעד אין 1919.

טייג און די איבעריקע פּרעזידענטן און וויצע־פּרעזידענטן פון די 24 יוניאָנס, וואָס האָבן די גאַנצע צייט ניט געוואָלט קיין קאַמף, האָבן נאָכדעם

ווי דער סטרייק איז אויסגעבראכן, ארויסגעשלעפט זייערע קאנסטיטוציעס און געוויזן אז זיי קענען ניט לויט דער קאנסטיטוציע געבן סטרייק־הילף צו זייערע נייע מיטגלידער, די שטאל־ארבעטער. די מערסטע קאנסטיטוציעס פון די א. פ. אוו ל. יוניאנס באווארענען אז מיטגלידער זיינען בארעכטיקט צו סטרייק־שטיצע בלויז נאך א געוויסער צייט פון אנגעהעריקייט אין דער יוניאן, אמאל א האלב יאר, אמאל א יאר און אמאל לענגער. די שטאל־



מייק טייג

ארבעטער זיינען אנגעשלאסן געווען אין די יוניאנס אינגאנצן עטלעכע מאנאטן. האבן די יוניאן־פירער זיך אפגעטרייסלט פון וועלכער עס איז פינאנציעלער פאראנטווארטלעכקייט פאר די סטרייקער און זייערע פאמיליעס.

עס האט זיך באקומען, ווי חבר פאסטער ווייזט אן, אז די 24 יוניאנס האבן געמאכט גאר געשעפטן פון די שטאל־ארבעטער. זיי האבן אריינגענומען פינפערלעך איינטריט־געלט — צוליב דער קאמפאניע האט מען ארונטערגעלאזט פון די הויכע איינטריט־געלט — פון עטלעכע הונדערט טויזנט שטאל־ארבעטער און ווען עס איז געקומען צו געבן די שטיצע אין

צייט פון סטרייק האָבן די באַאמטע געפּאַכעט מיט איר מאַיעסטעט די קאָנ־סטיטוציע וואָס איז געבליבן אין קראַפט און וואָס פאַרבאָט סטרייק־שטיצע צו פרישע מיטגלידער.

מייק טייג צווינגט אַרבעטער צו ווערן סטרייקברעכער

דאָס איז נאָך ניט געווען דער גאַנצער פאַרראַט. די באַאמטע פון דער־אַמאַלגאַמייטעד, וואָס ציילט די סאַמע קוואַליפיצירטסטע אַרבעטער אין דער אינדוסטריע, האָט געהאַט מיט עטלעכע קאָמפּאַניעס אָפּמאַכן. ווען דער סטרייק איז דערקלערט געוואָרן און די אַמאַלגאַמייטעד־באַאמטע האָבן געזען אַז זיי שטייען פאַר אַ שווערן און בלוטיקן קאַמף, האָבן זיי זיך דערמאָנט אָן זייערע אָפּמאַכן מיט די שטאָל־קאָמפּאַניעס. זיי האָבן אַרויסגערוקט דעם אַלטן כלל פון דער יוניאָן־ביוראָקראַטיע, אַז אָפּמאַכן מיט באַלעבאָטים זיינען הייליקער ווי עלעמענטאַרע אַרבעטער־סאָלידאַריטעט און האָבן געשיקט צוריק צו דער אַרבעט ניט נאָר די אַלטע מיטגלידער, נאָר אויך די נייע, די ניט־קוואַליפיצירטע, וואָס זיי האָבן אַריינגענומען אין פאַרלויף פון דער אָרגאַני־זאַציע־קאַמפּאַניע. דאָרטן וואו די אַרבעטער האָבן זיך אַנטזאָגט צו ברעכן דעם סטרייק האָבן די אַמאַלגאַמייטעד־פירער צוגענומען די טשאַרטערס פון די לאָקאַלן.

דעם סטרייק־ברעכערישן שריט האָט די אַמאַלגאַמייטעד דורכגעפירט אין דעם וויכטיקסטן יאָנגסטאַון־געגנט. נאָכדעם איז געקומען דער קליוולאַנדער געגנט. אַלע פּראָטעסטן פון די סטרייק־פירער אין דער נאַציאָנאַלער קאָמיטע זיינען געווען אַרויסגעוואָרפן. די סטרייק־פירער האָבן געמוזט צוזען ווי זייער אָן אייגענער טייל ברעכט חוצפהדיק דעם סטרייק.

אַרבעטער־באַוועגונג ניט מאָביליזירט צו העלפן סטרייקער

די 24 יוניאָנס וואָס האָבן צונויפגעשטעלט די נאַציאָנאַלע קאָמיטע האָבן געציילט אַרום צוויי מיליאָן מיטגלידער, אַ גוואַלדיקער כח אויב ער וואָלט מאָביליזירט געוואָרן צו העלפן דעם סטרייק. דער כח איז אָבער ניט מאָביליזירט געוואָרן. פאַרקערט, די יוניאָן־פירער זיינען געווען נייגעריק וואָס גיכער פּטור צו ווערן פון דעם סטרייק. דער עקזעקוטיוו קאָונסיל פון דער פעדעראַציע האָט געהאַט אַן אויסרייד: דער קאָונסיל האָט דאָך פריער געוואָרנט נעגן דעם סטרייק. גאָמפּערס איז געשטאַנען אין געהיימע פאַר־האַנדלונגען מיט ווילסאָנען, פון וועלכע די סטרייק־פירער האָבן ניט אָנגעהייבן צו וויסן.

די אָפיציעלע אַרבעטער־באַוועגונג האָט ניט אָנגעהייבן צו טאָן איר פליכט אין זאַמלען הילף פאַר די סטרייקער. נאָר די נאָדל־פאַך יוניאָנס האָבן געגעבן שטיצע די סטרייקער. די „אַמאַלגאַמייטעד קלאָדינג וואָירקערס" האָט געגעבן הונדערט טויזנט דאָלאַר. די „אינטערנעשאָנאַל לײדיס גאַרמענט וואָירקערס" האָט געגעבן 60,000 דאָלאַר. די „אינטערנעשאָנאַל פאָר וואָירקערס יוניאָן" האָט געגעבן 20,000 דאָלאַר. די געלדער זיינען געזאַמלט געוואָרן פון די אַרבעטער אין די שעפּער, וואָס האָבן גערן געגעבן פאַר דעם שטאָל־סטרייק. אינגאַנצן האָבן די שטאָל-אַרבעטער געקראָגן פון די יוניאָנס הילף אין פאַרלויף פון די דריי מאָנאַטן סטרייק 426,832 דאָלאַר, אַ נישטיקע סומע פאַר עטלעכע הונדערט טויזנט סטרייקער און זייערע פאַמיליעס. די דירעקטע ביישטייערונגען פון אַלע 24 יוניאָנס צו די אויסגאַבן פון שפּייזן די סטרייקער האָבן ביישטייערט ניט מער פון 101,000 דאָלאַר.

די שטאָל, קוילן און באַן־פאַרקער אינדוסטריעס זיינען ענג פאַרבונדן צווישן זיך. די שטאָל־קאָמפּאַניעס פאַרמאָגן אַ סך און גרויסע קוילן־גרובן. זיי האָבן אויך אייגענע לאָקאַלע באַן־ליניעס וואָס פירן אַריין רויע מאַטעריאַלן און פירן אַרויס זייערע פּראָדוקטן פון די פאַבריקן. ווען די „יונייטעד מיין וואָירקערס" און די באַן־בראָדערהודס גיבן שטיצע דעם סטרייק, וואָלט דער אויסגאַנג געווען אַ גאַנץ אַנדערער. אָבער די אָפיציעלע אַרבעטער־באַוועגונג האָט באַטראַכט ווי אַ נאָרמאַלע זאַך אַז יוניאָן־לייט זאָלן פירן סקעב־מאַטעריאַלן אין און פון די שטאָל־פאַבריקן און אַז יוניאָן קוילן־גרעבער זאָלן אַרבעטן אין גרובן וואָס באַלאַנגען צו די שטאָל־קאָמפּאַניעס. די מיט־גלידער פון די באַן־בראָדערהודס האָבן געאַרבעט צוזאַמען מיט סטרייק־ברעכער אונטער דער שוץ פון די פּריוואַטע אַרמייען פון די שטאָל־קאָמפּאַניעס.

### דזשאָן ל. לואיס וויל זיך ניט שטעלן געגן „זיין" רעגירונג

די פירער פון דער „יונייטעד מיין וואָירקערס" זיינען געגאַנגען נאָך אַ טריט ווייטער אין זייער פאַרראַט. די יוניאָן האָט געהאַט אַן אָפּמאַך מיט דער פעדעראַלער קוילן־אַדמיניסטראַציע פון אָקטאָבער 1917 ביז אַפּריל 1920. אַזוי שנעל ווי דער קריג איז פאַריבער, האָט די קוילן־אַדמיניסטראַציע אויפגעהערט צו רעגולירן פּרייזן פון קוילן. אין פעברואַר 1919 איז די אַדמיניסטראַציע אויפגעגעבן געוואָרן. די קוילן־גרעבער האָבן געזען אַז נאָך דעם קריג האָט די רעגירונג זיי איבערגעלאָזט צו די פּריוואַטע קוילן־קאָמ־פּאַניעס. אַזוי ווי דער אָפּמאַך מיט דער רעגירונג איז איבערגעריסן, זיינען

די ארבעטער פריי ארויסצושטעלן פאָדערונגען צו די קוילן־מאַגנאַטן וועלכע האָבן גוואַלדיק אויפגעשרויפט די פרייזן.

אין סעפּטעמבער פון זעלבן יאָר האָט דער צוזאַמענפאָר פון דער יונייטעד מיין וואָירקערס יוניאָן ארויסגעשטעלט א ריי פאָדערונגען אין איינ־קלאַנג מיט דער געענדערטער לאַגע אין דער אינדוסטריע. איינע פון די פאָדערונגען איז געווען א פינף־טאָגיקע ארבעט־וואָך און א זעקס־שטונדיקער ארבעט־טאָג צו פארקלענערן ארבעטלאָזיקייט. די באַאמטע פון דער יוניאָן זיינען באַפולמעכטיקט געוואָרן ארויסצורופן א גענעראַל־סטרייק אויב די פאָדערונגען וועלן ניט נאָכגעגעבן ווערן.

די קוילן־מאַגנאַטן האָבן זיך אנטזאָגט נאָכצוגעבן די פאָדערונגען. דעם 13טן אָקטאָבער איז ארויסגעלאָזט געוואָרן דער סטרייק־רוף און דעם 31סטן אָקטאָבער איז א האַלבער מיליאָן קוילן־גרעבער ארויס אין סטרייק.

עס האָט אויסגעזען, אז די ארבעטער פון די צוויי גרונט־אינדוסטריעס וועלן זיין פארבונדן צווישן זיך, וועלן פאראייניקן זייערע קאַמפן און א מעכטיקער סטרייק אין די שטאָל־מילן און אין די קוילן־גרובן וועט צווינגען דעם שטאָל־טראַסט און דער רעגירונג צו פארהאַנדלען און נאָכצוגעבן די פאָדערונגען פון די ארבעטער. צווישן די סטרייקנדיקע שטאָל־ארבעטער האָט זיך פארשפרייט א גרויסע פרייד. זיי האָבן געזען אָנקומענדיק א מעכטיקע הילף.

אָבער דזשאָן ל. לואיס און די איבעריקע באַאמטע פון דער „יונייטעד מיין וואָירקערס" האָבן ניט געוואָלט קיין פאראייניקטן קאַמף. זיי האָבן גע־ציטערט פאר אזא מעכטיקן סטרייק. זיי זיינען אויסן געווען זיך צו באַנוצן מיט דעם סטרייק פון די שטאָל־ארבעטער גרינגער צו מאַכן זייער אייגענע פּאָזיציע. די „יונייטעד מיין וואָירקערס" האָבן אין די מלחמה־יאָרן געקראָגן צוגעוואָרפן ברעקלעך פון דער רעגירונג. אין זייער גרויסן פּאַטריאָטיזם האָבן די פירער אָפּילו מאָביליזירט און געשיקט גרופּעס קוילן־גרעבער צו טאָן וויכטיקע און געפערלעכע ארבעטן אויף די שלאַכט־פעלדער אין פראַנקרייך. זיי האָבן איצט דערוואַרטעט, אז די רעגירונג וועט זיי העלפן קריגן זייערע פאָדערונגען אָן א קאַמף. די רעגירונג ווידער האָט געציטערט פאר א סטרייק פון נאָענט צו א מיליאָן ארבעטער אין די צוויי וויכטיקסטע אינדוסטריען, א סטרייק וואָס קען ארומכאַפּן אין דער אומרואיקער צייט גאָר גרויסע טיילן פון דעם ארבעטער־קלאַס, א סטרייק וועמענס אויסגאַנג מען קען ניט פאָר־אויסזען און פאָראויסזאָגן.

דעם 24סטן אָקטאָבער האָט ווילסאָן דערקלערט: „פון וועלכער זייט

מען זאָל ניט קוקן אויף דעם (סטרייק), איז עס אַ ווייט־פאַרשפּרייטער פּלאַן אָפּצושטעלן די פּאַרטיילונג פון לעבנס-נייטווענדיקייטן. לויט די באַדינגונגען איז ער ניט בלויז אומבאַרעכטיקט, נאָר אויך אומגעזעצלעך."

דאָס איז געווען אַ קלאָרע אָנצוהערעניש. זעקס טעג שפּעטער האָט ווילסאָנס יוסטיץ־מיניסטער מיטשעל פּאַלמער דערלאַנגט נאָך אַ שטאַרקערע אַטאַקע:

„די פאַקטן ווייזן אַ לאַגע, וואָס איז אַן אַרויספאָדערונג צו דער הערשאַפט פון געזעץ. די רעגירונג וועט דעריבער אָנווענדן אַלע מיטלען אין איר באַזיץ ניט צו דערלאָזן אַ נאַציאָנאַלן אומגליק וואָס מוז אומפאַרמיידלעך קומען פון אָפּשטעלן די אַרבעט אין די קוילן-גרובן."

פּאַלמער האָט אַרויסגענומען דעם לעווער־געזעץ וואָס האָט באַשאַפן די פעדעראַלע קוילן־אַדמיניסטראַציע, אַלס אַ באַווייז אַז דער קוילן־סטרייק איז אומגעזעצלעך. אין אַנדערע ווערטער, דער לעווער־געזעץ איז טויט ווען עס האַנדלט זיך וועגן דעם אָפּמאַך מיט די אַרבעטער, ער איז אָבער אין קראַפט ניט צו לאָזן די אַרבעטער אויסצוקעמפן ביי די קוילן־קאָמפּאַניעס בעסערע באַדינגונגען. אַזוי ווערט אַ טויטער געזעץ אַ לעבעדיקער וואָפן געגן די אַרבעטער.

די סטראַשונקעס פון פּאַלמערן זיינען שנעל פאַרווירקלעכט געוואָרן. אין דער ערשטער וואָך פון דעם קוילן־סטרייק האָט די פעדעראַלע רעגירונג אַרויסגענומען אַן אינדזשאַנקשאָן וואָס פאַרבאָט די יוניאָן־באַאַמטע אויף וועלכן עס איז אופן צו העלפן אָדער צו דערמוטיקן דעם סטרייק, שוין ניט ריידנדיק פון אָנפירן מיט דעם סטרייק. דער אינדזשאַנקשאָן האָט אויך פאַר־באָטן די באַאַמטע צו באַנוצן די יוניאָן־פאָנדן פאַר דעם סטרייק.

### קוילן־גרעבער געשיקט צוריק צו דער אַרבעט

אויף דעם האָבן די „יונייטעד מיין וואָירקערס" פירער געוואַרט. דער אינדזשאַנקשאָן איז געווען דער סיגנאַל פאַר זייער צוריקטריט. דזשאָן לואיס האָט מיט שטאָלץ דערקלערט: „מיר זיינען אַמעריקאַנער. מיר קענען ניט באַקעמפן אונזער רעגירונג." עליס סוירלס, דער רעדאַקטאָר פון דעם אָפּיציעלן יוניאָן־זשורנאַל, האָט צוגעגעבן: „אונזער יוניאָן וועט זיך ניט שטעלן געגן דער רעגירונג. זי איז אונזער רעגירונג ווי זי איז די רעגירונ פון די קוילן־קאָמפּאַניעס." דאָס וואָס „אונזער רעגירונג" האָט זיך ברוטאַל און נאַקעט געשטעלט אויף דער זייט פון די קוילן־קאָמפּאַניעס איז סוירלסן ניט אָנגעגאַנגען. דער פאַקט וואָס די פעדעראַלע רעגירונג איז צום ערשטן מאָל

געגאַנגען אַרויסצונעמען אַן אינדזשאַנקשאַן פאַר פּריוואַטע קאַפּיטאַליסטן, האָט זיי אויך ניט געקימערט. לואיס האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן אַ קאָמפּראָמיס־אָמפּאַך, וואָס ווילסאָן האָט אים געהאָלפן צו קריגן אויף צוויי יאָר צייט — צוליב דער מורא פאַר אַ געמיינזאַמען סטרייק מיט די שטאָל־אַרבעטער—און האָט געשיקט די קוילן־גרעבער צוריק צו דער אַרבעט.

אויסגעצייכנטע האַלטונג פון פרעמד־געבוירענע אַרבעטער

נאָך אַ סטרייק פון דריי מאָנאַטן איז דער שטאָל־סטרייק אויפגעגעבן געוואָרן. די גאַנצע אַרבעטער־באַוועגונג האָט געקראָגן אַ שטאַרקן קלאַפּ. די וויכטיקסטע אינדוסטריע איז געבליבן אומאָרגאַניזירט. דער שטאָל־טראָסט האָט געקענט ווייטער זיך באַרימען, אַז אים קען מען ניט באַזיגן. גלייכצייטיק האָט דער שטאָל־סטרייק אַרונטערגעריסן דעם ליגן אַז די ניט־קוואַליפיצירטע, פרעמד־געבוירענע אַרבעטער שלעפּן אַרונטער דעם לעבנס־סטאַנדאַרד פון די אַמעריקאַנישע קוואַליפיצירטע אַרבעטער און דעריבער איז אַרויסגעוואָרפן יעדער פאַרזוך צו אָרגאַניזירן די „פינצטערע אויסלענדער". ח' פאָסטער, וואָס האָט געהאַלטן די פעדים פון שטאָל־סטרייק אין זיינע הענט, גיט די פאָלגנדיקע אָפּשאַצונג איבער די „פינצטערע" יוגאָסלאַוון, איטאַליענער, פּאָליאַקן, ליט־ווינער און אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן אין דעם שטאָל־סטרייק:

„אויב די אַמעריקאַנישע און די קוואַליפיצירטע אַרבעטער האָבן באַוויזן צו זיין גלייכגילטיקע יוניאָן-לייט אין דעם שטאָל-סטרייק, האָבן די פרעמד-געבוירענע, ניט-קוואַליפיצירטע אַרבעטער זיך באַדעקט מיט גלאָריע. אין פאַרלויף פון דעם סטרייק האָבן זיי אַרויסגעוויזן פאַרשטענדיקונג, דיסציפּלין, קוראַזש און אַנטשלאָסנקייט צו דערגרייכן דעם ציל, וואָס קען פאַרגלייכט ווערן מיט דעם בעסטן וואָס די אַרבעטער אין דעם לאַנד האָבן ווען עס איז געוויזן. זיי האָבן אָן צווייפל אַרויסגעוויזן טרייד-יוניאָן אייגנשאַפטן פון העכסטן גראַד. זייער סאָלידאַריטעט האָט מען ניט געקענט ברעכן. זייער קאַמף-גייסט איז געווען אומבאַזיגבאַר. זיי האָבן נאָבל געקעמפט פאַראויס געגן שוועריקייטן וואָס וואָלטן געשטעלט צום נסיון דאָס מוטיקסטע האַרץ. זיי האָבן זיך אַרויסגעוויזן צו זיין ווערט די בעסטע אַרבעטער-טראַדיציעס אין אַמעריקע." (פאָסטער, דער שטאָל-סטרייק, זייטן 200-202.)

מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט לענגער אויף דעם שטאָל־סטרייק ניט בלויז דערפאַר, ווייל מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט דער פונדאַמענטאַלסטער אינ־דוסטריע אין דער ווירטשאַפט. יעדער אַרבעטער דאַרף שטודירן די געשיכטע און די אומשטענדן פון דעם גרויסן שטאָל־סטרייק אין 1919. אַזאַ באַקאַנט־

שאַפט וועט אים דערקלערן די פאַררעטערישע האַנדלונג פון די זעלבע א. פ. אָוו ל. פירער — דעמאָלט גאָמפּערס, היינט גרין — און פון די אַמאַלגאַמייטעד אַסאָסיאיישאָן באַאמטע, זומער 1934, ווען די שטאָל־אַרבעטער זיינען ווידער אַרומגעכאַפּט געוואָרן מיט אַ הייסן באַגער אַרויסצוטרעטן אין קאַמף געגן זייערע אונטערדריקער. די געשיכטע פון דעם גרויסן שטאָל־סטרייק גיט אויך דעם ענטפער פאַרוואָס אַזאַ אינדוסטריע איז פאַרבליבן אומאָרגאַניזירט די גאַנצע צייט.

סטרייקס פון מענער־שניידער, האָפּן־אַרבעטער און טעקסטיל־אַרבעטער

1919 איז געווען אַ יאָר אין וועלכן די אַרבעטער האָבן נאָך אָנגעהאַלטן די אָפענסיווע. די שטייגנדיקע פרייזן פון לעבנס־מיטלען האָבן געטריבן די אַרבעטער צו פאַרלאַנגען לוין־העכערונגען. דאָרטן וואו די אַרבעטגעבער האָבן פּרובירט אויסנוצן דעם סוף פון דעם קריג צו פאַרערגערן די אַרבעטס־באַדינגונגען, האָבן זיי געקראָגן אַ שטייפן און ענערגישן ווידערשטאַנד. די מענער־קליידער פאַבריקאַנטן האָבן אין דעם טאָג פון דעם וואַפנשטילשטאַנד, נאָוועמבער 11, 1918, דערקלערט אַ לאָקאַוט געגן זייערע אַרבעטער. די אַמאַלגאַמייטעד האָט געענטפערט מיט אַ סטרייק און אַרויסגעשטעלט די פאָדערונגען פון דער 44־שטונדיקער אַרבעט־וואָך. אַרום 60,000 שניידער האָבן אָנטיילגענומען אין סטרייק אין ניו יאָרק. די אינערלעכע לאַגע אין דער אַמאַלגאַמייטעד האָט נאָך דעמאָלט ניט דערגרייכט די שטופּע פון דעמאָראַליזאַציע און קאָרופּציע וואָס האָט צעפרעסן די יוניאָן אין די שפּעטערדיקע יאָרן. דער סטרייק האָט אָנגעהאַלטן דריי מאָנאַטן און די שניידער האָבן געוואונען זייער וויכטיקסטע פאָדערונג.

דער זיג אין ניו יאָרק האָט געבראַכט צו געווינסן אין די אַנדערע שניידער־צענטרען, ווי ראָטשעסטער, באַלטימאָר, שיקאַגאָ, פילאַדעלפיע א. אַ., וואו די 44 שטונדן זיינען געוואונען געוואָרן אָן סטרייקס. עטוואָס שפּעטער איז הילמאַן אַרויסגעקומען מיט זיין באַרימטן פּלאַן פון אַן „אינדוסטריעלן פּאַרלאַמענט” אין דער מענער־קליידער אינדוסטריע, וואָס זאָל אינגאַנצן אויסמיידן סטרייקס און ענלעכע צרות.

זיין פּלאַן איז באַשטאַנען אין דעם, אַז די באַזונדערע אָרגאַניזאַציעס פון די פאַבריקאַנטן אין די פאַרשיידענע קליידער־צענטרען זאָלן זיך פאַראייניקן אין אַ נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע, וואָס וועט פאַרהאַנדלען מיט דער יוניאָן פאַרן גאַנצן לאַנד. אַ שטענדיקער „פּאַרלאַמענט” וועט איינגעפירט

ווערן צו שאפן געזעצן פאר דער גאנצער אינדוסטריע, אויסצומיידן די קאָנ־קורענץ צווישן די פארשיידענע מערק און צווישן די פאבריקאנטן. די יוניאָן וועט העלפן צו „סטאביליזירן" די אינדוסטריע, די פאבריקאנטן זאָלן גיט דארפן ארונטערלאָזן פון דעם פרייז צו די איינצל־פארקויפער און דערפאר וועלן די פאבריקאנטן זיין גוט צו די ארבעטער און צו דער יוניאָן. הילמאן האָט אוועקגעגעבן א סך צייט און ענערגיע אויף אָט־דעם פּלאן פון פרידן און מיטארבעטערשאפט אין דער מענער־קליידער אינדוסטריע. געענדיקט האָט ער מיט קאָנצעסיעס צו די ארבעטגעבער אויפן חשבון פון די ארבעטער. דאָס האָט ער יאָ באוויזן אויפצוטאָן, אָבער אָפּצושאפן די קאָנקורענץ צווישן די באַלעבאַטים איז אים ניט געלונגען. שפּעטער איז די אמאלגאמייטעד־פירערשאפט אוועק נאָך ווייטער אין מאכן קאָנצעסיעס צו די באַלעבאַטים. די מענער־שניידער געפינען זיך אין 1935 צווישן די עקספּלואטירטסטע גרופּעס אין דעם ארבעטער־קלאַס. זיי זיינען אויך אונטערדריקט אין זייער אייגענער יוניאָן.

דער גענעראַל־סטרייק פון אַלע האפן־ארבעטער און מאטראָסן איז אויס־געבראָכן אין ניו יאָרק אין יאַנואַר. דער סטרייק איז געווען אזוי ווירקזאם אז אין פארלויף פון טעג האָט זיך א שיף ניט גערירט אין דעם גרעסטן האפן אין לאַנד. 17,000 ארבעטער זיינען פארוויקלט געווען אין דעם גענעראַל־סטרייק.

די „וואָר לייבאָר באָרד" מיט די יוניאָן־ביוראָקראטן וואָס זיצן דאָרטן זיינען געוואָרן שטארק פארנומען און האָבן איינגערעדט די ארבעטער צוריק־צוגיין צו דער ארבעט און זיך פארלאָזן אויפן יושר פון דער באָרד. די אַנטשיידונג פון דער באָרד איז אָבער געווען אויף דער זייט פון די ארבעט־געבער. די האפן־ארבעטער זיינען געוואָרן אויפגעבראַכט און אין מערץ זיינען זיי ווידער ארויס אין סטרייק. זייער סאָלידאריטעט איז געווען אויס־געצייכנט און דער האפן איז ווידער פאראַליזירט געוואָרן.

נאָך זעקס וואָכן סטרייק האָבן די באאמטע פון דזשאָזעף פּ. ראַיענס יוניאָן, די „אינטערנעשאָנאַל לאָנגשאָרמען אסאָסיאיישאָן", אָנגעהייבן אינ־טריגירן צווישן די קלענערע יוניאָנס וואָס נעמען אריין די מער־קוואַליפיצירטע ארבעטער. (די האפן־ארבעטער זיינען ניט אָרגאניזירט אין איין יוניאָן. יעדער פאך האָט זיין אייגענע אָרגאניזאציע — די וועלכע לאָדן שיפן, די וועלכע ארבעטן אויף די שלעפּ־שיפן, און אזוי ווייטער.) די באאמטע האָבן איינגערעדט די יוניאָן פון די קאפּיטאַנען און זייערע ארויסהעלפער פון די שלעפּ־שיפן צו שליסן א באזונדערן אָפּמאַך מיט די קאָמפּאַניעס. דאָס האָט

פאראורזאכט די ערשטע שפּאלטונג אין די רייען פון די סטרייקער. די שלעפּ־שיפן האבן געארבעט מיט די סקעבס פון האפן און דער סטרייק איז אזוי ארום דעמאראליזירט געווארן. דאס איז נאך א מוסטער ווי אזוי דער פאך־יוניאניזם ארבעט.

טעקסטיל־ארבעטער אין לאורענס געווינען טראץ טעראר

די טעקסטיל־ארבעטער אין לאורענס, מאסאטשוזעטס, האבן אין 1919 געהאט זייער צווייטן גענעראל־סטרייק, דאס מאל ניט געפירט פון די „א. וו.", נאר פון די „יונייטעד טעקסטיל װאירקערס", א טייל פון דער א. פ. אוו ל. די „יונייטעד" איז געווען זייער שוואך אין לאורענס, ווייל זי האט פריער ניט אנגעפירט קיין ארגאניזאציע־ארבעט. ווען אבער די טעקסטיל־באראנען האבן נאך דעם וואפנשטילשטאנד דערקלערט א לוין־שניט האבן די ארבעטער געענטפערט מיט א גענעראל־סטרייק, אונטער דער אנפירונג פון דער יוניאן.

32,000 טעקסטיל־ארבעטער האבן געענטפערט דעם סטרייק־רוף. יעדע פאבריק אין שטאט איז געווען צוגעשלאסן. די ערשטע עטלעכע וואכן זיינען די רייען געווען פעסט און אייניק. שפּעטער איז די פאבריקאנטן געלונגען איבערצורעדן די ענגליש־שפּרעכנדיקע ארבעטער, מערסטע פון זיי אירלענדיש־אמעריקאנישע און די קאנאדער־פראנצויזן, ארום צען טויזנט אין צאל. יענע ארבעטער האבן ביסלעכווייז גענומען גיין צוריק צו דער ארבעט. די איבעריקע סטרייקער, נאענט צו 20,000 אין צאל, זיינען געבליבן פארעקשנט אין א קאמף וואס האט אנגעהאלטן זעכצן וואכן.

די פאבריקאנטן אין לאורענס האבן שוין געהאט דערפארונג מיט טעראר־מיטלען פון דעם סטרייק אין 1912. די שטאט־רעגירונג איז געשטאנען אין זייער דינסט. שפּיאנען זיינען פארפלאנצט געווארן אין דער סטרייק־קאמיטעט און צווישן די סטרייקער. די פאליציי האט מערדערלעך געשלאגן און אפגעבראכן די פיקעט־דעמאנסטראציעס. די פרעסע האט געטריבן א העצערישע קאמפּאניע און געמאכט פארשווערונגען געגן די סטרייק־פירער אויף די ערטער. די פאבריקאנטן האבן באשאפן „ווידזשילאנטע" קאמיטעס, וועלכע האבן געלינטשט צוויי סטרייק־טוער. די אלע „שטארקע" מיטלען האבן ניט געהאלפן. די פאבריקאנטן האבן געמוזט געבן א 15־פראצענטיקע לוין־העכערונג און די 48־שטונדיקע ארבעט־וואך.

דער וויכטיקסטער ארבעטער־ארויסטרעט אין 1919 איז דער גענעראל־סטרייק אין סיאטעל, וואשינגטאן. דער סטרייק פארמאגט א גרויסע היס־

טאָרישע באַדייטונג. ערשטנס, דעמאָנסטרירט ער דעם קוואַל פון אַרבעטער־סאָלידאַריטעט וואָס ליגט באַהאַלטן אין די טיפעניש פון דעם אַמעריקאַנישן אַרבעטער־קלאַס. צווייטנס, איז ער אַן אָנצייגער אויף דער קאַמף־גרייטקייט פון די אַרבעטער־מאַסן. דריטנס, גיט ער אַ לעקציע אין סטרייק־סטראַטעגיע און אין די מאַנעווורעס פון דער יוניאָן־ביוראָקראַטיע.

### דער גענעראַל־סטרייק אין סיאַטעל

דער גענעראַל־סטרייק אין סיאַטעל איז דער ערשטער באַוואוסטזיניקער און ווירקזאַמער אַרויסטרעט פון דעם סאָרט אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אויב מען זאָל ניט אַריינרעכענען די שלאַכטן צווישן די אַרבעטער און דעם מיליטער אין די באַן־קאַמפּן אין 1877.

דער גענעראַל־סטרייק איז אַרויסגעוואַקסן פון דעם סטרייק וואָס די שיף־בוי אַרבעטער, 32,000 אין צאָל, האָבן געפירט געגן אַ לוין־שניט וואָס די רעגירונגס אַרביטראַציע־קאָמיטע האָט דערקלערט. זייער סטרייק איז אויס־געבראָכן דעם 21סטן יאַנואַר. די שיף־בוי אַרבעטער אין טאַקאָמאַ און אַבערדין זיינען צוגעשטאַנען. די סטרייקער האָבן אויך אַרויסגעשטעלט די פאָדערונגען פון 44 אַרבעט־שטונדן אַ וואָך און אַ מינימום־לוין פון אַכט דאָלאַר אַ טאָג פאַר קוואַליפיצירטע אַרבעטער ביז $5.50 אַ טאָג פאַר ניט־קוואַליפיצירטע אַרבעטער. דערביי איז נויטיק צו זאָגן, אַז דער סטרייק איז געווען פון אַלע אַרבעטער אָן אונטערשייד פון זייער פאַך און קוואַליפיקאַציע.

סיאַטעל, ווי אַ יונגע אינדוסטריעלע שטאָט, האָט זיך אַלע מאָל אויס־געצייכנט מיט דער מיליטאַנטישקייט פון אירע אַרבעטער. אין די מלחמה־יאָרן איז דאָרטן אויסגעוואַקסן אַ ריזיקער האַפן און גרויסע שיף־בוי פאַבריקן. די סטרייקער האָבן זיך געווענדעט צו דעם „סענטראַל לייבאָר קאָונסיל” נאָך הילף און די לינקע עלעמענטן האָבן אויפגעהייבן די לאָזונג פון אַ סימ־פּאַטיע גענעראַל־סטרייק.

די לאָזונג פון אַ גענעראַל־סטרייק איז אויפגענומען געוואָרן מיט באַ־גייסטערונג פון די אַרבעטער אין שטאָט. די קאָנסערוואַטיווע פירער פון קאָונסיל האָבן זיך לאַנג ניט געקענט ווערן. 110 יוניאָנס האָבן געשטימט פאַר דעם גענעראַל־סטרייק. זיי האָבן געציילט העכער 30,000 מיטגלידער.

די ערשטע זאַך וואָס די קאָנסערוואַטיווע יוניאָן־פירער האָבן דורכ־געשטופּט, איז געווען צו דערלויבן די אַרבעטער פון די פּאַבליק יוטיליטיס צו פאַרבלייבן ביי דער אַרבעט — פונקט ווי די קאָנסערוואַטיווע יוניאָן־פירער האָבן עס אויסגעפירט אין דעם גענעראַל־סטרייק אין סאַן פראַנציסקאָ פופצן

יאר שפעטער. דאס האט אפגעשוואכט די פרעכטיקע אקציע. פונדעסטוועגן איז דער גענעראל־סטרייק געווען א רעוואלוציאנערער אקט, וואס האט גע־ווארפן אן אומרו אויף דעם הערשנדיקן קלאס.

דער גענעראל־סטרייק האט זיך אנגעהייבן דעם 6טן פעברואר. די שטאט איז בוכשטעבלעך אריבער אין די הענט פון דער סטרייק־קאמיטע. די קאפי־טאליסטישע פרעסע איבער דעם גאנצן לאנד האט זיך צעוואיעט אז א סאוועט קאנטראלירט די שטאט.

מעיאר הענסאן, וואס האט זיך שפעטער בארימט אז דאס האט ער געבראכן די באלשעוויסטישע רעוואלוציע, האט גענומען באפעלן פון דער סטרייק־קאמיטע. פון אנהייב האט דער מעיאר פרובירט אנהאלטן א שטארקע פאזע און סטראשען מיט מיליטער און קריג־צושטאנד אויב דער גענעראל־סטרייק וועט ניט צוריקגערופן ווערן. די סטרייקער האבן זיך פאר אים ניט דערשראקן און דער „העלדישער" מעיאר האט זיך געמוזט אונטער־געבן.

יוניאן־באאמטע קומען צולויפן אין סיאטעל און ברעכן גענעראל־סטרייק

דער גענעראל־סטרייק איז געווען א געפערלעכער אנזאג פאר די קאפי־טאליסטן. אומרואיקייט האט געהערשט צווישן די ארבעטער־מאסן און צווישן די דעמאביליזירטע סאלדאטן. דערצו האט דער הערשנדיקער קלאס געגרייט זיין שפעטערדיקע אפענסיווע געגן די פאזיציעס פון די ארבעטער. דער גענעראל־סטרייק אין סיאטעל האט געמוזט אונטער אלע אומשטענדן שנעל געבראכן ווערן. ניט וואגנדיק צו ברייננען מיליטער געגן 65,000 ארבעטער וואס זיינען געווען אייניק און אנטשלאסן, האבן די קאפיטאליסטן איבער־געגעבן דעם דזשאב צו די יוניאן־פירער.

ווי א סטאיע רויב־פייגל זיינען די הויכע יוניאן־באאמטע אנגעלאפן אין סיאטעל. יעדער באאמטער האט געבראכט מיט זיך דעם סטראשונאק אויפ־צולייזן די ארטיקע יוניאן אויב זי וועט גלייך ניט צוריקציען זיך פון גענעראל־סטרייק. דער אויסרייד איז געווען דער אפמאך וואס די יוניאן האט מיט די ארבעטגעבער און אזא אפמאך איז, פארשטייט זיך, הייליק.

די נאציאנאלע באאמטע פון דער „קארפענטערס בראדערהוד" און די איבעריקע בוי־ארבעטער יוניאנס האבן זיך ספעציעל אויסגעצייכנט אין זייער סטרייק־ברעכעריי. די ארטיקע קאנסערוואטיווע פירער האבן צוגעהאלפן. זיי האבן געטענהט אז דער גענעראל־סטרייק האט שוין סיי־ווי־סיי דערגרייכט זיין צוועק — א פרעכטיקע דעמאנסטראציע פון ארבעטער־סאלידאריטעט

מיט די סטרייקנדיקע שיף־בוי ארבעטער, מעג מען שוין דעריבער דעם גענעראל־סטרייק אויפגעבן.

דער דרוק און די סטראשונקעס פון די נאציאנאלע יוניאן־באאמטע האבן גענומען דורכדרינגען אין די רייען פון די ארטיקע יוניאנס. יוניאן נאך יוניאן האט אנגענומען א באשלוס זיך ארויסצוציען פון דעם גענעראל־סטרייק. די פרעסע האט דערווייל די גאנצע צייט געווילדעוועט, אז דאס איז א באל־שעוויסטישע רעוואלוציע אויפגעהעצט און ארגאניזירט פון מאסקווע.

דעם 11טן פעברואר איז דער גענעראל־סטרייק געענדיקט געווארן. די קאנסערוואטיווע יוניאן־פירער האבן אפגעהאלטן א זיג. די פיל טויזנטער שיף־בוי ארבעטער זיינען איבערגעלאזט געווארן צו זייער אייגענעם שיקזאל. זייער סטרייק איז שפעטער פארלארן געגאנגען.

די געשיכטע פון דעם גענעראל־סטרייק אין סיאטעל בעט צו מאכן א פארגלייך מיט דעם גענעראל־סטרייק אין א צווייטער פאסיפישער שטאט, סאן פראנציסקא, אין 1934. מיטן אויסנאם פון איינצלהייטן וואס זיינען אנדערע, זיינעןביידע גענעראל־סטרייקס ארויסגערופן געווארן פון די זעלבע אורזאכן און געבראכן געווארן פון די אינערלעכע פיינט פון ארבעטער־קלאס, ניט פון די טערער־מיטלען פון דעם הערשנדיקן קלאס.

די קאפיטאליסטן האבן אפגעכאפט דעם אטעם. מעיאר הענסאן איז ארומגעפארן איבערן לאנד ווי א גרויסער זיגער. ער האט זיך בארימט מיט זיין שטארקער און פעסטער האלטונג, וואס האט געראטעוועט דאס לאנד פון באלשעוויזם. אין דער ווירקלעכקייט האבן די יוניאן־פירער געראטעוועט די קאפיטאליסטן פון דער געפאר פון א מיליטאנטישער ארבעטער־מאסן־באוועגונג.

פונדעסטוועגן האט דער גענעראל־סטרייק אין סיאטעל און די סטרייקס אין לארענס און אין די אנדערע שטעט, געהאט זייער ווירקונג. די קאפי־טאליסטן האבן אפגעשטעלט זייער אנגריף ביז דער עקאנאמישער דעפרעסיע אין 1921.

יוניאנס נעמען אריין העכער א מיליאן מיט א פערטל נייע מיטגלידער

די מיטלען וואס די אויבערשטע יוניאן־פירערשאפט האט אנגענומען צו טארמאזירן די ארויסטרעטונגען פון די ארבעטער פאר זייער רעכט צו זיין ארגאניזירט, האבן ניט באוויזן אפצושטעלן אינגאנצן דעם פראצעס פון ארגאניזאציע וואס איז געקומען ווי א רעזולטאט פון דער שטייגנדיקער

קאמף־גרייטקייט פון די מאסן. די אויבן־אויסגערעכנטע דריי גרויסע סטרייקס, צוזאמען מיט פיל צענדליקער קלענערע סטרייקס וואס זיינען אויסגעבראכן אין פיל פאלן געגן דעם ווילן פון די פירער, האבן ארייגעבראכט א נייעם שטראם אין די יוניאנס.

דער יאר צווישן זומער 1919 און 1920 איז געווען דער העכסטער פונקט אין דער צאל מיטגלידערשאפט אין דער געשיכטע פון דער ארגאני־זירטער ארבעטערשאפט. די יוניאנס, אנגעשלאסן אין דער א. פ. או ל., האבן אריינגענומען 1,375,000 מיטגלידער. די אלגעמיינע צאל מיטגלידער־שאפט האט דערגרייכט 4,078,840. צוזאמען מיט די יוניאנס וואס שטייען אויסער דער א. פ. או ל. — די פיר באן־בראדערהודס, די אמאלגאמייטעד מענער־שניידער און אנדערע יוניאנס — איז די צאל ארגאניזירטע אר־בעטער דערגאנגען צו 5,136,000. נאך אלץ ניט קיין גרויסער טייל פון גאנצן ארבעטער־קלאס, וואס האט געציילט ארום 30 מיליאן מענטשן. אויך קלענער פראפארציאנעל און אבסאלוט אין פארגלייך מיט דער צאל ארגאני־זירטע ארבעטער אין דייטשלאנד און אין ענגלאנד אין זעלבן יאר — צוועלף מיליאן אין דייטשלאנד און אכט מיליאן אין ענגלאנד — אבער פארט די העכסטע צאל אין דער געשיכטע פון דער ארבעטער־באוועגונג דא אין לאנד און צוויי מאל אזוי פיל ווי אין 1914.

די מלחמה־באשטעלונגען האבן אויסגעשפרייט די מעטאל־ און מאשין־בוי אינדוסטריעס און טראנספארט. דאס האט זיך אפגערופן אויף די יוניאנס אין די אינדוסטריעס. די מאשיניסטן יוניאן איז אויסגעוואקסן אויף העכער 300,000 מיטגלידער, די קעסל־מאכער (באילערמייקערס) — אויף העכער 100,000, די באן־קלוירקס — אויף 186,000, די טראמוויי־ארבעטער יוניאן (רעילוועי קארמען) — אויף 182,000 מיטגלידער. די באן־שאפ יוניאנס האבן צום ערשטן מאל איינגעפירט אן ארגאניזאציע וואס האט ארומגעכאפט אלע פאכן וואס זיינען באשעפטיקט אין פאררי׳כטן לאקאמאטיוון און וואגאנעס.

דער איינקונפט פון דער א. פ. או ל. איז באדייטנדיק געשטיגן. א גרעסערע צאל מיטגלידער און א העכערער פער-קאפ שטייער האבן אריינגע־בראכט אין דער קאסע גרויסע סומען געלט. אין 1919 איז דער פער־קאפ שטייער וואס די יוניאנס צאלן דער א. פ. או ל. געהעכערט געווארן פון זיבן־אכטל סענט א מאנאט צו א סענט א מאנאט, ד. ה. צוועלף סענט א יאר פון מיטגליד.

אין דעם יאר וואס האט זיך געשלאסן מאי 1919 האט די א. פ. או ל. געהאט אן איינקונפט פון 780,008 דאלאר. א יאר שפעטער איז דער איינ־

קונפט געווען 1,121,746 דאָלאַר.*) נאָר קליינע טיילן פון דעם איינקונפט זיינען אויסגעגעבן געוואָרן פאַר דעם וויכטיקסטן צוועק — צו אָרגאַניזירן די אומאָרגאַניזירטע.

דער גרעסערער איינקונפט האָט געבראַכט צו אַ העכערונג אין געהאַלט פון די א. פ. אָוו ל. באַאַמטע. אין 1919 איז דער געהאַלט פון פרעזידענט און סעקרעטאַר געהייבן געוואָרן פון 7.500 דאָלאַר אויף 10,0000 און פון 5,000 אויף 7,500 דאָלאַר אַ יאָר. אין 1921, שוין אין קריזיס, איז דער געהאַלט ווידער געהעכערט געוואָרן אויף 12,000 דאָלאַר פאַרן פרעזידענט און 10,000 דאָלאַר פאַר דעם סעקרעטאַר. העכערונגען האָבן אויך געקראָגן די פעלד־אָרגאַניזאַטאָרן און די פאָרשטייער אין די פאַרשיידענע שטעט. די הויכע געהאַלטן זיינען פאַרבליבן אין די שווערסטע צייטן פון דעם וועלט־קריזיס.

ענערגישע פאָדערונגען איבערצובויען די יוניאָנס

דער שטראָם נייע מיטגלידער, דער הערלעכער ביישפּיל פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע אין לאַנד פון די געוועזענע צאַרן, דער טומל וואָס די ענגלישע לייבאָר־פּאַרטיי האָט אָנגעמאַכט מיט איר פּראָגראַם פון באַלדיקע פאָדערונגען און די אַלגעמיינע טיפע אַנטוישונג אין ווילסאָנס כלומרשטע פריזהייט־צילן, האָבן אַרויסגערוקט אין פאָדערגרונט אַ באַוועגונג פאַר אַקטיווער, ענערגישער אַרבעטער־אַקציע. אין דער לופט האָט זיך געטראָגן רייד פון „אינדוסטריעלער דעמאָקראַטיע”, אַ באַגריף וואָס לאָזט זיך בויגן און טייטשן.

דער גענעראַל־סטרייק אין סעאַטל און אין וויניפּעג, קאַנאַדע, די שפּאַלטונג אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, וואָס האָט געבראַכט צום געבורט די קאָמוניסטישע באַוועגונג, די קאַמפּאַניע פאַר אַ נאַציאָנאַלן גענעראַל־סטרייק צו באַפרייען טאָם מוני און בילינגס, דעבס און אַלע פּאָליטישע אַרעסטירטע**)

*) אַ גענויע טאַבעלע וועגן דעם יערלעכן איינקונפט און אויסגאַבן פון דער א. פ. אָוו ל. וועט דער לייענער געפינען אין קאַפּיטל: די. א. פ. אָוו ל., טעאָריע און פּראַקטיק.

**) אַן אַרבעטער־קאָנגרעס איז פאַררופן געוואָרן אין יאַנואַר 1919 פון דער אינטערנעשאָנאַל וואָירקערס דעפענס ליג (ליגע פאַר אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער פאַרטיידיקונג) אין שיקאַגאָ, צו אָרגאַניזירן אַ 4-טאָגיקן גענעראַל-סטרייק פאַר דער באַפרייאונג פון טאָם מוני און בילינגס. טויזנט דעלעגאַטן זיינען געקומען צום קאָנגרעס. די שיקאַגאָ א. פ. אָוו ל., די צענטראַלע יוניאָן-קערפּערשאַפטן אין סעאַטל און אָוקלאַנד, קאַליפאָרניע, האָבן געשטיצט דעם קאָנגרעס. די קאָמוניסטן האָבן גענומען אַ גרויסן אָנטייל אין זיין אַרבעט. דער קאָנגרעס האָט באַשלאָסן אַרויס-צושיקן צו אַ רעפערענדום פון אַלע יוניאָנס די פראַגע פון אַזאַ גענעראַל-סטרייק.

די באַוועגונג פאַר „איין גרויסער יוניאָן" אין מערב־קאַנאַדע און אין צפון־מערב פון די פאַראייניקטע שטאַטן*), די ערשטע גרינדונג פון לייבאָר־פּאַרטייען און פּיצפּעטריקס מעיאָר וואַל־קאַמפּאַניע אין שיקאַגאָ, אַלץ אין 1919, זיינען געווען אָנזאָגער אַז דער פּאָליטישער באַראָמעטער צווישן דעם אַרבעטער־קלאַס הייבט זיך.

פאָדערונגען האָבן זיך געטראָגן פאַר נייע מעטאָדן אין די יוניאָנס, פאַר אַ ראַדיקאַלער ענדערונג אין דעם געבוי פון די יוניאָנס, פאַר מאַסן־קאַמפּן געגן די פאַראייניקטע אַרבעטגעבער, פאַר דעמאָקראַטישער פירונג אין די יוניאָנס און פאַר זעלבסטשטענדיקער פּאָליטישער אַקציע. אַרבעטער האָבן געמאָנט די אויפשטעלונג פון שאַפּ־דעלעגאַטן אָנשטאָט ביזנעס־אַגענטן. אַר־בעטער האָבן געפאָדערט די פאַראייניקונג פון די פאַך־יוניאָנס, די אָנער־קענונג פון סאָוועטן־רוסלאַנד און נאָך און נאָך.

די פירער פון דער א. פ. אָוו ל. האָבן גענומען פליסיק אויפשטעלן איין דאַמבע נאָך דער צווייטער אָפּצושטעלן די ראַדיקאַליזירונג פון די אַרבעטער. איין דאַמבע האָט געזאָלט זיין די אויפגעבלאָזענע „רעקאָנסטרוקציע־פּראָ־גראַם", אָנגענומען אין 1919, אויפן צוזאַמענפאָר אין אַטלאַנטיק סיטי. די רעכטע פירערשאַפט האָט געמוזט אָננעמען דעם פּלאָמב־פּלאַן צו נאַציאָ־נאַליזירן די באַנען און אַ רעזאָלוציע צו פאָדערן די באַפרייאונג פון מוני און בילינגס און צו באַגנאַדיקן די איבעריקע פּאָליטישע אַרעסטירטע.

### דער „דאָקומענט פון אַרבעטער־רעכט" און די גרייטקייט צו העלפן די אַרבעטגעבער

צו פאַרבירן אָפּציען דעם דראַנג פון די אַרבעטער צו באַשטימטער אַקציע, האָט גאָמפּערס פאַררופן אַ ספּעציעלע קאָנפערענץ דעצעמבער 13, 1919, אין וואַשינגטאָן. די קאָנפערענץ האָט פאַרעפנטלעכט מיט גרויס פּאָמפּע אַ דאָקומענט אונטער דעם פּרעטענציעזן נאָמען: „לייבאָר׳ס ביל אָוו רייטס"

*) אין מערץ 1919 איז אין קאַלגאַרי אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ קאָנפערענץ פון 237 דעלעגאַטן פון אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס אין מערב-קאַנאַדע. דאָרטן איז באַשלאָסן געוואָרן צו גרינדן די „איין גרויסע יוניאָן", וואָס זאָל אויסער באַלדיקע פאָדערונגען קעמפן פאַר דער אָפּשאַפונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג. פון דער באַוועגונג, אָנגעשטעקט מיט סינדיקאַליסטישע געדאַנקען, איז אַרויסגעוואַקסן דער באַרימטער סימפּאַטיע-גענעראַל-סטרייק אין וויניפּעג אין מאַי 1919.

(די פּראָגראַם פון אַרבעטער־רעכט). דער „ביל" איז געווען אַ ווידערהאָלונג פון דער רעקאָנסטרוקציע־פּראָגראַם — אַלגעמיינע, פּוסטע, כאָטש הויכע פראַזן וועגן די רעכט פון די אַרבעטער. דערפאַר איז דאָרטן געווען אַ פּונקט, אַז די יוניאָנס זיינען גרייט „מיטצואַרבעטן מיט דער פאַרוואַלטונג אין וויסנשאַפטלעכע מעטאָדן ביליקער צו מאַכן די קאָסטן פון פּראָדוקציע". דאָס איז געווען די ערשטע אָנצוהערעניש, אַז די יוניאָן-ביוראָקראַטיע וועט אָננעמען ראַציאָנאַליזאַציע און יאָגעניש־מעטאָדן אַבי אויסצומיידן אַ צוזאַמענשטויס מיט די אַרבעטגעבער. זייער גרייטקייט האָבן די יוניאָן־פירער דעמאָנסטרירט אין באַשטימטע טאַטן. זיי האָבן געהאָלפן עפענען די טיר פאַר איינעם פון די גרעסטע אָנגריפן אויף די אַרבעטער: פאַרגרעסערטע עקספּלואַטאַציע און אַ פאַרגרעסערטע אַרבעטלאָזיקייט איינגעפירט מיט דער הילף פון „טיכטיקייט"־מעטאָדן, יאָגעניש, העכערע פּראָדוקציע־סטאַנדאַרטן, נייע אַרבעט־פאַרשפּאָרנדיקע מאַשינען א. ד. ג.

די א. פ. אָוו ל. פירער האָבן אויך אַוועקגעגעבן אַ סך מי צו באַקעמפן די גרינדונג פון אַ נאַציאָנאַלער לייבאָר־פּאַרטיי. אַ ספּעציעלע געלט־זאַמלונג און אַ רעדנער־ביוראָ איז אויפגעשטעלט געוואָרן צו שטערן די פאַרשפּרייטונג פון אַ לייבאָר־פּאַרטיי. דער פאָנד האָט איינגעזאַמלט די סומע פון 53,934 דאָלאַר. די באַוועגונג פאַר אַ לייבאָר־פּאַרטיי איז אָבער ניט אָפּגעשטעלט געוואָרן.

## יוניאָן־באַאַמטע העלפן אויסטרעטן וועג פאַר רעאַקציע

גאָמפּערס האָט געוואָלט דעמאָנסטרירן אַז זיין אומפּאַרטייאישע פּאָליטיק וועט ברענגען מער פּרוכט ווי אַ לייבאָר־פּאַרטיי. דער עקזעקוטיוו־קאָונסיל פון דער א. פ. אָוו ל. האָט צוגעשטעלט אַ צעטל מיט פאָדערונגען צו די צוזאַמענפאָרן פון דער רעפּובליקאַנישער און דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין 1920. די פּאָליטישענס פון ביידע פּאַרטייען האָבן געשענקט גאָר אַ קנאַפּע אויסגעטראָטן אַ וועג מיט דער הילף פון דער א. פ. אָוו ל. פירערשאַפט, האָט אויסגעטראָטן אַ וועג מיט דער היל פון דער א. פ. אָוו ל. פירערשאַפט, האָט שוין מאַרשירט מיט ברייטע שריט און די פּאָליטישענס האָבן געוואוסט אַז מיט גאָמפּערס, מאָריסאָן, וואָל, האָטשינסאָן, טאָבין, טייג און זייער גלייכן איז זיך ניט נויטיק צו צערעמאָניעווען. דער געשריי „אַמעריקאַניזם" און דאָס פּאַכן מיטן פלאַג הינטער וועלכן די קאַפּיטאַליסטישע רעאַקציע האָט מאַסקירט אירע אַטאַקעס, איז פריער ברייט באַנוצט געוואָרן פון די הויכע

יוניאָן־באַאמטע אין קאַמף געגן די פּראָגרעסיווע כוחות אין די יוניאָנס וועלכע האָבן געפאָדערט אָנצונעמען באַצייטנס קרעפטיקע מיטלען געגן דער אָנקומענדיקער אָפענסיווע פון הערשנדיקן קלאַס.

די מורא וואָס די קאַפּיטאַליסטן האָבן געהאַט פאַר דעם אומרו צווישן די אַרבעטער און זייערע פלענער פאַר אַ גרויסער אָפענסיווע געגן דער אַרבעטער־באַוועגונג האָבן געבראַכט צו די מאַסן־איבערפאַלן אויף „רויטע“ און קאָמוניסטן, וואָס ווילסאָנס אַטוירני־דזשענעראַל, מיטשעל פּאַלמער, האָט דורכגעפירט מיט גרויס ברוטאַליטעט אין דעצעמבער 1919 און אָנהייב יאַנואַר 1920. העכער צען טויזנט מיליטאַנטישע אַרבעטער זיינען אַרעסטירט געוואָרן אין די נאַכט־איבערפאַלן. אַרבעטער־צייטונגען, דרוקערייען און לאָקאַלן זיינען צעשטערט און פאַרטיליקט געוואָרן. הונדערטער פרעמד־געבוירענע אַרבעטער זיינען דעפּאָרטירט געוואָרן, פון זיי נאָענט צו דריי הונדערט אויף דער שיף „בופאָרד“, צו דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד. די קאַפּיטאַליסטישע פּרעסע האָט געהאָלפן מיט אַ צעיושעטער העצע געגן די אויסלענדישע „רויטע“, די „אַגענטן“ פון מאָסקווע. די יונגע קאָמוניסטישע באַוועגונג, וואָס איז ערשט באַשאַפן געוואָרן אין 1919, איז אָבער ניט צעקלאַפּט געוואָרן. אומדירעקט האָט די א. פ. אָוו ל. פירערשאַפט געהאַט אַ האַנט אין די ברוטאַלע פאַרפאָלגונגען. (וועגן די איבערפאַלן וועט דער לייענער געפינען גענויער אינם קאַפּיטל וועגן דער אַנטשטייאונג פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג.)

זיבן־און־צוואַנציקסטער קאַפּיטל

# די קאַפּיטאַליסטישע אָפּענסיווע און די גרויסע קאַמפּן (1922)

פאַרלאָרענע סטרייקס און דעפּרעסיע אַ גוטע געלעגנהייט פאַר דער קאַפּיטאַליסטישער אָפענסיווע. — די גרויסע פּראָפּאַגאַנדע אַרום דעם אָפּען-שאָפּ.—לוין-שניטן און פאַרערגערטע אַרבעט-באַדינגונגען. — קאַפּיטאַליסטן פאַרמעסטן זיך אָפּצואווישן אַרבעטער-באַוועגונג. — דער קלאָוקמאַכער-סטרייק, דער זעצער-סטרייק און דער סטרייק אין די שלאַכט-הייזער. — די דריי גרויסע קאַמפּן אין 1922 : דער גענעראַל-סטרייק אין טעקסטיל אין ניו-ענגלאַנד, דער גענעראַל-סטרייק אין דער קוילן-אינדוסטריע און דער גענעראַל-סטרייק פון די באַן-שאַפּ אַרבעטער. — העלדישער אַרבעטער-ווידערשטאַנד ראַטע-וועט יוניאָנס, אָבער זיי פאַרלירן מיטגלידער.

דער אָרגאַניזירטער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס האָט אין 1921 אויס־גערעכנט אויף אַ גינסטיקער לאַגע פאַנאַנדערצואוויקלען זיין מעכטיקע אָפענסיווע צו פאַרניכטן די אַרבעטער־באַוועגונג און די אַרבעט-באַדינגונגען.

דער פאַרלאָרענער גרויסער שטאָל־סטרייק און די אונטערטעניקייט פון דזשאָן ל. לואיס, וואָס האָט געבראָכן דעם גרויסן קוילן-סטרייק, דער אויפּריים פון אינעווייניק פון דעם גענעראַל־סטרייק אין סעאַטל און די איבערפאַלן און מאַסן־אַרעסטן פון קאָמוניסטן און „רויטע” — אַלץ אין איין יאָר — האָבן באַשאַפן אַ גינסטיקע סוביעקטיווע לאַגע פאַר די קאַפּיטאַליסטן. זיי איז קלאָר געווען, אַז פאַר דער פירערשאַפט פון די יוניאָנס האָבן זיי זיך ניט וואָס צו שרעקן. די לואיסעס וועלן ניט גיין געגן „זייער רעגירונג” און די גאָמפּערסעס זיינען איבערן האַלז פאַרקראָכן אין שטיצן די אימ־פּעריאַליסטישע צילן פון וואָל-סטריט. דער רעוואָלוציאָנערער אוואַנגאַרד איז געווען אָפּגעשוואַכט פון די אַרעסטן און דעפּאָרטאַציעס.

אָביעקטיוו איז די לאַגע אויך געווען גינסטיק פאַר די קאַפּיטאַליסטן. דער שטראָם באַשטעלונגען פון אויסלאַנד איז האַלב אויסגעטריקנט געוואָרן. די אויסלענדישע קאַפּיטאַליסטן האָבן אַליין אָנגעהויבן פּראָדוצירן סחורות

ניט נאָר פאַר דעם היימישן געברויך, נאָר אויך פאַר דעם וועלט־מאַרק. דער אַרויספיר פון סחורות פון די פאַראייניקטע שטאַטן איז געפאַלן אין איין יאָר פון צען ביליאָן מיט 179 מיליאָן דאָלאַר אויף זעקס ביליאָן מיט 379 מיליאָן דאָלאַר. די ערשטע סומע איז געווען אין דעם פינאַנציעלן יאָר 1920־1921, די צווייטע סומע אין דעם פינאַנציעלן יאָר 1921־1922.

אין 1921 האָט זיך פאַרשפּרייט אַ גרויסע אַרבעטלאָזיקייט. אַרום זעקס מיליאָן אַרבעטער זיינען געבליבן אָן אַרבעט. מיליאָנען דעמאָביליזירטע סאָלדאַטן האָבן געזוכט דזשאָבס און זיי ניט געפונען. באמת אַ ציניסטישע צייט אָנצוהויבן די אָפּענשאָפּ, די געווינסן וואָס די אַרבעטער האָבן זיך דערשלאָגן אין די מלחמה־יאָרן, ווען „העגט" האָבן אויסגעפעלט.

## אָפּען שאָפּ איז קאַפּיטאַליסטישע לאָזונג

אַ לאָזונג פאַר דער אָפּענשאָפּ האָט אויך ניט געפעלט. געקומען איז די לאָזונג פון דער זוניקער קאַליפאָרניע. די אָרטיקע קאַפּיטאַליסטן האָבן עס אויסגעפונען: דער „אַמעריקאַן פּלען" (דער אַמעריקאַנישער פּלאַן). אונטער דער העכסט־פּאַטריאָטישער פאָרמולע האָט זיך באַהאַלטן דער אָפּען־שאָפּ מיט אַרבעט־באַדינגונגען וואָס דער אַרבעטגעבער אַליין באַשטימט. די אָפּענשאָפּ איז גוט צוגעגרייט געוואָרן. דאָס וואָס איר ענד־ציל איז ניט דערגרייכט געוואָרן, די יוניאָנס זיינען ניט פאַרטיליקט געוואָרן, כאָטש זיי האָבן פאַרלאָרן מיטגלידער, איז ניט די שולד פון די קאַפּיטאַליסטן און אויך ניט דער פאַרדינסט פון די א. פ. אָוו ל. פירער. פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם זיינען די אַרבעטער־מאַסן, וואָס האָבן אַרויסגעוויזן אויסערגעוויינלעכע איינגעשפּאַרטקייט און מיט אַ מיליטאַנטישן ווידערשטאַנד אויפגענומען יעדע אַטאַקע פון די קאַפּיטאַליסטן.

די קאַפּיטאַליסטן האָבן אויסגעגעבן ריזיקע סומען אויף זייער אויפ־קלערונג־קאַמפּאַניע פאַר דעם „אַמעריקאַן פּלען". די אויסגאַבן האָבן זיך גוט באַצאָלט. די אונטערזוכונג וואָס דער ניו יאָרק סטייט דעפּאַרטמענט אָוו לייבאָר האָט געמאַכט אין 1921 וועגן די אַרבעטער־פאַרדינסטן אין 1,648 אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען האָט געוויזן, אַז דער לוין איז געשניטן געוואָרן אויף 20 פּראָצענט אין פאַרגלייך מיט 1920. די אונטערזוכונג אין וויסקאָנסין פון 211 אונטערנעמונגען וואָס באַשעפטיקן אַ דריטל פון אַלע

ארבעטער אין דעם שטאט האָט פעסטגעשטעלט, אַז די פאַרדינסטן זיינען רעדוצירט געוואָרן אויף 45 פּראָצענט אין מיטן 1920. לוין־רעדוצירונגען זיינען פאָרגעקומען אין אַלע טיילן פון לאַנד. דאָרטן וואו די ארבעטער זיינען ניט געווען אָרגאַניזירט האָבן די רעדוצירונגען באַטראָפן פון פופציק ביז פינף־און־זיבעציק פּראָצענט.

די טיפע שניטן אין דעם לעבנס־סטאַנדאַרד פון די ארבעטער האָט ניט אָפּגעשפּיגלט די לאַגע אין דעם קאַפּיטאַליסטישן קלאַס. ער האָט נאָך אַלץ געצויגן ריזיקע פּראָפיטן. אַזוי האָט די אַמעריקאַן טעלעפאָן און טעלעגראַף קאָמפּאַניע, דער טראָסט וואָס קאָנטראָלירט די טעלעגראַף־ און טעלעפאָן־פאַרבינדונגען, געמאַכט אין 1920 נאָענט צו 52 מיליאָן דאָלאַר. א יאָר שפּעטער זיינען די פּראָפיטן געשטיגן צו העכער 54 מיליאָן דאָלאַר. דאָס זיינען געווען ריינע פאַרדינסטן. די אַמעריקאַן וואולענס קאָמפּאַניע — דער וואָל־טראָסט — האָט פון פיר מיליאָן דאָלאַר פּראָפיט אין 1920 ארויפגעצויגן צו זעקס מיליאָן אין 1921. די מערסטע באַן־קאָמפּאַניעס האָבן פאַרצייכנט גרעסערע פּראָפיטן.

אין דער זעלבער צייט זיינען די פּרייזן אויף לעבנס־מיטלען — געוואַלדיק אויפגעשרויפט אין די מלחמה־יאָרן — ניט געגאַנגען ארונטער. אין טערמינען פון קויף־קראַפט איז דער דאָלאַר אין 1921 ווערט געווען נאָר 45 סענט אין פאַרגלייך מיט א פריערדיקן קריזיס־יאָר, 1907. די קאַפּיטאַליסטן האָבן ספּעקולירט אַז די זעקס מיליאָן ארבעטלאָזע, אָן וועלכער עס איז רעגירונגשטיצע, וועלן פאַרקויפן זייער ארבעט־קראַפט פאַר יעדן הונגער־לוין. זיי האָבן אָבער ניט ספּעקולירט אויף א שטייפן קאַמף פון די אָרגאַניזירטע ארבעטער.

## דער ערשטער סטרייק פון קוילן־גרעבער אין דרום (סאַוט)

אין 1920 האָבן העכער דרייסיק טויזנט קוילן־גרעבער אין וועסט ווירדזשיניע אָנגעהויבן א בלוטיקן סטרייק. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אַז קוילן־גרעבער אין דרום זיינען ארויס אין א מאַסן־סטרייק. די פּאָליטישע און סאָציאַלע באַדינגונגען אין דרום זיינען פיל ערגער פאַר די ארבעטער ווי אין די צפון־שטאַטן. דערצו ליגן די קוילן־גרובן פאַרוואָרפן אין די לעכער צווישן בערג, ווייט פון צענטער. דער ארבעטער־עלעמענט איז א רויער,

אין וועלכער ס'איז סטרייק-דערפאַרונג, דערפאַר פאַרמאָגט ער אַ נאַטירלעכע מיליטאַנטישקייט און ווייסט ווי אַזוי אויסצוניצן מיט אַ ביקס.

דזשאָן לואיס האָט אין די גוטע מלחמה-יאָרן אָנגעהויבן צו טאָן אָר־גאַניזאַציע-אַרבעט צווישן די קוילן-גרעבער אין וועסט ווירדזשיניע. ווען דער סטרייק האָט זיך אָנגעהויבן און טראָר און בלוט-פאַרגיסונג האָבן זיך פאַרשפּרייט, האָט די פּירערשאַפט פון די יונייטעד מיין וואָירקערס ניט גע־וואָלט אַריינקריכן אין אַ צו-גרויסן, ריזיקאַלישן קאַמף. די קוילן-קאָמפּאַניעס, אויסער זייערע גוואַלד-מיטלען, האָבן אויך אַרויסגעקראָגן אַ פעדעראַלן אינ־דזשאַנקשאָן געגן דער יוניאָן. לואיס האָט פּרובירט באַקעמפן דעם אינ־דזשאַנקשאָן מיט הויך-באַצאָלטע לאָיערס און די געריכט-פאַרהאַנדלונגען האָבן אָפּגעקאָסט דער יוניאָן אַ פאַרמעגן מיט געלט.



פ אַ ר ב ר י ד ע ר ט
נעגערשער און ווייסער קוילן-גרעבער אין סטרייק

דער סטרייק אין וועסט ווירדזשיניע וועט אַריינגיין אין דער אַרבעטער־געשיכטע מיט דעם מאַרש וואָס נאָענט צו פינף טויזנט באַוואָפנטע קוילן־גרעבער האָבן דורכגעפירט אין דעם באַרג-דורכגאַנג פון לאָגאַן קאַונטי צו דער שטאָט וואו די קאַונטי-רעגירונג געפינט זיך. זיי זיינען אָבער אַהין ניט דערגאַנגען, ניט ווייל דער שטאַט האָט מאָביליזירט אַ סך מיליטער, נאָר ווייל די יוניאָן-פירער האָבן נאָך אַ סך איינטענהן אָפּגעהאַלטן די מאַרשירער אין מיטן דעם מאַרש. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז די קוילן-קאָמפּאַניעס זיינען געוואָרן געוואַגטער. אַלע מיינער און זייערע פאַמיליעס זיינען אַרויס־

געזעצט געוואָרן פון די היימען. די סטרייקער האָבן געמוזט לעבן אין לייוונטענעביידלעך אָן וואסער, אין די קעלטן ווינטער צווישן די בערג.

קיינער ווייסט ניט גענוי וויפיל לעבנס זיינען אומגעקומען אין דעם סטרייק. עס זיינען געווען אַ סך דערהרגעטע. די גערונגענע באַנדיטן פון די קאָמפּאַניעס זיינען ביינאַכט באַפאַלן די ביידל־לאַגערן און געשאָסן אין די ביידלעך. דזשאָן לואיס האָט געזען אַז דער קאַמף איז צו־פּאַרצויגן, האָט ער זיך צוריקגעצויגן און איבערגעלאָזן די סטרייקער און זייערע פאַמיליעס אין שרעקלעכער נויט.

נאָך מאָנאַטן־לאַנגן סטרייק האָבן די אַרבעטער פאַרלאָרן און זיך צוריק־געקערט אָן אַ יוניאָן און אָן יוניאָן־באַדינגונגען. אין צוויי יאָר שפּעטער זיינען זיי ווידער אַרויס אין סטרייק צוזאַמען מיט אַלע קוילן־גרעבער.

קאַפּיטאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע אין נאָמען פון אינדיווידועלע רעכט

נאָך אַלע באַמיאונגען צו קריגן גערעכטיקייט פון דער רעגירונג געגן אַ לוין־שניט, זיינען די סוויטשלייט און די וועג-אויפפּאַסער פון די באַנען אַרויס אין אַ סטרייק אין זעלבן יאָר. דער סטרייק איז באַלד דערקלערט גע־וואָרן „אומגעזעצלעך״ פון די יוניאָן־פירער. פאַרשטייט זיך, אַז די רעגירונג האָט געקראָגן אַ זעלטענע געלעגנהייט צו געבן גערעכט די באַן־קאָמפּאַניעס. אָן שטיצע פון די אייגענע יוניאָנס איז דער סטרייק פאַרלאָרן געגאַנגען.

די אַלע געשעענישן זיינען געווען פאָרברייטונגען צו דער אָפּענסיווע וואָס די קאַפּיטאַליסטן האָבן געלאָזט אין פולן גאַנג אין 1922. די צוויי גרויסע קאַפּיטאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס, די „נעשאָנאַל אַסאָסיאיישאָן אָוו מאַנופעקטשורערס״ (נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציע פון פאַבריקאַנטן) און דער נאַציאָנאַלער האַנדל־קאַמער האָבן געאַרבעט אָפן. די נעשאָנאַל אָפּען־שאַפּ אַסאָסיאיישאָן האָט געאַרבעט שטילערהייט. זי האָט געמאַכט די פאַרבינדונגען מיט די קירכן, מיט פילם־קאָמפּאַניעס, מיט דעם אַמעריקאַן לידזשאָן און אפילו מיט קאָמאַנדירן פון דער פעדעראַלער אַרמיי.

דער האַנדל־קאַמער האָט נאָך אין 1921 אָנגענומען די פאָלגנדיקע רעזאָלוציע מיט 1,676 געגן פיר שטימען:

„דאָס רעכט צו באַטרייבן דעם אָפּען-שאַפּ, וואָס מיינט דאָס רעכט פון דעם אַרבעטגעבער און דעם אַרבעטער אַריינצוטרעטן אין פאַרהאַנדלונגען און צו באַשטימען די באַדינגונגען פון אַרבעט, איז אַ נויטווענדיקער טייל פון דעם אינדיווידועלן רעכט פון יעדן צד וואָס טרעט אַריין אין דעם אָפּמאַך.״

ווען מען שיילט אוים דעם אינהאלט פון דער הויכער לאיערשער פראַ־זעאלאגיע ווענן צדדים און אינדיווידועלע רעכט, באקומט זיך, אז דער אר־בעטגעבער דארף ניט זיין געשטערט אנצושטעלן און אנטזאגן יעדן ארבעטער באזונדער און אליין באשטימען די ארבעט־באדינגונגען.

וויליאם ה. באר, פרעזידענט פון דער נעשאנאל פאונדערס אסאסיאיישאן (די נאציאנאלע ארגאניזאציע פון די שמעלץ־אויוון פאבריקאנטן), א בא־וואוסטע אנטי־יוניאן ארגאניזאציע, האט זיך נאך אין 1919 צעזונגען ווענן דער גלאררייכער צייט וואס דערנענטערט זיך פאר די פרייהייט־ליבנדיקע, עכט־אמעריקאנישע פאבריקאנטן:

„אן ענדערונג איז פארגעקומען א דאנק דער אנטשלאסנקייט פון מענטשן זיך צו באפרייען פון דעם אומגעזונטן און אומנאטירלעכן קאנטראל, וואס איז אויף זיי ארויפגעצוואונגען געווארן. היינט צו טאג דריקט זיך אוים אט־די אנטשלאסנקייט אין דער אפען־שאפ באוועגונג. דער פראגרעס פון דער באוועגונג איז א טרייסט פאר די, וואס זיינען באשעפטיקט אין אינ־דוסטריע. א טיילווייזער אבער פארזיכטיקער איבערבליק איבער דער טע־טיקייט ווייזט, אז 540 ארגאניזאציעס אין 247 שטעט פון 44 שטאטן זיינען פארנומען מיט אויפקלערן דעם אמעריקאנעם פרינציפ אין אינדוסטריעלע באציאונגען. 23 נאציאנאלע אינדוסטריעלע ארגאניזאציעס זיינען אנגע־שלאסן אין די אגענטורן. אויסער זיי, זיינען אויך די 1,665 ארטיקע מיט־גלידער פון די האנדל־קאמערן איבערגעגעבן דעם פרינציפ פון אפען־שאפ.” (אנטאני בימבא, זייט 296.)

נאוועמבער 23, 1920, האט די אפען־שאפ אסאסיאיישאן פאנאנדער־געשיקט א געהיימען צירקולאר־בריוו צו פארשיידענע ארבעטגעבער, מיט אן איינלאדונג זיך אנצושליסן אין דער ארגאניזאציע. דערביי האבן די ארבעט־געבער געקראגן א פארשפרעכונג אז אין פאל פון א סטרייק אדער פאר־וויקלונגען מיט די ארבעטער, וועט די אסאסיאיישאן איבערנעמען די זאך אין אירע הענט. א צווייטע פארשפרעכונג, אז די אסאסיאיישאן קען צו־שטעלן „פארטרויאונג־מענטשן”—שפיאנען, וואס זאלן ארבעטן אין פאבריקן און באריכטן טעגלעך וואס עס גייט אן צווישן די ארבעטער. פארשטייט זיך, אז גאר אנגעזען איז געווען די פארזיכערונג צו באזארגן יעדן מיטגליד מיט גענוג סטרייקברעכער.

אין א צווייטן צירקולאר-בריוו האט די אסאסיאיישאן דערמאנט, אז איר טעטיקייט מוז געפירט ווערן אין שטרענגער געהיימניש, „ווייל מיר האבן אויס־געפונען אז פובליסיטי (עפנטלעכקייט) צעקלאפט געוויינלעך אונזערע פלע־נער”. (בימבא, זייטן 296־297.)

פון די אויסצוגן קען מען גרינג זען, אז דער הערשנדיקער קלאס האט זיך ניט פארלאזט אויף קיין צופאל, נאר דורכגעפירט א טיכטיקע ארגאניזאציע און מאביליזאציע־ארבעט. נאר די יוניאן־פירער זיינען געזעסן מיט פארלייגטע הענט און געווארט אז פון וויסן הויז וועט קומען הילף.

זומער 1921 זיינען פארגעקומען א ריי סטרייקס. די זעצער־יוניאן, די קלאוקמאכער און די ארבעטער אין די שלאכט־הייזער אין שיקאגא האבן דורכגעטראגן לאנגע קאמפן. די זעצער האבן טיילווייז געוואונען זייערע פאדערונגען; די קלאוקמאכער זיינען צוריקגעגאנגען אין די שעפער נאך א סטרייק פון 9 וואכן אונטער דעם איינדרוק אז זיי האבן אפגעהאלטן א גרויסן און וויכטיקן זיג, אבער שפעטער האבן זיי אויסגעפונען אז דער זיג איז פארדעקט מיט א סך ביטערע פארמולעס, קונציק אויסגעארבעט פון מאריס הילקוויט, וואס גיבן די באלעבאטים מער רעכט אנצושטעלן און צו אנטזאגן ארבעטער ווי זיי האבן עס געהאט פריער.

דער סטרייק אין די שלאכט־הייזער איז פארשאכערט געווארן פון די יוניאן־פירער, וועלכע האבן זיך גערן געלאזט פאנגען אין דער נעץ פון רעגירונג־ארביטראציע. דער פלייש־טראסט האט נאך דעם פארלוסט פון סטרייק איינגעפירט קאמפאניע־יוניאנס. די ארגאניזאציע פון די ארבעטער אין די שלאכט־הייזער, וואס איז אויפגעבויט געווארן מיט אזוי פיל ענטוזיאזם און איבערגעגעבנהייט אין דעם סטרייק אין 1916, איז צעשאסן געווארן. די אוממיטלבארע רעזולטאטן פון דער רעגירונג־ארביטראציע זיינען געווען דאס זעלבע ווי אין 1933 אין דער ווערטאן שטאל־קאמפאניע, די באד שטאל־קאמפאניע און נאך און נאך. די יוניאן־פירער האבן איינגערעדט די ארבעטער זיך צו פארלאזן אויף א רעגירונג־קאמיטע. די קאמפאניעס האבן עס אויך אנגענומען און באלד געבראכן דעם אפמאך. די רעגירונג, וואס האט אזוי געהארעוועט אז די ארבעטער זאלן זיך אומקערן אין די שלאכט־הייזער, האט א פינגער ניט געהייבן צו צווינגען דעם פלייש־טראסט נאכצוקומען די באדינגונגען פון אפמאך. די ארבעטער זיינען אפגעשוואכט געווארן, א דעמאראליזאציע איז געווארן אומפארמיידלעך און די קאמפאניעס האבן אפגעהאלטן א זיג.

כאטש די סטרייקס זיינען פארגעקומען צוליב לוין און אנדערע ארבעטבאדינגונגען, איז אבער דער קאמף געווען פיל פונדאמענטאלער. די קאפיטאליסטן האבן געצילט איינצופירן דעם אפען־שאפ און די ארבעטער האבן זיך געשלאגן מיט מוט און אנטשלאסנקייט פאר זייערע ארגאניזאציעס. די ארבעטער האבן גוט פארשטאנען, אז אן איינענע ארגאניזאציעס קען ניט

זיין קיין רייד אויפצוהאַלטן באַדינגונגען אין די שעפּער און אין די פאַבריקן.

די דריי גרויסע און באַדייטונגספולע סטרייקס אין 1922 זיינען געווען: דער קאַמף פון די טעקסטיל־אַרבעטער אין ניו־ענגלאַנד, דער גענעראַל־סטרייק פון זעקס הונדערט טויזנט קוילן-גרעבער און דער סטרייק פון פיר הונדערט טויזנט באַן־שאַפּ אַרבעטער.

אַרבעטער קעמפן פאַר דער אויפהאַלטונג פון זייערע אָרגאַניזאַציעס

אַלע דריי סטרייקס האָבן אָפּגעשפּיגלט די אָנגעזאַמלטע מיליטאַנטישקייט צווישן די מאַסן אַרבעטער, די ראָל פון דער רעגירונג און די האַנדלונג פון די אָפיציעלע אַרבעטער־פירער. אַלע דריי סטרייקס זיינען געפירט געוואָרן מיט אויסערגעוויינלעכער ביטערקייט פון די אַרבעטער, ברוטאַליטעט פון די קאַפּיטאַליסטן און זייערע געזעץ־אָפּהיטער. קיינמאָל אין דער געשיכטע פון לאַנד, ביז יענער צייט, זיינען אַזוי פיל אַרבעטער ניט אַרויסגעטראָטן אין אַזאַ קורצן פּעריאָד, אין קאַמף פאַר זייערע רעכט צו זיין אָרגאַניזירט און אויפצוהאַלטן זייערע באַדינגונגען. נאָענט צו אַ מיליאָן אַרבעטער זיינען געווען פאַרוויקלט אין די קאַמפן אין 1922. מיט אַן אַנדער פירערשאַפט וואָלטן די רעזולטאַטן געווען אַנדערע. אַזוי אויך מוז מען באַטאָנען, אַז די סטרייקס האָבן אָפּגעשטעלט די אָפענסיווע פון די קאַפּיטאַליסטן און האָבן געראַטעוועט די אָרגאַניזירטע אַרבעטער־באַוועגונג פון אונטערגאַנג, כאָטש פיל יוניאָנס האָבן פאַרלאָרן אַ סך מיטגלידער.

דער סטרייק אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע פון ניו־ענגלאַנד

די טעקסטיל־פאַבריקאַנטן האָבן געמאַכט געשוואָלענע פּראָפיטן אין די מלחמה־יאָרן. אין 1921, ווען די פּראָספּעריטעט איז אויסגערונען, האָבן זיי נאָך אַלץ געמאַכט גוטע געשעפטן, אָבער די פאַרדינסטן פון די אַרבעטער האָבן די קאָמפּאַניעס געשניטן מערדערלעך. אין דעם הויכן יקרות האָט אַ הויך־קוואַליפיצירטער אַרבעטער פאַרדינט דורכשניטלעך פאַר אַ פולער וואָך $21.78 אין ניו־ענגלאַנד און $16.65 אין די דרום־שטאַטן. אַ ניט־קוואַליפיצירטער אַרבעטער האָט פאַרדינט אומגעפער מיט דריי דאָלאַר ווייניקער אין ניו־ענגלאַנד און אונטער עלף דאָלאַר אין דרום. אַ פרוי האָט פאַרדינט $15.61 אין ניו־ענגלאַנד און $11.65 אין דרום. ניט אַלעמאָל איז געווען אַ פולע וואָך אַרבעט.

די קאפיטאליסטן האָבן זיך ניט אָפּגעשטעלט ביי די לוין־שניטן פון 1921. א יאָר שפּעטער, אין יאנואר 1922, האָבן זיי דערקלערט א נייע לוין־רעדוציריונג פון 20 פּראָצענט און האָבן פארלענגערט די ארבעט-שטונדן פון 48 אויף 52 א וואָך.

אין זעלבן מאָנאט איז אויסגעבראָכן דער סטרייק, פריער אין פּאָטאָקעט, ראָוד איילאנד, און נאָכדעם אין אלע שטאטן פון ניו־ענגלאנד: מעין, ניו־העמשייר, מאסאטשוזעטס און ווערמאָנט. ארום הונדערט טויזנט ארבעטער פון א ריי נאציאָנאליטעטן — איטאליענישע, פראנצויזישע, פּוילישע, פּאָרטו־געזישע און אידישע ארבעטער, זייערע פרויען און קינדער וועלכע ארבעטן אויך אין די מילן, האָבן זיך באטייליקט אין סטרייק.

דאָס וואָס דער סטרייק האָט זיך אָנגעהויבן האלב־ספּאָנטאן, וואָס די ארבעטער האָבן ניט באוויזן זיך צוגרייטן ווי געהעריק, איז ניט געווען זיין הויפּט־שוואכקייט. די אמאלגאמייטעד טעקסטיל וואָירקערס, א קליינע יונגע יוניאָן, וואָס האָט ארויסגערופן דעם סטרייק, האָט אין פארלויף פון קאמף אריינגענומען נייע טויזנטער מיטגלידער. די הויפּט־שוואכקייט איז באשטאנען אין דעם, וואָס אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע אין ניו־ענגלאנד האָבן עקזיסטירט ארום פופצן באזונדערע פאך־יוניאָנס, וועלכע האָבן אין דער זעלבער צייט — טאקע צוליב זייער פּילצאָליקייט — איבערגעלאָזט די אינדוסטריע אומאָרגאניזירט.

ווען דער סטרייק איז אויסגעבראָכן האָבן די אלע יוניאָנס זיך פאר־אייניקט אין א קאונסיל, וואָס איז א לויזע פאָרמע פון אָרגאניזאציע. א וואָך שפּעטער האָבן זיך אָנגעהויבן די רייסערייען. פּרעזידענט מעקמעהאָן פון די יונייטעד טעקסטיל וואָירקערס — דער זעלבער מעקמעהאָן וואָס האָט פארשאכערט די טעקסטיל־ארבעטער אין דעם קאָוד־פּאַרהער אין 1933 און אין גענעראַל-סטרייק אין 1934 — האָט ארויסגעצויגן זיין יוניאָן פון דעם קאונסיל נאָך איידער דער סטרייק איז ווי געהעריק אָרגאניזירט געוואָרן.

די טעקסטיל־אינדוסטריע אין ניו-ענגלאנד ליגט צעוואָרפן אין די דערפ־לעך און קליינע שטעטלעך, וועלכע — פּונקט ווי אין דער קוילן־ און שטאָל־אינדוסטריע — באלאנגען צו די קאָמפּאניעס. צו די קאָמפּאניעס באלאנגען אויך די גאָווערנאָרס און די שטאט-לעגיסלאטורן און די אָרטיקע פּאָליציי מיט די שעריפס. אויב די אלע אָרגאנען פון געזעץ זיינען ווייניק, פארמאָגן די קאָמפּאניעס זייערע אייגענע וועכטער, באוואָפנט פון קאָפּ ביז די פיס.

גלייך ווי דער סטרייק איז אויסגעבראָכן איז דער געגנט פארוואנדלט געוואָרן אין א באוואָפנטן לאָגער. דער גאָווערנאָר פון ראָוד־איילאנד איז

געווען דער ערשטער צו מאביליזירן די סטייט־מיליציע און זי ארײנשיקן אין די סטרייק־פלעצער. די איבעריקע גאווערנארס האבן געטאן דאס זעלבע.

אויסער דאס מיליטער און די שעריפס האט געהאגלט אויף די סטרייקער מיט אינדזשאנקשאנס וואס האבן פארבאטן פיקעטן. אזוי ווי די גאסן זיינען קאמפאניע־אייגנטום, האבן די אינדזשאנקשאנס פארבאטן צו גיין אויף די גאסן און אפילו זיצן אויפן פארטש (גאנעק). די פאליציי האט מיט ברו־טאליטעט ארויסגעזעצט די ארבעטער־פאמיליעס פון די קאמפאניע־הייזער מיט דער צושטימונג פון דעם געריכט. הורבעס מיט מעבל האבן זיך גע־וואלגערט אין די גאסן. די פאליציי האט געסטראשעט, אז אויב די זאכן וועלן באלד ניט אוועקגעפירט ווערן וועט זי עס פארקויפן אויף אוקשאן (ליצי־טאציע).

## רענק און פייל ווייזט ארויס א סך איניציאטיווע

אין אזעלכע שווערע באדינגונגען האט דער רענק און פייל, וואס איז צעשפליטערט געווען אין פופצן יוניאנס, ארויסגעוויזן ניט בלויז א זעלטענע העלדישקייט, נאר א גוואלדיקע איניציאטיוו. פון זיך אליין זיינען שנעל געשאפן געווארן „אייזערנע באטאליאנען" און „פליענדיקע באטאליאנען" פון געקליבענע סטרייקער. די באטאליאנען האבן דורכגעבראכן די וואנט פון מיליטער, פאליציי און די אינדזשאנקשאנס און האבן אפגעשטעלט אלע פאבריקן און פארהיט פון סטרייקברעכער. נאענט צו א צענדליק סטרייקער זיינען געטויטעט געווארן אין די צוזאמענשטויסן. פיל מער זיינען פאר־וואונדעט געווארן.

אין גענצן צו דער מיליטאנטישער סאלידארישקייט פון די סטרייקער, האט די צעריסנקייט פון די יוניאן־פירער אפגעשפיגלט די צעפוילטקייט פון דעם פאך־יוניאניזם. די פירער פון די דריי גרעסערע יוניאנס וואס האבן געזאלט טראגן אן אינדוסטריעלן כאראקטער, די יונייטעד, די אמאלגא־מייטעד און די „וואן ביג יוניאן" (די לעצטע איז געפירט געווארן פון די א. וו. וו. רעשטן) האבן ניט געקענט דורכקומען צווישן זיך. דער רעזולטאט איז געווען א טרויעריקער. ווען די פאבריקאנטן אין לאורענס האבן געזען אז זיי קענען ניט דורכברעכן דעם ווידערשטאנד פון די ארבעטער, האבן זיי באשלאסן נאכצוגעבן אבער אויסצומיידן די יוניאנס. די פאבריקאנטן זיינען ארויסגעקומען מיט א מעלדונג אז זיי ציען צוריק די לוין־רעדוצירונג און דעם פארלענגערטן ארבעט־טאג. קיין צענטראלע יוניאן־פירערשאפט,

וואָס זאָל קענען רעדן אין נאָמען פון אַלע סטרייקער, איז ניט געווען. זיינען די אַרבעטער צוריקגעגאַנגען אין די פאַבריקן אָן אָרגאַניזאַציע, כאָטש די פאָדערונגען זיינען געוואונען געוואָרן.

אין אַנדערע טעקסטיל־ערטער איז געווען נאָך ערגער. נאָך זיבן מאָנאַטן סטרייק, אויסגעצערט און אויסגעהונגערט, אָן אַ פּאַראַייניקטער יוניאָן, זיינען די סטרייקער צוריקגעגאַנגען אין די פאַבריקן אויף אַ קאָמפּראָמיס אָדער אינגאַנצן אויף די באַדינגונגען פון די פאַבריקאַנטן.

דער גענעראַל־סטרייק אין דער קוילן־אינדוסטריע

פון אַ פיל גרעסערן פאַרנעם און באַדייטונג איז געווען דער גענעראַל־סטרייק אין דער גאַנצער קוילן־אינדוסטריע אין זעלבן יאָר. דעם ערשטן אַפּריל זיינען זעקס הונדערט טויזנט קוילן־גרעבער אין דער ווייכער און אין דער האַרטער קוילן־אינדוסטריע אַרויס אין אַ גענעראַל־סטרייק. עטלעכע ווערטער זיינען נויטיק וועגן דעם הינטערגרונט פון דעם גרויסן אַרבעטער־אַרויסטרעט. אין די מלחמה־יאָרן איז די קוילן־אינדוסטריע שטאַרק אויס־געברייטערט געוואָרן. וואו עס איז געווען אַ קוילן־גרוב איז ער געבראַכט געוואָרן אין אָפּעראַציע. פּרייזן אויף קוילן זיינען געווען הויך און די פּראָפיטן פון די קאָמפּאַניעס נאָך העכער. נאָכדעם ווי דזשאָן לואיס, פּרעזידענט פון דער יונייטעד מיין וואָירקערס, האָט אין 1919 צוריקגערופן דעם גענעראַל־סטרייק, ווייל „מיר קעמפן ניט געגן אונזער רעגירונג" און דערמיט דער־שטיקט אַ פאַראייניקטן סטרייק אין דער שטאָל־ און קוילן־אינדוסטריע, האָט די ווילסאָן־אַדמיניסטראַציע אים געהאָלפן צו שליסן אַן אָפּמאַך מיט די קוילן־קאָמפּאַניעס אויף צוויי יאָר צייט. אין דעם אָפּמאַך איז אָבער ניט אַריינ־געגאַנגען די קוילן־אינדוסטריע אין די דרום־שטאַטן, וואָס האָט אָנגעהויבן צו פאַרנעמען אַ גרויסן פּלאַץ אין דער פּראָדוקציע. לואיס האָט אויס־געלאָזט די אינדוסטריע אין דרום ווי יעדער אָפּאָרטוניסטישער פירער וואָס וויל אויסמיידן „טראָבל" (צרות). דער אָפּאָרטוניזם איז געוואָרן דער קוואַל פון אומגעהויערע, אמתע טראָבלס פאַר די קוילן גרעבער, וואָס האַלטן אָן די גאַנצע צייט און ווערן נאָך שאַרפער.

אין דעם אָפּמאַך איז אַריינגעשטעלט געוואָרן אַ פּונקט, אַז זעקס מאָנאַטן פאַר זיין אויסגיין, אין מאָנאַט דעצעמבער, דאַרפן ביידע צדדים זיך צוזאַמענקומען און באַנייען די פאַרהאַנדלונגען אין אַ פאַרזוך צו שליסן אַ נייעם אָפּמאַך. אָבער דעצעמבער 1921 איז שוין געווען נאָך דער מלחמה־

פראספעריטעט. די קוילן־קאמפאניעס האבן זיך געמאכט ניט ווייסנדיק און אינגאנצן איגנארירט די ווענדונג פון דער יוניאן אנצוהויבן די פארהאנדלונ־גען. די קוילן־קאמפאניעס האבן געהאט א זאפאס פון 63 מיליאן טאן ווייכע קוילן, וואס וועט קלעקן פאר 55 טעג. אזוי ווי די פרייזן אויף קוילן זיינען געפאלן אין דער דעפרעסיע, האבן די קוילן־באראנען געזען א געלעגנהייט דורך דעם סטרייק ארויפצושרויפן די פרייזן. זיי האבן אויך אויסגערעכנט אויף א סך סטרייקברעכער.

די רעגירונג, ווידער, האט אויך ניט געהאט קיין אורזאך אויסצומיידן א סטרייק. קיין מלחמה־נויטווענדיקייט אין קוילן איז מער ניט געווען, קיין שטאל-סטרייק אויך ניט און די הארדינג־אדמיניסטראציע איז געווען הונדערט פראצענט אויף דער זייט פון די קוילן־באראנען.

### שווערע פראצע און קליינע פארדינסטן

די לאגע פון די קוילן־גרעבער איז געווען א שווערע. אויסער די גרויזאמע באדינגונגען פון ארבעטן טיף אין דער ערד מיט זייער ווייניק שוץ־מיטלען און באווארענישן, איז דער קוילן־גרעבער קיינמאל ניט זיכער געווען ווען ער וועט האבן א טאג ארבעט און וויפיל טעג ער וועט ארבעטן אין יאר. אין דער קוילן-אינדוסטריע האט שוין געגומען הערשן א צושטאנד פון איבערפראדוקציע, פאר וועלכן נאר די ארבעטער האבן באצאלט. אזוי צום ביישפיל איז באוויזן געווארן אז אין די דריי וויכטיקסטע קוילן־געגנטן זיינען די צאל ארבעט־טעג און די יערלעכע פארדינסטן געווען :

| געגנט | דורכשניטלעכע צאל ארבעט-טעג אין יאר | דורכשניטלעכער פארדינסט א יאר |
|---|---|---|
| אהייא — — — — — | 119 | $550 |
| פיטסבורג — — — — | 123 | 762 |
| וועסט ווירדזשיניע | 80 | 500 |

פון די קלעגלעכע פארדינסטן גייט ארונטער דירה־געלט דער קאמפאניע, פאר דעם דאקטאר, שפיטאל, פולווער און דאס גלייכן. אזוי ווי די ארבעטער מוזן קויפן נאר אין די קאמפאניע־געשעפטן, וואו פרייזן זיינען פון דרייסיק ביז זיבעציק פראצענט העכער ווי אין די פריוואטע געשעפטן, זיינען די קוילן־גרעבער שטענדיק געווען פארשולדיקט די קאמפאניעס און האבן זיך ניט געקענט רירן פון ארט אויב זיי זאלן אפילו האבן וואו צו גיין.

די זעלבע לאגע, נאך פיל ערגער, האט געהערשט אין די קוילן־גרובן, באזונדערס אין דער ווייכער קוילן אינדוסטריע, ווען דער גענעראל־סטרייק אין 1926 און 1929 איז אויסגעבראכן.

פראפיטן וואס דערגרייכן ביז 305 פראצענט ווי ביי דער ליהאי און ווילקעסבאר קאמפאניע אין 1920 און פארמעגנס וואס זיינען פארצענפאכט געווארן אין עטלעכע יאר פון איין זייט, ארעמקייט און פראצע וואס איז פארבונדן מיט גרויס ריזיקע פון דער צווייטער זייט, האבן געהערשט. אין 1921 זיינען 1,973 ארבעטער דערהרגעט געווארן ביי דער ארבעט. די צאל פארקריפלטע האט דערגרייכט אין די פיל טויזנטער. אויסער דעם איז די ארבעט פארבונדן מיט דער אומפארמיידלעכקייט פון אזעלכע קראנקהייטן ווי אסטמע, לונגען־אנצינדונג, רעמאטיזם א. אז. וו.

דזשאן לואיס האט נים געהאט קיין גרויסן פארלאנג אריינצוטרעטן אין א גענעראל־סטרייק. געשטופט צו אקציע האט אים דער דרוק פון אונטן און צווייטנס, די פאר אים זייער וויכטיקע אורזאך, וואס די קאמפאניעס האבן זיך פארמאסטן אויף דעם „טשעק־אף" סיסטעם. א יוניאן־ביוראקראט וועט טאן אלצדינג אויסצומיידן א סטרייק. ער וועט איינגיין אויף דעם ערגסטן קאמפראמיס, אבער ווען די קאפיטאליסטן פארטשעפען זיך מיט זיין איינ־קונפט, דעמאלט וועט ער קעמפן. די „טשעק־אף" סיסטעם איז דער פונדא־מענט אויף וועלכער די פאררעטערישע און ביוראקראטישע מאשין פון דזשאן לואיס האט זיך געהאלטן.

עס איז קלאר געווען אז די קוילן־קאמפאניעס, געפירט פון דעם שטאל־טראסט וואס קאנטראלירט וויכטיקע קוילן־גרובן, האבן זיך פארמאסטן צו פארטיליקן די גרעסטע און שטארקסטע יוניאן אין לאנד. די הארטע קוילן קאמפאניעס זיינען נאכגעגאנגען די ווייכע קוילן־באראנען. דער גענעראל־סטרייק איז דעריבער ארויסגערופן געווארן איןביידע טיילן פון דער אינדוסטריע.

רעגירונג מאכט געהעריקע פארברייטונגען געגן סטרייקער

די גאווערנארס פון פענסילווייניע, אהייא, אילינאי און וועסט ווירדזשיניע האבן געמאכט די גרעסטע מיליטערישע פארברייטונגען צו העלפן די קאמפאניעס. פענסילווייניע, דער גרעסטער צענטער פון דער קוילן־אינדוסטריע, איז געווען אין דער ערשטער ריי. גאווערנאר ספראול האט פאררופן א בעראטונג פון אלע שעריפס און זיי געגעבן אינסטרוקציעס „צו אונטערדריקן

דעם רעוואָלט איידער ער פאַרשפּרייט זיך". דאָס איז געווען אַן אָנצוהערעניש אַז דער סטרייק דאַרף באַהאַנדלט ווערן ווי אַ רעוואָלט. אַלע טעראָר־מיטלען דאַרפן זיין גוט גענוג.

אין אַ צווייטן וויכטיקן קוילן־שטאַט, אָהייאָ, זיינען צעטיילט געוואָרן אַ סך מאַשין־ביקסן און אַמוניציע אין די לאַגערן פון דער שטאַט־מיליציע אין דעם דרום־טייל פון שטאַט, וואו עס געפינען זיך די קוילן־גרובן. ענלעכע פאָרברייטונגען זיינען געמאַכט געוואָרן אין אילינאָי און אין וועסט ווירדזשיניע.

די יוניאָן־פירערשאַפט האָט געוואוסט אויסגעצייכנט, אַז די קאָמפּאַניעס פּלאַנעווען צו אימפּאָרטירן סטרייקברעכער פון דרום. דזשאָן לואיס האָט דעריבער געמוזט שיקן אָרגאַניזאַטאָרן אין וועסט ווירדזשיניע. די איבעריקע דרום־שטאַטן, ווי קענטאָקי און אַלאַבאַמאַ, וואָס פּראָדוצירן אַ היפּשן טייל פון דעם קוילן־טאָנאַזש, זיינען פאַרנאַכלעסיקט געוואָרן. די קוילן־גרעבער אין וועסט ווירדזשיניע האָבן פאַרקוקט לויטעס האַנדלונג אין 1920 און מיט גרויס אַנטשלאָסנקייט צוגעשטאַנען צום סטרייק. פון 750,000 קוילן־גרעבער אין לאַנד זיינען זעקס הונדערט טויזנט אַרויס פון די גרובן דעם ערשטן אַפּריל, 1922. ווען די יוניאָן־פירערשאַפט טוט עטוואָס אין די איבעריקע קוילן־געגנטן אין דרום, וואָלט זי פּאַראַליזירט די גאַנצע קוילן־אינדוסטריע ביז דעם לעצטן קוילן־גרוב.

די קוילן־קאָמפּאַניעס האָבן געבראַכט טויזנטער אונטערוועלט-העלדן און זיי איינגעשוואָרן פאַר דעפּיוטי־שעריפס און פאַר מיטגלידער פון דער פּאָליציי. אינדזשאַנקשאָנס זיינען געפלויגן אין אַלע שטאַטן געגן מאַסן־פּיקעטינג. מאַסן אַרבעטער זיינען אַרויסגעזעצט געוואָרן פון די קאָמ־פּאַניע־הייזער. די סטרייקער האָבן זיך פאַר די אַלע טעראָר־מיטלען ניט אָפּגעשראָקן. איבער די קעפּ פון זייערע אָפיציעלע פירער האָבן זיי דורכ־געפירט גראַנדיעזע פּיקעט-דעמאָנסטראַציעס אין וועלכע פיל טויזנטער סטרייקער און זייערע פאַמיליעס האָבן זיך באַטייליקט. איין אַזאַ דעמאָנ־סטראַציע פון אַכט טויזנט סטרייקער אין בראַנזוויל, פּענסילווייניע, איז באַפאַלן געוואָרן פון צוועלף הונדערט באַוואָפנטע שטאַט־קאָזאַקן. די אַר־בעטער האָבן אַרויסגעוויזן אַ ווידערשטאַנד; אַ סך זיינען ערנסט פאַר־וואונדעט געוואָרן.

אַלע קוילן־גרעבער סטרייקס זיינען מלחמות, אָבער דער גענעראַל־סטרייק איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מאָדערנער מלחמה, וואו דער קאַפּיטאַליס־

טישער שונא האָט אָנגעווענדט די מאָדערנע טויט־מיטלען, ווי מאַשין־ביקסן און באָמבעס.

## די בלוטיקע שלאַכט אין הערין, אילינאָי

וואָס עס מיינט קאַפּיטאַליסטישע נידערטרעכטיקייט האָבן די סטרייקער געזען אין הערין, אילינאָי. צווישן הערין און מעריאָן אין וויליאַמסאָן קאונטי געפינט זיך די גרויסע סאַוטערן אילינאָי קוילן־קאָמפּאַניע. אירע קוילן־גרובן זיינען געווען פולשטענדיק אָרגאַניזירט. אין מיטן דעם סטרייק האָט די קאָמפּאַניע געבעטן און געקראָגן אַ דערלויבעניש פון דער יוניאָן אויפצורייסן נייע קוילן־אָדערן, אַז ווען דער סטרייק וועט זיין פאַריבער זאָלן די אַרבעטער האָבן וואָס צו גראָבן. דערפאַר האָט זיך די קאָמפּאַניע פאַרפליכטעט ניט צו אימפּאָרטירן קיין סטרייקברעכער און האַלטן די גרובן צוגעמאַכט אין פאַרלויף פון דעם סטרייק. אַזאַ אָפּמאַך איז אַפילו אונטערגעשריבן געוואָרן.

אָבער מר. לעסטער, דער אויפזעער פון די גרובן, האָט גלייך געבראָכן דעם אָפּמאַך נאָכדעם ווי ער האָט אויפגעריסן די נייע אָדערן. לעסטער האָט אימפּאָרטירט סטרייקברעכער און אַרונטערגעבראַכט אַ גרויסע צאָל באַ־וואָפנטע דעטעקטיוון פון אַ פּריוואַטער דעטעקטיוו־אַגענטור אין שיקאַגאָ צו באַשיצן די סטרייקברעכער. די באַנדיטן האָבן זיך געפונען אונטער דער קאָמאַנדע פון אַ באַוואוסטן אונטערוועלט־העלד, מעקדאַועל, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט אין ברעכן סטרייקס. גלייך איז די שטימונג געוואָרן זייער אָנגעשטרענגט.

מיטוואָך, דעם 21סטן יוני, האָבן די סטרייקער געשיקט אַ גרופּע אַרבע־טער צו רעדן מיט די סטרייקברעכער. די אַרבעטער זיינען באַגעגנט געוואָרן פון די באַוואָפנטע דעטעקטיוון מיט אַ פייער פון מאַשין־ביקסן. צוויי סטרייקער זיינען דערשאָסן געוואָרן אויף טויט און עטלעכע זיינען פאַרוואונדעט געוואָרן.

דער מאָרד איז געווען דער לעצטער פונק וואָס האָט אָנגעצונדן די סטרייקער. אויף מאָרגן האָבן זיך פיל הונדערטער סטרייקער געצויגן פון אַלע זייטן צו דער סאַוטערן אילינאָי קוילן־קאָמפּאַניע. אַ שלאַכט איז אויס־געבראָכן. די אַרבעטער האָבן זיך ניט געשראָקן פאַר דעם פייער פון מאַשין־ביקסן. ביקסן האָבן זיי געהאַט. דער סוף איז געווען, אַז מעקדאַועל מיט זיינע מערדער זיינען אַרויסגעטריבן געוואָרן. 19 סטרייקברעכער זיינען גע־טויט געווען אין שלאַכט. די איבעריקע זיינען אָפּגעפירט געוואָרן אין הערין און מעריאָן.

די ארטיקע דזשורי, וואס האט אונטערזוכט די שלאכט, האט ארויס-געטראגן דעם אורטייל אז די שולד פאלט אויף דער קוילן־קאמפאניע וואס האט אימפארטירט די געדונגענע באנדיטן. די סטרייקברעכער זיינען געווען קרבנות פון איר פארברעכערישער געלט־זשעדנעקייט. א סטרייקברעכער האט שפעטער דערציילט, אז די אגענטן פון דער קאמפאניע האבן אים פארנארט אין גרוב. שפעטער, ווען ער האט אויסגעפונען אז עס גייט אן א סטרייק, האבן זיי אים ניט געלאזט אוועקגיין.

## קאפיטאליסטן פאדערן נקמה

דער זיג פון די סטרייקער און די האנדלונג פון דער דזשורי איז באַ־געגנט געווארן מיט ווילדע געשרייען פון דער גאנצער קאפיטאליסטישער פרעסע. דער הערשנדיקער קלאס האט ניט געקענט פארשווייגן אזא זאך. די קאפיטאליסטן האבן אויפגעהויבן א ליארעם פאר נקמה. דער אילינאי האנדל־קאמער האט צונויפגענומען הונדערט טויזנט דאלאר פאר דער קאמ־פאניע געגן די סטרייקער. גאווערנאר סמאל, א כלומרשטער ארבעטער־פריינט, האט זיך ארייננגעמישט אויף דער זייט פון דעם האנדל־קאמער. פרעזידענט הארדינג אליין האט דערמוטיקט דעם טעראר מיט א באגריסונג־טעלעגראמע צו דעם האנדל־קאמער:

> „אין דעם שטאט אילינאי איז נאך זיכער פאראן א געוויסן, וואס וועט ניט טאלערירן אזא שענדלעכע זאך. עס וועט זיין זייער אנגענעם פאר מיר און דערמוטיקנדיק פאר דעם גאנצן לאנד, ווען דער דאזיקער געוויסן וועט געפינען אן אויסדרוק.” (בימבא, זייט 300.)

פרעזידענט הארדינגס אפיציעלע דערמוטיקונג האט געבראכט רעזול־טאטן. דער „געוויסן” פון אילינאי, אויסגעדריקט אין דעם האנדל־קאמער, האט געבראכט דערצו אז א נייע גרענד־דזשורי איז אויסגעקליבן געווארן און 214 סטרייקער זיינען אנגעקלאגט געווארן: אין מארד, 44 סטרייקער; קאנ־ספיראציע צו באגיין מארד, 58 סטרייקער; אנגריף צו מארדן, 54 סטרייקער; קאנספיראציע און רעוואלט, 58 סטרייקער. קיין איינציקער פון די געדונגענע באנדיטן איז ניט אנגעקלאגט געווארן אין דעם מארד פון די צוויי סטרייקער וואס האט געבראכט צו דער שלאכט. א סך סטרייקער האבן געקראגן לאנגע טורמע־טערמינען.

קאפיטאליסטישע גערעכטיקייט האט געגעבן א צווייטן ביישפיל, אז אלע

זיינען גלייך פארן געזעץ, ווען א סך סטרייקער זיינען דערמאָרדעט געוואָרן פון די באוואָפנטע וועכטער אין קליפטאָנוויל, פענסילווייניע. די וועכטער האָבן אויפגעריסן דעם דורכגאנג צו דער שאכטע, ווען סטרייקער האָבן מאר־שירט געגן סטרייקברעכער. וויפיל זיינען אומגעקומען אין דעם אויפרייס ווייסט מען ניט גענוי. די קאָמפּאַניע האָט אָנגעגעבן זעקס דערהרגעטע, די סטרייקער גלויבן אז א סך א גרעסערע צאָל איז דערהרגעט געוואָרן. נאָר איין דעפּיוטי־שעריף איז געטויט געוואָרן. אָנגעקלאָגט זיינען געוואָרן 160 סטרייקער און קיין איינציקער פון די וועכטער.

דער סטרייק האָט אָנגעהאַלטן פיל לענגער ווי די קוילן־באראָנען האָבן אויסגערעכנט. דער זאַפּאַס קוילן איז אויסגעגאַנגען. די פּראָדוקציע אין דרום איז ניט געווען גענוג. א סך פאבריקן האָבן זיך געהאַלטן אין צושליסן. האַרדינג איז ווידער ארויסגעקומען מיט א פּאַרדאַמונג פון דער יוניאָן. ער ווייסט — האָט ער געזאָגט אין זיין דערקלערונג — אז די קוילן־גרעבער רייסן זיך צו דער ארבעט, נאָר די פירער לאָזן זיי ניט.

דערווייל האָבן זיך געצויגן די מאָנאַטן און די סטרייקער האָבן גענומען דערפילן הונגער און נויט. דזשאָן לואיס האָט זיך באנוצט מיט דער לאַגע און איז דעם פופצנטן אויגוסט אריינגעטראָטן אין א באזונדערן אָפּמאַך מיט א טייל פון די ווייכע קוילן קאָמפּאַניעס, איבערלאָזנדיק די האַרטע קוילן סטרייקער און די נייע קוילן־גרעבער וואָס זיינען צוגעשטאַנען צום סטרייק צו זייער אייגענעם שיקזאַל. דזשאָן לואיס האָט צום ערשטן מאָל געשפּאָלטן די ווייכע קוילן און די האַרטע אין באזונדערע ארמייען מיט באזונדערע ארבעט־באַדינגונגען. זיין אָפּמאַך איז בכלל געווען א קאָמפּראָמיס אויפן חשבון פון די קוילן־גרעבער אין פעיעט קאַונטי, פענסילווייניע, און די קוילן־גרעבער אין וועסט ווירדזשיניע. די קוילן־גרעבער פון די צוויי געגנטן, ארום הונדערט טויזנט אין צאָל, זיינען געווען אומאָרגאַניזירט און זיינען אריין אין סטרייק אויף די פאַרשפּרעכונגען פון די יונייטעד מיין וואָירקערס. זייער מיט־סטרייקן האָט פאַראַליזירט די גאַנצע אינדוסטריע. ווען עס איז אָבער געקומען צו ענדיקן דעם סטרייק, האָט דזשאָן לואיס „פאַרגעסן" אָן זיי. ער האָט זיי געמאַכט די קרבנות פון א גוואַלדיקן פאַרראַט. נאָך עטלעכע מאָנאַטן באזונדערן סטרייק האָבן די ארבעטער זיך געמוזט צוריקקערן.

אַלץ וואָס די קוילן-גרעבער האָבן געוואונען אין אזא העלדישן און אָפּערוויליקן קאַמף איז געווען א באנייאונג פון דעם אַלטן אָפּמאַך אויף א יאָר צייט, וואָס האָט געמיינט די אַלטע באַדינגונגען. דזשאָן לואיס האָט אָבער געוואונען זיין באַליבטע „טשעק־אָף" סיסטעם, וואָס האָט אים פאַרהיט

אין א גרויסער מאָס פון די רעוואָלטן פון זיינע מיטגלידער. דערפאַר האָט ער צעשפּאָלטן די אינדוסטריע און איינגעפירט געגנט־אָפּמאַכן אַנשטאָט איין נאַציאָנאַלן אָפּמאַך.

## דער גענעראַל־סטרייק פון די באַן־שאָפּ ארבעטער

דער דריטער מאַסן־סטרייק פון א גרויסער פּאָליטישער באַדייטונג איז דער גענעראַל־סטרייק פון די באַן-שאָפּ ארבעטער, העכער פיר הונדערט טויזנט אין צאָל.

אין דעם קאַפּיטל, די א. פ. אָוו ל., איר טעאָריע און פּראַקטיק, האָבן מיר ארויסגעבראַכט דעם גרונט־שטריך פון דעם סטרייק, די ראָל פון די בראָדערהוד־פירער און די ספּאָנטאַנע אויסברוכן פון סאָלידאַריטעט וואָס די מיטגלידער פון די פיר בראָדערהודס האָבן ארויסגעוויזן. דער סטרייק איז אויך געווען א לעקציע צו וואָס דער אָפּאָרטוניזם פון די פירער, זיך פאַר־לאָזנדיק אויף גינסטיקע געזעצן, ברענגט די ארבעטער. ווען עס איז ניטאָ קיין מיכטיקע, וואַכזאַמע ארבעטער־באַוועגונג, ווערט די זעלבע האַנט וואָס גיט דעם גינסטיקן געזעץ, אים שפּעטער צונעמען.

אין די מלחמה־יאָרן האָט די פעדעראַלע רעגירונג איבערגענומען די באַנען צו פאַרזיכערן א שנעלע טראַנספּאָרטאַציע פאַר דער מלחמה־פירונג. צוליב דער זעלבער אורזאַך האָט קאָנגרעס אויסגעברייטערט דעם אכט־שטונדן געזעץ אויף אַלע באַן־פּאַכן. די רעגירונג באַן־אדמיניסטראַציע האָט צו-געוואָרפן א לוין־העכערונג די באַן־ארבעטער, זיי זאָלן ניט סטרייקן.

אין 1920 האָט די רעגירונג צוריקגעגעבן די באַנען צו די פּריוואַטע אייגנטימער מיט א שיינער מתנה אין דער פאָרמע פון נייער אויסשטאַטונג. קאָנגרעס האָט אויך באַוויליקט הונדערטער מיליאָנען דאָלאַר פּאַרגיטיקונג צו די באַן־קאָמפּאַניעס פאַר „אָפּניצעווען" זייער אַלטע אויסשטאַטונג.

אין 1921 האָבן די באַן־קאָמפּאַניעס געפאָדערט פון דער באַן־לייבאָר באָארד וואָס איז באַשטאַנען פון פאָרשטייער פון די ארבעטער, קאָמפּאַניעס און פון „פּובליקום", דאָס רעכט צו שניידן דעם לוין. די באָארד האָט באַ־וויליקט דעם פאַרלאַנג און דער לוין איז באַלד געשניטן געוואָרן אויף צוועלף פּראָצענט. א מאָנאַט שפּעטער, אין אַפּריל 1921, האָט די באָארד אָפּגעשאַפט דעם אָפּמאַך וואָס די רעגירונג באַן־פאַרוואַלטונג האָט געשלאָסן מיט די

יוניאָנס אין דער באַן־אינדוסטריע. דאָס איז געווען דער סיגנאַל פאַר אַ נייער לוין־רעדוצירונג און פאַרערגערטע אַרבעט־באַדינגונגען. עס האָט לאַנג ניט גענומען און איין לוין־שניט נאָכן צווייטן איז געפאַלן אויף די קעפּ פון די באַן־אַרבעטער. דער אַכט־שטונדיקער אַרבעט־טאָג איז „אַמע־דירט" געוואָרן פאַר אַלע פאַכן אויסער די פיר בראָדערהודס. שפּעטער האָבן די פיר בראָדערהודס אויך פאַרלאָרן די אַכט שטונדן. אָנהייב 1922 האָט די געשניטענע סומע באַטראָפן פאַר אַלע פאַכן — אויסער די פיר בראָדער־הודס — נאָענט צו אַ מיליאָן דאָלאַר אַ יאָר. צו זיין גענוי, $943,191,000.

די באַן־מאַגנאַטן האָבן געוואוסט פון דעם אַלטן כּלל: צעטייל און הערש! די לאָקאָמאָטיוו־טרייבער, הייצערס, קאָנדוקטאָרן און באַן־מאַנשאַפט, די מיטגלידער פון די פיר „אַריסטאָקראַטישע" בראָדערהודס, האָבן געקראָגן קלענערע לוין־שניטן. דאָס איז אויסגערעכנט געוואָרן צו שטערן אַ פאַר־אייניקטן אַרויסטרעט פון אַלע פאַכן אין דעם באַן־טראַנספּאָרט.

דעם ערשטן יולי האָבן די זעקס יוניאָנס וועמענס מיטגלידער אַרבעטן אין באַן־שעפּער, ווי די אַמאַלגאַמייטעד בראָדערהוד אָוו בלעקסמיטס (שמידן), אינטערנעשאָנאַל אַלייענס אָוו שיט־מעטאַל וואָירקערס (בלעכער און מעטאַל־אַרבעטער), די אינטערנעשאָנאַל בראָדערהוד אָוו באָילערמייקערס (קעסל־מאַכער) — אַלע טיילן פון דער א. פ. אָוו ל. — דערקלערט אַ סטרייק. אַ פּאָר טעג שפּעטער זיינען צום סטרייק צוגעשטאַנען אַלע האַלב־קוואַליפיצירטע באַן־אַרבעטער, ווי די קלוירקס, וועג־אויפפּאַסער, פראַכט־אָנלאָדער, פּראָסטע אַרבעטער און אַזוי ווייטער, אַרום 400,000 אין צאָל. די פירער פון די זעקס יוניאָנס האָבן זיך פריער באַוואָרנט מיט דער שטיצע פון די פיר בראָדערהודס.

## האַרדינג שיקט מיליטער צו ברעכן סטרייק

די באַן־מאַגנאַטן האָבן אויסגעצייכנט געוואוסט, אַז זיי קענען זיך פאַרלאָזן אויף דער פולער מיטאַרבעטערשאַפט פון דער פעדעראַלער רע־גירונג. דעריבער האָט דע־ווּיט קיילער, פּרעזידענט פון דער אַסאָסיאַציע פון די באַן־קאָמפּאַניעס, געקענט ענטפערן מיט גרויס חוצפּה אויף דעם בריוו פון דער א. פ. אָוו ל. אָנצוהויבן פאַרהאַנדלונגען מיט די יוניאָנס. קיילער האָט אין זיין בריוו זיך געשטעלט הינטער דער פּאָלע פון דער פעדעראַלער רעגירונג.

„אונטערגעבן זיך אייערע פאָדערונגען וואָלט געווען צו אָנערקענען אַז אייער מאַכט און אויטאָריטעט איז גרעסער פון דער רעגירונג. אויב איר וועט סטרייקן וועט עס זיין אַ סטרייק געגן אַן אינסטיטוציע פון דער רעגירונג

— דאָס וועט זיין אַ סטרייק געגן דער רעגירונג פון די פאַראייניקטע שטאַטן."

ווען די קאַפּיטאַליסטן לוינט זיך, פּייפן זיי אויף באַשלוסן פון רעגירונגס־אינסטיטוציעס, ווי עס האָט פּאַסירט צענדליקער מאָל אונטער דער נ.ר.א. אין 1933 און 1934. ווען אָבער דער באַשלוס איז גינסטיק פאַר זיי — און דאָס איז די איבערוועגנדיקע מערהייט באַשלוסן — ווערן די אַרבעטער, וואָס נעמען ניט אָן דעם באַשלוס, רעבעלן געגן דער רעגירונג.

די צייטונגען האָבן צוגעטראָגן זייער טייל. ערב דעם סטרייק זיינען געדרוקט געוואָרן גרויסע טעלעגראַמעס וועגן דעם, אַז „די באַנען פון דעם פאָלק" („די ניישאַנס רעילוויים") געפינען זיך ערב אַ קריזיס. דאָס לאַנד — ווידעראַמאָל, דאָס פאָלק—קען ניט אַריבערטראָגן אַזאַ געפאַר. די גאָווערנאָרס און די פעדעראַלע רעגירונג נעמען אָן די געהעריקע מיטלען אַז דער טראַנספּאָרט זאָל ניט ליידן.

די געהעריקע מיטלען האָבן זיי אָנגענומען. די מערסטע שטאַטן, פון אילינאָי צום פּאַסיפישן אָקעאַן, האָבן מאָביליזירט זייערע טרופּן, איינגעשוואָרן מאַסן דעפּיוטי־שעריפס און נאָך פון דעם סאָרט „מיטלען". אַטוירני דזשענעראַל דאָהערטי איז אַרויסגעקומען מיט אַ קאַטעגאָרישער דערקלערונג, אַז געזעץ און אָרדענונג מוז און וועט אָפּגעהיט ווערן. טויזנטער פעדעראַלע דעפּיוטי מאַרשאַלס זיינען איינגעשוואוירן געוואָרן איבער דער לענג פון דעם וועג צום פּאַסיפישן ים־ברעג.

גלייך ווי דער סטרייק איז דערקלערט געוואָרן האָט די רעגירונג לייבאָר־באָארד אַנטשיידעט אַז די סטרייקער פאַרלירן זייער סטאַטוס פון באַן־אָנגעשטעלטע מיט אַלע סעניאָריטעט־רעכט וואָס עס קומט זיי. די באַן־קאָמפּאַניעס האָבן געקראָגן אַ דערלויבעניש אָנצושטעלן נייע אַרבעטער.

דעם עלפטן יולי איז פּרעזידענט האַרדינג אַרויסגעקומען מיט אַן אינסטרוקציע, אַז די פּאָסט מוז טראַנספּאָרטירט ווערן ווי געוויינלעך אויף די באַנען. דאָס איז געווען אַ קלאָרער באַפעל צו די פעדעראַלע באַאמטע צו ברעכן דעם סטרייק מיט אַלע מיטלען.

צו מאַכן דעם פאַרלוסט פון סטרייק זיכער, האָט די פעדעראַלע רעגירונג אַריינגעשטעלט סאָלדאַטן אין די באַנען. דעם ערשטן אויגוסט האָט דאָהערטי אַרויסגענומען אַ פעדעראַלן אינדזשאַנקשאָן געגן דעם סטרייק און געגן די יוניאָנס. אַ סטרייקער האָט ניט געטאָרט, לויט דעם איידזשאַנקשאָן, אָנרופן

א סטרייקברעכער מיט זיין אמתן נאָמען. אַלע פּאַנדן פון די יוניאָנס זיינען פאַרנומען געוואָרן פון דער פעדעראַלער רעגירונג.

זיך באַרימענדיק מיט זיין ענערגישער האַנדלונג, האָט דאָהערטי געזאָגט:

„אזוי לאַנג ווי איך קען רעדן פאַר דער רעגירונג פון די פאַראייניקטע שטאַטן וועל איך אַנווענדן די מאַכט פון דער רעגירונג ניט צו דערלאָזן אַז די יוניאָנס זאָלן פאַרניכטן דעם אָפּען-שאָפּ.

„עס קומט אַ צייט אין דער געשיכטע פון די אַלע פעלקער, ווען מענטשן דאַרפן וויסן צי זיי האָבן אַ רעגירונג אָדער זיי האָבן ניט.

„קיין יוניאָן אָדער אַ קאָמבינאַציע פון יוניאָנס קען ניט אונטער דעם געזעץ דיקטירן דער רעגירונג און באַרויבן דעם אַמעריקאַנישן פאָלק פון די לעבנס-נויטווענדיקייטן. די רעגירונג וועט דעמאָלט פאַרניכטן די יוניאָנס, ווייל די רעגירונג פון די פאַראייניקטע שטאַטן איז אַלמעכטיק און מוז אָנהאַלטן."

די רייד וועגן געזעץ, פון די ליפּן פון דעם הויפּט פון דער אָהייאָ־גענג (באַנדע), וואָס איז באַגאַנגען מער קרימינעלע פאַרברעכנס האַלטנדיק די מאַכט פון רעגירונג אין אירע הענט ווי די ערגסטע קרימינעלע פאַרברעכער, קלינגט זייער גאָטספאַרכטיק.

דאָהערטי האָט אויסגעפירט. די אַרבעטער האָבן פאַרלאָרן. די פירער פון די זעקס פאַך־יוניאָנס האָבן ניט געוואָלט קעמפן געגן אינדזשאָנקשאָן און פעדעראַלע סאָלדאַטן. דעם דרייצנטן סעפּטעמבער האָבן זיי אונטער־געשריבן אַן אָפּמאַך נאָכגעבנדיק אַלץ די באַן־מאַגנאַטן. אַרום צוויי הונדערט טויזנט סטרייקער זיינען ניט צוריקגענומען געוואָרן צו דער אַרבעט. זייערע דזשאַבס זיינען געהאַלטן געוואָרן פון די סטרייקברעכער. די איבערגעבליבענע סטרייקער האָבן אָרגאַניזירט קאָמיטעס און דערקלערט דעם סטרייק אין קראַפט. אָבער אַן שטיצע פון דער אַרבעטער־באַוועגונג האָט דער „אומ־געזעצלעכער" סטרייק ניט געהאַט קיין ווירקונג. די צוויי הונדערט טויזנט אַרבעטער האָבן געמוזט זוכן אַנדערע באַשעפטיקונגען.

## בראָדערהוד פירער האָבן דעשטיקט סאָלידאַריטעט־אַקציע

דעם גרעסטן קלאַפּ האָבן די סטרייקער געקראָגן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. די מאַסן אָרגאַניזירטע אַרבעטער האָבן שטאַרק סימפּאַטיזירט מיט די סטרייקער, אָבער די א. פ. אָוו ל. פירערשאַפט האָט באַלד דערזען מיט וואָס דאָס שמעקט, האָט זי זיך געהאַלטן פון ווייטן. ערגער פון אַלעמען האָבן געהאַנדלט די בראָדערהוד־פירער, וועלכע האָבן פריער צוגעזאָגט שטיצע.

ווען דער סטרייק איז אויסגעבראָכן האָבן זיי זיך אָפּגעטרייסלט. ניט נאָר האָבן זיי אַנטזאָגט שטיצע, נאָר זיי האָבן געצוואונגען זייערע מיטגלידער צו אַרבעטן אונטער דער שוץ פון סאָלדאַטן און מיט סטרייקברעכער. עס זיינען געווען צענדליקער אויסברוכן פון ספּאָנטאַנע סימפּאַטיע־ און סאָלידאַריטעט־סטרייקס פון די איבעריקע קוואַליפיצירטע בראָדערהוד־מיטגלידער, אָבער די אַקציע איז באַלד אונטערדריקט געוואָרן פון די הויכע בראָדערהוד־באַאמטע. די בראָדערהוד פון וועג־אויפפּאַסער האָט דורך אַ רעפערענדום־אָפּשטימונג באַשלאָסן צו סטרייקן, אָבער פּרעזידענט גרייבעל האָט זיך אַנטזאָגט דורכצופירן דעם מאַנדאַט פון די מיטגלידער. ער איז געפאָרן פון באַן־צענטער צו באַן־צענטער און געצוואונגען זיינע מיטגלידער צוריקגיין צו דער אַרבעט. „מיר האָבן צוגעזאָגט דער לייבאָר־באָארד ניט צו סטרייקן — האָט גרייבל געזאָגט אין דעטראָיט דעם צווייטן יולי — און מיר האַלטן יעדן צוזאָג וואָס מיר מאַכן".

אַ צוזאָג געגן די אַרבעטער־אינטערעסן האַלטן די גרייבעלס, אָבער אַ סטרייק־אָפּשטימונג פון די מיטגלידער — דאָס איז נאָר אַ פּוסטע פאָרמאַליטעט.

די פירער פון די פיר בראָדערהודס האָבן אונטערדריקט די סימפּאַטיע־סטרייקס פון זייערע מיטגלידער אויף די בעסטע צוגן אויפן וועג נאָך קאַליפאָרניע. מיר האָבן זיך לענגער אָפּגעשטעלט אויף דעם אין אויבנדערמאָנטן קאַפּיטל.

די קאַפּיטאַליסטן האָבן גוט אָפּגעשאַצט די הילף פון די בראָדערהוד־פירער. דער „וואָל סטריט דזשורנאַל" האָט געשריבן דעם 17טן אָקטאָבער:

> „עס איז ניט קיין פּאַראַדאָקס צו זאָגן, אַז זייער אוממעגלעכקייט צו שטיין צוזאַמען אין פאַרלויף פון דעם סטרייק איז געווען די גליקלעכסטע זאַך וואָס האָט געקענט טרעפן דאָס לאַנד בכלל און די אינוועסטירער אין באַן-אַקציעס בפרט."

## יוניאָנס פאַרלירן אַ סך מיטגלידער

די יוניאָנס פון די באַן־שאַפּ אַרבעטער זיינען אין דעם קאַמף אָפּגעווישט געוואָרן. די פיר בראָדערהודס האָבן באַצאָלט מיט צוויי לוין־שניטן וואָס זיי האָבן שפּעטער באַקומען פון די קאָמפּאַניעס.

דער הערלאַישער ווידערשטאַנד וואָס די אַרבעטער האָבן אַרויסגעוויזן אין 1922 האָט אָן צווייפל געראַטעוועט די טרייד־יוניאָן באַוועגונג פון אונטערגאַנג. ווען די זאַך וואָלט איבערגעלאָזט ווערן צו די פירער וואָלט

וואַרשיינלעך קיין איינציקע יוניאָן ניט געבליבן גאַנץ. אָבער די יוניאָנס האָבן פאַרלאָרן מיטגלידער און די אַרבעטער — פאַרדינסטן. די יוניאָנס פון דער א. פ. אָוו ל. האָבן פאַרלאָרן העכער זיבן הונדערט טויזנט מיטגלידער. איינצלנע יוניאָנס האָבן פאַרלאָרן מער ווי העלפט פון זייער מיטגלידער־שאַפט. די לאָנגשאָרמען יוניאָן איז פון 115,000 מיטגלידער געפאַלן אויף 50,000. די יוניאָן פון באַן־וועג אויפפאַסער האָט פאַרלאָרן 125,000 מיט־גלידער, די אַמאַלגאַמייטעד קלאָדינג וואָירקערס (די מענער־שניידער) אַרום א העלפט פון אירע מיטגלידער, און אַזוי ווייטער. אינדוסטריעס ווי די טעקסטיל, וואָס האָבן געמאַכט גרויסע פאַרזוכן פון אָרגאַניזאַציע, זיינען ווידער צוריקגעשטויסן געוואָרן אין דעם לאַגער פון אומאָרגאַניזירטע.

אַזוי איז פאַריבער 1922, א קריטישער יאָר אין דעם נאָך־מלחמה׳ פעריאָד פון דעם אַמעריקאַנישן קאַפּיטאַליזם. מיט אַן אָפענסיווע איבערן גאַנצן פראָנט געגן די אַרבעטער און איינציענדיק די לייצעס פון דער רעגירונג אין זיינע הענט צוזאַמען מיט א גינסטיקער לאַגע פאַר אים אויף דעם וועלט־מאַרק, איז דער אַמעריקאַנישער קאַפּיטאַליזם בייגעקומען דעם קריזיס און איז אַריינ־געטראָטן אין די פעטע יאָרן פון דער פּראָספּעריטעט, וואָס האָט דערגרייכט איר העכסטן פונקט אין 1928־1929 און נאָכדעם אַרונטערגעקייקלט זיך אין אָפּגרונט פון דעם גרויסן און טיפן קאַפּיטאַליסטישן וועלט־קריזיס.

## אַכט־און־צוואַנציקסטער קאַפּיטל

# די קאָמוניסטישע באַוועגונג

די אומפּאַרמיידלעכקייט פון דער שפּאַלטונג. — מלחמה גיט אַ מעכטיקן שטויס דער אויסבילדונג פון ליגקן פליגל. — גרויסע מערהייט אין סאָציאַליסטישער פּאַרטיי איז מיט די לינקע. — רעכטע פירער לייזן אויף גרויסע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס אַלס אַ באַוואָרעניש. — דער צוזאַמענפאָר אין שיקאַגאָ אין 1918. — די גרינדונג פון צוויי קאָמוניסטישע פּאַרטייען. — זייער פּאַר־אייניקונג. — די איבערפאַלן אויף די רויטע אין 1920. — די צווייטע שפּאַלטונג אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.—די „וואָיר־קערס פּאַרטיי" און די אינערלעכע שטרייטיקייטן. — „וואָירקערס פּאַרטיי" ווערט קאָמוניסטישע פּאַרטיי אין 1925. — די איבער־בויאונג פון דער פּאַרטיי. — די דערפאַרונגען פון מאַסן־קאַמפּן. — דער פראַקציאָנעלער קאַמף און די אַריינמישונג פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל אין 1929. — דער סוף פון די פראַקציעס. — דער אָפענער בריוו פון קאָמינטערן. — קאָמוניסטן פירן באַוועגונג פאַר אַרבעטלאָזער הילף און פאַרזיכערונג. — דער אַכטער פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר. — דער וואוקס פון דער פּאַרטיי און פון די מאַסן־אָרגאַניזאַציעס. — דער קאַמף פאַר דעם פאַראייניקטן פראָנט.

דער אונטערגאַנג פון צווייטן סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל אין די גרויסע באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע אין לאַנד פון די געוועזענע צאַרן, האָבן געמוזט אומפאַרמיידלעך פירן צום געבורט פון אַ נייער, רעוואָלוציאָנערער, מאַרקסיסטישער פּאַרטיי, די קאָמוניסטישע פּאַרטיי. די שטורמישע אומ־רואיקייט וואָס האָט אַרומגעכאַפּט גרויסע טיילן פון אַמעריקאַנישן אַרבעטער־קלאַס, אויסגעדריקט אין די גרויסע סטרייקס אין שטאָל, קוילן, באַן־שעפּער, האַפנס א. ד. ג.; די אימפּעטדיקע פאָדערונגען פאַר באַלדיקע ענערגישע פּייערן פון דער אימפּעריאַליסטישער מלחמה, דער אָפּאָרטוניזם פון די היל־קוויטס און בערגערס אין אַלע וויכטיקע פראַגן פון קלאַסן־קאַמף און די קאַמף־מיטלען געגן קאַפּיטאַליסטישער אונטערדריקונג וואָס האָבן זיך גע־טראָגן איבערן לאַנד, האָבן פאַרגעשטעלט מיט זיך די אייגנטימלעך־אַמערי־קאַנישע מאָמענטן וואָס האָבן זיך אַריינגעפלאָכטן אין דער אַלגעמיינער לאַגע, פון וועלכער די קאָמוניסטישע באַוועגונג איז אויפגעקומען.

די זעלבע פאַקטאָרן וואָס האָבן געפירט אומפאַרמיידלעך צו דער שפּאַל־טונג צווישן רעכטס און לינקס, אָפּאָרטוניזם און קלאַסן־קאַמף, אין דער אַרבעטער־באַוועגונג פון אַלע לענדער, האָבן אויך געווירקט אין די פאַר־אייניקטע שטאַטן. די קאָמוניסטישע (באָלשעוויסטישע) פּאַרטיי אין רוסלאַנד, געפירט פון לענין, האָט געוויזן דעם וועג צו דער ענדגילטיקער באַפרייאונג פון דעם אַרבעטער־קלאַס. פון דער צווייטער זייט, די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטייען אין דייטשלאַנד, עסטרייך, אונגאַרן, פּוילן א. אז. וו. האָבן געוויזן צו וואָס פאַרראַט און שרעק פאַר דער סאָציאַלער רעוואָלוציע פירט. די אויבן־אויסגערעכנטע פּאַרטייען האָבן אין 1918 איבערגענומען די מאַכט פון אַ מאָנאַרכיסטיש־קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג וואָס איז צוזאַמענגעבראָכן אונטער די קלעפּ פון אַ פאַרשפּילטער מלחמה און פון דעם צאָרנדיקן אַר־בעטער־קלאַס. די מאַכט האָבן די פּאַרטייען געהאַלטן פאַר די קאַפּיטאַליסטן ביז וואַנען יענע וועלן איבערכאַפּן דעם אָטעם און קומען צו זיך פון זייערע שווערע מפּלות.

נאָוועמבער 1917 און נאָוועמבער 1918 זיינען געוואָרן די צוויי פּאָליוסן, אַרום וועלכע די גאַנצע אַלוועלטלעכע אַרבעטער־באַוועגונג איז צעטיילט גע־וואָרן. צוויי פונדאַמענטאַל־געגנזאַצלעכע וועגן. איין וועג פירט באַוואוסט־זיניקערהייט צו דער איינפירונג פון דער דיקטאַטור פון אַרבעטער־קלאַס און צו סאָציאַליזם, און דער צווייטער — צו דער וויימאַר־קאָנסטיטוציע, צו דער פאַרשטאַרקונג און אויפהאַלטונג פון קאַפּיטאַליזם און שפּעטער צו הינדענ־בורג און היטלער, צום פאַשיזם. קיין מיטל־וועג איז ניט פאַראַן און אָנהענגער פון די באַזונדערע וועגן קענען ניט הויזן אין איין פּאַרטיי.

אין „קראַך פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל" האָט לענין געשריבן וועגן דער נויטווענדיקייט אויסצוטיילן די מאַרקסיסטישע עלעמענטן אין באַ־זונדערע פּאַרטייען פון דעם אַוואַנגאַרד פון אַרבעטער־קלאַס:

„דער קריזיס, וועלכן עס האָט געשאַפן די גרויסע מלחמה, האָט אַראָפּ־געריסן דעם שלייער, האָט אַראָפּגעוואָרפן אַלע באַדינגלעכקייטן, האָט געעפנט דעם געשוויר, וועלכער האָט שוין לאַנג אָנגעריסן און האָט באַוויזן דעם אָפּאָרטוניזם אין זיין אמתער ראָל, אין דער ראָל פון אַ שותף צו דער בור־זשואַזיע. ס'איז נויטיק געוואָרן דעם דאָזיקן עלעמענט פולשטענדיק, אָר־גאַניזאַציאָנעל אָפּצוטיילן פון די אַרבעטער־פּאַרטייען.

„די אימפּעריאַליסטישע עפּאָכע קאָן ניט דערלאָזן, אַז אין איין פּאַרטיי זאָלן זיך געפינען די אַוואַנגאַרדן פון רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט אינ־איינעם מיט דער האַלב־קליינבירגערלעכער אַריסטאָקראַטיע פונם אַרבעטער־קלאַס, וועלכע באַקומען ברעקלעך פון די פּריווילעגיעס, וואָס שטאַמען פון דער

'גרויסמעכטיקער' לאַגע, וואָס 'איר' נאַציע פאַרנעמט. די אַלטע טעאָריע וועגן אָפּאָרטוניזם ווי וועגן אַ 'געזעצלעכן גיוואַנס' אין אַ פּאַראייניקטער פּאַרטיי, וועלכע האַלט ניט פון 'עקסטרעמקייטן', איז איצט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ געוואַלטיקער אָפּנאַרעריי פון די אַרבעטער, אין אַ געוואַלטיקער שטערונג פאַר דער אַרבעטער-באַוועגונג. דער אָפענער אָפּאָרטוניזם, וועלכער שטויסט באַלד פון זיך אָפּ די אַרבעטער-מאַסן, איז ניט אַזוי שרעקלעך און שעדלעך



ווי די טעאָריע פונם 'גאָלדענעם מיטן', וועלכע באַרעכטיקט מיט מאַרקסיס-טישע פראַזן די אָפּאָרטוניסטישע פּראַקטיק און וועלכע באַווייזט מיט אַ גאַנצער ריי סאָפיזמען, אַז עס איז ניט די צייט פאַר רעוואָלוציאָנערע מעשים." (לענין, באַנד 18, זייט 279, רוסישע אויסגאַבע.)

דאָס ארויסנעמען די רעוואָלוציאָנערע ארבעטער־עלעמענטן פון דעם זומפּ פון אָפּאָרטוניזם אין וועלכן די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטייען זיינען

אריינגעקראָכן, איז געוואָרן דער ערשטער באַדינג פאַר דעם שפּעטערדיקן קאַמף צו שאַפן אַ פאַראייניקטן פראָנט פאַר די סאַמע מינימום־פאָדערונגען פון אַרבעטער־קלאַס. נאָר די עקזיסטענץ פון קאָמוניסטישע פּאַרטייען מאַכט מעגלעך צו מאָביליזירן די אַרבעטער, אָן אונטערשייד פון פּאָליטישער אָנגעהעריקייט, פאַר געמיינזאַמער אַקציע.

### די פּלאַטפאָרמע פון לינקן פליגל אין 1918

טיפע אומצופרידנהייט מיט דער פירערשאַפט און מיט איר חנפהנען די גאָמפּערסיסטן, האָט געהערשט נאָך פון פריער אין די רייען פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. די אומצופרידנהייט האָט געטליעט נאָך אין 1912. צו אַ קלאָרן אויסדרוק איז זי געקומען אין 1914, ווען אַ גרופּע סאָציאַליסטישע טוער האָט איבערגענומען דעם זשורנאַל פאַר סאָציאַליסטישער קריטיק, די „אינטערנעשאָנאַל סאָשעליסט רעוויו". די גרופּע איז באַשטאַנען פון אַ געמישטן עלעמענט, ווי ראַדזשערס (איצט אַ טוער אין סאָוועטן־פאַרבאַנד), לואיס בודין, דער באַקאַנטער לאָיער, דר. יצחק אייזיק הורוויטש, לודוויג לאָרע. שפּעטער זיינען צוגעקומען די אינגערע טוער, ווי דזשאָן ריד, רוטענבערג, לואיס פריינא, א. א. וו.

דער אויסברוך פון דער מלחמה און די פאַרזוכן פון די סאָציאַליסטישע פירער צו כשרן דעם פאַראַט פון די שיידעמאַנס, אַדלערס און הענדערסאָנס האָבן נאַטירלעך געגעבן אַ שטאַרקן שטויס דער אויסבילדונג פון לינקע גרופּעס אין די וויכטיקסטע שטעט פון לאַנד. יעדע גרופּע האָט זיך אויסגעאַרבעט איר פּראָגראַם און לאָזונג. ערשט אין 1917, מיט דער מערהייט־רעזאָלוציע אויף דעם סט. לואיס צוזאַמענפאָר, ווערט געשאַפן אַ נאַציאָנאַלע פאַראייניקונג פון אַלע לינקע גרופּעס אין דער פּאַרטיי.

אין 1918 איז דער לינקער פליגל אַרויסגעקומען צום ערשטן מאָל מיט זיין פּלאַטפאָרמע, וואָס האָט געהייסן דער מאַניפעסט פון לינקן פליגל. דער מאַניפעסט האָט אונטערגעשטראָכן דעם רעפאָרמיסטישן כאַראַקטער פון דער פּאַרטיי־פירערשאַפט, וועלכע שפּייזט די אַרבעטער מיט פאַלשע אילוזיעס וועגן דער מעגלעכקייט פון אַ לאַנגזאַמען אָנוואַקסן פון סאָציאַליזם, ווען דער אַרבעטער־קלאַס וועט דורך דעם באַלאָט געווינען די מלוכה. דער מאַניפעסט האָט אָנגעוויזן, אַז נאָר דורך אומוואַרפן די קאַפּיטאַליסטישע מלוכה־געבײדע און אַרויפשטעלנדיק אויף אירע חורבות די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט וועט דער אַרבעטער־קלאַס בויען סאָציאַליזם. דער מאַניפעסט האָט ווייטער

געפאָדערט די בויאונג פון אינדוסטריעלע יוניאָנס, די אגיטאציע פאַר רעוואָלוציאָנערע יוניאָנס און א פּראָפּאגאנדע וואָס זאָל אויפקלערן די ארבעטער אז דער באַלאָט איז נאָר א מיטל פון קאמף און ניט קיין ציל פאַר זיך. דער מאַניפעסט האָט אויך געפאָדערט אן ענערגישן און אומקאָמפּראָמיסלעכן קאמף געגן דער אימפּעריאַליסטישער מלחמה.

ארום די דריי פונדאמענטאַלע פראַגן — די שטעלונג צו דער קאַפּיטאַליסטישער מלוכה און דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, די שטעלונג צו דער אימפּעריאַליסטישער מלחמה און די מיטלען פון קאמף געגן דער מלחמה און די אינטערנאַציאָנאַלע אָנגעהעריקייט פון דער אמעריקאַנישער פּאַרטיי — איז געוואַקסן פּאָליטיש און אָרגאַניזאַציאָנעל דער לינקער פליגל.

דער מאַניפעסט פון דעם לינקן פליגל איז געווען ווייט פון אַן אויסגעהאַלטענעם לעניניסטישן דאָקומענט. אין 1918 האָט נאָך געהערשט אין די רייען פון די לינקע א באַדייטנדיקע מאָס אומקלאָרקייט, וואָס האָט אויך אָנגעהאַלטן אין די ערשטע פאַר יאָר נאָך דער שפּאַלטונג. אזא אומקלאָרקייט איז געווען אומפאַרמיידלעך. באַזונדערס האָט זיך עס אויסגעדריקט אין א גרינגשעצונג פון באַלדיקע פאָדערונגען און פון ארבעט אין די א. פ. אָוו ל. יוניאָנס און אַנדערע ענלעכע ארבעטער־אָרגאַניזאַציעס. אין דער זעלבער צייט האָט דער מאַניפעסט גענומען א געזונטע שטעלונג געגן דער קאַפּיטאַליסטישער מלוכה, וואָס ווערט, לויט דער טעאָריע פון די הילקוויטס, אריינרייטן אין סאָציאַליזם נאָכדעם ווי דער ארבעטער־קלאַס וועט געווינען א מערהייט אין די וואַלן. דער מאַניפעסט זאָגט זיך ארויס פאַר דער סאָציאַלער רעוואָלוציע און דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט.

אין דער צווייטער פראַגע איז דער מאַניפעסט שאַרף ארויסגעטראָטן געגן דעם אָפענעם און באַהאַלטענעם סאָציאַל־שאָוויניזם וואָס האָט געהויבן זיין קאָפּ אין דער פּאַרטיי־פירערשאַפט. קיין אָפּשאַצונג פון די אורזאַכן און פון דער באַזע פאַרן סאָציאַל־שאָוויניזם האָט דער מאַניפעסט ניט געגעבן.*)

אין דער דריטער פראַגע האָט דער לינקער פליגל זיך געצויגן צו דער פּאָזיציע פון די רוסישע באָלשעוויקעס, וואָס זיינען דעמאָלט געווען די אָנפירער פון די לינקע אין צימערוואַלד. (צימערוואַלד איז געווען די שטאָט וואו דער לינקער פליגל פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען האָט צום ערשטן מאָל אין דער מלחמה אָפּגעהאַלטן אן אינטערנאַציאָנאַלע קאָנפערענץ. אין צימערוואַלד האָט זיך די קאָנפערענץ נאָכדעם צעטיילט. די לינקע, געפירט

*) אַלעקס ביטעלמאַן: פופצן יאָר פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, זייטן 10-12.

פון לענין, האָבן זיך אָפּגעריסן פון די צענטריסטן, וועלכע זיינען געפירט געוואָרן פון פריץ אדלער, מארטאָוו, אבראַמאָוויטש, א אַ. וו.)

דער מאַניפעסט האָט פאַרמאָגט אַ סך שוואַכקייט אין פאָרמולירן די שטעלונג צו די יוניאָנס. דער לינקער פליגל האָט געזוכט צו באַקעמפן דעם „ריינעם" טרייד־יוניאָניזם פון גאָמפּערס עט קאָמפּאַניע און די נייטראַליטעט־טעאָריע פון די הילקוויטס וואָס איז געווען אַ מאַנטל צו פאַרדעקן זייער האַרציקע מיטאַרבעטערשאַפט מיט גאָמפּערסן.

אַזאַ קאַמף פאָדערט די אַקטיווע באַטייליקונג פון לינקע אין די יוניאָנס פון דער א. פ. אָוו ל. אַנדערש קען קיין רייד ניט זיין פון דורכזעצן דאָרטן די נויטיקע ענדערונגען. אָבער דער מאַניפעסט האָט זיך באַנוגנט מיט דער אַלגעמיינער לאָזונג פון פּראָפּאַגאַנדע אין די עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציעס. דערביי איז די א. פּ. אָוו ל. אַפילו ניט דערמאָנט געוואָרן אין דער פּראָגראַם פון דעם מאַניפעסט, וואָס רעדט איבער דער שטעלונג צו די יוניאָנס און דער נויטווענדיקייט פון רעוואָלוציאָנערן אינדוסטריעלן יוניאָניזם.*)

די הילקוויטס זוכן אויסצומאַנעווורירן די לינקע

דער שנעלער וואוקס פון דעם לינקן פליגל און די אומצוופּלהאַפטע סמנים אַז די גרויסע מערהייט מיטגלידער אין דער פּאַרטיי שטייען מיט די לינקע, האָבן געטריבן די הילקוויטס און די אָניעלס אַנצוהייבן זיך פוצן אין ראַדיקאַלע פראַזן.

די הילקוויטס האָבן גענומען רעדן אַז דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל איז צוזאַמענגעבראָכן און אַז מען דאַרף קלערן פון אַ נייעם אינטערנאַציאָנאַל, וואָס זאָל אַריינעמען אַלע גוטע סאָציאַליסטישע עלעמענטן. דאָס איז געווען אַ צוג אויסצומאַנעווורירן אָנטיילצונעמען אין פאָרבאַרייטונגען וואָס האָבן געפירט צו דער גרינדונג פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל. זיי האָבן אויך ניט געזשאַלעוועט קיין וואַרעמע רייד פאַר דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע, כאָטש ביי זיך אין האַרצן איז עס זיי גאָרניט געפעלן. די באַגייסטערטע שטימונג וואָס די אָקטאָבער־רעוואָלוציע האָט אַרויסגערופן צווישן דער סאָציאַליסטישער רענק און פייל האָט געבראַכט אָפענע און פאַרהאַרטע־וועטע רעכטע אָפּאָרטוניסטן זיך צו לאָזן מיטן שטראָם פון לויב־געזאַנג פאַר דעם באָלשעוויסטישן זיג.

*) א. ביטעלמאַן, זעלבע בראָשור, זייט 19.

א שטעכיקער באַריכט אין דער סאָציאַליסטישער „קאָל" איבער דער סאָציאַליסטישער מעיאָר־קאַמפּאַניע אין שיקאַגאָ גיט א באַגריף וועגן די פּייערדיקע געפילן פון די סאָציאַליסטן צום לאַנד פון דער סאָציאַלער רעוואָ־לוציע.

„אַכט טויזנט סאָציאַליסטן האָבן געשריען ביז הייזעריקייט אין קאָלי-סעאום היינט נאָכמיטאָג יעדעס מאָל ווען דאָס וואָרט באָלשעוויקעס איז דער-מאָנט געוואָרן. די געלעגנהייט איז געווען דער אָנהויב פון דער מעיאָר וואַל-קאַמפּאַניע. קייט ריטשאַרד אָהעיר און עלאַ ריוו בלור זיינען געווען די הויפּט-רעדנער.

„דזשאַן קאָלינס, מעיאָר-קאַנדידאַט, האָט דער ערשטער אַרויסגערופן דעם שטורעם ווען ער האָט צופעליק דערמאָנט דעם נאָמען רוסישע באָלשעוויקעס. פון יענעם מאָמענט אָן האָט עס אויסגעזען ווי דער גרויסער אַרבעטער-עולם איז מער פאַראינטערעסירט מיט איצטיקע געשעענישן אין סיביר ווי מיט דער שטאָטישער וואַל-פּלאַטפאָרמע, געלייענט פון סאָציאַליסטישן מעיאָר-קאַנדידאַט." (נ. פיין, פאַרמער ענד לייבאָר פּאַרטיס, זייטן 328-329.)

דאָס איז געווען די שטימונג פון די סאָציאַליסטן פאַר דער באָלשע־וויסטישער רעוואָלוציע. און ניט נאָר צווישן אָרגאַניזירטע סאָציאַליסטן. דער פאָרוווערטס מיט זיין געוויינלעכער לאַנגער נאָז פאַר געשעפט און שטימונג האָט אָנגעהאַלטן א פריינטלעכע פּאָליטיק צו דעם באָלשעוויסטישן לאַנד, שוין דעמאָלט ווען ער האָט באַקעמפט די היגע קאָמוניסטן.

כמעט דריי יאָר נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע האָט אב. קאהאַן גע־שריבן אין „קאָל", אַז די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע, כאָטש זי פאַרמאָגט פעלערן, איז דער „טייערסטער דימענט וואָס די ציוויליזירטע מענטשהייט פאַרמאָגט." (נ. פיין, זעלבער בוך.)

פון דער צווייטער זייט, אין דער פּראַקטיק זיינען די הילקוויטס און קאהאַנס געגאַנגען סיסטעמאַטיש אין דער ריכטונג פון קאָמפּראָמיסלעריי. דער לינקער פליגל איז געווען געגן דער פּאַציפיסטישער קאַמפּאַניע וואָס הילקוויט האָט געפירט אין די מעיאָר-וואַלן פון ניו יאָרק אין 1917. די לינקע זיינען געווען אויפגעבראַכט אויף דער אויפפירונג פון די סאָציאַליסטישע אַסעמבלי־לייט אין אָלבאַני, וואָס זיינען גרייט געווען זיך אָפּצוזאָגן אינגאַנצן פון קלאַסן־קאַמף אַבי אויפצוהאַלטן זייערע עמטער אין דער שטאַט־לעגיסלאַטור.

מיר האָבן שוין דערמאָנט, אַז די גרויסע מערהייט פון דער פּאַרטיי איז געווען געגן דער אָפּאָרטוניסטישער פּאָליטיק פון די הילקוויטס און בערגערס. דאָס גרויסע ליכט פון דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע איז געווען דער

וויכטיקסטער פאַקטאָר וואָס האָט געשאַפן שטימונג און סימפּאַטיע פאַר דעם לינקן פליגל. די וואַלן פאַר פאַרשיידענע פאַרטיי־אַמטן אין 1918 און אָנהויב 1919 האָבן אָפּגעשפּיגלט די אינערלעכע לאַגע אין דער פאַרטיי.

## פאַרטיי־פירער פירן דורך מאַסן־אויסשליסונגען

די גרויסע מערהייט פאַרטיי־מיטגלידער זיינען געווען ביטער אַנטוישט אין דער פּאָליטיק פון די בערגערס און הילקוויטס. אין די וואַלן פאַר דעם אינטערנאַציאָנאַלן דעלעגאַט פון דער פאַרטיי האָט דזשאָן ריד, קאַנדידאַט פון דעם לינקן פליגל, געצויגן 17,235 שטימען געגן בערגערס 4,871 שטימען, און ריד איז דעמאָלט געווען אַ יונגער בחור און נאָך ניט אַזוי שטאַרק באַוואוסט. קייט ריטשארד אָהעיר, וועלכע האָט געקראָגן די שטיצע פון דעם לינקן פליגל, האָט אין די וואַלן פאַר דעם אַמט פון אינטערנאַציאָנאַלן סעקרעטאַר פון דער פאַרטיי געשלאָגן מאָרים הילקוויטן מיט 13,262 געגן הילקוויטס 4,775 שטימען. מען קען מיט זיכערקייט זאָגן, אַז צווישן 75 און 80 פּראָצענט פון דער פאַרטיי־מיטגלידערשאַפט איז געשטאַנען אָדער סימפּאַטיזירט מיט די לינקע.

די רעכטע פירער האָבן געזען אַז די רענק און פייל איז געגן זיי. דאָס האָט זיי ניט באַווענט צו רעזיגנירן און אָפּצוטרעטן פאַר דעם ווילן פון דער מערהייט. כאָטש די בערגערס און די הילקוויטס האַלטן זיך פאַר פייערדיקע אָנהענגער פון דעם דעמאָקראַטישן פּרינציפּ אַז די מערהייט הערשט, האָבן זיי דאָך אָנגענומען זייערע אייגענע, אומגעזעצלעכע מיטלען, אַז די מינדערהייט זאָל בלייבן אין מאַכט אין דער פאַרטיי. די וואַלן פאַר נאַציאָנאַלע באַאַמטע זיינען דערקלערט געוואָרן פאַר ניט גילטיק. וויכטיקע און גרויסע שפּראַך־פעדעראַציעס פון דער פאַרטיי, ווי די רוסישע, פּוילישע, אוקראַינישע, דרום־סלאַווישע, ליטווינישע און לעטישע זיינען אויפגעלייזט געוואָרן. די גאַנצע פאַרטיי־אָרגאַניזאַציע אין מישיגען איז אויפגעלייזט געוואָרן, שפּעטער זיינען אויך אויפגעלייזט געוואָרן די אָרגאַניזאַציעס אין מאַסאַטשוזעטס און אָהייאָ. אַרום 60 טויזנט מיטגלידער, די מערהייט, זיינען געשטעלט געוואָרן אויסער דער פאַרטיי. נאָך אַזאַ באַוואָרעניש האָבן די רעכטע פירער איינבארופן אַ ספּעציעלן צוזאַמענפאָר פאַר דעם 30סטן אויגוסט אין שיקאַגאָ.

די טוער פון דעם לינקן פליגל האָבן איינבארופן אַ קאָנפערענץ פאַר דעם 21סטן יוני אין ניו יאָרק צו באַטראַכטן די געשאַפענע לאַגע. 94 דעלעגאַטן זיינען אָנוועזנד געווען. אויף דער קאָנפערענץ איז געווען אַ מיינונג־

אונטערשייד ווענן די באַלדיקע שריט. אַ טייל דעלעגאַטן האָבן געוואָלט גלייך אויפן פּלאַץ גרינדן די קאָמוניסטישע פּאַרטיי. די מערהייט אָבער איז באַשטאַנען אויף דעם אַז דער לינקער פליגל זאָל אַנטיילנעמען אין דעם ספּעציעלן צוזאַמענפאָר אין שיקאַגאָ און דאָרטן קעמפן פאַר אַ קאָמוניס־טישער פּראָגראַם. די אָפּשטימונג איז געווען 55 קעגן 38. די מינדערהייט, וואָס איז באַשטאַנען גרעסטנטיילס פון טוער אין די שפּראַך־פעדעראַציעס און פון דער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע אין מישיגען, האָט אַרויסגעלאָזט אַ רוף פאַר אַ צוזאַמענפאָר דעם ערשטן סעפּטעמבער צו גרינדן די קאָמוניסטישע פּאַרטיי.

אין שיקאַגאָ האָבן די רעכטע פירער גוט זיך באַוואָרנט. די דעלעגאַטן פון לינקן פליגל זיינען דערקלערט געוואָרן אויסער דעם צוזאַמענפאָר און ווען זיי האָבן ניט געוואָלט פאַרלאָזן דעם זאַל, האָבן די רעכטע גערופן פּאָליציי. די אויסגעשלאָסענע דעלעגאַטן האָבן זיך פאַרזאַמלט אין אַ צווייטן זאַל און אויף מאָרגן איז געגרינדעט געוואָרן די קאָמוניסטישע אַרבעטער־פּאַרטיי פון די פאַראייניקטע שטאַטן. די מינדערהייט וואָס האָט פאַרלאָזט די קאָנפערענץ פון לינקן פליגל האָט דעם ערשטן סעפּטעמבער געגרינדעט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי פון די פאַראייניקטע שטאַטן.

די הילקוויטס, בערגערס, אַלדזשערנאָן ליס און אַנילס האָבן באַגריפן אויסגעצייכנט, אַז זיי זיינען ניט זיכער אַפילו מיט דער קליינער מערהייט וואָס איז פאַרבליבן אין דער פּאַרטיי, אַזוי פאַרשפּרייט איז געווען די ביטערע געגנערשאַפט צום סאָציאַל־שאָוויניזם פון די פירער פון צווייטן אינטער־נאַציאָנאַל און אַזוי איינגעוואָרצלט איז געווען די טיפע סימפּאַטיע צו דער סאָוועטישער רעפּובליק. צווישן די מיטגלידער וואָס זיינען ניט מיטגעגאַנגען מיט די לינקע זיינען געווען אַ סך וואָס האָבן נאָך ניט פאַרלאָרן די האָפענונג איבערצובויען די פּאַרטיי פון אינעווייניק. הילקוויטס גלאַטע רייד און גע־שיקטע מעטאָדן האָבן געהאָלפן אויפצוהאַלטן אָט־די אילוזיעס, אַז די פּאַרטיי קען פאַרוואַנדלט ווערן אין אַן אינסטרומענט פון קלאַסנקאַמף.

גלייך נאָכדעם ווי די לינקע זיינען אַרויסגעשטויסן געוואָרן פון דער קאָנווענשאָן מיט דער הילף פון פּאָליציי, האָט די פירערשאַפט אָנגענומען אַ מאַניפעסט אָנגעפּיקעוועט מיט רעוואָלוציאָנערע פראַזן. דער מאַניפעסט האָט זיך געלייענט טיילווייז:

„אויך אין די פאַראייניקטע שטאַטן מערן זיך שנעל די סימפּטאָמען פון אַ רעוואָלט אין די רייען פון די אַרבעטער-מאַסן. די פאַרשפּרייטע און לאַנגע סטרייקס פאַר בעסערע אַרבעט-באַדינגונגען, די פאָדערונג פון צוויי מיליאָן

באַן-אַרבעטער צו קאָנטראָלירן זייער אינדוסטריע, די פֿלוצלונגדיקע גרינדונגען פֿון לייבאָר-פּאַרטייען און אָפּאָזיציע, כאָטש ניט פֿון אַ פֿונדאַמענטאַלן כאַראַקטער, צו די פּאָליטישע פּאַרטייען פֿון באַזיצנדיקן קלאַס, זיינען צוזאַגנדיקע אָנווייזונגען פֿון אַ באַשטימטער טענדענץ צווישן דער אַמעריקאַנישער אַרבעטערשאַפֿט זיך אָפּצורייסן פֿון איר רעאַקציאָנערער און פּרוכטלאָזער פֿירערשאַפֿט און זיך אָנצושליסן אין דער גרויסער באַפֿרייאונג-באַוועגונג פֿון די מער-פּראָגרעסיווע, רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער פֿון דער וועלט.

„באַגרייפֿנדיק אַז די לאַגע אין לאַנד און אין אויסלאַנד האַלט ביים איבערברוך-פּונקט, שטעלט זיך די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אין איר ערשטן צוזאַמענפֿאָר נאָך דער מלחמה פֿולשטענדיק אויף דער פּאָזיציע פֿון דעם אומקאָמפּראָמיסלעכן טייל פֿון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. מיר ווייזן צוריק אָן רעזערוואַציעס די פּאָליטיק פֿון די סאָציאַליסטן וואָס האָבן געשטיצט זייערע קריג-פֿירנדיקע לענדער אונטערן אויסרייד פֿון ‚נאַציאָנאַלער פּאַרטיידיקונג‘ און וועלכע האָבן געשלאָסן דעמאָראַליזירנדיקע אָפּמאַכן אויפֿצוהאַלטן דעם אַזוי-גערופֿענעם בירגער-פֿרידן מיט די אַרבעטער-עקספּלואַטאַטאָרן אין פֿאַרלויף פֿון קריג און פֿאָרגעזעצט דעם פּאָליטישן בונד מיט זיי נאָכן קריג.

„מיר, די אָרגאַניזירטע סאָציאַליסטן פֿון אַמעריקע, פֿאַרשפּרעכן אונזער שטיצע צו די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער פֿון רוסלאַנד אין דער אויפֿהאַלטונג פֿון זייער סאָוועט-רעגירונג, צו די ראַדיקאַלע סאָציאַליסטן אין דייטשלאַנד, עסטרייך, אונגאַרן אין זייערע באַמיאונגען אויפֿצושטעלן די הערשאַפֿט פֿון אַרבעטער-קלאַס אין זייערע לענדער. . . . אַריבערצוגעווינען די אַמעריקאַנישע אַרבעטער פֿון זייער אומווירקזאַמער און דעמאָראַליזירנדיקער פֿירערשאַפֿט, אויפֿצוקלערן זיי צו באַגרייפֿן זייערע קלאַסן-אינטערעסן און צו טרענירן און העלפֿן זיי זיך צו אָרגאַניזירן פּאָליטיש און אינדוסטריעל אויף קלאַסן-ליניעס כדי צו פֿאַרזיכערן זייער באַפֿרייאונג — דאָס איז די העכסטע אויפֿגאַבע וואָס שטייט פֿאַר דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי פֿון אַמעריקע.״

(אַמעריקאַן לייבאָר יאָיר-בוק, 1923-24.)

דער מאַניפֿעסט האָט זיך געענדיקט: „זאָל לעבן די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע!״ אָבער אין זעלבן יאָר האָט די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי געשיקט דעלעגאַטן ניט אין מאָסקווע צו דער גרינדונג פֿון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל, נאָר אין בערן, צו העלפֿן אויפֿלעבן דעם באַנקראָטירטן צווייטן סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל.

אַ יאָר שפּעטער, אין די וואַלן פֿון 1920, האָט די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי-פֿירערשאַפֿט אַ קערעווע געטאָן דעם פּאָליטישן דישעל. אין דער וואַל-פּלאַטפֿאָרמע שטייט אויסדריקלעך, „אַז די פּאַרטיי שטרעבט דורך פּאָליטישע מעטאָדן, דורך דעם וואַל-באַלאָט צו צווינגען די דורכפֿירונגען פֿון אַזעלכע געזעצן . . . איר ציל איז צו געווינען אַ מערהייט אין קאָנגרעס און

אין יעדער לעגיסלאַטור, צו ווערן די קאָנטראָלירנדיקע פּאַרטיי און ווען אין רעגירונג איבערגעבן צום באַזיץ פון פאָלק אַלע אינדוסטריעס . . .״*) אין אַנדערע ווערטער, די זעלבע וואַל־קאַמפּאַניע פּאַרטיי וואָס פריער.

דער אָפּפלוס פון דער רעוואָלוציאָנערער כוואַליע אין איראָפּע און די רעאַקציע פון דעם נאָך־מלחמה פּעריאָד אין אַמעריקע זיינען געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם שנעלן קער צוריק פון די ס. פּ. פירער. אַ יאָר שפּעטער האָבן זיי געמאַכט אַ גרעסערן צוריקטרעט אין זייער הייסן באַגער זיך צו באַוואָרענען אַז זיי וועלן ניט אויסגעשלאָסן ווערן פון פּאָליטישע אַמטן, ווען זיי ווערן דערוויילט. דער גאַנצער פּאַראַגראַף וואָס רעדט פון קלאַסנקאַמף איז אַרויסגענומען געוואָרן פון דער פּאַרטיי־קאָנסטיטוציע.

## די גרינדונג פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל

נאָך מיט אַ האַלב יאָר פריער איידער די קאָמוניסטישע באַוועגונג אין אַמעריקע איז אָפיציעל באַשאַפן געוואָרן, איז אין מאָסקווע אָפּגעהאַלטן געוואָרן דער ערשטער קאָנגרעס פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל, וואָס האָט איבערגענומען די רעוואָלוציאָנערע ירושה פון ערשטן סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל, געגרינדעט פון מאַרקס און ענגעלס.

לויט דער איניציאַטיווע פון דער רוסישער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי און פון דער דייטשער ספּאַרטאַקוס־גרופּע איז אין מאָסקווע איינבארופן געוואָרן אויף מערץ דעם 26סטן אַ קאָנגרעס פון פאָרשטייער פון אַלע רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער־פּאַרטייען און גרופּעס. דער קאָנגרעס האָט געלייגט דעם פונדאַמענט פאַר דעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל.

דער מאַניפעסט פון ערשטן קאָנגרעס פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל איז געווען אַ פלאַמיקער רוף צו די אַרבעטער פון דער גאַנצער וועלט:

„מיר קאָמוניסטן, פאַרטרעטער פון דעם רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט פון די פאַרשיידענע לענדער אין איראָפּע, אַזיע און אַמעריקע, פילן און באַטראַכטן זיך ווי די אָנהענגער און דורכפירער פון דער פּראָגראַם וואָס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן מיט זיבעציק יאָר צוריק (די פּראָגראַם פון דעם קאָמוניסטישן מאַניפעסט אין 1848.—מ. ע.). אונזער איצטיקע אויפגאַבע איז אונטערצופירן אַ סך־הכל פון דער פּראַקטישער רעוואָלוציאָנערער דערפאַרונג פון דעם אַרבעטער-קלאַס, אויסצורייניקן די באַוועגונג פון דעם

---

*) סאָשעליסט פּאַרטי, ע׳ פּאָליטיקעל גאַיד, 1920, ציטירט פון אַנטאָני בימבאָ, זייט 283.

געמיש פון אפּאָרטוניזם און סאָציאַל-פּאַטריאָטיזם, פּאַראייניקן אַלע כוחות פון די עכטע רעוואָלוציאָנערע פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען און דערמיט פּאַר-שנעלערן דעם ענדגילטיקן זיג פון דער קאָמוניסטישער רעוואָלוציע.

„פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער! אין קריג געגן אימפּעריאַליסטישער באַרבאַריי, געגן מאָנאַרכיע, געגן די פּריווילעגירטע קלאַסן, געגן דער בור-זשואַזער מלוכה און בורזשואַזן אייגנטום, געגן אַלע פאָרמען פון סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג — פּאַראייניקט זיך!

„אונטער דער פאָן פון אַרבעטער-סאָוועטן, אונטער דער פאָן פון דעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל, אין דעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף פאַר מאַכט פון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור, פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער פּאַראייניקט זיך!”

מיר האָבן געבראַכט די ערשטע און לעצטע פּאַראַגראַפן פון דעם רוף ווי אַ מוסטער פון רעוואָלוציאָנערער ענערגיע און מיליטאַנטישער גרייטקייט צו פירן דעם אַרבעטער־קלאַס אין קאַמף פאַר זיין ענדגילטיקער באַפרייאונג.

דער רוף פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל האָט אָפּגעקלונגען איבער דער גאַנצער וועלט. אומעטום וואו עס געפינען זיך אַרבעטער און אונטער־דריקטע מאַסן זיינען באַשאַפן געוואָרן קאָמוניסטישע פּאַרטייען. אין אייניקע לענדער, ווי פראַנקרייך און די פאַראייניקטע שטאַטן, איז די מערהייט פון די אַלטע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אריבער צום קאָמוניזם. צום ערשטן מאָל זיינען פאַראייניקט געוואָרן אַלע אַרבעטער און אונטערדריקטע האָרעפּאַש־ניקעס, אָן אויסנאַם פון קאָליר און ראַסע. דער צווייטער סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָנאַל איז געווען אין גרונט גענומען די אָרגאַניזאַציע פון דעם ווייסן אַרבעטער און אויך הויפּטזאַכלעך פון דעם קוואַליפיצירטן. דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין זיינע לעצטע יאָרן אין אַ הילף פון די ווייסע אימפּעריאַליסטן. זיינע פּאַרטייען האָבן אַ פינגער ניט אויפגעהויבן ווען זייער בורזשואַזיע האָט פאַרכאַפּט, עקספּלואַטירט און אונטערדריקט די „אָפּגעשטאַנענע”, געלע, טונקעלע און שוואַרצע ראַסן. ניט די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטן, ניט די פראַנצויזישע און ניט די בריטישע פירער האָבן זיך געשטעלט געגן די פינצטערע מעשים וואָס זייערע אימפּעריאַליסטן זיינען באַגאַנגען אין אַפריקע און אין אַזיע. פון גיין אין די לענדער פון אַפריקע און אַזיע צו אָרגאַניזירן און אויפקלערן די טונקעלע, שוואַרצע און געל־הויטיקע אַרבעטער, איז דאָך אָפּגערעדט.

ערשט אין דעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל האָבן די מאַסן אין די קאָלאָניאַלע און האַלב־קאָלאָניאַלע לענדער געפונען די באַוועגונג וואָס האָט ערנסט און אויפריכטיק געקעמפט פאַר זיי ווי פאַר די ווייסע אַרבעטער. די אַרבעטער־באַוועגונג אין די לענדער וואָס זיינען אונטערדריקט פון די אימ־

פּעריאַליסטן האָט זיך באַלד געשטעלט אין די רייען פון דעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל.

אין די אייראָפּייאישע לענדער האָבן די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פירער, מיט דער דערפאַרונג וואָס זיי האָבן געלערנט פון דעם דורכפאַל פון די מענשעוויקעס און סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן, געענדערט זייער טאַקטיק. מיט אַ רויך־וואַנט פון ראַדיקאַלע רייד וועגן סאָציאַליזם, וואָס וועט באַלד שטיקלעכווייז אַריינגעפירט ווערן אין לעבן, מיט דעמאַגאָגישע פראַזן וועגן אַרבעטער־רעפּובליק, ווי דער פאַל איז געווען אין דייטשלאַנד און עסטרייך, און מיט קליינע קאָנצעסיעס פאַר די געשולטע אַרבעטער-גרופּעס האָבן זיי געשפּאָלטן דעם אַרבעטער־קלאַס אין דער היסטאָרישער וויכטיקער שטונדע, ווען די בורזשואַזיע איז געווען גוואַלדיק אָפּגעשוואַכט און דעמאָראַליזירט. נאָך מער, די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פירער אין דייטשלאַנד האָבן געזאַמלט אַרום זיך די רעשטן פון די יונקערס וואָס זיינען דעמאָביליזירט געוואָרן נאָך דער מלחמה, און פון זיי אָרגאַניזירט דעם רייכסווער (די אַרמיי), וואָס האָט מיט בלוט־פאַרגיסונגען אונטערדריקט אַלע אַרבעטער־אויפשטאַנדן אין רור און אין דרום־דייטשלאַנד. דאָס האָבן די אָפיצירן פון דעם רייכסווער אויפן וואונק פון די נאָסקעס און שיידעמאַנס דערמאָרדעט די פירער פון דעם ספּאַרטאַק־בונד, קאַרל ליבקנעכט און ראָזע לוקסעמבורג, און דערמיט באַרויבט די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער פון זייערע פירער.

דער פּראָצעס פון אויסבילדן אַ קאָמוניסטישע פּאַרטיי אין אַמעריקע

די גרינדונג פון צוויי קאָמוניסטישע פּאַרטייען פון זעלבן לינקן פליגל דאַרף באַטראַכט ווערן אין דעם ליכט פון דעם גאַנצן צושטאַנד וואָס האָט געהערשט אין דער אַרבעטער־באַוועגונג אין די פאַראייניקטע שטאַטן, און אין דער אַלוועלטלעכער קאָמוניסטישער באַוועגונג.

1919, 1920 און 1921 זיינען געווען יאָרן פון אויסשיילן, אָפּזונדערן און צונויפקלייבן די רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן אין די רעכטע פּאַרטייען און צענטריסטישע גרופּעס אין דער אַרבעטער־באַוועגונג. דער פּראָצעס איז ניט געווען קיין גרינגער. אויף אַ סך לינקע איז נאָך שווער געהאַנגען די ירושה פון סאָציאַל־דעמאָקראַטישע באַגריפן און טראַדיציעס. פון דער צווייטער זייט, און זייער אָפט אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם, זיינען צווישן אַ טייל לינקע אַנטשטאַנען סעקטאַנטישע נייגונגען וואָס האָבן זיך אויסגעדריקט אין פאַרזען די וויכטיקייט פון די טאָג־טעגלעכע קאַמף פון דעם אַרבעטער־קלאַס ווי אַ מיטל צו זיין רעוואָלוציאָניזירונג.

אין אמעריקע איז אויך צוגעקומען דער פאקט וואס אין דעם לינקן פליגל זיינען געווען עלעמענטן וואס האבן זיך ווייניק געקענט אייניקן מיט די אנדערע. צווישן א טייל לינקע, פון די פרעמד־שפראכיקע פעדעראציעס און די אמעריקאנישע, האט פון אנהויב געפעלט דער געגנזייטיקער צוטרוי און פארשטענדעניש וואס איז אזוי נויטיק ביי דער גרינדונג פון א נייער פארטיי. די אפגעפרעמדקייט האט געשטאמט פון דעם לויזן געבוי וואס האט געהערשט אין דער סאציאליסטישער פארטיי. יעדע שפראך־פעדעראציע איז געווען א וועלט פאר זיך, אן אייגענע קעניגרייך, פאליטיש און ארגאניזאציאנעל. די פארטיי האט אפילו ניט געהאט קיין אידעאלאגישן קאנטראל איבער די צייטונגען און זשורנאלן פון די פארשיידענע פעדעראציעס.

די שטרייטיקייטן פון די צוויי קאמוניסטישע פארטייען זיינען געווען ארום אבסטראקציעס, אלגעמיינע פארמולעס, און ניט ארום לעבעדיקע קאנקרעטע אויפגאבן פון קלאסן־קאמף. ארום די אויפגאבן האט ניט געהערשט קיין מיינונג־אונטערשייד. די עקזיסטענץ פון די שטרייטיקייטן איז גיכער געווען דער אויסדרוק פון דעם וואס לענין האט אזוי טרעפלעך פאראייביקט מיט דעם אויסדרוק: „לינקער קאמוניזם, א קינדער־קראנקהייט", אין זיין בריוו צו די דייטשע קאמוניסטן אין 1921.

ביידע קאמוניסטישע פארטייען האבן אונטערגעשטראכן זייער אנגעהעריקייט צום רעוואלוציאנערן קלאסן־קאמף און צום קאמוניסטישן אינטערנאציאנאל. ביידע האבן פון אנהויב פארזען די וויכטיקייט פון מאסן־ארבעט אין דער א. פ. אוו ל. ביידע האבן געטראכט פון גרינדן נייע, רעוואלוציאנערע יוניאנס. ביידע האבן א יאר שפעטער אויפגעגעבן דעם געדאנק פון פארלאזן די אלטע יוניאנס.

פאראנדלונגען צווישן די צוויי פארטייען האבן ניט געבראכט קיין פאראייניקונג. ביידע פארטייען האבן אפעלירט צום קאמוניסטישן אינטערנאציאנאל. עטוואס שפעטער האט די קאמוניסטישע ארבעטער־פארטיי צוזאמען מיט א גרופע וואס האט זיך אפגעריסן פון דער קאמוניסטישער פארטיי, אנגענומען דעם נאמען פאראייניקטע קאמוניסטישע פארטיי.

איר שטעלונג צו ארבעט אין די יוניאנס און אין מאסן־ארגאניזאציעס בכלל האט די קאמוניסטישע פארטיי אויסגעדריקט אין דער פאלגנדיקער רעזאלוציע:

„די פאראייניקטע קאמוניסטישע פארטיי באשטעטיקט די איצטיקע נויטווענדיקייט אז די מיליטאנטישע ארבעטער זאלן פארבלייבן מיט דער גרויסער מאסע ארגאניזירטע ארבעטער, אומאפהענגיק פון די דערקלערטע רעאקציאנערע

> צילן פון די יוניאָנס און מיט אַנטשלאָסענע און קאָאָרדינירטע כוחות שטעלן די יוניאָנס אויף אַ רעוואָלוציאָנערן קורס. די פאַראייניקטע קאָמוניסטישע פאַרטיי, סעקציע פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל, איז דער אינסטרומענט פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט אין די יוניאָנס.״

די שטעלונג, כאָטש ניט גענוג קלאָר פאָרמולירט, איז פונדאַמענטאַל אין לעניניסטישן גייסט.*) דאָס איז די ליניע פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג די גאַנצע צייט.

### פּאַלמערס איבערפאַלן; קאָמוניסטישע באַוועגונג אומלעגאַל

נאָך איידער די קאָמוניסטישע באַוועגונג האָט באַוויזן דורכצופירן די ערשטע עלעמענטאַרע שריט פון אָרגאַניזאַציע און פּראָפּאַגאַנדע, האָט די רעגירונג פון דעם גרויסן דעמאָקראַט וואודראָ ווילסאָן זיך אַ לאָז געטאָן מיט גרויסער ברוטאַליטעט אויסצוראָטן די קאָמוניסטן און דעם קאָמוניזם אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

נאָך געהיימע פאָרבאַרייטונגען זיינען די אַגענטן פון פעדעראַלן יוסטיץ־דעפּאַרטמענט באַפאַלן אין נאָוועמבער 1919 די היימען, פאַרזאַמלונגען און לאָקאַלן פון די קאָמוניסטן און סתם ראַדיקאַלע אַרבעטער. די איבערפאַלן האָבן אָנגעהאַלטן אין דעצמבער 1919 און יאַנואַר 1920.

די איבערפאַלן זיינען דורכגעפירט געוואָרן מיט איין מאָל אין אַ סך שטעט. צוזאַמען מיט טויזנטער קאָמוניסטישע אַרבעטער זיינען אויך אַרעסטירט געוואָרן באַקאַנטע אַנאַרכיסטן. די רעגירונג האָט געוואָלט וויזן אַז קאָמוניסטן און אַנאַרכיסטן זיינען איינס און דאָס זעלבע. אַלע זיינען זיי אַגענטן פון מאָסקווע און ברענגען אַהער אַן אימפּאָרטירטן, פאַרברעכערישן פּראָדוקט אויפצורייסן די רעגירונג און די אינסטיטוציעס פון די פאַראייניקטע שטאַטן.

די מאַסן איבערפאַלן און אַרעסטן זיינען אונטערגעטראָגן געוואָרן פון דער גאַנצער קאַפּיטאַליסטישער פּרעסע ווי די אויפדעקונג פון אַ שרעקלעכער

---

*) נאָך אין 1915 האָט לענין אין זיין ווענדונג צו דער „סאָשעליסט פּראָפּאַגאַנדאַ ליג״ וועגן די יוניאָנס, געראָטן „די סאַמע אַקטיווסטע באַטייליקונג פון אַלע פּאַרטיי-מיטגלידער אין די עקאָנאָמישע קאַמפן און אין אַלע טרייד-יוניאָנס און קאָאָפּעראַטיווע אָרגאַניזאַציעס פון די אַרבעטער״. דער לינקער פליגל און די קאָמוניסטישע באַוועגונג אין איר אַנטשטייאונג האָבן ניט געהאַלטן זיך בײַ לענינס ראָט. (ביטעלמאַן, זעלבער פּלאַץ, זייט 20.)

פארשווערונג פון די רויטע און פון די אנארכיסטן אונטערצוגראָבן די רעגירונג און אירע אינסטיטוציעס. נאטירלעך אז די אלע פארשווערער זיינען אויס־לענדער, און באזונדערס רוסן. א רוס מיט ווילדע אויגן און אומפארקעמטער באָרד איז געווען אין די צייטונגען דער אויסדרוק פון דעם שרעקלעכן אנאר־כיסטישן באָלשעוויזם. בילדער פון רוסן מיט ווילדע אויגן, אומפארקעמטע בערד און צעבראָסטעטע העמדער, זיינען געווען א גוטער מיטל צו שרעקן די נאאיווע בירגער.

די איבערפאלן זיינען דורכגעפירט געוואָרן מיט דער גוט־באקאנטער פּאָליציי־רציחה. די דרוקעריי פון דער רוסישער צייטונג „נאָווי מיר" איז צעשמעטערט געוואָרן. דאָס מעבל אין די לאָקאלן איז פארניכטעט געוואָרן. טויזנטער ארבעטער זיינען געהאלטן געוואָרן אין פּאָליציי־ארעסט און אין טורמעס אָן וועלכע ס'איז ספּעציעלע קלאָגעס. אין דעטרויט זיינען הונדערטער ארבעטער פארשפּארט געוואָרן אין שרעקלעך אומסאניטארישע באדינגונגען און אָן עסן. די ארעסטירטע האָבן געחלשט און די פעדעראלע דעטעקטיווס האָבן געלאַכט פון זיי. געניי וויפיל ארבעטער זיינען ארעסטירט געוואָרן ווייסט מען ניט. שפּעטער, ווען מיטשעל פּאלמער האָט עדות געזאָגט פאר דער סענאט אונטערזוכונג־קאָמיטע, האָט ער צוגעגעבן אז העכער צען טויזנט ארבעטער זיינען ארעסטירט געוואָרן. פון די צען טויזנט ארעסטירטע זיינען 1,119 געווען ניט־בירגער און זיי זיינען באשטימט געוואָרן פאר דעפּאָר־טאציע. 505 זיינען דעפּאָרטירט געוואָרן. פון זיי זיינען 295 דעפּאָרטירט געוואָרן מיט איין מאָל אין דעצעמבער אויף דער אלטער „מולטער", די בופאָרד, קיין סאָוועטן־פארבאנד. די „רויטע נח תיבה", ווי מען האָט די בופאָרד גערופן, האָט געמאַכט א רושם אין דער גאנצער וועלט. אין יענע צייטן האָט מען נאָך ניט געוואוסט פון אזעלכע זאכן אין אויסלאנד.

### דער צוועק פון די איבערפאלן און פארפאָלגונגען

דער צוועק פון די פּלוצלונגדיקע איבערפאלן אויף רויטע און אנארכיסטן איז געווען א פּאָרבארייטונג און א רויך־אטאקע פאר דער געפּלאנטער אָפענ־סיווע וואָס דער הערשנדיקער קלאַס האָט זיך געקליבן צו מאכן אויף דעם לעבנס־סטאנדארד פון דעם ארבעטער־קלאַס. די רעגירונג האָט באשלאָסן אראָפּצוראַמען פון וועג דעם קליינעם אָבער טיכטיקן, ענערגישן און רעוואָ־לוציאָנערן אוואנגארד פון דעם ארבעטער־קלאַס. א פּלוצלונגדיקע אטאקע אויף דער יונגער קאָמוניסטישער באוועגונג האָט ג'אדאַרפט פריי־מאכן דעם

וועג פאַר דעם אָפּען־שאַפּ, דעם פּלאַן פאַר לוין־רעדוצירונג וואָס די קאַפּי־טאַליסטן האָבן אָנגעהויבן עטוואָס שפּעטער. צו מאַכן די זאַך גרינגער פאַר דער עפנטלעכער מיינונג איז די אַטאַקע געפירט געוואָרן געגן אַנאַרכיסטן. געזוכט און געטראָפן האָט די רעגירונג די קאָמוניסטן.

אין דעם זעלבן יאָר זיינען אין די מערסטע שטאַטן אונטער דעם איינפלוס פון דער אַנטי־רויטער היסטעריע, וואָס די פּרעסע האָט געשפּרייט, איינגעפירט געוואָרן די אַזוי־גערופענע אַנטי־סינדיקאַליסטן געזעצן. פאַר יעדן אַרויס־טריט, מינדלעך אָדער שריפטלעך, געגן דער אַמעריקאַנישער רעגירונג, אירע אינסטיטוציעס, געזעצן און באַאַמטע איז געקומען אַ שטראָף ביז צען יאָר, און אין אַנדערע שטאַטן ביז צוואַנציק יאָר, טורמע. די איבערפאַלן, און באַזונדערס די אַנטי־סינדיקאַליסטישע געזעצן, האָבן פאַרטריבן די קאָמוניס־טישע באַוועגונג אונטער דער ערד.

די קאָמוניסטישע באַוועגונג האָט אין אַלגעמיין גוט דורכגעטראָגן די ברוטאַלע אַטאַקע. פאַרשטייט זיך, דער עלעמענט וואָס איז געווען שוואַך און ניט פאַראַנטוואָרטלעך, האָט זיך דערשראָקן און האָט איבערגעריסן מיט דער באַוועגונג. די דעמאָראַליזאַציע האָט אָבער ווייט ניט דערגרייכט. דער געזונטער פּראָלעטאַרישער עלעמענט איז פאַרבליבן און געזוכט אויפצוהאַלטן די באַוועגונג און אָנצוהאַלטן די פאַרבינדונגען מיט די מאַסן־אָרגאַניזאַציעס. די קאָמוניסטישע באַוועגונג איז אַוועק אונטער דער ערד, ניט מיטן גוטן ווילן, אָדער צו שפּילן זיך אין אומלעגאַלער אַרבעט. פאַרקערט, ביידע פאַר־טייען האָבן מיט אַלע כוחות געזוכט צו שאַפן אָפענע פאָרמען פון אָרגאַני־זאַציע, ניט צו ווערן אָפּגעזונדערט פון די ברייטע מאַסן. די „וואָירקערס פּאַרטי”, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן סוף דעצעמבער 1921, איז געווען דער אויסדרוק פון דער פעסטער שטרעבונג צו ברעכן די אומלעגאַליטעט און צו שטיין אין אַקטיווער פאַרבינדונג מיט די אַרבעטער־מאַסן אָנצופירן מיט זייערע קאַמפן. די אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע איז געווען דער איינציקער וועג אויפצוהאַלטן די קאַדרען געגן די אָנפאַלן פון דער רעגירונג און אירע אַגענטן. דער ענטפער פון די קאָמוניסטן צו די פאַרלוימדונגען פון די סאָציאַליסטן און אַנדערע קריטיקער, אַז זיי האָבן ליב זיך צו שפּילן אין רעוואָלוציעס און האַלטן דעריבער אויף קלייזלעך, איז געגעבן געוואָרן אין דער פאָלגנדיקער קרעפטיקער דערקלערונג, לייבאָר דעי, 1922:

„די קאָמוניסטן זיינען ניט קיין בייזוויליקע, געהיימע גרופּע קאָנ-ספּיראַטאָרן. אונזער ציל איז די באַפרייאונג פון אַרבעטער-קלאַס, די אָפּשאַפונג פון דער לוין-שקלאַפעריי, אַרבעטער-קלאַס קאָנטראָל איבער אינדוסטריע און

מלוכה-מאַכט קען דורכגעפירט ווערן נאָר ווען די גרויסע מאַסן אַרבעטער שטייען מיט אונז.

„אַרבעטער-הערשאַפט איז מעגלעך נאָר דעמאָלט, ווען די מיליאָנען אַר-בעטער שטיצן די קאָמוניסטישע פּראָגראַם. אַ נויטווענדיקער טייל פון דער קאָמוניסטישער פּראָגראַם איז צו איבערצייגן די מערהייט פון די אַרבעטער אין דער ריכטיקייט פון דעם קאָמוניסטישן אידעאַל.

„מיר פאַרמאָגן ניט קיין איין פּונקט אין דער קאָמוניסטישער פּראָגראַם וואָס מיר זוכן צו באַהאַלטן פון די מיליאָנען אַרבעטער. אין דער ערשטער קאָמוניסטישער פּראָגראַם וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן האָבן די גרינדער פון דעם וויסנשאַפטלעכן קאָמוניזם, מאַרקס און ענגעלס, לאַנג צוריק דער-קלערט: ‚די קאָמוניסטן האָסן צו באַהאַלטן זייערע צילן‘.

„מיר האָבן ניט קיין זאַך וואָס צו באַהאַלטן פון די אַרבעטער. מיר רופן נאָכאַמאָל צו די אַרבעטער צו באַטראַכטן די פאַרפאָלגונגען פון די קאָמוניסטן ווי אַ זאַך וואָס רירט אָן אַלע אַרבעטער.

„די קאָמוניסטן זיינען געשטעלט אויסערן געזעץ ווייל די קאַפּיטאַליסטן פּלאַנען צו שטעלן אויסער דעם געזעץ דעם גאַנצן אַרבעטער-קלאַס.“

די אומלעגאַלע לאַגע האָט פאַר אַ געוויסער צייט אָפּגעזונדערט די קאָמו־ניסטן פון ברייטער באַרירונג מיט די יוניאָנס און מיט אַנדערע מאַסן־אָרגאַני־זאַציעס. די לאַגע איז געוואָרן פיל בעסער מיט דער פאַראייניקונג פון די ביידע קאָמוניסטישע פּאַרטייען און מיט דער גרינדונג פון דער אָפענער אַרבעטער (וואָירקערס) פּאַרטיי.

### קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל העלפט די פאַראייניקונג

מיט דער אַקטיווער שטיצע און אָנפירונג פון דעם קאָמוניסטישן אינטער־נאַציאָנאַל איז פאַרגעקומען די פאַראייניקונג פון דער פאַראייניקטער קאָמו־ניסטישער פּאַרטיי און דער קאָמוניסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי. מאַי 1921 איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן די אייניקייט־קאָנווענשאָן. דער נאָמען איז פאַר־בליבן די קאָמוניסטישע פּאַרטיי פון אַמעריקע. נאָר אַ קליינע גרופּע איז גע־בליבן איינגעשפּאַרט און האָט זיך געהאַלטן אַ קורצע צייט אונטער דעם נאָמען „טאָילערס גרופּ“.

די פאַראייניקטע פּאַרטיי האָט אין אירע רעזאָלוציעס קלאָר געמאַכט די טאַקטיק פון אַרבעטן אין די יוניאָנס און אין די מאַסן־אָרגאַניזאַציעס. זי האָט אויך קלאָר אונטערשטראָכן אַז די פּאַרטיי איז ניט בלויז אַ פּראָפּאַגאַנדע־באַוועגונג, וואָס אַגיטירט צווישן די אַרבעטער פאַר דער נויטווענדיקייט פון

א סאציאלער רעוואלוציע און דער דיקטאטור פון פראלעטאריאט, נאר אז די פארטיי וועט אקטיוו אנטיילנעמען און אנפירן מיט די קאמפן פון די אר־בעטער פאר זייערע טאג־טעגלעכע נויטן מיט זייער ווידערשטאנד געגן די קאפיטאליסטישע אנגריפן.

די קאמוניסטישע פארטיי איז שוין דעמאלט ווייט געווען פון די פריער־דיקע סעקטאנטישע טענדענצן און האט פארשטאנען — ווייניקסטנס טעא־רעטיש — די נויטווענדיקייט פון בויערן פון אינעווייניק אין דער אפיציעלער ארבעטער־באוועגונג. די רעזאלוציע וואס מיר ברענגען אונטן שפיגלט אפ די אויפגאבן וואס די פארטיי האט קלאר געשטעלט פאר זיך:

„די קאמוניסטישע פארטיי פארדאמט די פאליטיק פון רעוואלוציאנערע עלעמענטן וועלכע פארלאזן די עקזיסטירנדיקע יוניאנס. די עלעמענטן דארפן פארבלייבן מיט די גרויסע מאסן ארגאניזירטע ארבעטער. די קאמוניסטן דארפן נעמען א גרויסע און אנפירנדיקע ראל אין די טעגלעכע קאמפן פון די יוניאנס. זיי מוזן אנפירן אן אומברחמנותדיקן און אומקאמפראמיסלעכן קאמף געגן די סאציאל-פאטריאטן און די רעפארמיסטישע פירער, קריטיקירן זיי, ארויסשטעלן זיי אין זייער אמתן ליכט און פארטרייבן זיי פון מאכט. די קאמוניסטישע פארטיי וועט אנטוויקלען פון אירע רייען די אנטשלאסנסטע קעמפער אין דער ארבעטער-באוועגונג וועלכע וועלן מיט קוראזש, אפער-וויליקייט און קלאסנבאוואוסטזיין אנצינדן די מאסן מיט דעם גייסט פון אנטשלאסענעם קאמף און וועלן זיי אריבערגעווינען פאר דער פראלעטארישער רעוואלוציע. דאס איז דער איינציקער וועג וואס קען פארהיטן די פאנאנדער-פאלונג פון די יוניאנס, ארויסזעצן די רעאקציאנערע פירער פון קאנטראל, פארניכטן די ביוראקראטישע מאשין און פארבייטן איר מיט דעם אפאראט פון שאפ-דעלעגאטן און אויסברייטערן דעם פארנעם פון די יוניאנס און זיי פארוואנדלען לאנגזאם אין אינדוסטריעלע יוניאנס.

„האבנדיק אין זינען די נויטווענדיקייט פון די ענגסטע באציאונגען, וואס די קאמוניסטן דארפן אנהאלטן מיט די ארבעטער וועלכע האבן נאך ניט דערגרייכט דעם רעוואלוציאנערן באוואוסטזיין, און האבנדיק אין זינען די אנגעשטרענגטקייט פון דעם קאמף, וואס פאדערט די ענגסטע אייניקייט און סאלידאריטעט פון די ארבעטער אויף דעם עקאנאמישן פעלד, וועלן די קאמוניסטן ניט העלפן די קינסטלעכע צעטיילונג אין דער ארבעטער-באוועגונג און וועלן ניט באוואוסטזיניק שטרעבן צו ברענגען עס. פארקערט, די קאמו-ניסטן וועלן מוזן אנווענדן אלע מיטלען, מיטן אויסנאם פון אויפגעבן די רעוואלוציאנערע אויפגאבע אין די יוניאנס, און אנווענדן סטראטעגיע ניט צו געבן די רעאקציאנערע פירער אן אויסרייד זיי אויסצושליסן.” („קאמו-ניסט”, יולי 1921, ציטירט פון אנטאני בימבאס בוך.)

די רעזאָלוציע איז אַ קאַטעגאָרישע אַפּלייקענונג פון די פּאַרלוימדונגען פון די רעאַקציאָנערע יוניאָן־פירער און פון די סאָציאַליסטן, אַז די קאָמוניסטן זיינען געקומען אין די יוניאָנס מיט דעם באַוואוסטזיניקן פּלאַן צו שפּאַלטן און ברעכן די עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציע פון דעם אַרבעטער־קלאַס. די רעזאָלוציע, אָנגענומען אין 1921, שטעלט דעם טראָפּ אויף דער נויטווענדיקייט צו אַרבעטן אין די יוניאָנס, צו זיין אַקטיוו אין די טעגלעכע קאַמפּן און, פאַרשטייט זיך, אומברחמנותדיק צו באַקעמפן די רעאַקציאָנערע יוניאָן־פירער, וועמענס פּאָליטיק איז שעדלעך פאַר די אַרבעטער. די רעזאָלוציע דערמאָנט ווי אַן אינסטרוקציע, אַז מיטן אויסנאַם פון אויפגעבן די רעוואָלוציאָנערע אויפגאַבע אין די יוניאָנס, די אויפגאַבע צו פאַרוואַנדלען די יוניאָנס אין ווירקזאַמע אינסטרומענטן פאַר די אינטערעסן פונם אַרבעטער־קלאַס, זאָלן די קאָמוניסטן אָנווענדן סטראַטעגישע צוגן ניט צו געבן די רעאַקציאָנערע פירער אַן אויסרייד זיי אויסצושליסן.

אָט־די פונדאַמענטאַלע ליניע האָבן די קאָמוניסטישע פּאַרטיי און דער לינקער פליגל אָנגעהאַלטן אונטער די שווערע אַטאַקעס און פּראָוואָקאַציעס פון די רעאַקציאָנערע יוניאָן־פירער. נאָר ווען אין געוויסע יוניאָנס איז דער־גאַנגען צו מאַסן־אויסשליסונגען פון די מיטגלידער און מאַסן־„רעאָרגאַני־זאַציעס" פון לאָקאַלן, אָדער אין פאַכן און אינדוסטריעס וואו די אַרבעטער זיינען געווען אינגאַנצן אומאָרגאַניזירט, האָבן קאָמוניסטן און לינקע אַר־בעטער געגרינדעט אינדוסטריעלע יוניאָנס. דאָס האָט פּאַסירט ערשט סוף יאָר 1928.

### סאָציאַליסטישע פּאַרטיי הערט אויף צו זיין אַ פאַקטאָר אין קלאַסן־קאַמף

אויף דער אייניקייט־קאָנווענשאָן פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג איז באַריכטעט געוואָרן אַ מיטגלידערשאַפט פון אַרום 12,000 גוט־שטייענדיקע מיטגלידער. אַ טאַבעלע פון דער מיטגלידערשאַפט פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי גיט אַ באַגריף פון דעם שנעלן און גרינטלעכן באַרג־אַראָפּ פּראָצעס פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג נאָך דער שפּאַלטונג פון דעם לינקן פליגל. (די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי פאַרמאָגט אויף די ביכער אַ סך מיטגלידער וואָס זיינען פאַקטיש אויסערהאַלב דער פּאַרטיי.)

די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט ניט בלויז פּאַרלוירן אַרום אַכט־צענטל פון אירע מיטגלידער נאָר זי איז פאַרשוואונדן ווי אַ פּאַקטאָר אין אַרבעטער־קאַמף. נאָך דורך אירע יוניאָן־באַאַמטע אין די נאָדל־פאַכן און אין געוויסע בוי־פאַך יוניאָנס איז די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי געבליבן עקזיסטירן אין די יוניאָנס אין יענע יאָרן. אירע סאָציאַליסטישע פירער אין די יוניאָנס זיינען שוין דעמאָלט געווען איבערן האַלז אין שמד־שטיק פּלענער פון מיטאַרבעטערשאַפט מיט די אַרבעטגעבער. אַ היפּשער טייל פון זיי, באַזונדערס די פירער פון צווייטן און דריטן גראַד זיינען געווען איינגעטונקט אין קאָרופּציע און אין גרעפט. די פּאַרטיי און דער „פאָרווערטס" האָבן ניט נאָר ניט אָנגענומען קיין מיטלען געגן די גרעפטער, נאָר זיי פּאַרטיידיקט און באַשיצט געגן דעם צאָרן פון די באַשווינדלטע אַרבעטער.

די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אין יענעם פּעריאָד — און דאָס האָט אָנגעהאַלטן ביז די קריזיס־יאָרן, ווען די פּאַרטיי האָט געמאַכט פּאַרזוכן פון רעאָרגאַניזאַציע — איז געווען אויסשליסלעך אַ וואַל און שטימען־זוכער אָרגאַניזאַציע. אַכט מאָנאַטן אין יאָר איז די פּאַרטיי געשמאַק געשלאָפן, אויפגעכאַפּט האָט זי זיך דריי מאָנאַטן פאַר די וואַלן, באַנייט איר וואַל־אַפּאַראַט און וואַך געווען ביז אַ מאָנאַט נאָך די וואַלן, ווען זי איז פאַרטיק געוואָרן מיט ציילן די שטימען און אויסחשבונען די פּאַרלוסטן אָדער געווינסן אין די וואַלן. מען האָט ניט געהערט די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אין די אַלע ערנסטע מאָמענטן פאַר דעם אַרבעטער־קלאַס אין לאַנד אָדער פאַר די מאַסן אין די קאָלאָניאַלע לענדער, וואָס ווערן אונטערדריקט פון אַמעריקאַנישן אימפּעריאַליזם.

### די צווייטע שפּאַלטונג אין דער סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אין 1921

ווען דער לינקער פליגל איז אַרויס פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און געשאַפן די קאָמוניסטישע באַוועגונג זיינען נאָך פאַרבליבן אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי באַדייטנדיקע גרופּעס וואָס זיינען ניט מיטגעגאַנגען מיט די לינקע, כאָטש זיי זיינען געווען שאַרפע געגנער פון דער הילקוויט־פּאָליטיק. די וועלכע זיינען ניט מיטגעגאַנגען מיט דעם לינקן פליגל האָבן געהאָפט איבערצובויען די פּאַרטיי פון אינעווייניק. צווישן זיי זיינען אויך געווען צענטריסטן וואָס זיינען ניט גרייט געווען אַריינצוטרעטן אין אַ קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

עם זיינען אויך געווען אזוינע, וואָס האָבן זיך געלאָזט פון אָנהייב אָפּ־נאַרן פון הילקוויטס כיטרע מאַנעוורעס. אזוי האָט דער פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר, אויגוסט 1919, באַשלאָסן צוצושטיין צו „צימערוואלד" און א מאָנאַט שפּע־טער האָט די פּאַרטיי־פירערשאַפט געשיקט דעלעגאַטן צו דער קאָנפערענץ פון די רעכטע סאָציאַליסטן אין בערן.

אויף דעם סאָציאַליסטישן צוזאַמענפאָר אין 1920 אין ניו יאָרק האָבן די לינקע געקעמפט אַז די פּאַרטיי זאָל זיך אָנשליסן אין דעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל. די לינקע זיינען געפירט געוואָרן פון דעם פאַרשטאָרבענעם לואיס דזש. ענגדאַל און קרוזע.

די הילקוויטס האָבן געזען אַז די שטימונג פאַר דעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל איז נאָך שטאַרק צווישן דער פּאַרטיי רענק־און־פייל, האָבן זיי צוגעזעצט צום פאָרשלאָג א ריי רעזערוואַציעס. די רעזערוואַציעס האָבן געוואָלט אויסשניידן די ווערטער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט און סאָוועטן־רעגירונג פון דער פּלאַטפאָרמע פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל. די רעזערוואַציעס האָבן פאַרלאַנגט אַז עס זאָל בכלל אויסגעלאָזט ווערן די „צוקונפטיקע פאָרמען פון דער געזעלשאַפט" נאָך דעם זיג פון דעם ארבעטער־קלאַס. דאָס איז געווען א מאַנעוורע זיך ארויסצודרייען פון אָננעמען די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט. דער פאָרשלאָג און די אמענדמענטס האָבן באַדאַרפט גיין צו א רעפערענדום־אָפּשטימונג פון די מיטגלידער.

דערווייל האָט דער צווייטער קאָנגרעס פון דעם קאָמוניסטישן אינטער־נאַציאָנאַל, 1920, פאַרעפנטלעכט די באַוואוסטע 21 פּונקטן ווי באַדינגונגען פאַר די פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס וואָס ווילן זיך אָנשליסן אין זיינע רייען. די 21 באַדינגונגען זיינען געווען א טיכטיקע זיפּ פאַר אזעלכע „רעוואָלוציאָ־נערן" ווי די הילקוויטס. די 21 פּונקטן האָבן קלאָר און שאַרף פאָרמולירט די קאָמוניסטישע טעאָריע, פּראַקטיק און אָרגאַניזאַציאָנעלער געבוי. פאַרשטייט זיך אַז די באַדינגונגען האָבן געמאַכט א סוף צו הילקוויטס דריידלעך און רעזערוואַציעס.

דער צוזאַמענפאָר פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין דעטראָיט, 1921, האָט דערקלערט, אַז די 21 באַדינגונגען זיינען ניט אָננעמבאַר.*)

*) דער אינהאַלט פון די 21 פּונקטן, אין קורצן, איז: 1) די פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע מוז זיין אין איינקלאַנג מיט דער פּראָגראַם און די באַשלוסן פון דריטן אינטערנאַציאָנאַל און אָנגעפירט ווערן דורך קאָמוניסטן; וועגן דיקטאַטור פון פּראָ-לעטאַריאַט דאַרף מען ניט סתם ריידן, נאָר די פּראָפּאַגאַנדע פאַר דעם מוז אָנגעפירט ווערן אַזוי, אַז פאַר יעדן ארבעטער, סאָלדאַט, פּויער זאָל דער לאָזונג קלאָר ווערן.

דער אָפענער אַרויסטריט געגן דעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל האָט געבראַכט צו דער צווייטער שפּאַלטונג. נאָך אין 1920 האָט די פינלענדישע פעדעראַציע פאַרלאָזט די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי. עטוואָס שפּעטער האָט דאָס זעלבע געטאָן די באָהעמישע פעדעראַציע. אין 1921 איז פאָרגעקומען די

---

2) יעדע אָרגאַניזאַציע, וואָס וויל זיך אָנשליסן, מוז רעגולער און סיסטעמאַטיש באַזייטיקן די רעפאָרמיסטישע און צענטריסטישע עלעמענטן פון אַלע מער אָדער ווייניקער וויכטיקע פּאָסטנס אין דער אַרבעטער-באַוועגונג. 3) אומעטום מוז געשאַפן ווערן אַן אומלעגאַלער אַפּאַראַט, פּאַראַלעל מיט דעם לעגאַלן אַפּאַראַט; ביידע אַפּאַראַטן מוזן קאָמבינירן זייערע טעטיקייטן. 4) עס מוז געפירט ווערן סיסטעמאַטישע פּראָפּאַגאַנדע אין דער אַרמיי. 5) עס מוז געפירט ווערן סיסטעמאַטישע פּראָפּאַגאַנדע צווישן די פּאַרמער. 6) עס מוז אַרונטערגעריסן ווערן דער סאָציאַל-פּאַטריאָטיזם און דער סאָציאַל-רעפאָרמיזם, עס מוז סיסטעמאַטיש קלאָר געמאַכט ווערן פאַר די אַרבעטער, אַז קאַפּיטאַליזם וועט פאַרניכטעט ווערן נאָר דורך אַ גוואַלטזאַמען קאַמף. 7) עס מוז איבערגעריסן ווערן מיטן רעפאָרמיזם און צענטריזם; דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל קען ניט אַרײַנלאָזן צו זיך אַזעלכע אָפּאָרטוניסטן ווי עס שטעלן פאָר טוראַטי, קאַוטסקי, הילפערדינג, הילקוויט, לאָנגע, מאַקדאָנאַלד, מאָדיליאַני און אַנדערע. 8) עס מוז געפירט ווערן אַ קאַמף פאַר דער באַפרייאונג פון די קאָלאָניאַלע פעלקער. 9) עס מוז געפירט ווערן סיסטעמאַטישע פּראָפּאַגאַנדע אין די טרייד-יוניאָנס, אין די שעפּער, קאָאָפּעראַטיוון און אַלע מאַסן-אָרגאַניזאַציעס. 10) פירן אַ קאַמף געגן דער פירערשאַפט פון אַמסטערדאַמער טרייד-יוניאָן אינטערנאַציאָנאַל. 11) די פּאַרטערשאַפט אין די פּאַרלאַמענטן מוז אָפּגעריניקט ווערן פון רעפאָרמיסטישע עלעמענטן. 12) די פּאַרטייען, וואָס געהערן צום קאָמינטערן, מוזן זיך פירן לויטן פּרינציפּ פון דעמאָקראַטישן צענטראַליזם. 13) די פּאַרטייען וואָס זײַנען לעגאַל מוזן פון צייט צו צייט דורכפירן ביי זיך אַ ריַיניקונג. 14) יעדע פּאַרטיי מוז זיך שטעלן צום שוץ פון סאָוועטן-פאַרבאַנד און צום קאַמף געגן קאָנטער-רעוואָלוציע. 15) די פּאַרטייען וואָס האָבן נאָך די אַלטע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּראָגראַמען מוזן די פּראָגראַמען אין דער קירצסטער צייט ענדערן. 16) אַלע באַשלוסן פון די קאָנגרעסן פון קאָמינטערן און פון זיין עקזעקוטיווע זײַנען בינדענדיק פאַר אַלע פּאַרטייען. 17) יעדע פּאַרטיי מוז זיך אָנרופן „קאָמוניסטישע פּאַרטיי”. 18) אַלע פירנדיקע צייטונגען פון די איינצלנע פּאַרטייען מוזן אָפּדרוקן אַלע וויכטיקע אָפיציעלע דאָקומענטן פון אויספיר-קאָמיטעט פון קאָמינטערן. 19) אַלע פּאַרטייען וואָס האָבן אויסגעמאַכט אַפּליקאַציעס מוזן אָפּהאַלטן צוזאַמענפאָרן ניט שפּעטער ווי פיר מאָנאַטן נאָכן צווייטן קאָנגרעס פון קאָמינטערן. 20) יעדע פּאַרטיי מוז זען, אַז ווייניקסטנס צוויי-דריטל פון די מיטגלידער אין איר צענטראַל-קאָמיטעט זאָלן זיין אַזעלכע, וואָס האָבן אָן וועלכע רעזערוואַציעס עפנטלעך זיך אַרויסגעזאָגט פאַר אַרײַנטרעטן אין דעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל. 21) די מיטגלידער וואָס וועלן פּרינציפּיעל צוריקווייזן די אַלע באַדינגונגען זאָלן אויסגעשלאָסן ווערן פון דער פּאַרטיי. (דער פאַרקירצטער אינהאַלט איז צונויפגעשטעלט געוואָרן פון פּ. נאָוויק אין זיין בוך, די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי.)

שפּאַלטונג אין דער אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע. מיט אַ מערהייט פון 59 שטימען נעגן עטלעכע־און־פערציק איז באַשלאָסן געוואָרן ארויס־צוטרעטן פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

די מערהייט פון דער אידישער פעדעראַציע האָט שוין פריער באַלאַנגט צו די וואָירקערס קאָונסיל" גרופּעס, געפירט פון לאָרע, ענגדאַל און קרוזע.

אין זעלבן יאָר האָט זיך דער „וואָירקערס קאָונסיל" און די קאָמוניס־טישע פּאַרטיי געאייניקט אויף דער גרינדונג פון דער „וואָירקערס פּאַרטי".

די אומלעגאַלע קאָמוניסטישע פּאַרטיי האָט צוזאַמען מיט אַט די גרופּעס ארויסגעלאָזט דעם רוף פאַר דער גרינדונג פון דער ארבעטער־פּאַרטיי. דער גרינדונג־צוזאַמענפאָר איז פאָרגעקומען דעצעמבער 1921 אין ניו יאָרק. מיטן אויסנאַם פון דער קליינער גרופּע „פּראָלעטאַרישע פּאַרטיי" זיינען אַלע גרופּעס אריינגעטראָטן אין דער נייער פּאַרטיי.

נאָך דער צווייטער שפּאַלטונג וואָס האָט צוגענומען פון דער סאָציאַליס־טישער פּאַרטיי די לעצטע מיליטאַנטישע און קלאַסן־באַוואוסטזיניקע עלע־מענטן, האָט הילקוויט און זיין אַפּאַראַטוניסטישער גייסט פולשטענדיק קאָנ־טראָלירט די פּאַרטיי. דעבס האָט ניט פאַרנומען קיין וויכטיקן פּלאַץ און איז געהאַלטן געוואָרן מער ווי אַ דעקאָראַציע צו פאַרנאַרן אָרנטלעכע ארבעטער. דעבס אליין האָט אויך פאַרלאָרן אַ טייל פון זיין רעוואָלוציאָנערן פייער. ער איז אייניקע מאָל ארויסגעטראָטן עפנטלעך נעגן דער פּראָלעטאַרישער דיק־טאַטור אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. אין 1926 איז דעבס געשטאָרבן און די סאָ־ציאַליסטישע פּאַרטיי איז אָפן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ געהילף־פּאַרטיי פון קאַפּיטאַליזם, כאָטש זי איז אין אָפּאָזיציע צו די צוויי אַלטע קאַפּיטאַ־ליסטישע פּאַרטייען.

די טאַבעלע פון מיטגלידערשאַפט פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי

| יאָר | | צאָל מיטגלידער | יאָר | | צאָל מיטגלידער |
|---|---|---|---|---|---|
| 1914 | — — — — — | 93,759 | 1919 | — — — — — | 104,822 |
| 1915 | — — — — — | 79,374 | 1920 | — — — — — | 26,766 |
| 1916 | — — — — — | 83,824 | 1921 | — — — — — | 13,984 |
| 1917 | — — — — — | 80,379 | 1922 | — — — — — | 11,091 |
| 1918 | — — — — — | 82,344 | 1923-26 | — — — — — | 12,000 |

קיין אינערלעכן פרידן האָט די וואָירקערס פּאַרטיי ניט געהאַט די ערשטע יאָרן. פּאָליטישע שטרייטיקייטן צווישן דעם קאָמוניסטישן טייל און דעם טייל וואָס איז נאָר וואָס געקומען פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, זיינען

געווען אומפארמיידלעך. דער פאקט וואס די קאמוניסטן האבן באלאנגט צו אן אומלעגאלער פארטיי האט צוגעגעבן פייער צום אינערלעכן קאמף.

די גרינדונג פון דער וואירקערס פארטיי ; קאמף פאר קאמוניסטישער ליניע

דער קאמוניסטישער טייל האט מיט רעכט געוואלט, אז די נייע פארטיי זאל ווי ווייט מעגלעך, אין די לעגאלע באדינגונגען, זיין געבויט אויף קאמוניסטישע פרינציפן. דער צווייטער טייל האט געהאט פאר זיין מוסטער די דייטשע אומאפהענגיקע פארטיי, וואס איז געווען א צענטער-באוועגונג, צווישן די קאמוניסטן און סאציאל-דעמאקראטן. דער צווייטער טייל האט אויך געהאט טענות אז די קאמוניסטן קומען ארגאניזירטערהייט און אונטער די דירעקטיוון פון זייער אומלעגאלער פארטיי, ווילן זיי ארויפצווינגען זייערע מיינונגען אויף דער וואירקערס פארטיי.

די שטרייטיקייטן זיינען אנגעגאנגען ארום דער פלאטפארמע פון דער וואירקערס פארטיי. די שטרייטיקייטן זיינען אויך אנגעגאנגען ארום די פראקטישע אנווענדונגען פון דער פלאטפארמע. שפעטער איז אויך צוגעקומען דער קאמף ארום דער פראגע צי די אומלעגאלע פארטיי זאל פארבלייבן אדער זאל ליקווידירט ווערן. איבער דער פראגע איז אויך פארגעקומען א צעטיילונג צווישן די מיטגלידער פון דער קאמוניסטישער פארטיי, ביז וואנען דער קאמוניסטישער אינטערנאציאנאל, אויסהערנדיק אלע מיינונגען, האט ארויסגעטראגן זיין אנטשיידונג אין 1923 פאר אויפלייזן די אומלעגאלע קאמוניסטישע פארטיי און פארוואנדלען די אפענע ארבעטער-פארטיי אין א קאמוניסטישער פארטיי.

דער צווייטער צוזאמענפאר פון דער וואירקערס פארטיי, אין דעצעמבער 1922 אין ניו יארק, האט געענדערט די פראגראם פון דער פארטיי און זי געבראכט פיל נאענטער צו דער קאמוניסטישער ליניע. די פראגראם זאגט וועגן פאליטישער הערשאפט :

„די איצטיקע קאפיטאליסטישע רעגירונג איז די דיקטאטור פון די קאפיטאליסטן. די סאוועטן-רעגירונג פון די ארבעטער וועט זיין די דיקטאטור פון די ארבעטער. די רעגירונג וואס וועט אויסדריקן דעם ווילן פון דרייסיק מיליאן ארבעטער וועט אפן אנווענדן איר מאכט אין די אינטערעסן פון די ארבעטער און געגן די קאפיטאליסטן.‟

וועגן אירע אינטערנאציאנאלע באציאונגען האט די פלאטפארמע געזאגט:

„די אַרבעטער-פּאַרטיי דערקלערט איר סימפּאַטיע מיט די פּרינציפּן פון דעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל און טרעט אַריין אין דעם קאַמף געגן דעם אַמעריקאַנישן קאַפּיטאַליזם אונטער דער באַגייסטערונג פון דער פירער-שאַפט פון דעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל.״

דאָס איז שוין אַן אָנצוהערעניש פאַר דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט.

אין אַלע איבעריקע פראַגן, ווי דער כאַראַקטער פון דער פּאָליטישער אַקציע, די באַציאונג צו די יוניאַנס, צום סאָוועטן־פאַרבאַנד און אַזוי ווייטער, איז די פּלאַטפאָרמע געווען אין דער ליניע פון דער אומלעגאַלער קאָמוניס־טישער פּאַרטיי.

די פּלאַטפאָרמע האָט אויך דערקלערט, אַז די אינטערעסן פון די אָרעמע פאַרמער זיינען ענג פאַרבונדן מיט די אינטערעסן פון די אינדוסטריעלע אַר־בעטער. דאָס איז אַ גרונט־פּרינציפּ פון לענינימז אין געגנזאַץ צו דער אָנ־גענומענער מיינונג פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אַז צווישן שטאָט און דאָרף מוז פאָרקומען אַ קאַמף. די פּלאַטפאָרמע פאַרמאָגט אויך אַ פּונקט וועגן דעם קאַמף פאַר דער פולער גלייכבאַרעכטיקונג פון די נעגער־מאַסן און פאַר דער אייניקייט פון די ווייסע און שוואַרצע אַרבעטער אין קאַמף געגן עקספּלואַטאַציע און אונטערדריקונג.

### אומלעגאַלע פּאַרטיי אויפגעלייזט ; וואָירקערס פּאַרטיי ווערט קאָמוניסטישע פּאַרטיי

די לעצטע קאָנווענשאָן וואָס די אומלעגאַלע קאָמוניסטישע פּאַרטיי האָט געהאַט איז פאָרגעקומען אין ברידזשמען, מישיגען, אויגוסט 1922. די אַגענטן פון דער פעדעראַלער רעגירונג צוזאַמען מיט דער אָרטיקער פּאָליציי זיינען באַפאַלן די קאָנווענשאָן ביים סוף פון אירע פאַרהאַנדלונגען. דרייסיק דעלעגאַטן זיינען אַרעסטירט געוואָרן און אָנגעקלאָגט געוואָרן לויט דעם אַנטי־סינדיקאַליסטן געזעץ פון מישיגען. צווישן די אַרעסטירטע זיינען געווען פאָסטער און רוטענבערג.

די באַוועגונג אויפצוגעבן די אומלעגאַלע פּאַרטיי און אָנצוהייבן פאַר־וואַנדלען די וואָירקערס פּאַרטיי אין אַ קאָמוניסטישער פּאַרטיי וואָס עקזיסטירט אָפן, איז געוואַקסן. אַ קאָנפערענץ פון פּאַרטיי־טוער אין יוני 1923 האָט באַשלאָסן אויפצולייזן די אומלעגאַלע פּאַרטיי. דער קאָמוניסטישער אינטער־נאַציאָנאַל איז געווען איינשטימיק מיט דעם באַשלוס. די קאָמוניסטן האָבן גענומען לאַנגזאַם אָבער סיסטעמאַטיש ענדערן דעם כאַראַקטער און די

פּלאַטפאָרמע פון דער וואָירקערס פּאַרטיי אין איינקלאַנג מיט די קאָמוניסטישע פּרינציפּן. דאָס איז געווען פאַרבונדן מיטן וויכטיקן קאַמף פאַר דעם רעכט פון אָפענער קאָמוניסטישער טעטיקייט אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

דער פּראָצעס פון אָריינטאַציע פון דער וואָירקערס פּאַרטיי אַ קלאָרן קאָמוניסטישן אינהאַלט און אַפילו דעם נאָמען, איז פאַרענדיקט געוואָרן אויף דעם פערטן צוזאַמענפאָר, אויגוסט 21—29, 1925, אין שיקאַגאָ. דער צוזאַמענפאָר האָט באַשלאָסן אַז די פּאַרטיי הייסט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי פון אַמעריקע און איז אָפיציעל אָנגעשלאָסן אין דעם קאָמוניסטישן אינטער־נאַציאָנאַל.

איידער דער פערטער צוזאַמענפאָר איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן איז אין דעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער וואָירקערס פּאַרטיי פאָרגעקומען אַ שאַרפער קאַמף וועגן דער פראַגע פון אַ לייבאָר־פּאַרטיי, וואָס איז דעמאָלט געשטאַנען אויף דער טאָג־אָרדענונג פון אַ סך אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס. די פריערדיקע „וואָירקערס קאונסיל" עלעמענטן און אַ קליינער טייל פון די קאָמוניסטן האָבן אָנגענומען דעם שטאַנדפּונקט, אַז אַ לייבאָר־פּאַרטיי וועט פאַרבייטן די „וואָירקערס פּאַרטי". די קאָמוניסטישע עלעמענטן האָבן איינגעזען אַז מען קען ניט איגנאָרירן און פאַרקוקן אַן עכטע מאַסן־שטימונג פאַר אַ לייבאָר־פּאַרטיי וואָס זאָל אַרומנעמען אַלע ריכטונגען אין דעם אַרבעטער־קלאַס. די גאַנצע פּאָליטישע לאַגע האָט רייף געמאַכט דעמאָלט די גרינדונג פון אַזאַ אַלגעמיינער פּאַרטיי אין וועלכער די „וואָירקערס פּאַרטי" וואָלט פאַרנומען דעם לינקן פליגל און וואָלט געהאַט די געלעגנהייט צו קעמפן פון אינעווייניק פאַר אַ קלאַסנקאַמף - פּראָגראַם. די קאָמוניסטישע מיינונג האָט געזיגט און די וואָירקערס פּאַרטיי האָט אָנטיילגענומען אין דער גרינדונג פון דער פעדערייטעד פאַרמער־לייבאָר פּאַרטיי. וועגן דעם וועט דער לייענער געפינען אין דעם קאַפּיטל: די באַוועגונג פאַר אַ לייבאָר־פּאַרטיי.

### קאַמף געגן לאָרע־גרופּע און די איבערבויאונג פון דער פּאַרטיי

די פערטע קאָנווענשאָן האָט ערנסט אויפגענומען דעם קאַמף געגן דעם צענטריזם וואָס איז געבליבן אין דער פּאַרטיי פון דער פאַראייניקונג מיט די גרופּעס פון דעם „וואָירקערס קאונסיל". די גרויסע מערהייט וואָס איז אָנגעקומען פון דער צווייטער שפּאַלטונג אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, איז אידעאָלאָגיש איבערגעקאָכט געוואָרן און איז צונויפגעשמאָלצן געוואָרן מיט דעם אָריגינעלן קאָמוניסטישן טייל. די שפּעטערדיקע מיינונג־אונטער־שידן אין דער פּאַרטיי זיינען שוין ניט פאָרגעקומען אויף דער אַלטער צע־

טיילונג. אין דער פּאַרטיי זיינען אָבער געבליבן קליינע רעשטן פון דעם „וואָירקערס קאונסיל" עלעמענטן וועלכע האָבן ניט באַוויזן צו אַסימילירן אין זיך דעם לענינינזם. די רעשטן, אָנגעפירט פון לודוויג לאָרע, רעדאַקטאָר פון דער דייטשער „פאָלקצייטונג", און פון י. ב. סאַלוצקי, רעדאַקטאָר פון דער „נייע וועלט", אָרגאַן פון דער אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע, האָבן אַרויסגעוויזן אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד געגן דער פּאַרטיי־ליניע אין אַ ריי פונדאַמענטאַלע פראַגן, ווי די לייבאָר־פּאַרטיי, די שטעלונג צום קאָמו־ניסטישן אינטערנאַציאָנאַל און נאָך אַנדערע פראַגן. נאָך אַ ריי אומגעלונגענע פּאַרזוכן צו איבערצייגן זיי אין דער גערעכטיקייט פון דער פּאַרטיי־שטעלונג, זיינען לאָרע און סאַלוצקי אויסגעשלאָסן געוואָרן פון דער פּאַרטיי. מיט לאָרען איז אַוועק אַ קליינע גרופּע פון דער דייטשער פעדעראַציע, מיט סאַ־לוצקין איז קיינער ניט מיטגעגאַנגען. (צביון [דר. האָפּמאַן] איז אַרויסגעפאַלן פון דער פּאַרטיי נאָך פריער; ער איז אַריבער אַרבעטן אינם „פאָרווערטס".)

לאָרע איז פּאַרבליבן אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט. די ערשטע פּאָר יאָרן האָט ער נאָך געטענה׳ט אַז ער איז דער עכטער רעוואָלוציאָנערער מאַרקסיסט. שפּעטער האָט ער אויפגעגעבן זיך צו פּוצן אין פרעמדע פעדערן. אין 1934 איז לאָרע אַ מיטגליד אין מאָסטיס „אַמעריקאַן וואָירקערס פּאַרטי". סאַלוצקי איז פּאַרבליבן, נאָך אַ ריי פּוסטע אָנשטעלן אויף אַן אייגענער ריכטונג, אַ געהאָרכזאַמער שרייפּל אין הילמאַנס ביוראָקראַטישער מאַשין, וואָס הערשט איבער די מיטגלידער פון דער „אַמאַלגאַמייטעד קלאָדינג וואָירקערס". ער איז אויך אַ מיטגליד אין מאָסטיס פּאַרטיי.

### שפּראַך־סעקציעס אָנשטאָט פעדעראַציעס

די זעלבע קאָנווענשאָן האָט אויך דורכגעפירט אַ גרינטלעכע רעאָרגאַני־זאַציע פון דער פּאַרטיי. די אַלטע פאָרמע פון צווייג, געבויט אויסשליסלעך אויף דעם געגנט־פּרינציפּ, איז אויפגעגעבן געוואָרן. אַ נייע אָרגאַניזאַציע־פאָרמע, געבויט אויף דעם אַרבעט־פּלאַץ, איז איינגעפירט געוואָרן. מיט־גלידער וואָס אַרבעטן אין איין פאַבריק אָדער שאַפּ זיינען אָרגאַניזירט אין אַ פאַבריק־ און שאַפּ־קעמערל פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. אַזוי אַרום וועלן זיי געשטעלט ווי קאָמוניסטן מיט די פּראָבלעמען וואָס שטייען פאַר די אַרבעטער אין שאַפּ און פאַבריק. פאַר זיי ווערט אויך גרינגער צו אַגיטירן צווישן די אַרבעטער פאַר דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. יעדעס שאַפּ־קעמערל נעמט אויף אַלע פראַגן פון דעם שאַפּ און פירט אַ קאַמפּאַניע צווישן די

ארבעטער פאַר דער לייזונג פון דער פראַגע אין די אינטערעסן פון די ארבעטער.

א צווייטע וויכטיקע ענדערונג איז געווען די אָפּשאַפונג פון די אויטאָנאָמע שפּראַך־פעדעראַציעס, א ריין סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אינסטיטוציע. אַנשטאָט פעדעראַציעס זיינען געשאַפן געוואָרן סעקציעס פאַר יעדער נאַציאָנאַליטעט אין דער פאַרטיי. די סעקציעס גיבן זיך אָפּ מיט דער קאָמוניסטישער פּראָפּאַגאַנדע און קולטורעלער טעטיקייט צווישן די מאַסן אין זייער נאַציאָנאַליטעט. די פאַרטיי־קעמערלעך זיינען מער ניט געבויט לויט שפּראַך. דאָס פאַרטיי־קעמערל פונקציאָנירט אין פאַבריק און שאַפּ און אין דעם געגנט אומאָפּהענגיק פון נאַציאָנאַליטעט און שפּראַך. דאָס האָט אָפּגעשאַפט די אָפּגעזונדערטקייט פון די באַזונדערע שפּראַך־גרופּעס אין דער פאַרטיי און איינגעפירט אויף זייער אָרט אַן איינהייטלעכע דעמאָקראַטיש־צענטראַליזירטע פאַרטיי וואָס קען שנעל און טיכטיק וואַרפן אירע כוחות אויף יעדער פּאָזיציע פון קלאַסן־קאַמף.

די איינפירונג פון די שאַפּ־קעמערלעך און די אָפּשאַפונג פון די שפּראַך־פעדעראַציעס איז באַגלייט געוואָרן מיט דער לאָזונג: מיטן פּנים צו די מאַסן! די רעאָרגאַניזאַציע האָט געבראַכט באַלדיקע רעזולטאַטן. די קאָמוניסטישע פאַרטיי איז געוואָרן א וויכטיקער פאַקטאָר אין אַלע קאַמפן פון ארבעטער־קלאַס. קאָמוניסטן זיינען געשטאַנען אין דער שפּיץ פון גרויסע סטרייקס אין פּאַסייק, 1926־1927; אין גאַסטאָניאַ, 1929; אין די קוילן־פעלדער פון פּענסילווייניע און אָהייאָ, 1929; אין קענטאָקי, 1931; אין דער שטאָל־אינדוסטריע, 1931 (אַמברידזש און וואָרען). די קאָמוניסטן האָבן געפירט צענדליקער טויזנטער נאָדל־טרייד ארבעטער אין די גרעסטע צענטרען פון לאַנד אין א העלדישן ווידערשטאַנד געגן דער פאַררעטערישער ביוראָקראַטיע. קאָמוניסטן האָבן געגעבן פירערשאַפט די מאַסן־אָפּאָזיציעס פון דער רענק און פייל אין דער שיף־אינדוסטריע, אין די בוי־ארבעטער יוניאָנס, שפּייז־ארבעטער און נאָך און נאָך. אין די יאָרן פון קריזיס, ווען די א. פ. אָוו ל. האָט געטאָן אַלץ אין אירע כוחות אָפּצוהאַלטן די ארבעטער פון ארויסטרעטן געגן דער קאַפּיטאַליסטישער אָפענסיווע, איז די קאָמוניסטישע פאַרטיי און דער לינקער פליגל געווען די איינציקע וואָס האָבן געוועקט, אָרגאַניזירט און געפירט דעם ארבעטער־ווידערשטאַנד געגן הונגער, ארבעטלאָזיקייט און פאַרערגערטע ארבעט־באַדינגונגען.*)

*) מער וועגן דער ראָל פון די קאָמוניסטן אין די מאַסן־קאַמפן, אין דעם קאַפּיטל: דער לינקער פליגל.

א דירעקטער רעזולטאט פון די שאפ־קעמערלעך איז געווען די דער־שיינונג פון די שאפ־צייטונגען ארויסגעגעבן פון די קעמערלעך. איינע פון די ערשטע שאפ־צייטונגען איז געווען דער „פאָרד־ארבעטער", ארויסגעגעבן רעגלמעסיק איין מאָל א מאָנאט פון דער פּארטיי־אָרגאַניזאַציע אין דער פאָרד מאָטאָר־פאַבריק. די שאפ־צייטונגען זיינען געוואָרן א שטענדיקע אינסטיטוציע אין די וויכטיקסטע אונטערנעמונגען אין לאַנד. פון אָנהייב גאַנץ מאָגערע בולעטינס, זיינען זיי שפּעטער פאַרבעסערט געוואָרן סיי אין אינהאַלט און סיי אין דעם טעכנישן צוזאמענשטעל. די שאפ־צייטונגען האָבן פיל מיט־געווירקט צו הייבן דעם פּרעסטיזש פון דער פּאַרטיי צווישן די ארבעטער־מאַסן.

### רוטענבערג וועגן דער באָלשעוויזירונג פון דער פּאַרטיי

טשאַרלס רוטענבערג, סעקרעטאַר פון דער פּאַרטיי, האָט אָפּגעשאַצט די דערגרייכונגען פון דעם פערטן צוזאַמענפאָר ווי א נייע ווענדונג אויפן וועג צו א מאַסן קאָמוניסטישער פּאַרטיי איינגעוואָרצלט צווישן די ארבעטער און איינגעבירגערט אין זייערע מאַסן־אָרגאַניזאַציעס. אין זיין ארטיקל וועגן דעם צוזאַמענפאָר האָט רוטענבערג געשריבן:

„די פערטע נאַציאָנאַלע קאָנווענשאָן באַצייכנט דעם סוף פון אַ פּעריאָד אין דעם קאַמף ניט צו דערלאָזן אַז אונזער פּאַרטיי זאָל ווידער אַרונטערפאַלן צו אַ פּראָפּאַגאַנדע-געזעלשאַפט. זי באַצייכנט אויך דעם אָנהייב פון אַ נייעם פּעריאָד אין דער געשיכטע פון דער פּאַרטיי — דער פּעריאָד פון דער באָלשעוויזאַציע פון דער פּאַרטיי.

„איינע פון די הויפּט-אויפגאַבן פון דער פּאַרטיי איז איינצובירגערן די גאַנצע מיטגלידערשאַפט פון דער פּאַרטיי אין די יוניאָנס און זיי מאָביליזירן פאַר אַקציע דאָרטן. די טרייד-יוניאָנס זיינען די גרעסטע מאַסן-אָרגאַניזאַציעס פון דעם אַרבעטער-קלאַס און זיי ליפערן די גרעסטע מעגלעכקייטן פאַר קאָמו-ניסטישער פּראָפּאַגאַנדע. אונזער אַרבעט אין די יוניאָנס פאַר פאַראייניקונג (אינדוסטריעלער יוניאָניזם) און טרייד-יוניאָן איינהייט וועט שאַפן אַ פעסטן פונדאַמענט פון פּאַרטיי-איינפלוס צווישן די מאַסן.

„אין דער טרייד-יוניאָן אַרבעט האָט דער צוזאַמענפאָר אונטערשטראָכן די אויפגאַבע צו אָרגאַניזירן די אומאָרגאַניזירטע. אונזער פּאַרטיי מוז מאַכן וווינקסטנס דעם אָנהייב אין דער אָרגאַניזאַציע פון די אומאָרגאַניזירטע.

„די פּראָגראַם פאַר קאַמף געגן אימפּעריאַליזם, פאַר דער אַרבעט צווישן די פאַרמער, צווישן די נעגער-מאַסן, צווישן פרויען, לייגט אויס קאָנקרעט די אויפגאַבן פון דער פּאַרטיי אין ספּעציעלע געביטן וואָס זיינען פריער ניט אָנגערירט געוואָרן."

צוויי יאר שפעטער — 31סטן אויגוסט ביזן 5טן סעפטעמבער 1927 — איז אין ניו יארק אפגעהאלטן געווארן די פינפטע קאנווענשאן פון דער פארטיי. רוטענבערג איז געווען טויט. ער איז געשטארבן דעם צווייטן מערץ 1927. אין זיין טויט האט די קאמוניסטישע באוועגונג פארלארן א מוטיקן קעמפער און א פירער פון מאסן. רוטענבערג האט דורכגעמאכט און דורכגעטראגן די קאמפן פון דעם לינקן פליגל אין דער סאציאליסטישער פארטיי, דעם קאמף קעגן דער אימפעריאליסטישער מלחמה. רוטענבערג איז געזעסן



ראבערט (באב) מיינאר

צוויי און א האלב יאר אין טורמע אין ניו יארק פאר אנטיילנעמען אין פארעפנטלעכן דעם ארגאן פון לינקן פליגל, „רעוואלושיאנערי איידזש" (רעוואלוציאנערער דור).

אויף דער פינפטער קאנווענשאן זיינען געווען פארטראטן רענק און פייל דעלעגאטן פון די וויכטיקסטע אינדוסטריען אין לאנד. די פארטיי האט שוין דעמאלט געהאט די דערפארונג פון גרויסע מאסן־קאמפן אין טעקסטיל, נאדל

און אין דער קוילן־אינדוסטריע און די דערפארונג פון פּאָליטישער אַקציע אין דער סאַקאָ־וואַנזעטי קאַמפּאַניע און אַנדערע קאַמפּאַניעס. קיינער האָט ניט געקענט מער אויפוואַרפן דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אַז זי איז אַ קליינע און פּראָפּאַגאַנדע־סעקטע, אָן אַקטיווער בארירונג מיט מאַסן אַרבעטער. די קאָמוניסטישע פּאַרטיי איז געוואָרן דער קעמפנדיקער אַוואַנגאַרד פון דעם אַמעריקאַנישן אַרבעטער־קלאַס, די פּאַרטיי האָט אויסגעאיבט איינפלוס אויף הונדערטער טויזנטער אַרבעטער. אין זייער טעטיקייט אויף דעם טרייד־יוניאָן געביט האָבן די קאָמוניסטן געהאַלטן פאַר זייער ריכט־ליניע די פּראָגראַם פון דעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל, אויסגעאַרבעט אויף דעם זעקסטן וועלט־קאָנגרעס אין 1928 :

„די ריכטיקע אָנווענדונג פון דער טאַקטיק פונם איינהייטס-פראָנט און די לייזונג פון דער אויפגאַבע וועגן אַריבערציען די מאַסן בכלל, זעצט פאָראויס, פון איין זייט, אַ סיסטעמאַטישע און איינגעשפּאַרטע אַרבעט אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און אַנדערע מאַסן-אָרגאַניזאַציעס פונם פּראָלעטאַריאַט. דאָס געהערן צו אַ טרייד-יוניאָן, אַפילו צו דער רעאַקציאָנערסטער, וועלכע איז אַ מאַסן-אָרגאַניזאַציע, איז אַ דירעקטע פליכט פון יעדן קאָמוניסט. נאָר דורך אַ שטענדיקער און קאָנסעקווענטער אַרבעט אין די טרייד-יוניאָנס אָון די אונטערנעמונגען מיטן צוועק פון אַמבעסטן און ענערגישסטן צו פאַר-טיידיקן די אינטערעסן פון די אַרבעטער, דערביי פירנדיק אָן אומדאַרבאַרעמ-דיקן קאַמף געגן דער רעפאָרמיסטישער ביוראָקראַטיע, קען מען דעראָבערן די פירערשאַפט אין דעם קאַמף פון די אַרבעטער און צוציען אויף דער זייט פון דער פּאַרטיי די אַרבעטער-מאַסן, וועלכע זיינען אָרגאַניזירט אין טרייד-יוניאָנס.״

די קאָמוניסטישע פּאַרטיי האָט גענומען די איניציאַטיווע און געגעבן פירערשאַפט אין אַלע פּאָליטישע קאַמפן פון אַרבעטער־קלאַס, ווי די פאַר־טיידיקונג פון סאָוועטן־פאַרבאַנד און סאָוועטישער כינע, געגן דער אינטער־ווענציע אין ניקאַראַגואַ, פאַר דער באַפרייאונג פון טאַם מוני, פאַר דער באַפרייאונג פון סאַקאָ און וואַנזעטי, געגן לינטשערייען און דזשים־קראָאיזם פון די נעגער־מאַסן, פאַר דער באַפרייאונג פון די ניין סקאָטסבאָראָ־אינגלעך, פאַר דעם רעכט פון זעלבסט־באַשטימונג פון די נעגערס אין די דרום־געגנטן. די קאָמוניסטישע פּרעסע מיט דעם „דיילי וואָירקער״ אין דער שפּיץ (דער „דיילי וואָירקער״ איז געגרינדעט געוואָרן אין 1923 אין שיקאַגאָ, די „מאָרגן־פרייהייט״ אין 1922 אין ניו יאָרק, די איבעריקע שפּראַך־צייטונגען זיינען אַריבערגעגאַנגען אין דער צייט פון דער שפּאַלטונג אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי) האָט געוועקט און מאָביליזירט די אַרבעטער אין אַלע זייערע אַרויס־

טרעטונגען געגן די קאפיטאליסטן און זייערע ארויסהעלפער אין דעם ארבעטער־קלאס. הונדערטער קאמוניסטן זיינען געווארפן געווארן אין די טורמעס. טויזנטער זיינען צעשלאגן געווארן פון פאליציי און פון די קאפי־טאליסטישע באנדעס, א סך זיינען דערמארדעט געווארן אויף זייערע פאסטנס אין קלאסן־קאמף.

די קאמוניסטישע פארטיי האט באנייט און אויפגעלעבט דעם ערשטן מאי ווי דעם קאמף־טאג פון ארבעטער־קלאס. די סאציאליסטישע פארטיי האט אויפגעגעבן דעם אינטערנאציאנאלן ארבעטער־טאג אין די מלחמה־יארן און נאך די מלחמה־יארן. ערשט אונטער דעם דרוק פון די ריזיקע קאמוניס־טישע מאי־דעמאנסטראציעס האט די סאציאליסטישע פארטיי אויך גענומען רופן די ארבעטער אויף די גאסן דעם ערשטן מאי. מיט יעדן יאר וואקסט די ארבעטער־ארמיי וואס מארשירט דעם ערשטן מאי אונטער דער פאן פון קאמוניזם.

דער נייער פראקציאנעלער קאמף

דורך דער גאנצער צייט וואס די קאמוניסטישע פארטיי האט אנגעהייבן איינצוזאפן אין זיך און צו באהערשן די לערע פון לענין און זי אנצואווענדן אין די אמעריקאנישע באדינגונגען, איז זי צעריסן געווען פון א פראקציאנעלן קאמף. נאך דעם קריזיס וואס איז באשאפן געווארן מיט דער אויסשליסונג פון לארע און סאלוצקי, איז געקומען א פיל גרעסערער און שווערערער אינערלעכער קריזיס, א קאמף כאראקטעריזירט פון דעם קאמוניסטישן אינ־טערנאציאנאל ווי א פרינציפנלאזער קאמף.

אין הינטערגרונט פון דער צייטווייליקער באפעסטיקונג פון קאפיטאליזם איז פארגעקומען אין דער פארטיי א נייע איבערגרופירונג פון די אלטע פראקציעס, באקאנט לויט די נעמען פון די צוויי פירער, רוטענבערג און פאסטער. חבר אוירל בראודער, איצטיקער גענעראל־סעקרעטאר פון דער קאמוניסטישער פארטיי, האט געגעבן די פאלגנדיקע אפשאצונג פון יענעם פראקציאנעלן קאמף:

„די צוויי פראקציעס, וועמעס קאמפן האבן געשטערט די פארטיי יארן־לאנג, זיינען ניט געשאפן געווארן פון די פירער, נאך וועלכע מען האט זיי א נאמען געגעבן. זיי זיינען אנטשטאנען אין די היסטארישע אומשטענדן פון דער פארטייס פארמיר־פעריאד. פונדעסטוועגן איז זייער קאמף ניט געווען קיין פרינציפיעלער, ניט קוקנדיק אויף דעם וואס ער האט זיך מאסקירט הינטער פרינציפיעלע פראגן. אט דער אינערלעכער קאמף איז געווען אן

אויסדרוק פון דער פּאַרטייס אומרייפקייט, פון איר אומפּייאיקייט אויפ-
צוהויבן זיך העכער און באַקעמפן אירע שוואַכקייטן, פון איר ניט-געניגנ-
דיקער באַלשעוויזירונג, פון איר ניט באַזיצן די איינהייט פון טעאָריע און
פּראַקטיק. נאָר אין אַן אומרייפער פּאַרטיי האָט געקענט אַזוי לאַנג עקזיסטירן
אַ צעטיילונג פון דער פּאַרטיי אין צוויי לאַגערן אונטער די פאָנען פון
'פּראַקטישע מענטשן' און 'טעאָרעטיקער'. דורך דעם וואָס אַלע טעאָרעטיש-
געשטימטע פּאַרטיי-מיטגלידער האָבן שנעל גענומען באַרייכערן זיך מיט
פּראַקטישע דערפאַרונגען פון טעגלעכע קאַמפן, און דורך דעם וואָס די דער-
פאַרענע טרייד-יוניאָן קעמפער האָבן זיך שנעל גענומען דערציען און באַ-



אוירל בראודער

קענען מיט דער באַלשעוויסטישער טעאָריע, האָט אַזאַ אומנאַטירלעכע צע-
טיילונג געמוזט באַלד אויסברענען. דאָס איז געוואָרן ספּעציעל אמת זינט
דער איינפלוס פון דעם קאָמינטערן האָט דורך דעם גאַנצן פּעריאָד ענערגיש
באַקעמפט אָט-דעם פראַנקציאָנעלן ראַק און געקעמפט פאַר דער פולשטענדיקער
פאַראייניקייט פון דער פּאַרטיי."

ביי רוטענבערגס לעבן האָט דער פראַקציאָנעלער קאַמף שוין געהאַלטן
אין אויסוועבן זיך. די פּאַרטיי איז געווען אויפן וועג פון איינהייטלעכקייט.
רוטענבערגס פּלוצלונגדיקער און פריציייטיקער טויט אין 1927 האָט איבער-
געריסן דעם געזונטן קורס פון אינעווייניקסטן פּאַרטיי-לעבן. דזש. לאַווסטאָן

האט צעפלאקערט דעם האלב־אויסגעלאשענעם פראקציע־קאמף אונטער דער לאזונג פון פארזעצן רוטענבערגס ליניע ווען אין דערווירקלעכקייט האט ער שטילערהייט ביי רוטענבערגס לעבן געגרייט א קאמף געגן דעם סעקרעטאר פון דער פארטיי.

## לאווסטאנס טעאריע פון אמעריקאנעם „עקסעפשיאנאליזם"

נאך דעם זעקסטן וועלט־קאנגרעס פון קאמוניסטישן אינטערנאציאנאל, אין יולי 1928, האט לאווסטאן זיך פארבונדן מיט די פירער פון דעם רעכטן פליגל אין דעם אינטערנאציאנאל, בוכארין, בראנדלער פון דייטשלאנד און אנדערע. דער קאמוניסטישער אינטערנאציאנאל איז דעמאלט געשטאנען אין אן אידעאלאגישן און ארגאניזאציאנעלן קאמף געגן דעם טראצקיזם, וואס האט געזוכט צו פארכאפן די וועלט־באוועגונג. מיט דעם געשריי: „רייניקן די פארטיי פון דעם טראצקיזם", האט לאווסטאן אנגעהייבן אן אומברחמנות־דיקן פראקציאנעלן קאמף געגן דער פאסטער־גרופע, כאטש זי האט שארף צוריקגעוויזן דעם טראצקיזם.

לאווסטאן האט אין 1928 ארויסגערוקט די טעאריע פון דעם אמעריקאנישן „עקסעפשיאנאליזם" (אויסנאמלעכקייט). לויט דער טעאריע איז די פאראייניקטע שטאטן געשטאנען ניט ערב א גרויסן קריזיס, נאר פארקערט, דאס לאנד איז ארייגעטראטן אין א פעריאד פון אומפארגלייכלעכער פראספעריטעט און אויסשפרייטונג. לאווסטאן האט געזען אין דער אינדוסטריאליזאציע פון די דרום־שטאטן א מין צווייטע טעכנישע רעוואלוציע וואס עפנט נייע רעזערוון פון רויע מאטעריאלן און פון פראדוקציע פאר אמעריקע. לאווסטאן האט געהאלטן, אז די פראספעריטעט וועט ארייגגיין אין דער געשיכטע ווי דער „האוווער־פעריאד", פונקט ווי די וויקטאריאנישע עפאכע איז אריין אין דער ענגלישער געשיכטע ווי דער בליאונג־פעריאד פון ענגלישן קאפיטאליזם.

לאווסטאנס טעאריע פון אמעריקאנישער אויסנאמלעכקייט האט געהאט א פארבינדונג מיט דער טראצקיסטישער טעאריע פון אמעריקעס אויבערמאכט אין אינדוסטריע און פינאנצן, וואס וועט שטעלן גאנץ איירפע אויף די קני פאר דעם יענקי־אימפעריאליזם. לענין איז שארף ארויסגעטראטן געגן דער טעאריע. ביידע טעאריעס זיינען צעשמעטערט געווארן פון דער דערפארונג וואס דער וועלט־קריזיס האט געבראכט. אמעריקע, צוליב איר הויכער אינדוסטריעלער אנטוויקלונג, האט געליטן פון קריזיס שטארקער פון די אנדערע

קאפיטאליסטישע לענדער. דער אמעריקאנישער קאפיטאליזם האט אויך ניט „געבראכן" זיינע אויסלענדישע געגנער.

עס קלינגט משונהדיק ווילד, אז צען מאנאטן איידער דער קראך אויף וואל סטריט איז אויסגעבראכן האט דער סעקרעטאר פון דער קאמוניסטישער פארטיי — לאוועסטאן — געקעמפט פארטיידיקן די טעאריע אז דער אמעריקאנישער קאפיטאליזם איז א מין אתה בחרתנו, אן אויסדערוויילטער פון דער גאנצער קאפיטאליסטישער סיסטעם און איז ניט אונטערוואָרפן די אייזערנע געזעצן פון איר אנטוויקלונג.

אין 1928 איז די קליינע קענאן־גרופע — די טראצקיסטן — אויסגעשלאסן געווארן פון דער פארטיי. אין מאי 1929 האט דער קאמוניסטישער אינטערנאציאנאל, נאך אלע געדולדיקע און ענערגישע באמיאונגען צו שאפן פאליטישע איינהייט אין דער פארטיי, געבויט אויף א ריכטיקער אויסטייטשונג פון לעניניזם, זיך געווענדעט מיט א רוף צו אלע ארגאניזירטע קאמוניסטן אין די פאראייניקטע שטאטן.

אין דעם רוף האט דער קאמוניסטישער אינטערנאציאנאל געמאלדן, אז די מערהייט פירער פון דער לאוועסטאן־גרופע ווילן זיך ניט אונטערווארפן די באשלוסן פון דער וועלט־ארגאניזאציע. דער קאמינטערן האט גערופן די פארטיי־מיטגלידער אין אמעריקע זיך צוזאמענגעמען ארום זיין פאן און צוריקשטויסן יעדן פארזוך צו שפאלטן די פארטיי.

### סטאלין וועגן די אויפגאבן פון דער אמעריקאנישער פארטיי

ביי די לאנגע פארהאנדלונגען אין א ספעציעלער קאמיסיע און ביי דעם פרעזידיום פון אויספיר־קאמיטעט פון קאמינטערן האט לאוועסטאן און זיינע אנהענגער געהאט אלע געלעגנהייטן צו פארטיידיקן זייערע מיינונגען. אין זיין רעדע אויפן פרעזידיום האט סטאלין, נאכדעם ווי ער האט אונטערשטראכן די אומפארמיידלעכקייט פון דעם גרויסן אלוועלטלעכן קריזיס וואס רוקט זיך אויפן קאפיטאליזם, גערופן די אמעריקאנישע קאמוניסטן צו מאכן א סוף מיט דעם פראקציאנעלן קאמף און אויסשמידן זייערע רייען צו באגעגענען די נייע אויפגאבן פון קלאסן־קאמף אין די פאראייניקטע שטאטן. חבר סטאלין האט געזאגט:

„עס איז זייער וויכטיק, אז די אמעריקאנער קאמוניסטישע פארטיי זאל זיין אומשטאנד צו באגעגענען דעם היסטארישן מאמענט אין פולער צוגרייטונג און אז זי זאל קענען אננעמען די פירערשאפט פון דעם אנקומענדיקן

קלאסן-קאמף אין אמעריקע. יעדער פארזוך און יעדער מיטל מוז אנגעווענדט ווערן, חברים, צוצוגרייטן זיך צו דעם. צוליב דעם צוועק מוז די אמעריקאנער קאמוניסטישע פארטיי ווערן אויסגעבעסערט און באלשעוויזירט. פאר דעם צוועק מוזן מיר ארבעטן פאר דער פולשטענדיקער ליקווידירונג פון פראקציאנאליזם און אפנייגן אין דער פארטיי. פאר דעם צוועק מוזן מיר ארבעטן צוריק איינשטעלן אייניקייט אין דער קאמוניסטישער פארטיי פון אמעריקע. פאר דעם צוועק מוזן מיר ארבעטן כדי אויסצושמידן אמת-רעוואלוציאנערע קאדרען און אן אמת-רעוואלוציאנערע פירערשאפט פון דעם פראלעטאריאט,



י. סטאלין

וואס איז אומשטאנד אנצופירן די פיל מיליאנען פון דעם אמעריקאנעם ארבעטער-קלאס אויף דעם וועג פון דעם רעוואלוציאנערן קלאסן-קאמף. פאר דעם צוועק מוזן אלע פערזענלעכע פאקטארן און פראקציאנעלע מאטיוון אוועקגעלייגט ווערן אן א זייט און די רעוואלוציאנערע דערציאונג פונם ארבעטער-קלאס אין אמעריקע מוז געשטעלט ווערן איבער אלץ."

מיט לאוסטאנען זיינען אוועקגעגאנגען ארום צוויי הונדערט מענטשן, הויפטזאכלעך פארטיי־פונקציאנערן. צווישן די אויסגעשלאסענע זיינען געווען בען גיטלאוו, בערטראנד וואולף און אנדערע. זיי האבן אויפגעהייבן דעם זעלבן געשריי וואס די קאפיטאליסטן און סאציאליסטן, אז דער קאמינטערן

„מישט זיך אריין", אז ער דיקטירט פון „אויבן" טערמינען און באדינגונגען, אז „מאָסקווע" גיט „באפעלן", און נאָך פון דעם סאָרט אנטי־קאָמוניסטישע פארלוימדונגען.

## דער פארלוימדערישער געשריי: „אָרדערס פון מאָסקווע!"

אין דער ווירקלעכקייט איז אַן אומזין צו רעדן פון „מאָסקווער אָרדערס" און פון „אריינמישן" זיך אין די „אינערלעכע" אָנגעלעגנהייטן פון דער אמעריקאַנישער פארטיי. דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל איז אַ וועלט־פאַרטיי, ניט ווי דער סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָנאַל, וואָס איז אַ לויזע פעדעראַציע פון זעלבסטשטענדיקע פארטייען. יעדער קאָמוניסט וואָס טרעט אריין אין דער פארטיי וואַרפט זיך אונטער פרייוויליק דער רעוואָלוציאָנערער דיסציפּלין פון דער פארטיי וואָס איז אַ סעקציע פון דעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל. דער אינטערנאַציאָנאַל, דורך זיינע אָרגאַנען, ווי דער אויספיר־קאָמיטעט, פּרעזידיום און וועלט־קאָנגרעס, איז די העכסטע קערפּערשאַפט וואָס רעווידירט די פּאָליטיק פון אַלע סעקציעס, לייגט אויס די אַלגעמיינע ליניע פאַר זייער טעטיקייט און ווייזט אָן און פאַרריכט זייערע טעותן.

דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל איז ניט אַ קערפּערשאַפט וואָס שטייט ערגעץ פון דרויסן און זאָגט דעות זיינע פּאַרטייען. דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל איז די העכסטע קאָלעקטיווע דערפאַרונג פון 52 קאָמוניסטישע סעקציעס אין אַלע טיילן פון דער וועלט. ער איז דער גענעראַל־שטאַב, וואָס פירט אונטער אַ סך־הכל פון דערגרייכונגען און פאַרריכט אָפּנייגונגען. די גאַנצע אָנגעזאַמלטע טעטיקייט פון די 52 פאַרטייען, זייערע פּאָזיציעס און זייערע שלאַכטן גייען דורך פאַר דעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל אין אַ גענויער און גרינטלעכער אָפּשאַצונג מיט דעם אַקטיוון אָנטייל פון די פאַרטרעטער פון אַלע פאַרטייען. די אָנגעזאַמלטע דערפאַרונג פון יעדער סעקציע דינט ווי אַ קאָנטראָל־פּונקט פאַר איר טעטיקייט און פאַר דער טעטיקייט פון אַלע אַנדערע סעקציעס אין די ראַמען פון דער לאַגע אין זייערע לענדער. די „אריינמישונג" פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל האָט געגעבן פירערשאַפט און אַ געזונטע באָלשעוויסטישע ליניע דער אמעריקאַנישער פאַרטיי אין אַלע וויכטיקע פראַגן, ווי די טעטיקייט אין די טרייד־יוניאָנס, נעגער־פּראָבלעם, די אָפּשאַצונג פון דעם קריזיס, קאַמף פאַר אַרבעטלאָזער הילף און פאַרזיכערונג. די דירעקטיוון און אָנווייזונגען פון דעם קאָמוניס־

טישן אינטערנאציאנאל זיינען געווען א שנור וואס האט געפירט די פארטיי צו א בעסערער און דערפאלגרייכערער אנווענדונג פון רעוואלוציאנערן מארקסיזם אויסגעדריקט אין דער לערע פון לענין.

די לאוועסטאניסטן האבן שפעטער זיך איינגענאזשעט אין דעם אנפירנדיקן אפאראט פון דער א. פ. און ל. ביוראקראטיע. אין דער שיך־אינדוסטריע, אין טעקסטיל און נאדל־פאכן, וואו זיי זיינען טעטיק, האבן די לאוועסטאניסטן זיך דערווארבן א רעקארד וואס איז אויף א האר ניט בעסער פון דער א. פ. און ל. פירערשאפט. אונטער דער לאזונג: געגן דואל־יוניאנס און ארבעטן אין דער א. פ. און ל., האבן די לאוועסטאניסטן זיך פארבונדן מיט די ערגסטע רעקעטירס און אונטערוועלט־מענטשן אין דעם רעכטן פאריער דזשאינט קאונסיל, וואו זיי גיבן זייער שטעמפל צו עקל־האפטער סטרייק־ברעכעריי.*) ביי די פרויען־קליידער ארבעטער האט דער לאוועסטאניסט, טשארלס זימערמאן, זיך ארויפגעארבעט דורך זיין טרייער דינסט צו דער דובינסקי־מאשין צום אמט פון א וויים־פרעזידענט פון דער „אינטערנעשאנאל לידיס גארמענט ווארקערס יוניאן". אין זיין יוניאן, לאקאל 22, האט זימערמאן פרובירט מיט לינקע פראזן פארדעקן רעכטע טאטן געגן די אינטערעסן פון די ארבעטער. ער און זיין גרופע זיינען געווארן שותפים צו אלע לוין־שניט פלענער איינגעוויקלט אין כלומרשט וויסנשאפט־לעכע פארמולעס, ווי דער „יוניט פראדוקציע־פלאן" און דאס גלייכן, פלענער וואס בארויבן די ארבעטער פון זייער ווידערשטאנד אין שאפ געגן פאר־ערגערטע ארבעט־באדינגונגען. זימערמאן האט אויך אנגעווענדעט שטראף־מיטלען און ארונטערזעצונגען פון לינקע טוער.

אין טעקסטיל, וואו עטלעכע לאוועסטאניסטן מיט עלי קעלער אין דער שפיץ שטייען ביים רודער פון דער יוניאן אין פעטערסאן, האבן זיי געהאלפן דער ביוראקראטיע פון דער „יונייטעד טעקסטיל ווארקערס יוניאן" און דער נ.ר.א. דורכצופירן א שלעכטן קאמפראמיס פאר די זייד־ארבעטער אין 1933.

אין דער שיך־אינדוסטריע באקעמפן די לאוועסטאניסטן יעדן פארזוך צו שאפן א ווירקלעכע און פעסטע פאראייניקונג פון אלע שיך־ארבעטער. זיי זוכן מיט אלע מיטלען אויפצורייסן די פאראייניקטע שיך־ארבעטער יוניאן,

---

*) סוף 1934 זיינען די לאוועסטאניסטן ארויסגעשטויסן געווארן פון דעם רעכטן דזשאינט קאונסיל. אנהייב 1935 איז דער לאוועסטאניסט, קעלער, און זיין קליינע גרופע אנהענגער, ארויסגעשטויסן געווארן פון דער פעטערסאנער יוניאן פון זייד־ארבעטער.

די איינציקע מיליטאַנטישע אָרגאַניזאַציע אין דער אינדוסטריע, כאָטש זיי זיינען אַ טייל פון איר.

פאַר דער צייט איז אין דער לאָווסטאָניסטישער גרופּע פאָרגעקומען אַ שפּאַלטונג. בען גיטלאָוו מיט אַ גרופּע האָט זיך אָפּגעריסן פון לאָווסטאָנען. בען גיטלאָוו און זיינע אָנהענגער זיינען אַריינגעטראָטן אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. איינצעלנע לאָווסטאָניסטן האָבן פאַרלאָזן די גרופּע און זיינען אַריינגענומען געוואָרן אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. די גרופּע האָט אַזוי אַרום פאַרלאָרן אַ סך מיטגלידער און נאָך מער אין איינפלוס. זי האָט אויך פאַרלאָרן אַ טייל פון די געציילטע פּאָזיציעס וואָס זי האָט געהאַלטן אין אַ פּאָר יוניאָנס.

לאָווסטאָן האָט פּרובירט צו שליסן אַ פאַראייניקטן פראָנט מיט דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און דערמיט אַריינקלאַפּן אַ קלין אין די פאַרהאַנדלונגען וואָס די קאָמוניסטישע פּאַרטיי האָט געזוכט אָנצוקניפּן מיט דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי פאַר אַ געמיינזאַמער אַקציע אויף אַ פּראָגראַם פון באַלדיקע פאָדערונגען. זיין פאַרזוך איז אים ניט געלונגען.

דעמאָלט, סוף 1934, האָט די לאָווסטאָניסטישע גרופּע זיך געווענדעט צו דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי מיט אַ ווענדונג אָנצוהויבן פאַרהאַנדלונגען וואָס זאָלן פירן צו אַ פאַראייניקונג. די פּאַרטיי האָט זיי געענטפערט מיט אַן אָפענעם בריוו וואָס האָט דערקלערט אַז אויב די לאָווסטאָניסטן מיינען אויפריכטיק מיט זייער פאָרשלאַג, דאַרפן זיי שטיצן די קאַמפּאַניעס און די לאָזונגען פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. זיי דאַרפן אויך צוגעבן אָפן זייער פונדאַמענטאַלן טעות אין 1929. דער בריוו האָט אויך גערופן איינצעלנע לאָווסטאָניסטן, וועלכע זיינען געקומען צו דער איבערצייגונג איבער דער פאַלשקייט פון זייערע מיינונגען און טעטיקייטן, ניט צו וואַרטן נאָר גלייך זיך צו ווענדן מיט מעלדונגען פאַר אַריינטרעטן אין דער פּאַרטיי.

די טראָצקיסטן, ווידער, זיינען אַ קליינע גרופּע פון גאַנצע און האַלבע אינטעלעקטואַלן מיט זייער ווייניק איינפלוס אין אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס. אינטעלעקטואַלן אָן אָנהאַלט אין אַרבעטער קלאַס. אין דער גרופּע געפינען זיך אָפענע פאַרקריפּלער פון מאַרקסיזם ווי דר. סידני הוק א. אַ. די גרופּע באַנוצט זיך מיט פאַרלוימדונגען געגן דער סאָוועטישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, געגן דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד און געגן קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל.

די אויסשליסונג פון די לאָווסטאָניסטן האָט איינמאָל פאַר אַלע מאָל געמאַכט אַ סוף צו דעם צעשטערנדיקן פראַקציאָנעלן קאַמף וואָס האָט ניט געלאָזט דער פּאַרטיי וואַקסן. די פּאַרטיי האָט זיך אָריענטירט, אַז דער אַל־

געמיינער קריזיס אין קאַפּיטאַליזם קומט אָן און האָט אָנגעמערקט אַ פּראָגראַם פון אַקציע וואָס פּאַסט זיך צו די פאַרשאַרפטע קלאַסן־באַציאונגען אין אַ קריזיס.

דער זיבעטער פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר, אין מאַי 1930, האָט געפונען די פּאַרטיי אין אַן אַפּגעשוואַכטן צושטאַנד, אַ ירושה פון דעם לאַווסטאָן־רעזשים און פון די פראַקציאָנעלע קאַמפן. דער צוזאַמענפאָר האָט באַפעסטיקט די נייע פירערשאַפט אין דער פּאַרטיי, האָט אָנגענומען די נייע פּראָגראַם פון אַקציע און אָנגעמערקט די קאַמפן פון די אַרבעטלאָזע און דעם ווידערשטאַנד געגן לוין־שניטן אַלס די צוויי וויכטיקסטע אויפגאַבן פון דער פּאַרטיי. אין דעם אײַנערלעכן לעבן האָט דער צוזאַמענפאָר אונטערשטראָכן די נויטווענדיקייט צו אָרגאַניזירן שאַפּ־ און פאַבריק־קעמערלעך.

אָפּשאַצונג פון קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון דעם נייעם דיל

1930 איז געווען אַ נייער ווענדונג־פּונקט אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. די גרויסע אַרבעטלאָזע דעמאָנסטראַציעס און הונגער־מאַרשן, אין וועלכע די פּאַרטיי האָט גענומען די איניציאַטיווע, דער מאַרש פון די מלחמה־וועטעראַנען, די סקאַטסבאָראָ־קאַמפּאַניע און דער קאַמף פאַר גלײַכע רעכט און זעלבסטבאַשטימונג פאַר די נעגערס, די סטרייקס וואָס די לינקע יוניאָנס האָבן געפירט אין פאַרלויף פון 1931־1932, האָבן געשטעלט די פּאַרטיי אין צענטער פון קלאַסן־קאַמף אין לאַנד.

ווען רוזוועלט איז געקומען צו דער מאַכט אין מערץ 1933, אײַנגעוויקלט אין אַ מאַנטל פון ראַדיקאַלע רעפאָרמען און „נייעם דיל", מיט אילוזיעס ווייט־פאַרשפּרייט צווישן די מאַסן, איז די קאָמוניסטישע פּאַרטיי געווען די איינציקע וואָס האָט שאַרף און קלאָר אַרונטערגעריסן די מאַסקע פון אַרבעטער־פרײַנטלעכקייט פון דעם „נייעם דיל" און פון דער נ.ר.א. די שטעלונג פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי איז געווען, אַז רוזוועלטס פּראָגראַם איז „די קאַפּיטאַליסטישע לייזונג פון קריזיס, אַ לייזונג אויפן רעכענונג פון די אַרבעטער און אָרעמע פאַרמער". דער דיאַגנאָז איז פולשטענדיק באַשטעטיקט געוואָרן אין צווייטן העלפט פון 1934, ווען די פאַרדינסטן פון די אַרבעטער זײַנען געפאַלן אין פאַרגלײַך מיט אַ יאָר צוריק, די אַרבעטלאָזיקייט איז ווידער געשטיגן און די אַנטוישונג פון די מאַסן אין דער נ.ר.א. און איר „קאָודס" איז פאַרטיפט געוואָרן.

דער אָפענער בריוו פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל צו דער אויסער־

אָרדנטלעכער פּאַרטיי־קאָנפערענץ אין יולי 1933 איז אויסגעפאַלן אין דער העכסטער בליאונג פון די ראָזעווע אילוזיעס אַרום דעם נייעם דיל. דער אָפענער בריוו מיט זיין שאַרפער אָפנהאַרציקייט וועגן די טעותן פון דער אַמעריקאַנישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און דער געפאַר פון איר פאַר־גליווערונג אין מיטן פון פאַנאַנדערגעוויקלטע אַרבעטער־קאַמפן האָט אויפ־געטרייסלט די גאַנצע מיטגלידערשאַפט און זי אַ שטויס געגעבן צו פאַר־דרייפאַכן איר ענערגיע און קאַמף־אַקציע פאַר דעם אַרבעטער־קלאַס.

די קאָמוניסטישע פּאַרטיי האָט גענומען די אָנפירנדיקע ראָל אין דעם קאַמף געגן דעם דייטשן פאַשיזם, אין דער קאַמפּאַניע פאַר דער פאַרטיידיקונג פון סאָוועטן־פאַרבאַנד און פון דער סאָוועטישער כינע, פאַר דעם פאַר־אייניקטן פראָנט פון אַלע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס אויף אַ מינימום־פּראָגראַם פון אַרבעטער־פאָדערונגען א. אַז. וו. די פּאַרטיי און אירע מאַסן־אָרגאַני־זאַציעס זיינען געוואָרן די לעבעדיקע נערוון פון דעם קעמפנדיקן אַרבעטער־קלאַס. דער פאַרקויף פון ליטעראַטור איבער אַלע פראַגן וואָס רירן אָן די אַרבעטער, האָט זיך גוואַלדיק פאַרגרעסערט און פאַרבעסערט אין אינהאַלט. די קאָמוניסטישע פּאַרטיי און אירע מאַסן־אָרגאַניזאַציעס זיינען פאַקטיש די איינציקע אין לאַנד וואָס גיבן אַרויס אָפט און רעגלמעסיק ליטעראַטור פאַר אַרבעטער. דער פאַרקויף פון די ביכער, זשורנאַלן און בראָשורן איז אַ בוראָ־מעטער, אַז די אידעאָלאָגישע הויך פון דער פּאַרטיי־מיטגלידערשאַפט, פּאַרטיי־סימפּאַטיקער און מיליטאַנטישע אַרבעטער בכלל שטייגט.

## דער 8טער פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר

דער 8טער פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר אין קליוולאַנד, מאַי 1934, האָט אָנ־גענומען אַ מאַניפעסט געווענדעט צו אַלע אַרבעטער, ווייסע און שוואַרצע, האַרעפאַשנע פאַרמער און אַרבעטנדיקע בכלל. דער מאַניפעסט אַנטהאַלט אַן אַנאַליטישע צעגלידערונג פון רוזוועלטס „אויפלעבונג"־פּראָגראַם וואָס צילט אויפצוריכטן די קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג אויפן רעכענונג פון די ברייטע שיכטן פון דער באַפעלקערונג. אַרויסשטעלנדיק די לאַזונג פון אַ „סאָוועטן־אַמעריקע" ווי די איינציקע ליזונג פאַר אַלע האַרעפאַשניקעס פון נויט, אַר־בעטלאָזיקייט, הונגער, מלחמה און פאַשיזם, האָט דער צוזאַמענפאָר גלייכ־צייטיק אָנגעוואָרפן אַ פּראָגראַם פון באַלדיקער טעטיקייט פאַר די נויטן פון די אַרבעטער און אָרעמע פאַרמער.

דער צוזאַמענפאָר האָט גערופן די פּאַרטיי־מיטגלידער און אַלע לינק־

געשטימטע דורכצופירן אַן אַנטשלאָסענעם קער אין דער ריכטונג פון מאַסן־אַרבעט אין די יוניאָנס פון דער א. פ. אָוו ל. און אין די אומאָפּהענגיקע יוניאָנס צוליב דער אויסגעברייטערטער באַזע פון דער אמעריקאַן פעדערײשאָן אָוו לייבאָר און דער מיליטאַנטישקייט פון די אַרבעטער. גלייכ־צייטיק דאַרפן פאַרשטאַרקט ווערן די יוניאָנס פון דער טרייד־יוניאָן יוניטי ליג דאָרטן וואו זיי זיינען די איינציקע אָדער זיי פאַרמאָגן דעם קאָנטראָלירנ־דיקן איינפלוס. אַרבעטלאָזע הילף, די אַרבעט צווישן די פאַרמער, אַריבער־געווינען די יוגנט — בויען די יאָנג קאָמוניסט ליג און אַנדערע יוגנטלעכע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס — אַרבעט צווישן די נעגער־מאַסן, צווישן די אַרבעטער־פרויען און די קאַמפּאַניע פאַר דעם פאַראייניקטן פראָנט זיינען אויסגערעכנט ווי די הויפּט־אויפגאַבן פון דער פּאַרטיי. אַ באַזונדער וויכטיקן אָרט פאַרנעמט די אויפגאַבע ווייטער צו בויען אַ קאָמוניסטישע מאַסן-פּאַרטיי, אויסנוצנדיק די שטייגנדיקע ראַדיקאַלע שטימונג צווישן די אַרבעטער.

דער מאַניפעסט שטעלט זיך אָפּ אויף די גינסטיקע באַדינגונגען וואָס עקזיסטירן אין אַמעריקע פאַר דער בויאונג פון אַ סאָציאַליסטישער סיסטעם. אויסדריקלעך קלאָר און פול מיט טיפער איבערצייגונג זאָגט די הויפּט־רעזאָלוציע:

„די פאַראייניקטע שטאַטן איז זייער גינסטיק פאַר דער איינפירונג פון סאָציאַליזם. איר גרויסע, קאָנצענטרירטע אינדוסטריע און ריזיקער פּראָלע-טאַריאַט, איר אָנגעזאַמלטער רייכטום און פּראָדוציר-מיטלען מיט די אומ-געהויערע קוואַלן רוי-מאַטעריאַלן, ליפערן די מאַטעריעלע באַזע פאַר אַ שנעלער ענדערונג אין דעם לעבן און אין די באַדינגונגען פון לאַנד. ווען די אַרבעטער וועלן איבערנעמען די מאַכט, וועלן זיי אין אַ זייער קורצער צייט ראַדיקאַל פאַרבעסערן דאָס לעבן פון אַלע אַרבעטנדיקע — אינדוסטריעלע פּראָלעטאַריער, פאַרמער, אָנגעשטעלטע, פּראָפעסיאָנאַלן, אינטעלעקטואַלן א. אַז. וו., אויפשטעלנדיק אַ הויכן סטאַנדאַרד פון באַקוועמלעכקייט און וואויל-זיין פאַר די האָרעפּאַשנע מאַסן.

„אָבער די אומצייליקע רייכטימער, די גיגאַנטישע פּראָדוקטיווע כוחות זיינען פאַרשלאָסן פון די מאַסן. זיי זיינען דאָס פּריוואַט-אייגנטום פון אַ קליינעם, פּאַראַזיטישן קאַפּיטאַליסטישן קלאַס, וואָס האָט צוגעמאַכט די פאַבריקן און פאַרשלאָסן די וואַרע-הייזער אַרויסצופּרעסן אַ שטייגנדיקן צינז אין פּראָפיטן. די פּאַראַליזירונג פון דער ווירטשאַפט אין די אינטערעסן פון פּראָפיטן פאַר די עקספּלואַטאַטאָרן אויפן רעכענונג פון הונגער און אונטערגאַנג פאַר די מיליאָנען, איז דורכגעפירט געוואָרן אין לעבן פון דער קאַפּיטאַליסטישער רעגירונג מיט איר פּאָליציי, מיליטער, געריכט-הייזער און טורמעס.

„גיטאָ קיין אויסוועג פון קריזיס, סיידן צו ברעכן די הערשאַפט פון דעם

מאָנאָפּאָליסטישן קאַפּיטאַליסטישן קלאַס און באַטרעטן דעם וועג וואָס איז אָנגעצייכנט געוואָרן פון דעם זיגרייכן אַרבעטער-קלאַס אין דעם סאָוועטן-פאַרבאַנד. („די וועי אוט", זייט 26).

### וואוקס פון שאַפּ־קעמערלעך און פון מיטגלידערשאַפט

אין זיין באַריכט אויף דעם זעלבן פאַרטיי־צוזאַמענפאַר האָט דער גענעראַל־סעקרעטאַר אוירל בראָודער פאַרצייכנט דעם גרויסן וואוקס אין דער צאָל שאַפּ־קעמערלעך. פון 140 אין דער צייט פון דעם זיבעטן צוזאַמענפאָר דערגרייכט זייער צאָל 338. אין סעפּטעמבער האָבן אין דער פּאַרטיי פונקציאָנירט העכער 400 שאַפּ־קעמערלעך. די קוואַליטעט פון זייער אַרבעט האָט זיך באַדייטנדיק געהייבן. שאַפּ־קעמערלעך אַרבעטן איצט אין די גרעסטע און וויכטיקסטע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען. לויט דער אָפּשאַצונג פון דער פּאַרטיי איז די דורכשניטלעכע צאָל אַרבעטער דאָרטן וואו די קעמערלעך אַרבעטן ניט ווייניקער פון טויזנט אין אַן אונטערנעמונג.

אָנשטאָט 87 געגנט־סעקציעס אין 1930 האָט די פּאַרטיי געציילט אין מאַי 1934 — 187 סעקציעס. די געאָגראַפישע אויסשפּרייטונג פון דער פּאַרטיי קען מען זען פון דעם פאַקט, וואָס די סעקציעס נעמען אַריין פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס אין 463 שטעט. די פּאַרטיי פאַרמאָגט 20 שפּראַך־סעקציעס, וואָס פאַרנעמען אַן אָנפירנדיקע ראָל אין אַ ריי מאַסן־אָרגאַניזאַציעס. די צאָל מיטגלידער פון אָט־די שפּראַך־מאַסן-אָרגאַניזאַציעס איז אויסגעוואַקסן פון 50 טויזנט אין 1930 אויף 133 טויזנט אין 1934. אַלע מאַסן־אָרגאַניזאַציעס אין וועלכע די קאָמוניסטישע פּאַרטיי איז טעטיק און וועלכע געפינען זיך אונטער אַ קאָמוניסטישן איינפלוס ציילן נאָענט צו אַ האַלבן מיליאָן מיטגלידער.

די פאַרטיי איז געווען דער איניציאַטאָר אין דער באַוועגונג געגן מלחמה און פאַשיזם. די ליגע געגן מלחמה און פאַשיזם האָט אָפּגעהאַלטן צוויי גרויסע קאָנגרעסן, איינעם אין ניו יאָרק, 1933, און דעם צווייטן סוף סעפּטעמבער 1934 אין שיקאַגאָ, מיט דער אַקטיווער שטיצע פון דער פּאַרטיי. די קאָמוניסטישע פּאַרטיי איז די יעניקע וואָס שטופּט ענערגיש און קרעפטיק די באַוועגונג פאַר אַ פאַראייניקטן פראָנט פון אַלע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, אָן אונטערשייד פון ריכטונגען, אויף אַ געמיינזאַמער מינימום־פּראָגראַם פון די אַרבעטער־פאָדערונגען.

די קאָמוניסטן האָבן גענומען די איניציאַטיווע צו אָרגאַניזירן די צוויי נאַציאָנאַלע הונגער־מאַרשן אויף וואַשינגטאָן אין 1931 און 1932 און די הונדערטער הונגער־מאַרשן צו די שטאָט־ און שטאַט-רעגירונגען. דער געזעץ־פּראָיעקט פאַר אַרבעטלאָזער און סאָציאַלער פאַרזיכערונג, אַריינגעטראָגן פון קאָנגרעסמאַן לאָנדין פון מינעסאָטאַ, איז אויסגעאַרבעט געוואָרן פון די קאָמוניסטן און פון די אַרבעטלאָזע קאָונסילס וואָס זיינען באַשאַפן געוואָרן לויט דער איניציאַטיווע פון קאָמוניסטן.



וויליאַם ז. פאָסטער (לינקס) און דזשיימס וו. פאָרד
קאָמוניסטישע פּרעזידענט און וויים-פּרעזידענט קאַנדידאַטן — 1932 וואַל-קאַמפּאַניע

די קאָמוניסטישע פּאַרטיי האָט אַקטיוו געשטיצט די אָרגאַניזירונג פון דעם קאָנגרעס פאַר אַרבעטלאָזער און סאָציאַלער פאַרזיכערונג, אָפּגעהאַלטן אין וואַשינגטאָן אָנהייב יאַנואַר, 1935. אין קאָנגרעס האָבן אָנטיילגענומען 2,600 דעלעגאַטן, וועלכע האָבן פאַרטראַטן אַרום צוויי מיליאָן אַרבעטער. נאָענט צו פופציק מיטגלידער פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי זיינען געווען

דעלעגאַטן צום קאָנגרעס, 306 לאָקאַלן פון דער א. פ. אָוו ל. און אַ סך אומ־אָפּהענגיקע יוניאָנס האָבן געשיקט דעלעגאַטן, נאָענט צו 3,000 א. פ. אָוו ל. לאָקאַלן האָבן אָנגענומען רעזאָלוציעס פאַר דעם ארבעטער־געזעץ־פּראָיעקט.

די בעסערע און טיכטיקערע ארבעט, דאָס ענגער פאַרקניפּן זיך מיט דעם מאסן־קאַמף פון די ארבעטער געגן הונגער און אונטערדריקונג, די גרעסערע צאָל שאַפּ־קעמערלעך און זייער ענערגישערע פונקציאָנירונג האָט זיך אָפּגערופן אויף דעם וואוקס פון דער פּאַרטיי־מיטגלידערשאַפט.

פּאַרטיי-מיטגלידערשאַפט לויט די וועכנטלעכע דיוס-צאָלונגען

| | | | |
|---|---|---|---|
| אין דער צייט פון 7טן צוזאַמענפאָר, מאַי 1930 — | 7,545 | גוט-שטייענדיקע | מיטגלידער |
| 1931 — דעם ערשטן האַלבן יאָר — — — — — | 8,339 | " | " |
| 1931 — דעם צווייטן האַלבן יאָר — — — — — | 9,219 | " | " |
| 1932 — דעם ערשטן האַלבן יאָר — — — — — | 12,936 | " | " |
| 1932 — דעם צווייטן האַלבן יאָר — — — — — | 14,474 | " | " |
| 1933 — דעם ערשטן האַלבן יאָר — — — — — | 16,814 | " | " |
| 1933 — דעם צווייטן האַלבן יאָר — — — — — | 19,165 | " | " |
| 1934 — דעם ערשטן האַלבן יאָר — — — — — | 24,500 | " | " |
| 1934 — דעם צווייטן האַלבן יאָר — — — — — | 31,000 | " | " |

דער נעץ פון פּראָלעטאַרישע קולטורעלע אינסטיטוציעס

אויסער דעם וואוקס פון דער פּאַרטיי־מיטגלידערשאַפט איז פאָרגעקומען אַ וואוקס אין אַלע מאסן־אָרגאַניזאַציעס וואָס שטייען נאָענט צו דער פּאַרטיי. פאַר דער צייט איז געגרינדעט געוואָרן דער אינטערנאַציאָנאַלער ארבעטער אָרדן, די איינציקע פּראָלעטאַרישע פראַטערנאַלע אָרגאַניזאַציע וואָס פאַראייניקט אַלע ארבעטער אָן אונטערשייד פון שפּראַך און נאַציאָנאַליטעט. דער אינטערנאַציאָנאַלער ארבעטער אָרדן איז אַ טייל פון דער מיליטאַנטישער ארבעטער־באַוועגונג און באַטייליקט זיך אין יעדן ארויסטריט פון דעם ארבעטער־קלאַס. דער אינטערנאַציאָנאַלער ארבעטער אָרדן האָט זיך אָנגעהויבן נאָך אַ מאסן־אויסשליסונג פון די לינקע אין ארבעטער־רינג און אינדעפּענדענט ארבעטער־רינג. פון אַ אידישער אָרגאַניזאַציע אין 1930 מיט עטלעכע טויזנט מיטגלידער איז ער דערגאַנגען צו העכער זעכציק טויזנט סוף 1934. די ארבעטער־קלובן, די פרויען־קאָונסילס, די איי. על. די., די ליג פון קאַמף פאַר נעגער־רעכט, די נעץ קולטורעלע ארבעטער־אָרגאַניזאַציעס ווי כאָרן, אָרקעסטערן, דזשאָן־ריד קלובן, טעאַטער־גרופּעס, פילם גרופּעס, טאַנץ־גרופּעס

האט זיך פארשפרייט איבערן גאנצן לאנד. די אלע צווייגן גיבן ארויס זייערע אייגענע זשורנאלן. די קאמוניסטישע באוועגונג איז די גייסטיקע אנפירערין פון דער גאנצער פראלעטארישער קולטורעלער באוועגונג. א וועכנטלעכער זשורנאל פאר פראלעטארישער קולטור און געזעלשאפטלעכקייט, די „ניו מעסעס", איז געגרינדעט געווארן און ווערט פארשפרייט מיט גרויס דערפאלג. די באזונדערע קולטור־ארגאניזאציעס גיבן ארויס אייגענע מאנאטלעכע זשורנאלן.

דער קריזיס פון קאפיטאליזם, די דערפאלגרייכע בויאונג פון סאציאליזם אין סאוועטן־פארבאנד און די קאמפן פון די ארבעטער אין אמעריקע האבן ארויסגערופן אן איבערטוויש פון גייסטיקע ווערטן צווישן דער פראגרעסיווער אינטעליגענץ. אט־דער פראצעס, אנגעהייבן אין 1932, איז שפעטער פאר־טיפט געווארן. א ריי שריפטשטעלער און ארטיסטן האבן דורכגעמאכט — אנדערע האבן עס נאך ניט פארענדיקט — א פראצעס פון אינערלעכער איבערבויאונג וואס האט זיי דערנענטערט צו דער קאמוניסטישער באוועגונג. פארשטייט זיך, אז א טייל פון דער אינטעליגענץ האט ארויסגעוויזן א סך וואקלונגען און צוריקטרעטונגען, ווי טעאדאר דרייזער, שערוואוד אנדערסאן און אנדערע. דער אינגערער טייל איז נאך ענגער צוגעגאנגען צום רעוואָ־לוציאנערן אוואנגארד פון פראלעטאריאט. א רעוואלוציאנערער קולטור־פראנט איז געווארן אן אנערקענטער פאקטאר.

די קאמפן געגן לינטשערייען, פאר די סקאטסבארא־אינגלעך, פאר די שער־קראפערס און פאר זעלבסט־באשטימונג אין דעם דרום־לאנד האבן אריינ־געגלידערט די קאמוניסטישע פארטיי צווישן די נעגערשע הארעפאשניקעס. אין די דרום־שטאטן און אין די צפון־שטאטן פארמאגט די קאמוניסטישע פארטיי א ריזיקן פרעסטיזש צווישן די נעגער־ארבעטער און ארעמע פארמער. די בעסערע טיילן פון דער נעגערשער אינטעליגענץ, ווי לענגסטאן יוז, קאלען א. א. זיינען פריינט פון דער קאמוניסטישער באוועגונג. קאמוניזם איז אויסגעוואקסן צום גרעסטן שעפערישן פאקטאר אין לעבן פון מיליאנען נעגערשע ארבעטער און שער־קראפערס.

די פארשפרייטונג פון קאמוניסטישן איינפלוס האט פארשטארקט די אנטי־רוויטע העצע אין לאנד. גרין איז ארויסגעקומען אין אויגוסט 1934 מיט אן אפענעם רוף צו אלע יוניאנס ארויסצוטרייבן די קאמוניסטן פון זייערע רייען. זיין רוף איז געבליבן א שטים אין דער ווילדערניש. זיינע באמיאונגען אנצוהייבן א מאסן-אויסשליסונג פון קאמוניסטן האבן געליטן א מיאוסן דורכפאל. די ריזיקע מערהייט יוניאנס האט איינפאך איגנארירט די העצע־

אינסטרוקציע פון דעם פרעזידענט פון דער א. פ. אוו ל. מיט עטלעכע יאָר פריער, וואָלטן אַזעלכע אינסטרוקציעס געהאַט אַן אַנדער אויפנאַמע.

דעם זעלבן אַנטשיידענעם דורכפאַל האָבן געליטן די טעראָריסטישע אַנפאַלן פון הערשנדיקן קלאַס און זיין פּאָליציי אין דעם ים אַרבעטער (מארין) סטרייק אויפן פּאַסיפישן ברעג, וואָס האָט אַרויסגערופן דעם מיליטאַנטישן גענעראַל־סטרייק אין סאַן פראַנציסקאָ, יולי 1934. דער גוואַלטזאַמער פּאַרזוך אַרונטערצוטרייבן די קאָמוניסטישע באַוועגונג אונטער דער ערד אין קאַליפאָרניע, אָרעגאָן און וואַשינגטאָן דורך מערדערלעכע איבערפאַלן אויף פּאַרטיי־קוואַרטירן און איינצלנע קאָמוניסטן, דורך מאַסן־פּראָצעסן פון קאָמוניסטן, אויפן גרונט פון די אַנטי־סינדיקאַליסטישע געזעצן, האָבן זיך אָנגעשטויסן אין דעם אַקטיוון ווידערשטאַנד פון דעם גאַנצן באַוואוסטזיניקן טייל פון אַרבעטער־קלאַס. די קאָמוניסטישע פּאַרטיי האָט אויסגעקעמפט דאָס רעכט צו אַרבעטן אָפן, ניט געקוקט אויף דער פינצטערער העצע פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּרעסע אין די פּאַסיפישע שטאַטן.

שפּעטער האָט די גאַנצע הוירסט־פּרעסע אָנגעהויבן אַ פּרעכע, פּאַרלוימדערישע און בלוטיקע העצע געגן דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און געגן דעם סאָוועטן־פּאַרבאַנד. פאַלשע און צעקריפּלטע ציטאַטן פון לענין איז געווען איינער פון די באַליבטע מעטאָדן.

די גאַנצע קאַפּיטאַליסטישע פּרעסע און הונדערטער פּאַטריאָטישע אָרגאַניזאַציעס האָבן אין יעדן גרויסן אַרבעטער־קאַמף אויפגעהייבן אַ קאַמפּאַניע געגן די קאָמוניסטן, אַרויסצורופן צעטומלונג און גרינגער מאַכן זייער טעראָר געגן די אַרבעטער. די קאַפּיטאַליסטן און די גרינס איז אָבער געוואָרן וואָס ווייטער אַלץ שווערער צו פּאַרטונקלען די קאַמף־אויפגאַבן מיט גוואַלדן און העצעס געגן קאָמוניסטן און רויטע. די אַרבעטער לערנען פון זייער דערפאַרונג, ווער איז זייער פיינט און ווער זייער פריינט. די דערפאַרונג ווייזט זיי, אַז קאָמוניסטן און די קאָמוניסטישע פּאַרטיי זיינען אויסגעפּרובירטע, פעסטע און מוטיקע קעמפער פאַר די אַרבעטער־אינטערעסן.

די באַוועגונג פאַר דעם פאַראייניקטן פראָנט

היטלערס קומען צו מאַכט, דעם 30סטן יאַנואַר, 1933, מיטן אָפּקלאַנג וואָס די פאַשיסטישע הערשאַפט אין דייטשלאַנד האָט אַרויסגערופן אין אַלע קאַפּיטאַליסטישע לענדער, האָט אַרויסגעשטעלט אין פאָדערגרונט די ברענענדיקע נויטווענדיקייט פון אַרבעטער־אייניקייט.

דער דייטשער פאַשיזם האָט געדיכטער געמאַכט די קריג־וואָלקנס און

גלייכצייטיק פארשטארקט די קאפיטאליסטישע אפענסיווע אויפן לעבנס־סטאנדארד פון די ארבעטער אין אלע קאפיטאליסטישע לענדער. דאס צווייטע האט זיך געקייטלט פון דער ערשטער. פארשפיצטע אינטערנאציאנאלע באציאונגען ברענגען צו קאלאסאלע קריג־בודזשעטן. קאלאסאלע קריג בודזשעטן שלינגען איין ריזיקע געלטער. די קאפיטאליסטן זוכן ארויפצואווארפן אויף די ארבעטער און פארמער די פינאנציעלע לאסט וואס עס קאסט די שטייגנדיקע באוואפענונג. די קאפיטאליסטן זוכן אפצוברעכן די ארבעטער־ארגאניזאציעס און בארויבן די ארבעטער פון זייערע רעכט און דערמיט פריי מאכן דעם וועג פאר דער אנקומענדיקער אימפעריאליסטישער מלחמה.



ערנסט טעלמאן

דער היטלער נאצי־פאשיזם אין דייטשלאנד און שפעטער דער דאלפוס־שושניג קאטוילישער פאשיזם אין עסטרייך, נאך די בירגער־קריג טעג, פעברואר, 1934 — האבן ארויסגערופן צוויי פאראלעל־גייענדיקע שטראמען: א פארשטארקטע קאפיטאליסטישע רעאקציע און א שטייגנדיקע קאמף־גרייטקייט אין דעם ארבעטער־קלאס.

די קאפיטאליסטן זיינען דערמוטיקט געוואָרן איינצוציען די רעגירונג־לייצעס און אָנווענדן פאשיסטישע מיטלען צו באפעסטיקן זייער אָפגעשוואכטע אָרדענונג. די ארבעטער, ווידער, האָבן דערזען צו וואָס דעמאָקראטיש־פארלאמענטארישע אילוזיעס האָבן דערפירט דעם ארבעטער־קלאס אין דייטש־לאַנד און עסטרייך. די דערפארונג פון די צוויי לענדער האָט הילכיק גערופן פאר א געמיינזאמער ארבעטער־אקציע קעגן פאשיזם און מלחמה ווי די צוויי הויפט־אויסדרוקן פון קאפיטאליסטישער הערשאפט. די אינטערנאציאָנאלע קאָמוניסטישע באוועגונג איז געוואָרן דער טרעגער פון דער קאמפאניע פאר דעם פאראייניקטן פראָנט. זי איז דאָס אויך פריער געווען. דער קאָמוניס־טישער אינטערנאציאָנאל האָט די גאַנצע צייט געשטרעבט צו פאראייניקן דעם גאַנצן ארבעטער־קלאס אויף א פּראָגראם פון קאמף פאר זיינע באלדיקע פאָדערונגען.

דעם 5טן מערץ, 1933, האָט דער קאָמוניסטישער אינטערנאציאָנאל אינסטרואירט זיינע סעקציעס זיך צו ווענדן צו די סאָציאליסטישע פארטייען און רעפאָרמיסטישע טרייד־יוניאָנס מיט א פאָרשלאָג אויפצושטעלן א פאר־אייניקטן פראָנט ארום א פּראָגראם פון באלדיקע פאָדערונגען געבויט אויף די נויטן פון דעם ארבעטער־קלאס. דער קאָמוניסטישער אינטערנאציאָנאל האָט אויסגעקליבן דעם וועג פון בויען דעם פאראייניקטן פראָנט אין יעדן לאַנד איידער דעם פאָרשלאָג פון צווייטן סאָציאליסטישן אינטערנאציאָנאל אָנצוהויבן פארהאנדלונגען וועגן א פאראייניקטן פראָנט פון אויבן, צווישן די צוויי אינטערנאציאָנאלן. די גאַנצע דערפארונג מיט דעם צווייטן אינטער־נאציאָנאל זינט דעם נאָך־מלחמה פעריאָד האָט דעמאָנסטרירט די פרוכט־לאָזיקייט פון אזעלכע פארהאנדלונגען. די שפּעטערדיקע האנדלונגען פון צווייטן אינטערנאציאָנאל האָבן ארויסגעבראכט די ריכטיקייט פון דער אקציע פון דעם קאָמינטערן.

דער צווייטער אינטערנאציאָנאל האָט פארבאָטן זיינע פארטייען אריינ־צוטרעטן אין פארהאנדלונגען מיט די קאָמוניסטישע פארטייען. שפּעטער איז דער פארבאָט ארונטערגענומען געוואָרן. אין צייט פון דעם שפּאנישן בירגער־קריג — אָקטאָבער 1934 — האָט ער אנטזאָגט דעם פאָרשלאָג פון קאָמינטערן פאר א געמיינזאמער אקציע צו העלפן די קעמפנדיקע שפּאנישע ארבעטער.

אין די פאראייניקטע שטאַטן האָט די באוועגונג פאר דעם פאראייניקטן פראָנט זיך אָנגעהויבן דעם 6טן מערץ, 1933, ווען דער צענטראַל־קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פארטיי האָט זיך געווענדעט צו דער סאָציאליסטישער

פּאַרטיי און צו דער א. פ. אָוו ל. וועגן פאַרהאַנדלונגען פאַר געמיינזאַמער אַקציע. אין דער ווענדונג זיינען אויסגערעכנט געווען זעקס פּונקטן פון אַ באַלדיקן, קאָנקרעטן כאַראַקטער, אַריינגערעכנט אַ קאַמף געגן דער נ.ר.א. און פאַר אַרבעטלאָזער פאַרזיכערונג. די פירער פון דער אַמעריקאַן פעדערייִשאַן אָוו לייבאָר האָבן ניט געענטפערט און די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי־פירערשאַפט האָט זיך אָנגעכאַפּט אין אַ פאָרמעלן אויסרייד, אַז ס'דאַרף געשאַפן ווערן אַ פאַראייניקטער פראָנט צווישן די צוויי אינטערנאַציאָנאַלן איידער די ס. פּ. וועט איינגיין אויף פאַרהאַנדלונגען מיט דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

## ערשטע ווענדונג פאַלט אויס אין רוזוועלטס האָניק־מאָנאַט

די ווענדונג איז אויסגעפאַלן אין דעם האָניק־מאָנאַט פון דער רוזוועלט־אַדמיניסטראַציע מיט די אויפגעבלאָזענע האָפענונגען אויף דעם „נייעם דיל". די רעכטע סאָציאַליסטישע פירער האָבן זיך געטוליעט צו די הויכע א. פ. אָוו ל. באַאַמטע און געזוכט אַ פאַראייניקטן פראָנט מיט גרין, וואָל, בערי און לואיס. אָבער דער האָניק־פּעריאָד פון דעם אַפּאָסטאָל פון דעם „נייעם דיל" האָט לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. זומער 1933 האָבן צוויי־דריטל מיליאָן אַרבעטער געסטרייקט איבער די קעפּ פון די נ.ר.א. אַדמיניסטראַטאָרן און זייער אָפּט געגן זייערע אייגענע א. פ. אָוו ל. פירער. דער „בלויער פויגל" פון דער נ.ר.א. האָט באַוויזן זיינע שוואַרצע נעגל. די אַנטוישונג אין רוזוועלטס אַרבעטער־פריינטלעכקייט האָט זיך אָנגעהויבן.

דער בירגער־קריג אין עסטרייך האָט שאַרפער אונטערשטראָכן דעם באַנקראָט פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. אין עסטרייך איז אַפילו ניט געווען די לעבערלעכע און קלעגלעכע פאַרענטפערונג, אַז די קאָמוניסטן האָבן געשפּאָלטן דעם אַרבעטער־קלאַס. די אַרבעטערשאַפט אין אַלע לענדער האָט זיך אַ צי געטאָן. אין פראַנקרייך, איטאַליע, אין דעם סאַאַר־געגנט איז אַנטשטאַנען אַ פאַראייניקטער פראָנט צווישן די קאָמוניסטישע און סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. (אין שפּאַניע האָט אויך עקזיסטירט אַ פאַראייניקטער פראָנט, כאָטש אַ לויזער, אין פאַרלויף פון בירגער־קריג.)

די געשעענישן אין אייראָפּע צוזאַמען מיט דעם אָפענעם אַנטי־אַרבעטער כאַראַקטער פון דער נ. ר. א., און די ראַדיקאַליזירונג פון די אַרבעטער, האָבן אַרויסגערופן די עקזיסטענץ פון אַ לינקן פליגל אין דער ס. פּ. **אונטערן נאָמען:** קאָמיטעט פאַר רעוואָלוציאָנערער פּאָליטיק („רעוואָלושאָנערי פּאָליסי קאָמי־

טע"). דער לינקער פליגל איז באַשטאַנען פון געמישטע עלעמענטן. ניט געקוקט אויף אַלע „רעוואָלוציאָנערע" רייד און ניט געקוקט אויף דעם וואָס דער פליגל צוזאַמען מיט נאָרמאַן טאָמאַסעס „מיליטאַנטן" — דער צענטער אין דער פּאַרטיי — האָבן געהאַט אַ מערהייט אויף דעם פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר אין דעטראָיט, יוני 1934, און אַ מערהייט אין דער נאַציאָנאַלער קאָמיטע פון דער ס. פּ., איז נאָך אַלץ ניט געקומען צו אַ פאַראייניקטן פראָנט.

## לינקער פליגל פון סאָציאַליסטישער פּאַרטיי באַנוגנט זיך מיט רייד

די אַלע ווענדונגען פון דעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי צו דער נאַציאָנאַלער קאָמיטע פון דער ס. פּ. האָבן ניט געבראַכט די געווינשטע רעזולטאַטן. אַזעלכע ווענדונגען זיינען געווען אַ סך. דער אָפענער בריוו צו די דעלעגאַטן פון דעם ס. פּ. צוזאַמענפאָר אין דעטראָיט, אין יוני, דער בריוו פון ח' בראַודער צו נאָרמאַן טאָמאַס, אויגוסט 17, די דעלעגאַציע צו דער זיצונג פון דער נאַציאָנאַלער קאָמיטע, דעם 1טן דעצעמבער אין באָסטאָן, דעם 25סטן מערץ, 1935, צו אירע זיצונגען אין באָפאַלאָ און אַ ריי איינלאַדונגען צו ספּעציפישע אַרויסטרעטונגען, ווי די צוויי קאָנגרעסן קעגן מלחמה און פאַשיזם, דער קאָנגרעס פאַר אַרבעטלאָזער און סאָציאַלער פאַרזיכערונג אין וואַשינגטאָן, איינלאַדונגען צו געמיינזאַמע ערשטע מאַי דעמאָנסטראַציעס א. א.

אונטער די קלעפּ פון דעם רעכטן פליגל, די וואַלדמאַנס, סאָלאָמאָנס, פענקינס, קאַהאַנס און וואָלאַדעקס, האָבן די לינקע אויפגעגעבן איין פּאָזיציע נאָך דער צווייטער. טאָמאַס און זיין גרופּע האָבן דורכגעפירט אַ ריי מאַנעווערעס, וואָס האָבן זיי דערנעענטערט צו די רעכטע. דער קאַמף אין דער ס. פּ. איז ווייט נאָך ניט אויסגעקריסטאַליזירט, כאָטש דער פּראַקטיציאָנעלער קאַמף, אויסשליסונגען און כאַאָס וואַקסן. די אוממיטלבאַרע אויסזיכטן זיינען נאָך ניט קלאָר. צי די ס. פּ. וועט אויסמיידן אַ שפּאַלטונג, ווי עס איז פאָרגעקומען אין דער פראַנצויזישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, וואו די רעכטע האָבן אָרגאַניזירט אַן אייגענע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, אָדער די רעכטע וועט ווייטער געלינגען אַרויפצואַצווינגען זייער ווילן אויף דער פּאַרטיי־מערהייט וואָס האָט זיך אַרויסגעזאָגט פאַר אַ מיליטאַנטישער — כאָטש זייער צעשוואומענער — פּאָליטיק און פאַר געמיינזאַמער אַקציע מיט די קאָמוניסטן, וועט זיין אָפּהענגיק פון אַ ריי פאַקטאָרן. די מאָס אַקטיוויטעט וואָס קאָמוניסטן און לינקע וועלן אַנטוויקלען אַריינצוציען די אָרטיקע ס. פּ.

ארגאניזאציעס אין געמיינזאמער אקציע, קען זיין פון אן אנטשיידענעם כא־ראקטער פאר דעם פאראייניקטן פראנט אויף א נאציאנאלן מאסשטאב.

## רעכטע ווילן ניט קיין קלאסנקאמף־מעטאדן

די רעכטע סאציאליסטן האבן מורא פאר אזא פאראייניקטן פראנט. דאס וואלט זיי פארפליכטעט צו אקציע פאר די ארבעטער־אינטערעסן און אקציע ווילן זיי אויסמיידן. די רעכטע סאציאליסטישע פירער זיינען פאר־אינטערעסירט אויפצוהאלטן די וואנט וואס טיילט אפ רעכט־געשטימטע אר־בעטער פון קאמוניסטן און לינקע. דעריבער האבן זיי אין ניו יארק, צום ביישפיל, אוועקגעפירט זייער ערשטע מאי דעמאנסטראציע אין 1934 אויף אן אנדער פלאץ. דער אויסרייד איז געווען, אז זיי ווילן אויסמיידן א ברודער־קאמף אין דעם אינטערנאציאנאלן ארבעטער־טאג. די ווירקלעכע אורזאך איז געווען, וואס די רעכטע פירער וועלכע באהערשן די ניו יארקער ס. פ. האבן מורא געהאט פאר א פארברידערונג פון די רעכטע און לינקע ארבעטער. זיי האבן געוואוסט, אז א געמיינזאמע דעמאנסטראציע וועט ניט פארשוועכן דעם ערשטן מאי, נאר פארקערט, וועט אויסשמידן איין מעכטיקע פאראייניקטע ארבעטער־ארמיי. אט פאר די ריזיקע פאטענציעלע כוחות פון אזא פאר־אייניקטער ארבעטער־ארמיי האבן זיי מורא. עס וואלט געטריבן צו קלאסנ־קאמף און די וואלדמאנס און וולאדעקס זיינען געגנער פון קלאסנקאמף. זיי ציט צו א פארשטענדיקונג מיט די קאפיטאליסטישע פאליטיקער.

א פאראייניקטער פראנט מיינט ניט די אויסמישונג פון די פארטייען. די טיפע, פונדאמענטאלע אונטערשיידן וואס טיילן אפ די קאמוניסטישע פארטיי פון דער סאציאליסטישער, פארבלייבן ווי פריער. דער פאראייניקטער פראנט איז אבער א ווירקזאמע קראפט, וואס וועט שטויסן די אנגעזאמלטע גרייטקייט צווישן דעם ארבעטער־קלאס צו ווייטערע, מער ציל־באוואוסטע און דערמיט מער פרוכטבארע קאמפן פאר זיין לעבן און פאר זיין רעכט.

אין די רייען פון די ארבעטער וואס שטייען אונטער דעם איינפלוס פון דער ס. פ. און אנדערע רעפארמיסטישע ארגאניזאציעס איז רייף געווארן א הייסער באגער פאר געאייניקטער אקציע. געבן ארגאניזירטן אויסדרוק אט־דעם באגער אויף די ערטער וועט ארויפצווינגען א פאראייניקטן פראנט אויף די פירער פון דער ס. פ. און אנדערע רעפארמיסטישע פירער.

## ניין-און-צוואַנציקסטער קאַפּיטל

# די באַוועגונג פאַר א פאַרמער־לייבאָר פּאַרטיי

טיפע אַרבעטער-אומרואיקייט אין אייראָפּע דערגרייכט אַמעריקע.— באַוועגונג זיך אָפּצורייסן פון אַלטע קאַפּיטאַליסטישע פּאַרטייען וואַקסט. — פּאַרמער, אונטערדריקט פון באַנקען, מיטל-לייט און באַן-קאָמפּאַניעס. — די פּאַרמער נאָן-פּאַרטיזאַן ליג. — די ערשטע לייבאָר-פּאַרטיי אין 1919. — די קאָנפערענץ פאַר פּראָגרעסיווער פּאָליטישער אַקציע און די סאָציאַליסטן. — קאָמוניסטן קעמפן פאַר אַ נאַציאָנאַלער לייבאָר-פּאַרטיי. — יוניאָן-ביוראָקראַטן מאַנעווירן צו טויטן לייבאָר-פּאַרטיי. — די הינטערקוליסן-פּאָליטיק אַרום מעקאַדוס קאַנדידאַטור. — די לאַפּאָלעט-באַוועגונג אין 1924. — דער צוזאַמענפּאַר אין סט. פּאָל און די פעדערייטעד פּאַרמער-לייבאָר פּאַרטיי. — סאָציאַליסטן גייען האַנט אין האַנט מיט די ליבעראַלן אין קליוולאַנד. — נייע פּאַרטיי אָפּגעלייגט. — לאַפּאָלעטס פּראָגראַם, די פּלאַטפּאָרמע פון מיטל-קלאַס און פּאַרמעגלעכע פּאַרמער. — די אַנטוישונג אין די וואָל-רעזולטאַטן. — א. פ. אָוו ל. ביוראָקראַטן קאָמפּיינעווען פּאַר קולידזש און דייוויס. — באַוועגונג פּאַר אַ פּאַרמער-לייבאָר פּאַרטיי אונטערגעגראָבן. — די אָריענטאַציע אין 1935 פּאַר אַ לייבאָר-פּאַרטיי.

דער פּאָליטישער און סאָציאַלער שטורעם וואָס האָט זיך געטראָגן איבער דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט גלייך נאָך דעם וואַפנשטילשטאַנד (1918), האָט אויך אָנגערירט טיילווייז די מאַסן אין די פאַראייניקטע שטאַטן. אַ באַדייטנדיקע פּאָליטישע אויפוואַכונג האָט זיך געלאָזט פילן. די באַוועגונג פּאַר אַ פּאַרמער־לייבאָר פּאַרטיי איז געווען אַן אויסדרוק פון אָט־דער פּאָליטישער אויפוואַכונג פון די מאַסן.

אַ ריי פּאַקטאָרן האָבן געשטופּט די אַרבעטער צו אַ נייעם פּאָליטישן וועג. די ביטערע אַנטוישונג אין וואודראָו ווילסאָן, וועמענס אַרבעטער־פריינטלעכקייט איז פאַרשוואונדן אויף מאָרגן נאָך דעם וואַפנשטילשטאַנד אין 1918, איז געווען אַ וואָגיקע אורזאַך. ווילסאָנען איז געלונגען, מיט דער אַקטיווער שטיצע פון דער א. פ. אָוו ל. פירערשאַפט, זיך אַרומצורינגלען מיט אַ גרויסן פּרעסטיזש פון אַ וואָל־סטריט באַקעמפּער און אַ פריינט פון דער

ארגאניזירטער ארבעטערשאפט. דער פרעסטיזש איז פארביטן געווארן מיט א פלאמיקן צארן, וואס האט געבראכט צו דעם גוואלדיקן פארלוסט פון דער דעמאקראטישער פארטיי אין די פרעזידענט-וואלן אין 1920. דער מער-פארגעשריטענער טייל פון דער ארבעטערשאפט האט אבער איינגעזען, אז פארבייטן די פארטיי פון דעם אייזל אויף דער פארטיי פון דעם העלפאנט (דער עמבלעם פון דער רעפובליקאנישער פארטיי) איז שפרינגען פון וואסער אין פייער.

די ברוטאליטעט מיט וועלכער די רעגירונג האט געהאלפן אונטערדריקן דעם שטאל-סטרייק און דעם קוילן-סטרייק, די אינדזשאנקשאנס וואס זיינען ווידער געווארן די טעגלעכע באגלייטער פון יעדן סטרייק, צוזאמען מיט דער אלגעמיינער טיפער אנטוישונג אין ווילסאנס שיין-פארפוצטע, פרייהייטלעך-דעמאקראטישע קריג-לאזונגען, האט געמאכט פרוכטבאר דעם באדן פאר א גרויסער פאליטישער באוועגונג פון ארבעטער-קלאס. די גרויסע סאציאלע רעוואלוציע אין לאנד פון די געוועזענע צארן, די אזוי-גערופענע ארבעטער-הערשאפט אין דייטשלאנד און עסטרייך אין דער פארמע פון א סאציאל-דעמאקראטישער רעגירונג האט גערעגט די ארבעטער אין אמעריקע און געוועקט ביי זיי א שטרעבונג ארויסצוטרעטן ווי א זעלבסטשטענדיקער כח אויף דער פאליטישער ארענע געגן דעם קאפיטאליסטישן קלאס.

די דעפרעסיע פון 1921-1922 און די פאנאנדערגעוויקלטע קאפיטאליסטישע אפענסיווע אין 1923, וואס האט געהאט די פולסטע שטיצע פון דער רעגירונג, האט פאראורזאכט א צארנדיקע געגנערשאפט צו די צוויי קאפיטאליסטישע פארטייען. די ארבעטער האבן דערזען, אז עס איז ניט פאראן קיין אונטערשייד צווישן א דעמאקראטישער רעגירונג — ווילסאן — און א רעפובליקאנישער — הארדינג, ביידע האבן די ארבעטער מיאוס אפגענארט. דער אנטאגאניזם צום ווייטערדיקן נאכשלעפן זיך אין עק פון די צוויי קאפיטאליסטישע פארטייען איז געווארן א פאקטאר, מיט וועלכן די א. פ. אוו ל. האט זיך געמוזט אנהויבן צו רעכענען.

די באוועגונג פאר א זעלבסטשטענדיקער פאליטישער אקציע נאך יארן-לאנגער פרוכטלאזער נאן-פארטיזאנישקייט, וואס האט געמיינט פארטייאיש-קייט צו די קאפיטאליסטישע פארטייען, איז צונויפגעפאלן מיט אן ענלעכער גרויסער שטרעבונג צווישן די פארמער אין צפון-מערב און דרום-מערב. עס איז דעריבער געווען ניט מער ווי נאטירלעך, אז ביידע שטרעבונגען זאלן

זיך צונויפשמעלצן אין דער פארמער־לייבאר פארטיי און פעדערייטעד פארמער־לייבאר פארטיי.

פארמער האבן זיך געהייבן געגן קאפיטאליסטישער אונטערדריקונג

מיט זייער וויניק אויסנאמען זיינען די צפון־מערב און דרום־מערב שטאטן אגריקולטורעלע צענטרען. אגריקולטור איז דער פונדאמענט פון זייער ווירטשאפט. די עקאנאמישע לאגע פון די פארמער איז דעריבער דער אקס ארום וועלכן עס דרייען זיך די פאליטישע קאמפן און לאזונגען אין די שטאטן.

אין די מלחמה־יארן, ווען די אליאירטע רעגירונגען האבן געצאלט א באנוס פאר אמעריקאנישן ווייץ און פלייש, האט די רעגירונג און די קאפי־טאליסטן בכלל גוואלדיק דערמוטיקט די פארמער אויסצושפרייטן זייער פארזיי־שטח. דער פארמער האט געהערט פון אלע זייטן עצות, אז זיין וואויל־זיין הענגט אפ אויף דער צאל אקער וואס ער פארזייט און אויף דער גרויס פון דער סטאדע וואס ער האדעוועט.

דער פארמער, דער מיטעלער און אפילו דער פארמעגלעכער—די ארעמע ווערן דאך ניט גענומען אין באטראכט — האבן געפאלגט. דאס ווערט פון לאנד אין אזעלכע שטאטן ווי מינעסאטא, די צוויי דאקאטאס, נעבראסקא, אייאווא און די פי־צוכט שטאטן ווי אקלאהאמא, טעקסאס, איידאהא, מאנ־טאנא איז געשטיגן אומגעהויער. אן אקער לאנד אין אייאווא איז געגאנגען אזוי הויך ווי פינף הונדערט דאלאר. די פארמער האבן ניט געהאט קיין זארג צו קריגן קרעדיט. די באנקען און די מארטגעדזש־קאמפאניעס זיינען געשטאנען מיט ברייט־צעעפנטע בייטלען, אבי דער פארמער זאל נאר נעמען די הלואה. דער פארמער האט גענומען, זיך ריכטנדיק אז די הויכע פרייזן און דער פרייער קרעדיט וועלן אזוי אנהאלטן אייביק.

מיט דער געוויינלעכער קאפיטאליסטישער פלאנלאזיקייט און אפילו וואנ־דאליזם (אויספלינדערונג פון די נאטירלעכע רייכטימער פון באדן) זיינען גרויסע שטרעקעס לאנד, וואס האבן ניט געטארט באנוצט ווערן פאר תבואות, צעאקערט געווארן. וואו וועלדער האבן געשטערט דעם פרייען באדן זיינען זיי ארונטערגעהאקט געווארן. וואו א שטייענדיק וואסער אדער א פייכטער פלאץ איז געשטאנען אין וועג, איז עס אויסגעטריקנט און צעאקערט געווארן. דער שפעטערדיקער רעזולטאט איז געווען, אז דער מאנגל פוןביימער און

פייכטע פלעצער האט פאראורזאכט א טריקעניש פון דעם באדן און פאר־וואנדלט גוט לאנד אין שלעכטן. די בלינדע, ניט־וויסנשאפטלעכע „אויס־שפרייטונג" האט געשטעלט דעם באדן אונטער א שטענדיקער געפאר פון טריקעניש, אבער די רעזולטאטן זיינען געקומען אין א פולער מאס מיט יארן שפעטער, באזונדערס אין 1934.

צו „הילף" דעם פארמער איז אויך געקומען די עלעוויטער־קאמפאניע און דער טראסט פון לאנדווירטשאפטלעכע מאשינען. צוזאמען מיט דעם פאר־גרעסערטן פארזיי־שטח איז גרעסער געווארן די נויטווענדיקייט אין מאשינען. דאס האט מען אויך געקראגן אויף קרעדיט, אויף אויסצאלן.

די דערמוטיקונג און קרעדיט וואס די פארמער האבן באקומען, האבן געבראכט די פאלגנדיקע רעזולטאטן:

אין 1900 האט דער אלגעמיינער ווערט פון דעם פארמערשן אייגנטום — באוועגלעכער און אומבאוועגלעכער אינווענטאר — באטראפן 3 ביליאן, 825 מיליאן דאלאר, 40 פראצענט פון דעם גאנצן אינוועסטירטן קאפיטאל אין דער אינדוסטריע וואס פראדוצירט פארטיקע און האלב־פארטיקע פרא־דוקטן.

אין 1920 האט עס שוין באטראפן 11 ביליאן, 600 מיליאן דאלאר און דערביי אויסגעמאכט נאר 25 פראצענט פון אינוועסטירטן קאפיטאל אין דער זעלבער אינדוסטריע.

די פראדוקציע פון דער לאנדווירטשאפט־געזעטעניש און די פראדוקציע פון פי־צוכט האט אין 1900 באטראפן 3 ביליאן, 549 מיליאן דאלאר. 25 יאר שפעטער איז זי געוואקסן צו 13 ביליאן דאלאר.

גלייך נאך דעם וואפנשטילשטאנד זיינען פרייזן אויף תבואות און אויף פלייש שטארק געפאלן. דער פארמער וואס האט שטארק קאפיטאליזירט זיין פארם (אריינגעלייגט גרעסערע קאפיטאלן), האט דערפילט דעם ערשטן דרוק. די מארטגעדזש־קאמפאניעס דארף מען צאלן, פאר די מאשינען דארף מען אויך צאלן. די עלעוויטאר־קאמפאניעס האלטן אים אין האנט און דאס זעלבע טוען די באן-קאמפאניעס מיט זיין פראכט.

פון יענער צייט איז די לאנדווירטשאפט אריינגעטראטן אין א כראנישן קריזיס, וואס האט אנגעהאלטן — מיט אויסנאמען פאר געוויסע צווייגן אין געוויסע צייטן — די גאנצע צייט, אפילו אין די יארן פון אינדוסטריעלער אנטוויקלונג אין דער פראספעריטעט.

## די נאָן־פּאַרטיזאַן ליג און איר דורכפאַל

די ערשטע באַדייטנדיקע פאַרמער־באַוועגונג זינט די פּאָפּוליסטן, אין מיטן פון די ניינציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט, איז געווען די נאָן־פּאַרטיזאַן ליג, אָרגאַניזירט פון ארטור ג. טאונלי נאָך אין 1915, אין נאָרט דאַקאָטאַ.

טאונלי איז געווען אַ שטיקל צייט אַ מיטגליד און אפילו אַן אָרגאַני־זאַטאָר פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין צפון־מערב. זיין אָנגעהעריקייט צו דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי האָט אים ניט פאַרוואַנדלט אין אַ מאַרק־סיסט, ווי עס האָט ניט פאַרוואַנדלט טויזנטער אַנדערע מיטגלידער פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. עטוואָס האָט זיך אין אים יאָ צוגעקלעפּט פון דער ס. פּ. — דער גלויבן אין דעם אַבסאָלוטן כח פון דעם וואַל־צעטל.

פון 1916 ביז 1921 איז די נאָן־פּאַרטיזאַן ליג געווען אַ גרויסער פאַקטאָר אין פופצן שטאַטן אין צפון-מערב און דרום־מערב, פון טעקסאַס און אָקלאַ־האָמאַ ביז די דאַקאָטאַס און מינעסאָטאַ. די ליג האָט דערוויילט אַ גאָווערנאָר און אַ סענאַטאָר אין נאָרט דאַקאָטאַ און עטלעכע קאָנגרעסלייט אין אַנדערע שטאַטן און נאָך מער מיטגלידער אין די שטאַט־לעגיסלאַטורן. זי איז פאַר־שוואונדן מיט דער זעלבער מעטעאָרישער שנעלקייט מיט וועלכער זי איז געוואַקסן.

טאונלים טעאָריע איז באַשטאַנען אין דעם, אַז די פאַרמער קענען געווינען די פּאָליטישע מאַשין אין דעם שטאַט ווען זיי געווינען די פּריימערים (נאָמינאַציע־וואַלן) פון יעדער פּאַרטיי. טאונלי איז געווען קעגן אַ באַזונדערער פּאָליטישער פּאַרטיי פון פאַרמער און אַרבעטער. זיין גלויבן אין דער אַל־מעכטיקייט פון די פּריימערים האָט אים געבראַכט דערצו, אַז אַלצדינג איז געשטעלט געוואָרן אין קאָן אין טאָג פון די פּריימערי־וואַלן.

די נאָן־פּאַרטיזאַן ליג פלעגט זיך קאָנצענטרירן אויף די פּריימערים, אַרויסשטעלן קאַנדידאַטן סיי אין די דעמאָקראַטישע און סיי אין די רעפּוב־ליקאַנישע פּריימערים. ווען אירע קאַנדידאַטן האָבן געקראָגן די מערהייט און דערמיט די נאָמינאַציעס פאַר די עמטער, האָט די נאָן־פּאַרטיזאַן ליג געפירט די וואַל־קאַמפּאַניע פאַר זיי אין איר נאָמען, אָבער אונטער דעם עמבלעם פון דער רעפּובליקאַנישער און דעמאָקראַטישער פּאַרטיי.

די נאָן־פּאַרטיזאַן ליג האָט זיך שטאַרק אויסגעשפּרייט. איר פּלאַטפאָרמע איז באַשטאַנען פון פינף פונקטן :

„דער שטאַט זאָל באַזיצן די תבואה-עלעוויטאָרס, מילן, פלייש-הייזער און די קאַלטע וואַרעהייזער.

„דער שטאַט זאָל אונטערזוכן און אינספּעקטירן די סאָרטירונג פון די תבואות.

„שטאַט פאַרזיכערונג-סיסטעם געגן האָגלען.

„אויסבעסערונגען אין די פאַרמס זאָלן באַפרייט זיין פון שטייערן.

„פאַרם-קרעדיט באַנקען וואָס זאָלן רעכענען נאָר קאָסט-פּרייז."

די פּראָגראַם שטעלט מיט זיך פאָר די נויטן פון די פאַרמעגלעכע און מיטעלע פאַרמער. הויפּטזאַכלעך איז זי געצילט געגן די באַנקען, געגן די קאַפּיטאַליסטישע מיטל־לייט וואָס שטייען צווישן דעם פאַרמער און דעם קאָנ־סומער אין שטאָט. שפּעטער זיינען אויך צוגעקומען פאָדערונגען צו רעגולירן די פּרייזן פאַר פראַכט וואָס די באַן־קאָמפּאַניעס רעכענען.

די קאַפּיטאַליסטן וואָס קאָנטראָלירן די עלעוויטאָרס און די פלייש־הייזער און די קאַלטע וואַרעהייזער צוזאַמען מיט די באַן־קאָמפּאַניעס זיינען די יעניקע וואָס האַלטן דעם פאַרמער פאַרן האַלז. אויסער די הויכע פּרייזן וואָס זיי רעכענען דעם פאַרמער, דיקטירן זיי אים זייער קליינע פּרייזן פאַר זיינע פּראָדוקטן. דערצו האָבן זיך די פאַרמער געקלאָגט אַז די עלעוויטאָר־קאָמפּאַניעס באַשווינדלען זיי. זיי סאָרטירן די תבואה אויף נידעריקע גראַדן און נאָכדעם פאַרקויפן זיי דעם מיל־אייגנטימער פאַר הויכע גראַדן. דער הויפּט-צוועק פון דער נאָן־פּאַרטיזאַן ליג איז דעריבער געווען צו עלימינירן דעם קאַפּיטאַליסטישן מיטל־מאַן און פאַרבייטן אים מיט אַגענטורן פון דעם שטאַט, וואָס וועלן האָבן אין זינען די אינטערעסן פון דעם פאַרמער.

אין 1918 האָט די ליג געוואונען אַ מערהייט אין דער לעגיסלאַטור אין נאָרט דאַקאָטאַ. דעם גאָווערנאָר האָט זי דערוויילט נאָך אין 1916. די ליג האָט גענומען דורכפירן אין לעבן איר פּראָגראַם. דאָס האָט געפאָדערט געלט. אַ שטאַט־באַנק איז געגרינדעט געוואָרן און די באַנק האָט אַרויסגעלאָזט באָנדס (ווערט־פּאַפּירן). די קאַפּיטאַליסטן האָבן דערזען אַ געפאַר פאַר זייערע קעשענעס. די באַנק איז באַגעגנט געוואָרן מיט אַקטיווער פיינטלעכ־קייט אין וואָל־סטריט. די באַנקירן האָבן דערקלערט אַ פאַרמעלן פינאַנציעלן באָיקאָט. זיי האָבן אויך געפירט אַ העצערישע פּראָפּאַגאַנדע אין די צייטונגען, אַז די „סאָציאַליסטישע עקספּערימענטן" פון דער ליג וועלן רואינירן דעם שטאַט.

אין נאָרט דאַקאָטאַ גופא איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ מעכטיקע אָפּאָזיציע וואָס האָט געקראָגן די שטיצע פון דעם הויכן געריכט אין שטאַט. אַ סך

געזעצן זיינען דערקלערט געוואָרן אומקאָנסטיטוציאָנעל. צו מאַכן דעם קאַמף נאָך ווירקזאַמער, האָבן די רעפּובליקאַנער און דעמאָקראַטן זיך פאַראייניקט אין די פּריימערי־וואַלן. די ליג האָט ניט געקענט פאַרכאַפּן די פאַראייניקטע פּריימערים. שפּעטער האָבן די צוויי פּאַרטייען דורכגעפירט אויך אַן ענדערונג אין די פּריימערי־געזעצן וואָס האָט אוממעגלעך געמאַכט אַז „פרעמדע" עלע־מענטן זאָלן קענען פאַרכאַפּן די נאָמינאַציעס פון אַ רעגולערער פּאַרטיי. אַזעלכע אַמענדמענטס זיינען דורכגעפירט געוואָרן אין די מערסטע שטאַטן וואו די ליג איז געווען אַ פאַקטאָר. טאַונלים באַדן איז אים אַרויסגעפאַלן פון אונטער די פיס. זיין עקאָנאָמישע פּראָגראַם איז צעשאָסן געוואָרן אין דעם ערשטן שטאַט וואו די ליג האָט געוואונען די מאַכט.

אין 1918 האָט די ליג געציילט העכער 182,000 מיטגלידער וואָס האָבן געצאָלט 16.50$ אַ יאָר. די ליג האָט פאַרמאָגט אַ ריי וועכנטלעכע און צוויי טעגלעכע צייטונגען. אין 1920 האָט זיך אָנגעהויבן דער פאַנאַנדערפאַלונג־פּראָצעס. פאַרכאַפּן די פּריימערים איז געוואָרן אוממעגלעך. די גאַנצע פּאָ־ליטישע פּראָגראַם פון דער ליג איז אונטערגעגראָבן געוואָרן. אירע עקאָ־נאָמישע מיטלען זיינען אויפגעריסן געוואָרן פון די גרויס־קאַפּיטאַליסטישע געגנער. אַ רעוואָלט אין דער ליג געגן טאַונלים הערשאַפט האָט זיך אָנגע־הויבן. די רעבעלן זיינען טיילווייז אַריבער אין דעם לאַגער פון דער פאַרמער־לייבאָר פּאַרטיי. טאַונלי איז געבליבן איינגעשפּאַרט און האָט אויפגעהערט אויסצואיבן אַן איינפלוס.

## גרינדונג פון דער ערשטער לייבאָר־פּאַרטיי אין 1919

די ערשטע לייבאָר־פּאַרטיי איז געשאַפן געוואָרן אויף אַ קאָנפערענץ דעם 22סטן נאָוועמבער, 1919, אין שיקאַגאָ. אַ יאָר שפּעטער איז פאָרגעקומען די פאַראייניקונג מיט די פאַרמער־עלעמענטן און די פּאַרטיי האָט געענדערט איר נאָמען אויף פאַרמער־לייבאָר פּאַרטיי.

די גרינדער פון דער לייבאָר־פּאַרטיי זיינען געווען רעכטע סאָציאַליסטן וואָס האָבן פאַרלאָזן די פּאַרטיי נאָכדעם ווי דער לינקער פליגל האָט דורכ־געפירט די אַנטי־מלחמה רעזאָלוציע, ווי מאַקס העיז פון דער שריפטזעצער יוניאָן, דאַנקאַן מעקדאָנאַלד און ווילאַם קאַן און די אַזוי־גערופענע פּראָ־גרעסיווע גרופּע אין דער א. פ. אָוו ל., געפירט פון פיצפּעטריק און נאָקעלס פון דער שיקאַגאָ פעדעריישאָן.

ניט געקוקט אויף דער שאַרפער אָפּאָזיציע פון גאָמפּערס, וואָס איז

אַרויסגעקומען מיט זיין איינענער פּראָגראַם פון רעקאָנסטרוקציע (זע דעם קאַפּיטל: די אומרואיקייט נאָכן וואַפנשטילשטאַנד), זיינען אַ סך לאָקאַלן פון דער א. פ. אָוו ל. געווען פּאַרטראָטן. אין זעלבן יאָר האָט דער צוזאַמענ־פּאָר פון די יונייטעד מיין וואָירקערס באַשלאָסן צו שטיצן די גרינדונג פון אַ לייבאָר־פּאַרטיי. אַזאַ באַשלוס האָט אויך אָנגענומען די אַמאַלגאַמייטעד קלאָדינג וואָירקערס, די שיקאַגאָ פעדערײשאָן און נאָך גרויסע יוניאָן־קערפּער־שאַפטן.

דערוויילע איז די לאַגע פון די פאַרמער געוואָרן ערגער. די דעפּרעסיע פון 1921 האָט געטריבן פיל פאַרמער צו באַנקראָט. צווישן 1920 און 1924 האָבן העכער פון צוויי מיליאָן פאַרמער פאַרלאָרן דאָס אייגנטום איבער זייערע פאַרמס און האָבן געמוזט אויסוואַנדערן אין שטאָט צו זוכן אַרבעט. טיילן פון דער נאָן־פּאַרטיזאַן ליג זיינען געקומען צום שלוס, פּונקט ווי טיילן פון דעם אַרבעטער־קלאַס, אַז אַ זעלבסטשטענדיקע פּאָליטישע אַקציע איז אומ־פאַרמיידלעך אָפּצושלאָגן די אַטאַקעס פון די קאַפּיטאַליסטן, אַז פון די צוויי אַלטע קאַפּיטאַליסטישע פּאַרטייען קענען די האָרעפּאַשנע מאַסן גאָרניט דער־וואַרטן.

די אַרבעטער־גרופּעס און פאַרמער־גרופּעס האָבן זיך אין 1920 פאַר־איייניקט אין דער פאַרמער־לייבאָר פּאַרטיי, וואָס האָט אַרויסגעשטעלט אַ פּרעזידענט־קאַנדידאַט אין די וואַלן פון זעלבן יאָר, פּאַרלי קריסטענסען, אַ לאָיער פון וואַשינגטאָן שטאַט. מער ווי 265,000 שטימען האָט ער ניט גע־צויגן. די פּאַרטיי איז געווען גאָר יונג און האָט ניט געהאַט קיין גרויסע אָרגאַניזירטע כוחות הינטער זיך. זי האָט אויך ניט פאַרמאָגט קיין וואַל־אַפּאַראַט. דער עקזעקוטיוו קאָונסיל פון דער א. פ. אָוו ל. איז שאַרף אַרויס־געטראָטן געגן דער פּאַרטיי און גאָמפּערס האָט איר באַצייכנט ווי אַ מעסער דער טרייד־יוניאָן באַוועגונג.

די פּראָגראַם פון דער ערשטער פאַרמער־לייבאָר פּאַרטיי איז געווען אויפן שטייגער פון דער ענגלישער לייבאָר פּאַרטיי: די נאַציאָנאַליזאַציע פון די נאַטירלעכע רייכטימער, טעלעפאָנען און טעלעגראַפן, רעגירונג־קרעדיט די פאַרמער, נאַציאָנאַליזאַציע פון דעם ניט־קולטיווירטן באָדן, דאָס רעכט צו סטרייקן און פּיקעטן און נאָך פון דעם סאָרט. קיין קאָנקרעטער פּונקט אָפּצושאַפן די קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג איז ניט געווען.

די שטייגנדיקע שטימונג פאַר פּאָליטישער אַקציע האָט געמאַכט אומ־רואיק די יוניאָן־ביוראָקראַטן. די קאָמוניסטישע פּאַרטיי און די וואָירקערס פּאַרטיי האָבן אַנטוויקלט אַ שטאַרקע קאַמפּאַניע אַרום דער לאָזונג פון אַ

לייבאָר-פּאַרטיי וואָס זאָל זיין געבויט אויף די באַלדיקע נויטן פון די אַר־בעטער־מאַסן און וואָס זאָל אַרבעטן אין ענגער באַרירונג מיט די מיטעלע און אָרעמע פאַרמער. די אַגיטאַציע פון די קאָמוניסטן האָט געמאַכט פאָר־שריט. די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי איז אויך געווען פאַר אַ לייבאָר־פּאַרטיי. אַ סך יוניאָן־צוזאַמענפאָרן האָבן זיך אַרויסגעזאָגט פאַר זעלבסטשטענדיקער פּאָליטישער אַקציע פון דעם אַרבעטער־קלאַס, אַזוי שאַרף איז געווען די שטימונג געגן ווייטערדיקער מיטאַרבעט מיט די קאַפּיטאַליסטישע פּאַרטייען.

## יוניאָן־ביוראָקראַטן זוכן צו דערשטיקן פּאָליטישע אַקציע

גאָמפּערס און זיינע לייטענאַנטן זיינען געבליבן איינגעשפּאַרט, אָבער די מער־בויגזאַמע יוניאָן־ביוראָקראַטן האָבן געענדערט זייער טאַקטיק. אָנשטאָט צו גיין געגן דעם שטראָם האָבן זיי געזוכט זיך אַרויפצוכאַפּן אויפן שטראָם און פאַרקירעווען אים אין אַ זייט. דערצו האָט זיי געטריבן די האַנדלונג פון די צוויי קאַפּיטאַליסטישע פּאַרטייען מיט זייערע נאָמינאַציעס אין 1924.

דער ערשטער צוג איז געקומען פון די בראָדערהוד־פירער. די באַן־אַרבעטער האָבן געוואָלט אַ געמיינזאַמע פּאָליטישע אַקציע פון אַלע אַרבעטער צו פאַרטיידיקן זייערע אַרבעט־באַדינגונגען געגן די אַטאַקעס פון די באַן־קאָמפּאַניעס, וועלכע האָבן געקראָגן אַ פרייע האַנט פון דער האַרדינג־רעגירונג אַרונטערצוקוועטשן דעם לעבנס־סטאַנדאַרד פון די נאָענט צו צוויי מיליאָן באַן־אַרבעטער. נאָכדעם ווי די באַן־מאַגנאַטן האָבן צוריקגעקראָגן די באַנען פון דער רעגירונג, האָבן זיי צוויי מאָל געשניטן דעם לוין פון די אַרבעטער. דער אַדאַמסאָן אַכט שטונדן אַרבעט־געזעץ פאַר די באַנען, וואָס קאָנגרעס האָט אָנגענומען אין 1916 ווי אַ מיטל צו געווינען די באַן־אַרבעטער, איז שפּעטער דורך „אויסטייטשונגען” אַנולירט געוואָרן.

די „אַריסטאָקראַטישע” מיטגלידער פון די פיר באַן־בראָדערהודס זיינען ניט געשיינט געוואָרן פון די באַן־קאָמפּאַניעס. זייער טיפע אַנטוישונג אין דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי — ווילסאָן — און אין דער רעפּובליקאַנישער פּאַרטיי — האַרדינג — האָט געזוכט אַן אויסגאַנג אין אַן אייגענער פּאַרטיי פון אַרבעטער און פאַרמער. די באַן־אַרבעטער האָבן פאַרשטאַנען, אַז דער פּאָליטישער קאַמף איז אַ נויטווענדיקער טייל פון דער פאַרטיידיקונג. די פירער האָבן אָבער ניט געוואָלט קיין אַרבעטער־פּאַרטיי. זייער באַגער איז געווען צו שפּילן הויך־פּאָליטיק מיט די צוויי קאַפּיטאַליסטישע פּאַרטייען.

דעם 20סטן פעברואַר, 1922, האָבן די באַן־בראָדערהוד פירער איינ־

בארופן אַ קאָנפערענץ אין שיקאַגאָ מיטן צוועק צו דיסקוטירן די פראַגע פון „פּראָגרעסיווער פּאָליטישער אַקציע". דאָס וואָרט פּראָגרעסיווער איז אַן אַלטער שלייער פאַר יעדן קאַפּיטאַליסטישן פּאָליטישען און לייבאָר־דעמאַגאָג. אויסער אַ ריי יוניאָנס האָבן זיך אין דער קאָנפערענץ באַטייליקט די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, די ליבעראַלע „קאָמיטע פון אַכט און פערציק" און די פּאַרמער־לייבאָר פּאַרטיי. באַלד איז קלאָר געוואָרן, אַז די איניציאַטאָרן פון דער „פּראָגרעסיווער פּאָליטישער אַקציע" האָבן ניט בדעה צו אָרגאַניזירן אַ לייבאָר־פּאַרטיי, נאָר ווייטער צו טרייבן, אונטער אַן אַנדער פירמע, די באַנקראָטירטע נאָן-פּאַרטיזאַן פּאָליטיק פון גאָמפּערס.

די קאָנפערענץ האָט זיך דערקלערט פאַר אַ צייטווייליקער און האָט באַשלאָסן צו פאַררופן אַ גרעסערן צוזאַמענקונפט, דעצעמבער פון זעלבן יאָר, אין קליוולאַנד, אָהייאָ. די קאָמוניסטישע פּאַרטיי און די וואָירקערס פּאַרטיי האָבן פאַרשטאַרקט זייער קאַמפּאַניע פאַר אַ לייבאָר־פּאַרטיי. די שטימונג צווישן גרויסע אַרבעטער־טיילן איז געווען דורכאויס פאַר אַ זעלבסטשטענדיקער פּאַרטיי און ניט פאַר אַ נייער „פּראָגרעסיווער" מאַכערייקע וואָס „באַלוינט די פריינט און באַשטראָפט די פיינט" (די לאָזונג פון דער א. פ. אָוו ל. פירערשאַפט).

צו דער קאָנפערענץ אין קליוולאַנד זיינען געקומען פאָרשטייער פון יוניאָנס וואָס פאַרטרעטן צוויי מיליאָן אָרגאַניזירטע אַרבעטער. עס זיינען אויך געקומען פאָרשטייער פון פּאַרמער־אָרגאַניזאַציעס מיט אַ מיליאָן מיטגלידער, אַ גרויסער כח פאַר דעם ערשטן פּאָליטישן אַרויסטרעט פון די האָרעפּאַשניקעס פון שטאָט און דאָרף.

קאָמוניסטן ניט צוגעלאָזט, לייבאָר פּאַרטיי דורכגעוואָרפן.

די איניציאַטאָרן פון דער קאָנפערענץ האָבן זיך באַוואָרנט מיט עטלעכע סטראַטעגישע צוגן, ניט צו דערלאָזן דעם רענק און פייל צו קאָנטראָלירן די קאָנפערענץ און גרינדן די לייבאָר־פּאַרטיי.

זיי האָבן אַזוי איינגעטיילט די צאָל שטימען, אַז די גאַנצע מאַכט איז געבליבן אין די הענט פון די נאַציאָנאַלע יוניאָן-פירער. די פאָרשטייער פון די לאָקאַלע יוניאָנס זיינען געבליבן ביי גאָר אַ קנאַפּער דעה.

צווייטנס, האָבן זיי באַשלאָסן ניט צולאָזן די דעלעגאַטן פון דער וואָירקערס פּאַרטיי און פון דער יאַנג וואָירקערס ליג. דריטנס, האָבן זיי פאַרצויגן די פראַגע פון אַ לייבאָר־פּאַרטיי ביז דער לעצטער מינוט און האָבן

עס דורכגעוואָרפן מיט א קליינער מערהייט פון 64 שטימען געגן 52. דאָס זעלבע האָבן זיי געטאָן מיט דער פראַגע פון צולאָזן די וואָירקערס פּאַרטיי דעלעגאַטן. די קרעדענשעל־קאָמיטע האָט פאַרצויגן דעם באַריכט ביז וואַנען די יוניאָן־ביוראָקראַטן האָבן גוט צוגעגרייט זייער מאַשין. די ביוראָקראַטן האָבן געוואוסט, אַז מיט די קאָמוניסטן אויף דער קאָנפערענץ וועט זיי אָנ־קומען פיל שווערער דורכצואוואַרפן די לייבאָר־פּאַרטיי.

די קאָנפערענץ האָט דעמאָנסטרירט די נישטיקייט פון רעזאָלוציעס וואָס יוניאָן־ביוראָקראַטן זיינען געצוואונגען אָנצונעמען אויף צוזאַמענפאָרן. א סך יוניאָן־דעלעגאַטן וועלכע האָבן געהאַט א מאַנדאַט צו שטיצן א לייבאָר־פּאַרטיי, האָבן געהאָלפן די בראָדערהוד־פּירער צו שטערן די גרינדונג פון דער פּאַרטיי. די „פּראָגרעסיווע" יוניאָן-פירער, מיט דער אויסנאַם פון די עטלעכע פון שיקאַגאָ, האָבן אויך דעמאָנסטרירט זייער רוקנביינלאָזיקייט. זייער אַרויסטרעט פאַר א לייבאָר־פּאַרטיי איז געווען ניט מער ווי אַן אָנשטעל. די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, ווידער, האָט געוויזן אַז אָנהאַלטן פרידלעכע באַציאונגען מיט די יוניאָן־פירער איז ביי איר וואָגיקער ווי די עלעמענטאַרע אַרבעטער־אינטערעסן און אירע אייגענע באַשלוסן. די פּאָליטיק פון „לעבן און פרידן" מיט קאָנסערוואַטיווע און רעאַקציאָנערע יוניאָן־ביוראָקראַטן האָט שפּעטער געטריבן די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי צו א גרעסערן פאַרראַט געגן דער באַוועגונג פאַר א פאַרמער־לייבאָר פּאַרטיי.

די באַוועגונג פאַר א פאַרמער־לייבאָר פּאַרטיי האָט געקראָגן א קלאַפּ. די יוניאָן־פּאָליטישענס האָבן אָפּגעהאַלטן א זיג. אָבער די באַוועגונג איז ניט געטויטעט געוואָרן. א טייל פון די גרינדער פון דער ערשטער פאַרמער־לייבאָר פּאַרטיי, דזשאָן פיצפּעטריק, עדוואַרד נאָקעלס און באָק פון דער שיקאַגאָ פעדערײשאָן אָוו לייבאָר זיינען אַרויסגעטראָטן פון דער קאָנפערענץ אין קליוור־לאַנד, פאַרדאַמט אירע באַשלוסן און האָבן פאַררופן א נאַציאָנאַלן צוזאַמענ־פאָר דעם דריטן יולי, 1923, אין שיקאַגאָ. אַלע אַרבעטער און פאַרמער־אָרגאַניזאַציעס וואָס זיינען פאַר דער גרינדונג פון דער פּאַרטיי זיינען איינ־געלאַדן געוואָרן, די וואָירקערס פּאַרטיי אַריינגערעכנט.

עס איז כאַראַקטעריסטיש, אַז די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי וואָס האָט געהאַט א פעסטן באַשלוס צו העלפן גרינדן א לייבאָר־ אָדער פאַרמער־לייבאָר פּאַרטיי, האָט אָנטזאָגט די איינלאַדונג צום צוזאַמענפאָר אין שיקאַגאָ. די הילקוויטס איז שטאַרק ניט געפעלן געוואָרן וואָס די וואָירקערס פּאַרטיי איז איינגעלאַדן געוואָרן אין שיקאַגאָ. צווייטנס, האָבן די הילקוויטס זיך געהאַלטן

שטאַרק ביי דער פאַלע פון די נאַציאָנאַלע יוניאַן־פירער, וועלכע וועלן אין שיקאַגאָ שיינען מיט זייער אַפּוועזנהייט.

אין איין גאַנג איז נויטיק צו פאַרצייכענען די נידערטרעכטיקע רעזאָ־לוציע, וואָס די הילקוויטס האָבן אַריינגעטראָגן אויף דער קאָנפערענץ פאַר פּראָגרעסיווער פּאָליטישער אַקציע אין קליוולאַנד, וואָס מיר האָבן נאָר־וואָס באַשריבן. אַרויסטרעטנדיק בלומרשט געגן די פּראָוואָקאַטאָרישע פּאַרלוימ־דונגען פון די יוניאָן־ביוראָקראַטן אַז די וואָירקערס פּאַרטיי איז ניט־אַמערי־קאַניש און ווערט געפירט פון שפּיאָנען און פּריוואַטע דעטעקטיווס (דאָס איז געווען די רעדע פון עדוואַרד קיטינג, אַ לאָיער פון די באַן־בראָדערהודס און שפּעטער „פּראָגרעסיווער" קאָנגרעסמאַן פון קאָלאָראַדאָ), האָט בראַנדסטע־טער, נאַציאָנאַלער סעקרעטאַר פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, געלייענט די פאָלגנדיקע דערקלערונג, פון וועלכער מיר געבן איבער דעם סוף:

„די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי גלויבט אָבער, אַז די דערפאַרונג האָט געוויזן אַז די צעשטערנדיקע טאַקטיק פון דער וואָירקערס פּאַרטיי באַרעכטיקט איר אויסשליסונג. די פּאַרטיי גלויבט ווייטער, אַז דער פאַקט וואָס די וואָירקערס פּאַרטיי האָט צוריקגעוויזן די פּרינציפּן פון דעמאָקראַטיע צו גונסטן פון דיקטאַטור האָט זי דערמיט זיך געשטעלט געגן די פּרינציפּן פון דער קאָנ־פערענץ און איז ניט באַרעכטיקט צו פאַרטרעטערשאַפט." (נייטען פיין, פאַרמער- און לייבאָר-פּאַרטייען, זייט 405.)

די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט דערמיט אָפּן דערקלערט, אַז די יעניקע וואָס זיינען פאַר פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור טאָרן ניט צוגעלאָזט ווערן צו קיין אַרבעטער־צוזאַמענקונפט. די קיטינגס, וואָס גלויבן אין דער הייליקייט פון דער אַמעריקאַנישער קאָנסטיטוציע, זיינען גוטע שותפים פאַר די היל־קוויטס און בערגערס, אָבער ניט די קאָמוניסטן וואָס שטרעבן איינצופירן די הערשאַפט פון די אַרבעטער און אָרעמע פּויערים.

### גאָמפּערס סטראַשעט די שיקאַגאָ א. פ. אָוו ל. פירער; באַוועגונג סאַבאָטאַזשעוועט

דער רוף צו אַ נאַציאָנאַלער קאָנווענשאָן מיטן אָנטייל פון קאָמוניסטן האָט אַרויסגערופן אַ גוואַלדיקן צאַרן צווישן די סאָציאַליסטישע פירער, די א. פ. אָוו ל. ביוראָקראַטן און די ליבעראַלן פון דער „48ער קאָמיטע". אַ קאָנצענטרירטע אַטאַקע האָט זיך אָנגעהויבן פון אַלע זייטן. די פירער פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי זיינען ניט אָפּגעשטאַנען פון אַזעלכע אויס-

געשפּראָכענע דינער פון קאַפּיטאַליזם ווי גאָמפּערס און טאָבין, פּרעזידענט פון דער טימסטער (טרייבער) יוניאָן. אַן אָפענע קאַמפּאַניע און אַ געהיימער דרוק, ביידע מיטלען זיינען ברייט אָנגעווענדט געוואָרן צו טויטן דעם צוזאַמענפאָר אין שיקאַגאָ. די גאַנצע קאַפּיטאַליסטישע פּרעסע האָט געדרוקט פאַרלוימדונגען וועגן דעם צוועק פון דעם צוזאַמענפאָר אין שיקאַגאָ. די רעאַקציאָנערע פירער פון די יוניאָנס האָבן געוואָרנט זייערע לאָקאַלן ניט אָנטיילצונעמען אין דעם צוזאַמענפאָר. גאָמפּערס אַליין מיט זיין גוט־באַקאַנטער מאַשין-טאַקטיק האָט אויסגעאיבט אַ שטאַרקן דרוק און געסטראַ־שעט די פירער פון דער שיקאַגער פעדעריישאָן מיט אויסשליסונגען, אויב זיי וועלן גרינדן אַ פּאַרטיי און נאָך צוזאַמען מיט די קאָמוניסטן. דער דרוק און די סטראַשונקעס האָבן געווירקט אויף די פּראָגרעסיווע יוניאָן־טוער. דזשאָן פיצפּעטריק, עדוואַרד נאָקעלס און באַק האָבן זיך גענומען וואַקלען. דער פונדאַמענט פון דער נייער פאַרמער־לייבאָר פּאַרטיי איז שוין אונטער־געריסן געוואָרן, כאָטש דער רענק און פייל און די וואָירקערס פּאַרטיי האָבן נאָך ניט געוואוסט דערפון.

די וואָירקערס פּאַרטיי און די טרייד־יוניאָן עדיוקיישאָנאַל ליג זיינען דער־ווייל אָנגעגאַנגען מיט דער אַגיטאַציע. די ליג האָט צעשיקט טויזנטער בריוו צו אַלע לאָקאַלן פון דער א. פ. אָוו ל. און האָט אויפגעוועקט אַ מאַסן־סענטימענט פאַר אַ עכטער פאַרמער־לייבאָר פּאַרטיי.

דער צוזאַמענפאָר איז פאָרגעקומען, אָבער דער פאַרבאָט און די סטראַ־שונקעס פון די נאַציאָנאַלע יוניאָן־פירער פון דער א. פ. אָוו ל. און פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי האָבן געהאַט אַ ווירקונג. קיין גרויסע יוניאָנס זיינען ניט געווען פאַרטראָטן. עס זיינען געווען אַ היפּשע צאָל לאָקאַלע יוניאָנס, עטלעכע שטאַטישע צענטראַלע קערפּערשאַפטן, די וואָירקערס פּאַרטיי און אַ האַלבער טוץ פאַרמער-אָרגאַניזאַציעס וואָס האָבן זיך ניט דערשראָקן פאַר דעם רויטן געשפּענסט וואָס די קאַפּיטאַליסטן און זייערע ארויסהעלפער אין דעם אַרבעטער־קלאַס האָבן אויפגעהויבן. דער צוזאַמענפאָר האָט פאַר־טראָטן עטלעכע הונדערט טויזנט אָרגאַניזירטע אַרבעטער. פון סאַמע אָנהייב איז קלאָר געוואָרן, אַז די גרויסע מערהייט פון די דעלעגאַטן פון די ערטער זיינען דורכאויס פאַר אַ באַלדיקער גרינדונג פון אַ נאַציאָנאַלער פּאַרטיי פון אַרבעטער און פאַרמער. אָבער דאָ האָט פּאַסירט אַזוינס וואָס די רענק און פייל דעלעגאַטן האָבן ניט געוואוסט. די פירער פון דער שיקאַגאָ פעדעריישאָן אָוו לייבאָר, אָנגעשראָקן פון גאָמפּערסעס סטראַשונקעס, האָבן באַשלאָסן צו

מאכן א שריט צוריק און אויפרייסן די באוועגונג וואס זיי אליין האבן אנגעהויבן.

חבר טשארלס ע. רוטענבערג האט נאכדעם דערציילט, אז מיט צוויי וואכן פאר דעם צוזאמענפאר האט די ווארקערס פארטיי געשיקט א קאמיטע אין שיקאגא דורכצורעדן זיך וועגן דעם פלאן פון דעם צוזאמענפאר. די קאמיטע איז געקומען צו פארשטענדיקונג מיט די פארשטייער פון דער פארמער־לייבאר פארטיי, אז אויב דער צוזאמענפאר וועט פארטרעטן ארום א האלבן מיליאן מיטגלידער זאל באלד באשאפן ווערן א פעדעראטיווע פארמער־לייבאר פארטיי. די ווארקערס פארטיי וואלט נאטירלעך פארגעשטעלט דעם לינקן פליגל אין דער נייער פעדעראטיווער פארטיי.

פראגרעסיווע גיבן זיך אונטער ; דער צוזאמענפאר אין סט. פאל

פיצפעטריק, נאקעלס און זייערע פריינט האבן אבער געבראכן אין דער לעצטער מינוט די פארשטענדיקונג מיט דער ווארקערס פארטיי. זיי האבן זיך אונטערגעגעבן גאמפערסן. ווען די ארגאניזאציע־קאמיטע האט באריכטעט פאר דער גרינדונג פון דער נייער נאציאנאלער פארטיי, האט פיצפעטריק דער־קלערט פאר זיך און זיינע פריינט אז זיי ציען זיך צוריק. פיצפעטריק האט געראטן די דעלעגאטן צו פארלאזן דעם צוזאמענפאר און זיך אנשליסן אין זיין פארמער־לייבאר פארטיי אן דער באטייליקונג פון די קאמוניסטן.

די דעלעגאטן זיינען אויפגעבראכט געווען אויף אזא פארראט. מיט 500 קעגן 40 שטימען האבן זיי באשלאסן צו פארבלייבן אויפן צוזאמענפאר און אנגיין מיט דער גרינדונג פון דער נייער פארטיי.

די פעדעריטעד פארמער־לייבאר פארטיי איז געגרינדעט געווארן, אבער אן דער מאסן־באזע וואס זי וואלט געקענט און געדארפט האבן. די פראגראם פאר באלדיקע פאדערונגען האט ארייגענומען דעם אכט-שטונדיקן ארבעט־טאג, נאציאנאליזירונג פון אינדוסטריעס, מינימום־לוין, אפשאפונג פון קינ־דער־ארבעט, אפשאפונג פון לענדלאריזם אויף דעם באדן, א פינף־יאריקער מאראטאריום פאר די חובות פון די פארמער און נאך.

ווי עס איז געווען צו דערווארטן, זיינען אלע רעאקציאנערע כוחות באפאלן די נייע פארטיי און פארשריען פאר א באלשעוויסטישער אר־גאניזאציע באשאפן פון מאסקווע מיטן צוועק ארויסצורופן א רעוואלוציע אין די פאראייניקטע שטאטן.

די זעלבע פראגרעסיווע פון שיקאגא וואס האבן גענומען די איניציא־

טיווע פאַר דעם צוזאַמענפאָר אין יולי, זיינען אַרויסגעקומען מיט די זעלבע פאָרלוימדונגען צו באַרעכטיקן און באַהאַלטן זייער אונטערגעבן זיך צו גאָמפּערסן. די נאַציאָנאַלע פירער פון די יוניאָנס האָבן געצוואונגען זייערע לאָקאַלן ניט צו האָבן צו טאָן מיט דער „באָלשעוויסטישער" אָרגאַניזאַציע. די פעדערייטעד איז געוואָרן אַ פּאַרטיי פון דעם לינקן פליגל, אַ זאַך וואָס איז ניט געווען איר אויפגאַבע.

עס האָט אויסגעזען, אַז די גאַנצע באַוועגונג וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַזוי פיל מעגלעכקייטן איז אונטערגעראָבן געוואָרן פון די פינצטערע כוחות אין דער א. פ. אָוו ל. און זייערע סאָציאַליסטישע פריינט. די קאָמוניסטן האָבן ניט אויפגעהערט צו אַרבעטן פאַר דער לאָזונג: אַ פאַרמער-לייבאָר פּאַרטיי, אָבער אויך זיי האָבן זיך געהיט ניט צו דריקן צופיל אויף אַ באַלדיקער אָנשליסונג אין דער פעדערייטעד פאַרמער-לייבאָר פּאַרטיי, ווייל דאָס וואָלט געקענט ברענגען צו אַ שפּאַלטונג אין פיל אָרטיקע לייבאָר-פּאַרטייען וואָס האָבן זיך דעמאָלט געהאַלטן אין אויסשיילן.

די לאַגע איז געווען אַ שלימע, אָבער דאָ איז אונטערגעקומען הילף. די פאַרמער-לייבאָר פּאַרטיי אין מינעסאָטאַ, די שטאַרקסטע אין לאַנד, וואָס איז פריער באַשרענקט געווען צו די גרענעצן פון מינעסאָטאַ, איז געקומען צום שלוס אַז אַ נאַציאָנאַלע פּאַרטיי איז אַ נויטווענדיקייט. די מינעסאָטאַ פאַרמער-לייבאָר פּאַרטיי האָט באַשלאָסן צו רופן אַ נאַציאָנאַלע קאָנווענשאָן פון אַלע אָרטיקע פּאַרטייען און פון אַלע אָרגאַניזאַציעס וואָס זיינען פאַר זעלבסט-שטענדיקער פּאָליטישער אַקציע. דער צוזאַמענפאָר האָט אויך באַדאַרפט אויסאַרבעטן די פּלענער פאַר די קומענדיקע פּרעזידענט-וואַלן. דער צוזאַמענ-פאָר איז פאַררופן געוואָרן אין סט. פּאָל, מינעסאָטאַ, דעם 17טן יוני, 1924.

די מינעסאָטאַ פאַרמער-לייבאָר פּאַרטיי איז געווען אַ מאַסן-אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט דערוויילט אירן אַ מיטגליד אין סענאַט אין וואַשינגטאָן, עטלעכע קאָנגרעסלייט און אַ גרעסערע צאָל מיטגלידער אין דער שטאַט-לעגיסלאַטור. די פּאַרטיי איז געווען אַ פּאָליטישער פאַקטאָר אין דעם שטאַט און איר רוף האָט אַריינגעבלאָזן אַ נייעם פונק לעבן אין דער באַוועגונג פאַר אַ נאַציאָנאַלער פּאַרטיי פון אַרבעטער און פאַרמער. די פעדערייטעד לייבאָר פּאַרטיי האָט זיך אַריינגעוואָרפן מיט באַגייסטערונג אין דער צוגרייטונג פון דעם צוזאַמענפאָר אין סט. פּאָל.

די געגנער האָבן ניט געקענט שטיין לידיק און צולאָזן די אָרגאַניזירונג פון אַ מאַסן-פּאַרטיי פון פאַרמער און אַרבעטער מיט אַ ברייטער באַזע אין מינעסאָטאַ, אַ פּאַרטיי אין וועלכער די קאָמוניסטן וועלן פאַרנעמען אַן אָנ-

געזעענעם פלאץ. די געפאר פאר זיי איז באשטאנען אין דעם, וואס אט־די שטימונג צווישן די מאסן פאר אזא פארטיי איז געווען גרויס. די נייע פארטיי האט געהאט אלע מעגלעכקייטן צו ווערן דער אינסטרומענט פאר דער ווייטער־דיקער פאליטישער דערוואכונג פון די ארבעטער און פארמער. מען האט באַ־דארפט אננעמען באלדיקע מיטלען צו טויטן די פארטיי איידער זי האט א געלעגנהייט זיך צו באפעסטיקן.

### נייע קאנפערענץ פאר פראגרעסיווער פאליטישער אקציע

מיטאמאל האט די קאנפערענץ פאר פראגרעסיווער פאליטישער אקציע, וואס איז געווען דריי־פערטל טויט, ארויסגעלאזט א רוף פאר א נאציאנאלן צוזאמענקונפט דעם פערטן יולי אין שיקאגא. דער צוועק איז געווען צו דיקוטירן פלענער פאר דער קומענדיקער פרעזידענט וואל־קאמפאניע. א גרופע מיטל־קלאס ליבעראלן האט צוגעגרייט א באוועגונג צו שטיצן דעם סענאטאר ראבערט לאפאלעט פון וויסקאנסין פאר א דריטן פרעזידענט־קאנדידאט. לאפאלעט איז געווען דער טיפישער פארשטייער פון דעם מיטל־קלאס אין שטאט און פון די רייכע פארמער אין דארף. ער האט אויסגעבויט א שטארקע פאליטישע מאשין אין וויסקאנסין און האט געהאלטן דעם שטאט אין זיין קעשענע. אן אגרעסיווער מענטש מיט א סך ענערגיע און פאליטישער בויגזאמקייט, איז ער באטראכט געווארן פאר דעם טריבון פון „קאנסטרוק־טיוון", קעמפנדיקן ליבעראליזם אין לאנד. דער פאקט וואס לאפאלעט איז געווען איינער פון די צוועלף „בייזוויליקע" סענאטארן וואס האבן געשטימט געגן אמעריקעס אריינטרעט אין קריג, האט אים צוגעגעבן א סך פרעסטיזש אין די אויגן פון דער מיטל־קלאס אינטעליגענץ וואס האט אליין שרעקנדיק צוגעהאלפן שטופן דעם מלחמה־וואגן.

אין זיין גאנצער פאליטישער קאריערע האט לאפאלעט גארניט געטאן פאר די ארבעטער. ער האט זיך אפילו ניט געשטעלט געגן געזעצן וואס האבן געדריקט די ארבעטער, אבער פאר דעם מיטל־קלאס, דעם קליינעם פאבריקאנט, דעם קליינשטעטלדיקן באנקיר, דעם סוחר און דעם רייכן פארמער האט ער געקעמפט מיט גרויס איינגעשפארטקייט, כאטש אינגאנצן פרובטלאז. דער קאמף איז געווען פון א דאן־קיכאטישן כאראקטער. גרויס־קאפיטאל האט גארניט דערלייגט אין וויסקאנסין ווען די לאפאלעט־פאמיליע האט געהאלטן די לייצעס פון רעגירונג אין אירע הענט. ליב האבן אים די קאפיטאליסטן ניט געהאט צוליב זיינע פלענער צו צאמען זייערע פראפיטן און זייער אליינ־

הערשאפט. געשראָקן האָבן זיי זיך אויך ניט פאר אים. זיי זיינען געווען זיכער, אז ראָבערט לאפאָלעט איז ווייט פון צו זיין א רעוואָלוציאָנער. ער איז פאר פריוואט־אייגנטום ניט ווייניקער פון זיי.

די ליבעראלן וואָס האָבן איינגבארופן די קליוולאנדער קאָנפערענץ האָבן פון סאמע אָנהויב געהאט אין זינען ארויסצושטעלן לאפאָלעטס קאנדידאטור פאר פרעזידענט אָן אן אייגענער פארטיי. דערמיט וועלן זיי טויטן צוויי האָזן מיט איין שאָס. די באוועגונג פאר א נאציאָנאלער פארמער־לייבאָר פארטיי וועט צעשמאָלצן ווערן פון דעם גרויסן פרעסטיזש וואָס לאפאָלעט פארמאָגט; אין דער זעלבער צייט וועלן די מאסן, וואָס פילן א דראנג צו א פאָליטישן קאמף געגן די קאפיטאליסטן, קריגן אן אויסגאנג פון זייער שטימונג אין דער פרעזידענט־קאמפאניע ארום לאפאָלעטן.

## לאפאָלעט אטאַקירט סט. פאָל צוזאמענפאָר;
## דיקטירט זיין אייגענע פראָגראם

נאָך איידער דער צוזאמענפאָר אין סט. פאָל האָט זיך געעפנט, איז לאפאָלעט ארויסגעקומען מיט א שארפן אָנפאל, אָפצוהאלטן די פארמער־אָרגאניזאציעס פון באטייליקן זיך אין אים.

לאפאָלעטס אטאקע און די אלגעמיינע דערוואַרטונג אז ער וועט זיין א קאנדידאט פון א דריטער פארטיי — אזוי האָט מען זיך געריכט — האָט זיך אָפגערופן אויף דעם צוזאמענפאָר אין סט. פאָל. די פארטרעטערשאפט איז ניט געווען אזוי גרויס ווי מען האָט פריער דערוואַרטעט. דערפאר האָט דאָרטן געהערשט א סך באגייסטערונג און אנטשלאָסנקייט אָנצוגיין מיט דער אָרבעט פון אָרגאניזירן די נייע פארטיי. אָבער די קאָנפערענץ אין קליוו־לאנד האָט ארויסגערוקט פאר דעם צוזאמענפאָר צוויי קארדינאלע פראגן: ערשטנס, די באציאונג צו דער פראָגרעסיווער קאָנפערענץ; צווייטנס, די באַ־ציאונג צו לאפאָלעטס קאנדידאטור.

די קאָמוניסטן און זייערע סימפאטיקער, וואָס האָבן געהאט אן איינפלוס אויף דער מערהייט דעלעגאטן, האָבן פאָרגעשלאָגן די פאָלגנדיקע לייזונג: ערשטנס, אז די פעדערייטעד פארמער־לייבאָר פארטיי זאָל שיקן דעלעגאטן צו דער קאָנפערענץ אין קליוולאנד. צווייטנס, לאפאָלעטס קאנדידאטור זאָל גע־שטיצט ווערן נאָר דעמאָלט, אויב ער וועט זיין דער קאנדידאט פון דער פארמער־לייבאָר פארטיי, דאָס מיינט אויב ער איז איינשטימיק צו גיין מיט א פארמער־לייבאָר אָרגאניזאציע און וועט שטעלן זיין פלאטפאָרמע אונטער דער

אויפזיכט פון דער פארמער־לייבאר פארטיי. די קאמוניסטן האבן ווייטער פארגעשלאגן, אז דער עקזעקוטיוו־קאמיטעט וואס ווערט אויסגעקליבן אין סט. פאל זאל ענערגיש ארבעטן פאר א ברייטער פאראייניקונג פון אלע יוניאנס און פאליטישע ארבעטער־ארגאניזאציעס אין איין פעדעראטיווער פארטיי.

די קאמוניסטן האבן זיך אפגעגעבן א קלארן פאליטישן חשבון פון די צילן וואס די קאנפערענץ אין קליוולאנד האט זיך געשטעלט. די קאמוניסטן האבן אויך ניט פארמאגט די מינדעסטע אילוזיעס וועגן לאפאלעטס פאליטישן פנים. דא האט זיך אבער געהאנדלט וועגן א מעגלעכקייט פון א פארזוך צו פאראייניקן גרויסע מאסן הארעפאשניקעס פאר א וויכטיקן פאליטישן ציל, וואס וועט ווייטער טרייבן זייער פאליטישע אויפוואכונג און אנטוויקלונג. די קאמוניסטן זיינען דעריבער געווען פארזיכטיק ניט אנצונעמען קיין שריט וואס זאל שפאלטן די יונגע באוועגונג פאר א פארמער-לייבאר פארטיי.

אבער די וועלכע זיינען געשטאנען אין שפיץ פון דער פראגרעסיווער קאנפערענץ האבן ניט געוואלט קיין איינקייט מיט דער פעדערייטעד פארמער־לייבאר פארטיי, ווייל זיי האבן ניט געוואלט קיין פארמער־לייבאר פארטיי בכלל. די גאנצע קאנפערענץ איז באשטאנען פון א צונויפגעלאפענער מחנה יוניאן־פירער, מיטל־קלאס ליבעראלן און סאציאליסטישע פאליטישענס; יעדע גרופע איז געקומען צו דער קאנפערענץ מיט א באזונדער צוועק.

זעקס הונדערט דעלעגאטן זיינען אנוועזנד געווען אין קליווילאנד. אויבן־אויף א גרויסער דערפאלג, באזונדערס ווען די אנוועזנדיקע האבן פארגעשטעלט מיט זיך אזעלכע פאליטיש־אפגעזונדערטע גרופעס ווי די פירער פון באן־יוניאנס, ליבעראלע לאיערס פון דער „קאמיטע פון 48” און הילקוויט. צווישן די באטייליקטע איז אויך געווען לא־גווארדיא, איצטיקער מעיאר פון ניו יארק.. די אלע גרופעס זיינען ניט געווען פאראייניקט פון קיין הויפט־אידייע, דעריבער איז די לאפאלעט־באוועגונג אזוי מיאוס צעשאסן געווארן גלייך נאך די וואלן אין נאוועמבער.

די דעלעגאטן פון דער פעדערייטעד פארמער־לייבאר פארטיי זיינען ניט צוגעלאזט געווארן. די סאציאליסטן האבן געשטימט צוזאמען מיט די רע־אקציאנערע פאליטישענס פון די באן־בראדערהודס נעגן צולאזן. דער פאקט וואס וויליאם מאהאני, א באקאנטער לייבאר־טוער פון מינעסאטא איז געווען דער הויפט־דעלעגאט, האט ניט געמאכט קיין ענדערונג. דערפאר האט די קאנ־פערענץ זיך אריינגעווארפן אין די ארעמס פון לאפאלעטן מיט פארמאכטע אויגן. אפילו די וואל־פלאטפארמע איז איבערגעלאזט געווארן צו אים. דאס זעלבע די דערוויילונג פון דעם קאנדידאט פאר וויים־פרעזידענט. דער קאנ־

דידאַט אַליין איז דער פּאַטען־טרעגער. די פראַגע פון אָרגאַניזירן די באַ־וועגונג און שאַפן די דריטע פּאַרטיי איז „אָפּגעלייגט" געוואָרן אויף דעם קומענדיקן יאַנואַר.

סאָציאַליסטישע פּאַרטיי נעמט אָן לאַפּאָלעטן אָן באַדינגונגען;
א. פ. אָוו ל. באַמקעט צו

לאַפּאָלעט איז געווען אַזוי זיכער מיט דער נאָמינאַציע, אַז ער האָט ניט געפונען פאַר נויטיק צו ווייזן זיך אויף דער קאָנפערענץ. זיין זון, פיליפּ, אַ זייער בלאַסער ליבעראַל, האָט געלייענט פאַר דעם טאָמן די פּאָליטישע דעקלאַראַציע, פול מיט אַלגעמיינע פראַזן וואָס אַפּעלירן צום מיטל־קלאַס, צום קליינבירגערטום און צו די פאַרמעגלעכע פאַרמער.

לאַפּאָלעט האָט דערקלערט, אַז די אויפגאַבע איז „צו ברעכן די קאָמ־בינירטע מאַכט פון דער פּריוואַטער מאָנאָפּאָליע־סיסטעם איבער דעם פּאָ־ליטישן און עקאָנאָמישן לעבן פון אַמעריקאַנער פאָלק". דער פּונקט האָט אויך געפאָדערט, אַז די פעדעראַלע רעגירונג זאָל ברעכן די מאַכט פון די פּריוואַטע מאָנאָפּאָליעס. דאָס איז דער אַלטער ווינטמיל־קאַמף וואָס די קליינע קאַפּיטאַליסטישע פיש פירן געגן די גרויסע קאַפּיטאַליסטישע העכט וואָס שלינגען זיי איין. די איינציקע קאָנקרעטע פאָדערונג איז געווען די נאַציאָנאַליזאַציע פון בלויז צוויי אינדוסטריעס, וואַסער־קראַפט און די באַנען, צוויי עקאָנאָמישע צווייגן פון דער ווירטשאַפט אין וועלכע די פאַרמעגלעכע פאַרמער און דער מיטל־קלאַס זיינען שטאַרק פאַראינטערעסירט (ביליקע עלעקטרישע טרייב־קראַפט און ביליקע פראַכט־פרייזן).

די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט אַלץ איינגעשלונגען — סיי דעם פאַקט וואָס די פּלאַטפאָרמע האָט אינגאַנצן פאַרשוויגן די וויכטיקסטע פאָדערונגען פון דעם אַרבעטער־קלאַס און סיי דעם פאַקט וואָס די גאַנצע באַוועגונג איז געוואָרן די זאַך פון איין מענטש, לאַפּאָלעט. זיי האָבן אויך צוגעשטימט אָפּצולייגן די אָרגאַניזירונג פון דער נייער פּאַרטיי, כאָטש זיי האָבן שוין געהאַט אַ טרויעריקע דערפאַרונג פריער אין ניו יאָרק, ווען די פּאָליטישענס פון די באַן־בראָדערהודס האָבן זיי אויסגעשלאָסן פון דער שטאַט־קאָנפערענץ אין אָלבאַני, ניט קוקנדיק אויף דעם וואָס די סאָציאַליסטן זיינען אַ טייל פון דער גאַנצער פּראָגרעסיווער אַקציע־באַוועגונג.

די אויסשליסונג פון די סאָציאַליסטן אין אָלבאַני מיט אַ יאָר פריער איז ניט געווען קיין צופעליקער אַקט פון טעמפּע יוניאָן־ביוראָקראַטן. די

אויסשליסונג האָט געגעבן דעם שליסל צום גאַנצן אַנטייל פון די בראָדערהוד־פירער און די אַנדערע יוניאָן־פירער אין דער קאָנפערענץ פאַר פּראָגרעסיווער פּאָליטישער אַקציע. אָבער די הילקוויטס האָבן ניט געוואָלט לערנען פון דער דערפאַרונג. ווי האָפענונגלאָזע אָפּאָרטוניסטן האָבן זיי זיך נאָכגעשלעפּט די הויכע יוניאָן־ביוראָקראַטן.

## באַן־בראָדערהודס האָבן געאַרבעט פאַר מעקאַדוס קאַנדידאַטור

ווען וואָס האָט זיך עס געהאַנדלט? ווי קומט עס, וואָס פּלוצלונג האָבן מענטשן וואָס האָבן פאַרבראַכט זייער לעבן אין דער פּאָליטיק פון די צוויי קאַפּיטאַליסטישע פּאַרטייען, גענומען רעדן פון זעלבסטשטענדיקער פּאָליטישער אַקציע?

געשטאַמט האָט עס אָט פון וואָס: די בראָדערהוד־פירער האָבן שטילערהייט קאַמפּיינעוועט פאַר דער קאַנדידאַטור פון וויליאַם גיבס מעקאַדו, ווילסאָנס איידעם, אויף דעם דעמאָקראַטישן וואָל־צעטל. די סטאָונס און די ראָבערטסאָנס און די שעפּאַרדס איז קיינמאָל ניט איינגעפאַלן צו גרינדן אַ לייבאָר־פּאַרטיי. מיר האָבן שוין דערקלערט, אַז נאָך דער מלחמה, ווען די רעגירונג האָט צוריקגעגעבן די באַנען צו די פּריוואַטע קאָמפּאַניעס, איז די לאַגע פון די באַן־אַרבעטער געוואָרן פיל ערגער. קעמפן האָבן די בראָדערהוד־פירער ניט געוואָלט, האָבן זיי געזוכט דורך פּאָליטישע דריידלעך אין דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי צוריקגעווינען די פאַרלאָרענע פּאָזיציעס פון די אַרבעטער און ראַטעווען זייער אייגענע מאַכט. אַזוי ווי מעקאַדו איז געווען דער באַן־פאַרוואַלטער אונטער דער רעגירונג און ער האָט צוליב מלחמה-נויטווענדיקייט נאָכגעגעבן די אַרבעטער, איז ער געווען פּאָפּולער צווישן די מאַסן און האָט גאַנץ אומזיסט געהאַט אַ נאָמען פון אַ ליבעראַל און אַרבעטער-פריינט. די בראָדערהוד־פירער, געשטיצט פון נאָך יוניאָן־ביוראָקראַטן, האָבן ענערגיש געאַרבעט פאַר מעקאַדוס קאַנדידאַטור פאַר פּרעזידענט. אָבער דער הערשנדיקער קלאַס האָט אָפּגעטאָן אַ שפּיצל זיי און דער גאַנצער א. פ. אָוו ל. פירערשאַפט. ביידע פּרעזידענט־קאַנדידאַטן זיינען געווען אָפענע מענטשן פון וואָל־סטריט. פון דער רעפּובליקאַנישער זייט איז געלאָפן קולידזש מיט זיין רעפּוטאַציע פון אַ סטרייקברעכער און פון דער דעמאָקראַטישער זייט — דזשאָן וו. דייוויס, מאָרגאַנס אַ לאָיער און אַ דזשענטלמאַן פון דרום. פאַר די יוניאָן־פירער איז דאָס געווען אַ שטאַרקער קלאַפּ. די קאַפּיטאַליסטן האָבן ביי זיי צוגענומען די מעגלעכקייט פאַר פּאָליטישע מאַנעווערס. ניט פאַר

קולידזשן און ניט פאר מארגאנס לאיער איז געווען מעגלעך צו זאגן א גוט וואָרט צווישן די ארבעטער, שוין ניט רעדנדיק פון ארבעטן פאר זייער דער־ווײלונג. פונדעסטוועגן האָבן א ריי יוניאן־פרעזידענטן געארבעט פאר קולידזשן און פאר דייווימן.

די בראָדערהוד־פירער האָבן דעריבער ניט געהאט קיין אנדער ברירה ווי אָנצוהענגען אלע האָפענונגען פון זייערע מיטגלידער אויף דער קאנדידאטור פון לאפאלעט, וואָס האָט באקעמפט די באן־קאָמפאניעס, ניט פאר די אר־בעטער־אינטערעסן נאר צוליב די אינטערעסן פון זיין מיטל־קלאס און פאר־מעגלעכע פארמער, אָבער באקעמפט האָט ער זיי.

די סאָציאליסטן האָבן די אלע זאכן געוואוסט פונקט אזוי גוט ווי די קאָמוניסטן. פאר די הילקוויטס, בערגערס און אָנילס האָט דאָס ניט געמאכט קיין אונטערשייד. די סאָציאליסטישע פארטיי האָט ארונטערגעשלונגען די לאפאלעט־קאמפאניע פון אָנהייב ביזן סוף.

די שטימונג צווישן די ארבעטער־מאסן פאר זעלבסטשטענדיקער פאָ־ליטישער אקציע איז געווען אזוי פארשפרייט און מעכטיק, אז דער א. פ. אָוו ל. עקזעקוטיוו־קאונסיל האָט באשלאָסן זיך ארויפכאפן אויפן פאָליטישן רייטוואָגן („בענד־וועגאָן") און מיטגיין מיט דעם שטראָם. דאָס איז צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון דער א. פ. אָוו ל. קולידזש און דייוויס האָבן שטארק מיטגעהאָלפן. ווי גאָמפערס זאָל זיך ניט דרייען, פאר אים איז ניט מעגלעך געווען ארויסצוקומען מיט א גינסטיקן וואָרט פאר דזשאָן וו. דייוויס.

די גוטהייסונג פון עקזעקוטיוו קאונסיל האָט ניט געמיינט, אז אלע יוניאן־פירער הערן אויף צו טרייבן די פריערדיקע פאָליטיק אין די צוויי א‧טע קאפיטאליסטישע פארטייען. עס הויבט זיך ניט אָן. אפלו מיטגלידער פון דעם עקזעקוטיוו קאונסיל אליין האָבן ניט אויסגעפאָלגט דעם באַשלוס. מיידזשאָר בערי, פרעזידענט פון דער יוניאן פון דרוק־מאשיניסטן, האָט קאמפיינעוועט פריער פאר זיך, ער האָט געוואָלט די דעמאָקראטישע נאָמי־נאציע פאר וויים־פרעזידענט, און שפעטער פאר דייווים. דזשאָן לואיס און זיינע ארויסהעלפער אין דער מיינער יוניאן האָבן קאמפיינעוועט פאר קו־לידזשן. לואיס איז א רעפובליקאנישער פאָליטישען. דאָס זעלבע האָט געטאָן האַטשינסאָן, פרעזידענט פון דער קארפענטערס יוניאן. דער איצטיקער א. פ. אָוו ל. פרעזידענט, וויליאם גרין, האָט אויך געקאמפיינעוועט פאר קולידזשן. דער ניו יאָרקער סענטראל לייבאָר קאונסיל איז ארויסגעקומען די לעצטע מינוט פאר די טעמעני האָל קאנדידאטן. די גאנצע לויזקייט, קארופציע

און פערזענלעכער קאריעריזם מיט וועלכע די א. פ. או ל. פירערשאפט איז אנגעשטעקט, האט ארויסגעסטארטשעט אין דער פרעזידענט וואל־קאמפאניע־וואו איין יוניאן־ביוראקראט נאכן צווייטן האט געבראכן, צוליב זיינע פערזענלעכע אינטערעסן, דעם באשלוס פון זיין אייגענער קערפערשאפט.

לאפאלעט קאמפאניע אן אנטוישונג; באוועגונג צעקריכט זיך

ניט געקוקט אויף אלע מיטלען, ארום א פערטל מיליאן דאלאר וואס איז געזאמלט געווארן און די גאנצע ארבעט פון אלע שותפים אין דער פרעזידענט־קאמפאניע, האט לאפאלעט געצויגן עטוואס העכער פון פיר מיליאן, אכט הונדערט שטימען. נאר זיין אייגענעם שטאט וויסקאנסין האט ער געוואונען. לאפאלעטס כח איז געלעגן אין די עטלעכע אינדוסטריעלע שטעט, ווי ניו יארק, וואו אלע סאציאליסטישע שטימען זיינען אים אפגעגעבן געווארן און אין די פארמער־שטאטן אין צפון־מערב.

פאר די מיטל־קלאס ליבעראלן, וואס האבן געחלומט פון א גרינגן זיג מיט לאפאלעטן, איז דאס געווען א גרויסע אנטוישונג. די יוניאן־פירער האבן זיך גלייך אפגעטראגן פון דער גאנצער באוועגונג. די פארזוכן פון די סאציאליסטן אויפצוהאלטן די קאנפערענץ ביים לעבן און זי פארוואנדלען אין א פארמער־לייבאר פארטיי זיינען דורכגעפאלן. די בעראטונג אין יאנואר 1925 איז געווען די לעצטע לאפעטע ערד אויפן קבר פון א טויט־געבוירענעם פאליטישן קינד.

די לאפאלעט־קאמפאניע האט דערלאנגט א שווערן קלאפ דער פעדע־רייטעד פארמער־לייבאר פארטיי. די מערהייט פארמער־ארגאניזאציעס האבן באשלאסן צו שטיצן לאפאלעטן. געבליבן זיינען נאר די קאמוניסטן און די לינקע. אין אזא לאגע האט ניט געהאט קיין פאליטישן זין ארויסצושטעלן א פרעזידענט־קאנדידאט אין נאמען פון א פארטיי וואס עקזיסטירט ניט פאקטיש. דער צענטראל־קאמיטעט פון דער וואירקערס פארטיי האט דעריבער באשלאסן ארויסצוטרעטן אין די וואלן אונטער זיין אייגענער פאן. די פארטיי האט נאך ניט פארמאגט קיין וואל־אפאראט און איז ניט ארויף אויפן באלאט אין א סך שטאטן. וויפיל קאמוניסטישע שטימען זיינען צוגענגבעט געווארן ווייסט מען ניט. די אפיציעלע באריכטן האבן געגעבן דער וואירקערס פארטיי 33,000 שטימען. דער פרעזידענט־קאנדידאט איז געווען וויליאם ז. פאסטער.

די סאציאליסטישע פארטיי האט ענג געארבעט מיט די מיטל־קלאס און א. פ. או ל. כוחות, וואס זיינען געווען דורכאויס געגן א פאליטישער פארטיי פון די ארבעטער און ארעמע פארמער.

דער ווייטערדיקער שיקזאַל פון דער פאַרמער־לייבאָר באַוועגונג

נאָכדעם ווי די באַוועגונג פאַר אַ פאַרמער־לייבאָר פאַרטיי איז צעריסן געוואָרן דורך דעם לאַפאָלעט־קאַמפּיין, זיינען נאָך געמאַכט געוואָרן פאַרזוכן, אַ פאַר יאָר שפּעטער, צו באַנייען די באַוועגונג. אין מינעסאָטאַ, מאָנטאַנאַ און אַנדערע שטאַטן זיינען ווידער אָרגאַניזירט געוואָרן פאַרמער־לייבאָר פּאַרטייען. נאָר אין מינעסאָטאַ איז די פּאַרטיי פאַרבליבן ווי אַ פאַקטאָר אין פּאָליטישן לעבן.

די פּראָספּעריטעט וואָס איז געקומען אין 1926—1928 האָט נאָך ענגער פאַרבונדן די יוניאָן־ביוראָקראַטיע מיט דעם קאַפּיטאַליסטישן קלאַס. די פאַרמער־פּאָליטישענס האָבן זיך געפונען אין אַן ערגערער לאַגע. די פאַרמער־מאַסן האָבן אַפילו אין „גוטע יאָרן" געליטן פון די מאָרטגעדזשעס, הויכע שטייערן און דעם קאַפּיטאַליסטישן מיטל-מאַן און פון די באַן־קאָמפּאַניעס. די אַגריקולטור איז געגאַנגען באַרג־אַראָפּ סיסטעמאַטיש זינט 1920. אויף אַט־דער אומצופרידנקייט פון די פאַרמער האָבן זיך געהאַלטן די עטלעכע פאַרמער־לייבאָר פּאַרטייען, אָבער אין דער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק האָבן זיי זיך ניט געמישט. אין די פּרעזידענט־וואַלן פון 1928, געפירט אונטער דער הוואָווער־לאָזונג: אַ הון אין יעדן טאָפּ און אַן אָטאָמאָביל אין יעדן גאַראַדזש (שטאַל), האָבן די אָרטיקע פאַרמער־לייבאָר פּאַרטייען זיך פאַראייניקט מיט איינער פון די צוויי גרויסע קאַפּיטאַליסטישע פּאַרטייען.

די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט אויך איר צוזאַמענפאַר אין 1928 זיך צוגעפּאַסט צו הוואָווערס פּראָספּעריטעט. צוזאַמען מיט דעם גאַנצן צווייטן סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל האָט די היגע פּאַרטיי פעסט געגלויבט, אַז דער מאָדערנער „אָרגאַניזירטער" קאַפּיטאַליזם האָט באַוויזן אויסצומיידן די פריערדיקע „קאַטאַסטראָפישע אויסברוכן". די סאָציאַליסטישע פירער האָבן געזען אין דער אומגעהויערער קאָנצענטראַציע פון רייכטימער אין איינצלנע הענט אַ באַווייז אַז קאַפּיטאַליזם ווערט פּטור פון דער האַלז־שניידנדיקער קאָנקורענץ און פון זיינע אינערלעכע געגנזאַצן. אַלץ וואָס בלייבט איבער פאַר די סאָציאַליסטן צו טאָן איז דורך אויפקלערונג און דורך דעם באַלאָט צווינגען דעם הערשנדיקן קלאַס צו געבן קאָנצעסיעס און אַזוי אַרום, דורך זייער אַ לאַנגן פּעריאָד, וועט דער איצטיקער מאָנאָפּאָליסטישער קאַפּיטאַליזם אַריינוואַקסן אין סאָציאַליזם.

אונטער הילקוויטס דיריגענט-שטעקל האָט דער צוזאַמענפאַר אַרויסגע־נומען דעם אויסדרוק „קלאַסנקאַמף" פון דער פּאַרטיי־פּלאַטפאָרם. דאָס האָט

געהייסן „זיך צופּאַסן" צו די אַמעריקאַנישע באַדינגונגען און אומגעבונג. אין דערווירקלעכקייט איז דאָס געווען אַ לאָגישער רעזולטאַט פון דעם פּראָצעס וואָס די הילקוויטס האָבן דורכגעמאַכט אין די לעצטע צוואַנציק יאָר. דאָס איז געווען אין איינקלאַנג מיט זייער פאַרלאַנג אַריינצוציען אין זייער פּאַרטיי רעספּעקטאַבעלע עלעמענטן פון מיטל-קלאַס.

נאָרמאַן טאָמאַס איז געווען דער פּרעזידענט-קאַנדידאַט פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. ניט דאָס „צופּאַסן זיך" און ניט דער רעדנער-טאַלאַנט פון טאָמאַס האָט געהאָלפן דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. אין אַלע שטאַטן האָט טאָמאַס אָנגעצייכנט אַ פערטל מיליאָן שטימען, אין פאַרגלייך מיט נאָענט צו 1,919,800 שטימען וואָס די פאַרשיידענע סאָציאַליסטישע קאַנדידאַטן האָבן אָנגעצייכנט אין די וואַלן אין 1920.

די קאָמוניסטישע פּאַרטיי האָט אָפּגעהאַלטן איר נאָמינאַציע-צוזאַמענפאָר — דעם ערשטן אין איר געשיכטע — סוף מאַי 1928 אין ניו יאָרק. די קאָמוניסטן האָבן ניט פאַרמאָגט די סאָציאַליסטישע אילוזיעס וועגן דער דויערהאַפטיקייט פון דער פּראָספּעריטעט, כאָטש די אָפיציעלע פירערשאַפט, געפירט פון לאָווסטאָן און פּעפּער, האָט שוין דעמאָלט גענומען אַרויסרוקן די טעאָריע פון אַמעריקאַנישן „עקסעפּשאָנאַליזם" (אַמעריקעס גינסטיקע אויסנאַם-לאַגע). דער זעקסטער וועלט-קאָנגרעס פון דעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל, זומער 1928, האָט אַנאַליטיש-טיף צעגלידערט די גאַנצע קאַפּיטאַליסטישע ווירטשאַפט און געוויזן אַז די פּראָספּעריטעט טראָגט אין זיך די אומפאַרמיידלעכקייט פון אַ גרויסן און שווערן אַלגעמיינעם קריזיס פון קאַפּיטאַליזם.

די קאָמוניסטישע פּאַרטיי איז אַרויסגעקומען צו די אַרבעטער מיט אַ וואַל-פּלאַטפאָרמע פון קלאַסנקאַמף. אַזוי האָט טאַקע דער דאָקומענט געהייסן. די פּלאַטפאָרמע האָט אַרומגענומען די וויכטיקסטע נויטן פון די אַרבעטער און די אָרעמע פאַרמער, די פאָדערונג פון אַרבעטלאָזער פאַרזיכערונג אויפן רעכענונג פון דער מלוכה און די אַרבעטגעבער, פאַר אַ געזעץ וואָס פירט איין די פערציק-שטונדיקע אַרבעט-וואָך איינגעטיילט אין פינף אַרבעט-טעג, פאַר דעם אומבאַשרענקטן רעכט צו סטרייקן, פּיקעטן, פרייע רעדע און פרייער פאַרזאַמלונג, אַ ברייטע פּראָגראַם פון עפנטלעכע אַרבעטן צו שאַפן באַשעפטיקונג פאַר די אַרבעטלאָזע, דאָס באַלדיקע צוריקציען זיך פון אַלע קאָלאָניעס און האַלבע קאָלאָניעס וואָס זיינען אונטערדריקט פון אַמעריקאַנישן אימפּעריאַליזם, די אָנערקענונג פון דעם סאָוועטן-פאַרבאַנד א. ד. ג.

אויף דעם צוזאַמענפאָר זיינען אָנוועזנד געווען 296 רעגולער-דעלעגאַטע

דעלעגאטן און 150 פארשטייער פון פריינטלעכע (פראטערנאלע) ארגאניזא־ציעס. 39 שטאטן זיינען געווען פארטראטן. אבער די פארפאלגונגען אין א ריי שטאטן האבן געשאפן א לאגע, אז די פארטיי־קאנדידאטן זיינען אוועקגעשטעלט געווארן אויפן באלאט נאר אין 32 שטאטן. אזעלכע גרויסע אינדוסטריעלע שטאטן ווי אהייא, קאליפארניע א. א. האבן ארונטערגענומען די קאמוניסטישע פארטיי פון באלאט אויפן גרונט פון זייערע אנטי־סינדי־קאליסטישע געזעצן. אין די שטאטן וואו די פארטיי איז יא געווען אויפן באלאט זיינען פארגעקומען די גרעסטע פארציילונגען און פעלשונגען פון די קאמוניסטישע שטימען. דער רעזולטאט איז געווען, אז דער אפיציעלער באריכט האט געגעבן די קאנדידאטן פון דער קאמוניסטישער פארטיי ניט מער ווי פופציק טויזנט שטימען. אין דער ווירקלעכקייט איז די צאל געווען א סך גרעסער. וויליאם ז. פאסטער איז געווען פרעזידענט־קאנדידאט און בען גיטלאוו — וויים־פרעזידענט קאנדידאט.

### נייע אומגעלונגענע פארזוכן פאר א לייבאר־פארטיי אין קריזיס

די „גוטע יארן” פון דער פראספעריטעט האבן געטויט די באמיאונגען אין א ריי שטאטן אויפצולעבן די פארמער־לייבאר באוועגונג. נאר אין מינע־סאטא אין פארלויף פון די קריזיס-יארן איז די אלטע פארמער־לייבאר פארטיי שטארק אויפגעלעבט געווארן און האט געוואונען די גאווערנאר־וואלן.

באמיאונגען צו שאפן א פארמער־לייבאר פארטיי, אדער א לייבאר־פארטיי, זיינען אויך געמאכט געווארן אין די קריזיס-יארן אין די צפון־שטאטן, אבער אן דערפאלג.

די ברוטאלע קאפיטאליסטישע אטאקעס אויף דעם ארבעטער לעבנס־סטאנדארד אין די יארן 1931־1932 און די כוואליע סטרייקס זומער 1933 האבן ביי די צענטער-גרופעס (גרופעס וואס שטייען אין צענטער צווישן די סאציאליסטן און די קאמוניסטן), ווי די מאסטי־גרופע, ארויסגערופט א פאר־לאנג צו שאפן א לייבאר־פארטיי. צו זיי איז צוגעשטאנען א טייל פון די אויסגעשלאסענע לאוועסטאניסטן. מאסטי האט פריער אויפגעלעבט די פאר־שטארבענע קאנפערענץ פאר פראגרעסיווער פאליטישער אקציע און זי דערנאך פארוואנדלט אין דער נייער „אמעריקאן ווארקערס פארטיי”, א האלב־טויט קינד, וואס איבט ניט אויס קיין שום פאליטישן איינפלוס אין דער ארבעטער־באוועגונג.

מאסטי, א געוועזענער גלח און געוועזענער דירעקטאר פון דעם ברוק־

וואוד לייבאר-קאלעדזש (מיטלשול), האט פון אנהייב פאראדירט ווי א האלבער רעוואלוציאנער. ער האט געטענהט אז ער אונטערשיידט זיך פון די קאמוניסטן הויפטזאכלעך אין פראגן פון טאקטיק און סטראטעגיע. מאסטי האט פארזיכערט, אז ער און זיין גרופע קעמפן אין דער א. פ. און ל. פאר א רעוואלוציאנערער קלאסנקאמף־ליניע. אין דער פראקטיק האט זיך אויסגע־לאזט פון מאסטיס רעוואלוציאנערן איבערבוי פון דער א. פ. און ל. דאס זעלבע ווי פון דער לאווסטאניסטישער צעפויקטער „רעוואלוציאנערער" פראָ־גראם אין דער א. פ. און ל. די מאסטיאיסטן זיינען געווארן א טייל פון דער א. פ. און ל. פירערשאפט און ציען די זעלבע ליניע ווי די אלטע א. פ. און ל. פירער. מיט זייערע ראדיקאלע פראזן זיינען די מאסטיאיסטן און די לאוו־סטאניסטן געוועזן נאר א פרוכטל צו פארשטעלן די פינצטערע טאטן פון דער יוניאן־ביוראקראטיע. אין דעם הינזיכט זיינען די כלומרשטע רעוואלוציאנערן געפערלעכער פאר די ארבעטער ווי די רעאקציאנערע יוניאן־פירער.

די מאסטי־גרופע און אירע ארויסהעלפער האבן שווער געארבעט צו איזאלירן די קאמוניסטישע פארטיי אין די ארבעטער־ארגאניזאציעס וואו זיי זיינען טעטיק. אונטער פארשיידענע פוסטע אויסריידן האט מאסטי געבראכן דעם פאראייניקטן פראנט מיט די קאמוניסטן אין דער אנטי-פאשיסטישער באוועגונג און אין דער אמעריקאנער ליג געגן פאשיזם און מלחמה. די קאמו־ניסטן האט מאסטי ניט באוויזן צו איזאלירן. די קאמוניסטישע פארטיי איז פארבליבן די איינציקע ארגאניזאציע וואס נעמט די פאליטישע איניציאטיווע אין דעם קאמף געגן פאשיזם אין דייטשלאנד און אין די פאראייניקטע שטאטן, געגן דער מלחמה־געפאר, פאר דער פארטיידיקונג פון דעם סאוועטן־פארבאנד און סאוועטישער כינע, פאר גלייכבארעכטיקונג פון די נעגער־מאסן מיט דעם רעכט פון זייער נאציאנאלער זעלבסטבאשטימונג אין דעם קאטן (בוימוואל) געגנט, אין דער קאמפאניע פאר סאציאלער פארזיכערונג און נאך און נאך.

## די אריענטאציע אין 1935 פאר א לייבאר־פארטיי

די באוועגונג פאר דעם פאראייניקטן פראנט, געשטופט פאראויס פון דער קאמוניסטישער פארטיי, איז אריינגעדרונגען אין די רייען פון די מיט־גלידער פון א סך ארבעטער־ארגאניזאציעס, יוניאנס, ס. פ. אפטיילונגען א. אז. וו. דער קאנגרעס פאר ארבעטלאזער פארזיכערונג און סאציאלער געזעצגעבונג אין וואשינגטאן אנהייב יאנואר, 1935, האט דאס גלענצנדיק דעמאנסטרירט.

די לייבאָר־פּאַרטיי איז אָנהייב 1935 ווידער געשטעלט געוואָרן ווי איינע פון די אַקטועלסטע אויפגאַבן פאַר די מיליטאַנטישע אַרבעטער. דער פּלענום (פאַרברייטערטע זיצונג) פון צענטראַל־קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, 15טן—18טן יאַנואַר, האָט נאָך אַ גענויען אַנאַליז פון דער לאַגע פּאַרצייכנט, אַז די פּאָליטישע ענדערונגען וואָס זיינען פּאָרגעקומען צווישן די מאַסן אין יאָר 1934 פּאָדערן אַז די פּאַרטיי זאָל אויפסניי באַטראַכטן איר באַציאונג צו דער פראַגע פון אַ לייבאָר־פּאַרטיי.

די פּאָליטישע ענדערונגען האָבן געפונען זייער הויפּט־אויסדרוק אין אַ קענטיקן פּראָצעס צווישן די מאַסן צו פאַרלאָזן די צוויי אַלטע קאַפּיטאַליסטישע פּאַרטייען. זינט דער לאַפּאָלעט־וואָל־קאַמפּאַניע אין 1924, וואָס איז אַנטשטאַנען ווי דער פּראָדוקט פון דעם גרויסן אַרבעטער־ווידערשטאַנד קעגן דער קאַפּיטאַליסטישער אָפענסיווע, דעם אַגראַר־קריזיס און דער אַלגעמיינער אַנטוישונג וואָס איז געקומען נאָך דעם וועלט־קריג, האָט זיך נאָך ניט געמערקט אַזאַ פאַרשפּרייטע טענדענץ צווישן די האָרעפּאַשנע שיכטן זיך אָפּצוטרייסלען פון די צוויי גרויסע אָפענע אָרגאַניזאַציעס פון קאַפּיטאַליסטישער הערשאַפט.

די וואַלן אין נאָוועמבער 1934 האָבן קלאָר דעמאָנסטרירט דעם באַגער פון די מאַסן צו שאַפן אַ נייעם פּאָליטישן אינסטרומענט אין קאַמף פאַר זייער לעבן. אין קאַליפאָרניע האָט אַפּטאָן סינקלער באַקומען אַ ריזיקע צאָל שטימען — 847,000 — אויף אַ שאַנטאַזש־אוטאָפּיסטישער פּראָגראַם: אָפּשאַפן אָרעמקייט אין קאַליפאָרניע, ניט געקוקט אויף דער פּראָאייניקטער, ביטערער, פאַרלוימדערישער אָפּאָזיציע פון דעם קאַפּיטאַליסטישן קלאַס אין ביידע אַלטע פּאַרטייען און ניט געקוקט אויף דעם מעסער אין רוקן וואָס סינקלער האָט געקראָגן פון רוזוועלטן. (סינקלער איז אָפּיציעל געווען דער קאַנדידאַט פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי פאַר גאָווערנאָר פון קאַליפאָרניע.) זיין געגנער, מעריאַם, האָט געזיגט אינגאַנצן מיט צוויי הונדערט טויזנט שטימען.

אין מינעסאָטאַ האָט די פאַרמער־לייבאָר פּאַרטיי מיט גאָווערנאָר אָלסאָן אין דער שפּיץ אָפּגעהאַלטן אַ גרויסן וואַל־זיג נאָר צוליב דער ברייטער מאַס דעמאַגאָגישע פאַרשפּרעכונגען וואָס די פאַרמער־לייבאָר פּאָליטישענס האָבן געמאַכט די אַרבעטער, פאַרמער און קליינבירגער. אָלסאָנס הויפּט־לאָזונג איז געווען: אַ גערעכטע איבערטיילונג פון רייכטום פון לאַנד. ניט קיין גלייכע, נאָר אַ גערעכטע צעטיילונג, ניט אָפּצושרעקן די מיטל־קלאַס עלעמענטן. אָלסאָן, פּונקט ווי סינקלער, האָט פאַרזיכערט, אַז אין די ראַמען פון דער קאַנ־

סטיטוציע, מיט די אַלטע פּאַרלאַמענטאַרישע מיטלען, קען מען דורכפירן די גרינטלעכע איבערבויאונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג אויף יסודות פון סאָציאַלער גערעכטיקייט. מען דאַרף נאָר בייטן דעם „סעט״ רעגירער (די מענטשן אין דער רעגירונג).

אין וויסקאָנסין האָבן די לאַפּאָלעט־ברידער צעקלאַפּט די דעמאָקראַטישע מאַשין און געוואונען די מאַכט אויך אויף אַ פּלאַטפּאָרמע פון קאַמף נעגן דעם מאָנאָפּאָליסטישן קאַפּיטאַל, וואָל־סטריט א. אַז. וו.

אין לואיזיאַנאַ האָט לאָנג צעקלאַפּט זיינע געגנער מיט פאַרשפּרעכונגען אַז ער וועט איינפירן אַ „גן־עדן״ פאַר די איינוואוינער פון זיין שטאַט און שפּעטער פאַר די איינוואוינער פון גאַנצן לאַנד. לאָנג, אַ פינצטערער, געלט־זשעדנער דעמאַגאָג מיט אָפענע פאַשיסטישע נויגונגען, האָט זיך מאַסקירט הינטער קנאַקענדיקע פראַזן געגן די קאַפּיטאַליסטן און זייער וואָל־סטריט.

די פיל הונדערטער טויזנטער אַרבעטער, פאַרמער און קליינבירגער וואָס האָבן געשטימט פאַר סינקלער, אָלסאָן און לאָנג, האָבן אויפריכטיק געגלויבט אַז דערמיט וואַרפן זיי אַריין אַ באַלאָט געגן די קאַפּיטאַליסטן און זייערע צוויי פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס.

### נייע דערשיינונג פּאָדערט אַן ענדערונג אין דעם צוגאַנג צו דער לייבאָר פּאַרטיי

דער פּלענום פון צענטראַל־קאָמיטעט איז געקומען צום שלוס, אַז עס הייבט זיך אָן „אויסטיילן אַ קלאָרער אָנהייב פון פאַנאַנדערפאַל פון די צוויי אַלטע פּאַרטייען. די קלאָרע מעגלעכקייט דערשיינט איצט, אַז אַ נייע מאַסן־פּאַרטיי זאָל זיך אַרויסרוקן פון דעם דאָזיקן פאַנאַנדערפאַל פון די אַלטע פּאַרטייען.״ (אוירל בראַודער, קאָמוניסט, פעברואַר 1935.)

אָט־די נייע דערשיינונג האָט געפּאָדערט אַן ענדערונג אין דער אומ־מיטלבאַרער שטעלונג צו דער פראַגע פון אַ לייבאָר־פּאַרטיי. מיט עטלעכע יאָר פריער, ווען עס איז ניט געווען קיין מאַסן־טענדענץ אַוועקצוגיין פון די אַלטע פּאַרטייען, האָט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי צוריקגעוויזן פּאָרשלאַגן צו אָר־גאַניזירן אַ לייבאָר־פּאַרטיי. די באַדינגונגען האָבן עס ניט באַרעכטיקט. עס האָט ניט געקענט זיין קיין רייד צו באַשאַפן אַ מאַסן- לייבאָר־פּאַרטיי מיט פינף, פיר אָדער דריי יאָר פריער. אין דער פּראַקטיק וואָלט זיך באַקומען אַ לייבאָר־פּאַרטיי פון קאָמוניסטן און זייערע סימפּאַטיקער.

די קענטיקע ענדערונג אין דער שטימונג פון די מאַסן, דאָס אָנוואַקסן

פון פאָליטישער אומצופרידנקייט מיט די קאַפּיטאַליסטישע פּאַרטייען אין 1934 אויף דעם אַלגעמיינעם הינטערגרונט פון טיפער אַנטוישונג אין רוזוועלטס „אויפלעבונג"־פּלענער, האָט געשאַפן אַ סיטואַציע אַז פיל רעפאָרמער און לייבאָר־פּאָליטישענס ווילן אַריינציען דעם שטראָם פון פּאָליטישער אומצופרידנקייט אין אַ קאַנאַל פון אַ לייבאָר־פּאַרטיי וואָס זאָל אין גרונט גענומען זיין אַ דריטע האַנט פון קאַפּיטאַליסטישער הערשאַפט, אַ צווייטע אויפלאַגע פון דער לאַפּאָלעט־באַוועגונג אין 1924.

## די פאַרשיידענע טיפּן לייבאָר־פּאַרטייען

די רעזאָלוציע פונם צענטראַל־קאָמיטעט האָט פאַראויסגעזען איינציקע טיפּן פון אַ לייבאָר־פּאַרטיי: פון דעם לאַפּאָלעט־פּאָלקיסטיש־פּראָגרעסיוון שניט; אַ לייבאָר־פּאַרטיי געבויט אויף די יוניאָנס אין וועלכער די יוניאָן־ביוראָקראַטיע, געמיינשאַפטלעך מיט די סאָציאַליסטן, זאָלן הערשן. אַזאַ סאָרט פּאַרטיי וועט זיך וויקלען אין אַ מאַנטל פון נעפּלהאַפטע פאַרשפּרעכונגען וועגן אַ קאָאָפּעראַטיווער קאָמאָנוועלט (געזעלשאַפט) אָדער אין „סאָציאַליזם אין אונזער צייט" פון נאָרמאַן טאָמאַסעס שול. אין דער ווירקלעכקייט וועט אַזאַ פּאַרטיי שפּרייטן נייע אילוזיעס צווישן די מאַסן וועגן דער מעגלעכקייט פון „אַריינוואַקסן אין דער נייער אָרדענונג" אַנשטאָט צו ווערן אַ קאַמף־מיטל אין זייערע הענט.

די רעזאָלוציע האָט דעריבער אַנגעמערקט אַ פּראָגראַם פון פּראָפּאַגאַנדע פאַר אַזאַ לייבאָר־פּאַרטיי, וואָס זאָל זיין ענג פאַרבונדן מיט די טעגלעכע נויטן און קאַמף פון די אַרבעטער און אָרעמע פאַרמער. אויסצוקריסטאַליזירן די שטימונג פאַר אַזאַ לייבאָר־פּאַרטיי צווישן דער מאַסע אַרבעטער וואָס זוכט איצט אַ נייעם, ברייטן פּאָליטישן אינסטרומענט, איז די אויפגאַבע וואָס דער פּלענום האָט געשטעלט פאַר דער פּאַרטיי. דערביי איז די מיטגלידערשאַפט געוואָרנט געוואָרן וועגן צוויי געפאַרן:

די סעקטאַנטישע געפאַר, די געפאַר צו באַשרענקען די באַוועגונג פאַר אַ לייבאָר־פּאַרטיי נאָר צו לינקע, קאָמוניסטן און זייערע סימפּאַטיקער. די צווייטע געפאַר: ניט אַרונטערצופאַלן און ניט אונטערגעבן זיך צו רעפאָרמיסטישע טענדענצן אין דעם פּראָצעס פון צוגרייטן די לייבאָר־פּאַרטיי.

די רעזאָלוציע האָט באַטאָנט, אַז די פּאַרטיי הייבט ניט אָן קיין אַלגעמיינע באַלדיקע שריט צו אָרגאַניזירן אַ לייבאָר־פּאַרטיי אויף אַ נאַציאָנאַלן מאַסשטאַב. עס וועט זיך ווענדן אין דער געגעבענער לאַגע אין אַ שטאָט און

אין אַ געגנט. פּאַרזיכטיקע באַקאַנטשאַפט מיט דער אָרטיקער לאַגע וועט מוזן קומען פריער, איידער אָרגאַניזאַציאָנעלע שריט וועלן אונטערגענומען ווערן.

די רעזאָלוציע האָט געוויזן, אַז די קאָמוניסטישע פּאַרטיי פאַרמאָגט די נויטיקע פּאָליטישע בויגזאַמקייט, וואָס איז אַ גרונט־שטריך פון לעניניזם און אַז זי האַלט איר פינגער אויף דעם פּאָליטישן פּולס פון די מאַסן אין אַ פּעריאָד וואָס איז פול מיט גרויסע מעגלעכקייטן פאַר דער ווייטערדיקער ראַדיקאַליזירונג פון דעם אַרבעטער־קלאַס.

דרייסיקסטער קאַפּיטל

# די א. פ. אָוו ל. טעאָריע און פּראַקטיק

א. פ. אָוו ל. האָט שלום געמאַכט מיט קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג.— לייקנט קלאַסן-קאַמף און קלאַסן-סאָלידאַריטעט פון אַרבעטער.— גאָמפּערסעס ניט-פּאַרטייאישע פּאָליטיק איז אַ קאַלאָסאַלער דורכפאַל. — דער שמאָלער פאַך-געבוי פון די יוניאָנס און די שעדלעכע רעזולטאַטן. — די הויכע געהאַלטן פון די באַאַמטע. — קליינע סומען פאַר אָרגאַניזירן די אומאָרגאַניזירטע. — וויכטיקע אינדוסטריעס אינגאַנצן אויסגעלאָזט. — די פאַרשפּרייטונג פון רעקעטירינג.—יוריסדיקציע-שטרייטיקייטן.—הייליקייט פון קאָנטראַקט מיט באַלעבאַטים. — די גאַנצע מאַכט אין די יוניאָנס פאַרכאַפּט פון די באַאַמטע. — די א. פ. אָוו ל. אין די מלחמה-יאָרן. — גאָמפּערס, דער אַגענט פון סטייט-דעפּאַרטמענט אין מעקסיקאָ. — פאַרוואָס די א. פ. אָוו ל. איז אָרויסגעטראָטן פון אַמסטערדאַמער טרייד-יוניאָן אינטערנאַציאָנאַל. — א. פ. אָוו ל. פאַרן ווערסאַלער פרידן-אָפּמאַך.

יעדע באַוועגונג אין דעם אַרבעטער־קלאַס פאַרמאָגט איר אידעאָלאָגיע. ווי גייסטיק אָרעם אַ באַוועגונג זאָל ניט זיין, ווי נישטיק דער סך־הכל פון אירע אָנשויאונגען און מיינונגען זאָל ניט זיין, איז פאַראַן דאָך אַזוינס וואָס באַרעכטיקט אין אירע אייגענע אויגן די עקזיסטענץ וואָס זי פירט און די טאַטן וואָס זי באַגייט.

וואָס איז די אידעאָלאָגיע פון דער „אַמעריקאַן פעדערייששאָן אָוו לייבאָר”? וועלכער גייסטיקער ריכט־שנור האָט באַוואוינגן איר עקזיסטענץ אַזויפיל יאָרן? וועלכע באַרעכטיקונג האָט זי פאַר איר לאַנג־יאָריקער פּאָליטיק וואָס האָט געבראַכט אַז דער אַרבעטער־קלאַס אין זיין גרויסער מערהייט זאָל בלייבן שוצלאָז געגן די קאַפּיטאַליסטן?

אין פאַרלויף פון די 50 יאָר וואָס די א. פ. אָוו ל. עקזיסטירט אָפיציעל, האָט זי זיך ווייניק וואָס געביטן. אין די ערשטע יאָרן, אין אַ סביבה פון גרויסן אַרבעטער־אויפברויז, ארומגערינגלט פון אַן אימפּעטיקער כוואַליע סטרייקס, איז די פעדעראַציע־פירערשאַפט ניט געווען אַזוי רעאַקציאָנער־פאַרגליווערט ווי אין די שפּעטערדיקע יאָרן. די פאַך־יוניאָנס האָבן נאָך ניט אויסגעקעמפט זייערע פּאָזיציעס, האָבן זיך נאָך ניט אַרויסגעדראַפּעט אינ־

גאנצן אויף די העכערע שטאפלען פון דעם עקאנאמישן לייטער. זיי האבן נאך אויך ניט פארענדיקט דעם קרייז פון זייער ארגאניזאציע־געביט. גאמ־פערס האט אין 1886, אין זיין באגריסונג צו דער ארבעטער־פארטיי וואס האט געפירט די וואל־קאמפאניע אין ניו יארק פאר הענרי דזשארדזש, זיך געהנדלט מיט סאציאליסטישע געדאנקען. דאס איז געווען זיין איינציקע „שוואכע" מינוט. אבער אין 1893, אויף דעם צוזאמענפאר אין באסטאן, האט גאמפערס שוין ארויסגעלאזט זיין „פארניכטנדיקן" שאס געגן די סא־ציאליסטן: „עקאנאמיש שטייט איר אויף א פאלשן באדן, סאציאל זיינט איר אומבארעכטיקט, אינדוסטריעל זיינט איר אומדערטרעגלעך."



סעמיועל גאמפערס

גאמפערס האט ארייגעצויגן אין קרייז פון זיין אידעאלאגיע זיין פריינט שטראסער און דעם פרעזידענט פון דער סטאליארעס יוניאן (בראדערהוד או קארפענטערס) מעקווייר, וואס זיינען געווען פריער סאציאליסטן. גאמפערס האט פולשטענדיק באהערשט דעם גייסט פון דער אפיציעלער פירערשאפט

פון די נאַציאָנאַלע פאַך־יוניאָנס. דעם אמתן כאַראַקטער פון דעם גאָמ־פּערסיזם האָט אַרויסגעבראַכט אַדאָלף שטראַסער אויפן פאַרהער פאַר דער סענאַט קאָמיטע פון אַרבעט און בילדונג נאָך אין 1883. שוין דאָרט האָט דער פּרעזידענט פון דער אינטערנאַציאָנאַלער ציגאַרמאַכער־יוניאָן געזוכט צו באַרואיקן די קאַפּיטאַליסטן, אַז די טרייד־יוניאָניסטן אין אַמעריקע טראַכטן ניט חלילה פון קיין פּאָליטיש־רעוואָלוציאָנערע צילן.

## שטראַסערס פאַרזיכערונג נאָך אין 1883

אויף די פראַגן פון די סענאַטאָרן, צי ער און זיינע פריינט האָבן ניט קיין ווייטערע צוועקן אויסער דער פאַרבעסערונג פון דער לאַגע פון זייערע מיטגלידער האָט שטראַסער געענטפערט אויף א צופרידנשטעלנדיקן אופן — פאַר די סענאַטאָרן:

פראַגע: „איר שטרעבט פריער פון אַלץ צו פאַרבעסערן די היימישע לאַגע?"

ענטפער: „יאָ, איך גיב פריער פון אַלץ אַכטונג אויף דעם פאַך וואָס איך פאַרטרעט. איך גיב אַכטונג אויף די אינטערעסן פון די ציגאַר־מאַכער, וועלכע באַשעפטיקן מיך ווי זייער פאַרטרעטער."

פראַגע: „איך האָב אייך נאָר געפרעגט וועגן אייער ענדגילטיקן ציל."

ענטפער: „מיר האָבן ניט קיין ענדגילטיקע צילן. מיר לעבן פון טאָג צו טאָג. מיר קעמפן נאָר פאַר באַלדיקע זאַכן — זאַכן וואָס קענען פאַרווירקלעכט ווערן אין עטלעכע יאָר. * * * מיר זאָגן אין אונזער קאָנסטיטוציע, אַז מיר זיינען געגן די אַלע טעאָריסטן. * * * מיר זיינען אַלע פּראַקטישע מענטשן."

געגן טעאָריסטן און פאַר „פּראַקטישקייט", דאָס איז געווען גאָמפּערסעס פּאָקל וואָס האָט באַלויכטן זיין שמאָלן און פאַלשן וועג צווישן דער ברייטער, פיל־מיליאָנענדיקער ניט־אָרגאַניזירטער אַרבעטער־מאַסע. אויף וואָס איז די „פּראַקטישקייט" געווען באַזירט, ווי אַזוי האָט זי געאַרבעט און וואָס זיינען געווען אירע רעזולטאַטן?

צו דער „אַמעריקאַן פעדערײשאַן אָוו לייבאָר" דאַרף מען צוגיין פון די פאָלגנדע פונדאַמענטאַלע פונקטן:

1. איר אידעאָלאָגיע; 2. איר געבוי; 3. אירע מעטאָדן און טאַקטיק; 4. אירע דערגרייכונגען.

אידעאָלאָגיע. די א. פ. אָוו ל. איז די איינציקע גרויסע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע אין דער וועלט וואָס האָט פולשטענדיק שלום געמאַכט מיט דער קאַפּי־

טאַליסטישער אָרדענונג. די טרייד־יוניאָן באַוועגונג אין די אייראָפּיאישע לענ־דער, מיטן אויסנאַם פון די קריסטלעך־סאָציאַלע (קאַטוילישע) און עטלעכע ליבעראַלע יוניאָנס, זיינען וויניקסטנס מיט די ליפּן געווען פאַר קלאַסן־קאַמף און פאַר סאָציאַליזם. אַפילו די ענגלישע טרייד־יוניאָן באַוועגונג, אין סוף פונם ניינצענטן יאָרהונדערט, האָט אָנערקענט די קלאַסן־צעטיילונג פון דער געזעל־שאַפט, איז געווען מיטן מויל פאַר ארבעטער־סאָלידאַריטעט און אָפיציעל געשטיצט די סאָציאַליסטישע באַוועגונג. דערמיט האָט די טרייד־יוניאָן באַוועגונג צוגעגעבן, אַז די קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג וועט אַמאָל פאַרביטן ווערן פון אַ סאָציאַליסטישער. ווען און ווי אַזוי דאָס וועט פאָרקומען איז אַן אַנדער זאַך.

די רעכטע טרייד־יוניאָן פירער אין אייראָפּע האָבן שפּעטער אָוועק־געשלעפּט זייערע אָרגאַניזאַציעס וואָס וויטער פון קלאַסן־קאַמף און פון סאָציאַליזם. אין דעם זיינען זיי ניט געווען קיין אויסנאַם. דאָס האָבן אויך געטאָן די פירער פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. אָפיציעל אָבער זיינען די יוניאָנס און זייער פּרעסע געווען טיילן פון דער באַוועגונג, וועמענס הויפּט־צוועק האָט באַדאַרפט זיין אומצואוואַרפן קאַפּיטאַליזם.

א. פ. אָוו ל. זעט ניט איין די עקזיסטענץ פון אַ קאַפּיטאַליסטישן קלאַס

די אַמעריקאַן פעדעריישאַן אָוו לייבאָר איז געווען די איינציקע גרויסע ארבעטער־אָרגאַניזאַציע וואָס האָט פון סאַמע אָנהויב ניט געמאַכט קיין צערעמאָניעס מיט אַזעלכע זאַכן ווי קלאַסן־קאַמף און סאָציאַליזם.*) די א. פ. אָוו ל. האָט אָפן און קלאָר אונטערשטראָכן, אַז זי פאַרמאָגט ניט קיין פיינטלעכע כוונות געגן דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג. קאַפּיטאַליזם איז דאָ און קאַפּיטאַליזם וועט פאַרבלייבן. דאָס איז די אָרדענונג אונטער וועלכער די מענטשהייט דאַרף לעבן. אַלץ וואָס די ארבעטער דאַרפן טאָן איז דורך „ערנהאַפטע מיטלען שטרעבן אויסצובעסערן זייער לאַגע און קריגן אַ גע־רעכטע באַלוינונג פאַר זייער ארבעט.” (פון דער אָפיציעלער דעקלאַראַציע פון דער א. פ. אָוו ל., לייבאָר דעי, 1924.) **)

---

*) מיר ברענגען אַ פאָרמולע פון די שפּעטערדיקע יאָרן, ווייל זי איז אָפענער. אין די ערשטע יאָרן האָט דער גאָמפּערסיזם פאַרשטעלט זיין אָנערקענונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג אין אַ מבול פון הויך־פליגלדיקע פראַזן.

**) נאָר אויף דעם ערשטן צוזאַמענפאָר אין 1881 אין פּיטסבורג, וואָס האָט באַשאַפן די „אָרגאַנייזד טריידס ענד לייבאָר יוניאָנס”, איז ווי אַ קאָמפּראָמיס מיט

ווען אן ארבעטער־ארגאניזאציע שליסט אזא פולן שלום מיטן קאפי־טאליזם זיינען די ווייטערדיקע שלוסן אומפארמיידלעך. ווען מען לייקנט אז די געזעלשאפט איז צעטיילט אויף קלאסן, לייקנט מען גלייכצייטיק קלאסן־קאמף און קלאסן־סאלידאריטעט צווישן די ארבעטער. דער גאמפערסיזם האט זיך געהיט ווי פאר פייער צו באנוצן די ווערטער ארבעטער און ארבעטער־קלאס. די גאנצע אפיציעלע ליטעראטור פון דער א. פ. או ל., אירע צוזאמענפארן, רעזאלוציעס און דאס גלייכן, האבן גערעדט פון ארבעטגעבער און ארבעטנעמער (עמפלאיערס און עמפלאאיס). זעלטן איז באנוצט געווארן אזא געפערלעכער טערמין, ווי קאפיטאליסטישער קלאס. ווען די פעדעראציע־פירער האבן געמוזט זאגן א שארףווארט געגן די קאפיטאליסטן האבן זיי באנוצט אזעלכע איידעלע טערמינען ווי האנדלס־קלאסן (קאמוירשעל קלעסעס). ווען די לאגע איז געווען זייער אנגעצויגן דורך א סטרייק, האבן די קאפיטאליסטן געהייסן די געלט־אינטערעסן (מאניד אינטערעסטס). אבער זעלטן האט גאמפערס ארויסגעבראכט פון זיין מויל דעם אמתן נאמען פון די איצטיקע הערשער.

דער גאמפערסיזם האט ביטער באקעמפט, און באקעמפט אויך איצט, די טעאריע פון מארקס, אז אונטער קאפיטאליזם איז ארבעט־קראפט א סחורה ווי אלע סחורות, אז דער ארבעטער מוז פארקויפן זיין ארבעט־קראפט אויף דעם ארבעט־מארק. גאמפערס האט געשטורעמט געגן אזא באליידיקונג אויף ארבעטער. ארבעט, לויט דער תורה פון דער א. פ. או ל. פירערשאפט, איז א בכבודיקע זאך אין דער איצטיקער געזעלשאפט. דער ארבעטער טראגט צו צו דער אינדוסטריע אזא נויטיקן ארטיקל ווי דער קאפיטאליסט טראגט צו. דער ערשטער, זיין ארבעט און דער צווייטער, זיין קאפיטאל, פייאיקייט און פארוואלטונג. ביידע זאכן זיינען נויטווענדיקע טיילן פון דער אינדוסטריע. ביידע זיינען דעריבער שותפים און דארפן באהאנדלען איינער דעם אנדערן ווי שותפים. די טעאריע פון שותפות צווישן ארבעט און קאפיטאל איז אויסגענוצט געווארן פון די קאפיטאליסטן נאך דער וועלט־מלחמה אנצוהויבן

---

די אנווענזנדע דעלעגאטן פון די „נייטס" ארויסגעשטעלט געווארן אין דער פלאט־פארמע די דערקלערונג, אז אין אלע ציוויליזירטע פעלקער קומט פאר א קאמף צווישן ארבעט און קאפיטאל; דער קאמף וועט ברענגען אומגליקן צו די הארע־פאשנע מאסן, סיידן זיי וועלן זיך פאראייניקן פאר געגנזייטיקער שוץ און אויס־בעסערונג. די דערקלערונג איז אויסגעטייטשט געווארן ווי אן אנצוהעעניש אויף קלאסן־קאמף, אבער ניט אז דער ענדגילטיקער ציל פון קלאסן־קאמף איז די אפשאפונג פון קאפיטאליזם.

אַן אָנגריף אַפּצואַווישן די יוניאָנס. די קאַפּיטאַליסטן האָבן גענומען אָר־גאַניזירן קאָמפּאַניע־יוניאָנס וואָס האָבן כלומרשט אַ דעה אין דער פאַר־וואַלטונג פון דער אינדוסטריע.

שוין סוף 1921, ווען דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס האָט דערלאַנגט זיין ערשטן קלאַפּ אין דער אָפענסיווע געגן די אַרבעטער און געגן זייערע אָר־גאַניזאַציעס, האָט דער אָרגאַן פון איינער פון די גרעסטע יוניאָנס, די בראָדערהוד אָוו קאַרפּענטערס, זיך צעזונגען אין אַ הימנע וועגן די געמיינ־שאַפטלעכע אינטערעסן פון אַרבעט און קאַפּיטאַל.

„עס איז צום באַדויערן אָבער אַ פאַקט, אַז זייער אָפט פאַרפעלן די אָראַטאָרן און אַנדערע, וואָס דיסקוטירן די באַציאונגען פון קאַפּיטאַל און אַרבעט, צו באַגרייפן אַז די אינטערעסן פון ביידע זיינען אידענטיש. ביידע דאַרפן פּראָדוקציע און פּראָספּעריטעט. זיי זיינען אַנטאַגאָניסטיש נאָר ווען זיי דינגען זיך איבער לוין און אַרבעט־באַדינגונגען. דער דערפאָלג פון איין טייל ליגט אין דער ריכטונג פון דערפאָלג פון דעם צווייטן טייל. קיינער פון זיי קען ניט לאַנג געניסן וואוילזיין אויפן רעכענונג פון צווייטן טייל.

„דער איינציקער קאָנפליקט וואָס קען זיין צווישן דעם אַרבעטגעבער און דעם אַרבעטער איז וועגן דער פּראָפּאָרציע וואָס יעדער פון זיי זאָל קריגן פון דער געמיינזאַמער פּראָדוקציע. אַ יושרדיקע פאַרטיילונג דאַרף איינ־געפירט ווערן. אָבער פריער מוז זיין וואָס צו פאַרטיילן און וואָס מער עס איז דאָ, אַלץ גרעסער וועט זיין די מעגלעכקייט פאַר יעדן צו קריגן זיין באַלוינונג." (קאַפּיטאַל און אַרבעט, לייט־אַרטיקל, פון „קאַרפּענטער", נאָוועמ־בער 1921, זייט 19. אַרויסגענומען פון דייוויד סאַפּאָס: רידינגס אין טרייד־יוניאָניזם, זייט 36.)

דער לייט־אַרטיקל ענדיקט זיך מיט אַ נאָבעלן רוף צו ביידע טיילן אין דער אינדוסטריע צו פאַרגרעסערן די פּראָפיטן דורך פאַרגרעסערן די פּראָ־דוקציע פון יעדן אַרבעטער...

### די טעאָריע פון יושרדיקע און ניט־יושרדיקע אַרבעטגעבער

אויב קאַפּיטאַליזם איז גוט און יושרדיק, צו וואָס דאַרף מען אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס בכלל? זאָלן די שותפים איינציקווייז צווישן זיך אויסקומען און פאַרטיק. אויף דעם האָט דער גאָמפּערסיזם אַרויסגערוקט די באַרימטע טעאָריע פון יושרדיקע („פעיר") אַרבעטגעבער און ניט־יושרדיקע („אַנפעיר"). וואָלטן אַלע אַרבעטגעבער געווען פיינע מענטשן, וואָלטן טאַקע יוניאָנס געווען איבעריק. צום אומגליק זיינען אויך פאַראַן ניט קיין פיינע באַלעבאַטים. געגן די ניט־פיינע באַלעבאַטים איז דער איינצלנער אַרבעטער־שותף, אומ־מעכטיק, געגן די ניט־יושרדיקע באַלעבאַטים דאַרף מען פאַראייניקן אַלע

אַרבעטער און זיי צוזאַמען וועלן לערנען יושר מיט אַזעלכע אַרבעטגעבער. דאָס איז די באַרעכטיקונג פאַר דער עקזיסטענץ פון די יוניאָנס.

וואָס איז די לאָזונג וואָס דער גאָמפּערסיזם האָט אָנגעשריבן אויף זיין פאָן?

די לאָזונג איז זייער אַ פיינע: אַ יושרדיקע באַלוינונג פאַר אַ יושר־דיקן אַרבעט־טאָג („עי פעיר דעי'ס פּעי פאָר עי פעיר דעי'ס וואָירק").

ווער וועט באַשטימען וואָס איז אַ יושרדיקע באַלוינונג פאַר אַ יושרדיקן אַרבעט־טאָג? די יוניאָן און דער באַלעבאָס דורך אַן אָפּמאַך. דער אָפּמאַך דאַרף דערגרייכט ווערן דורך פאַרהאַנדלונגען אַרום אַ גרינעם טיש. אויב די פאַרהאַנדלונגען העלפן ניט, איז אַ סטרייק דער לעצטער מיטל. אָבער עס איז אַלעמאָל בעסער ניט אָנצוקומען צו דעם לעצטן מיטל.

ווי באַלד עס זיינען ניטאָ קיין קלאַסן־געגנזאַצן צווישן די אַרבעטער און די אַרבעטגעבער איז במילא אומזיניק צו רעדן וועגן זעלבסטשטענדיקער אַרבעטער פּאָליטישער טעטיקייט. ניטאָ קיין אַרבעטער־קלאַס, קען ניט זיין קיין רייד פון אַן אַרבעטער־פּאַרטיי. פּונקט ווי אַמאָל די משכילים האָבן געלערנט די אָפּגעשטאַנענע פינצטערע אידישע מאַסן: זיי אַ איד אין דיין געצעלט און אַ מענטש אין גאַס, אַזוי האָט דער גאָמפּערסיזם געלערנט דעם קוואַליפיצירטן אַרבעטער: ביסט אַ יוניאָן־מאַן אין דיין שאַפּ און אַ בירגער אינדרויסן. אין שאַפּ פאַרמאָגסטו געמיינשאַפטלעכע אינטערעסן דורך דיין יוניאָן מיט די איבעריקע אַרבעטער אין שאַפּ, אויסערהאַלב דעם שאַפּ און דער יוניאָן ביסטו דער זעלבער פולבאַרעכטיקטער און גלייכער בירגער ווי ראָקפעלער און מאָרגאַן. איין רעגירונג פאַרביידן, איין קירך, די זעלבע אינסטיטוציעס און דאָס זעלבע פאָטערלאַנד. ניטאָ קיין אונטערשייד צווישן אַמעריקאַנישע בירגער. אָרעם און רייך, אַלע זיינען גלייך.

### די רעזולטאַטן פון דער כלומרשטער אומפּאַרטייאישער פּאָליטיק

דער גאָמפּערסיזם האָט ביטער באַקעמפט די סאָציאַליסטישע באַוועגונג און אַלע פאַרזוכן צו שאַפן אַן אַרבעטער־פּאַרטיי.*) זיין מאָטאָ איז שפּעטער

*) אין די פּרעזידענט-וואַלן אין 1924 האָט דער עקזעקוטיוו קאָונסיל פון דער א. פ. אָוו ל. אָפיציעל אונטערשטיצט לאַפּאָלעטס קאַנדידאַטור, וואָס איז ניט געווען צוגעבונדן צו אַ דריטער פּאַרטיי. אָבער אויך די אונטערשטיצונג איז געבליבן אויפן פּאַפּיר. די באַזונדערע יוניאָן-פּרעזידענטן זיינען ווי אַלע מאָל נאָכגעגאַנגען נאָך איינער פון די צוויי גרויסע קאַפּיטאַליסטישע פּאַרטייען. גענויער וועגן דער באַוועגונג פאַר אַ פאַרמער-לייבאָר פּאַרטיי אין קאַפּיטל 29.

געווען: „אומפארטייאישע פאליטיק. פאליטיק יא, די ארבעטער מוזן זיך מישן אין פאליטיק, אבער ניט ווי א זעלבסטשטענדיקער קלאס, נאר „אומ־פארטייאיש", ד. ה. זיין אויף דער זייט פון די אלטע קאפיטאליסטישע פאר־טייען. דער גאמפערסיזם איז אפן ארויסגעטראטן געגן סאציאליזם ווי די לייזונג פאר דעם ארבעטער־קלאס.

די פארמולע פון אומפארטייאישער פאליטיק איז געקומען שוין שפעטער, אין אנהויב פון 20סטן יארהונדערט, ווען דער גאמפערסיזם איז געשטעלט געווארן פאר דער ברוטאלער נויטווענדיקייט צו „שפילן" פאליטיק. די ריכטער האבן געהאנגלט מיט אינדזשאנקשאנס געגן סטרייקס, געזעצן געגן טראסטן זיינען אנגעווענדט געווארן געגן די יוניאנס, קאפיטאליזם האט זיך געשטעלט געגן יעדן ארבעטער־שוץ געזעץ. דער גאמפערסיזם האט געזוכט צו פארדעקן זיין פאליטישן באנקראט און די פרוכטלאזיקייט פון זיין לאבי־טעטיקייט הינטער א דעמאגאגישער פארמולע: „אריינטרעטן אין פאליטישן קאמף, ניט אויף קיינעמס צד" („נאן־פארטיזען"). אין דער ווירקלעכקייט האט עס געהייסן שטיצן און שטימען פאר די קאפיטאליסטישע קאנדידאטן וועלכע זיינען „גוטע מענטשן" און ניט שטימען פאר די קאפיטאליסטישע קאנדידאטן וועלכע זיינען „שלעכטע מענטשן". די א. פ. או ל. פירערשאפט האט ארומגעוויקלט די אומפארטייאישע פאליטיק מיט דער קלינגענדיקער פראזע: „באלוינען די פריינט און באשטראפן די פיינט" — אין די קאפי־טאליסטישע פארטייען. דער פולשטענדיקער צוזאמענברוך פון דער קאמ־פאניע פאר די עלעמענטארע ארבעטער־שוץ געזעצן וואס די א. פ. או ל. האט געפירט אזוי פיל לאנגע יארן דורך איר אומפארטייאישער פאליטיק דעמאנסטרירט די האפענונגלאזיקייט פון „באלוינען דעם פריינט" דעם ערשטן דינסטיק נאך יעדן ערשטן מאנטיק אין נאוועמבער (דער טאג פון די וואלן).

דאס האט ניט געשטערט די א. פ. או ל. פירער ארויסצוקומען מיט א לויב־געזאנג פאר זייער „קלוגער און פארנונפטיקער אומפארטייאישער פא־ליטיק, וואס האט געבראכט אזוי פיל דערגרייכונגען פאר די ארבעטער אין אמעריקע".

אין דעם לענגערן דאקומענט וואס די א. פ. או ל. קאנווענשאן האט אנגענומען אין אטלאנטיק סיטי, אין 1919, אונטער דעם פרעטענציעזן נאמען „די רעקאנסטרוקציע־פראגראם פון די ארבעטער שטרעבט צו דערשלאגן זיך א בעסערן און ליכטיקערן טאג", זאגט זיך:

„די אומגליקלעכע דערפארונג וואס די ארגאניזירטע ארבעטערשאפט אין אמעריקע האט געהאט מיט אייגענע פאליטישע פארטייען, באווייזט פול־

שטענדיק די אומפּאַרטייאישע פּאָליטיק פון דער א. פ. אָוו ל. די רעזולטאַטן וואָס די אַרבעטער-פּאַרטייען אין אַנדערע לענדער האָבן דערגרייכט, זיינען ניט געווען אַזעלכע וואָס זאָלן אַרויסרופן אַן אָפּנויג פון אונזער פּאָזיציע.

„די דערפאַרונג און די רעזולטאַטן וואָס זיינען דערגרייכט געוואָרן דורך דער אומפּאַרטייאישער פּאָליטיק פון דער אַמעריקאַן פעדערײשאַן אָוו לייבאָר ציען זיך אַ גאַנצן דור. זיי ווייזן אַז דורך דער אַנווענדונג פון דער פּאָליטיק האָבן די אַמעריקאַנישע אַרבעטער זיך דערשלאָגן אַ גרעסערע מאָס פון פונדאַמענטאַלער געזעצגעבונג, וואָס עטאַבלירט זייער רעכט, פאַרזיכערט זייערע אינטערעסן, באַשיצט זייער וואוילזיין און עפנט די טירן צו געלעגנהייטן, וואָס אַרבעטער אין אַנדערע לענדער האָבן ניט געקראָגן.

„די נויטווענדיקע געזעצגעבונג קען איצט שנעלער דערגרייכט ווערן דורך אויפקלערן די עפנטלעכע מיינונג און דורך אַן אַפּיל צו איר געוויסן, מיט אַ צוגאָב פון דער ענערגישער אומאָפּהענגיקער פּאָליטישער טעטיקייט פון די טרייד-יוניאָנס (אומאָפּהענגיק פון דער אַרבעטער-באַוועגונג—מ. ע.). דאָס איז און דאָס וועט זיין די פּאָליטישע ליניע פון דער א. פ. אָוו ל., אויב די לערע וואָס די אַרבעטער האָבן געקראָגן אין דער ביטערער— אָבער פּראַקטישער — שולע פון דערפאַרונג וועט רעספּעקטירט ווערן און אַנגעווענדט ווערן.״ (אַמעריקאַן פעדערײשאַניסט, פעברואַר 1919. אויך אַ באַזונדערע בראָשור אַרויסגעגעבן פון דער א. פ. אָוו ל.)

די פּוסטע, חוצפּהדיקע באַרימעריי, אין אַ שטורמישן פּעריאָד, נאָך דער וועלט־מלחמה, ווען אַ טייל פון אַרבעטער־קלאַס אין אייראָפּע האָט געקעמפּט פאַר מאַכט, ווען אין די מערסטע לענדער זיינען איינגעפירט געוואָרן געוויסע אַרבעטלאָזיקייט־פאַרזיכערונג סיסטעמען, האָט געצילט צו פאַרדעקן די פּרוכט־לאָזיקייט פון דער א. פ. אָוו ל. פּאָליטיק.

אין דער צייט ווען די אַרבעטער אין די אייראָפּייאישע לענדער האָבן נאָך דער מלחמה וויניקסטנס דערשלאָגן זיך געוויסע קאָנצעסיעס פון די קאַפּיטאַליסטן, האָבן ריכטער אין אַמעריקע געשאָטן מיט ברוטאַלע אינ־דזשאַנקשאַנס געגן סטרייקער און יוניאָן־פירער האָבן טריי געהאָלפן שלעפּן די צוויי אַלטע קאַפּיטאַליסטישע פּאַרטייען.

ווען די באַרימערישע דעקלאַראַציע איז געלייענט געוואָרן אין אַטלאַנטיק סיטי, האָבן די קאַפּיטאַליסטן שוין געמאַכט פאַרבאַרייטונגען פאַר זייער גרויסער אָפענסיווע אין 1921. די „רעקאָנסטרוקציע־פּראָגראַם״ וואָס די א. פ. אָוו ל. האָט אָנגענומען אין 1919, איז געווען אַ פאַרזוך צו צאַמען מיט הויך־קלינגענדיקע פראַזן די אומרואיקע שטימונג וואָס איז געשטיגן דעמאָלט צווישן די אַרבעטער. גאָמפּערס האָט באַטראַכט די „רעקאָנסטרוקציע

פראגראם" ווי א וואפן געגן די ראדיקאלן, וואס האבן דעמאלט געהויבן די קעפ אין די יוניאנס.*)

ארגאניזאציאנעלער געבוי: אן א. פ. אוו ל. יוניאן איז אן ארגאניזאציע פון מענטשן וואס באנוצן די זעלבע געצייג ביי דער ארבעט. ניט דער שאפ און ניט די פאבריק בינדן צוזאמען די ארבעטער, נאר זייער געצייג. ארבעטער וואס באנוצן דעם זעלבן סארט געצייג פארמאגן געמיינשאפטלעכע אינ־טערעסן און זיינען ארגאניזירט אין איין יוניאן. אויב מיט זיי אונטער איין דאך, ביי דעם זעלבן ארבעטגעבער זיינען באשעפטיקט א סך אנדערע ארבעטער וואס באנוצן אבער אנדערע געצייג, האט די ערשטע גרופע מיט זיי גארניט וואס צו טאן. די איבעריקע ארבעטער מיט די אנדערע געצייג זיינען אר־גאניזירט אין אן אנדער יוניאן — אויב זיי זיינען בכלל ארגאניזירט — שליסן אנדערע אפמאכן מיט דעם ארבעטגעבער און האבן אנדערע ארבעט־באדינגונגען. טאמער איז אין די לעצטע יארן געשאפן געווארן א לויזע פאר־בינדונג צווישן אט־די באזונדערע פאך (געצייג) יוניאנס, איז נאר אין סאמע שפיץ, דורך קאונסילס, וועלכע האבן ניט קיין פראקטישע באדייטונג אין דעם טאג־טעגלעכן לעבן פון די ארבעטער.

### פון וואנען דער פאך־פרינציפ שטאמט און פארוואס ער איז אפגעלעבט

דער שטרענגער פאך־ און צעך־פרינציפ איז א רעזולטאט פון די פרימי־טיווע פראדוקציע־באדינגונגען אונטער דער האנטווערקעריי און האנדל־קאפיטאליזם. אין 18טן יארהונדערט איז יעדער פאך געווען אן אפגעשניטענע און גאנצע זאך פאר זיך. א סטאליער האט פראדוצירט א גאנצן שטיק מעבל אדער א גאנצע טיר. א שוסטער האט אויפגענייט א גאנצע פאר שיך און א שמיד האט אויסגעפורעמט און אויסגעהאמערט א גאנצן אינסטרומענט. די ערשטע ארבעטער־ארגאניזאציעס זיינען דעריבער אויף א נאטירלעכן אופן אויסגעוואקסן פון אט־די פאכן און צעכן. פאך־ארגאניזאציעס האבן זיך פאראייניקט אין שטאטישע קערפערשאפטן פאר געגנזייטיקער הילף און שוץ אין צייט פון סטרייק.

אבער דער שטרענגער פאך־ און צעך־פרינציפ אונטערן מאדערנעם קאפי־טאליזם איז א טרויעריקער שפאס. פאבריקן זיינען אויפגעבויט געווארן,

---

*) געניויער וועגן דער „רעקאנסטרוקציע-פראגראם" אין קאפיטל: די אר-בעטער נאכן קריג.

מאשינען זיינען איינגעפירט געוואָרן, ארבעט איז צעטיילט און צעברעקלט געוואָרן, און די יוניאָנס זיינען פארבליבן אין דער זעלבער שמאָלינקער אָרגאַניזאַציע־פאָרמע. א סטאָליער מאכט שוין מער ניט קיין גאנצע טיר און א שוסטער נייט ניט מער אויף א גאנצע פּאָר שיך. די פּראָדוציר־פּראָצעסן האָבן דורכגעמאכט א ראדיקאַלע איבערקערעניש, אָבער דער געבוי פון די ארבעטער־אָרגאַניזאַציעס איז געבליבן דער זעלבער ווי אין דער ערב־קאפּיטאַליסטישער עפּאָכע.

א פּאָר צענדליק פאכן זיינען פארוויקלט אין אויפשטעלן א מאָדערנעם הימל־קראַצער. זייער מאטעריעלע לאַגע איז ענג פארבונדן, אָבער יעדער פאך איז א באַזונדערע אָרגאַניזירטע וועלט. די סטאָליארעס שטעלן שוין מער ניט אריין קיין הילצערנע ראַמען פאר די פענצטער, דאָס ווערט געטאָן פון מעטאַל־ארבעטער. מעטאַל, ווידער, איז פארביטן געוואָרן דורך קאָנקריט (בעטאָן) און די ראַמען פון די יוניאָנס האָבן זיך ניט גערירט פון אָרט, זיי זיינען די זעלבע ווי אין די צייטן פון דעם קליינעם הויז, געבויט פון האָלץ און ציגל. די ארבעטער וועלכע לייגן די ציגל האָבן א באַזונדערע יוניאָן, און די וועלכע טראָגן די ציגל, ווידער א באַזונדערע יוניאָן. די וועלכע גראָבן דעם פונדאַמענט האָבן ניט קיין שייכות מיט די וועלכע לייגן דעם דאך. די אייזן־ארבעטער זיינען אָפּגעזונדערט פון די שטוקאַטור־ארבעטער און די שטוקאַטור־ארבעטער פון די פארבער און אזוי ווייטער און ווייטער. ניט נאָר זיינען זיי אָפּגעזונדערט און האָבן גאַנץ אַנדערע ארבעט־באַדינגונגען, נאָר זיי זיינען פארוויקלט אין ביטערע, אינערלעכע מלחמות, באַקאַנט אונטער דעם נאָמען פון יורסדיקציע־שטרייטיקייטן, וואָס זיינען געווען א פּינצטערער קוואַל פון סטרייק־ברעכעריי אין דער א. פ. אָוו ל. גופא.

## גאָמפּערסעס אַטאַקע אויף אינדוסטריעלע יוניאָנס אין 1903

גאָמפּערס, וועלכער איז געווען דער פּראָפעט פון דעם פאך־יוניאָניזם, האָט געוואוסט ווי צו שפּילן אויף די ענגע גרופּן־אינטערעסן פון די אַר־בעטער אין די באַזונדערע פאכן. אנשטאָט יוניאָנס געבויט אויף אַן איג־דוסטריעלן באַזיס, שאָפּ, פאַבריק, ארבעטגעבער, א. אז. וו., אין איינקלאַנג מיט די פּראָדוציר־פּראָצעסן פון מאָדערנעם קאפּיטאַליזם, האָט גאָמפּערס אויפגעבויט א מעכטיקע מאשין פון פּרעזידענטן, וויס־פּרעזידענטן און די איבעריקע הויכע באַאמטע פון די פאך־יוניאָנס, א מאשין וואָס האָט עקשנות־

דיק באקעמפט יעדן פארזוך פון די ארבעטער צו פאראייניקן זייערע פאך־יוניאנס אין אינדוסטריעלע יוניאנס.

גאמפערס האט געפונען פאר נויטיק אפצוגעבן א גרויסן טייל פון זיין באריכט אויף דעם צוזאמענפאר פון דער א. פ. או ל. אין 1903 ארונטער־צורייסן די באוועגונג פאר אינדוסטריעלע יוניאנס. א גרופע סאציאליסטישע דעלעגאטן אויפן צוזאמענפאר האט אריינגעטראגן א רעזאלוציע וועגן דער נויטווענדיקייט צו צונויפגיסן די פאך־יוניאנס אין יעדער אינדוסטריע אין אינדוסטריעלע יוניאנס. גאמפערס איז ארויסגעקומען מיט א פייערדיקער אטאקע אויף די אנהענגער פון אינדוסטריעלע יוניאנס.

„דער פארזוך צו צווינגען די טרייד-יוניאנס אין אזוינס וואס מען רופט אינדוסטריעלע ארגאניזאציעס איז א פארקריפלונג פון דער געשיכטע פון דער ארבעטער-באוועגונג, איז געגן דער בעסטער אויפפאסונג פון די אר-בעטער-אינטערעסן איצט און וועט זיכער פירן צו צעטומלונג וואס קומט ערב אויפלייזונג און אויפרייסונג. עס איז צייט אז די אמעריקאן פעדע-רייזשאן אוו לייבאר זאל מאכן א סוף צו דעם. עס איז צייט פאר אונזערע טרייד-יוניאניסטן וואס זיינען פארטרויט מיט ערנסטער פאראנטווארטלעכקייט, צו העלפן צאמען דעם שטראם פון משוגענער אויסשפרייטונג איידער זייער גלייכגילטיקייט אדער זייער דערמוטיקונג וועט אריינציען זייערע ארגאני-זאציעס אין דעם קנויל וואס וועט זיי שלעפן צו מעגלעכער פארניכטונג.״ (די פארהאנדלונגען פון דער א. פ. או ל. קאנווענשאן, 1903, זייטן 18-19. ארויסגענומען פון דייוויד סאפאס בוך: רידינגס אין טרייד-יוניאניזם.)

דער לייענער וועט באמערקן גאמפערסעס שטורעם געגן „דעם שטראם פון משוגענער אויסשפרייטונג״ צו עפענען ברייט די טירן פון די יוניאנס פאר די ניט־קוואליפיצירטע ארבעטער וואס ארבעטן אין די זעלבע אינ־דוסטריעס אדער אין באשעפטיקונגען נאענט צו די פאך־יוניאנס.

דער פאך־געבוי האט געבראכט דערצו, אז אין 1910 זיינען אין דער א. פ. או ל. געווען אנגעשלאסן 120 אינטערנאציאנאלע און נאציאנאלע יוניאנס. די אפענסיווע פון די קאפיטאליסטן און די אומפארמיידלעכע צו־נויפשמעלצונג פון עטלעכע יוניאנס האט זיי פארקלענערט אויף 106 אין 1932. דאס איז אין א לאנד וואו די גרויסע מערהייט ארבעטער איז געבליבן אויסער יוניאנס. ווען די יוניאנס זאלן זיין געבויט אויף דעם ברייטן פרינציפ פון אינדוסטריע וואלט זייער צאל געווען ווייניקער פון העלפט און זייער מיטגלידערשאפט מער ווי דריי מאל אזוי פיל. 106 נאציאנאלע יוניאנס גיבן אבער א גרויסע צאל הויכע יוניאן־באאמטע...

## פאַך־פּרינציפּ שטיקט די אַרבעטער־באַוועגונג

דער פאַך־געבוי איז געוואָרן אַן אייזערן העמד פאַר דער אַרבעטער־באַוועגונג, אַ שמאָלער פּרינציפּ פון אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט ניט געקענט האַרמאָניזירן די אינטערעסן פון די פאַרשידענע אַרבעטער־שיכטן און האָט צעשפּאָלטן די אַרבעטער־סאָלידאַריטעט צווישן די יוניאָן־מיטגלידער. פאַרקערט, דער איינצלנער אַרבעטער האָט זיך געזען אָפּגעזונדערט און אָפּגעטיילט פון די איבעריקע אַרבעטער אין דער זעלבער אונטערנעמונג, שוין ניט רעדנדיק פון אַרבעטער אין אַנדערע אונטערנעמונגען. דער פאַך־פּרינציפּ איז געוואָרן די דאַמבע וואָס דער גאָמפּערסיזם האָט אויפגעשטעלט אָפּצוּהאַלטן דעם שטראָם פון דער מאַסע אומאָרגאַניזירטע און אומקוואַליפיצירטע אַרבעטער. דער פאַך־פּרינציפּ האָט געקריפּלט די אַרבעטער־באַוועגונג און זי צעטיילט אין אַ סך קליינינקע וואַסערלעך, וואו עס האָבן זיך געקענט פּרוכפּערן אַלערליי שרצים, גרעפטער, קאָרופּטע פירער און ראַקעטירס.

אָן צוויפל, די דעמאָראַליזאַציע וואָס האָט זיך איינגעגעסן אין דער הויכער יוניאָן־ביוראָקראַטיע איז אין אַ גרויסער מאָס צו פאַרדאַנקען דעם שמאָלן פאַך־געבוי פון די יוניאָנס. ווען איין אַרבעטגעבער פאַרהאַנדלט מיט אַ סך באַזונדערע יוניאָן־פאָרשטייער, ווי דער פאַל איז צום ביישפּיל אין די בוי־אינדוסטריעס, איז אים גרינגער צו קאָרופּטירן און אָפּקויפן איינצלנע יוניאָן־פירער. דער אַרבעטגעבער האָט געקענט אָנשטעלן איין פאַך געגן דעם צווייטן, צעטיילן די אַזוי־אויך צעטיילטע אַרבעטער. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז לאַנגזאַם און סיסטעמאַטיש איז די אַרבעטגעבער אין די בוי־אינדוסטריעס טאַקע געלונגען כמעט אינגאַנצן אָפּצואַווישן די יוניאָן־באַדינגונגען אַפילו אויף יוניאָן־פּלעצער.

דער פאַך־געבוי איז ענג פאַרבונדן געוואָרן מיט דער אידעאָלאָגיע פון דער אָפיציעלער אַרבעטער־באַוועגונג. איינס האָט זיך געקניפּט און געבונדן מיטן צווייטן און ביידע האָבן באַאיינפלוסט די מעטאָדן און די פּראַקטיק פון די פאַך־יוניאָנס. אַלע צוזאַמען האָבן צוגעגעבן צום שווערן צושטאַנד אין וועלכן די גרויסע מערהייט פון אַרבעטער־קלאַס געפינט זיך.

עס איז געווען אומפאַרמיידלעך, אַז פיל פאַך־יוניאָנס זאָלן פאַרוואַנדלט ווערן שפּעטער אין האַלב־פּריוואַטע געשעפטן פאַר די פירער. די זייער הויכע איינטריט־געלט, מיט וועלכע מען האָט זיך באַוואָרנט געגן נייע אַרבעטער, האָט פאַרוואַנדלט די יוניאָנס אין פעסטונגען געגן די ברייטע מאַסן אַרבעטער. פאַראַן יוניאָנס, ווי די ציגל־לייגער, וואו דער איינטריט־געלט איז אַזוי הויך ווי $500 און דער אַפּליקאַנט מוז נאָך דורכמאַכן אַ יוניאָן־

עקזאַמען צי ער איז אַ גוטער בעל־מלאכה. אַנשטאָט זיך פאַרלאָזן אויף ברייטער אַרבעטער־אַקציע, ווי קריגן שטיצע פון די איבעריקע אָרגאַניזירטע אַרבעטער, האָבן פיל פירער זיך אַריינגעלאָזט אין לאָקאַלער רעגירונגס־פּאָליטיק, האָפנדיק זיך צו דערשלאָגן בעסערע אַרבעט־באַדינגונגען מיט דער הילף פון די פּאָליטישענס. דאָס האָט זיי נאָך מער אַריינגעצויגן אין דער שוואַרצער קאָרופּציע מיט וועלכער די פּאָליטיק אין אַלע שטעט איז דורכגעפרעסן.

### אויטאָמאָביל־אַרבעטער ניט דערלויבט צו שאַפן אַ נאַציאָנאַלע יוניאָן

אַ גרויסער קאַמף געגן פאַך־יוניאָניזם איז פאָרגעקומען גאָר לעצטנס אויף דער קאָנווענשאָן פון דער א. פ. אָוו ל., אָקטאָבער 1933, אין וואַשינגטאָן. געהאַנדלט האָט זיך וועגן די אויטאָמאָביל־אַרבעטער. דער דראַנג פון די מאַסן אַרבעטער צו אָרגאַניזאַציע און צום קאַמף פאַר בעסערע באַדינגונגען, די מאַסן־סטרייקס, זומער 1933, גלייך נאָך דער נ.ר.א., האָט געבראַכט טויזנטער אויטאָמאָביל־אַרבעטער צום ערשטן מאָל אין דער א. פ. אָוו ל. די פראַגע האָט זיך געשטעלט: וואָס טוט מען, וואוהין שיקט מען די נייע טויזנטער מיטגלידער? אויבן־אויף קען זיך דאַכטן אַז דאָס איז גאָר קיין פראַגע ניט. די אויטאָמאָביל־אַרבעטער דאַרפן אָרגאַניזירט ווערן אין אַ יוניאָן פון דער אויטאָמאָביל־אינדוסטריע. ווי קען אַנדערש זיין? אָבער די א. פ. אָוו ל. ביוראָקראַטיע האָט איר אייגענע לאָגיק, וואָס איז דיקטירט פון אירע קליקע־אינטערעסן.

די יוניאָן־פּרעזידענטן, וויס־פּרעזידענטן און איבעריקע הויכע באַאַמטע האָבן געפאָדערט אַז די אויטאָמאָביל־אַרבעטער זאָלן צעטיילט ווערן לויט די פאַכן און לויט דעם שייכות וואָס זייער אַרבעט האָט מיט געוויסע פאַכן, און פאַר קיין פאַל ניט אָרגאַניזירט ווערן אין אַ נייער אויטאָמאָביל־אַרבעטער יוניאָן. די וועלכע אַרבעטן אַרום מאַשינען זאָלן זיך מוזן אָנשליסן אין דער מאַשיניסטן־יוניאָן. די וועלכע האָבן צו טאָן מיט האָלץ זאָלן גיין צו דער סטאָליאַרעס־יוניאָן. די וועלכע אַרבעטן מיט בלעך, צו דער בלעכערס יוניאָן, און אַזוי ווייטער און ווייטער.

אַזאַ שפּאַלטונג איז ניט נאָר אַ קאָלאָסאַלער פאַרברעכן געגן די אַרבעטער נאָר אויך אַ טעמפּער אומזין. די אויטאָמאָביל־אינדוסטריע איז הויך־צענטראַליזירט און קאָנצענטרירט. טויזנטער אַרבעטער זיינען באַשעפטיקט אין איין פאַבריק. די פּראָדוציר־מעטאָדן, ווידער, זיינען צעפּיצלט

אויף הונדערטער אָפּעראַציעס. נעמען די אַרבעטער פֿון אַ־דער אויס־געגאָסענער אינדוסטריע און זיי צעשפּאַלטן אין עטלעכע צענדליק פֿאַך־יוניאָנס איז כמעט אַ פֿיזישע אוממעגלעכקייט. די אויטאָמאָביל־אַרבעטער וועלן אויף דעם קיינמאָל ניט איינגיין. פֿאַר זיי איז קלאָר, אַז צעשפּליטערונג טויט אַוועק יעדע מעגלעכקייט פֿון דערפֿאָלגרייכן ווידערשטאַנד געגן די מעכטיקע אויטאָמאָביל־מאַגנאַטן. אַלץ וואָס זיי וואָלטן געהאַט פֿון זייער יוניאָן־אָנגעהעריקייט איז די גרויסע פּריווילעגיע צו צאָלן דיוס און שטייערן צו די פֿאַך־יוניאָנס.



וויליאַם גרין

האָט פּרעזידענט וויליאַם גרין געמאַכט אַ קאָמפּראָמיס, וואָס איז אויך אַ מעסער אין רוקן די אַרבעטער. זיך אָנשליסן אין די אַלטע פֿאַך־יוניאָנס דאַרפֿן ניט די אויטאָמאָביל־אַרבעטער, אָבער קיין אייגענע נאַציאָנאַלע יוניאָן וועלן זיי אויך ניט האָבן. זיי בלייבן אָרגאַניזירט אין „פֿעדעראַלע" יוניאָנס, וועלכע שטייען אין דירעקטער באַציאונג מיטן עקזעקוטיוו קאָונסיל פֿון דער פֿעדעראַציע. די אַרבעטער פֿון יעדער פֿאַבריק האָבן זייער זעלבסטשטענדיקע יוניאָן און פֿאַרבלייבן אָן אַ נאַציאָנאַלער פֿאַראייניקונג.

שפּעטער, אונטערן דרוק פֿון די אַרבעטער וועלכע האָבן דורכאויס גע־פֿאָדערט אַ פֿאַראייניקונג, איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ ראַט פֿון אַלע פֿעדע־

ראלע יוניאנס אין און ארום דעטראיט, אבער איין יוניאן אין דער גאנצער אינדוסטריע איז נאך אלץ פארבאטן. גרין האט שווער געקעמפט נאך דער טרויעריק-באוואוסטער שליכטונג פון דער אויטאמאביל-סיטואציע אין יוני 1934, ניט צו דערלאזן אז די פעדעראלע יוניאנס זאלן זיך פאראייניקן. דאס זעלבע — און נאך ערגער — האט פאסירט אין דער אלומינום-אינדוסטריע. יעדע פאבריק האט א זעלבסטשטענדיקע יוניאן, כאטש אלע פאבריקן באלאנגען צו דער אמעריקאן אלומינום קאמפאניע, מעלאנס אלומינום-טראסט. די צעשפליטערטקייט פון די אלומינום-ארבעטער איז טייל-ווייז פאראנטווארטלעך געווען פארן דורכפאל פון זייער סטרייק, זומער 1934.

אין דער אויטאמאביל-אינדוסטריע איז אבער פארגעקומען א ווייטערע אנטוויקלונג. די ביטערע אנטוישונג פון די ארבעטער אין דעם רוזוועלט-אפמאך וואס האט געבראכט צום לעבן די אויטאמאביל לייבאר-באארד מיט לעא וואלמאן פאר פארזיצער, האט ארויסגערופן א ווידערגעפיל געגן דער א. פ. און ל. די אויטאמאביל-קאמפאניעס האבן אויסגענוצט דעם ווידער-געפיל און אנגעשטעלט מענטשן אנצוהייבן א קאמפאניע פאר יוניאנס אומ-אפהענגיק פון דער א. פ. און ל. א ריי ארטיקע יוניאנס האבן פארלאזט די א. פ. און ל., ניט וויסנדיק אז זיי פאלן אריין אין קאמפאניע-באהערשטע ארגאניזאציעס. וויליאם בוירד, דער א. פ. און ל. פארשטייער אין דער לייבאר-באארד, איז אויך אריבער אויף דער זייט פון די „אנאפהענגיקע" יוניאנס.

פון דער צווייטער זייט האבן די קאמוניסטן און לינקע אין שפיץ פון דער אויטא-וואירקערס יוניאן פאנאנדערגעוויקלט א ברייטע אגיטאציע פאר איין יוניאן פון אלע אויטאמאביל-ארבעטער. די א. פ. און ל. איז געשטעלט גע-ווארן פאר דער נאענטער מעגלעכקייט צו פארלירן איר פאזיציע אין דער אויטאמאביל-אינדוסטריע. די געפאר האט געמאכט אז גרין און אנדערע א. פ. און ל. פירער זאלן נאך א לענגערן קאמף מיט די איינגעשפארטע יוניאן-פרעזידענטן דורכפירן א רעזאלוציע אויף דעם א. פ. און ל. צוזאמענפאר אין סאן-פראנציסקא, אקטאבער 1934, צו פאראייניקן אלע אויטאמאביל-יוניאנס אין איין נאציאנאלער יוניאן. פרעזידענט האווארד, פון דער שריפטזעצער יוניאן און פרענק מארטעל, פרעזידענט פון דער דעטראיט פעדערישאן און לייבאר, האבן אין זייערע רעדעס אין סאן-פראנציסקא אפן געווארנט די פארהארטעוועטע געגנער פון א נאציאנאלער אטאמאביל-יוניאן, אז די קאמוניסטן וועלן געווינען אלע ארבעטער אויב די א. פ. און ל. וועט זיך ווייטער שטעלן געגן שאפן א נאציאנאלע יוניאן אין דער אויטאמאביל-

אינדוסטריע. דאָס האָט געווירקט און די „יונייטעד אָטאָמאָביל וואָירקערס יוניאָן" איז באַשאַפן געוואָרן.

די נייע יוניאָן איז אַ לעבעדיקער באַווייז פון די ענדערונגען, וואָס זיינען פאָרגעקומען סיי אין דער באַזע פון דער א. פ. או ל. און סיי איז איר געבוי. די אייזערנע נויטן פון קלאַסן־קאַמף האָבן אונטערגעגראָבן איינע פון די וויכטיקסטע זיילן פון דער א. פ. ל. סטרוקטור — דעם פאַך־יוניאָניזם. דער ווידערשטאַנד פון דער ביוראָקראַטיע האָט ניט געקענט ביי־שטיין דעם אָנגריף פון די אָטאָמאָביל־אַרבעטער.

די מכה פון יוריסדיקציע־שטרייטיקייטן

דער שטייפער פאַך־געבוי האָט פאַראורזאַכט דעם אומגליק פון יוריס־דיקציע־שטרייטיקייטן, פון וועלכע די טרייד־יוניאָן באַוועגונג אין אייראָפּע ווייסט פאַקטיש ניט, מיט ווינציק אויסנאַמען.

אַ יוריסדיקציע־סכסוך איז אַ קאַמף צו באַשטימען צו וועלכער יוניאָן באַלאַנגט אַ געוויסער פאַרט אַרבעט, וועלכע יוניאָן האָט דאָס רעכט צו דערקלערן אַז נאָר אירע מיטגלידער דאַרפן זיין באַשעפטיקט ביי דער אַרבעט און ניט קיין מיטגלידער פון אַנדערע יוניאָנס.

די יוריסדיקציע־שטרייטיקייטן שטאַמען פון די גרויסע ענדערונגען וואָס די אינדוסטריעלע אַנטוויקלונג האָט אַריינגעבראַכט אין די מעטאָדן פון אַרבעט און אין דעם געברויך פון מאַטעריאַלן. די גרעסטע און שאַרפסטע יוריסדיקציע־קאַמפן זיינען פאָרגעקומען אין דער בוי־אינדוסטריע, וואו די ענדערונגען זיינען אַלעמאָל געווען פונדאַמענטאַל און וואו אַלעמאָל זיינען צוגעקומען נייע אויסבעסערונגען אין די אַרבעט־מעטאָדן און אין דעם גע־ברויך פון מאַטעריאַלן. אַמאָל איז, צום ביישפּיל, געווען זעלבסט־פאַרשטענד־לעך, אַז די סטאָליאַרעס האָבן די חזקה און דעם מאָנאָפּאָל אויף די ראַמען פאַר די פענצטער אין אַלע הייזער. שפּעטער איז פאָרגעקומען אַן ענדערונג. פענצטער־ראַמען זיינען געמאַכט געוואָרן פון מעטאַל און פון בלעך. די סטאָליאַרעס יוניאָן האָט געפאָדערט אַז די אַרבעט ביי די פענצטער זאָל פאַרבלייבן פאַר אירע מיטגלידער, עס מאַכט ניט אויס וואָס דער מאַטעריאַל באַשטייט ניט מער פון האָלץ. די בלעכער־מעטאַל אַרבעטער יוניאָן האָט אַרויסגעשטעלט איר חזקה; צוליב דעם וואָס די פענצטער־ראַמען ווערן פּראָ־דוצירט פון מעטאַל, באַלאַנגט די אַרבעט צו אירע מיטגלידער.

דער קאַמף צווישן די בוי־יוניאָנס וועגן די פענצטער־ראַמען, טירן,

דעכער און דאס גלייכן, האט אויפגעשטורעמט די „אמעריקאן פעדערײשאן אוו לייבאר" פאר לאנגע יארן. די אומאויפהערלעכע ענדערונגען און אויס־בעסערונגען וואס זיינען אריינגעטראגן געווארן אין בויען די גרויסע הייזער, האבן אויפגעהאלטן א צושטאנד פון א שטענדיקער מלחמה צווישן די יוניאנס. דער פאקט וואס זיי אלע באלאנגען צו דער זעלבער א. פ. אוו ל. האט ניט אויסגעמאכט. דער קריג איז געפירט געווארן מיט גרויס ביטערקייט און האט געקאסט די ארבעטער צייט, פארלוסט פון געהאלט און אפילו לעבנס. הונדערטער סטרייקס זיינען ארויסגערופן געווארן פון איין יוניאן געגן דער צווייטער אין די יוריסדיקציע־קאמפן. אנשטאט דער זייער איינ־פאכער און קלארער נויטווענדיקייט איבערצובויען די בוי־פאך יוניאנס אין איינקלאנג מיט דער פונדאמענטאלער איבערבויאונג פון דער אינדוסטריע, שאפן איין יוניאן פון אלע בוי־ארבעטער און דערמיט פארשפארן דעם ברידער־קריג, האבן די פירער פון די יוניאנס געגאסן אויל אויפן פייער. איין גרופע ארבעטער האט געהאסט און באקעמפט די צווייטע גרופע אר־בעטער, כאטש ביידע גרופעס האבן באלאנגט צו דער זעלבער אָרגאניזירטער טרייד־יוניאן באוועגונג און זייערע יוניאנס זיינען אפילו געווען פאראייניקט אין א ראט (קאונסיל) פאר געגנזייטיקער הילף און שטיצע.

די סטאליארעס יוניאן איז א לאנגע צייט געשטאנען אויסערהאלב דער א. פ. אוו ל. נאר צוליב דעם וואס דער צוזאמענפאר פון דער פעדעראציע האט באשלאסן דעם יוריסדיקציע־שטרייט צוגונסטן דער מעטאל און בלעכער ארבעטער יוניאן. די פירער פון דער בראדערהוד האבן געפייפט אויף די באשלוסן פון דער העכסטער קערפערשאפט פון דער טרייד־יוניאן באוועגונג און האבן אין אלע שטעט מיט אלע כחות זיך געשלאגן אז די ארבעט זאל באלאנגען צו זיי.

א נייער אויסברוך פון יוריסדיקציע־שטרייטיקייט און געהיימע פאר־שטענדיקונגען צווישן די הויכע יוניאן־באאמטע האבן געבראכט צו א פרישן קריזיס אין דער א. פ. אוו ל. און די בוי־יוניאנס. די דעלעגאטן צו דער בוי־אינדוסטריע דעפארטמענט זיצונג פון דער א. פ. אוו ל. אין סאן פראנ־ציסקא, ערב דעם א. פ. אוו ל. צוזאמענפאר אין דער זעלבער שטאט, דעם ערשטן אקטאבער, 1934, האבן צוריקגעוויזן די אפליקאציע פון די דריי גרעסטע יוניאנס אין דער בוי־אינדוסטריע זיך אנצושליסן אין דעם דעפארט־מענט. די דריי צוריקגעוויזענע יוניאנס זיינען: די סטאליארעס יוניאן, די יוניאן פון ציגל־לייגער, און פון די עלעקטריקער. די איינציקע אורזאך וואס איז אפיציעל אנגעגעבן געווארן איז, וואס די דריי יוניאנס האבן א

פארשטענדיקונג צווישן זיך צו פארכאפן דעם דעפארטמענט און ארויספירן די קלענערע יוניאנס פון עקזיסטענץ.

עס איז כאראקטעריסטיש, אז די פירערשאפט פון דער א. פ. אָוו ל. מיט גרין אין דער שפיץ האט געהאט אפמאכן מיט די סטאליארעס, ציגל־לייגער און עלעקטריקער, אז זיי גייען אריין צוריק אין דעם בוי־דעפארטמענט נאך א שפאלטונג פון זיבן יאר. גרין אליין איז געקומען צו דער זיצונג פון די דעלעגאטן פון דער בוי־אינדוסטריע און זיך געבעטן ביי זיי ניט צוריקווייזן די דריי אפליקאציעס. „עס איז א פראגע פון מיין פערזענלעכער ערע" — האט גרין פארזיכערט. די דעלעגאטן פון די פופצן בוי־יוניאנס איז אבער קענטיק ווייניק וואס אנגעגאנגען די ערע פון דעם א. פ. אָוו ל. פרעזידענט. דער גאנצער קאמף באשטייט פון אינטריגעס פון די הויכע באאמטע אויפן חשבון פון די לעבנס־אינטערעסן פון די מיטגלידער אין זייערע יוניאנס. פון די אכצן יוניאנס וואס עקזיסטירן איצט אין דער בוי־אינדוסטריע זיינען די גרעסטע דריי, מיט א מיטגלידערשאפט פון ארום פיר הונדערט טויזנט, אויסער דעם בוי־דעפארטמענט פון דער א. פ. אָוו ל., כאטש זיי באלאנגען איצט צו דער א. פ. אָוו ל. דאס זיינען די אומגעלומפערטע און שעדלעכע מעטאדן פון דער יוניאן־ביוראקראטיע.

דער פלאן צו ארגאניזירן דעפארטמענטס אין דער א. פ. אָוו ל. לויט די גרויסע אינדוסטריעס, איז געווען א שאך־צוג אפצוציען און דערשטיקן דעם דראנג פון די ארבעטער פאר יוניאנס געבויט אויף דער אינדוסטריע. דער צוזאמענפאר פון דער א. פ. אָוו ל. אין סאן פראנציסקא, 1934, האט פארשטארקט די סיסטעם פון דעפארטמענטס. דאס איז געווען א מאנעוורע זיך ארויסצודרייען פון דער ברענענדיקער פראגע פון אינדוסטריעלע יוניאנס.

יוריסדיקציע־קאמפן האבן אויך געפלאקערט אין די מערסטע אנדערע פאכן און אינדוסטריעס, וואו די א. פ. אָוו ל. האט געהאט יוניאנס. דער קאמף צווישן דער קעפ און מילינערי מאכער יוניאן (היטלען און פרויען־היטלען) און די יונייטעד העטערס אָוו נארט אמעריקע (די מענער־הוט יוניאן), האט אנגעהאלטן לאנגע יארן און האט פאראורזאכט סטרייקברעכעריי פון איין יוניאן געגן דער אנדערער. ערשט אין מיטן 1934 איז געלונגען צו פאראייניקן ביידע יוניאנס, וואס אפערירן אין א קליינער אינדוסטריע מיט א הויכן גראד פון סעזאן־ארבעט.

שווערע יוריסדיקציע־קאמפן האבן אויך געפלאקערט אין דער שוך־אינדוסטריע, וואס איז געווען צעפיצלט אויף נאענט צו צוואנציק יוניאנס, די מערסטע פון זיי געבויט אויף דעם באזיס פון דער שטרענגער ארבעט־

צעטיילונג אין די שיך־פאַבריקן, ווי שטעפּער, נייער, א. אַ. וו., און אויף די באַזונדערע פאַכן, ווי מענער־שיך, פרויען־שיך און קינדער־שיכלעך. ערשט אין 1932 זיינען געמאַכט געוואָרן ערנסטע פאַרזוכן צו פאַראייניקן די קליינע יוניאָנס אין אַ גרויסער: די פאַראייניקטע שיך־אַרבעטער יוניאָן. די „בוט ענד שו וואָירקערס", וואָס איז די א. פ. אָוו ל. יוניאָן אין דער שיך־אינדוסטריע, איז אַן אָפענע אַגענטור פון די באַלעבאַטים. אירע פירער זיינען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער צעשפּליטערונג און פאַר דער שווערער לאַגע אין וועלכער די שוסטער געפינען זיך. ניט בעסער איז געווען די לאַגע אויף די עלעקטרישע טראַמווייען, איבער וועלכע עטלעכע יוניאָנס האָבן גע־קעמפט איבער דעם רעכט צו קריגן דיום פון די אַרבעטער.

אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע, אין די פאַכן וואָס בויען בריקן, גראָבן טונעלן, סאָבוויים, אומעטום האָט די פאַרפלוכטע יוריסדיקציע־פראַגע אָנ־געטאָן חורבן אין די אַרבעטער־רייען. אומעטום האָבן פון דעם געוואונען די אַרבעטגעבער. די סטרייקס און דאָס פּיקעטן, וואָס איין יוניאָן האָט גע־פירט געגן דער צווייטער יוניאָן, האָבן נאָר דיסקרעדיטירט די אַרבעטער־באַוועגונג און זי פאַרמיאוסט אין די אויגן פון דער ברייטער באַפעלקערונג. אפילו אין אינדוסטריעס וואו די מערסטע אַרבעטער זיינען בכלל ניט געווען אָרגאַניזירט, ווי אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע, האָט יאָרן־לאַנג אָנגעהאַלטן אַ יוריסדיקציע־קריג צווישן דעם טוץ־און־אַ־האַלב קליינע יוניאָנס.

### גאָמפּערס האָט גוט אויסגענוצט די יוריסדיקציע־שטרייטיקייטן

די יוריסדיקציע־שטרייטיקייטן זיינען זייער ביטרע אויסגענוצט געוואָרן פון סעמיועל גאָמפּערס אויפצובויען און צו פאַרשטאַרקן די א. פ. אָוו ל. צווישן די יוניאָנס. בכלל איז די פעדעראַציע אַ לויזע קערפּערשאַפט: די אָנגעשלאָסענע יוניאָנס צאָלן אַ קליינעם קאָפּ־שטייער לויט דער צאָל מיט־גלידער. באַשלוסן פון דער פעדעראַציע זיינען ניט בינדענד אויף די אָנ־געשלאָסענע יוניאָנס. זיי קענען ניט אויספאָלגן באַשלוסן און אויסצושליסן אַ יוניאָן פון דער א. פ. אָוו ל. פאָדערט זיך גאַנצע צוויי־דריטל פון דעם צוזאַמענפאַר. אָבער די אומאויפהערלעכע יוריסדיקציע־רייבונגען וואָס זיינען אויפגעשוואומען אין די ניינציקער יאָרן מיט דער איינפירונג פון די מאַשינען, האָבן געגעבן גאָמפּערסן אַ בייטש אין די הענט. די יוניאָן־פירער זיינען געשטעלט געוואָרן פאַר דער נויטווענדיקייט צו שאַפן אַ טריבונאַל וואָס זאָל אויסגלייכן די שטרייטיקייטן איבער דעם רעכט פאַר געוויסע סאָרטן אַרבעט.

אָן אַזאַ קערפּערשאַפט וואָס זאָל אויסגלייכן די סכסוכים וואָלט אויסגעבראָכן אַן אַלגעמיינער קריג, וואָס וואָלט אָפּגעווישט אַלע יוניאָנס. גאָמפּערס האָט פאַרוואַנדלט די א. פ. אָוו ל. אין אַזאַ טריבונאַל. שליכטן יוריסדיקציע־שטרייטיקייטן איז געוואָרן איינע פון די הויפּט־אויפגאַבן, אויב ניט די סאַמע הויפּט־אויפגאַבע פון דער פעדעראַציע. ביז די גאָר לעצטע פּאָר יאָר איז ניט געווען קיין איין איינציקער צוזאַמענפאָר פון דער א. פ. אָוו ל. וואו די יוריסדיקציע־שטרייטיקייטן זאָלן ניט פאַרנעמען דעם אויבן־אָן אין צייט. די יוריסדיקציע־קאַמפן האָבן אויך געגעבן גאָמפּערסן די מעגלעכקייט צו באַפעסטיקן זיין מאַשין. די אָנגעהעריקייט צו דער הויכער ביוראָקראַטיע און די ראָל וואָס א יוניאָן־פּרעזידענט האָט געשפּילט אין דער א. פ. אָוו ל. מאַשין, האָט זייער אָפט איבערגעוואויגן דעם וואָגשאָל פון גערעכטיקייט אויף זיין זייט.

עס זיינען געווען צייטן, ווען די הויכע באַאַמטע פון די פאַך־יוניאָנס זיינען אַזוי פאַרכאַפּט געוואָרן פון זייערע אַפּעטיטן אריינצוקריגן שטיקער פון „פרעמדער" טעריטאָריע, אַז דער פּרעזידענט פון דער א. פ. אָוו ל. האָט געמוזט אָנווענדן די העכסטע פאָרם פון זיין רעדנערישן טאַלאַנט צו דער־מאָנען זיי, וואָס עס וועלן זיין די פרוכט פון זייערע יוריסדיקציע־קאַמפן. זייער אָפט האָט גאָמפּערס אויסגענוצט זיין רעדנער־טאַלאַנט צו העלפן איין קעמפנדיקן צד געגן דעם צווייטן, לויט ווי עס האָבן דעמאָלט געפאָדערט די אינטערעסן פון דער פירערשאַפט. א מוסטער פון אַזאַ אַלאַרמירנדיקן ארויס־טריט געגן די ביטערע יוריסדיקציע־קאַמפן האָט גאָמפּערס געגעבן אין זיין באַריכט צום א. פ. אָוו ל. צוזאַמענפאָר אין 1902. אין א וואָרנונג, אַז אויב דער קאַמף וועט אָנגיין אומגעצאַמט וועלן די טרייד־יוניאָניסטן זיך אין גיכן געפינען אויף באַריקאַדן אין די גאַסן, איינע געגן די אַנדערע, האָט גאָמפּערס אויסגערופן:

„איז די גרויסע זאַך פון דער אַרבעטערשאַפט אָרגאַניזירט געוואָרן אין אַזאַ מיזעראַבעלן און שרעקלעכן אינערלעכן קאַמף?

„וועלן אַלע קרבנות וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן, אומבררחמנותדיק ארויס־געוואָרפן ווערן אין בלאָטע?

„וועט די אָרגאַניזירטע אַרבעטערשאַפט, דער איינציקער צאַם אויף דער רויבערישער זשעדנעקייט און טיראַניי, די איינציקע האָפענונג וואָס אַרבעטער האָבן פאַר שוץ איצט און פאַר פרייהייט אין דער צוקונפט, אריינגעשלעפּט ווערן אין אַ שטראָם פון משוגענער אויסשפּרייטונג?

„קיין קאָמבינאַציע פון אַרבעטער-שונאים פאַראורזאַכט אונז ניט אַזוי

פיל שרעק ווי דער ברודער-קאמף ארום די חזקה-פאדערונגען וואס די יוניאנס מאכן אין זייערע יוריסדיקציע-פארלאנגען.

„עס איז כמעט ניטא קיין איין ארגאניזאציע וואס איז ניט פארוויקלט אין א שטרייטיקייט מיט א צווייטער ארגאניזאציע, און אין אנדערע פאלן — מיט עטלעכע ארגאניזאציעס איבער דער פראגע פון יוריסדיקציע. עס איז ניט קיין זעלטענע דערשיינונג, אז א יוניאן ענדערט איר קאנסטיטוציע און נאמען צו קענען ארומכאפן אן אנדער פאך, וואס אירע באאמטע און מיטגלידער האבן גאר קיינמאל ניט געטראכט דערפון, א פאך וואו עס עקזיסטירט שוין א נאציאנאלע יוניאן. דאס ווערט געטאן ניט פרעגנדיק און זיך ניט באראטנדיק מיט אונז.״ (פארהאנדלונגען פון א. פ. און ל. צוזאמענפאר אין 1902, זייט 16. ציטירט פון ד. סאפאס, זעלבער בוך.)

די פאטעטישע ווארנונג האט ניט אנגעהייבן צו ווירקן. די אנטוויקלונג פון אינדוסטריע האט געריסן פון אינעווייניק די אלטמאדישע ארגאניזאציע-פארמען פון די יוניאנס. די זשעדנעקייט פון די יוניאן-באאמטע אריינצוקריגן נאך שטייער-צאלער דארטן וואו זיי זיינען שוין אנגעוואקסן און דארטן וואו מען קען זיי קריגן אן באזונדערער שוועריקייט און פינאנציעלער אינוועסטירונג, ווי אין סטרייקס, האט ניט געקענט געצאמט ווערן פון גאמפערסעס מוסר. אין 1908, אין 1912 און נאך דער מלחמה האבן זיך די יוריסדיקציע-שטרייטיקייטן צעברענט מיט א גרעסערן כח. ערשט אין די יארן פון קריזיס, 1929—1933, ווען אלע יוניאנס האבן פארלארן העכער א מיליאן מיטגלידער, אייניקע אפילו צוויי-דריטל, און זיינען שטארק אפגעשוואכט געווארן און אפילו פארטיליקט געווארן אין א סך פאכן, זיינען די יוריסדיקציע-שטרייטיקייטן געווארן א סך שטילער, אבער זיי זיינען נאך אינגאנצן ניט פאריבער. אזוי איז אין אויגוסט 1934 אנגעגאנגען א שארפע רייבונג צווישן די פארשיידענע פאך-יוניאנס, וועמענס מיטגלידער זיינען באשעפטיקט אין גראבן א טונעל אונטער דעם האדסאן און אין אנדערע עפנטלעכע ארבעטן אין ניו יארק.

נאר די פונדאמענטאלע רעארגאניזאציע פון די פאך-יוניאנס אויף דער ברייטער באזע פון אינדוסטריע און ארבעט-פלאץ וועט אפשאפן אט-די מכה, וואס האט געפלאגט די ארגאניזירטע ארבעטער אזוי פיל יארן.

### הייליקייט פון קאנטראקטן, א מיטל פון סטרייק-ברעכעריי

די שעדלעכע אידעאלאגיע און די שמאלע באזע פון די א. פ. און ל. יוניאנס האט געפירט צו נאך א טרויעריקער דערשיינונג. ארבעטער פון איין פאך, ארגאניזירט אין א. פ. און ל. יוניאנס, זיינען ארויס אין סטרייק

אויפן רוף פון זייער יוניאָן און אין דער זעלבער צייט זיינען די איבעריקע אַרבעטער, באַשעפטיקט ביים זעלבן באַלעבאָס, אויך אָרגאַניזירט אין א. פ. אָוו ל. יוניאָנס, געבליבן אַרבעטן אויפן רוף פון זייערע יוניאָנס. איין טייל אָרגאַניזירטע אַרבעטער האָט געזוכט צו פּאַראַליזירן די אונטערנעמונג דורך א סטרייק. אַנדערש האָבן זיי דאָך ניט קיין האָפענונג צו געווינען זייערע פאָדערונגען. דער צווייטער טייל אָרגאַניזירטע אַרבעטער האָט געזוכט אַז די אונטערנעמונג זאָל ניט פּאַראַליזירט ווערן, דאָס מיינט אַז די אַרבעטער וואָס סטרייקן זאָלן ניט געווינען זייערע פאָדערונגען. ביידע טיילן אַרבעטער האָבן געטראָגן יוניאָן־קנעפּלעך אויף זייערע לאַצן און האָבן זיך באַטראַכט פאַר גוטע און טרייע יוניאָן־לייט. דאָס איז געווען א רעזולטאַט פון דער „לערע", מיט וועלכער די אַרבעטער זיינען געשפּייזט געוואָרן אין דער א. פ. אָוו ל.

דער אויסרייד פאַר דער שענדלעכער סטרייק־ברעכעריי איז געווען די „הייליקייט פון קאָנטראַקט" מיט די אַרבעטגעבער. אַזוי ווי יעדע פאַך־יוניאָן שליסט באַזונדער און זעלבסטשטענדיק איר אָפּמאַך מיט די באַלע־באַטים, איז נאַטירלעך, אַז די צייט ווען די אָפּמאַכן גייען אויס זיינען פאַר־שיידן פאַר די באַזונדערע יוניאָנס, וועמענס מיטגלידער אַרבעטן צוזאַמען ביי איין קאָמפּאַניע אָדער אונטער איין דאַך. עס טרעפט אויך זייער אָפט, אַז דער באַלעבאָס ברעכט זיין אָפּמאַך מיט איין יוניאָן און פּראָוואָצירט א סטרייק, ווייסנדיק אויסגעצייכנט אַז די פירער פון די איבעריקע יוניאָנס וועלן אָפּהאַלטן און איינהאַלטן זייערע אַרבעטער פון צושטיין צום סטרייק. די גרעסטע און ערגסטע סאָרטן פּאַראַט און סטרייק־ברעכעריי זיינען אָפּ־געטאָן געוואָרן פון יוניאָן־פירער אונטער דעם אויסרייד אַז זיי ברעכן ניט קיין אָפּמאַך מיט א באַלעבאָס צוליב אַרבעטער וואָס באַלאַנגען צו אַז אַנדער יוניאָן.

נאָך מער, אין די אומצייליקע פאַלן וואו די אַרבעטער, געוועקט פון א געזונטן פּראָלעטאַרישן חוש, האָבן אַליין געוואָרפן די אַרבעט ווי א צייכן פון סימפּאַטיע און הילף צו די סטרייקער, זיינען געקומען צולויפן די באַ־אַמטע און פּשוט געצוואונגען, זייער אָפט מיט גראָבע סטראַשונקעס, אויפ־צוגעבן דעם סימפּאַטיע־סטרייק און צוריקקערן זיך צו דער אַרבעט. פאַר־שטייט זיך, אַז דער סטרייק פון דער ערשטער גרופּע אַרבעטער איז פאַרלאָרן געגאַנגען. די מיטגלידער פון די אַנדערע יוניאָנס, האָבנדיק געגן זיך דעם באַלעבאָס און זייערע אייגענע פירער, און ניט זייענדיק פאַרבונדן צווישן זיך דורך א רענק און פייל אָרגאַניזאַציע, האָבן זיך אונטערגעגעבן די פירער.

. צוויי כאראקטעריסטישע געשעענישן פון סטרייק־ברעכעריי

די געשיכטע פון דעם אמעריקאנישן ארבעטער־קלאס איז אנגעפיקעוועט מיט אזעלכע שלעכט־מאסקירטע, פארברעכערישע האנדלונגען פון יוניאן־פירער. מיר וועלן זיך באנוגענען און ברענגען נאר צוויי גרויסע און וויכטיקע פאלן, וועלכע זיינען כאראקטעריסטיש צוליב זייערע רעזולטאטן שפעטער. די צוויי פאלן זיינען טיפיש פאר הונדערטער אנדערע.

אין 1916 זיינען די סאבוויי־ארבעטער אין ניו יארק ארויס אין סטרייק. דעם סטרייק האט ארויסגערופן די „אמאלגאמייטעד אסאסיאיישאן אוו סטריט רעילוויימען ענד קארמען”, די יוניאן פון די קאנדוקטארן, בילעטן־פאר־קויפער, וועג־אויפראמער און ניט־קוואליפיצירטע ארבעטער פון שטאטישן באן־פארקער. זייער יוניאן באלאנגט צו דער א. פ. אוו ל. דער סטרייק איז געווען פאר יוניאן־אנערקענונג און פאר בעסערע ארבעט־באדינגונגען. דער אפרוף איז געווען א גלענצנדיקער. די ארבעטער זיינען ארויס 100 פראצענט פון דער ארבעט. די סימפאטיע פון דער גאנצער ארבעטערשאפט אין ניו יארק איז געווען אומגעהויער גרויס. אפילו די קליינבירגערלעכע שיכטן זיינען געווען אויף דער זייט פון די סטרייקער. די סאבוויי־קאמפאניעס זיינען פארהאסט אין שטאט אפילו פון ניט־ארבעטער עלעמענטן. איז דאך גוט, דער סטרייק האט געהאט אלע שאנסן געוואונען צו ווערן, ספעציעל נאך ווען די טעמעני האל שטאט־רעגירונג האט פון אנהויב ניט געוואגט זיך איינצומישן אזוי אפן און ברוטאל מיט דער מערהייט פון דער ניו יארקער באפעלקערונג.

וואס האט אבער פאסירט? די צוויי גרופעס ארבעטער וואס האלטן די שליסל־פאזיציע פון באן־פארקער אין זייערע הענט, די מאטאר־טרייבער און די ארבעטער אין די עלעקטרישע קראפט־הייזער, ארגאניזירט אין צוויי יוניאנס, אויך פון דער א. פ. אוו ל., האבן געקראגן שטרענגע אינסטרוקציעס פון זייערע יוניאן־פירער פאר קיין פאל ניט צושטיין צום סטרייק. זיי מוזן ארבעטן ווי גארניט וואלט געשען, ווייל די יוניאנס האבן אפמאכן מיט די קאמפאניעס. די אי. אר. טי. און די בי. עמ. טי., די צוויי סאבוויי־קאמפאניעס, האבן אין צוויי טעג שפעטער אימפארטירט טויזנטער סטרייק־ברעכער פון שיקאגא (פאראן אין שיקאגא עטלעכע גרויסע אגענטורן וואס האלטן אנגעגרייט סטרייק־ברעכער) און זיי געשטעלט פאר קאנדוקטארן, בילעטן־פארקויפער און דאס גלייכן, אלץ ארבעטן וואס פאדערן ניט קיין געשולטקייט. די סאבוויס און אלע עלעוויטארס זיינען געפירט געווארן

אונטער אַ קאָנטראָל פון באַוואָפנטער פּאָליציי. צענדליקער טויזנטער אַר־בעטער זיינען אויסגעשטאָנען אַלערליי שווערקייטן און ניט געפּאָרן מיט די באַנען, אָבער בכבודיקע יוניאָן־לייט האָבן געפירט סקעב־באַנען אונטער דער שוץ פון ביקסן און דובינקעס. די אַרבעטער אין די עלעקטרישע קראַפט־הייזער האָבן אויך געאַרבעט ווי געוויינטלעך. דאָס האָט געגעבן מוט די טעמעני האָל פּאָליטישענס, און דער סטרייק איז געבראָכן געוואָרן. די מערסטע סטרייקער זיינען געשטעלט געוואָרן אויף דער שוואַרצער ליסטע.

זינט דאַן האָבן אַ סך פון די מאָטאָרלייט און עלעקטרישע אַרבעטער געפילט די שאַנד צו זיין די יעניקע וועלכע ברעכן אַ סטרייק פון צוויי און צוואַנציק טויזנט אַרבעטער, מיט וועלכע זיי אַרבעטן טעגלעך צוזאַמען. אָבער איינציקווייז האָבן זיי געפילט זיך פאַרלאָרן און אומעכטיק. די פאַר־קער־קאָמפּאַניעס האָבן אָפּגעהאַלטן אַ פולשטענדיקן זיג.

מאָטאָרלייט באַצאָלן טייער עטלעכע יאָר שפּעטער

די פרוכט פון דעם עקלהאַפטן פאַרראַט אין נאָמען פון הייליקייט פון אָפּמאַך איז געקומען פינף יאָר שפּעטער מיט דער זיכערקייט און אומ־פאַרמיידלעכקייט פון אַ דונער אין עלעקטריזירטער לופט.

אין 1921 האָבן די קאַפּיטאַליסטן פון לאַנד פאַנאַנדערגעוויקלט זייער אַטאַקע אויף די אָרגאַניזירטע אַרבעטער, אויסנוצנדיק די דעפּרעסיע. די פאַרקער־קאָמפּאַניעס האָבן געבראָכן די אָפּמאַכן מיט דער יוניאָן פון די מאָטאָר־טרייבער און געבראַכט צו אַ סטרייק, צוגרייטנדיק זיך פריער מיט אַ באַשטימטער צאָל סטרייק־ברעכער.

די מאָטאָר־טרייבער זיינען אַרויס אין סטרייק און האָבן געקראָגן באַ־צאָלט מיט דער זעלבער מטבעה פון די קאָנדוקטאָרן, בילעטן־פאַרקויפער און וועג־ראַמער. אָט־די גרופּעס אַרבעטער, איצט שוין ניט אָרגאַניזירט אין אַ יוניאָן, נאָר אין אַ קאָמפּאַניע־יוניאָן, זיינען געבליבן אַרבעטן. דאָס זעלבע מיט די עלעקטריציטעט־אַרבעטער. די קאָמפּאַניעס האָבן געקענט פיל גרינגער ברעכן דעם ווידערשטאַנד פון די מאָטאָר־טרייבער און האָבן עס טאַקע באַוויזן צו טאָן. די יוניאָן וואָס האָט אַזוי געפּאַכעט מיט דער הייליקייט פון קאָנטראַקט מיט די באַלעבאַטים, איז אָפּגעווישט געוואָרן אין דעם ניו יאָרקער שטאָטישן באַן־פאַרקער. די פאַרקער־מאַגנאַטן האָבן גע־צוואונגען אַלע אַרבעטער צו באַלאַנגען צו דער קאָמפּאַניע־יוניאָן. ביז איצט זיינען די סאָבוויי־אַרבעטער נאָך ניט אָרגאַניזירט.

דער צווייטער כאַראַקטעריסטישער פאַל, איז דער סטרייק פון די באַן־שאַפּ אַרבעטער אין 1922. די באַן־טראַנספּאָרט אַרבעטער זיינען צעטיילט אין 16 פאַכן און יעדער פאַך האָט געהאַט זיין יוניאָן. די פאַכן אין די באַן־שעפּער זיינען פאַרבונדן צווישן זיך אין אַ ראַט און זיינען אַ טייל פון דער א. פ. אָוו ל. די פיר באַן־בראָדערהודס, ווידער זיינען אויסערהאַלב דער א. פ. אָוו ל.

אין 1922, אין ברען פון דעם קאַפּיטאַליסטישן אָנגריף, האָבן די באַן־שאַפּ אַרבעטער באַשלאָסן אַרויסצושטעלן אַ ווידערשטאַנד געגן די לוין־רעדוצירונגען און פאַרערגערטע אַרבעט־באַדינגונגען. קריגנדיק די צו־שטימונג און פאַרזיכערונג פון די בראָדערהוד־פירער האָבן זיי דערקלערט אַ גענעראַל־סטרייק אויף אַלע באַן־וועגן. אויך זייער אָפּרוף איז געווען אַ 100־פּראָצענטיקער. אַרום פיר הונדערט טויזנט אַרבעטער זיינען אַרויס אין סטרייק.

די גאַנצע קאַפּיטאַליסטישע פּרעסע האָט אויפגעהויבן אַ שרעקלעכן גוואַלד: די באַנען פון לאַנד זיינען אין געפאַר אָפּגעשטעלט צו ווערן. די פעדעראַלע רעגירונג מוז זיך אַריינמישן צו פאַרזיכערן אַז דער באַן־פאַרקער זאָל ניט איבערגעריסן ווערן. די פעדעראַלע רעגירונג האָט לאַנג ניט געוואַרט און אַלע באַנען, באַזונדערס די וועלכע גייען פון שיקאַגאָ צום פּאַסיפישן ים־ברעג, זיינען באַוואַכט געוואָרן פון פעדעראַלע סאָלדאַטן.

לאָקאָמאָטיוו־טרייבער ווייזן אַרויס פּראָלעטאַרישע סאָלידאַריטעט

די „אַריסטאָקראַטישע” לאָקאָמאָטיוו־טרייבער, הייצער, קאָנדוקטאָרן, וואָס האָבן אויך געליטן דעמאָלט פון דעם ערשטן לוין־שניט, זיינען געבליבן אויף זייערע פּאָסטנס לויט אינסטרוקציעס פון זייערע פירער. אָבער ווען פעדעראַלע סאָלדאַטן, מיט שטאָלענע היטלען און ביקסן אין די הענט זיינען אַריין אין די לאָקאָמאָטיוו־בײַדלעך און די וואַגאָנען, האָבן די טרייבער, הייצער און קאָנדוקטאָרן ניט געקענט אויסהאַלטן. ספּאָנטאַן, אָן פאָרבאַרייטונגען, האָבן די מיטגלידער פון די בראָדערהודס פאַרלאָזט די לאָקאָמאָטיוון און באַנען. דער ערשטער אויסברוך פון סטרייק־סאָלידאַריטעט האָט פּאַסירט אויף אַ סטאַנציע אין אַריזאָנאַ און די קאַפּיטאַליסטישע צייטונגען האָבן שטאַרק אויפגעשפּילט רירנדיקע סצענעס פון הונדערטער פרויען און צענדליקער קינדער אויף די רייכע פּלי־צוגן וואָס גייען אין קאַליפאָרניע, וועלכע זיינען געבליבן אין מיטן אַריזאָנאַ־מדבר.

די ספאָנטאַנע סטרייקס האָבן זיך פאַרשפּרייט ווי אַ ווילדער פייער. איין צוג נאָכן צווייטן איז געבליבן שטיין אין דעם ווייטן מערב. עס האָט געהאַלטן אַז דער פייער וועט אַרומכאַפּן אַלע באַנען און אַ גענעראַל־סטרייק וועט אָפּ־שטעלן דעם גאַנצן באַן־פאַרקער. די קאַפּיטאַליסטן זיינען געוואָרן פאַר־ציטערט. אַ דערפאָלגרייכער גענעראַל־סטרייק אויף די באַנען וואָלט אויסער אַלע אַנדערע רעזולטאַטן זיכער אָפּגעשטעלט די אַטאַקע פאַר לוין־רעדוצירונגען וואָס דער אָרגאַניזירטער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס האָט געפירט.

אויף אַ וואונק פון אויבן, האָבן די הויכע באַאַמטע פון די באַן־בראָדער־הודס באַלד זיך געלאָזט אין אַריזאָנאַ, וואו דער פייער האָט זיך אויפגעהויבן. מיט גוט און מיט בייזן, הויפּטזאַכלעך טאַקע מיט בייזן, האָבן זיי געצוואונגען זייערע מיטגלידער צוריקגיין צום לאָקאָמאָטיוו און צו דער באַן. דער פייער פון סימפּאַטיע־סטרייקס איז דערשטיקט געוואָרן אײדער ער האָט געהאַט צייט זיך פאַנאַנדערצופלאַקערן. דער סוף איז געווען, אַז די מיטגלידער פון די באַן־בראָדערהודס האָבן שפּעטער געליטן נאָך צוויי לוין־רעדוצירונגען. זייער לאַגע איז פיל פאַרערגערט געוואָרן. אין 1934 הערשט אַ ביטערע ארבעט־לאָזיקייט צווישן די באַן־ארבעטער. די צאָל באַשעפטיקטע אויף די באַנען איז פאַרקלענערט געוואָרן אין די לעצטע צען יאָר צייט פון אַ מיליאָן מיט אַכט הונדערט טויזנט אויף אַ קנאַפּן מיליאָן, צוליב פאַרערגערטע ארבעט־באַדינגונגען, ראַציאָנאַליזאַציע און גרעסערע אָנלאָדונג פון ארבעט אויף דעם איינצלנעם **ארבעטער.**

פאַרוואָס די בראָדערהוד־פירער איז געלונגען צו ברעכן סימפּאַטיע־אַקציע

די בראָדערהוד־פירער האָבן פאַרמאָגט אַ שווערע רובינקע אין זייערע הענט. די באַן־יוניאָנס זיינען ניט נאָר יוניאָנס נאָר אויך פאַרזיכערונגס־אָרגאַניזאַציעס מיט אַ פאַרצווייגטער סיסטעם פון טויטן־בענעפיט און קראַנקן־אָפּצאָלונגען. דערצו איז אויף די באַנען איינגעפירט אַ סעניאָריטעט־רעכט און אין די יוניאָנס אַ פענסיע־סיסטעם פאַר אַלטע ארבעטער. דער איינצלנער לאָקאָמאָטיוו־טרייבער קען גרינג פאַרלירן סיי זיינע איינצאָלונגען פאַר טויטן־און קראַנקן־בענעפיט און סיי סעניאָריטעט־רעכט, ווען די באַן־קאָמפּאַניע און די יוניאָן־פירער ווילן עס. אונטער אַזאַ רובינקע איז געבראָכן געוואָרן דער עלעמענטאַרער אויסדרוק פון פּראָלעטאַרישער סאָלידאַריטעט וואָס די „אַריסטאָקראַטישע" באַן־ארבעטער האָבן אַרויסגעוויזן.

ביי דער געלעגנהייט דאַרף מען דערמאָנען, אַז דורך דער גאַנצער גע־

שיכטע פון ארבעטער־קלאס ציט זיך ווי א רויטער פאדעם די טיפע, איינ־
געוואָרצלטע געגנערשאפט וואָס די ארבעטער פילן צו ארבעטן אונטער דער
שוץ פון סאָלדאטן. אומעטום וואו סאָלדאטן זיינען מאָביליזירט געוואָרן געגן
סטרייקער, האט דאָס ארויסגערופן ניט בלויז א פארשטארקטע איינגעשפּאַרט־
קייט צווישן די סטרייקער גופא נאָר אויך שטארקע סימפּאטיע צווישן אַלע
ארבעטער אין שטאט. אזוי איז געווען אין 1877, 1894, א. אז. וו. די
שלאכטן אין טאָלידאָ, אָדער דער גענעראַל־סטרייק אין סאן פראנציסקאָ אין
1934 זיינען די בעסטע אילוסטראציעס פון דעם טיפן פּראָטעסט וואָס די
ארבעטער ווייזן געגן באַנוצן סאָלדאטן אין סטרייקס.

דער סטרייק פון די באן־שאפ ארבעטער אין 1922 דעמאָנסטרירט אויך,
אז צווישן די אמעריקאנישע ארבעטער, אפילו צווישן די בעסער־באצאָלטע,
איז פאראן א געזונטער קלאסן־חוש. אויב אָט־דער קלאסן־חוש האט נאָך
ניט געפונען קיין קלאָרן, אָרגאניזירטן אויסדרוק, ליגט די פאראנטוואָרטלעכ־
קייט אויף דער גוט־געקניפּטער יוניאָן־פירערשאפט, וואָס האט דערשטיקט
יעדן מינדעסטן אויסדרוק פון קלאסן־סאָלידאריטעט איידער עס האט זיך נאָך
צעוואקסן. סאן פראנציסקאָ, טאָלידאָ און מינעאפּאָליס ווייזן אָבער, אז די
ארבעטער־מאסן הויבן אָן בייצוקומען די שעדלעכע פאררעטערישע טעטיקייטן
פון זייערע אפיציעלע א. פ. אָוו ל. פירער.

## קאָלעקטיווע אָפּמאכן אויף לאנגע טערמינען שעדיקן די ארבעטער

נאָך די גרויסע סטרייקס אין אָנהויב פון צוואנציקסטן יאָרהונדערט,
ווי דער בלוטיקער סטרייק אין האָמסטעד אין 1894 און דער באן־סטרייק
געפירט פון יודזשין דעבס אין 1893, האָבן די פאך־יוניאָנס איינגעשטעלט
א פּראַקטיק פון אָפּמאכן אויף א לאנגן טערמין מיט די ארבעטגעבער. וואָס
לענגער א יוניאָן־פירער האט זיך באוואָרנט געגן א סטרייק אין זיין פאך,
אַלץ בעסער און באקוועמער האט ער זיך געפילט. אָפּמאכן אויף עטלעכע
יאָר נאָכאנאנד זיינען געווען א מאָסן־דערשיינונג. אין איינציקע פאכן, ווי
ביי די דרוק־מאשין ארבעטער, איז עס דערגאנגען ביז אן אָפּמאך אויף 10
יאָר צייט. אזא אָפּמאך האט דער פּרעזידענט פון דער פּרינטינג פּרעסמענס
אינטערנעשאָנאל, „מיידזשאָר" בערי, געשלאָסן אין 1911 מיט די ניו יאָרקער
ציי‌טונג־דרוקער אויף 10 יאָר צייט. די מלחמה איז אויסגעבראָכן, דער
יקרות איז געשטיגן און די פּרעסלייט זיינען געווען געבונדן מיט דעם 10־
יאָריקן אָפּמאך. אין 1917 האָבן די דרוקער ניט אויסגעהאלטן און דער־

קלערט אַ סטרײק. בערי מיט זײַנע לײטענאַנטן זײַנען גלײַך געקומען פון נאַקסוויל, טענעסי, וואו זײ געפינען זיך, און געהײסן די אַרבעטער גײן צוריק צו דער אַרבעט. זײ האָבן זיך אַנטזאָגט. איז דער סטרײק דערקלערט געוואָרן פון בערין פאַר „אומגעזעצלעך". דער סטרײק איז אָבער געוואונען געוואָרן טראָץ בערים סטרײקברעכערישע האַנדלונגען. בערי האָט אָבער יאָ צעבראָכן דעם סטרײק פון די בוך־דרוקער אין ניו יאָרק אין 1923. אַן „אומגעזעצלעכער סטרײק" (אומגעזעצלעך בײ די פירער פון דער אײגענער יוניאָן) איז ניט קײן זעלטענע דערשײנונג אין די א. פ. אָוו ל. יוניאָנס.

מיטן אויסנאַם פון דער יונײטעד מײַן וואָירקערס יוניאָן וואָס איז געגרינדעט געוואָרן פון די „נײטס אָוו לײבאָר", און פון די יוניאָנס אין די נאָדל־פאַכן, וואָס זײַנען געגרינדעט געוואָרן פון סאָציאַליסטן אין די גרויסע סטרײקס נאָך 1910, זײַנען די א. פ. אָוו ל. יוניאָנס פאַך־אָרגאַניזאַציעס. די מײַנער־יוניאָן איז פון סאַמע אָנהויב אָרגאַניזירט געוואָרן ווי אַן אינדוסטריעלע יוניאָן אין דער קוילן־אינדוסטריע. אַלע וועלכע זײַנען באַשעפטיקט אין און אַרום דעם קוילן־גרוב, די אַרבעטער וועלכע גראָבן קוילן טיף, אָדער די וועלכע פּאָמפּען לופט אָדער פּראָדוצירן עלעקטריע, באַלאַנגען אַלע׳צו דעם זעלבן לאָקאַל וואָס איז געבויט אַרום דער קוילן־גרוב. די נאָדל־פאַכן, ווידער, זײַנען אָרגאַניזירט געוואָרן פון מענטשן וואָס זײַנען געווען אַ סך ראַדיקאַלער בײם אָנהויב, ווי די פירערשאַפט אין דער א. פ. אָוו ל. דער גאַנצער מענטשן־מאַטעריאַל אין דער נאָדל־אינדוסטריע איז געווען אַן אַנדערער. פונדעסטוועגן זײַנען די נאָדל־פאַך יוניאָנס נאָר האַלב אינדוסטריעלע אָרגאַניזאַציעס. די פרויען־קלײדער אַרבעטער זײַנען אָרגאַניזירט באַזונדער, די מענער־קלײדער אַרבעטער באַזונדער, די היטל־מאַכער באַזונדער, די קירזשנער באַזונדער א. אַז. וו.

## קלעיטאָן אַנטי־טראָסט געזעץ אַ בײטש געגן יוניאָנס

די א. פ. אָוו ל. האָט ניט באַוויזן אויסצוקעמפן קײן אײן אײנציקן פעדעראַלן אַרבעטער־שוץ געזעץ.*) די צוויי אַנטי־טראָסט געזעצן, דער שערמאַן און דער קלעיטאָן, זײַנען אָנגעווענדט געוואָרן געגן די יוניאָנס, ניט אָפּצוברעכן די טראָסטן.

*) דער סימענס־געזעץ וואָס קאָנגרעס האָט אָנגענומען, וואָס גאַראַנטירט אַמעריקאַנישע מאַטראָסן אַ מינימום אַרבעט־טאָג און לוין, איז ענג פאַרבונדן געווען מיט דער געלט־שטיצע וואָס די רעגירונג האָט געגעבן די פריוואַטע שיף־קאָמפּאַניעס צו פאַרשטאַרקן דעם אָמעריקאַנישן האַנדל־פלאָט.

ווען נאך א טיכטיקער לאבי־טעטיקייט *) האט די א. פ. או ל. באוויזן ארײַנצושטעלן אין דעם פאַרוואַרט פון דעם קלעיטאן אנטי־טראַסט געזעץ אין 1914 די באַרימטע פאַרמולע פון גאמפּערס, אַז ארבעט־קראַפט איז ניט קיין סחורה און דעריבער קען א טרייד־יוניאן ניט פאַררעכנט ווערן ווי אַן אַרגאַניזאַציע באַשאַפן מיט דעם צוועק צו באַשרענקען און צו שטערן האנדל און אינדוסטריע, האט גאמפּערס געפייערט א גרויסן זיג. ער האט פּראָקלאַמירט דעם פאַרוואַרט ווי די „מאַגנאַ קאַרטאַ" פון דער ארבעטערשאַפט און האט מיט שטאָלץ אָנגעוויזן, אַז ענדלעך איז די פּאָליטיק פון דער א. פ. או ל. געקרוינט געוואָרן מיט דערפאָלג.

אויסגעלאָזט האט זיך גאַנץ אַנדערש. דער העכסטער געריכט האט אַנטשיידן, אַז קאָנגרעס קען ניט שאַפן קיין „ספּעציעלע פּריווילעגיעס פאַר ספּעציעלע גרופּעס" און גלייך איז דער קלעיטאן אנטי־טראַסט געזעץ אָנגעווענדט געוואָרן פון די פעדעראַלע ריכטער פאַר שענדלעכע אינדזשאַנקשאַנס און שטראָפן אויף יוניאָנס און אויף די איינצלנע מיטגלידער פון די יוניאָנס. דער באַרימטער פּראָצעס פון די דענבערי הוט־ארבעטער, אין 1914, איז געווען געבויט אויף דעם קלעיטאן אנטי־טראַסט געזעץ. עס האט געהאַלטן דערביי, אַז די אַלע ארבעטער וואָס האבן פאַרמאָגט אייגענע הייזקעס אָדער אָפּגעשפּאָרטע געלטער אין באַנק, זאָלן מוזן פאַרלירן זייערע היימען און געלט צו באַצאָלן דעם שאָדן־ערזאַץ וואָס די פאַבריקאַנטן האבן געמאָנט פון דער יוניאן ווי א פאַרגיטיקונג פאַר רופן א סטרייק און פאַר אַפּעלירן צו קויפן היט נאָר אין יוניאָן־פּלעצער. דער הויפּט־ריכטער, טעפט, האט געמאַכט א קאָמפּראָמיס: דער אורטייל פאַרבלייבט אין קראַפט, נאָר די געלט־שטראָף ווערט אַרונטערגענומען דורך א לעגאַליסטישן דריידל.

אכט יאָר שפּעטער, דעם 5טן יוני 1922, האט דער העכסטער פעדעראַלער געריכט אין זיין אַנטשיידונג איבער דער באַוואוסטער קלאַגע פון דער קאָראָנאַדאָ קוילן־קאָמפּאַניע געגן דער יונייטעד מיין וואָירקערס יוניאן געעפנט א טיר פאַר די קאַפּיטאַליסטן צו פאַרנעמען די יוניאָן־פאָנדן אויב זיי ברענגען א קלאַגע פאַר שאָדן־ערזאַץ געגן דעם שאָדן וואָס איינצלנע אַרבעטער, מיטגלידער פון דער יוניאן, האבן פאַראורזאַכט אין צייט פון א סטרייק, אַפילו אויב די יוניאן איז ניט פאַרבונדן געווען מיט דעם אַקט פון שאָדן.

---

*) לאָבי מיינט צו פירן א שתדלנות-פּאָליטיק אין די קולוארן פון קאָנגרעס אָדער פון א שטאַט-געזעצגעבונג. לאָבי איז א קולואַר (קאָרידאָר).

אזוי ארום איז דער קלעיטאָן אנטי־טראַסט געזעץ, דער העכסטער אויפטו פון דער א. פ. אָוו ל. פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א טאָפּלטער בייטש געגן די אָרגאַניזירטע ארבעטער. פון איין זייט, זיינען די מיטגלידער פון דער יוניאָן פאַראַנטוואָרטלעך מיט זייער אייגנטום פאַר דער פאַרגיטיקונג וואָס א קאַפּי־טאַליסט מאָנט פון זייער יוניאָן און פון דער צווייטער זייט איז די יוניאָן פאַראַנטוואָרטלעך מיט איר פאַרמעגן פאַר קלאַגעס פון שאָדן־ערזאַץ וואָס א קאַפּיטאַליסט מאָנט פון איינצלנע יוניאָן־מיטגלידער. דאָס איז דער ריינער רעזולטאַט פון דער גאַנצער לאָבי־טעטיקייט וואָס די א. פ. אָוו ל. האָט געטריבן יאָרן־לאַנג צו פאַרהיטן די ארבעטער פון אינדזשאַנקשאָנס אויפן גרונט פון די געזעצן געגן קאָנספּיראַציעס צו באַשרענקען און שטערן דעם האַנדל און די אינדוסטריע.

איין מאָנאַט פריער, מאַי 1922, האָט דער העכסטער פעדעראַלער געריכט דערקלערט דעם געזעץ וואָס קאָנגרעס האָט אָנגענומען צו באַשרענקען די ארבעט פון קינדער פאַר אומקאָנסטיטוציאָנעל.

דער געזעץ צו באַשרענקען די ארבעט פון קינדער און מינדעריעריקע, פאַר וועלכן די א. פ. אָוו ל. האָט קאַמפּאַניעוועט דורך לאָבי־פּאָליטיק און דורך דער „באַלוינען די פריינט און באַשטראָפן די פיינט" טאַקטיק, איז ביז איצט, 1935, נאָך ניט קיין געזעץ פון לאַנד. פאַר דעם געזעץ, וואָס מוז ווערן אַן אַמענדמענט צו דער קאָנסטיטוציע, האָבן געאַרבעט אַלע פּראָ־גרעסיווע אָרגאַניזאַציעס, ליבעראַלע גלחים און זייער גלייכן אין פאַרלויף פון עטלעכע צענדליק יאָרן. דער געזעץ, אין א זייער מאָגערער פאָרמע, איז דעם צווייטן מאָל דורכגעגאַנגען דעם קאָנגרעס אין 1933, אונטער דער רוזוועלט־אַדמיניסטראַציע, אָבער איז פאַרהאַלטן געוואָרן אין די שטאַט־געזעצגעבונגען. ווי אַן אַמענדמענט צו דער פעדעראַלער קאָנסטיטוציע מוז דאָס געזעץ קריגן די צושטימונג פון דריי־פערטל שטאַטן. די פאַראייניקטע כחות פון דער א. פ. אָוו ל. און די אַלע ליבעראַלע אָרגאַניזאַציעס האָבן ניט באַוויזן דורכצופירן דעם אַמענדמענט דורך דער נויטיקער צאָל שטאַט־געזעצגעבונגען. פאַרגלייכט עס מיט דער שנעלקייט מיט וועלכער די קאַפּי־טאַליסטן האָבן דורכגעפירט דעם פּראָהיבישאָן־אַמענדמענט אין 1918 און דעם אַמענדמענט אָפּצושאַפן אין 1933 (פּראָהיבישאָן איז דאָס געזעץ וואָס פאַרבאָט צו פּראָדוצירן און פאַרקויפן אַלקאָהאָלישע געטראַנקען), וועט איר זען די האָפענונגלאָזיקייט פון דער אומפּאַרטייאישער פּאָליטיק פון דער א. פ. אָוו ל. און די נישטיקע פּאָליטישע ראָל וואָס זי פאַרנעמט אין לאַנד.

דעם זעלבן שיפּבראָך האָבן געליטן די באַמיאונגען פון דער א. פ. אָוו ל.

צו „באשרענקען" די מאכט פון ריכטער ארויסצוגעבן אינדזשאנקשאנס געגן סטרייקס און סטרייקער. דער א. פ. און ל. איז, פארשטייט זיך, קיינמאל ניט געקומען אויפן געדאנק אז א ברייטע מאסן־אקציע געגן די אינדזשאנקשאנס וואלט אפגעשלאגן ביי די ריכטער דעם חשק צו באנוצן זיך מיט דער בייטש געגן די ארבעטער.

דער צעפויקטער נאריס־לאגווארדיא געזעץ, הינטער וועלכן די א. פ. און ל. איז געשטאנען און ענלעכע געזעצפראיעקטן אין א ריי שטאטן, האבן אויף א האר ניט געמינערט די געפאר פון דעם אינדזשאנקשאן. אין די זומערן פון 1933-1934 אונטער דער רוזוועלט־רעגירונג, איז דער אינדזשאנק־שאן אנגעווענדעט געווארן אפטער און איז געווארן שענדלעכער. דער אינ-דזשאנקשאן וואס דער ריכטער ל. פעיבער אין ברוקלין האט ארויסגעגעבן געגן דער לאקאל יוניאן 505 פון דער אינטערנעשאנאל בעקער־ארבעטער יוניאן (א. פ. און ל.) אין 1934 האט אריבערגעשטיגן אלע פריערדיקע פאר־באטן. ריכטער פעיבער האט אפילו פארווערט די מיטגלידער פון דער יוניאן צו דערציילן זייערע באקאנטע און פריינט וועגן דעם סטרייק אויף וועלכן דער אינדזשאנקשאן באציט זיך. די א. פ. און ל. בעקער־יוניאן האט אזא אומדערהערט־גרויזאם־ברוטאלן אינדזשאנקשאן ארונטערגעשלונגען און ניט געענטפערט מיט א מאסן־פיקעט ליין, ווי די לינקע אינדוסטריעלע שפייז־ארבעטער יוניאן רעאגירט אין אזעלכע פאלן.

## באאמטע פארכאפן די מאכט אין זייערע הענט

אויסער די מעטאדן פון בינדן די ארבעטער דורך לאנגע־טערמיניקע אפ־מאכן איז דער גרונט־שטריך פון דער טאקטיק און פון די מעטאדן פון דער א. פ. און ל. יוניאן, די קאנצענטראציע פון מאכט אין די הענט פון די באַ־צאלטע באאמטע. ניט קוקנדיק אויף די ערשטע קאנסטיטוציעס וועלכע האבן פארמאגט א דעמאקראטישן כאראקטער, איז די יוניאן־אנפירונג אריבער אינ־גאנצן אין די הענט פון די באאמטע. אין פיל יוניאנס זיינען די באאמטע די יוניאן. די קאנסטיטוציעס זיינען ביסלעכווייז געענדערט געווארן און דארט וואו אמענדמענטס זיינען געווען שווער דורכצופירן האט מען אין דער פראקטיק פארכאפט די מאכט, פונקט ווי דער העכסטער פעדעראלער געריכט האט אין אנהויב פון 19טן יארהונדערט פארכאפט מיט דער צושטימונג פון הערשנדיקן קלאס רעכט וואס די קאנסטיטוציע האט אים קיינמאל ניט באַ־וויליקט. דער אנהויב פון די רענק און פייל אפאזיציעס אין די יוניאנס האט

פאַרשנעלערט דעם פּראָצעס פון צענטראַליזאַציע, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פּאַקטישער דיקטאַטור פון די פירער מיט זייערע אַרויסהעלפער איבער דער ברייטער מאַסע מיטגלידער. די אַ. פּ. אָוו ל. פירער וואָס לאָזן ניט אַרויס פון זייערע ליפּן זייער טרייהייט צו די אידעאַלן פון דעמאָקראַטיע, זיינען פינצטערע דיקטאַטאָרן איבערן אַרבעטער־קלאַס. זיי ווענדן אָן פאַשיסטישע מעטאָדן אויפצוהאַלטן זייער פירערשאַפט. דעמאָקראַטיע איז פולשטענדיק פאַרשוואונדן אין די יוניאָנס. דער ווילן און דאָס רעכט פון די רענק און פייל מיטגלידער ווערט געטראָטן מיט די פיס.

אָנשטאָט דעם וואָס די באָזע פון דער יוניאָן זאָל זיין דער שאַפּ און פאַבריק דורך דערווײלטע שאַפּ־טשערלייט (פאָרזיצער) אָדער דעלעגאַטן און די פאַרזאַמלונג פון די מיטגלידער, איז די באָזע פון דער יוניאָן פריער אַריבערגערוקט געוואָרן צו דער עקזעקוטיוו־באָרד פון דעם לאָקאַל, שפּעטער נאָך העכער, צו דער געמיינשאַפטלעכער באָרד, דאָרטן וואו אין איין שטאָט זיינען פאַראַן עטלעכע לאָקאַלן פון זעלבן פאַך. נאָך שפּעטער איז די גענעראַלע עקזעקוטיווע פון דער נאַציאָנאַלער אָדער אינטערנאַציאָנאַלער יוניאָן געוואָרן די באָזע. די גענעראַלע עקזעקוטיווע באַשטייט ניט פון אַרבעטער פון שאַפּ און פון פאַבריק. אַרבעטער פון שעפּער זיינען ניט פאַרטראָטן דירעקט אין דער העכסטער פאַרוואַלטונג פון דער יוניאָן. די גענעראַלע עקזעקוטיוועס באַשטייען אויסשליסלעך פון די העכסטע באַצאָלטע באַאַמטע וועלכע זיינען גרעסטנטיילס וויצע־פּרעזידענטן פון דער יוניאָן. זייער הויכער געהאַלט, זייערע שטענדיקע באַציאונגען מיט די קאַפּיטאַליסטן, זייער נאָענטע פאַרבינדונג מיט רעגירונגס־אינסטיטוציעס און מיט פּאָליטישענס און הויפּטזאַכלעך זייער גאַנצע אידעאָלאָגיע און בליק אויף דער יוניאָן רייסט זיי אָפּ פון דער מאַסע מיטגלידער, שטעלט זיי מאַטעריעל אומגעהויער העכער פון דער מאַסע מיטגלידער און פאַרוואַנדלט זיי אין הערשער איבער דער מאַסע מיטגלידער. אָט־די הויכע באַאַמטע ווילן ניט אָפּטרעטן פון זייערע גוטבאַצאָלטע אַמטן. זיי באַנוצן מאַסן־אויסשליסונגען און „רעאָרגאַניזירן" גאַנצע יוניאָנס אויפצוהאַלטן זייער מאַכט.

פאַרשטייט זיך, אַז אָט־די הויך־באַצאָלטע באַאַמטע זאַפּן אין זיך אַריין דעם שטאַנדפּונקט פון די אַרבעטגעבער — אויב זיי האָבן דעם שטאַנדפּונקט ניט געהאַט פון פריער — זיי ווערן „אָביעקטיוו" צו די אַרבעטער און צו די פאָדערונגען וואָס די אַרבעטער שטעלן אַרויס. די אַזוי־גערופענע אָביעקטיוויטעט, דאָס קוקן פון ווייטן און די „אומפּאַרטייאישקייט" ברענגט דערצו, אַז די פירער טראַכטן אַז די אַרבעטער פאָדערן צופיל, אַז די „אינדוסטריע", דאָס

הייסט די קאַפּיטאַליסטן, קענען ניט דערטראָגן אַזעלכע פאַרגרעסערטע פּראָ־דוקציע־קאָסטן. פון דעם פאָלגט דער לאָגישער שלוס, אַז די אַרבעטער־פאָדערונגען דאַרפן „אויסגעגליכן" ווערן. אויסגעגליכן ווערן צום גונסטן פון די אַרבעטגעבער. מיר וואָלטן געקענט פאַרנעמען אַ גאַנצן בוך מיט שרייענ־דיקע ביישפּילן פון יוניאָן־פּרעזידענטן וועלכע האָבן אַזוי „אויסגעגליכן" די פאָדערונגען פון סטרייקער, אַז ביי דער שליכטונג פון סטרייק איז פון די פאָדערונגען גאָרניט געבליבן.

## הויכע געהאַלטן שטעלן באַאַמטע איבער לעבנס־שטייגער פון די אַרבעטער

אין דער געשיכטע פון דער בריטישער טרייד־יוניאָן באַוועגונג גיבן סידני און ביטריס וועב (איצט לאָרד פּאַספּילד) אַן אַנאַליז פון די אורזאַכן וואָס האָבן געבראַכט דערצו, אַז די מערסטע אַרבעטער־פירער אין ענגלאַנד זיינען אַוועק העט ווייט פון די אַרבעטער־מאַסן אין זייער אויפפאַסונג פון זאַכן און אין זייערע גייסטיקע און פּסיכאָלאָגישע באַגריפן. דאָס בוך איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין 1903 און עס באַהאַנדלט די אינערלעכע לאַגע אין דער ענגלישער אַרבעטער־באַוועגונג אין מיטן פון די נײַנציקער יאָרן, ווען קיין באָלשעוויקעס זיינען נאָך ניט געווען. עס דאַרף באַטאָנט ווערן, אַז די וועבס האָבן אין זינען דעם „אָרנטלעכן" אַרבעטער־פירער און ניט דעם כאַבאַרניק. אגב זיינען די וועבס זייער ווייט פון צו זיין לינקע, זיי זיינען סאָציאַליסטן פון דער פאַביאַנער שול, וואָס מיינט בירגערלעכע ראַדיקאַלן. גלייכצייטיק זיינען זיי גרויסע אויטאָריטעטן איבער דער געשיכטע פון דער בריטישער אַרבעטער־באַוועגונג. זייער באַשרייבונג גיט דעם עקאָנאָמישן און סאָציאַלן באַזיס פון דעם רעפאָרמיזם אין דעם אויבערשטן שיכט פון דער טרייד-יוניאָן באַוועגונג.

ווען די יוניאָן האָט גענומען וואַקסן — שרייבן די וועבס — האָט מען באַדאַרפט אָנשטעלן אַ מענטשן, וואָס זאָל זיך אָפּגעבן מיט דער יוניאָן־טעטיקייט. אַ יונגער אַרבעטער, טעטיק אין דער אָרגאַניזאַציע, איז אויס־געקליבן געוואָרן. ער האָט געקראָגן אַ געהאַלט, גרעסער ווי דער וואָס אַ קוואַליפיצירטער אַרבעטער קריגט פאַר אַ פולער וואָך אַרבעט. דערצו איז זיין געהאַלט אַ שטענדיקער, ער ווייסט ניט פון קיין אַרבעטלאָזיקייט.

דער נייער באַאַמטער האָט זיך ביסלעכווייז צוגעוואוינט ניט אויפ־צושטיין גאָר אין דער פרי ווען דאָס פאַבריק־פייפל שרייט שאַרף און הילכיק

צו אַלע אַרבעטער זיך אויפצוהייבן פון דעם געלעגער. צוליב די אָפּטע באַ־געגענישן מיט די אַרבעטגעבער האָט ער גענומען טראָגן די יום־טובדיקע קליידער אַלע טאָג, אויס אַרבעט־קליידער. אַזוי ווי די באַגעגענישן זיינען פאָרגעקומען אין רייכע האָטעלן, האָט דער באַאַמטער זיך גענומען קליידן נאָך בעסער. זיינע אויסגאַבן זיינען געוואַקסן, האָט ער געקראָגן אַ לוין־העכערונג.

די אַרבעטער וואָס זיינען געבליבן אַרבעטן אין פאַבריק האָבן געהאַט אַ סך קריוודעס. די קריוודעס האָבן דעם באַאַמטן פאַראורזאַכט אַ סך צרות. ביסלעכווייז, און וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער, איז ביי אים געוואַקסן די אומצופרידנהייט געגן די אַרבעטער. — וואָס קענען זיי ניט פאַרבייגיין און פאַרביילאָזן אַ סך קליינקייטן? — האָט ער געטראַכט אומצופרידן. לאַנג פון דער פאַבריק, זיינען די טעגלעכע קריוודעס געוואָרן ביי אים קליינקייטן.

די יוניאָן איז געוואַקסן. די פאָדערונגען פון די אַרבעטער האָבן זיך געמערט. דער יוניאָן־באַאַמטער האָט דערווייל שוין זיך אַרויסגעקליבן פון דעם אַרבעטער־קוואַרטאַל. די פרוי האָט עס געפאָדערט. מיט אַזאַ שטענדיקן פאַרדינסט קען מען וואוינען אין אַ בעסערן געגנט און שיקן די קינדער אין אַ פריוואַטער שול. דער באַאַמטער איז שוין געווען ווייט פון די אַרבעטער ניט נאָר אין געדאַנק נאָר אויך געאָגראַפיש. זיין גאַנצער לעבנס־שטייגער איז געוואָרן אַנדערש און אַ סך העכער פון דעם אַרבעטערס לעבנס־שטייגער. דאָס וואוינען אין אַ מיטלקלאַס־געגנט ליגט אַרויף געוויסע פאַרפליכטונגען. נייע באַקאַנטשאַפטן ווערן געשלאָסן.

### דער יוניאָן־באַאַמטער קריגט אַן „אָביעקטיווו" קוק

פון די שטענדיקע באַציאונגען מיט אַרבעטגעבער איז ביי דעם יוניאָן־באַאַמטן אויסגעוואַקסן אַן „אָביעקטיווער" קוק, אַ פאַרשטענדיקונג פאַר דעם „צווייטן צד". ווען ער איז געזעסן אין אַ האָטעל צו פאַרהאַנדלען מיט אַרבעטגעבער האָט ער שוין „אָביעקטיוו" געזען אויך זייער לאַגע. ער האָט אַריינגעזאַפּט אין זיך זייערע אַנשויאונגען. ווען דער אָפּמאַך מיט דער יוניאָן איז אויסגעגאַנגען און פאַרהאַנדלונגען האָבן זיך אָנגעהייבן פאַר אַ נייעם אָפּמאַך האָט זיך דעם באַאַמטן, שוין איצט אַ פירער מיט אַ רעפּוטאַציע, געדאַכט, אַז די אַרבעטער פאָדערן צופיל, דער אינדוסטריע וועט זיין שווער עס אַריבערצוטראָגן. אויסער דעם האָט ער געזען די שוועריקייטן פון אַ

סטרייק: די קאסע פון דער יוניאן, אנגעזאמלט אין לאנגע יארן, וועט אויפ־געגעסן ווערן. א סטרייק איז אויך א ריזיקע, ער קען פארלארן גיין, באַ־זונדערס ווען די צייט איז ניט גינסטיק. דעריבער איז נויטיק איינצורײדן די ארבעטער זיי זאלן אננעמען א קאמפראמיס. די אינטערעסן פון דער אינדוסטריע פאדערן עס.

די ארבעטער האבן דעם קאמפראמיס אנגענומען, אבער צווישן זיי איז געוואקסן אומצופרידנהייט צום יוניאן־פירער. דער אומצוטרוי איז געווארן ווי א וואנט צווישן דער מאסע און דעם באאמטן. די וואנט איז געווארן דיקער. דער באאמטער איז געלאפן פאר א פלאץ אין פארלאמענט. ער איז שוין א דעפוטאט. זיין לעבנס־שטייגער האט זיך געהייבן נאך העכער. די בור־זשוזיע האט דערשמעקט זיין גרויסן איינפלוס און ער איז אן אנגעלייגטער גאסט אין די רייכע סאלאנען, איז איינגעלאדן צו רעדן פאר ווילכטיקע פאליטישע קלובן, ער שרייבט אין גרויסע קאפיטאליסטישע צייטונגען. עס מאכט ניט אויס צי ער איז א לייבאר־דעפוטאט אדער ניט, ער איז שוין ווייט־ווייט איבער דעם ארבעטער־קלאס וואס האט אים ארויסגענומען פון פאבריק און געמאכט פאר זיין פארשטייער.

מיר ברענגען דא די לענגערע באשרייבונג, ווייל עס ווארפט א כאראק־טעריסטיש ליכט אויף דער יוניאן־פירערשאפט אין אלע קאפיטאליסטישע לענדער, ענגלאנד, דייטשלאנד, פראנקרייך, בעלגיע, עסטרייך און נאך און נאך. נאר די דעטאלן זיינען אנדערש, דער אינהאלט איז דער זעלבער אומעטום. די לויזקייט און דער אפארטוניזם וואס האבן געהערשט אין דער ארבעטער־באוועגונג אין די אויבן־דערמאנטע לענדער זיינען געווען א פרוכט־באָרער באדן פאר דער אנטשטייאונג פון א הויכער ארבעטער־ביוראקראטיע, וואס האט זיך ענג פארבונדן מיט דעם קאפיטאליסטישן קלאס און אריבער־געטראגן די קאפיטאליסטישע אידעאלאגיע צווישן די ארבעטער.

אין די פאראייניקטע שטאטן, וואו עס איז בכלל ניט געווען קיין בא־דייטנדיקע פאליטישע ארבעטער־פארטיי ביז די לעצטע יארן פאר דער וועלט־מלחמה, איז דער באדן פאר דער אנטוויקלונג פון אן ארבעטער־ביוראקראטיע אין דער פירערשאפט געווען נאך גינסטיקער. דער פאקט וואס די קליינע מינדערהייט הויך־געשולטע ארבעטער האט פארמאגט בעסערע ארבעט־בא־דינגונגען האט געשאפן א באזע פאר דער יוניאן־ביוראקראטיע. די קאפי־טאליסטן אין די פאראייניקטע שטאטן פארמאגן מער מעגלעכקייט צו בא־לוינען א פריינט אין דער ארבעטער־באוועגונג. די יוניאן־ביוראקראטיע איז

געוואָרן דער פּאַרזייער און פאַרשפּרייטער פון קאַפּיטאַליסטישע באַגריפן צווישן די אַרבעטער.

ביי דער געלעגנהייט, ווי אַ נויטיקע אילוסטראַציע, דרוקן מיר אַ קליינע ליסטע פון געהאַלטן וואָס די יוניאָן־פּרעזידענטן קריגן. די געהאַלטן זיינען פון די קריזיס־יאָרן. ווען די אַרבעטער האָבן געהונגערט, האָבן פיל פּרעזידענטן געקראָגן אַ לוין־העכערונג. קיינער פון זיי — ווי ווייט מיר ווייסן — האָט ניט דערלויבט קיין לוין־שניט. אַ סך יוניאָן־פּרעזידענטן פאַרדינען מער ווי מיניסטאָרן פון פּרעזידענטס קאַבינעט.

אַ צעטל פון געהאַלטן פון יוניאָן-פּרעזידענטן

וויליאַם גרין, א. פ. אָוו ל. פּרעזידענט: טויזנט דאָלאַר אַ מאָנאַט געהאַלט און 667 דאָלאַר אַ מאָנאַט אויסגאַבן.

דזשאָן לואיס, פּרעזידענט, יונייטעד מיין וואָירקערס: $12,000 אַ יאָר, אויסער אויסגאַבן.

דער פּרעזידענט פון דער בריקן און געביידעס אייזן-אַרבעטער יוניאָן: $15,000 אַ יאָר.

דער פּרעזידענט פון די עלעוויטאָר-בויער: $12,000 אַ יאָר.
דער פּרעזידענט פון די לאָקאָמאָטיוו-טרייבער: $15,000 אַ יאָר.
דער פּרעזידענט פון דער קאַרפּענטערס בראָדערהוד: $10,400 אַ יאָר.
דער פּרעזידענט פון דער עלעקטרישער אַרבעטער-יוניאָן: $10,000 אַ יאָר.
דער פּרעזידענט פון די לאָקאָמאָטיוו פייער-הייצער און קעסל-אַרבעטער: $15,000 אַ יאָר.

דער פּרעזידענט פון דער מוזיקער יוניאָן: $20,000 אַ יאָר.
דער פּרעזידענט פון דער באַן-מאַנשאַפט: $15,000 אַ יאָר.
דער פּרעזידענט פון די טעאַטער-בינע אַרבעטער: $20,000 אַ יאָר.
דער פּרעזידענט פון דער טרייבער-יוניאָן: $15,000 אַ יאָר.
דער פּרעזידענט פון דער באַן-טעלעגראַפּיסטן יוניאָן: $10,000 אַ יאָר.
דער פּרעזידענט פון די יונייטעד גאַרמענט וואָירקערס: $12,000 אַ יאָר.
(איצט איז די יונייטעד פאַראייניקט געוואָרן מיט דער אַמאַלגאַמייטעד.)
דער פּרעזידענט פון דער פּלאָמבערס יוניאָן: $10,000 אַ יאָר.
דער פּרעזידענט פון די באַן-קלויערקס: $10,000 אַ יאָר.
דער פּרעזידענט פון די דרוק-מאַשינען אַרבעטער: $9,000 אַ יאָר.
דער פּרעזידענט פון דער באַרבערס יוניאָן: $7,800 אַ יאָר.
דער פּרעזידענט פון דער אינטערנעשאָנאַל לײדיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן: $7,500 אַ יאָר.
דער פּרעזידענט פון דער מאַשיניסטן-יוניאָן: $7,500 אַ יאָר.
(פון דעם לייבאָר פעקט בוק, 2טער באַנד.)

מען דארף אויך האבן אין זינען, אז אויסער דעם באשטימטן געהאלט קריגן אלע הויכע יוניאן־באאמטע א סומע געלט פאר זייערע אויסגאבן. אפטמאל באטרעפט די סומע פאר די אויסגאבן א העלפט פון דעם שטענדיקן געהאלט. אויסער דעם, טרעטן זיי אויף פאר קאפיטאליסטישע ארגאניזאציעס מיט רעדעס, פאר וועלכע זיי קריגן גוט באצאלט. וויליאם גרין קריגט טויזנטער דאלארן פאר זיינע רעדעס פאר די האנדל־קלובן, ראטארי־ארגאני־זאציעס, קירכן, אוניווערזיטעטן א. אז. וו.

די קאמוניסטן און די לינקע זיינען שארפע געגנער פון די אומגעהויערע געהאלטן פאר די באאמטע. אין די לינקע יוניאנס איז א פעסטער פרינציפ, וואס איז שטרענג דורכגעפירט אין לעבן אז קיין באאמטער טאר ניט באקומען מער וויפיל א קוואליפיצירטער ארבעטער אין פאך קריגט פאר זיין ארבעט. דער געהאלט פאר א באאמטן איז פון 25 דאלאר א וואך פאר אן אומפאר־הייראטן ביז 40 דאלאר פאר איינעם וואס האט קינדער. זייער אפט קריגן די באאמטע די סומע אויך ניט.

א. פ. אוו ל. גיט אויס קליינע סומען צו ארגאניזירן די אומארגאניזירטע

די הויכע געהאלטן און די פארשווענדערישע סומען געלט וואס ווערן אויסגעגעבן אונטער דער רובריקע: אלגעמיינע אויסגאבן, זיינען אין שארפן קאנטראסט מיט די נישטיקע סומען וואס די א. פ. אוו ל. גיט אויס אויף ארגאניזאציע־ארבעט, ד. ה. אויף ארגאניזירן די אומארגאניזירטע.

נאך די אלע רעזאלוציעס פון צוזאמענפארן און די אלע פאמפפולע דער־קלערונגען פון גאמפערס און נאכדעם גרין וועגן קאמפאניעס צו ארגאניזירן די מיליאנען אומארגאניזירטע ארבעטער, האט די א. פ. אוו ל. באשטימט לעכערלעך־קליינע סומען געלט פאר אזא ריזיקער אויפגאבע. די א. פ. אוו ל. האט קיינמאל ניט דורכגעפירט אין לעבן קיין שטייער אויף אירע אנגע־שלאסענע יוניאנס פאר ארגאניזאציע־ארבעט צווישן די אומארגאניזירטע אינדוסטריעס. פון אירע אייגענע געלטער האט זי אויך אוועקגעגעבן דעם קלענערן טייל. דער גאר גרויסער טייל פון איר בודזשעט איז פאר „בילכערע" צוועקן, ווי געהאלט און רייזע־אויסגאבן פאר די הויכע באאמטע און נאך אזעלכע „נויטווענדיקע" פארן ארבעטער־קלאס אויסגאבן.

מען דארף אויך האבן אין זינען, אז אין דער רובריקע ארגאניזאציע־ארבעט גייט שוין אריין געהאלט און רייזע־אויסגאבן פאר די פעלד־ארגאנייזערס.

איינקונפט און אויסגאַבן פון א. פ. אָוו ל. צווישן 1914 און 1932

| | איינקונפט | | אויסגאַבן | |
|---|---|---|---|---|
| יאָר | סך-הכל | פון פער מיטגליד-שטייער | סך-הכל | פאַר אָרגאַניזאַציע-אַרבעט |
| 1914 — — | $263,166 | $180,653 | $265,737 | $79,713 |
| 1915 — — | 271,625 | 176,372 | 303,985 | 72,342 |
| 1916 — — | 334,275 | 196,447 | 315,047 | 80,933 |
| 1917 — — | 251,758 | 412,047 | 402,990 | 107,146 |
| 1918 — — | 303,463 | 654,687 | 277,110 | 76.892 |
| 1919 — — | 654,687 | 358,187 | 587,518 | 165,609 |
| 1920 — — | 929,255 | 562,608 | 917,765 | 285,584 |
| 1921 — — | 832,169 | 541,360 | 857,888 | 279,605 |
| 1922 — — | 583,120 | 417,171 | 562,588 | 170,935 |
| 1923 — — | 687,880 | 515,626 | 662,398 | 187,518 |
| 1924 — — | 512,397 | 366,504 | 500,028 | 131,168 |
| 1925 — — | 509,702 | 372,057 | 533,294 | 132,305 |
| 1926 — — | 518,451 | 372,057 | 519,113 | 105,151 |
| 1927 — — | 524,284 | 343,300 | 485,033 | 114,778 |
| 1928 — — | 545,437 | 336,291 | 496,971 | 111,658 |
| 1929 — — | 609,633 | 432,168 | 575,181 | 125,359 |
| 1930 — — | 560,603 | 377,597 | 531,492 | 122,523 |
| 1931 — — | 569,105 | 357,201 | 561,935 | 139,526 |
| 1932 — — | 466,350 | 312,809 | 468,747 | 112,096 |

די טאַבעלע רייסט די אויגן. דאַרף מען אַ גרעסערע באַשטעטיקונג אַז די א. פ. אָוו ל. פירער האָבן ניט געוואָלט אָרגאַניזירן די אומאָרגאַניזירטע מיליאָנען אַרבעטער? אין די בעסטע פינאַנציעלע יאָרן, 1920־1921 האָבן זיי אַפילו אַ דריטל פון זייערע אויסגאַבן ניט אוועקגעגעבן אויף אָרגאַניזאַציע־אַרבעטן. וואָס פאַר אַ באַדייטונג האָבן די געלטער וואָס די א. פ. אָוו ל. האָט אַסיגנירט אין פאַרגלייך מיט די סומען וואָס עס האָבן זיך געפאָדערט פאַר אַ ווירקלעכער אָרגאַניזאַציע־קאַמפּאַניע אין אַזעלכע גרויסע אינדוסטריעס,

ווי אָטאָמאָביל, שטאָל, טעקסטיל, לעדער א. אַ., וואָס זיינען ביז 1933 גאָרניט אָדער כמעט גאָרניט געווען אָרגאַניזירט?

נאָך דעם סטרייק אין גאַסטאָניא אין 1929, געפירט פון קאָמוניסטן, האָט די א. פ. אָוו ל. זיך אַ טרייסל געטאָן און פּראָקלאַמירט אַ קאַמפּאַניע צו אָרגאַניזירן די אַרבעטער אין דער סאַוט (דרום). אויף אָט דער גרויסער און שווערער קאַמפּאַניע האָט די א. פ. אָוו ל. אויסגעגעבן:

| יאָר | | סומע געלט *) |
|---|---|---|
| 1930 | — — — — — — — | $12,460 |
| 1931 | — — — — — — — | 14,769 |
| 1932 | — — — — — — — | 5,777 |

אַזאַ פּנים האָט טאַקע געהאַט די אָרגאַניזאַציע־קאַמפּאַניע אין דער סאַוט.

די א. פ. אָוו ל. האָט אין 1902 באַשאַפן אַ פּאַרטיידיקונג־פּאָנד צו העלפן די אָרטיקע יוניאָנס וואָס זיינען דירעקט — אָן אַ נאַציאָנאַלער יוניאָן — אַנגעשלאָסן אין איר. אָט־די יוניאָנס צאָלן אַ גרעסערן פּער־קאָפּ שטייער דער פעדערייש‍אָן.

אַ קורצער פינאַנציעלער באַריכט פון פּאַרטיידיקונג-פּאָנד דערציילט אונז עפּעס:

איינקונפט און אויסגאַבן פון פּאַרטיידיקונג-פּאָנד אין 1902—1931

| 5-יאָר פּעריאָד | | איינקונפט | אויסגאַבן | פּראָצענט פון אויסגאַבן פון גאַנצן פּאָנד | באַלאַנס סוף דעם פּעריאָד |
|---|---|---|---|---|---|
| 1907-1902 | — — | $153,493 | $50,395 | 32.8 | $103,078 |
| 1914-1908 | — — | 108,156 | 119,384 | 101.1 | 91,853 |
| 1919-1915 | — — | 157,750 | 94,879 | 60.1 | 954,725 |
| 1924-1920 | — — | 285,663 | 239,258 | 83.7 | ——— |
| 1931-1925 | — — | 219,947 | 102,267 | 46.6 | 318,314 |

אין די ערשטע פינף יאָר האָט די פעדערייש‍אָן געגעבן ווייניק פינאַנציעלע הילף אונטערן אויסרייד אַז מען דאַרף לאָזן אָנקלייבן אַ גרעסערן פּאָנד.

---

*) די ציפערן זיינען צונויפגעשטעלט געוואָרן פון דר. לואיס ל. לאָרווין לויט די אָפיציעלע יערלעכע א. פ. אָוו ל. באַריכטן, אין זיין בוך: די אַמעריקאַן פעדערייש‍אָן אָוו לייבאָר, אַרויסגעגעבן פון ברוקינגס אינסטיטוש‍אָן (די קאַרנעגיע פאָונדיי־ש‍אָן).

אין די לעצטע פינף יאָר האָט זי געגעבן ווייניק הילף, ווייל זי האָט ניט געוואָלט דערמוטיקן קיין סטרייקס. נאָר אין איין 5־יאָר פּעריאָד איז עטוואָס מער ווי דער פולער יערלעכער איינקונפט אויסגעגעבן געוואָרן צו העלפן די סטרייקנדיקע יוניאָנס. די א. פ. אָוו ל. פירערשאַפט האָט, פאַרלייקענענדיק שטיצע צו די סטרייקער, באַוויזן אָנצוקלייבן אַ היפּשע סומע געלט אין אַ פאָנד וואָס טראָגט אַ מיליטאַנטיש נאָמען.



מעטיו וואָל,
וויצע-פּרעזידענט פון דער א. פ. אָוו ל.

די קליינע צאָל אָרגאַניזירטע אַרבעטער גיט נאָך ניט קיין פולן בילד פון דער זייער שוואַכער אָרגאַניזירטקייט פון דעם אַרבעטער־קלאַס. אַ טאַבעלע פון דעם אינדוסטריעלן באַשטאַנד פון דער א. פ. אָוו ל. אין דריי פּעריאָדן אַנטפּלעקט אַ פונדאַמענטאַלן ריס אין איר באַזע, די אָפּוועזנהייט פון גאַנצע וויכטיקע אינדוסטריעס פון דעם צעטל אָרגאַניזירטע. דאָס איז אויסער דער קליינער פּראָפּאָרציע פון אָרגאַניזירטע אַרבעטער אין פאַרגלייך מיטן גרויס פון פּראָלעטאַריאַט אין די געגעבענע אינדוסטריעס.

מיטגלידערשאַפט פון דער א. פ. אָוו ל. לויט אינדוסטריעלע גרופּעס אין 1914, 1920, 1932 *)

| אינדוסטריע | 1914 סך-הכל מיטגלידער | 1914 אין פּראָצענטן לויט דער צאָל מיטגלידער אין דער א. פ. אָוו ל. | 1920 סך-הכל | 1920 אין פּראָצענטן | 1932 סך-הכל | 1932 אין פּראָצענטן |
|---|---|---|---|---|---|---|
| מינען און הוטן — — — — — | 375,900 | 18.6 | 438,600 | 10.8 | 8,600 | 0.3 |
| וועלדער, געהילץ און | | | 25,800 | 0.6 | | |
| האָלץ-שניצעריי — — — | 13,500 | 0.7 | | | 198,300 | 7.8 |
| מעטאַל- מאַשינען און שיף-בוי | 206,500 | 10.2 | 795,900 | 19.5 | 870,500 | 34.4 |
| בוי-פאַכן — — — — — — — | 473,100 | 23.4 | 836,900 | 20.5 | 18,000 | 0.7 |
| טעקסטיל — — — — — — — | 21.500 | 1.1 | 105,000 | 2.6 | 313,400 | 12.4 |
| קליידער — — — — — — — — | 156,600 | 7.7 | 186,900 | 4.6 | 161,800 | 6.4 |
| שפּייז ליקאָר און טאַבאַק — | 117,600 | 5.8 | 180,900 | 4.4 | 105,600 | 4.2 |
| כעמישע, קלעי, שטיין און גלאָז | 51,700 | 2.6 | 32,900 | 1.3 | 30,000 | 1.2 |
| פּאַפּיר, דרוק און פאַרלעגערישע | 110,300 | 5.4 | 163,600 | 4.0 | 63,300 | 2.5 |
| טראַנספּאָרט און קאָמוניקאַציע | 197,500 | 9.8 | 623,500 | 15.3 | 351,600 | 13.9 |
| עפנטלעכע אונטערנעמונגען — | 4,300 | 0.2 | 133,300 | 3.3 | 137,800 | 5.4 |
| באַדינונג — — — — — — — | 111,000 | 5.5 | 132,000 | 3.2 | 82,400 | 3.3 |
| פאַרוויילונג און פּראָפעסיאָנאַלן | 86,800 | 4.3 | 96,500 | 2.4 | 11,200 | 0.4 |
| קלענערע פאַכן — — — — — — | 26,600 | 1.3 | 53,600 | 1.3 | 128,500 | 5.1 |
| מיטגלידער וועמענס פאַכן איז ניט באַשטעטיקט — — | 28,171 | 1.4 | 195,040 | 4.8 | 23,761 | 0.9 |
| סך-הכל — — — — — — — — | 2,020,671 | 100 | 4,078,740 | 100 | 2,532,261 | 100 |

*) ל. לאָרווין, די א. פ. אָוו ל., זייט 486.

## וואָס די טאַבעלע ווייזט

די טאַבעלע פאָדערט א גענויע און אויפמערקזאַמע צעגלידערונג. זי ווייזט אַז די אַרבעטער פון די סאַמע טראַסטיפיצירטע אינדוסטריעס: שטאָל, אויטאָמאָביל, אַלומינום, גומי א. אַ., זיינען אינגאַנצן אָדער כמעט אינגאַנצן געבליבן אין דרויסן פון דער טרייד־יוניאָן־באַוועגונג. דאָס זעלבע די זייער־שלעכט־באַצאָלטע לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעטער. צו די ערשטע האָט די א. פ. אָוו ל. מורא געהאַט זיך צורירן צוליב וואָל־סטריט און ביי די צווייטע האָט איר ניט „געלוינט” צו אינוועסטירן געלט, צייט און מענטשן. צום סאַמע ערשטן ווארפט זיך אין די אויגן די פולשטענדיקע אַפּוועזנהייט פון די אַר־בעטער־גרופּעס וואָס זיינען באַשעפטיקט אין דער לאַנדווירטשאַפט. זיי פעלן אינגאַנצן אין קאָלום אָרגאַניזירטע. אפילו אין 1920, דער העכסטער פּעריאָד פון דער א. פ. אָוו ל., איז לאַנדווירטשאַפט א לייִדיקער אָרט אין דעם צעטל אינדוסטריעס וואו די א. פ. אָוו ל. פאַרמאָגט יוניאָנס. די לאַנדווירטשאַפט־לעכע אַרבעטער פאַרנעמען דעם סאַמע נידעריקסטן שטאַפּל אין דעם אינ־דוסטריעלן לייטער. זיי נויטיקן זיך אין אָרגאַניזאַציע זיכער ניט ווייניקער ווי די אַרבעטער פון אַנדערע אינדוסטריעלע גרופּעס.

די העלדישע סטרייקס וואָס די לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעטער האָבן דורכגעמאַכט אין סוף פון דעם מלחמה־פּעריאָד אונטער דער פירערשאַפט פון די אינדאַסטריעל וואָירקערס אָוו די וואָירלד, און די נאָך העלדישערע און גרעסערע סטרייקס אין 1933־1934 אונטער דער פירערשאַפט פון דער לינקער אַגריקאָלטשורעל וואָירקערס יוניאָן האָבן קלאָר אַרויסגעבראַכט, אַז אָט־דער באַדייטנדיקער טייל פון אַרבעטער־קלאַס האָט דורשטיק געזוכט א געלעגנהייט אַרויסצוטרעטן אָרגאַניזירטערהייט געגן אונטעדיקונג און פאַר א בעסערן לעבן.

די טעקסטיל־אינדוסטריע, וואָס איז די גרעסטע אינדוסטריע לויט דער צאָל אַרבעטער, איז פאַקטיש פאַרנאַכלעסיקט געוואָרן. אין 1920 איז נאָר א קליינער טייל, אַרום אַן אַכטל פון דער צאָל אַרבעטער, אָרגאַניזירט געוועזן. אין 1932 זיינען פאַרבליבן אינגאַנצן 18,000 טעקסטיל־אַרבעטער אין דער א. פ. אָוו ל. יוניאָן. ערשט אין 1933 האָבן די יוניאָן־פירער גענומען אָר־גאַניזירן די טעקסטיל־אַרבעטער מיט דער הילף פון רוזוועלטס נ.ר.א. דער רעזולטאַט איז געווען די שענדלעכע צוריקרופונג פון דעם טעקסטיל גענעראַל־סטרייק אין סעפּטעמבער 1934. די יונייטעד טעקסטיל וואָרקערס יוניאָן איז שטאַרק אָפּגעשוואַכט געוואָרן צוליב דער דעמאָראַליזאַציע וואָס די פירער

האָבן פאַראורזאַכט צווישן אַ טייל אַרבעטער וועלכע האָבן פאַרלאָרן דעם צוטרוי צו דער יוניאָן.

שטאָל, אַ רוקנביין פון דער ווירטשאַפט, איז פּאַקטיש נאָר אין דעם סטרייק־יאָר 1920 אָרגאַניזירט געוואָרן. שפּעטער זיינען פאַרבליבן נאָר די אַרבעטער אין דער מאַשין-בוי און שיף־בוי אינדוסטריעס.

זינט די טאַבעלע איז צונויפגעשטעלט געוואָרן זיינען צוגעקומען די אָטאָמאָביל, אַלומינום, שטאָל און נאָך אייניקע אינדוסטריעלע גרופּעס. אָבער אויך דאָרטן האָבן די א. פ. אָוו ל. פירער אַרויסגערופן דעמאָראַליזאַציע און געגנערשאַפט צו זיך צווישן די אַרבעטער צוליב זייער צוריקטרעט פאַר דער נ.ר.א. און רוזוועלטס לייבאָר־באָאַרדס. די א. פ. אָוו ל. איז שטאַרק אָפּ־געשוואַכט אין דער אָטאָמאָביל און אַלומינום אינדוסטריע. (מער איינצל־הייטן אין דעם קאַפּיטל: אַרבעטער־קאַמפּן געגן דער נ.ר.א.)

גלייכצייטיק מוז אָבער באַטאָנט ווערן, אַז אין 1934 האָט די א. פ. אָוו ל. שטאַרק אויסגעברייטערט און פאַרשטאַרקט איר באַזע דורך אַ ריי גרונט־אינדוסטריעס. אין דער א. פ. אָוו ל. האָבן אַריינגעשטראָמט נייע קאָלאָנעס אַרבעטער פון די אָנפירנדיקע אינדוסטריעס. די א. פ. אָוו ל. האָט אין 1934 אויפגעהערט צו זיין די באַוועגונג פון די געשולטע אַרבעטער אַליין. הונדערטער טויזנטער האַלב־ און גאָרניט־געשולטע אַרבעטער זיינען אַריינגעטראָטן אין א. פ. אָוו ל. יוניאָנס, אָנהויבנדיק פון אָטאָ־אַרבעטער ביז פאַרם־אַרבעטער אויף די ציבעלע־פעלדער אין אָהייאָ.

יוניאָן־פירערשאַפט ווערט צעפוילט פון קאָרופּציע און רעקעטירינג

די אויבערשטע פירערשאַפט פון דער א. פ. אָוו ל. האָט קיינמאָל מיט אַ פינגער ניט געהויבן אָפּצושטעלן און צו באַקעמפן די שטייגנדיקע כוואַליע פון קאָרופּציע, גרעפט און רעקעטירינג וואָס האָט זיך צעלייגט און צעפרעסן דעם הערשנדיקן שיכט אין די יוניאָנס. ניט גאָמפּערס און ניט גרין האָבן וואָס געטאָן אויסצורייניקן די יוניאָנס פון דער באַנדע ברינדעלס (דער צאַר אין די ניו יאָרקער בוי־פאַכן), מעקאַרטיס (לייבאָר־פירער אין שיקאַגאָ), ווילסאָנס, צאַוזנערס, קאַפּלאַנס, דזשייקעלע באָמס און זייער גלייכן. גאָמ־פּערס האָט געהאַט אין זיין באַזיץ צענדליקער פאַקטן פון סטרייקס וואָס זיינען פשוט פאַרקויפט געוואָרן, ווי דער גענעראַל־סטרייק פון די וואָדעוויל־אַקטיאָרן אין 1916, וואָס איז אויפגעדעקט געוואָרן עפנטלעך אויף דעם צוזאַמענפאָר פון דער א. פ. אָוו ל. אין 1917. גאָמפּערס האָט געמאַכט אַ שוויג. אַזוי

האבן געפאָדערט די אינטערעסן פון דער הויכער מאַשין אין דער א. פ. אָוו ל. דאָס זעלבע האָט שפּעטער געטאָן וויליאַם גרין, וואָס האָט פאַרדעקט די פאַרשפּרייטונג פון רעקעטירינג צווישן די באַאַמטע.

דער גאָמפּערסיזם וואָס באַטראַכט זיך פאַר קאָנסערוואַטיוו, געזעצ־ליבענד און גאָטפאָרכטיק, האָט געקוקט צווישן די פינגער אויף דער עפּי־דעמיע פון געגנסטעריזם וואָס האָט זיך פאַרשפּרייט אין די מערסטע יוניאָנס. יוניאָן־פירער וואָס רעגירן איבער זייערע מיטגלידער מיטן כח פון געדונגענע שלעגער און מערדער, זיינען געוואָרן א גאַנץ געוויינטלעכע און טעגלעכע דערשיינונג אין די יוניאָנס זינט די מלחמה־יאָרן פון 1914—1918.

אין דעם נאָך־מלחמה פּעריאָד איז צו דער קאָרופּציע צוגעקומען נאָך א פוילע דערשיינונג, רעקעטירינג. (רעקעטירינג איז א סיסטעם מיט וועלכער אָרגאַניזירטע באַנדעס פּרעסן אַרויס געלט פון געשעפטלייט מיט גוואַלד־מיטלען און סטראַשונקעס.)

רעקעטירינג האָט זיך איינגעפּרעסן אין דעם פּאָליטישן לעבן פון דער קאַפּיטאַליסטישער אַמעריקע נאָך דער איינפירונג פון פּראָהיבישאָן. רעקע־טירינג איז אויסגעוואַקסן צו א ריזיג וויט־פאַרשפּרייטן געשעפט מיט אַן אומזאַץ פון שווערע הונדערטער מיליאָנען דאָלאַרן. אין אַלע צווייגן פוןווירטשאַפט, מיטן אויסנאַם פון די וועלכע זיינען טראַסטיפיצירט אָדער אין די הענט פון א גרויסער מאָנאָפּאָליע, האָבן די רעקעטירס געוועלטיקט און דיקטירט זייערע באַדינגונגען די מיטעלע און קלענערע געשעפטלייט.

לייבאָר־רעקעטירינג האָט געהאַט איר איינענעם וועג. די הויפּט־שטריכן פון לייבאָר־רעקעטירינג זיינען:

1) אויספּלינדערן די יוניאָן־קאַסע. 2) אַרויספּרעסןביישטייערונגען פון די מיטגלידער פון דער יוניאָן, ביישטייערונגען וואָס באַטרעפן אין די הונדערטער טויזנטער דאָלאַרן א יאָר, אין דער פאָרמע פון העכערע צאָלונגען, ספּעציעלע שטייערן און נאָך. 3) פאַרבינדונגען מיט דער אונטערוועלט און מיט די לאָקאַלע פּאָליטישענס צו העלפן די רעקעטירער צו דערשטיקן יעדן פּראָטעסט פון דעם רענק און פייל. 4) קאָנטראָל פון די שטעלעס מיטן כח פון געדונגענע באַנדיטן און שלעגער, באַצאָלט פון די יוניאָן־פאָנדן און אויפגעהאַלטן צו טעראָריזירן די מיטגלידער. 5) זיין אויף דעם געהאַלט פון די אַרבעטגעבער צו ברעכן און ניט דערלאָזן סטרייקס. 6) זיין אַליין אין איינענע געשעפטן און קריגן באַשטעלונגען פון די אַרבעטגעבער מיט דער פאַרזיכערונג אַז דערפאַר וועלן זיי אויסגעהיט ווערן פון אַרבעטער־„טראָבל". 7) דורכפירן פאַלשע וואַלן, גנבענען די שטימען מיט דער הילף

פון שטארקע, אפלייגן וואלן, ניט צולאזן די געגנער אויפן וואל־צעטל און נאך.

פונקט ווי גאמפערס האט קיינמאל ניט באקעמפט די קארופציע און דעם פארראט צווישן די יוניאן־באאמטע, אזוי האט וויליאם גרין קיינמאל דאס מויל ניט געעפנט, שוין ניט ריידנדיק פון טאן וואס, געגן דער פאר־שפרייטער רעקעטירינג אין די יוניאנס. די צייטונגען זיינען פול געווען אין די יארן 1926—1934 מיט שרייענדיקע רעקעטיר־סקאנדאלן, וואס זיינען אויסגעלופטערט געווארן אין די געריכט־הייזער. מיליאנען דאלארן זיינען אויסגעפרעסט געווארן פון ארבעטער און קלענערע ארבעטגעבער. געוויינלעך דויערט א לאנגע צייט ביז וואנען די רענק און פייל מיטגלידער גייען אין געריכט געגן די רעקעטיר־באאמטע.

מוסטערן פון רעקעטירינג אין די יוניאנס

א גרויסער בוך קען אנגעשריבן ווערן פול מיט די נידערטרעכטיקע רעקעטירינג־מעשים פון די יוניאן־באאמטע. גענוג צו דערמאנען אז אין דער יוניאן פון די עלעקטריקער אין ניו יארק, לאקאל דריי, האבן מיט־גלידער געפאדערט אין געריכט א רעכענונג פון זייערע באאמטע וועגן זיבן און א האלב מיליאן דאלאר. די באאמטע פון דעם לאקאל, סאלאמאן, וויל־סאן און די איבעריקע, האבן געמוזט צוגעבן אז זיי האבן אויסגעפלינדערט די קאסע פון דער יוניאן און געשלעפט ריזיקע געלטער פון די מיטגלידער דורך ספעציעלע שטייערן און אנדערע מיטלען.

פעטריק דזש. קאמערפארד, א וויס־פרעזידענט פון דער ניו יארק שטאט „פעדערייזשאן אוו לייבאר" און „אויפזעער" פון לאקאל 125 פון דער אינטערנאציאנאלער יוניאן פון אינזשענערן פון הייב־מאשינען, האט גענומען רעגלמעסיק גרויסע סומען געלט פון די רייכע בוי־קאמפאניעס צו באשיצן זיי פון סטרייקס. קאמערפארד האט אנגעזאמלט הונדערטער טויזנטער דאלארן. ער האט אויך געשלעפט געלט פון דער יוניאן־קאסע; אלע באמיאונגען פון דער רענק און פייל ארויסצוטרייבן אים האבן ניט געהאלפן. קאמערפארד איז געווען א זייל אין דער טעמעני־פאליטיק און א פירער אין דעם קאונסיל פון די בוי־ארבעטער יוניאנס אין ניו יארק. פריער איז ער געווען אן ארויסהעלפער פון „צאר" ברינדעל, וואס האט רואינירט די בוי־ארבעטער מיט זיין קארופציע און רעקעטירינג. אריינגעפאלן איז קאמערפארד ווען די פעדעראלע רעגירונג האט אים אנגעקלאגט פאר אויסבאהאלטן זיין איינ־קונפט און זיך ארויסדרייען פון צאלן דעם איינקונפט־שטייער. פאר דעם איז ער פאראורטיילט געווארן, אבער ניט פאר זיין רעקעטירינג.

א ביישפיל פון דעם הפקר־צושטאַנד וואָס האָט געהערשט—און הערשט ווייטער — אין די הויכע יוניאָן־קרייזן, איז די פּופּציק טויזנט דאָלאַר „אַפּטרעט־געלט" וואָס סידני הילמאַן, פּרעזידענט פון דער אַמאַלגאַמייטעד מענער־שניידער יוניאָן, האָט געגעבן דעם „נאַקאַוט" בעקערמאַן און זיין באַנדע גענגסטער אין 1931.



סידני הילמאַן

ווען א קריג איז אויסגעבראָכן צווישן דער הילמאַן־מאַשין און דער בעקערמאַן־באַנדע נאָך דער לאַנגער און פריינטלעכער מיטאַרבעטערשאַפט געגן די שניידער־אַרבעטער, האָט הילמאַן זיך באַפרייט פון א קאָנקורענט, וואָס האָט געוואָלט צופיל פון די פינצטערע געשעפטן אין דער יוניאָן, מיט דער הילף פון פופציק טויזנט דאָלאַר יוניאָן־געלט. בעקערמאַן און זיין באַנדע, געפירט פון דעם באַוואוסטן גענגסטער גיראַרי (שאַפּיראָ), זיינען אוועק טאָן „געשעפטן" אין דער פוטער־אינדוסטריע, וואו זיי האָבן אויפ־געבויט א רעקעטיר־געשעפט מיט דער הילף פון דער קליקע אין דער רעכטער

אינטערנעשאנעל פוטער־ארבעטער יוניאן. די אינדוסטריעלע יוניאן האט זיי שפעטער ארויסגעטריבן פון דער אינדוסטריע.

אין דער יוניאן פון די פילם־מאשיניסטן אין ניו יארק האט דער „צאר" קאפלאן מיט זיין באנדע געשלעפט פון דעם יוניאן־לאקאל 55 טויזנט דאלאר א יאר אין מתנות. קאפלאן האט אויפגעהאלטן א רעקעט, באזארגנדיק פילם־הייזער מיט זעקס הונדערט ניט־יוניאן מאשיניסטן און טיילנדיק זיך מיט דעם אונטערשייד אין די ביליקערע ניט־יוניאן געהאלטן, וואס די מאשיניסטן האבן געקראגן. גלייכצייטיק האט קאפלאן געהאט א געשעפט פון פילם־מאשינען און די אייגנטימער פון די פילם־טעאטערן האבן געקויפט ביי אים זייערע מאשינען.

יארן־לאנג האבן די מיטגלידער פון דעם לאקאל ניט געקענט זיך באפרייען פון קאפלאנען און זיינע גענגסטער. אין 1933, ווען דער סקאנדאל איז געווארן צו שרייענדיק און די נאציאנאלע באאמטע פון דער יוניאן האבן זיך געמוזט אריינמישן, האבן זיי אריינגעשטעלט אויף קאפלאנס ארט א צווייטן רעקעטיר, הערי שערמאן, וואס איז געווען א פראפעסיאנעלער סטרייק־ברעכער ביי דער פאראמאונט־פאבליקס טעאטער קאמפאניע, דאס גרעסטע פילם־הויז געשעפט. א גרויסע קארופציע און רעקעטירינג איז אנגעגאנגען אויך ביי די פארבער אונטער פיליפ צאוזנערס רעקעט־רעזשים.

ניו יארק איז ניט קיין אויסנאם. ברענדעל, פעי און שערלאק האבן „געארבעט" אין ניו דזשוירזי. אין שיקאגא איז די רעקעטירינג־פלאג געווען נאך פארשפרייטער. ווען קאפאנע איז געווארן פריי און אלמעכטיק איז ער געשטאנען אין נאענטע געשעפטלעכע פארבינדונגען מיט א גרויסער צאל יוניאן־פירער. אין שיקאגא זיינען די לייבאר־רעקעטירס ארומגעפארן אין געפאנצערטע אויטאמאבילן, מורא האבנדיק אז זייערע קאנקורענטן וועלן זיי אריינשיסן א קויל אין קאפ. יוניאן־קווארטירן זיינען געווען באוואפנט ווי פעסטונגען.

די געשיכטע מיט טאמאס ע. מעלאי אין זעלבן שיקאגא איז פארבייגעגאנגען אן וועלכן עס איז מורמל אין די אפיציעלע קרייזן פון דער א. פ. און ל., כאטש דאס האט פאסירט אזוי שפעט ווי פעברואר 1935.

---

מעלאי, דער באאמטער פון דער יוניאן פון פילם־מאשיניסטן (מואווינג־פיקטשור אפערייטארס) האט יארן לאנג געהערשט איבער די מיטגלידער פון דער יוניאן און ארויסגעריסן פון זיי ריזיקע סומען געלט. ווי א צוגאב האט מעלאי אויך גענומען שווערע געלדער פון די אייגנטימער פון די פילם־

הייזער. מעלאַי איז געווען ענג פארבונדן מיט דער אונטערוועלט אין שיקאַגאָ, מיט וועמענס כח ער האָט געקענט טעראָריזירן די אַרבעטער.

דער סקאַנדאַל איז געוואָרן צו שרייענדיק. די אָרטיקע רעגירונג האָט זיך אַנטזאָגט אָנצונעמען מיטלען געגן אירן אַ מענטשן, איז געקומען די פעדע־ראַלע רעגירונג און באַנוצט איר געוויינטלעכן מיטל געגן רעקעטירס וואָס כאַפּן אַריבער די מאָס. מעלאַי איז אָנגעקלאָגט געוואָרן אין ניט באַצאָלן דעם פעדעראַלן אײנקונפט־שטייער אויף אַ „פאַרדינסט" פון 300,000 דאָלאַר אַ יאָר. דערווייל איז אויסגעבראָכן אַן אינערלעכע קריג אין דער אונטערוועלט און מעלאַי איז דערשאָסן געוואָרן פון גענגסטער. דאָס האָט פּאַסירט דעם 8טן פעברואַר, 1935.

ווען פעדעראַלע אַגענטן זיינען אַריין צום דערמאָרדעטן אין הויז, האָבן זיי געפונען אַ לוקסוס וואָס מען טרעפט נאָר אין די פּאַלאַצן פון מיליאָנערן. דאָס וואַנע־צימער האָט געקאָסט פיר טויזנט דאָלאַר. אַ ספּעציעלע באַר (טרינק־פּלאַץ) איז אויסגעבויט געוואָרן אינעווייניק פאַר פינף טויזנט דאָלאַר.

די ווייטערדיקע אונטערזוכונג האָט פעסטגעשטעלט, אַז מעלאַי האָט געקראָגן פון איין גרויסן פילם־טעאַטער צען טויזנט דאָלאַר אַ יאָר שוץ־געלט. מעלאַי האָט דערלויבט די גרויסע טעאַטערן אָנצושטעלן ניט־יוניאָן מאַשי־ניסטן און זיך געלאָזט גוט באַצאָלן פאַר דער טובה. פון די מיטגלידער פון זיין יוניאָן — אַ טייל פון דער אינטערנאַציאָנאַלער א. פ. אָוו ל. יוניאָן — האָט ער אַרויסגעריסן אַרום אַ האַלבן מיליאָן דאָלאַר אין עטלעכע יאָר. נאָר די קוילן פון גענגסטער האָבן געמאַכט אַ סוף צו דער קאַריערע פון דעם ליבאָר־רעקעטיר, ניט די נאַציאָנאַלע באַאַמטע פון דער יוניאָן און ניט די פירער פון דער א. פ. אָוו ל. די פאַראַנטוואָרטלעכע פירער האָבן אַפילו קיין דערקלערונג ניט אַרויסגעגעבן וועגן דעם גרויסן סקאַנדאַל.

### די רעקעטירינג־אויפדעקונג דערשטיקט אויף א. פ. אָוו ל. צוזאַמענפאָר אין 1933

אויף דעם צוזאַמענפאָר פון דער א. פ. אָוו ל., אָקטאָבער 1933, איז אויסגעבראָכן אַ סקאַנדאַל וואָס די פירער האָבן קוים געקענט דערשטיקן. אַן אַלטער א. פ. אָוו ל. טוער, אַליין אַ רעאַקציאָנער, סאָמנער, פון בליו איילאַנד, אַ דעלעגאַט פון דער אילינאַי סענטראַל ליבאָר יוניאָן, איז אַרויסגעקומען מיט אַ גרויסער אויפדעקונג פון דער רעקעטירינג און גענגסטעריזם אין דער טרייד־יוניאָן באַוועגונג אין שיקאַגאָ און אומגעגנט. גרין האָט געזוכט אים אָפּצושטעלן און האָט ניט געקענט. סאָמנער איז געווען אַן אינעווייניקסטער

מענטש און האָט געוואוסט אַלע פאַקטן. דער לייענער וואָס וויל זיך באַקענען גענויער מיט די פאַקטן זאָל זען די בראָשור „ביהאינד די סינס" (הינטער די קוליסן), אַרויסגעגעבן פון דער א. פ. און ל. קאָמיטע פאַר אַרבעטלאָזער פאַרזיכערונג. דאָרטן זיינען אָפּגעדרוקט אויסצוגן פון סאַמנערס סענסאַציאָנעלער רעדע.

דעלעגאַט סאָני, פון דער קלינערס און דייערס יוניאָן פון פילאַדעלפיע, האָט אַריינגעטראָגן אַ רעזאָלוציע, אַז די א. פ. און ל. זאָל גלייך אָנהייבן אַ קאַמף אויסצוראָטן דעם גענגסטעריזם און רעקעטירינג אין די יוניאָנס, אָבער די רעזאָלוציע איז, פאַרשטייט זיך, ניט אָנגענומען געוואָרן.

די יוניאָן־באַאַמטע האָבן אויך אַן אומפאַרשעמטן שטייגער אויסגעפּלינדערט די אַרבעטער־באַנקען וואָס די יוניאָנס האָבן געגרינדעט אונטער זייער איינפלוס. די אַרבעטער־באַנקען ווי אַ טייל פון דעם פעריאָד פון דעם „נייעם יוניאָניזם" און „אַרבעטער־קאַפּיטאַליזם" ווערט באַהאַנדלט אין דעם קאַפּיטל: אין דער פּראָספּעריטעט. דאָ ווילן מיר נאָר פאַרצייכענען, אַז פון די 45 באַנקען און אַנדערע פינאַנציעלע אינסטיטוציעס וואָס די יוניאָנס האָבן געגרינדעט מיטן געלט פון זייערע מיטגלידער אונטער די גרויסע אילוזיעס, אַז די באַנקען וועלן זיין אַ מעכטיקע הילף צו די אָרגאַניזירטע אַרבעטער אין זייערע פאַרהאַנדלונגען מיט די אַרבעטגעבער, איז קיין איינציקע ניט פאַרבליבן. מיטן אויסנאַם פון עטלעכע באַנקען וואָס זיינען איבערגענומען געוואָרן פון פּריוואַטע קאַפּיטאַליסטן, כאָטש דער אָריגינעלער נאָמען איז נאָך פאַרבליבן, זיינען אַלע אַרבעטער־באַנקען אומגעקומען אין סקאַנדאַליעזע באַנקראָטן און קרימינעלע מאַניפּולאַציעס פון די פירער. אַרבעטער האָבן פאַרלאָרן פיל מיליאָנען דאָלאַרן אין די צוגעמאַכטע באַנקען.

פון דעם רעספּעקטאַבעלן וואָרען סטאָון, גרענדמייסטער פון דער לאָקאָמאָטיוו־טרייבער יוניאָן, ביז אַן אָפענעם שווינדלער אין דער אינטערנעשאַנאַל לייִדיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן, אַלע האָבן זיי צוגעלייגט אַ האַנט צו פאַרטאַכלעווען די שווער־פאַרהאָרעוועטע געלט פון זייערע מיטגלידער.

די לייבאָר־באַנקען זיינען געווען פאַראורטיילט צום אונטערגאַנג סיי־ווי־סיי, אָבער די האַנט פון דעם קאָרופּטן לייבאָר־פירער האָט געהאָלפן גראָבן פאַר זיי אַ טיפן גרוב. די א. פ. און ל. האָט קיינמאָל ניט פּרובירט דורכפירן אַן אונטערזוכונג וועגן די געשעפטן און די פירונגען פון די אַרבעטער־באַנקען.

## יוניאָן־ביוראָקראַטיע איז באַוואָרנט מיט גוטע עמטער

נאָך א פּאַקטאָר האָט געווירקט צו דעמאָראַליזירן די יוניאָן־פירערשאַפט. אין קיין גרויס קאַפּיטאַליסטיש לאַנד איז קאָרופּציע ניט אַזאַ ברייט־פאַרשפּרייטער מיטל אין פּאָליטישן לעבן, ווי אין די פאַראייניקטע שטאַטן. דאָ זיינען קאָרופּציע און גענגסטעריזם אָרגאַנישע טיילן פון דער פּאָליטיק. דאָס זעלבע מיטל איז ווייט געברויכט געוואָרן פון די קאַפּיטאַליסטן צו קאָרופּטירן אַרבעטער־פירער. חבר וויליאַם פאָסטער, אין זיין בוך מיסלידערס אָוו לייבאָר (פאַרפירער פון אַרבעטער־קלאַס) האָט צונויפגעשטעלט א לאַנגן צעטל פון געוועזענע יוניאָן־פירער, וועלכע האָבן געענדיקט ווי פאַרוואַלטער פון קאַפּיטאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס, טאַקע אין די זעלבע פאַכן וואו זיי האָבן פריער פאַרטראָטן די אַרבעטער. אין בוך איז אויך פאַראַן נאָך א לענגערער צעטל פון קאָרופּציע און פאַרראַט פון הויכע יוניאָן־באַאַמטע.

נאָך א מיטל פון הערשנדיקן קלאַס איז געווען צו באַשטימען יוניאָן־פירער וועמען ס'איז געוואָרן צו היים אין זייער יוניאָן, אויף גוטע שטעלעס אין דער פעדעראַלער און שטאַט־רעגירונג. באַזונדערס איז דאָס פּראַקטיצירט געוואָרן אין 19טן יאָרהונדערט, איידער די יוניאָן־באַאַמטע האָבן געפונען אַלערליי געוואַלד־מיטלען ווי אַזוי זיך אויפצוהאַלטן אין מאַכט קעגן דעם אויסדריקלעכן ווילן פון די מיטגלידער. דאָס קאָרופּציע־מיטל איז אַן אַלטער. א טייל פון די פאָרשטייער וואָס די אַרבעטער אין פּענסילווייניע האָבן געשיקט אין דער שטאַט־געזעצגעבונג אין 1827 זיינען אָפּגעקויפט געוואָרן פון די קאַפּיטאַליסטן מיט גוטע שטעלעס. אַריינציען אַרבעטער־פאָרשטייער אין זייער אויסגעשפּרייטער נעץ איז אַלעמאָל געווען די פּראַקטיק פון די קאַפּיטאַליסטן. ספּעציעל איז דער לייבאָר־דעפּאַרטמענט אָנגעפילט געווען מיט געוועזענע יוניאָן־פירער. א יוניאָן־ביוראָקראַט האָט דעריבער ניט מורא געהאַט אַז ער וועט פאַרלירן זיין ברויט ווען די מיטגלידער פון זיין יוניאָן האָבן אים געוויזן דעם וועג. דער הערשנדיקער קלאַס איז ניט געבליבן אומדאַנקבאַר. ערגעץ־וואו אין דעם רעגירונג־אַפּאַראַט האָט זיך געפונען א ווייכער ווינקל פאַר אים — א באַלוינונג פאַר טרייער דינסט.

די לעצטע יאָרן איז פּטור צו ווערן פון א קאָרופּטן, פאַררעטערישן יוניאָן־פירער געוואָרן ווייט ניט קיין גרינגע זאַך. די ביוראָקראַטיע האָט זיך אויסגעבויט א גוטע אויסגעשמידטע מאַשין, געשטיצט אויף די „שטאַרקסטע״ מיטלען, ווי רעאָרגאַניזאַציעס פון גאַנצע לאָקאַלן, וואָס מיינט מאַסן־אויס־

שליסונגען פון אַקטיווע אַרבעטער, גנבענען וואַלן, גענגסטערס, און נאָך אַזעלכע וואַגיקע מיטלען. מיט די קאָנסטיטוציאָנעלע רעכט פון די מיט־גלידער צערעמאָניעוועט מען זיך ניט. אַ קאָנסטיטוציע פון אַ יוניאָן קען, ווי יעדער געזעץ־דאָקומענט, געדרייט און געצויגן ווערן ווי אַ גומי אין די הענט פון די וואָס האַלטן די מאַכט.

## יוניאָן איז ניט מער ווי אַ געשעפט ביים ביוראָקראַט

ווי אַ כלל געגומען, גייט אַ יוניאָן־פירער ניט צוריק אין שאַפּ אַרבעטן ווען ער פאַרלאָזט זיין שטעלע. ער קריגט שוין אַנדערע קוואַלן פון וואַנען צו לעבן. איינער פון די קוואַלן איז דינען אָפן די זעלבע פאַבריקאַנטן מיט וועמען ער האָט פריער פאַרהאַנדלט אין נאָמען פון די אַרבעטער פון זיין יוניאָן.

דער דורכשניטלעכער פירער קוקט אויף דער יוניאָן ווי אַ פּרעזידענט פון אַ פאַרזיכערונג־געזעלשאַפט קוקט אויף דעם געשעפט וואָס איז אים אָנ־פאַרטרויט געוואָרן. אויב דער יוניאָן־פירער איז אַן אָרנטלעכער מענטש, וועט ער פירן דעם געשעפט אויף אַן אָרנטלעכן אופן. אויב ער איז אַ גרעפטער, וועט ער אָנפילן זיינע קעשענעס מיט גרעפט. אָבער סיי דער אָרנטלעכער און סיי דער גרעפטער באַטראַכטן ניט די יוניאָן פון דעם שטאַנדפּונקט פון אַרבעטער־קלאַס און פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. אַפילו דער אָרנטלעכער יוניאָן־פּרעזידענט וועט ניט ברענגען דעם מינדעסטן פּערזענלעכן קרבן פאַר דער יוניאָן, פונקט ווי דער פּרעזידענט פון דער פאַרזיכערונג־קאָמפּאַניע וועט ניט ברענגען דעם מינדעסטן פּערזענלעכן קרבן פאַר זיין געשעפט, אויב ער קען זיך נאָר העלפן.

## בעריס יוניאָן איז זיין פּריוואַט־אייגנטום

אַ ביישפּיל פון זעלבסטהערשאַפט גיט דזשאָן ל. לואיס, פּרעזידענט פון דער קוילן־גרעבער יוניאָן, פון וועמען די מיטגלידער האָבן פאַר קיין פאַל זיך ניט געקענט באַפרייען ניט קוקנדיק אויף אַלע זייערע אָפּשטימונגען. וועגן לואיסן און די קוילן־גרעבער יוניאָן וועט אונז נאָך אויסקומען צו שרייבן. דאָ ברענגען מיר אין קורצן די דערפאַרונג וואָס די מיטגלידער פון מיידזשאָר בעריס יוניאָן האָבן געהאַט מיט זייער פּרעזידענט. בערי האָט צו זיינע

אנדערע מעלות נאָך ליב געהאַט צו ספּעקולירן אין פּריוואַטע געשעפטן, ספּע־קולירט מיט די יוניאָן־פאָנדן, ניט אָנפרעגנדיק זיך ביי די יוניאָן־מיטגלידער. אין דער דעפּרעסיע וואָס איז אויסגעבראָכן נאָך דער מלחמה האָט בערי פאַר־שפּילט די גאַנצע יוניאָן־קאַסע וואָס איז געהאַלטן געוואָרן פאַר אַ ספּעציעלן פאָנד, איבער 165 טויזנט דאָלאַר. די מיטגלידער, אויפגעבראַכט פון בערים פאַרראַט קעגן די סטרייקס אין ניו יאָרק, באָסטאָן און סאַן פראַנציסקאָ, האָבן באַשלאָסן צו פאָדערן אַן אונטערזוכונג פון די יוניאָן־ביכער. דאָס האָט פּאַסירט אין 1921.



דזשאָן לואיס

אין דער יוניאָן גופא איז געווען אַן אומזין צו רעדן פון אַזאַ זאַך, ווייגען די מיטגלידער, אָרגאַניזירט אין קאָמיטעס, געגאַנגען אין געריכט און גע־פאָדערט אַ ראַיעלע אונטערזוכונג פון די ביכער. דאָס איז געווען אין 1922.

בערי האָט אָנגעשטעלט לאַיערס צו באַקעמפן די פאָדערונג. מיט פאַר־שיידענע לעגאַליסטישע דריידלעך האָבן די לאַיערס געשטערט די פאָדערונג פון די מיטגלידער. די גרעסטע קאָרט וואָס בערי האָט פאַרמאָגט איז געווען

דער טשאַרטער פון דער יוניאַן. בערי האָט זיך באַוואָרנט און אַרויסגענומען דעם טשאַרטער אין דער שטאָט נאַקסוויל, טענעסי. דאָרטן איז אויך די הויפּט־קוואַרטיר פון דער דרוקער־יוניאַן, כאָטש נאַקסוויל איז אַ קליינע שטאָט און איז ניט קיין צענטער פון דער דרוק־אינדוסטריע. דערפאַר פאַרמאָגט זי אַן אַנדערע גוטע אייגנשאַפט. בערי איז אַ שרייפל אין דער אָרטיקער דעמאָ־קראַטישער שטאָט־פּאָליטיק.

בערים לאָיערס האָבן באַוויזן, אַז דער טשאַרטער איז בערים אַ פּריוואַטע זאַך און במילא אויך דאָס אייגנטום פון דער יוניאָן און די היים וואָס די יוניאָן האָט אויסגעבויט. נאָר די באָארד אָוו דירעקטאָרס פון דער יוניאָן קען איבערקוקן די ביכער, און דאָרט זיצן בערים לייטענאַנטן. אַזוי איז טאַקע געבליבן. דאָס געריכט אין שיקאַגאָ האָט אַנטשיידעט נעגן בערין, אָבער גאָמפּערס האָט זיך אונטערגעאיילט און אויסגעווירקט ביי די לאָקאַלן צוריק־צוציען די קלאַגע. בערי האָט דאָס געלט ניט אומגעקערט. בערי איז פאַר־בליבן דער דיקטאַטאָר פון דער יוניאָן פון די דרוק־מאַשין אַרבעטער. בערי האָט ווייטער געפּלינדערט די יוניאָן־פאָנדן. ער איז אַ גרויסער געשעפטסמאַן און שפּילט אַ ראָל אין דער פּאָליטיק פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי.

פון הונדערטער סקאַנדאַליעזע געשיכטעס פון קאָרופּציע און אויס־פּלינדערונג פון אַרבעטער־געלט וועלן מיר אַרויסנעמען נאָך איין פאַל, די באַוואוסטע באַרקער־געשיכטע.

אין פאַרלויף פון דעם מלחמה־פּעריאָד, ווען די באַן־יוניאָנס זיינען שנעל געוואַקסן, איז די יוניאָן פון די וועג־ריי‌ניקער, אומקוואַליפיצירטע, שלעכט־באַצאָלטע אַרבעטער, פאַרוואַנדלט געוואָרן פון אַ קליינער אָרגאַניזאַציע אין אַ ריזיקער יוניאָן מיט דריי הונדערט טויזנט מיטגלידער. אַ סך געלט האָט געשטראָמט אין דער קאַסע פון דער יוניאָן. א. ע. באַרקער, פּרעזידענט פון דער יוניאָן, האָט אויסגעגעבן דאָס געלט „ווי אַ שיכורער מאַטראָס”, לויט דעם אויסדרוק פון דער אונטערזוכונג־קאָמיטע פון דער יוניאָן. ער האָט גע־גנבעט ריזיקע סומען, ספּעקולירט מיט די יוניאָן־געלטער און געגרינדעט בלאָפערישע געשעפטן מיט יוניאָן־פאָנדן.

אויף דעם צוזאַמענפאָר פון דער יוניאָן אין 1922 האָט די אונטערזוכונג־קאָמיטע פעסטגעשטעלט, אַז באַרקער האָט צוגעגנבעט 220,000 דאָלאַר און פאַרשווענדעט נאָך אַ האַלבן מיליאָן. צוזאַמען האָט ער געקאָסט דער יוניאָן 770,494 דאָלאַר אין אַ קורצער צייט.

קאַפּיטאַליסטן האָבן אָפּגעדאַנקט די אָרגאַניזירטע אַרבעטער

די פירערשאַפט פון דער א. פ. אָוו ל. איז פון אָנהויב נאָך געשטאַנען אין שוואַכער אָפּאָזיציע צו דער רעגירונג און צו דעם הערשנדיקן קלאַס צוליב דער יונגשאַפט פון דער טרייד־יוניאָן באַוועגונג און איר קליינער צאָל. ביים סוף פון 19טן יאָרהונדערט, ווען די פאַך־יוניאָנס האָבן זיך איינגעפונדעוועט, זיינען די לעצטע שפורן פון אָפּאָזיציע פארשוואונדן. די א. פ. אָוו ל. פירער־שאַפט האָט זיך איינגעגאַזשעט אין קאַפּיטאַליזם און איז אריינגעצויגן געוואָרן אין דעם קאַפּיטאַליסטישן מלוכה־אַפּאַראַט. וואָס גרעסער דער אַרבעטער־קלאַס איז געוואַקסן, וואָס מער סמנים פון אומצופרידנהייט ער האָט אַרויס־געוויזן, וואָס שאַרפער ער האָט זיך געריסן צו אָרגאַניזאַציע, אַלץ חשובער איז די יוניאָן־פירערשאַפט געוואָרן אין וואַשינגטאָן. איר מיסיע ווי דער טאָרמאָז אויף דעם אַרבעטער־קלאַס איז געוואָרן וואָגיקער, כאָטש קיין פּאָ־ליטישע ראָל האָט זי ניט געשפּילט. די רעגירונג האָט גוט געוואוסט — וועלכע רעגירונג עס איז ניט געווען, אַ רעפּובליקאַנישע אָדער אַ דעמאָ־קראַטישע — אַז די א. פ. אָוו ל. ביוראָקראַטיע וועט קיינמאָל ניט אַרויס־שפּרינגען פון די גרענעצן וואָס זיינען פאַר איר אויסגעלייגט געוואָרן.

דעם העכסטן פּונקט פון אָנזעעוודיקייט האָט די א. פ. אָוו ל. פירערשאַפט דערגרייכט אין די מלחמה־יאָרן. גאָמפּערס האָט פולשטענדיק איינגעשפּאַנט די טרייד־יוניאָן באַוועגונג אין מלחמה־וואָגן פון אַמעריקאַנישן אימפּעריאַ־ליזם. גאָמפּערס איז געווען אַ גרעסערער מלחמה־פּאַטריאָט ווי זיין פריינט, פּרעזידענט וואודראָו ווילסאָן. גאָמפּערס האָט נאָכאַנאַנד אויפגעפאָדערט די אַרבעטער זיך אריינצואווארפן אין קריג פאַר ווילסאָנס 14 פרייהייט־פּונקטן. ער האָט געמאַכט אַ טור איבער די לענדער פון די אַליאירטע רעגירונגען אָנ־צוציינדן די מידע און אַנטוישטע אַרבעטער מיט נייעם מלחמה־פּאַטריאָטיזם, מיט דער רעקלאַמע פון ווילסאָנס דעמאָקראַטישקייט און אַרבעטער־פריינט־לעכקייט. גאָמפּערס האָט געשיקט זיין פריינט, דאַנקאַן, ערשטער וויס־פּרעזידענט פון דער א. פ. אָוו ל.„ אין דער רוט־קאָמיסיע איינצוהאַלטן דאָס רעוואָלוציאָנערע רוסלאַנד אין קריג.

סטרייקן פאַר בעסערע באַדינגונגען איז געווען אַ פאַרברעכן געגן דעם הויכן אידעאַל פון נאָבעלן אַמעריקאַניזם. די שטאָל־אַרבעטער האָבן גע־פּראַצעוועט 12 שטונדן אַ טאָג, 7 טעג אַ וואָך. די קאַפּיטאַליסטן און זייער פּרעסע האָבן געלויבט און געגלעט גאָמפּערסן און די איבעריקע יוניאָן־פירער פאַר זייער גרויסן פּאַטריאָטיזם.

ווען די מלחמה־פראספעריטעט האט זיך פארענדיקט און די דעפרעסיע איז אנגעקומען, האבן די קאפיטאליסטן שיין אפגעדאנקט גאמפערסן, און די פון־אים־פארפירטע מאסן, מיט א שארפער קאנצענטרירטער אטאקע אויף די פאזיציעס פון די ארבעטער. די קאפיטאליסטן האבן אין 1921 אנגעהויבן דעם אנגריף אויף די יוניאנס אין נאמען פון דעם „אמעריקאנעם פלאן", א פאטריאטיש הייטל צו פארדעקן דעם אפען־שאפ. די מערסטע יוניאנס אין דער ווייטער וועסט זיינען דעמאלט צעבראכן געווארן פון די ארגאניזירטע קאפיטאליסטן, וואס האבן אין די מלחמה־יארן געבאנקעטעוועט גאמפערסן און די איבעריקע יוניאן־פירער פאר זייער פאטריאטישער ארבעט.

א. פ. אוו ל. — די אגענטור פון סטייט־דעפארטמענט

גאמפערס איז געווען דער יעניקער, וועלכער האט פארוואנדלט די א. פ. אוו ל. אין אן אגענטור פאר דעם סטייט־דעפארטמענט אין אויסלאנד. צוליב דער גרויסער ראל, וואס די מעקסיקאנער ארבעטער האבן געשפילט אין דער רעוואלוציע אין זייער לאנד, האט וואל־סטריט באדארפט אן „ארבעטער־פראנט" צו פארדעקן אירע פארכאפונג־פלענער אין מעקסיקא. גאמפערס, דורך די קאנסערוואטיווע יוניאן־פירער אין דער פעדעראציע פון ארבעט, „קראם", אין מעקסיקא, האט אין די יארן 1913־1924 געשאטן זאמד אין די אויגן די מעקסיקאנישע ארבעטער וועגן די „גוט־שכנישע", ערנהאפטע צילן פון דער וואשינגטאנער רעגירונג. ער האט אפילו געבראכט דעם א .פ. אוו ל. צוזאמענפאר אין 1924 צו על פאסא, טעקסאס, ביי דער מעקסיקאנישער גרעניץ, איינצייטיק מיטן צוזאמענפאר פון די מעקסיקאנער יוניאנס, צו דעמאנסטרירן פאר די ארבעטער אין מעקסיקא אז זייערע ברידער אין די פאראייניקטע שטאטן שטייען אויף דער וואך און וועלן זיי באשיצן געגן די אמעריקאנישע קאפיטאליסטן. די דעלעגאטן צו דער מעקסיקאנישער ארבעט־פעדעראציע זיינען אריבערגעבראכט געווארן איבערן גרענעץ צום אמעריקאנישן צוזאמענפאר. דארטן האט גאמפערס סצענירט א גרויסע דעמאנסטראציע פון פראלעטארישער סאלידאריטעט. א קארעספאנדענט פון א קאפיטאליסטישער צייטונג האט נאכדעם באשריבן דעם טיפן אונטערשייד אין אויסזען און באנעמונג צווישן די פעטע, גלאטע, אויסגעפוצטע אמעריקאנישע יוניאן־פירער און דער מערהייט מעקסיקאנישע דעלעגאטן, מאגערע, ארעם־אנגעטאנענע ארבעטער.

פון על פאסא איז גאמפערס געפארן אין מעקסיקא סיטי, אויף דער איינלאדונג פון דער מעקסיקאנישער רעגירונג. גאמפערס האט געהאלטן א „רעוואלוציאנערע" רעדע פון איין פלאטפארמע מיט יוהז, אמעריקאנישער

סטייט-סעקרעטאַר (אויסערן-מיניסטער). דאָס צוזאַמענברענגען ביידע צו־זאַמענפאָרן אין מעקסיקאָ איז געווען אַ טייל פון דער פּראָגראַם פון וואָל־סטריט צו שאַפן אַ רויך־באַראַזש צו פאַרדעקן די רויבערישע פּלענער פון די יענקי־אימפּעריאַליסטן, וועלכע האָבן שוין געשלאָסן אַ פאַרשטענדיקונג מיט דער יונגער מעקסיקאַנישער בורזשואַזיע, אויפן רעכענונג פון די פּאַר־הונגערטע מאַסן.

וואָל־סטריט האָט געהאַט צווייערליי סאָרטן אַמבאַסאַדאָרן אין מעקסיקאָ, און אָפּענעם אַגענט פאַר די אַרטיקע קאַפּיטאַליסטן און די א. פ. אָוו ל., אַ פאַר־שטעלטער אַגענט צו באַאַרבעטן די האָרעפּאַשנע מאַסן דאָרטן.

גאָמפּערס האָט פאַרן טויט אַרומגעטראָגן זיך מיט דער לאָזונג פון אַ מאָנראָו־אַרבעטער־דאָקטרין, ווי אַ צוגאָב צו דער מאָנראָו־דאָקטרין, וואָס דער יענקי־אימפּעריאַליזם האָט אַרויסגעשטעלט. (די „מאָנראָו־דאָקטרין" איז אַ פאָרמולע פון פּרעזידענט מאָנראָו: „דער אַמעריקאַנער קאָנטינענט איז נאָר פאַר די אַמעריקאַנער." פּונקט אַזוי ווי דער יאַפּאַנעזישער אימפּעריאַליזם האָט אַרויסגערוקט די לאָזונג: „אַזיע פאַר די אַזיאַטיקער", וואָס מיינט אַז אַזיע מוז זיין פאַר די יאַפּאַנעזישע אימפּעריאַליסטן און מיליטאַריסטן. מיט דער „מאָנראָו־דאָקטרין" האָט דער יענקי־אימפּעריאַליזם געשאַפן אַן אויס־רייד אַרויסצושטופּן די בריטישע און אַנדערע אימפּעריאַליסטן פון די לענדער אין דעם אַמעריקאַנעם וועלט־טייל.)

די מאָנראָו אַרבעטער־דאָקטרין האָט באַדאַרפט זיין נאָך אַ האַנט, די אַרבעטער־האַנט, פון דעם אַמעריקאַנישן אימפּעריאַליזם אין זיינע פאַרכאַפּונג־פּלענער אין די דרום־ און צענטראַל־אַמעריקאַנישע רעפּובליקן. דער גלענצנ־דיקער לאָזונג איז אָבער דורכגעפאַלן צוליב דער אָפּאָזיציע פון די אַרבעטער אין דרום־ און צענטראַל־אַמעריקע, וועלכע האָבן באַגריפן דעם צוועק פון דער מאָנראָו אַרבעטער־דאָקטרין.

. גאָמפּערס באַמיט זיך צו „שטאַרקן ווילסאָנס האַנט"

די אינטערנאַציאָנאַלע באַציאונגען פון דער א. פ. אָוו ל. אין דעם מלחמה־פּעריאָד וואַרפן אַ באַזונדער שאַרף ליכט אויף דער טרייער דינסט, וואָס די יוניאָן־ביוראָקראַטיע האָט געגעבן די קאַפּיטאַליסטן.

די א. פ. אָוו ל. איז געווען אַ טייל פון דעם אַלטן טרייד־יוניאָן אינטער־נאַציאָנאַל. פּאָליטיש האָט דאָס ניט געהאַט קיין באַדייטונג. יעדער טייל פון דעם אַלטן אינטערנאַציאָנאַל איז געווען אַ וועלט פאַר זיך. די קאָנגרעסן זיינען געווען, לויט דער טרעפלעכער כאַראַקטעריסטיק פון חבר לאָזאָווסקי, אַן

אַכסניה וואו יעדער גאַסט איז געקומען, אָפּגעגעסן, זיך אויסגעשלאָפן און אוועק אָן אַ זיי געזונט. די א. פ. אָוו ל. איז געווען אידעאָלאָגיש ווייט פון די מערסטע טרייד־יוניאָן קערפּערשאַפטן, וואָס זיינען געווען אָנגעשלאָסן אָן דעם טרייד־יוניאָן אינטערנאַציאָנאַל. פאָרמעל האָט עס געהייסן, אַז די אָר־גאַניזירטע אַרבעטער אין אַמעריקע געהערן צו דער אַלוועלטלעכער טרייד־יוניאָן באַוועגונג.

די וועלט־מלחמה האָט פאַרניכטעט דעם צווייטן, סאָציאַליסטישן אינטער־נאַציאָנאַל און דעם טרייד־יוניאָן אינטערנאַציאָנאַל. נאָכן וואָפנשטילשטאַנד האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אַ באַוועגונג צונויפצוברענגען די פריערדיקע „שונאים" אין איין אינטערנאַציאָנאַל. די שטימונג אין אייראָפּע איז געווען זייער אומרואיק, די אַנטווישונג און ביטערקייט צווישן די מאַסן זייער טיף און פלאַמיק. די טרייד־יוניאָן פירער, די מער וויטזיכטיקע צווישן זיי, האָבן דעריבער געפילט אַז צו באַרואיקן זייערע מאַסן איז נויטיק, ווייניקסטנס אויפן פּאַפּיר, צוריק אויפשטעלן דעם אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער־פראָנט.

דער ערשטער שריט איז געווען אַ באַראַטונג פון די יוניאָן־פאָרשטייער אין די אַליאירטע לענדער, די צענטראַלע מאַכטן און נייטראַלע לענדער. די קאָנפערענץ איז צונויפגערופן געוואָרן לויט דער איניציאַטיווע פון העדנדערסאָן פון ענגלאַנד. אין דער זעלבער צייט האָט זשואָ, סעקרעטאַר פון דער פראַנ־צויזישער פעדעראַציע פון אַרבעט, אַ פריערדיקער סינדיקאַליסט און נאָכדעם אַ מלחמה־פּאַטריאָט, פאַררופן אין דער זעלבער שטאָט אַ קאָנפערענץ נאָר פון די אַליאירטע טרייד־יוניאָנס, אָן די דייטשן. אודעגעסט, ווידער, דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון דעם אַלטן טרייד־יוניאָן אינטערנאַציאָנאַל, אַ האָ־לענדער, האָט אַרויסגעשיקט אַן איינלאַדונג צו אַ נייעם קאָנגרעס אויפצולעבן דעם אינטערנאַציאָנאַל אויף עטלעכע מאָנאַטן שפּעטער אין אַמסטערדאַם.

גאָמפּערס, וואָס איז געזעסן אין פּאַריז, צו „שטאַרקן ווילסאָנס הענט" אין זיין דינגעניש מיט די איבעריקע אימפּעריאַליסטן, איז אויפגעציטערט געוואָרן ווען ער האָט דערהערט פון אַ קאָנפערענץ מיט די „באָשעס" (אַ זידל־וואָרט פאַר די דייטשן).

די מלחמה איז שוין געווען פאַריבער. אין פּאַריז האָבן די אימפּעריאַ־ליסטן זיך געדונגען איבער דעם ביין, די פּרוכט פון זיג. אָבער גאָמפּערסעס קאָפּ איז נאָך געווען פול מיט פאַרשווערונגען פון דייטשע שפּיאָנען, באָלשע־וויסטישע אַגענטן און נאָך אַזעלכע שרעקלעכקייטן. אין יעדן שריט צו באַ־נייען דעם טרייד־יוניאָן אינטערנאַציאָנאַל האָט גאָמפּערס געזען די אַרבעט פון אַ דייטשן שפּיאָן און פון אַן אַגענט פון מאָסקווע. אין פּאַריז האָט גאָמ־

פערס אויך געפילט דעם אויפברויז פון די מאסן. האט ער ארויסגערוקט דעם פלאן, אז ביי דער פעלקער־ליג זאל געשאפן ווערן אן אינטערנאציאנאלע אר־בעטער־ביורא. די טרייד־יוניאנס, די ארגאניזאציעס פון די פאבריקאנטן און די רעגירונגען וועלן זיין גלייך פארטראטן אין דער אינטערנאציאנאלער ביורא. מיט דעם „אינטערנאציאנאל" פון ארבעט, קאפיטאל און קאפיטאליסטישע רעגירונגען האט גאמפערס געזוכט אויפצושטעלן א הויכע דאמבע געגן דער פארשפרייטונג פון דעם באלשעוויזם, און האלטן אין צאם די אומצופרידנקייט פון די דייטשע מאסן געגן די באדינגונגען, וואס זיינען אויסגעארבעט געווארן אינם פרידן־אפמאך. אזוי ווי די אליאירטע רעגירונגען וועלן דאך זיכער באהערשן די פעלקער־ליג, וועלן זיי אויך באהערשן די ארבעטער־ביורא און די ווילסאן־וואל־סטריט דעמאקראטיע וועט זיין געזיכערט אויף דער וועלט.

גאמפערס האט זיך דעריבער אנטזאגט אנטיילצונעמען אין דער ערשטער באראטונג פון די אליאירטע טרייד־יוניאן פירער. צו דער צווייטער, גערופן פון ארטור הענדערסאן, אן ענגלישער מיניסטער, איז ער יא געקומען. דערביי האט ער פארעפנטלעכט א העצערישע דערקלערונג, וואס האט געזאגט: „די אמעריקאנישע יוניאנס האבן ניט קיין חשק צו זיצן ביי איין טיש מיט פאר־שטייער פון לענדער, וואס זיינען דערווייל נאך פיינטלעך, אויף א קאנפערענץ וואס וועט אונטערווארפן די צוועקן פון די ארגאניזירטע ארבעטער צו א פאר־טיזאנישער פאליטישער באוועגונג."

גאמפערס האט ניט פארשטאנען אמתע ראל פון די הענדערסאנס

גאמפערס האט ניט געוואלט גיין צו א קאנפערענץ מיט די „באשעס", ווייל ער האט געדענקט, אז דאס וועט אפשוואכן ווילסאנס פאזיציע. צווייטנס, און דאס איז די הויפט־אורזאך, האט גאמפערס זיך נעשראקן, אז אונטער דעם דרוק פון אן אויפגעעצארנטער ארבעטערשאפט אין אייראפע וועט די קאנפערענץ אוועקגיין אין דער ריכטונג פון א רעוואלוציאנערן קאמף געגן די אימפעריאליסטישע מאכינאציעס אין פאריז. גאמפערס האט נאך ניט גע־וואוסט, אז די הענדערסאנס, אודעגעסטס און זשואס זיינען געקנאטן פון זעלבן טייג ווי ער, אז זייערע ראדיקאלע רייד זיינען נאר צו פארשלעפערן די מאסן אין אייראפע. פאר גאמפערסן זיינען די ראדיקאלע רייד אליין געווען א שרעק. גאמפערס איז פונדעסטוועגן געגאנגען צו דער צווייטער קאנפערענץ אין בערן אפצוהיטן די אינטערעסן פון זיינע קאפיטאליסטן. מיט אים האט גע־ארבעט האנט אין האנט מערטענס, דער פארשטייער פון די בעלגישע יוניאנס,

וואס האט אוועקגעלייגט א שאוויניסטיש-העצערישע רעדע געגן די דייטשע טרייד-יוניאן פארשטייער. מערטענס האט פארלאנגט, אז די דייטשע דעלע־גאטן זאלן צוגעבן, אז דייטשלאנד איז שולדיק אין דער וועלט־מלחמה און אין דעם חורבן פון בעלגיע. קארל לעגיען און די איבעריקע דייטשע דעלע־גאטן האבן זיך אנטזאגט צו מאכן אזא דערקלערונג. גאמפערס, די בעלגישע און די ענגלישע דעלעגאטן האבן געסטראשעט צו פארלאזן די קאנפערענץ. דער סוף איז געווען, אז די דייטשן זיינען איינגעגאנגען אויף א מילדערער רעזאלוציע, פארגעשלאגן פון זאסענבאך. די רעזאלוציע האט דערקלערט, אז דייטשלאנד איז געווען דער אנגרייפער אין דער מלחמה, נאר די דייטשע ארבעטער זיינען פארנארט געווארן פון זייער רעגירונג און זיינען דעריבער ניט שולדיק. דאס האט צופרידנגעשטעלט גאמפערסן.

אין יולי, זעלבן יאר, 1919, איז אין אמסטערדאם אפגעהאלטן געווארן דער ערשטער קאנגרעס פון דעם באניימן טרייד-יוניאן אינטערנאציאנאל. אנשטאט א צוזאמענקונפט פון פארשטייער פון ברידערלעכע ארגאניזאציעס, האט דער קאנגרעס ביינגעוואוינט בייזע און היציקע רייסערייען ארום דער מלחמה־שולד. גאמפערס, מערטענס פון בעלגיע און אפלטאן פון ענגלאנד האבן גאכאנאנד געזוכט צו באדעכטיקן די וואפנשטילשטאנד־באדינגונגען אוןווארפן די מלחמה־שולד אויף דייטשלאנד.

אין אמסטערדאם איז די רעזאלוציע געענדערט געווארן. ארויסצוטרעטן פון דעם נייעם אינטערנאציאנאל האט גאמפערס ניט געוואגט. ווילסאן האט באדארפט האבן א טרייע אגענטור אינם אינטערנאציאנאלן ארבעטער-קלאס. די פאזיציע פון גאמפערסן איז באשטעטיקט געווארן אויף דעם א. פ. און ל. צוזאמענפאר אין אטלאנטיק סיטי און א יאר שפעטער אין מאנטרעאל. דער־ווייל האט זיך די א. פ. און ל. געשטעלט מיט ביידע אקסלען אונטער ווילסאנס פעלקער־ליגע, ווערסאלן אפמאך און דער ארבעטער־ביורא פון דער פעלקער־ליגע.

### די א. פ. און ל. שטיצט אנטי־סאוועטישע פארשווערונגען

די לאגע אין אייראפע איז געווארן הייסער. ארבעטער־אויפשטאנדן אין דרום־דייטשלאנד, א רעוואלוציע אין בייערן, א קאמוניסטישע רע־גירונג אין אונגארן, א מעכטיקע פאדערונג פון דעם גאנצן ארבעטער־קלאס פאר קאנטראל איבער דער רעגירונג און אינדוסטריע. די פירער פון דעם באניימן אמסטערדאמער טרייד־יוניאן אינטערנאציאנאל זיינען געווען גע־

צוזאונגען צו אונטערנעמען, וויניקסטנס אויפן פּאַפּיר, אַ ריי מיליטאַנטישע פּראָלעטאַרישע אַקציעס: די קאַמפּאַניע אַרונטערצונעמען די בלאָקאַדע פון סאָוועטן־רוסלאַנד און שפּעטער דער וואָפן־באָיקאָט געגן פּוילן אין צייט פון דער פּוילישער־סאָוועטישער מלחמה אין 1920, און דער באָיקאָט געגן דעם ווייסן טעראָר אין אונגאַרן. די קאַמפּאַניעס האָבן שטאַרק געקיצלט די אַמע־ריקאַנישע יוניאָן־פירער אונטער די פּאַכוועס. דאָ אין לאַנד שטיצן זיי די ערגסטע צעיושעטע רעאַקציע געגן די רויטע און די מיטשעל־פּאַלמער איבער־פאַלן און דעפּאָרטאַציעס. דאָ אין לאַנד שטיצן זיי האַרציק די אַנטי־סאָוועטישע פאַרשווערונגען און אַרויסטרעטונגען פון סטייט־דעפּאַרטמענט און אין אויס־לאַנד קומען די פירער פון אַמסטערדאַמער אינטערנאַציאָנאַל מיט קאַמפּאַניעס און לאָזונגען צו העלפן די באָלשעוויקעס און רעוואָלוציאָנערן.

דער א. פ. אָוו ל. צוזאַמענפאָר אין מאָנטרעאָל, אין 1920, האָט אָנ־גענומען צוויי פּאָליטישע רעזאָלוציעס. איינע צו שטיצן דעם ווערסאַלער פרידן, די פעלקער־ליג און אַרבעטער־ביוראָ, און די צווייטע, צוריקווייזן די לאָזונג פון אַרונטערנעמען די בלאָקאַדע פון דעם באָלשעוויסטישן לאַנד. די צווייטע רעזאָלוציע איז מאָטיווירט געוואָרן:

„ערשטנס, זאָגט דער סטייט-דעפּאַרטמענט, אַז אַזאַ בלאָקאַדע עקזיסטירט גאָרניט. און צווייטנס, וויל דער צוזאַמענפאָר ניט אָננעמען קיין שריט, וואָס זאָלן אויסגעטייטשט ווערן ווי אַ הילף און אַ גוטהייסונג פון דער סאָוועטן-רעגירונג אין רוסלאַנד."

צום צווייטן קאָנגרעס פון אינטערנאַציאָנאַל אין 1920 אין לאָנדאָן, האָט שוין די א. פ. אָוו ל. ניט געשיקט קיין דעלעגאַציע. איינער פון די אויסריידן איז געווען אַ מיינונג־אונטערשייד איבער דעם קאָפּ־שטייער. די א. פ. אָוו ל. האָט אויסגעזעצט געגן דעם הויכן אָפּצאָל. דאָס איז געווען ניט מער ווי אַן אויסרייד. גאָמפּערס, מעטיו וואָל, טאָבין, פרעי און זייער גלייכן האָבן ניט פאַרשטאַנען דעמאָלט די אמתע אויפגאַבע פון די זשואָס, אודע־נעסטס, הענדערסאָנס און קאַרל לעגיענס. אין יעדן אַרויסטרעט פון אַמסטער־דאַם האָט די א. פ. אָוו ל. געזען אַ הילף צו די באָלשעוויקעס אין רוסלאַנד און די קאָמוניסטן אינדערהיים. מער איז די א. פ. אָוו ל. ניט געווען פאַרטראָטן אויף אינטערנאַציאָנאַלע טרייד־יוניאָן קאָנגרעסן.

אין 1922, ווען אין אַמעריקע האָט זיך געקייקלט אַ מעכטיקע כוואַליע פון סטרייקס און די אומצופרידנקייט האָט דערגרייכט אַ הויכן פונקט, האָט די א. פ. אָוו ל. ביוראָקראַטיע ניט געוואָגט אַרויסצוקומען אָפן געגן דעם

אנטיילנעמען אין דעם טרייד־יוניאן אינטערנאציאנאל. דער צוזאמענפאר אין דענווער אין 1923 איז ארויסגעקומען מיט א פארדאמונג פון קאמוניס־טישן אינטערנאציאנאל און דעם רויטן טרייד־יוניאן אינטערנאציאנאל. דער צוזאמענפאר האט אויך באשטעטיקט די באוואוסטע, איצט קלאסיש־לעבער־לעבע פארמולע פון סטייט־סעקרעטאר היוז, אז דאס „סאוועטן־לאנד איז עקאנאמיש א וואקיום. ביז וואנען די סאוועטן־רעגירונג וועט ניט איינפירן צוריק פריוואט־אייגנטום וועט די אמעריקאנישע רעגירונג ניט טראכטן אנ־צוהויבן פארהאנדלונגען מיט מאסקווע.״ אט־די דערקלערונג איז הארציק אונטערשטיצט געווארן פון דער יוניאן־ביוראקראטיע.

גאמפערס האט געוואלט אן אינטערנאציאנאל פון ענגלישע „קוזינען״

אין 1923 איז שוין פאר גאמפערסן און זיינע לייטענאנטן קלאר גע־ווארן, אז פון אמסטערדאם רוקט זיך ניט קיין געפאר פאר די אמעריקאנישע אינסטיטוציעס פון פריוואט־אייגנטום און פון קאפיטאליסטישער דעמא־קראטיע. די פאסירונגען אין איירא͏פע האבן דעמאנסטרירט די ראל פון די אמסטערדאמער פירער אין אלע קאפיטאליסטישע לענדער. וואל־סטריט האט אנגעהויבן ווארפן ביליאנען דאלאר אין איירא͏פע צו העלפן די רעקאנסטרוק־ציע פון דער קאפיטאליסטישער ווירטשאפט. די א. פ. או ל. האט דעריבער באשלאסן אין דענווער אנצוהויבן פארהאנדלונגען מיט אמסטערדאם. פון די פארהאנדלונגען איז גארניט ארויסגעקומען. די א. פ. או ל. איז ניט אנ־געשלאסן אין אמסטערדאמער טרייד־יוניאן אינטערנאציאנאל, כאטש, פאר־שטייט זיך, די באציאונגען זיינען שוין מער ניט פיינטלעך.

צוזאמען מיט עטלעכע אפענע רעאקציאנערע יוניאן־פירער האט גאמ־פערס געמאכט פאר זיין טויט עטלעכע פארזוכן צו שאפן אן אינטערנאציאנאל פון ענגליש שפרעכנדע לענדער: די פאראייניקטע שטאטן, ענגלאנד, קאנאדע, אויסטראליע און ניו־זעלאנד. אפלטאן, פארזיצער פון ענגלישן טרייד־יוניאן קאנגרעס, האט דאס אויך שטארק באגערט, אבער צווישן די ענגלישע ארבעטער איז אוממעגלעך געווען צו קריגן שטיצע פאר אן אינטערנאציאנאל פון „קו־זינען״ און די זאך איז אויפגעגעבן געווארן. מיט גאמפערסעס טויט איז די א. פ. או ל. מער צעשפאלטן געווארן צווישן די צוויי אלטע קאפיטאליסטישע פארטייען. דער נייער פרעזידענט, וויליאם גרין, איז געווען א רעפובליקאני־שער מיטגליד אין דער שטאט־לעגיסלאטור אין אהייא. גרין, א מיטלמעסיקער פאליטישן פון דריטן גראד, דאט ניט געקענט אפילו מאכן גאמפערסעס אנ־

שטעל און נעמען זיין ברייטע פּאָזע. דער גייסט איז אָבער געבליבן דער זעלבער. די א. פ. אָוו ל. ביוראָקראַטיע ווייזט אַרויס סמנים פון אינטערעס אין אויסלאַנד נאָר דעמאָלט, ווען דער הערשנדיקער קלאַס איז פאַראינטערעסירט אין דעם. אין אַלע געשעענישן אין דער אַמעריקאַנישער אויסלענדישער פּאָליטיק איז די א. פ. אָוו ל. פאַרבליבן די אַגענטור פון סטייט־דעפּאַרטמענט. אַזוי איז געווען אין צייט פון דער אינטערווענציע אין ניקאַראַגואַ, אין דער פיינטלעכער פּאָליטיק צום סאָוועטן־פאַרבאַנד, מלחמה־חובות, די פּאָליטיק אין כינע און דאָסגלייכן.*)

א טאָרמאָז אין דעם אַרבעטער־קלאַס אין דער היים און אַ האַנט אין אויסלאַנד— די צוויי אויפגאַבן האָט די א. פ. אָוו ל. ביוראָקראַטיע דורכגעפירט לאָיאַל און קאָנסעקווענט פאַר דעם קאַפּיטאַליסטישן קלאַס.

---

*) אין דער פיינטשאַפט צום סאָוועטן-פאַרבאַנד, האָט די א. פ. אָוו ל. ביוראָקראַטיע אַריבערגעשטיגן אירע קאַפּיטאַליסטישע באַלעבאַטים. נאָך רוזוועלטס אָנערקענונג פון דעם סאָוועטן-פאַרבאַנד, האָט די א. פ. אָוו ל. ביוראָקראַטיע צוגעשטעלט אַ לאַנגן מעמאָראַנדום צו דער רעגירונג מיט ליגנערישע באַווייזן אַז די סאָוועטן-רעגירונג האָט פאַרבראָכן דעם ליטווינאָוו-רוזוועלט אָפּמאַך פון זיך ניט מישן אין די אינערלעכע אָנגעלעגנהייטן פון דער צווייטער לאַנד. גרין גייט האַנט אין האַנט מיט די ערגסטע מאָרד-פּאַטריאָטן פון דער „נעשאָנאַל סיוויק פעדערײשאָן" און פון אַמעריקאַן לידזשאָן אין העצן געגן דעם סאָוועטן-פאַרבאַנד און געגן דער קאָמוניסטישער באַוועגונג דאָ אין לאַנד. זומער 1934 האָט וויליאַם גרין אַרויסגעשיקט אַ צירקולאַר-בריוו צו אַלע אָנגעשלאָסענע יוניאָנס מיט אַ פאָדערונג אויסצושליסן אַלע קאָמוניסטן פון זייערע רייען. די פאָדערונג איז געפאַלן אויף טויבע אויערן. מיט אַ פּאָר קליינע אויסנאַמען, האָבן אַלע לאָקאַלע יוניאָנס ניט געפאָלגט די אויפפאָדערונג פון דעם פּרעזידענט פון דער א. פ. אָוו ל. אַזוי אויגנשיינלעך איז געווען דער אַנטי-אַרבעטער צוועק פון זיין אַרויסטרעטונג.

## איין-און-דרייסיקסטער קאַפּיטל

# דער לינקער פליגל

**וויליאַם גרין ווערט פּרעזידענט פון דער א. פ. אָוו ל. אין 1925.— פאַרזיכערט קאַפּיטאַליסטן, אַז ער גלויבט אין האַרמאָניע צווישן אַרבעט און קאַפּיטאַל — די אויסשליסונג פון חבר וו. פ. דאַן פון דער א. פ. אָוו ל. קאַנווענשאָן אין פּאָרטלאַנד, 1925.—אומצופרידנ-קייט וואַקסט צווישן רענק און פייל פון די יוניאָנס. — קאָמוניס-טישע פּאַרטיי און לינקער פליגל געווינען איינפלוס אין אַ ריי גרויסע יוניאָנס. — די טרייד-יוניאָן עדיוקיישאָנאַל ליג און איר פּלאַטפאָרמע. — די פאַרלוימדערישע „אויפדעקונגען" געגן קאָמו-ניסטן — די סטרייקס פון די קלאָוקמאַכער און פּאַריערס אין 1926 געפירט פון קאָמוניסטן און לינקע. — פאַרפאָלגונגען, מסירות און מאַסן-אויסשליסונגען פון לינקע און גאַנצע לאָקאַלן. — די דזשאָינט עקשאָן קאָמיטע. — אויסשליסונגען פון מיינערס, בויל-אַרבעטער, א. אַז. וו.—דער סטרייק אין פּאַסייק און זיין רעזולטאַט. — לינקע געצוואונגען צו גרינדן די אינדוסטריעלע יוניאָנס אין נאָדל-פאַכן, קוילן, טעקסטיל, שיך, שפּייז, דאָק און מאַטראָסן און שטאָל-אינדוסטריע. — גאַסטאָניאַ, דער ערשטער קאַמף פון די אַרבעטער אין דרום. — די גרויסע באַדייטונג פון דעם סטרייק אין דער טעקסטיל-אינדוסטריע אין דרום. — פּראָלעטאַרישע סאָלידאַרי-טעט צווישן ווייסע און שוואַרצע אין קאַמף. — אינדוסטריעלע יוניאָנס אייניציקע צו פירן סטרייקס אין קריזיס. — א. פ. אָוו ל. פאַרגליווערט ביז 1933. — דער שטראָם פון נייע אַרבעטער אין דער א. פ. אָוו ל. און די נייע אָריענטאַציע פון די קאָמוניסטן און לינקע. — דער קאַמף פאַר טרייד-יוניאָן אייניקייט. — די באַלדיקע רעזולטאַטן.**

אין דעצעמבער 13, 1924, איז גאָמפּערס געשטאָרבן. אַן עלטערער מענטש, איז ער קראַנק געוואָרן פון די באַנקעטן וואָס די בורזשואַזיע אין מעקסיקאָ סיטי האָט געמאַכט פאַר אים און פאַר די איבעריקע א. פ. אָוו ל. פירער.*)

*) גענויער וועגן גאָמפּערס אין מעקסיקאָ, אין דעם קאַפּיטל: א. פ. אָוו ל., טעאָריע און פּראַקטיק.

נאָך אַ קאַמף אין די העכערע קרייזן פון דער יוניאָן־ביוראָקראַטיע האָט דזשאָן לואיס געוואונען און וויליאַם גרין, פון דער יונייטעד מיין וואָירקערס, איז געוואָרן פּרעזידענט פון דער א. פ. אָוו ל.

די פּראָגרעסיווע און לינקע עלעמענטן האָבן זיך ניט געלייגט קיין פייגעלע אין בוזעם וועגן דעם נייעם פּרעזידענט. וויליאַם גרין איז געווען ווייניק באַקאַנט אין דער אַרבעטער־באַוועגונג. אַ מענטש אָן וועלכע עס איז באַזונדערע פייאיקייטן און אַ געוועזענער רעפּובליקאַנישער מיטגליד אין דער אָהייאָ שטאַט־לעגיסלאַטור, איז ער געווען אַ שרייבער אין דזשאָן ל. לואיסעס מאַשין אין דער מיינער־יוניאָן. פונדעסטוועגן האָבן זיך געפונען געוויסע פּראָגרעסיווע טוער וואָס האָבן געהאַט האָפענונגען, אַז אַ נייער מענטש אין דער שפּיץ פון דער אָפיציעלער טרייד־יוניאָן באַוועגונג, אַ מענטש ניט אַזוי פאַרקניפּט און פאַרבונדן מיט דעם הערשנדיקן קלאַס ווי גאָמפּערס איז געווען און אַ סך אינגער פון גאָמפּערסן, וועט מעגלעך ניט גיין אַזוי גענוי אין די פוס־טריט פון זיין פאָרגענגער.

גרין איז געוואָרן פּרעזידענט אין אַ גינסטיקער צייט פאַר די אָרגאַניזירטע אַרבעטער. די בעסערע עקאָנאָמישע לאַגע האָט געגעבן אַ געלעגנהייט אָנצוהויבן אָן אָפענסיווע פאַר בעסערע אַרבעט־באַדינגונגען. די גרעסערע באַשעפטיקונג האָט געשאַפן די געלעגנהייט פאַר אַ גרויסער אָרגאַניזאַציע־קאַמפּאַניע צווישן די אומאָרגאַניזירטע מאַסן. אונטער גרינס פירערשאַפט האָט די א. פ. אָוו ל. ניט געטאָן ביידע זאַכן.

גרין פאַרזיכערט די קאַפּיטאַליסטן, אַז ער איז ווייט פון ראַדיקאַליזם

ניט אַלע אַרבעטער האָבן געוואוסט און געהערט פריער פון וויליאַם גרין, אָבער די קאַפּיטאַליסטן האָבן יאָ געוואוסט און געקענט אים. אויף זיין איינשוועררונג אין מיאַמי, פלאָרידאַ, זיינען געקומען אַ סך אינדוסטריעלע און פינאַנציעלע מאַגנאַטן, צווישן זיי דער פּרעזידענט פון דער נעשאָנאַל אַסאָסיאיישאָן אָוו מאַנופעקטשורערס (די נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציע פון פאַבריקאַנטן), די פאַרביסענע אַנטי־יוניאָן אינסטיטוציע, פּרעדריקסאָן. די קאַפּיטאַליסטישע געסט האָבן וואַרעם באַגריסט דעם הויפּט פון דער א. פ. אָוו ל. זיי האָבן זיך געפילט זיכער און באַקוועם אין זיין געזעלשאַפט.

דער עקזעקוטיוו־קאָונסיל פון דער א. פ. אָוו ל. האָלט געוויינלעך אָפּ זיינע זיצונגען אין אַטלאַנטיק סיטי ביים ברעג פון אַטלאַנטישן אָקעאַן, זומער. און אין מיאַמי, פלאָרידאַ, ביים גאָלף פון מעקסיקאָ — ווינטער. אַ שפּעטער,

דעם 12טן פעברואר, 1925, האט גרין גערעדט פאר עטלעכע טויזנט פאר־זאמלטע קאפיטאליסטן אין דער שטאט פון פאלמען און סוב־טראפישן קלי־מאט. די צייטונגען האבן אויף מארגן איבערגעגעבן זיין רעדע.

„וויליאם גרין האט נעכטן אונטו פארזיכערט אין נאמען פון פינף מיליאן ארגאניזירטע ארבעטער די שטיצע צו דער קאנסטיטוציע פון די פאראייניקטע שטאטן. ער האט פארדאמט אימפארטירטע ארבעטער-טעאריעס און האט גע־רופן צו אן ענגערער מיטארבעטערשאפט צווישן ארבעט און קאפיטאל. די רעדע פון דעם הויפט פון דער א. פ. אוו ל. האט אפגעשאפט יעדן צווייפל וועגן זיין שטעלונג צו וויכטיקע פראגן און האט צעשפרייט די קלאנגען, אז ער איז גענויגט צו זיין ראדיקאל."

מיר ווייסן ניט ווער עס האט געקענט פארשפרייטן קלאנגען, אז גרין איז גענויגט צו זיין ראדיקאל אין טעאריע. גרין אליין, רעדנדיק א פאר טעג שפעטער אין דער זעלבער מיאמי פאר דעם אדווערטייזערס קלוב, האט שטארק באטאנט די נויטווענדיקייט פון א פארשטענדיקונג צווישן ארבעטער און ארבעטגעבער. „ארבעט און קאפיטאל האבן איינע די אנדערע — האט ער געזאגט — אויב זיי פארשטייען זיך ניט. מיספארשטענדעניש איז די אורזאך פון האס. פארשטענדיקונג מיינט איינשטימיקייט."

„פארשטענדיקונג צווישן ארבעט און קאפיטאל" איז געווארן די פעסטע ליניע פון דער א. פ. אוו ל. פירערשאפט. אין דער פראספעריטעט און אין קריזיס, אונטער הארדינג, קולידזש, הוווער און אונטער רוזוועלטס נ.ר.א. — די א. פ. אוו ל. האט אלץ געזוכט א פארשטענדיקונג מיט די קאפיטאליסטן. פארשטייט זיך, אז א פארשטענדיקונג האט געמוזט זיין אויפן חשבון פון די ארבעט־באדינגונגען.

די א. פ. אוו ל. האט באוואוסטזיניק פארשאכערט די גלענצנדיקע גע־לעגנהייט וואס די פראספעריטעט־יארן האבן געגעבן צו ארגאניזירן די מיליאנען אומארגאניזירטע און אויסצוקעמפן פאר זיי בעסערע ארבעט־באדינגונגען. ווען די קאפיטאליסטישע אינדוסטריע האט געארבעט מער־ווייניקער נארמאל, איז געווען נאטירלעך אז גרעסערע טיילן פון ארבעטער־קלאס זאלן זוכן אויסצונוצן די לאגע זיך צו ארגאניזירן אין יוניאנס. אין דער גאנצער געשיכטע פון אמעריקאנישן ארבעטער־קלאס זיינען די בעסערע צייטן געווען א טרייב־קראפט פאר א פארשטארקטן און פארשפרייטן מאסן־קאמף פאר דעם רעכט צו זיין ארגאניזירט, פאר העכערן לוין און בעסערע

באַדינגונגען. אַזעלכע פּעריאָדן האָבן אַלע מאָל פאַרצייכנט אַ וואוקס אין דער צאָל אָרגאַניזירטע אַרבעטער אין לאַנד.

יוניאָנס פאַרלירן מיטגלידער אין גוטע יאָרן

דער לעצטער פּראָספּעריטעט־פּעריאָד האָט געזען אַ פאַרקערטע דער־שיינונג. די ווייזער פון דער סטרייק־באַוועגונג האָבן זיך אַרונטערגעגליטשט גאָר אונטן. די עטלעכע גרעסערע סטרייקס זיינען אויך ניט געפירט געוואָרן פון דער א. פ. אָוו ל., נאָר פון לינקע איבער די קעפּ און געגן דעם ווילן פון די א. פ. אָוו ל. פירער. אין אַנדערע ווערטער, די א. פ. אָוו ל. האָט ניט דערלאָזט די אַרבעטער זאָלן געווינען פון אַ גינסטיקער סיטואַציע אין דעם עקאָנאָמישן לעבן פון לאַנד. צו אַזעלכע וויכטיקע אינדוסטריעס ווי אָטאָ־מאָביל, אַלומינום, גומי, עראָפּלאַנען האָט די א. פ. אָוו ל. אינגאַנצן זיך ניט צוגערירט.

די א. פ. אָוו ל. פירערשאַפט האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן יעדן פּלאַן וואָס די קאַפּיטאַליסטן האָבן אַרויסגעשטעלט אַבי אויסצומיידן „טראָבל", סטרייקס. דער ערשטער שריט איז געמאַכט געוואָרן נאָך אין 1922, אין דעם ברען פון דעם גרויסן אַרבעטער־ווידערשטאַנד געגן די קאַפּיטאַליסטישע אַטאַקעס. די א. פ. אָוו ל. קאָנווענשאָן איז דעמאָלט אַרויסגעקומען מיט אַ רעזאָלוציע וואָס נעמט אָן דעם טרויעריק־באַוואוסטן באַלטימאָר־אָהייאָ באַן־ליניע פּלאַן, וואָס האָט אומגעבראַכט די גרויסע מאַשיניסטן־יוניאָן. דער ב.־אָ. פּלאַן איז געווען די ערשטע אָפענע אַקציע פון „פאַרשטענדיקונג צווישן אַרבעט און קאַפּיטאַל". דער ב.־אָ. פּלאַן האָט געבראַכט צו אַ פאַרשטאַרקטער ראַציאָנאַליזאַציע און יאָגעניש פון די באַן־אַרבעטער און צו דער פאַר־שפּרייטונג פון קאָמפּאַניע־יוניאָנס. (וועגן דעם ב.־אָ. פּלאַן וועט דער לייענער געפינען מער איינצלהייטן אין דעם קאַפּיטל: אין דער פּראָספּעריטעט.)

דער ב.־אָ. פּלאַן איז געווען דער אָנצייגער, אין וועלכער ריכטונג די יוניאָן־ביוראָקראַטיע שטעלט אירע טריט. נאָכדעם איז אַוועק אַ סעריע פון „לייבאָר־קאַפּיטאַליזם" פּלענער, לייבאָר־באַנקען, לייבאָר־פאַרזיכערונג קאָמ־פּאַניעס, לייבאָר־פאַרוואַלטונג, שותפות אין דער אינדוסטריע, אינדוסטריעלע דעמאָקראַטיע און נאָך פון דעם סאָרט שלום־בית (בורג־פרידן) מיטלען. דער פונדאַמענטאַלער צוועק פון דער גאַנצער פּראָגראַם וואָס די א. פ. אָוו ל. האָט אַזוי קאָנסעקווענט געפירט, איז באַשטאַנען אין צופעסטיקן די אָרגאַניזירטע אַרבעטער, וואָס זיינען געווען די קוואַליפיצירטסטע גרופּע אין אַרבעטער־

קלאַס, צום קאַפּיטאַליסטישן וואָגן און איבערלאָזן די גרויסע מערהייט אַרבעטער אויף זייער אייגענעם באַראָט.*)

דער רייגער רעזולטאַט פון דער פּראָגראַם איז געווען, אַ שטאַרקער אָפּפאַל אין דער צאָל אָרגאַניזירטע אַרבעטער. צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון לאַנד האָבן יוניאָנס פאַלאָרן מיטגלידער אין אַ פּראָספּעריטעט־פּעריאָד. די א. פ. אָוו ל. האָט פון 1920 ביז 1929 — נאָך פאַר דעם קריזיס — פאַרלאָרן נאָענט צו צוויי מיליאָן מיטגלידער. אָט־די „דערגרייכונג" איז אַ שרייענדיקע אָנקלאַגע געגן דער „פאַרשטענדיקונג"־פּאָליטיק וואָס די א. פ. אָוו ל. פירערשאַפט האָט געטריבן.

עס איז נויטיק צו באַטאָנען, אַז די א. פ. אָוו ל. פירערשאַפט האָט ניט אויפגעגעבן איר שטרעבונג צו דערגרייכן אַ פאַרשטענדיקונג מיט די קאַפּי־טאַליסטן אפילו ווען דער טרויעריקער רעזולטאַט פון אירע באַמיאונגען האָט געריסן די אויגן. דער פאַקט וואָס די יוניאָנס האָבן נאָכאַנאַנד פאַרלאָרן מיטגלידער האָט ניט אַרויסגעריסן די א. פ. אָוו ל. ביוראָקראַטן פון זייער לעטאַרגישן שלאָף. אין די יאָרן פון פּראָספּעריטעט האָט די א. פ. אָוו ל. ניט געפירט די אַרבעטער צום קאַמף פאַר בעסערע באַדינגונגען. אין די קריזיס־יאָרן האָט זי ניט אָרגאַניזירט די אַרבעטער צו פאַרטיידיקן זייערע באַדינגונגען. אונטער רוזוועלטס נ.ר.א. האָט זי אָנגענומען אַ „וואַפנשטיל־שטאַנד־פּאָרשלאַג" — אָקטאָבער 1934 — וואָס האָט נאָר איין טייטש: צו בינדן די אַרבעטער, זיי זאָלן ניט פאָדערן אַ פאַרבעסערונג פון זייער שווערער לאַגע. (דער וואַפנשטילשטאַנד ווערט איינגעפירט אויף דער עקזיסטירנדיקער לאַגע.). נאָך דאָרטן וואו דער דרוק פון די אַרבעטער איז געווען זייער שטאַרק, האָבן די א. פ. אָוו ל. פירער דערלויבט סטרייקס.

### יוניאָן־פירערשאַפט אַנטזאָגט זיך צו אָרגאַניזירן די אומאָרגאַניזירטע

ווי אַלע מאָל אין נאָרמאַלע יאָרן פו ןקאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע, זיינען ניט אַלע טיילן פון דעם אַרבעטער־קלאַס אין אַ גלייכער לאַגע. אין דער צייט ווען געוויסע גרופּעס האָבן געקראָגן העכערע אַרבעט־באַדינגונגען און האָבן ווייניק וואָס געוואוסט פון אַרבעטלאָזיקייט, ווי די דרוק־פּאַכן, זיינען די אַרבעטער אין אַ ריי אינדוסטריעס אַרונטערגעטריבן געוואָרן צו אַן ערגערע לאַגע. אויב זיי האָבן ניט געקראָגן קיין דירעקטן לוין־שניט,

*) מער איינצלהייטן אין דעם קאַפּיטל: **אין דער פּראָספּעריטעט.**

האָט ארבעטלאָזיקייט און יקרות זיי געשטעלט אויף אַ נידעריקערן לעבנס־סטאַנדאַרד. צו דער קאַטעגאָריע האָבן באַלאַנגט די טעקסטיל־ארבעטער און די קוילן־גרעבער, צוויי פון די גרעסטע ארבעטער־גרופּעס.

אויך אין דער ערשטער, גינסטיקערער קאַטעגאָריע, זיינען די באַדינגונגען ניט געווען גלייך. די בוי־פאַכן, איינע פון די צאָלרייכסטע גרופּעס אין דער א. פ. אָוו ל., האָבן שוין אין דער פּראָספּעריטעט גענומען ליידן פון צוויי כראָנישע פאַקטאָרן: אַ פאַרשפּרייטע ארבעטלאָזיקייט און אָפּען־שאָפּ אַטאַקעס. דער לעצטער פאַקטאָר איז געווען באַזונדער ווירקזאַם אין די פּאַסיפישע שטאַטן, וואו די אָרגאַניזירטע קאַפּיטאַליסטן, די האַנדל־קאַמערן און די אָרגאַניזאַציעס פון די ארבעטגעבער האָבן באַוויזן צו צעברעכן אַ ריי יוניאָנס אין דער בוי־אינדוסטריע.

דער רעזולטאַט איז געווען: די באַזע פון דער ארבעטער־אַריסטאָקראַטיע האָט אָנגעהויבן צו ווערן שמעלער, אָבער איר לאַגע האָט זיך געהויבן. אָבער די מערהייט פון ארבעטער־קלאַס האָט אין דעם פּראָספּעריטעט־פּעריאָד ניט אָנגעיאָגט די פאַרטייערונג פון לעבנס־קאָסטן און דעם וואוקס פון פּראָדוקטיוויטעט (ארבעט־אָנלאָדונג) וואָס די קאַפּיטאַליסטן האָבן פון זיי ארויסבאַקומען דורך ראַציאָנאַליזאַציע און יאָגעניש. דאָס באַשטעטיקט די אונטן־געבראַכטע סטאַטיסטישע טאַבעלע. פאַרשטייט זיך, אַז אין יעדער דורכשניטלעכער סטאַטיסטישער אויסרעכענונג זיינען פאַראַן גרופּעס וואָס פאַרדינען העכער פון דעם דורכשניט, דערפאַר זיינען פאַראַן גרופּעס וואָס פאַרדינען ווייניקער.

די באַרימעריי פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּרעסע וועגן דעם „באַרג־שפּיץ", צו וועלכן דער ארבעטער־לוין איז דערגאַנגען, איז געווען ריכטיק נאָר וועגן געוויסע גרופּעס. דער איבערוועגנדיקער טייל פון ארבעטער־קלאַס איז געשטאַנען צופוסנס פון באַרג.

די א. פ. אָוו ל. פירערשאַפט האָט, פון איין זייט, ניט אונטערגענומען קיין איינציקן שריט צו אָרגאַניזירן די אומאָרגאַניזירטע, ניט געקוקט אויף דעם גרויסן באַגער פון די ארבעטער אין אַטאָמאָביל, שטאָל, גומי, אַלומינום א. אַ. זיך צו אָרגאַניזירן. פון דער צווייטער זייט, האָט זי פאַרנאַכלעסיקט צו באַפעסטיקן די פּאָזיציעס פון די אָרגאַניזירטע ארבעטער און אויפהאַלטן זייערע געווינסן, אין איינקלאַנג מיט דער פאַרשטאַרקטער עקספּלואַטאַציע, טעכנאָלאָגישער ארבעטלאָזיקייט און יקרות.

### פאַר וועמען די פּראָספּעריטעט איז געווען אַ פעטע פּאַשע

(אַ טאַבעלע פון דיווידענדן און פּראָצענטן, רעאַלער לוין, לעבנס-קאָסטן, באַשעפטיקונג, וואוקס פון באַפעלקערונג, פּראָדוקטיוויטעט און געברויך אין די פּראָספּעריטעט-יאָרן, 1923—1929)

(דער ציפער 100 איז גענומען ווי אַ באַזע פאַר די אויסרעכענונגען)

| | 1923 | 1924 | 1925 | 1926 | 1927 | 1928 | 1929 |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| לעבנס-קאָסטן — — — | 100.0 | 107.3 | 110.9 | 119.6 | 153.9 | 168.4 | 212.2 |
| דיווידענדן און פּראָצענטן, אויסגערעכנט לויט די לעבנס-קאָסטן — — — | 100.0 | 99.8 | 102.7 | 102.4 | 100.9 | 99.8 | 99.8 |
| רעאַלער לוין — — — | 100.0 | 102.3 | 101.3 | 102.9 | 105.4 | 107.0 | 107.4 |
| באַשעפטיקונג, אויסגערעכנט לויטן וואוקס פון דער באַפעלקערונג — — — | 100.0 | 91.0 | 92.9 | 93.1 | 89.5 | [illegible] | 89.0 |
| וואוקס פון באַפעלקערונג | 100.0 | 101.4 | 102.9 | 104.4 | 105.9 | 107.4 | 108.9 |
| פּראָדוקטיוויטעט: | | | | | | | |
| 1. דער סך הכל פון פּראָדוקציע — — | 100.0 | 93.5 | 104.8 | 107.7 | 105.4 | 111.3 | 118.6 |
| 2. פער איינצלנעם אַרבעטער — — — | 100.0 | 101.3 | 107.1 | 110.3 | 109.9 | 117.9 | 120.8 |
| געברויך — — — — | 100.0 | 98.2 | 100.1 | 101.3 | 100.3 | 101.2 | 103.6 |

(די טאַבעלע איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן פון אַ ריי סטאַטיסטישע קוואַלן פון דזש. ב. מעטיוס און ר. ע. שעלקראַס אין זייער בוך: פּאַרטנערס אין פּלאַנדער, זייטן 193-194.)

די ציפערן דערציילן אַן אינטערעסאַנטע געשיכטע. אין די בעסטע יאָרן פון קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע האָט דער רעאַלער אַרבעטער-לוין און דער געברויך זיך געהויבן זייער ווייניק. אָבער דער איינקונפט פון די קאַפּיטאַליסטן האָט זיך מער ווי פאַרדאָפּלט. באַשעפטיקונג ווידער, אויב מען רעכנט לויט דעם צוואוואוקס פון דער באַפעלקערונג, איז געפאַלן אויף 11 פּראָצענט. דאָס זעלבע איז גרויס דער אונטערשייד צווישן דעם לוין און געהעכערטער פּראָדוקטיוויטעט. קאַפּיטאַליזם האָט דורך אַ פאַרשטאַרקטער עקספּלואַטאַציע באַוויזן צו פאַרגרעסערן די אַרבעטלאָזע אַרמיי אַפילו אין דעם פּעריאָד פון העכסטן באַרג־שפּיץ פון זיין פּראָדוקציע.

די ציפערן גיבן אויך דעם עקאָנאָמישן שליסל צו דער סיטואַציע, וואָס דערקלערט פאַרוואָס דער ברעך פון די פּראָספּעריטעט־יאָרן איז געווען אויך דער ברעך פון דעם קאַמף פון רענק און פייל געגן אַ נאָכגעבערישער, קאָ־רופּטער פירערשאַפט אין די יוניאָנס.

א. פ. אָוו ל. ענטפערט מיט פאַרפאָלגונגען

דער קוואַל פון פאַרפאָלגונגען געגן לינקע און רענק און פיילער איז געעפנט געוואָרן אויף דעם א. פ. אָוו ל. צוזאַמענפאָר אין 1925, אין



ביל דאָן

פּאָרטלאַנד, אָרעגאָן, ווען וויליאַם פ. דאָן איז אויסגעשלאָסן געוואָרן, כאָטש ער איז געווען אַ גזעצלעך־דערוויילטער דעלעגאַט פון אַן א. פ. אָוו ל. שטאָטישער קערפּערשאַפט. זיין איינציקער פאַרברעכן איז געווען, וואָס ער איז אַ קאָמוניסט און אַ מיטגליד אין דער טרייד־יוניאָן עדיוקיישאָנאַל ליג. נאָך פּאָרטלאַנד איז געקומען אַן אַלגעמיינער אָנגריף אויף דעם רענק און פייל און אויף דעם לינקן פליגל, וואָס האָט ניט זיין גלייכן אין קיין קאַפּיטאַ־

ליסטיש לאנד. גרין, מעטיו וואל און זייער גלייכן האבן געזוכט אויפצוהעצן די ארבעטער, אז זייערע פיינט זיינען ניט קאפיטאליסטן נאר קאמוניסטן. גרין האט זיך אקטיוו באטייליקט אין דער גאנצער טעראר־קאמפאניע קעגן קאמוניסטן און לינקע אין די יוניאנס. אין אויגוסט 1934 איז ער ארויס־געקומען מיט א פאדערונג צו דער רעגירונג צו דעפארטירן אלע אויסלענדישע קאמוניסטן און צו די יוניאנס זיי זאלן אויפסניי אנהויבן אויסשליסן קאמו־ניסטן.

די מאשין פון די באאמטע האט איבערגענומען די ערגסטע שטריכן פון דער קארופטער פאליטישער מאשין מיט אייגענע דערפינדונגען אלס צוגאב. צו קארופציע איז צוגעקומען דער אנהויב פון רעקעטירינג אין די יוניאנס. (רעקעטירינג איז א סיסטעם פון ארויספרעסן געלט דורך גוואלד־מיטלען און סטראשונקעס). אין א סך יוניאנס איז שווער געווארן צו ציען די ליניע וואו הויבט זיך אן דער יוניאן־באאמטער און וואו ענדיקט זיך דער רעקעטירער. (גענויער וועגן רעקעטירינג אין די וניאנס וועט דער לייענער געפינען אין דעם קאפיטל: די א. פ. או ל., טעאריע און פראקטיק.)

### רענק און פייל העוואלטן אין די יוניאנס נאך איידער קאמוניסטן זיינען געקומען

עס איז פונדאמענטאל ניט ריכטיק, ווי די יוניאן־ביוראקראטיע און די סאציאליסטישע פירער ווילן איינרעדן, אז די קאמוניסטן און די לינקע זיינען דער קוואל פון דעם „ברודער־קאמף" וואס האט זיך צעפלאקערט אין די יוניאנס אין די יארן 1924—1929. די הויכע יוניאן־באאמטע און דער „פארווערטס" האבן געהארעוועט צו שאפן די טעאריע, אז איידער די קאמו־ניסטן זיינען געקומען אויף דער וועלט האט מען אין די יוניאנס ניט גע־וואוסט פון רענק און פייל אפאזיציעס. די פירער און די געפירטע האבן געלעבט צווישן זיך אויף דעם פריינטלעכסטן שטייגער און זיך געהאלזט און האלובעט. די מאסן זיינען געווען צופרידן מיט דעם וואס די פירער טוען אויף פאר זיי. ניט געווען קיין אינערלעכע שטרייטיקייטן אין די יוניאנס. דאס האבן די קאמוניסטן מיט זייער „זידלעריי" (קריטיקירן די באאמטע און זייער פאליטיק איז זידלעריי) געשאפן בייז בלוט און רייסערייען, וואס שעדיקן די ארבעטער.

די „טעאריע איז אויסגעזויגן פון פינגער ווי א באקוועמער מיטל צו ווארפן די שולד פאר דעם בארג־ארונטער פראצעס אין די יוניאנס אויף די „רויטע". אין דער ווירקלעכקייט ווייסט יעדער סטודענט פון דער אמערי־

קאנישער ארבעטער־באוועגונג, אז די געשיכטע פון א סך וויכטיקע און גרויסע יוניאָנס איז פול מיט רעוואָלטן פון דעם רענק און פייל, רעוואָלטן ספּאָנטאַנע און אומאָרגאַניזירטע און דערפאַר ניט קיין דערפאָלגרייכע.

זייער אָפט אין דער פאַרגאַנגענהייט איז די ביטערע געגנערשאַפט צו דער נאָכגעבערישער און אָפט פאַררעטערישער פּאָליטיק פון זייערע פירער באַקליידט געוואָרן אין אָפּאָזיציעס און שפּאַלטונגען פון יוניאָנס. אָבער איידער די קאָמוניסטישע באַוועגונג איז אַנטשטאַנען איז די פירער ניט אָנ־געקומען שווער זיך צו ספּראַווען מיט די אָפּאָזיציעס. די מאַסע אומצופרי־דענע מיטגלידער האָט ניט פאַרמאָגט קיין אָרגאַניזאַציע, קיין אויסגעאַרבעטע פּלענער, קיין קלאָר־פאָרמולירטע לאָזונגען און אַפילו זייער אָפט קיין באַ־וואוסטזיניקע פאַרשטענדיקונג פון די אורזאַכן פון פאַרראַט. די מיטגלידער פון איין שטאָט זיינען ניט געשטאַנען אין באַציאונגען מיט די מיטגלידער פון דער זעלבער יוניאָן אין אַ צווייטער שטאָט. די רעוואָלטן זיינען געווען ניט בלויז ספּאָנטאַן, נאָר אויך באַגרעניצט צו איין שטאָט. די נאַציאָנאַלע באַאַמטע האָבן דעריבער געקענט גרינג זיך קאָנצענטרירן אויף דער שטאָט וואו די אָפּאָזיציע האָט זיך באַוויזן און זי „ליקווידירן" מיט אויסשליסונגען און רעאָרגאַניזאַציע. „מיידזשאָר" בערי האָט דורכגעפירט אַזאַ אָפּעראַציע אויף די בוך־דרוק־אַרבעטער אין ניו יאָרק, אין 1923, ווען זיי זיינען געגאַנגען זיין ווילן אַרויס אין אַן „אומגעזעצלעכן" סטרייק. די איבעריקע לאָקאַלן פון דער דרוק־אַרבעטער יוניאָן זיינען געשטאַנען פון ווייטן. בערי האָט געהאַט אַ פרייע האַנט אין ניו יאָרק. אַ האַלב יאָר שפּעטער האָט בערי געהאַט פאַר זיך אַ רעוואָלט פון זיינע מיטגלידער אין באָסטאָן. די אָפּאָזיציע אין ניו יאָרק איז שוין געווען אויסגעראָטן, האָט בערי געקענט מאָביליזירן זיינע כוחות אין באָסטאָן. שפּעטער איז געקומען די אָרטיקע יוניאָן אין סאַן פראַנציסקאָ מיט דעם זעלבן רעזולטאַט.

די יוניאָן־פירערשאַפט איז ענג געקניפּט צווישן זיך, קען זיך שנעל באַוועגן פון שטאָט צו שטאָט. זי האָט די שטיצע פון דער גאַנצער יוניאָן־ביוראָקראַטיע און פון די אַרבעטגעבער. די רענק און פייל מאַסע איז ניט געווען פאַראייניקט און האָט ניט געקענט באַוועגן זיך ווי די מאַשין. איז דער אויסגאַנג געווען אַלע מאָל אויף דער זייט פון דער מאַשין.

מיט דעם אַנטשטיין פון דער קאָמוניסטישער און לינקער באַוועגונג האָט זיך די לאַגע פונדאַמענטאַל געביטן. דער רענק און פייל האָט באַקומען אַן אָרגאַניזאַציע, אַ פּראָגראַם, אַ צענטער, קלאָר־פאָרמולירטע לאָזונגען און אַ געגויען באַגריף פון די אורזאַכן וואָס האָבן געבראַכט צו זיין שווערער

לאַגע. די יוניאָן־מאַשין האָט שוין געהאַט פאַר זיך ניט קיין ספּאַנטאַנעם, שלעכט־אָרגאַניזירטן און לאָקאַלן רעוואָלט, נאָר אַ צוגעגרייטע, באַוואוסט־זיניקע און אָפט נאַציאָנאַלע אָפּאָזיציע, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט דעם סאַמע פאַרגעשריטנסטן טייל פון די מיטגלידער איבערן לאַנד. דער אויסגאַנג פון קאַמף איז שוין געווען אַנדערש.

צווישן די קוילן און מעטאַל־גרעבער, שיך־אַרבעטער, טעקסטיל־אַרבעטער און נאָדל־פאַך אַרבעטער זיינען פאָרגעקומען גרויסע אויסברוכן פון רענק און פייל קאַמפן געגן די באַאַמטע און זייער פּאָליטיק. איינע פון די גרעסטע ינגיאָנס אין דער קליידער־אינדוסטריע, די אַמאַלגאַמייטעד קלאָדינג וואָירקערס, איז אַ קינד פון אַזאַ מאַסן־רעוואָלט נאָך איידער די אַרבעטער דאָ האָבן געהערט דעם וואָרט קאָמוניסט און לינקער. די מענער־שניידער, העכער זעכציק טויזנט אין צאָל, האָבן אין 1913 געשטורעמט דעם „פּאָרווערטס" און אויסגעשלאָגן זיינע שויבן פאַר דער שטיצע וואָס ער האָט געגעבן די פירער פון די יונייטעד גאַרמענט וואָירקערס, ריקערט און לאַרדזשער, אין פאַרשאַכערן זייער גענעראַל־סטרייק. גראָד האָט זיך געמאַכט, אַז דער בעסערער טייל אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי האָט געשטיצט די גרינדונג פון אַ „דואַל יוניאָן" און האָט דערמוטיקט די „שפּאַלטער און ברעכער", ווי גאָמפּערס האָט געשטורעמט געגן די מענער־שניידער. גאָמפּערס האָט גע־צוואונגען די אידישע געווערקשאַפטן אויסצושליסן די לאָקאַלן פון דער אַמאַלגאַמייטעד.

דער מאַסן־רעוואָלט אין 1916 צווישן די קלאָקומאַכער געגן דעם אָפּמאַך וואָס שלעזינגער און די איבעריקע סאָציאַליסטישע באַאַמטע האָבן געשלאָסן צו ענדיקן זייער גענעראַל־סטרייק, איז אויך געווען אָן דער הילף פון אַ קאָמוניסטישער פּאַרטיי און אַ לינקן פליגל. דער רעוואָלט האָט געצוואונגען שלעזינגערן און הילקוויטן צוריקצוציען דעם אָפּמאַך און צו פאַרהאַנדלען אַ נייעם. פון דעם רעוואָלט איז אַרויסגעוואַקסן דער באַוואוסטער קאַמף פון לאָקאַל איינס אין 1917.

אַ יאָר שפּעטער איז דאָס זעלבע פאָרגעקומען אין דעם גענעראַל־סטרייק פון דרעסמאַכער אין ניו יאָרק. די קלאָוקמאַכער האָבן דורכגעפירט אַ גרויסן קאַמף, וואָס האָט אַריינגעצויגן טויזנטער אַרבעטער אַרום דער אַזוי־גערופענער „הורוויטש־אַפּערע" נאָך אין 1914. דאָס איז געווען דער ערשטער רעוואָלט געגן די אַרביטריישאָן־קייטן וואָס די סאָציאַליסטישע יוניאָן־פירער האָבן אָנ־געטאָן אויף די קליידער־אַרבעטער. צוואַנג־אַרביטריישאָן אונטער פאַר־שיידענע פאָרמען און נעמען איז געווען די אָריגינעלע ביישטייערונג וואָס

די סאָציאַליסטישע פירער אין די נאָדל־פאַכן, מיט מאָרים הילקוויט אין דער שפּיץ, האָבן אונטערגעטראָגן דעם אַמעריקאַנישן אַרבעטער־קלאַס. מיט איר גאַנצן קאָנסערוואַטיוון און רעאַקציאָנערן כאַראַקטער, איז די א. פ. אָוו ל. אונטער גאָמפּערסן געווען געגן אַרביטריישאָן פון דעם כלומרשטן דריטן צד דעם „ווערטן פּובליקום", וואָס איז אַלעמאָל פּאַרטראַטן פון באַנקירן, זייערע לאָיערס, אָדער פּראָמינענטע גלחים און ראַבאַים. אָט־די פאָרשטייער פון „פּובליקום" דאַרפן עס אויסטיילן די אַרבעטער גערעכטיקייט. פאַר דער מתנה האָט מען צוגענומען פון די אַרבעטער זייער איינציקן וואָפן, דעם סטרייק.*)

פיל טויזנטער שיך־אַרבעטער האָבן זיך געשלאָגן געגן די רעאַקציאָנערע, פאַררעטערישע פירער פון דער בוט און שו וואָירקעס יוניאָן און האָבן אָרגאַניזירט אומאָפּהענגיקע יוניאָנס נאָך איידער די קאָמוניסטישע באַוועגונג איז געגרינדעט געוואָרן, נאָך איידער דער רוסישער אַרבעטער־קלאַס האָט דורכגעפירט זיין היסטאָרישע סאָציאַלע רעוואָלוציע. דאָס זעלבע איז געווען אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע און אין דער מינען־אינדוסטריע. פינף טויזנט מעטאַל־גרעבער האָבן אין 1906 פאַרטריבן פון ביוט, מאָנטאַנאַ, זייער פּרעזידענט פּעטיבאָן, ווען ער האָט זיי אונטערגעטראָגן אַ פאַרשאַכערטן אָפּ־מאַך מיט דע אַנאַקאָנדאַ קופער־קאָמפּאַניע. דעמאָלט איז געקומען צו אַ שפּאַלטונג אין דער וועסטערן פעדערייישאָן אָוו מיינערס.

## אין וואָס באַשטייען די פאַרדינסטן פון לינקן פליגל

די קאָלאָסאַלע און היסטאָרישע פאַרדינסטן פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און פון דער לינקער באַוועגונג באַשטייען אין דעם, וואָס צום ערשטן מאָל איז די ענגעגליטע ביטערקייט און צאָרן פון די מאַסן באַקלייד־עט געוואָרן מיט אַ פּראָגראַם, לאָזונגען און אָרגאַניזאַציע. דער קאַמף געגן די ביוראָ־קראַטן און פאַררעטער איז אויסגעוואַקסן אידעאָלאָגיש און אָרגאַניזאַציאָנעל. דער רענק און פייל איז שוין מער ניט געווען די „בלינדע מאַסע" אָדער דאָס „פּאָליעק", וואָס פאַרלירט פון צייט צו צייט זיין געדולד און שפּרינגט פון די האָלאָבליעס — אויף דער שפּראַך פון די פירער — און ווייסט ניט וואָס צו טאָן מיט זיינע אויפגעוואַכטע אומאָרגאַניזירטע כוחות. דער רענק און פייל האָט זיך דערהויבן צום באַוואוסטזיין פון זיינע נויטן און איינ־

*) גענויער און גרינטלעכער וועגן דעם קאַמף געגן אַרביטריישאָן — אין דעם קאַפּיטל וועגן די נאָדל־פאַכן.

טערעסן און ווי אַזוי די נויטן און די אינטערעסן צו באַשיצן. די ביוראָקראַטיע האָט שוין ניט געהאַט פאַר זיך אַ ספּאָנטאַנעם, שלעכט־צוגעגרייטן און אָרטיקן רעוואָלט, נאָר אַן אָרגאַניזירטע, באַוואוסטזיניקע און אָפּט נאַציאָנאַלע אָפּאָזיציע, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט די סאַמע פאָרגעשריטנסטע אַרבעטער אין דער יוניאָן. דעריבער האָבן די יוניאָן־פירער און זייער פרעסע פאַרגאָסן אַזוי פיל וואַסערדיקע טרערן איבער דעם בראָך וואָס איז געקומען אין „זייערע” יוניאָנס זינט די קאָמוניסטישע פאַרטיי איז אַנטשטאַנען.

די קאַמפּאַניעס פון דעם לינקן פליגל האָבן פאַרהיט די אַרבעטער פון אַ סך באַטרוג און אָפּנאַרעריי, מיט וועלכע די יוניאָן־פירער האָבן געזוכט זיי אַרומצודרינגלען. צוליב מורא פאַר די לינקע האָבן יוניאָן־פירער געמוזט שטעלן אַ שטייפערן פראָנט די אַרבעטגעבער. די בעסערע באַדינגונגען וואָס די קוילן־גרעבער און די דרעסמאַכער האָבן געקראָגן אין די קאָודס זיינען געווען אַ דירעקטער רעזולטאַט פון דעם דרוק וואָס די לינקע יוניאָנס און די אָפּאָזיציעס אין די א. פ. אָוו ל. יוניאָנס האָבן אַנטוויקלט. מיט די לינקע יוניאָנס בּאַ דער זייט און אַ פאַרצווייגטע אָרגאַניזירטע אָפּאָזיציע אינעווייניק, האָט די נ.ר.א. אַדמיניסטראַציע ניט געהאַט קיין אַנדער אויסוועג ווי אויסצואיבן אַ דרוק אויף די קוילן־קאָמפּאַניעס און די דרעס־דזשאַבערס דורכצוקומען מיט דער רעכטער פירערשאַפט. גראָוער וועילען אין ניו יאָרק האָט אָפן געזאָגט די דרעס־דזשאַבערס ביי די פאַרהאַנדלונגען צו ענדיקן דעם גענעראַל־סטרייק פון אויגוסט 1934.

די קאָמוניסטישע באַוועגונג און דער לינקער פליגל האָבן אויך גרויסע היסטאָרישע פאַרדינסטן אין אַרויסברענגען צום ערשטן מאָל די אָנגעזאַמלטע אַרבעטער־כוחות אין אינדוסטריעס און געגנטן וואו פריער זיינען די אַרבעטער געווען אינגאַנצן שוצלאָז. דער ערשטער ווידערשטאַנד וואָס די אַרבעטער אין די דרום־שטאַטן האָבן געגעבן זייערע עקספּלואַטאָרן, איז אָרגאַניזירט און געפירט געוואָרן פון קאָמוניסטן און לינקע. דאָס האָבן קאָמוניסטן געבראַכט דאָס וואָרט פון קלאַסנקאַמף צו די זין און טעכטער פון די אָפּגעשטאַנענע באַרג־איינוואוינער אין דרום, וועמען נויט און הונגער האָבן געטריבן אין די פאַבריקן און מילן. דער סטרייק אין גאַסטאָניאַ, נאָרט קאַראָליינאַ, אין 1929, איז געווען דער ערשטער גרויסער קאַמף פון די טעקסטיל פאַבריק־שקלאַפן. אָט־דער סטרייק האָט אויפגערודערט די הונדערטער טויזנטער און מיליאָנען לוין־אַרבעטער אין דרום, ווייסע און שוואַרצע, און האָט געדינט פאַר דער ווייטערדיקער אָרגאַניזאַציע־אַרבעט צווישן די טעקסטיל, שטאָל און קוילן־אַרבעטער אין די דרום־שטאַטן און

פאַר די שפּעטערדיקע גרויסע סטרייקס אין אַלאַבאַמאַ, די קאַראָליינאַס, קענ־טאָקי און אַנדערע. גאַסטאָניאַ האָט געלייגט דעם פונדאַמענט פאַר דעם טעקסטיל גענעראַל־סטרייק, סעפּטעמבער 1934.

די קלאַסן־קאַמף באַוועגונג אין די יוניאָנס — אונטער דעם נאָמען באַצייכענען מיר די טעטיקייט פון די קאָמוניסטן און לינקע אויף דעם עקאָנאָמישן געביט — איז געגאַנגען אין צוויי ריכטונגען: צו העלפן דעם רענק און פייל אין די אַלטע יוניאָנס צוריקצושטויסן די אַטאַקעס פון די אַרבעטגעבער און אויסצוקעמפן נייע געווינסן, און צווייטנס, צו אָרגאַניזירן און פירן סטרייקס צווישן די אינגאַנצן־אומאָרגאַניזירטע אינדוסטריעס. די רענק און פייל אַרבעט צווישן די קוילן־גרעבער, מעטאַל־גרעבער, שיף־אַרבע־טער, בוי־פאַכן, נאָדל־פאַכן, איז געווען דער אויסדרוק פון דער ערשטער ריכ־טונג. די סטרייקס אין פּאַסייק, ניו בעדפאָרד, פאָל ריווער, גאַסטאָניאַ און אַנדערע איז געווען דער אויסדרוק פון דער צווייטער ריכטונג.

### קאָמוניסטן און לינקע קריגן גרויסן איינפלוס אין אַ סך יוניאָנס

נאָך אין 1920 האָבן ביידע קאָמוניסטישע פּאַרטייען באַשלאָסן, אַז די אַרבעט אין די א. פ. אָוו ל. יוניאָנס איז איינע פון זייערע הויפּט־אויפ־גאַבן. די אויפגאַבע איז געשטערט געוואָרן פון די מאַסן־איבערפאַלן אין 1920 אויף די קאָמוניסטן. אַזוי גיך ווי די קאָמוניסטן האָבן באַוויזן איבער־צובויען זייער אָרגאַניזאַציע און צו פאַראייניקן זייערע רייען, האָבן זיי גענומען זיין טעטיק אין די יוניאָנס.

דער צווייטער וועלט־קאָנגרעס פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל אין 1920 און דער ערשטער קאָנגרעס פון רויטן טרייד־יוניאָן אינטערנאַציאָנאַל (פּראָפינטערן) אין 1921 האָבן קלאָר געלייגט די ליניע פאַר קאָמוניסטן אין אַלע קאַפּיטאַליסטישע לענדער. דער טעזיס פון דעם קאָמוניסטישן אינטער־נאַציאָנאַל שטרייכט אונטער די נויטווענדיקייט פאַר קאָמוניסטן צו אַרבעטן אין די רעפאָרמיסטישע יוניאָנס און אַריבערצוגעווינען די אַרבעטער דאָרטן. יעדער פאַרזוך צו גרינדן אייגענע יוניאָנס, סיידן געטריבן דערצו פון אויסער־געוויינלעכע גוואַלדטאַטן פון דער יוניאָן־ביוראָקראַטיע, איז אַ געפאַר. אַזעלכע יוניאָנס וועלן נאָר איזאָלירן די קאָמוניסטן און די לינקע פון דער גרויסער מאַסע אַרבעטער.

דער ערשטער פּראָפינטערן־קאָנגרעס, אין זיין רעזאָלוציע וועגן די פאַר־

איינִיקטע שטאַטן, שטרייכט אונטער: „די פראַגע פון אָרגאַניזירן רעוואָ־לוציאָנערע גרופּן און קעמערלעך אין די יוניאָנס פון דער א. פ. אָוו ל. און פון די אומאָפּהענגיקע יוניאָנס, איז פון לעבנס-וויכטיקייט. ניטאָ קיין אַנדער וועג ווי אַזוי צו געווינען די אַרבעטער אין אַמעריקע, ווי נאָר דורך סיסטע־מאַטישן קאַמף אין די יוניאָנס."

די ערשטע פּראָגראַם פון דער טרייד־יוניאָן עדיוקיישאָנאַל ליג

אַרבעטן פון אינעווייניק איז געווען די ליניע פון דער טרייד־יוניאָן עדיוקיישאָנאַל ליג, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אונטער דער אָנפירונג פון חבר וויליאַם ז. פאָסטער אין 1920. די ליג האָט גלייך פון אָנהייב באַוויזן צו פאַרצייכענען דערפאָלג אין אייניקע וויכטיקע יוניאָנס. אין איר פּראָגראַם, אויסגעאַרבעט אין 1922, האָט די ליג קלאָר געמאַכט, אַז זי איז ניט קיין צווייטער טרייד־יוניאָן צענטער, נאָר אַן אָרגאַניזאַציע פון פּראָגרעסיווע און רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן אין די עקזיסטירנדיקע יוניאָנס מיטן צוועק „אַרויסצופירן די יוניאָנס פון זייער אַלטמאָדישן און פאַרגליווערטן צושטאַנד און פאַרוואַנדלען זיי אין מעכטיקע, מאָדערנע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס וואָס זיינען פעיאיק צו פירן דערפאָלגרייכע קאַמפן געגן די קאַפּיטאַליסטן".

די פּראָגראַם איז שאַרף אַרויסגעטראָטן געגן די שעדלעכע טעאָריעס פו־דער א. פ. אָוו ל. וועגן האַרמאָניע צווישן אַרבעט און קאַפּיטאַל און געגן דעם בורג־פרידן (שלום בית) וואָס דער גאָמפּערסיזם האָט געשלאָסן מיט די קאַפּיטאַליסטן. די טרייד־יוניאָן עדיוקיישאָנאַל ליג האָט די ערשטע געוואָרפן די לאָזונג פון אַמאַלגאַמיישאָן, צו פאַראייניקן די באַזונדערע פאַך־יוניאָנס פון איין אינדוסטריע אין גרויסע און קרעפטיקע יוניאָנס, געבוים אויף דער גאַנצער אינדוסטריע.

די ערשטע נאַציאָנאַלע קאָנפערענץ פון דער טרייד־יוניאָן עדיוקיישאָנאַל ליג איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין אויגוסט 1922, אין שיקאַגאָ. 54 דעלעגאַטן פון די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע זיינען אָנוועזנד געווען. מיט עטלעכע טעג צוריק איז די פּאָליציי און אַגענטן פון פעדעראַלן יוסטיץ־דעפּאַרטמענט באַפאַלן די קאָמוניסטישע קאָנווענשאָן אין ברידזשמען, מישי־גען. די רעגירונג האָט אַרעסטירט 32 מענטשן. די פּאָליציי האָט געוואוסט, אַז די קאָמוניסטן זיינען טעטיק אין דער ליג, איז זי באַפאַלן די קאָנפערענץ און אַרעסטירט עטלעכע טוער. די קאָנפערענץ איז אָבער אָנגעגאַנגען ווייטער מיט איר אַרבעט.

די נאַציאָנאַלע קאָנפערענץ האָט אויסגעאַרבעט די קאָנסטיטוציע און די פּראָגראַם פון דער ליג. די לאָזונג פון פאַראייניקן די פאַך־יוניאָנס איז אַרויסגערוקט געוואָרן ווי איינע פון די סאַמע וויכטיקסטע אין דעם מאָמענט פאַר די אַרבעטער. די גרויסע סטרייקס אין 1920 און 1922 האָבן פול־שטענדיק דעמאָנסטרירט די שעדלעכקייט און אַלטמאָדישקייט פון די אַלטע פאַך־פאָרמען. די קאָנפערענץ האָט אויסגעאַרבעט ספּעציעלע אַמאַלגאַמירונג־לאָזונגען פאַר יעדער גרויסער אינדוסטריע, ווי באַן־טראַנספּאָרט, שטאָל, קליידער, טעקסטיל, בוי־אינדוסטריע און דאָס גלייכן. די קאָנפערענץ האָט אויך געוואָרפן די לאָזונג צו אָרגאַניזירן די מיליאָנען אומאָרגאַניזירטע אַרבעטער.

די קאָנפערענץ איז שאַרף אַרויסגעטראָטן געגן דער נאָן־פּאַרטיזאַן פּאָ־ליטיק פון דער א. פ. אָוו ל. און האָט זיך אַרויסגעזאָגט פאַר א זעלבסט־שטענדיקער פּאָליטישער אַקציע פון דעם אַרבעטער־קלאַס.

עס האָט לאַנג ניט גענומען און די ליג איז געוואָרן א פאַקטאָר אין איינציקע וויכטיקע יוניאָנס. די שיקאַגאָ פעדערייישאָן אָוו לייבאָר האָט אין מערץ 1923 אָנגענומען א רעזאָלוציע פאַר אַמאַלגאַמירן די פאַך־יוניאָנס. אין די יוניאָנס פון דער קליידער־אינדוסטריע, צווישן די קוילן־גרעבער, אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע און צווישן די באַן־יוניאָנס האָט זיך אָנגעהויבן א שטאַרקע רענק און פייל באַוועגונג פאַר קלאַסנקאַמף־מעטאָדן, פאַר דעמאָ־קראַטיע אין די יוניאָנס און געגן דער שעדלעכער פּאָליטיק פון די פירער, וואָס האָט געבראַכט צו איין פאַרלוסט נאָך דעם צווייטן.

## די פּאָפּירענע גאַז־אַטאַקע געגן די קאָמוניסטן

אָנהייב 1923 האָבן דער לינקער פליגל און די קאָמוניסטן באַוויזן צו לייגן דעם פונדאַמענט פאַר א מאַסן־באַוועגונג צווישן די קוילן־גרעבער. דזשאָן ל. לואיס און די איבעריקע יוניאָן־ביוראָקראַטן האָט דאָס גאָרניט געשמעקט. צום ערשטן מאָל האָבן זיי זיך אָנגעשטויסן מיט אַן אָרגאַניזירטער, באַוואוסטזיניקער אָפּאָזיציע־באַוועגונג, אָנשטאָט מיט א ספּאָנטאַנעם רעוואָלט פון די מיטגלידער, א רעוואָלט וואָס איז זיי ניט שווער צו אונטערדריקן.

די יוניאָן־ביוראָקראַטיע האָט באַשלאָסן צו דערלאַנגען א קלאַפּ דער נייער, באַוואוסטזיניקער אָפּאָזיציע איידער זי באַפעסטיקט זיך. די ערשטע זיך צו וואַרפן אין קאַמף געגן די לינקע זיינען געווען די פירער פון דער יונייטעד מיין וואָירקערס. געטאָן האָבן זיי עס אויף א זייער אומגעלומפּערטן

און נידערטרעכטיקן אופן. אין דעם אפיציעלן זשורנאל פון דער יוניאן איז דערשינען א סעריע פון סענסאציאנעלע „אויפדעקונגען" וועגן דער בלומרש־טער טעטיקייט פון דער סאוועטן־רעגירונג און פון קאמינטערן אין די פאר־איניקטע שטאטן. די ארטיקלען זיינען געווען די גייסטיקע ווערק פון א ווייס־גווארדייאישן שפיאן און, פארשטייט זיך, אויסגעטראכט פון אנהייב ביזן סוף. די ארטיקלען זיינען געווען די ערשטע פון דעם סארט אין דער אפיציעלער יוניאן־פרעסע, וואס האבן געצילט צו דיסקרעדיטירן די קאמו־ניסטן און זיי אריינשלעפן אין קרימינעלע פארשווערונגען פון טעראר־אקטן און דאס גלייכן.

עטוואס שפעטער האט טשעסטער רייט, געוועזענער סאציאליסט און רעדאקטאר פון „קאל" און נאכדעם פרעסע־אגענט פון דער א. פ. או ל., אפגעדרוקט אן ענלעכע סעריע ארטיקלען אין נאמען פון דער א. פ. או ל. די גרויסע צייטונגען אין לאנד האבן זיך מיט גרויס פרייד אנגעכאפט אן די ווילדע אויסטראכטענישן פון דער א. פ. או ל. ביוראקראטיע. די „אויפ־דעקונגען" זיינען געדרוקט געווען אין די מערסטע צייטונגען פון לאנד. אויך זיי זיינען געווען די ארבעט פון א ווייס־גווארדייאישן שפיאן.

די אלע שטינק־באמבעס האבן ניט אפגעהאלטן דעם וואוקס פון דער טרייד־יוניאן עדיוקיישאנאל ליג און איר איינפלוס. לינקע און פראגרעסיווע גרופעס זיינען ארגאניזירט געווארן אין די וויכטיקסטע יוניאנס און זייער איינפלוס איז געוואקסן. דעצעמבער 19, 1923, איז אפגעהאלטן געווארן די ערשטע קאנפערענץ פון די פראגרעסיווע אין די באן־בראדערהודס. פיר הונדערט רענק און פייל טוער זיינען געווען פארטראטן. יוני אין זעלבן יאר איז אין פיטסבורג אפגעהאלטן געווארן די ערשטע קאנפערענץ פון דעם פראגרעסיוון פליגל אין דער מיינער־יוניאן. צוועלף געגנטן (דיסטריקטן) זיינען געווען פארטראטן. דער קאמף אין די יוניאנס פאר מיליטאנטישע מעטאדן און ארבעטער־דעמאקראטיע האט זיך אנגעהויבן.

די יוניאן־ביוראקראטיע האט זיך ניט באנוגנט מיט פאפירענע גאז־אטאקעס. ווען די געפאר איז געווארן ערנסטער, האבן די באאמטע אנגעהויבן אנווענדן מער וואגיקע און שטארקע מיטלען. אקטיווע יוניאן־מיטגלידער פון דער אפאזיציע זיינען בארויבט געווארן פון ווארט און שווערע געלט־שטראפן זיינען אויף זיי ארויפגעלייגט געווארן. שפעטער האבן זיך באוויזן אויסשליסונגען און רעארגאניזאציעס פון לאקאלן דארטן וואו לינקע זיינען אויסגעקליבן געווארן פון די מיטגלידער אין דער פירערשאפט.

וואס ענגער די יוניאן־פירער האבן זיך פארבונדן מיט די קאפיטאליסטן

דורך די פארשיידענע שטיק פון קלאסן־מיטארבעטערשאפט, ווי צוואנג־ארביטרייישאן, אפמאכן אויף לאנגע טערמינען, דאס רעכט פון די באלעבאטים אנצושטעלן ארבעטער און זיי צו אנטזאגן („הייער ענד פייער") און נאך אזוינע זאכן, אלץ שטארקער איז געשטיגן די ווירקונג פון דעם לינקן פליגל, אלץ פאפולערער זיינען געווארן זיינע לאזונגען און אלץ מער לאקאלע יוניאנס זיינען אריבערגעגאנגען אונטער לינקער פירערשאפט. די ביוראקראטן האבן געענטפערט מיט קלעפ, מעסער־שטעך און אויסשליסונגען.

די אויסשליסונג פון חבר וויליאם פ. דאן פון דער א. פ. און ל. קאנ־ווענשאן אין 1925 איז געווען דער סיגנאל פאר א ברייטער טעראר־אטאקע אויף די קאמוניסטן און לינקע אין די יוניאנס. יעדער שפור פון געזעצלעכקייט איז חוצפהדיק אפגעשטופט געווארן, די קאנסטיטוציע און די פונדאמענטאלע רעכט פון די מיטגלידער זיינען געטראטן געווארן מיט די פיס. יוניאן־פירער האבן זיך באווארנט מיט גרויסע באנדעס שלעגער און געננגסטער, וועלכע האבן צעמזיקט יעדן אפאזיציע־טוער וואס האט געוואגט זיך אויפצוהויבן מיט קריטיק אויף א יוניאן־מיטינג. מיטינגען וואו די אפאזיציע איז געווען צו שטארק, זיינען אפגעבראכן געווארן מיט בלוט־פארגיסונג. לינקע אר־בעטער זיינען פארטריבן געווארן פון די שעפער און בארויבט געווארן פון דער מעגלעכקייט צו פארדינען אויף א לעבן. הונדערטער טעטיקע יוניאן־מיטגלידער זיינען פארקריפלט געווארן.

### גאנצע יוניאנס אויסגעשלאסן פון די רעכטע ביוראקראטן

דער ווילן פון די מיטגלידער, אויסגעדריקט אין געזעצלעכע אפשטימונגען און אין רעגולערע וואלן, האט גארניט געמיינט פאר די יוניאן־ביוראקראטן. טעראר געגן איינצלנע רענק און פייל טוער איז באגלייט געווארן, ווען דער קאמף איז געווארן צו היים פאר די באאמטע, מיט אויסשליסונגען פון גאנצע לאקאלן וואס האבן געציילט פיל טויזנטער מיטגלידער. דזשאינט באארדס, געזעצלעך־דערוויילט, זיינען ארונטערגעזעצט געווארן. גענעראל־סטרייקס זיינען סאבאטאזשעוועט געווארן מיט דעם געמיינעם ציל אונטערצורייסן דעם קאמף פון די ארבעטער אוןווארפן נאכדעם די שולד אויף די לינקע, ווי דער פאל איז געווען מיט דעם גענעראל־סטרייק פון די קלאוקמאכער און מיט דעם גענעראל־סטרייק פון די פאריערס אין ניו יארק אין 1926. עקל־האפטע מסירות צו דער פאליציי געגן די פאריערס און פעטיציעס צום לייבאר־דעפארטמענט צו דעפארטירן „געפערלעכע אגיטאטארן" ביי די ארבעטער

אין די שפּייז־געשעפטן (גראָסערי קלוירקס), זיינען נאָר עטלעכע שרייענדיקע ביישפּילן פון דער געזונקענקייט פון דער יוניאָן־ביוראָקראַטיע אין אירע פאַר־צווייפלטע פאַרזוכן אויפצוהאַלטן איר מאַכט געגן דעם ווילן פון די מיט־גלידער. אַלע מיטלען, פון דעם מעסער פון דעם געדונגענעם שלעגער ביז פאַרשווערונגען צו וואַרפן די לינקע אין טורמע און זיי צו דעפּאָרטירן פון לאַנד, זיינען גוט געווען. אין דער גאַנצער טרייד־קאַמפּאַניע איז די פירער־שאַפט פון דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי געגאַנגען האַנט אין האַנט מיט די ערגסטע רעאַקציאָנערן פון דער א. פ. אָוו ל. ווי מעטיו וואָל און מיט אָפענע רעקעטירס ווי „נאַקאַוט״ בעקערמאַן, הערי קאָהען, צאַוזנער, קויפמאַן, קאַפּ־לאַן און זייער גלייכן. (דאָס האָט וולאַדעק, פאַרוואַלטער פון סאָציאַליסטישן „פאָרווערטס״, געגעבן דעם טיטל „נאַקאַוט״ — אַרויסקנאַקן די ביינער — דעם רעקעטיר־העלד בעקערמאַן פאַר זיינע בלוטיקע גענגסטער־מעטאָדן געגן די שניידער־אַרבעטער, מיטגלידער פון דער אַמאַלגאַמייטעד, וועלכע האָבן זיך געשטעלט געגן דעם חוצפּהדיקן פאַרראַט פון אים און זיין באַנדע. בעקערמאַן איז דעמאָלט געווען אַ טעטיקער מיטגליד פון דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי. שפּעטער איז ער אַריין אין רעקעטיר־געשעפט אין דעם פאָר־פאַך.)

די טרייד־כוואַליע האָט געבושעוועט געגן די פאָריער, פרויען־קליידער אַרבעטער, מענער־שניידער, פרויען־היט אַרבעטער אין ניו יאָרק, שיקאַגאָ, קליוולאַנד, באָסטאָן, ראָטשעסטער א. אַז. וו., געגן די קוילן־גרעבער אין האַרטן קוילן־געגנט און ווייכן אין פּענסילווייניע, אָהייאָ, אילינאָי און קענזעס, וואו אַלעקסאַנדער האָוואַט איז אויסגעשלאָסן געוואָרן מיט דער גאַנצער יוניאָן; געגן די שיך־אַרבעטער אין ניו ענגלאַנד, וואו פיל טויזנטער אַרבעטער זיינען אויסגעשלאָסן געוואָרן אָדער האָבן אַליין פאַרלאָזט די בוט און שו וואָרקערס יוניאָן; געגן בוי־אַרבעטער, קאַרפּענטערס און פּיינטערס אין ניו יאָרק, ברוקלין, דעטראָיט און אַנדערע שטעט; געגן די טעקסטיל־אַרבעטער אין ניו ענגלאַנד, געגן די שפּייז־אַרבעטער אין ניו יאָרק און נאָך.

דעם העכסטן באַרג־שפּיץ האָבן די קאַמפן פון דעם אָרגאַניזירטן רענק און פייל דערגרייכט אין די יאָרן 1925, 1926 און 1927. דאָס איז געווען אַ הייסער און שטורמישער פּעריאָד. אין אַ ריי אינדוסטריעס, ווי קוילן, קליי־דער, שיך, טעקסטיל א. אַ., האָט דער רענק און פייל דעמאָנסטרירט אויף צענדליקער אופנים זיין שאַרפע געגנערשאַפט צו דער פּאָליטיק פון די נאַציאָנאַלע באַאַמטע און זיין אָנהענגערשאַפט פון דער פּראָגראַם וואָס די קאָמוניסטן און לינקע שלאָגן פאָר. די רומפולע קאַמפן פון די נאָדל־פאַך אַרבעטער, באַזונדערס אין דער פרויען־קליידער אינדוסטריע, פאָריערס און

פרויען־הוט ארבעטער, האָבן אויפגערודערט די גאַנצע ארבעטער־באַוועגונג. אין וואָלן דורכגעפירט אונטער דער בייטש פון די רעכטע באַאמטע מיט זייערע געדונגענע שלעגער, האָבן די ארבעטער געשטימט פאַר קאָמוניסטן און לינקע אין דער פירערשאַפט פון די יוניאָנס.

ניט נאָר צווישן די נאָדל־פאַך ארבעטער. אין דער גרויסער יונייטעד מיין וואָירקערס יוניאָן זיינען די לינקע געוואָרן דער כח וואָס האָט פאַר־אייניקט אַרום זיך די בעסטע, אָרנטלעכסטע און מיליטאַנטישסטע עלעמענטן אין דער יוניאָן. די לינקע אָפּאָזיציע מיט איר לאָזונג „ראַטעוועט די יוניאָן!״ אין 1926 האָט געוואונען די סימפּאַטיע פון אַ גרויסן און מעגלעך דעם גרעסטן טייל קוילן־גרעבער. אָבער דזשאָן ל. לואיס און זיין קליקע רעכענען זיך ניט מיט אַזעלכע קלייניקייטן ווי דער ווילן פון די מיטגלידער אין דער יוניאָן. דזשאָן לואיס, פיליפ מאַרעי, קענעדי און די קלענערע פירער רעגירן ניט מיט דער צושטימונג פון די מיינער, נאָר געגן זייער ווילן און איבער זייערע קעפּ. לואיס האָט אויסגעאַרבעט אַ ווייט־פאַרשפּרייטע פּראַקטיק, וואָס האָט באַפרייט אים און זיין מאַשין פון אַזעלכע זאַכן ווי געזעצלעכע וואַלן, אָרנטלעכע אָפּשטימונגען און דאָס גלייכן.

די לינקע האָבן געפירט אין 1926 דעם סטרייק פון די ווייכע קוילן־גרעבער אין דרום אילינאָי, די לינקע האָבן געשפּילט אַ באַדייטנדיקע ראָל שפּעטער אין דעם גרויסן גענעראַל־סטרייק פון די קוילן־גרעבער, אַפּריל 1927, אַ סטרייק וואָס איז פאַרראַטן געוואָרן פון דער לואיס־מאַשין.

דזשאָן לואיס האָט אָנגעפילט דעם צוזאַמענפאָר אין אינדיאַנאַפּאָליס אין 1927 מיט פּאַפּירענע לאָקאַלן פון דרום, וואָס עקזיסטירן גאָרניט און אַרומגערינגלט די פּלאַטפאָרמע מיט אַ שטאַרקער באַוואָפנטער באַנדע, קיינער זאָל ניט קענען עפענען אַ מויל. לואיס האָט פאַרוואַנדלט דעם צוזאַמענפאָר אין אַ פאַרס און מיט דער הילף פון זיינע לייטענאַנטן דורכגעפירט אַן אַמענדמענט, אַז מיטגלידער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי קענען ניט זיין קיין מיטגלידער פון דער יונייטעד מיין וואָירקערס יוניאָן. די פאַררעטערישע פּאָליטיק וואָס די לואיס־מאַשין האָט געטריבן האָט געבראַכט די קוילן־גרעבער צו פאַרלירן אַלע זייערע געווינסן. די יוניאָן האָט גענומען איינדאַרן, ביז אין די קריזיס־יאָרן איז פאַרבליבן נאָר אַ דינער סקעלעט פון איר פריער־דיקער גרויס. ערשט מיט דער הילף פון דער ג.ר.א. האָט דזשאָן לואיס באַוויזן ווידער אַריינצוקריגן די קוילן־גרעבער אין דער יונייטעד מיין וואָירקערס יוניאָן.

דער לינקער פליגל האָט אָפּגעהאַלטן אַ קאָנפערענץ אין פּיטסבורג אין פאַרלויף פון דעם סטרייק אין דרום־אילינאָי. די מיליטאַנטישסטע עלעמענטן

אין דער יוניאן זיינען געווען אויף דער קאנפערענץ. א גרויסער ענטוזיאזם האט געהערשט אויף דער קאנפערענץ פאר דעם קאמף ארויסצורייסן די יוניאן פון דער קארופטער, פארדעטערישער קליקע. לואיס און דער דיסטריקט־פרעזידענט פון דער יוניאן אין אילינאי, פרענק פארינגטאן, האבן אנגעווענדט אלע מיטלען דער סטרייק זאל געבראכן ווערן.

שפעטער, ווען לואיס און פארינגטאן האבן זיך צעקריגט, האט לואיס פארעפנטלעכט א בריוו פונם פרעזידענט פון דער פיבאדי קוילן־קאמפאניע, די גרעסטע פירמע אין אילינאי, צו פרענק פארינגטאן. פון דעם בריוו איז קלאר געווען, אז פארינגטאן איז אויף א יערלעכן געהאלט ביי דער סאוטערן אילינאי קוילן־קאמפאניע צו פארקויפן די קוילן־גרעבער אין אילינאי, וועמענס פרעזידענט ער איז. פארינגטאן האט געקראגן פון דער קוילן־קאמפאניע פופצן טויזנט דאלאר א יאר. פארינגטאן איז דעמאלט געווען אויפן וועג אין ענג־לאנד. דער צוזאמענפאר פון דער א. פ. און ל. האט אים צוגעטיילט דעם כבוד צו פארטרעטן די ארגאניזירטע ארבעטער פון די פאראייניקטע שטאטן אויף דעם בריטישן טרייד־יוניאן קאנגרעס.

דער פארינגטאן־סקאנדאל האט געפלאצט ווי א באמבע. אבער דזשאן לואיס און זיין מאשין האבן די גאנצע צייט געוואוסט ווער פארינגטאן איז און וואס ער טוט. זיי האבן געשוויגן, ווייל זיי פראקטיצירן די זעלבע מעטאדן. ערשט א קריג איבער רויב האט ארויסגעשטעלט פארינגטאן פאר דער ברייטער עפנטלעכקייט.

ווי ווייט דער איינפלוס פון לינקן פליגל האט דערגרייכט אין דער מיינער־יוניאן קען מען זען דערפון, וואס דזשאן לואיס האט געמוזט אנ־צייכן פאר דזשיימס בראפי, דעם קאנדידאט פון די לינקע, 60,000 שטימען אין דעם רעפערענדום אין 1927 פאר דעם אמט פון יוניאן־פרעזידענט. בראפי האט געקראגן א מערהייט שטימען, אבער געציילט די שטימען האט דזשאן לואיס, האט ער גענומען די מערהייט. לואיס האט אויך אפגעלייגט דעם צוזאמענפאר ביז 1929, כדי אויסצומיידן די לינקע אפאזיציע.

לואיס האט זיך פאראייניקט מיט די קוילן־בעראנען נעגן די לינקע. ארנטלעכע מיליטאנטישע ארבעטער זיינען געשטעלט געווארן אויף דער שווארצער ליסטע און זיינען פארטריבן געווארן פון דער קוילן־אינדוסטריע. לואיסעס שלעגער האבן געשאסן און פארקריפלט פיל רענק און פייל טוער.

די לינקע האב אויך אנטוויקלט א ברייטן קאמף פאר די ארבעטער־אינטערעסן אין דער קארפענטערס בראדערהוד (סטאליארעס יוניאן). די בראדערהוד, דעמאלט א מעכטיקע יוניאן וואס האט געציילט נאענט צו פיר

הונדערט טויזנט מיטגלידער, האָט אין די יאָרן פון דער פּראָספּעריטעט אָנגעהויבן פאַרלירן מיטגלידער און באַדינגונגען, פריער אין דער וועסטער וועסט (מערב) און נאָכדעם אויך אין די שטאַטן ביי דעם אַטלאַנטישן אָקעאַן. האַטשינסאָן, דער פּרעזידענט פון דער יוניאָן, אַ רעפּובליקאַנישער פּאָליטישען, האָט געפירט אַ פּאָליטיק פון נאָכגעבן די אַרבעטגעבער. די קאָרפּענטערס, פאַררעכנט צווישן דער אַרבעטער־אַריסטאָקראַטיע, האָבן געזען ווי זיי פאַרלירן זייערע פּאָזיציעס.

אין 1926 האָט האַטשינסאָן אויף דעם צוזאַמענפאָר פון דער יוניאָן דורכגעפירט אַ רעזאָלוציע אויסצושליסן קאָמוניסטן. זיין מאַשין האָט אויסגעשלאָסן אַ ריי לאָקאַלע יוניאָנס אין ניו יאָרק און דעטראָיט. פונדעסטוועגן האָט האַטשינסאָן געמוזט אָנציילן פאַר ראַזען, דער קאַנדידאַט פון די לינקע און אַ מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, 10,000 שטימען פאַר פּרעזידענט. פאַרשטייט זיך, אַז די צאָל שטימען איז געווען פיל גרעסער. די פאַרפאָלגונגען פון די קאָמוניסטן און לינקע און האַטשינסאָנס גאַנצע פּאָליטיק האָבן געבראַכט אַ גוואַלדיקע אָפּשוואַכונג פון דער יוניאָן און אַ גרויסע פאַרערגערונג פון די אַרבעט־באַדינגונגען.

ענלעך איז געווען די לאַגע אין דער מאַשיניסטן־יוניאָן, וועמענס פּרעזידענט, דזשאָנסטאָן, איז געווען אַ סאָציאַליסט. דער קאַנדידאַט פון די לינקע פאַר פּרעזידענט האָט געקראָגן, לויט דער ציילונג פון די באַאַמטע, 18,000 שטימען. דזשאָנסטאָן דער סאָציאַליסט און האַטשינסאָן דער רעפּובליקאַנער האָבן אָנגעווענדעט די זעלבע מעטאָדן פון פאַרפאָלגונגען און אויסשליסונגען. ביידע האָבן דערפירט זייערע מיטגלידער, הויך־קוואַליפיצירטע אַרבעטער, צום אָפּגרונט פון אָפּען־שאָפּ באַדינגונגען.

## דער גרויסער סטרייק אין פּאַסייק, אַ רעוואָלט פון אומאָרגאַניזירטע

פון אַן אַנדער כאַראַקטער ווי די סטרייקס אין די נאָדל־פאַכן און קוילן־גרעבער איז געווען דער לאַנגער און גרויסער טעקסטיל־סטרייק אין פּאַסייק אין 1926־1927.

פּאַסייק, ניו דזשוירזי, איז אַ טיפּישע פאַבריק־שטאָט מיט פינצטערע הייזער, אומעטיקע גאַסן און אַן אַרבעטער־באַפעלקערונג וואָס פירט אַ שטאַרק־געמאַטערט לעבן אַפילו אין די גוטע יאָרן פון דער פּראָספּעריטעט. די אַרבעטער אין פּאַסייק זיינען קיינמאָל ניט געווען אָרגאַניזירט און דער סטרייק אין 1926 איז געווען זייער ערשטער גרויסער אַרויסטרעט געגן גרוי־

זאַמער עקספּלואַטאַציע. דער סטרייק האָט זיך געצויגן אַ יאָר, האָט אויפ־געוועקט (?) דאָס לאַנד און זיך אויסגעצייכנט מיט דעם הויכן גראַד מיליטאַנטישקייט און איינגעשפּאַרטן ווידערשטאַנד וואָס די אַרבעטער האָבן אַרויסגעוויזן געגן די בלוט־דורשטיקע פאַבריקאַנטן, וואָס האָבן געהאַט צו זייער דינסט דעם גאַנצן אַפּאַראַט פון געזעץ, מיט דער א. פ. אָוו ל. ביוראָ־קראַטיע אַלס צוגאָב.

די גרויסע באַדייטונג פון דעם סטרייק ליגט אין דעם, וואָס ער האָט געדינט ווי אַן אָנצייגער אויף דער קאַמף־גרייטקייט פון גרויסע מאַסן אומ־אָרגאַניזירטע אַרבעטער. דער סטרייק אין פּאַסייק איז אַ שאַרפע אָפּלייקענונג פון דער אַלטער טעאָריע וואָס די יוניאָן־ביוראָקראַטיע האָט זיך באַמיט צו פאַרשפּרייטן וועגן די שוועריקייטן און אוממעגלעכקייט צו אָרגאַניזירן די מיליאָנען אומאָרגאַניזירטע אַרבעטער. גלייכצייטיק איז פּאַסייק אַ מאָנו־מענטאַלער ביישפּיל פון טעמפּן פאַרראַט און חוצפּהדיקער דינסט די קאַפּי־טאַליסטן פון דער א. פ. אָוו ל. ביוראָקראַטיע.

די טעקסטיל־אַרבעטער אין פּאַסייק האָבן ניט געהאַט קיין אָרגאַניזאַציע. עטלעכע מיטגלידער פון דער יאָנג קאָמיוניסט ליג (ליג פון יונגע קאָמוניסטן) זיינען געשיקט געוואָרן צו אַרבעטן אין די פאַבריקן אין פּאַסייק און אַזוי אַרום אָנצוהויבן אָרגאַניזאַציע־אַרבעט צווישן זיי. זיי זיינען אַריין אַרבעטן אין דער באָטאַני־מיל, די גרעסטע פאַבריק אין שטאָט. די לאַגע פון די אַרבעטער איז געווען זייער געדריקט. אין אַ פּאָר מאָנאַטן אַרום האָבן די עטלעכע יונגע קאָמוניסטן געהאַט די גאַנצע פאַבריק, אַריבער דריי טויזנט אַרבעטער, אויף זייער זייט. אַזוי רייף זיינען די אַרבעטער געווען פאַר אַ קאַמף פאַר בעסערע באַדינגונגען.

דעם פינפטן אָקטאָבער 1925 האָבן די פאַבריקאַנטן איינגעפירט אַ לוין־שניט פון צען פּראָצענט. דאָס האָט דערפירט די פאַרדינסטן פון די אַרבעטער צו אַ דורכשניט פון אַרום 15 דאָלאַר פאַר אַ פולער וואָך אַרבעט. נאָר 23 פּראָצענט פון די אַרבעטער האָבן פאַרדינט צווישן 20 און 25 דאָלאַר פאַר אַ פולער וואָך אַרבעט.

אונטער דער פירערשאַפט פון די קאָמוניסטן איז אין יאַנואַר 1926 געגרינדעט געוואָרן אַ פאַראייניקטער פראָנט קאָמיטעט צוצוגרייטן דעם סטרייק. דעם 25סטן יאַנואַר האָט דער קאָמיטעט געשיקט אַ דעלעגאַציע צו די פאַבריקאַנטן מיט פאָדערונגען. אויף מאָרגן זיינען די מיטגלידער פון דער דעלעגאַציע אַנטזאָגט געוואָרן פון דער אַרבעט. דאָס איז געווען דער סיגנאַל פאַרן סטרייק. די ערשטע זיינען אַרויס די אַרבעטער פון דער באָטאַני־פאַבריק.

עטלעכע טעג שפעטער זיינען צוגעשטאנען די ארבעטער פון דער גארפילד־פאבריק און פון דער פאסייק שפינעריי־קאמפאניע. אויף דער צווייטער וואך זיינען אלע פאבריקן אין און ארום פאסייק געווען פאראליזירט. 16,000 ארבעטער זיינען געשטאנען אין סטרייק.

די סטרייקער האבן ארויסגעשטעלט א ריי עלעמענטארע, מינימום־פאדערונגען, ווי א צען־פראצענט לוין־העכערונג, פערציק שטונדן ארבעט א וואך, סאניטארישע באדינגונגען, קיין דיסקרימינאציעס געגן יוניאן־מיט־גלידער און יוניאן־אנערקענונג.

סטרייקער ווייזן ארויס א סך איניציאטיווע

די קאמוניסטן האבן ארויסגערופן די איניציאטיווע און טעטיקייט פון אלע סטרייקער און זייערע פאמיליעס. דער טעקסטיל־געגנט אין ניו דזשורזי האט ניט בייגעוואוינט אזעלכע מאסן־פיקעט דעמאנסטראציעס ווי אין פאסייק אין 1926. די פרויען און קינדער פון די סטרייקער האבן זיך אקטיוו באטייליקט אין אלע דעמאנסטראציעס. די פיקעט־ליניעס האבן געהאלטן צוגעשלאסן די פאבריקן די גאנצע צייט. קיין סטרייקברעכער זיינען פאקטיש ניט געווען.

די פאבריקאנטן האבן מאביליזירט א גרויסע ארמיי שלעגער און דעפּיוטי שעריפס, די פאליציי און די פייערלעשער. די סטרייקער און זייערע קינדער זיינען אטאקירט געווארן מיט גאז־באמבעס, ביקסן, רעוואלווערן און דובינקעס. הונדערטער זיינען ארעסטירט געווארן, הונדערטער זיינען צעשלאגן געווארן. די פאליציי האט שווער געארבעט אפצוברעכן די גלענצנדיקע הילף־ארבעט מיט די זופּ־קיכן, וואס האבן געשפּייזט די סטרייקער און זייערע פאמיליעס.

די קאמוניסטישע פארטיי, די טרייד־יוניאן עדיוקיישאנאל ליג און דער גאנצער לינקער פליגל האבן פאנאנדערגעוויקלט א ברייטע קאמפאניע פון שטיצע פאר די העלדישע סטרייקער. געלט, שפּייז און קליידער זיינען געזאמלט געווארן אין אלע טיילן פון לאנד. מאסן־פארזאמלונגען און דעמאנסטראציעס זיינען אפגעהאלטן געווארן צו פאדערן א סוף פון דעם טעראר אין פאסייק.

די העלדישקייט און אויסדויער פון די סטרייקער און די הילף וואס האט געשטראמט, זיינען געווען מעכטיקע פאקטארן צו געווינען דעם סטרייק. אבער דא האט זיך אריינגעמישט די א. פ. או ל. ביוראקראטיע. מעקמעהאן

פון דער יונייטעד טעקסטיל װאָירקערס יוניאָן האָט די גאַנצע צייט פון סטרייק שטילערהייט דערמוטיקט די פאַבריקאַנטן ניט צו שליכטן דעם סטרייק. זיין טאַקטיק איז געװען צו ברענגען אַ קרבן די זעכצן טויזנט סטרייקער און זייערע פאַמיליעס און ניט דערלאָזן אַז אַ סטרייק געפירט פון קאָמוניסטן און לינקע זאָל זיך ענדיקן מיט אַ זיג.

די פּאָליטיק פון די קאָמוניסטן, װאָס האָבן אָרגאַניזירט דעם פאַר־אייניקטן פראָנט קאָמיטעט, איז געװען אַריינצופירן די סטרייקער אין דער א. פ. אָװ ל. דורך דער יונייטעד טעקסטיל װאָרקערס יוניאָן. די ליניע פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און פון דער ט. י. ע. ל. איז געװען דורכאויס געגן אָרגאַניזירן נייע יוניאָנס אין אינדוסטריעס װאו עס זיינען פאַראַן יוניאָנס פון דער א. פ. אָװ ל. אָדער אינדעפּענדענט יוניאָנס, מעגן זייערע פירער זיין רעאַקציאָנער. דעריבער האָבן די קאָמוניסטן געשאַפן דעם פאַראייניקטן פראָנט קאָמיטעט אַנשטאָט אַ יוניאָן. די לאָזונג פון די קאָמו־ניסטן איז געװען: אַ פאַראייניקטער פראָנט פון די ארבעטער געגן דעם פאַראייניקטן פראָנט פון די באַלעבאַטים.

## סטרייק־פירער װענדן זיך צו דער א. פ. אָװ ל. װעגן אָנשליסן זיך

אין איינקלאַנג מיט אָט־דער פעסטער פּאָליטיק האָבן די סטרייק־פירער געשיקט אַ בריװ צום עקזעקוטיװ־קאָונסיל פון דער א. פ. אָװ ל. װעגן דער גרייטקייט פון די ארבעטער זיך אָנצושליסן אין דער א. פ. אָװ ל. דער בריװ האָט זיך געלייענט:

„דער שריט װאָס די לעצטע קאָנװענשאָן פון דער א. פ. אָװ ל. האָט אָנגענומען, איסטרואירנדיק דעם עקזעקוטיװ-קאָונסיל אָנצוהייבן אַן ענער-גישע קאַמפּאַניע צו אָרגאַניזירן די טעקסטיל-אַרבעטער איבערן לאַנד, איז פון גרויס באַדייטונג און װיכטיקייט. אין אָנערקענונג פון דעם שריט רופן מיר דעם עקזעקוטיװ-קאָונסיל, אין איינקלאַנג מיט דעם באַשלוס, אויס-צונוצן זיין דערפאַרונג, פּרעסטיזש און מאַכט צו עטאַבלירן איניקייט צװישן די עקזיסטירנדיקע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס אין דער טעקסטיל-אינדוסטריע אין אַ קאַמפּאַניע צו ענדיקן די לוין-שניטן און צו אָרגאַניזירן די אינ-דוסטריע.

„דער פאַראייניקטער פראָנט קאָמיטעט פון די טעקסטיל-אַרבעטער אין פּאַסייק פאַרזיכערט זיין פולסטע און האַרציקסטע שטיצע צו יעדן שריט װאָס דער עקזעקוטיװ-קאָונסיל װעט אונטערנעמען. מיר פאַרזיכערן, אַז װען אַזאַ שריט װעט געמאַכט װערן, װעלן מיר טאָן אַלץ אין אונזער כח צו דער-גרייכן איניקייט מיט דער א. פ. אָװ ל. קיינמאָל אין דער געשיכטע פון דער

טעקסטיל-אינדוסטריע זיינען די באַדינגונגען ניט געווען אַזוי רייף פאַר דער אָרגאַניזאַציע פון די אַרבעטער.

„מיר האָפן אויפריכטיק און ערנסט, אַז דער עקזעקוטיוו-קאונסיל וועט באַטראַכטן דעם פאָרשלאַג אין דעם זעלבן גייסט אין וועלכן ער איז געמאַכט געוואָרן. דער פאַראייניקטער פראָנט קאָמיטעט איז ניט קיין דואַל יוניאָן (אַ דאָפּלטע יוניאָן). דער קאָמיטעט האָט ניט פאַר זיין צוועק צו שאַפן אַן אָרגאַניזאַציע אָפּגעזונדערט פון דער א. פ. אָוו ל. מיר וועלן זיין די ערשטע צו באַגריסן מיט באַגייסטערונג יעדן פאָרשלאַג וואָס די אַמעריקאַן פעדעריישאָן וועט מאַכן איינצושטעלן אייניקייט צו באַקעמפן די אומדערטרעגלעכע באַדינגונגען וואָס זיינען אַרויפגעצוואונגען אויף די אַרבעטער.”

## די א. פ. אָוו ל. ענטפערט מיט אַ גיפטיקער אַטאַקע

דאַכט זיך, אַזאַ בריוו מיט דעם אויפריכטיקן פאָרשלאַג צו פאַראייניקן די זעכצן טויזנט אַרבעטער וואָס סטרייקן אין פאַסייק מיט דער א. פ. אָוו ל. איז אַ שריט וואָס די א. פ. אָוו ל. האָט באַדאַרפט זיך אָנכאַפּן אָן דעם. אָבער דער עקזעקוטיוו־קאונסיל, וואָס האָט דעמאָלט אָפּגעהאַלטן זיינע זיצונגען אין סינסינעטי, איז אַרויסגעקומען מיט אַ נידערטרעכטיקער אַטאַקע אויף די סטרייקער און זייערע פירער, אַן אַטאַקע וואָס האָט געהאַט דעם דירעקטן צוועק צו באַאיינפלוסן די פאַבריקאַנטן זיי זאָלן ניט שליכטן דעם סטרייק מיט קאָמוניסטן. דער ענטפער איז אויך געווען אַ שטרענגער פאַרבאָט אויף אַלע מיטגלידער פון דער א. פ. אָוו ל. זיי זאָלן ניט העלפן די מוטיקע סטרייקער אין פאַסייק.

א פאָר אויסצוגן פון דער אַטאַקע:

„פאַקטן אַנטפּלעקן, אַז דער אַזוי-גערופענער פאַראייניקטער פראָנט קאָמיטעט, וואָס האָט אָרגאַניזירט און פירט דעם סטרייק אין פאַסייק, האָט ניט קיין שייכות מיט דער אַמעריקאַן פעדעריישאָן אָוו לייבאָר. די פירער פון דעם קאָמיטעט זיינען מענטשן פראָמינענט פאַרבונדן מיט דער קאָמוניסטישער באַוועגונג אין די פאַראייניקטע שטאַטן. עס לייגט זיך אויפן שכל, אַז צוליב זייערע פאַרבינדונגען מיט דער קאָמוניסטישער פאַרטיי זיינען זיי פאַראינטערעסירט אין העלפן דעם קאָמוניזם.

„די מיטגלידערשאַפט פון דער אָרגאַניזירטער אַרבעטער-באַוועגונג דאַרף ניט ביישטייערן געלט, וואָס וועט באַנוצט ווערן צו העלפן אַ דואַל-אָרגאַניזאַציע, אָדער צו צאָלן געהאַלט די קאָמוניסטישע פירער וואָס זוכן די פאַרניכטונג פון דער א. פ. אָוו ל. און די אויפשטעלונג פון אַ קאָמוניסטישער אָרגאַניזאַציע אויף איר פּלאַץ.”

דער גיפטיקער אנפאל אויף דעם סטרייק פון זעכצן טויזנט ארבעטער, וואס זיינען געשטאנען אין קאמף לאנגע מאנאטן, איז א מוסטער פון גע־זונקענקייט. די א. פ. אוו ל. ביוראקראטן לייקענען ניט, אז דער פאר־אייניקטער קאמיטעט האט ארגאניזירט די אומארגאניזירטע טעקסטיל־ארבעטער און פירט זיי אין א סטרייק פאר בעסערע באדינגונגען. וואס די א. פ. אוו ל. ביוראקראטן קענען ניט פארטראגן איז, וואס קאמוניסטן האבן באוויזן אויפצוטאן דאס וואס זיי האבן ניט געוואלט און ניט געקענט טאן. דזשאן ל. לואיס און האטשינסאן מעגן אויסנוצן זייערע הויכע עמטער אין דער ארבעטער־באוועגונג צו העלפן דער רעפובליקאנישער פארטיי. דאס איז א פאסיקע אויפגאבע פאר א פירער פון ארגאניזירטע ארבעטער. אבער קאמוניסטן אין שפיץ פון א מיליטאנטישן סטרייק טארן ניט דערלויבט ווערן אריינצופירן די ארבעטער צוריק אין די פאבריקן מיט געווינסן, ווייל דאס וועט העלפן דעם קאמוניזם.

די לאגיק פון די אמעריקאן פעדערייישאן אוו לייבאר פארפירער איז קלאר און אויסגעהאלטן. זייער בלינדע, גיפטיקער שנאה צו אלץ וואס איז מיליטאנטיש און קלאסנבאוואוסטזיניק אין דעם ארבעטער־קלאס, האט גע־בראכט די גרינס און מעטיו וואלס איבערצוכאפן די מאס. זייער פארבאט צו שטיצן די סטרייקער אין פאסייק אין דער צייט ווען דער גאנצער קאפי־טאליסטישער קלאס שטיצט די פאבריקאנטן, האט ארויסגערופן א שטורעם פון פראטעסט צווישן די ארבעטער און די פראגרעסיווע, ארנטלעכע אינ־טעלעקטואלן. זייער קאטעגארישע אנטזאגונג צו האבן צו טאן מיט סטריי־קער וואס ווילן זיך אנשליסן אין דער א. פ. אוו ל., האט איבערגעלאזט א שווערן געדרוך אפילו צווישן די קאנסערוואטיווע מיטגלידער פון די א. פ. אוו ל. יוניאנס. די פאבריקאנטן ווידער האבן אויפגענומען דעם אנפאל פון דעם עקזעקוטיוו־קאונסיל מיט גרויס פרייד. זיי זיינען ארויסגעקומען מיט דערקלערונגען, אז אפילו די א. פ. אוו ל. גיט זיי גערעכט, פאבריקאנטן קענען ניט און טארן ניט שליכטן סטרייקס וואס ווערן געפירט פון קאמו־ניסטן, וואס זוכן אונטערצוגראבן די אמעריקאנישע רעגירונג, אירע אינסטי־טוציעס און אפילו די א. פ. אוו ל.

דער גרויסער פראטעסט וואס האט זיך געטראגן פון אלע זייטן האט געצוואונגען די א. פ. אוו ל. אויפצוגעבן איר קאטעגארישן באיקאט אויף די סטרייקער. דער עקזעקוטיוו־קאונסיל האט אנגענומען א נייעם באשלוס: אויב אלבערט וויסבארד, פירער פון סטרייק און דעמאלט א קאמוניסט, וועט רעזיגנירן, וועט די א. פ. אוו ל. זען אז די יונייטעד טעקסטיל וואירקערס זאל

טאָן די גרויסע געפעליקייט און ארויסגעבן א טשארטער די סטרייקער און איבערנעמען די סטרייק־פירערשאפט.

א. פ. אָוו ל. מוז ענדערן באַשלוס; סטרייקער אַריינגענומען

די קאָמוניסטן, וואָס האָבן ניט געהאט קיין פארלאנג צו אָרגאניזירן א נייע יוניאָן אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע און אין וועלכער עס איז אנדער אינדוסטריע וואו עס עקזיסטירט אַן א. פ. אָוו ל. יוניאָן, האָבן צוליב דער ארבעטער־איינִיקייט אָנגענומען די באַדינגונגען, כאָטש זיי האָבן שטארק געצווייפלט אין דער אויפריכטיקייט פון דעם פאָרשלאָג. ווייסבאָרד האָט רעזיגנירט פון דער סטרייק־פירערשאפט. אנדערע קאָמוניסטן און לינקע זיינען געבליבן אויף זייערע פּלעצער.

די פאבריקאנטן, וואָס האָבן פריער געפּילדערט אַז זיי ווילן פארהאנדלען נאָר מיט א רעספּעקטאבעלער א. פ. אָוו ל. יוניאָן, האָבן גלייך געענדערט דעם פראָנט און דערקלערט אַז זיי האָבן ניט וואָס צו פארהאנדלען. פאר זיי איז שוין אויס סטרייק. אין דער זעלבער צייט האָט די פּאָליציי אָנגעהויבן א נייע אָפענסיווע געגן די סטרייקער. 21 סטרייקער זיינען ארעסטירט און געפּייניקט געוואָרן אין טורמע. מען האָט זיי געצוואונגען זיך מודה זיין אין א באָמבע־אויפרייס לעבן דעם הויז פון א סטרייק־ברעכער. זיי זיינען געשטעלט געוואָרן אונטער א הויכער בעיל און שפּעטער פאראורטיילט געוואָרן צו טורמע.

די אַלע מיטלען האָבן ניט געהאָלפן צו ברעכן דעם סטרייק. נאָך עטלעכע וואָכן האָט די באָטאני מיל־קאָמפּאַניע נאָכגעגעבן א טייל פון די פאָדערונגען. די ארבעטער האָבן געוואונען דאָס רעכט צו זיין אָרגאניזירט און ניט ליידן פון דיסקרימינאציעס. ענלעכע אָפּמאכן זיינען געשלאָסן געוואָרן מיט די איבעריקע קאָמפּאַניעס. דער סטרייק וואָס האָט געדויערט א יאָר צייט, האָט ניט געבראַכט די רעזולטאטן צו וועלכע די ארבעטער זיינען געווען בארעכטיקט. קיין דורכפאַל האָבן די ארבעטער אויך ניט געליטן. די יונייטעד טעקסטיל וואָירקערס יוניאָן האָט אָבער ניט ארויסגעוויזן די מינדעסטע נויגונג אָנצוזיין מיט אָרגאניזאציע־ארבעט צווישן די טעקסטיל־ארבעטער אין פּאסייק. זי האָט אויך ניט ארויסגעוויזן די מינדעסטע וואכזאמקייט אָפּצוהיטן די באַדינגונגען געוואונען פון די ארבעטער. אויסגעלאָזט האָט זיך, אַז דאָס ביסל וואָס די ארבעטער האָבן געוואונען אין אַזא לאַנגן סטרייק, איז שפּעטער פון זיי צוגענומען געוואָרן. די יונייטעד איז

פאקטיש אפגעווישט געווארן אין פאסייק ביז סעפטעמבער 1934, ווען אומ־דערטרעגלעכע באדינגונגען, די אוממענטשלעכע יאגעניש און א שרעקלעכע ארבעט־אנלאדונג האט געצוואונגען די יונייטעד־פירער צו דערקלערן א סטרייק. אזוי שטארק איז געווען די פאדערונג פון די ארבעטער. די יונייטעד־פירער האבן דעם סטרייק מער ניט געקענט אפליינען. ערשט דעמאלט האט די יונייטעד געמוזט אונטערנעמען ארגאניזאציע־ארבעט אין פאסייק.

די קאמוניסטן האבן דעמאנסטרירט אין פאסייק, אז זייער לאזונג „גלויבן אין די מאסן" איז ניט קיין פוסטע פראזע. די קאמוניסטן און לינקע האבן אין פייער פון קאמף געוויזן זייער אפערווייליקייט, מיליטאנטישקייט און אנטשלאסנקייט. אין די נאדל־פאכן, קוילן־אינדוסטריע, בוי־ און שיך־אינדוסטריע האבן קאמוניסטן זיך באגעגנט מיט ארבעטער וואס זיינען געווען ארגאניזירט און האבן פארמאגט א הויכן גראד סטרייק־דערפארונג. אין פאסייק איז געווען א קאמף פון אומארגאניזירטע ארבעטער, אן דער־פארונג און אן סטרייק־טראדיציעס.

צוויי יאר שפעטער האבן קאמוניסטן און לינקע געפירט נאך א גרויסן טעקסטיל־סטרייק, אין ניו־בעדפארד און פאל־ריווער, מאסאטשוזעטס. די אוממיטלבארע אורזאך פון סטרייק איז געווען א צען־פראצענטיקער לוין־שניט, וואס די פאבריקאנטן האבן דערקלערט אין ניו־בעדפארד, א טעקסטיל־שטאט מיט ארום 23 טויזנט ארבעטער. זיבן טעג שפעטער זיינען די אר־בעטער ארויס אין סטרייק.

### דער סטרייק אין ניו־בעדפארד און פאל־ריווער

אין ניו־בעדפארד זיינען געווען צוויי ארגאניזאציעס — די פעדערייש־אן אוו טעקסטיל אפערייטיווס, א רעכטע יוניאן פון די קוואליפיצירטע ארבעטער אין דער אינדוסטריע, און דער טעקסטיל מיל־קאמיטעט, געפירט און אר־גאניזירט פון לינקע אויפן זעלבן שטייגער ווי דער פאראייניקטער פראנט־קאמיטעט אין פאסייק. די קאמוניסטן זיינען נאך אלץ געגנער פון נייע יוניאנס.

דער טעקסטיל מיל (פאבריק) קאמיטעט, וואס האט ארייננגענומען אלע ארבעטער, אן אונטערשייד פון פאך און קוואליפיקאציע, האט גענקראגן די אויבערהאנט אין דער סטרייק־סיטואציע. דער קאמיטעט האט איינגעפירט די ברייטסטע רענק און פייל דעמאקראטיע און מאסן־איניציאטיווע אין סטרייק. די ארבעטער אין פאל־ריווער זיינען צוגעשטאנען און דער סטרייק האט זיך געפונען אין א גוטן צושטאנד.

אין ניו־בעדפארד זיינען באשעפטיקט ארום דריי טויזנט פארטוגעזישע ארבעטער. די א. פ. און ל. פירער האבן געזוכט איינצורעדן אז מען קען ניט ארגאניזירן די פארטוגעזער. דער סטרייק האט געוויזן, אז פארקערט, די פארטוגעזישע ארבעטער און ארבעטערינס — א סך פרויען זיינען באַשעפטיקט אין די פאבריקן — זיינען געווען אויסגעצייכנטע סטרייקער און אנטשלאסענע קעמפער. די ברוטאליטעט פון דער פאליציי און פון די „עריכט־הייזער האט ניט אפגעשוואכט דעם מוט פון די סטרייקער.

אין ניו־בעדפארד און פאל־ריווער האט זיך ווידערהאלט די װעלבע געשיכטע ווי אין פאסייק. די פעדערײשאן און אפערייטיוס איז אויין אין דער א. פ. און ל. און האט אנגענומען א לוין־שניט פון 5 פראצענט אנשטאט די צען פראצענט פון די פאבריקאנטן און האבן צוריקגערופן דעם סטרייק. דאס האט אפגעשוואכט די סטרייקער און אריינגעבראכט א דעמאראליזאציע. די פאליציי איז געווארן ברוטאלער און די פרעסע העצערישער. קיין אייגענע יוניאן האט דער מיל־קאמיטעט ניט געוואלט ארגאניזירן, איז דער קאמף צערונען, מיט א פארלוסט פאר די ארבעטער.

### אפענער פאררעט און מאסן־אויסשליסונג צווינגט די גרינדונג פון נייע יוניאנס

נאך די שטורמישע קאמפן פון 1925—1928 איז קענטיק געווארן, אז די ליניע ביי וועלכער די קאמוניסטישע פארטיי און די טרייד־יוניאן עדיוקײשאנאל ליג האבן זיך געהאלטן, איז מער ניט צוגעפאסט צו דער ווירקלעכקייט. די נייע באדינגונגען פון קלאסנקאמף פאדערן אן ענדערונג אין דער ליניע.

פון איין זייט איז פעסטגעשטעלט געווארן, אז די א. פ. און ל. ביוראקראטיע שטעלט זיך ניט אפ פון פולשטענדיק אונטערגראבן די יוניאנס אבי אויפצוהאלטן איר מאכט. פון דער צווייטער זייט, איז פונקט אזוי קלאר פעסטגעשטעלט געווארן, אז די א. פ. און ל. ביוראקראטיע וועט ניט אונטערנעמען קיין איין שריט צו ארגאניזירן די מיליאנען אומארגאניזירטע אין זייער וויכטיקע און אנפירנדיקע אינדוסטריעס.

הונדערטער טויזנטער ארבעטער אין די נאדל־פאכן זיינען ארויסגעטראטן נעגן די פאררעטערישע פירער. פיל צענדליקער טויזנטער האבן געשטימט און דערוויילט אין געזעצלעכע וואלן קאמוניסטן און לינקע אין דער פירערשאפט פון די יוניאנס. די מערהייט ארגאניזירטע נאדל־פאך ארבעטער האבן אנגענומען די פאליטיק און די טאקטיק וואס די קאמוניסטן און לינקע האבן

פארגעשלאגן ווי די איינציקע וואס קען פארבעסערן זייער לאגע. אבער די ארבעטער האבן אויסגעפונען, אז זייער שטימע, זייער פארלאנג און זייער ווילן שפילן ניט די מינדעסטע ראל. די יוניאנס באלאנגען נאר צו די הויכע באאמטע, פון וועלכע די ארבעטער קענען זיך ניט באפרייען.

די עפאכע־מאכנדיקע ארויסטרעטונגען פון דער דזשאינט עקשאן קאמיטע ביי די פרויען־קליידער ארבעטער, ארויסטרעטונגען אין וועלכע פיל צענדליקער טויזנטער ארבעטער אין אלע אינדוסטריעלע צענטרען האבן אנטייל גענומען, די העלדישע, אפערוויליקע קאמפן פון די קוילן־גרעבער, פאריערס, קלאוק־ און דרעסמאכער, די צעמזיקטע און פארקריפלטע מענער־שניידער, קארפענ־טערס, פיינטערס, מענער־שניידער, שפייז־ארבעטער, בעקער, שיך־ארבעטער און אנדערע, די טויזנטער וואס האבן פארלארן זייערע שעפער און זיינען פאר־טריבן געווארן פון זייערע פאכן, די גאנצע זעלטענע און אומפארגעסלעכע אפערוויליקייט פון אזויפיל טויזנטער ארבעטער צו פארטרייבן קארופטע באאמטע האבן ניט געבראכט קיין פראקטישע רעזולטאטן. אזוי לאנג ווי דער טשארטער, דער שטעמפל פון דער יוניאן, ליגט ביי די נאציאנאלע באאמטע און ביי דעם עקזעקוטיוו־קאונסיל פון דער א. פ. או ל., וועלן די ביוראקראטן פארבלייבן געוועלטיקן איבער די יוניאנס און זיי האלטן אונטער־טעניק צו די אפעטיטן פון די ארבעטגעבער.

וויליאם גרין, אין זיין רעדע אויף דעם צוזאמענפאר פון דער אינטער־נעשאנאל לאדיס גארמענט וואירקערס יוניאן אין באסטאן, אין 1928, האט נאקעט־אפן אנטוויקלט די גוואלט־פלענער פון דער הויכער יוניאן־ביוראקראטיע אויפצוהאלטן איר מאכט, איר וואוילזיין און אירע פאזיציעס:

> „אויב די קאמוניסטן וועלן געווינען פירערשאפט אין א לאקאל, וועט די דזשאינט באארד זיי ארויסווארפן. וועלן זיי געווינען פירערשאפט אין א דזשאינט באארד, וועט די אינטערנעשאנאל עקזעקוטיוו באארד זיי ארויס־ווארפן. (גרין האט באנוצט דעם אויסדרוק 'צונעמען דעם טשארטער'). אויב זיי וועלן געווינען די פירערשאפט פון אן אינטערנעשאנאל יוניאן, וועט דער עקזעקוטיוו קאונסיל פון דער א. פ. או ל. צונעמען דעם טשארטער ביי דער אינטערנעשאנאל."

אזא דיקטאטארישע ליניע האט געמאכט אוממעגלעך ווייטער אנצוהאלטן די אלטע פאליטיק אויסצומיידן צו גרינדן נייע יוניאנס אונטער אלע אומ־שטענדן. די קאמוניסטן און די לינקע קענען דאך ניט האפן צו געווינען דעם עקזעקוטיוו קאונסיל פון דער א. פ. או ל., וואס באשטייט פון יוניאן־פרעזידענטן. די גאנצע אויפגאבע צו געווינען די מחות פון די מיטגלידער

פאר א קלאסנקאמף ליניע אין די יוניאנס איז פארוואנדלט געווארן אין א פאקטישער אוממעגלעכקייט צוליב די מאסן־אויסשליסונגען אין די יוניאנס.

די זעלבע לאגע האט עקזיסטירט אין דער קוילן־אינדוסטריע און אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע. דזשאן לואיס האט געטראטן מיט די פיס איבער די צענדליקער לאקאלן. פיל טויזנטער מיטגלידער פון דער יוניאן זיינען אויסגעשלאסן געווארן. די קוילן־קאמפאניעס האבן זיי געשטעלט אויף דער שווארצער ליסט, זיי צו פארטרייבן פון דער אינדוסטריע. די יוניאן איז פאקטיש אפגעווישט געווארן אין די ווייכע קוילן־פעלדער.

### קאמף געגן די ביוראקראטן און די ארגאניזאציע פון אומארגאניזירטע

דער מאסן־טעראר געגן די לינקע איז באגלייט געווארן מיט קאנצעסיע נאך קאנצעסיע צו די באלעבאטים. דערגרייכונגען אויסגעקעמפט אין לאנגע, שווערע קאמפן, זיינען אפגעווישט געווארן פון די יוניאן־ביוראקראטן מיט איין שמיר פון דער פעדער.*)

די מאסן־אויסשליסונגען און דאס אנטזאגן זיך צו ארגאניזירן די אומארגאניזירטע האט געשאפן א לאגע וואס האט ניט עקזיסטירט אין 1921־1922, ווען די אלוועלטלעכע קאמוניסטישע באוועגונג מיט לענין אין דער שפיץ איז שארף ארויסגעטראטן געגן ארגאניזירן נייע יוניאנס, לויט דעם אויסדרוק פון לענין, „יוניאנס פון ריינע רעוואלוציאנערן”.

די געענדערטע לאגע האט געפאדערט א געענדערטע אריענטאציע. די פארשמעלערונג פון דער א. פ. אוו ל. באזע — א גרויסער פארלוסט פון מיטגלידער — און איר איינגעשפארטע געגנערשאפט אריינצונעמען די אומארגאניזירטע ארבעטער האט געשטעלט די פראבלעם פון ארגאניזירן די מיליאנען אומארגאניזירטע אין איר גאנצער שארפקייט. דא האט זיך ניט געהאנדלט אין שאפן דואל יוניאנס (געגנערישע יוניאנס), דא האט זיך געהאנדלט אין שאפן יוניאנס דארטן וואו די א. פ. אוו ל. יוניאנס זיינען צעשאסן געווארן, ווי אין טעקסטיל און קוילן, און דארטן וואו טויזנטער רענק און פייל מיטגלידער זיינען אויסגעשלאסן געווארן, ווי אין די נאדל־פאכן.

א רעזאלוציע וואס די פארגרעסערטע זיצונג פון צענטראל־קאמיטעט פון דער קאמוניסטישער פארטיי האט אנגענומען אין פעברואר 1928, האט

---

*) גענויער וועגן דער אינדוסטריעלער באזע פון דער א. פ. אוו ל., אין דער סטאטיסטישער טאבעלע אין קאפיטל: א. פ. אוו ל., טעאריע און פראקטיק.

פאראויסגעזען די ענדערונג. די רעזאלוציע זאגט: „עס וואלט געווען א גע־פערלעכער טעות צו מאכן א פעטיש (אן אפגאט) פון די אלטע יוניאנס און אונטער אלע אומשטענדן צו באשרענקען אונזער טעטיקייט נאר דארטן.״ צוליב דער ניי־געשאפענער לאגע דארפן די קאמוניסטן נעמען די איניציא־טיווע צו ארגאניזירן נייע יוניאנס דארטן וואו אין זיי איז פאראן א נויט־ווענדיקייט.

נייע יוניאנס האט ניט געמיינט אויפגעבן ארבעט אין די אלטע

די פארגרעסערטע זיצונג פון דעם צענטראל־קאמיטעט אין מאי פון זעלבן יאר האט שארפער אונטערגעשטראכן די נויטווענדיקייט צו ארגאניזירן נייע מיליטאנטישע יוניאנס. די רעזאלוציע האט פארצייכנט דעם דראנג פון די אומארגאניזירטע ארבעטער צו ארגאניזאציע און האט אויפגעפאדערט די קאמוניסטן צו געבן א קאנקרעטן אויסדרוק און פירערשאפט צו אט דעם דראנג. די רעזאלוציע האט דערקלערט:

„... די טרייד־יוניאנס, פארלירנדיק אלץ מער מיטגלידער, זייענדיק רע־דוצירט הויפטזאכלעך צו דער לייבאר־אריסטאקראטיע דאמינירט פון אולטרא־רעאקציאנערע פירער און פארטריבן פון די גרונט־אינדוסטריעז, ווערן וואס ווייטער אלץ א ווינציקערער געווער אין די הענט פון די ארבעטער און אלץ מער אן אינסטרומענט פון די באלעבאטים געגן די ארבעטער.

„ווען אט־די אלטע יוניאנס האבן געהאט א פיל ברייטערע מאסן־באזע, ווען זיי זיינען געווען די הויפט־ארגאנען פונם קאמף פון די ארבעטער, איז געווען ריכטיק די שטעלונג, אז אונזער פארטיי זאל איר הויפט־אויפמערק־זאמקייט קאנצענטרירן אויף דער ארבעט אין און דורך די דאזיקע יוניאנס. . . . אבער אזוי ווי זייער באזע ווערט שמעלער, . . . איז קלאר, אז פאר אונזער פארטיי איז איצט נויטיק צו קאנצענטרירן איר הויפט־טעטיקייט אויף דער ארבעט צו בויען צווישן די ניט־ארגאניזירטע מאסן נייע יוניאנס.״

אין דער זעלבער צייט האט די רעזאלוציע געווארנט די פארטיי־מיט־גלידער געגן דער טענדענץ צו פארנאכלעסיקן די ארבעט אין די אלטע יוניאנס. א קלארע ליניע פון ארבעט אין די א. פ. אוו ל. יוניאנס דארף אויסגעארבעט ווערן צו צאמען יעדע טענדענץ צו פארלאזן די א. פ. אוו ל. יוניאנס בלויז דערפאר, ווייל די פירערשאפט ליגט אין די הענט פון רעאקציאנערן.

צום באדויערן איז די טענדענץ ניט באהערשט געווארן באצייטנס און פיל קאמוניסטן און לינקע האבן ניט באוויזן צו באלאנסירן זייער טעטיקייט

פאַר די נייע יוניאָנס אזוי, אז די טעטיקייט פון דעם לינקן פליגל אין דער א. פ. אָוו ל. זאָל ניט לײדן. די טעטיקייט האָט יאָ געליטן, ביז וואַנען די פאַרטיי האָט ניט פאַרריכט די ליניע פון אָט־די מיטגלידער.

אין איינקלאַנג מיט דער נייער אָריענטאַציע איז די טרייד־יוניאָן עדיוקיישאָנאַל ליג רעאָרגאַניזירט געוואָרן. אויף אַ צוזאַמענפאָר אָפּגעהאַלטן אָנהייב סעפּטעמבער 1929, אין קליוולאַנד, איז באַשלאָסן געוואָרן אַז די ליג וועט הייסן טרייד־יוניאָן יוניטי ליג און וועט העלפן צו אָרגאַניזירן נייע יוניאָנס, געבויט אויף קלאַסנקאַמף און גלייכצייטיק אָנגיין מיט דער ארבעט צו אָרגאַניזירן דעם רענק און פייל אין די אַלטע יוניאָנס. די דעקלאַראַציע האָט געזאָגט:

די צילן פון דער ט. יו. י. ל.

„די טרייד־יוניאָן יוניטי ליג זוכט אַגרעסיוו צו העלפן דער אָרגאַני־זירונג פון נייע רעוואָלוציאָנערע אינדוסטריעלע יוניאָנס אין אינדוסטריעס, וואו עס זיינען ניטאָ קיין יוניאָנס, און אין אינדוסטריעס, וואו די עקזיס־טירנדיקע יוניאָנס זיינען קאָרופּט און אימפּאָטענט. די אָרגאַניזירונג פון די מאַסן אין נייע יוניאָנס שטייט אין סאַמע צענטער פון דער טרייד־יוניאָן יוניטי ליג פּראָגראַם. אָבער דאָס מיינט ניט, אַז זי וועט פירן אַ פּאָליטיק פון קליינלעכע שפּאַלטונגען און פון אַרויסציען אינדיווידועלע מיט־גלידער פון די אַלטע טרייד־יוניאָנס, וואָס האָבן אַ מאַסן־כאַראַקטער. אַזאַ פּאָליסי איז געווען איינער פון די פיל טעותן פון דער אי־דאַבליו־דאַבעליו.

„פאַרקערט, די טרייד־יוניאָן יוניטי ליג אָרגאַניזירט דעם לינקן פליגל אין די דאָזיקע אַלטע יוניאָנס און קעמפט פאַר זייער רעוואָלוציאָניזירונג. די קוואַליפיצירטע אַרבעטער פילן אויך דעם דרוק פון ראַציאָנאַליזאַציע. אומצופרידענע מאַסן אין די פאַרשיידענע יוניאָנס קוקן אויף זייערע אָפיציעלע פירער מיט האַס און פאַראַכטונג ווי אויף פאַררעטער. עס איז נאָר נויטיק די געלעגנהייט און אַ ווירקזאַמע פירערשאַפט צו אַנטוויקלען ערנסטע קאַמפן געגן דעם באַאַמטנטום און די באַלעבאַטים. די טרייד־יוניאָן יוניטי ליג קעמפט אין די אַלטע יוניאָנס צו אַמאַלגאַמירן זיי דורך דער דירעקטער אַקציע פון די מאַסן געגן זייערע פירער. זי קעמפט פאַר אַ מילי־טאַנטישער ליין־ און סטרייק־פּאָליטיק אין די דאָזיקע אָרגאַניזאַציעס און שאַפט רענק און פייל סטרייק־קאָמיטעס געגן דער אָפיציעלער מאַשינעריע פון די ביוראָקראַטן. זי קעמפט צו צעברעכן דעם פאַרבאַנד פון די אַלטע יוניאָנס מיט די קאַפּיטאַליסטישע פּאַרטייען און זייער אַריינצוציען אין די פּאָליטישע קאַמפן פון אַרבעטער־קלאַס. זי קעמפט אויפצוהייבן די אָרגאַני־זירטע מאַסן פאַר דער פאַרטיידיקונג פון סאָוועטן־פאַרבאַנד און בכלל געגן דער אָנקומענדיקער אימפּעריאַליסטישער מלחמה. זי פירט אַן אומדערבאַרעמ־דיקן קאַמף צו עלימינירן די רעאַקציאָנערע פירער פון קאָנטראָל פון אָט־די יוניאָנס און דורכצוואַרפן זייער פּראָגראַם פון קלאַסן־מיטאַרבעטערשאַפט.

> זי קעמפט אפצושאפן דיסקרימינאציעס געגן נעגערס אין די אינדוסטריעס און אין די יוניאנס. זי קעמפט ארייגצוציען די אלטע ארגאניזאציעס אין ענגערע פארבינדונגען, ארגאניזאציאנעל און אידעאלאגיש, מיט דער אינדוסטריעלער יוניאן-באוועגונג געגן דעם יוניאניזם פון די לייבאר-ביוראקראטן. די נייע יוניאן-באוועגונג קעמפט מיליטאנטיש פאר קלאסן-אינדוסטריעלן יוניאניזם סיי אויסער די אלטע יוניאנס, סיי אינעווייניק, אין די אלטע יוניאנס.״

די טרייד־יוניאן יוניטי ליג האט קלאר פארמולירט איר פראגראם: קלאסנקאמף־מעטאדן אנשטאט קלאסן־מיטארבעטערשאפט, יוניאנס געבויט אויפןברייטן פרינציפ פון אינדוסטריע אנשטאט די שמאלע ראמען פון פאך, ברייטע ארבעטער־דעמאקראטיע אין די יוניאנס מיט גלייכע רעכט פאר די נעגער און אומקוואליפיצירטע ארבעטער אנשטאט הערשאפט און דיקטאטור פון די הויכע באאמטע, יוניאנס וואס שטיצן דעם פאליטישן קאמף פון דעם ארבעטער־קלאס אנשטאט די פאליטישע קאמפאניעס פון די קאפיטאליסטישע פארטייען.

די קלארע פראגראם איז ניט אומעטום קלאר און ריכטיק דורכגעפירט געווארן. אין דעם ענטוזיאזם פאר נייע מיליטאנטישע יוניאנס זיינען געמאכט געווארן טאקטישע פעלערן, וואס האבן געשטערט די אנטוויקלונג פון די נייע יוניאנס. אפט האט פאסירט, אז לינקע און קאמוניסטן האבן פארזען בעסער זיך צופאסן אין די געגעבענע באדינגונגען און לאגע פון יעדער אינדוסטריע און פון יעדן געגנט. אפט האבן די קאמוניסטן און די לינקע ניט געוואוסט ווי אזוי צו ברענגען די פראגראם צו די ארבעטער אין א פארם וואס זאל זיין צוגענגלעך און קלאר פאר זיי.

מיט די אלע פעלערן האבן די נייע יוניאנס דורכגעפירט א קאלאסאלע אויפגאבע. זיי האבן אויפגערודערט די רויע ארבעטער־שיכטן און ארויסגערופן צום לעבן די קאמף־גרייטקייט און די שעפערישע איניציאטיווע. די שפעטערדיקע קאמפן אין די דרום־שטאטן, וואס וואלטן געווען אוממעגלעך אן די גרויסע קאמפן צווישן די קוילן־גרעבער, מעטאל־ארבעטער, אטאמאביל־ארבעטער אין די יארן 1933-1934, זיינען אין א באדייטנדיקער מאס פארגרינגערט געווארן צוליב דער פיאנערן־ארבעט וואס די לינקע יוניאנס האבן דורכגעפירט אין די לעצטע יארן פון דער פראספעריטעט און אין די ערשטע שווערסטע יארן פון קריזיס.

די כראנאלאגישע ליסטע פון די ערשטע מיליטאנטישע יוניאנס באשטעטיקט אונזער מיינונג, אז זיי זיינען ניט אנטשטאנען ווי דואל, קאנקורירנדיקע ארגאניזאציעס צו דער א. פ. אוו ל.

די ערשטע אינדוסטריעלע יוניאָן איז געווען די נעשאָנאַל מיינערס יוניאָן, אָרגאַניזירט זומער 1928 אין וועסטערן פּענסילוויניע, אָהייאָ און וועסט ווירדזשיניא. אין די דריי קוילן־שטאַטן איז די יונייטעד מיין וואָירקערס פאַרשוואונדן. נאָך דעם סטרייק וואָס די לינקע האָבן געפירט אין 1926־1927 איז פון דער יונייטעד גאָרניט געבליבן. קיין אָפּמאַך מיט די קוילן־קאָמפּאַניעס האָט לואיס ניט געהאַט. דעם סטרייק האָט ער שענדלעך פאַרלאָזט. די קוילן־גרעבער האָבן ניט געוואָלט הערן פון דער יונייטעד. די נעשאָנאַל מיינערס יוניאָן איז געווען די איינציקע יוניאָן אין דער ווייכער קוילן אינדוסטריע אין די דריי שטאַטן.

די צווייטע אינדוסטריעלע יוניאָן, די נעשאָנאַל טעקסטיל יוניאָן, איז געבוירן געוואָרן נאָך דער טרויעריקער דערפאַרונג פון פּאַסייק און ניו־בעדפאָרד. די יונייטעד טעקסטיל וואָירקערס יוניאָן איז פאַרשוואונדן פון דער טעקסטיל־אינדוסטריע אין ניו־ענגלאַנד. די יונייטעד האָט געציילט נאָר צען טויזנט אַרבעטער אין דער האָזשיערי אינדוסטריע (געשטריקטע זאָקן). אין די אַלע גרויסע טעקסטיל־צענטערן האָט זי ניט פאַרמאָגט קיין אָנהאַלט. נאָך דעם סטרייק אין ניו־בעדפאָרד וואָלט געווען אַ פאַרברעכן צו באַגיין דעם זעלבן טעות ווי אין 1927 אין פּאַסייק — אַריינצושיקן די אַרבעטער אין אַ יוניאָן וואָס עקזיסטירט אויפן פּאַפּיר און וועמענס פירער זיינען אומפּייאיק אָנצוהאַלטן די מיטגלידער.

די דריטע יוניאָן איז געווען די נאָדל־פאַך אַרבעטער אינדוסטריעלע יוניאָן. אין די נאָדל־פאַכן זיינען פיל טויזנטער אַרבעטער געשטאַנען אויסער די א. פ. אָוו ל. יוניאָנס, ווייל מען האָט זיי אויסגעשלאָסן. אַ סך זיינען געווען דיסקרימינירט אין די שעפּער. די א. פ. אָוו ל. יוניאָנס ביי די פּאָריער און דרעסמאַכער האָבן פאַרלאָרן זייער אָנהאַלט און זייער קאָנטראָל אין פאַך. זיי זיינען אָפּגעווישט געוואָרן. די גרינדונג פון דער נאָדל־פאַך יוניאָן איז געווען אין יענעם מאָמענט אַ נויטווענדיקייט, אויפצוהאַלטן די געוואונענע באַדינגונגען אין די שעפּער.

די ווייטערדיקע יוניאָנס זיינען געגרינדעט געוואָרן אין אינדוסטריעס וואָס זיינען ניט געווען אָרגאַניזירט, ווי די נעשאָנאַל אָטאָ וואָרקערס יוניאָן, די מאַרין וואָירקערס אינדוסטריעלע יוניאָן (מאַטראָסן און דאָק־אַרבעטער), וואו די א. פּ. אָוו ל. יוניאָנס האָבן פּאַקטיש אויפגעהערט צו עקזיסטירן; די אינדוסטריעלע מעבל־אַרבעטער יוניאָן, די אַגריקולטורעלע אַרבעטער א. א., אַלץ אין אַזוינע אינדוסטריעס, וועלכע זיינען געווען אינגאַנצן אומאָרגאַני־

זירט אָדער וואו די א. פ. אָוו ל. איז איינגעשרומפּן צו קליינינקע גרופּעס פון קוואַליפיצירטע ארבעטער.

די אינדוסטריאַליזאַציע פון דרום און דער גאַסטאָניאַ־סטרייק

די נעשאָנאַל טעקסטיל וואָירקערס יוניאָן איז אויסגעוואַקסן פון דעם קאמף וואָס דער טעקסטיל מיל־קאָמיטעט האָט געפירט אין 1928 אין ניו־בעדפאָרד און פאָל־ריווער, מאַסאַטשוזעטס. נאָך איידער די טעקסטיל־יוניאָן איז אָפיציעל געגרינדעט געוואָרן, האָט זי שוין געפירט א סטרייק וואָס איז אריין אין דער געשיכטע, א סטרייק וואָס האָט פאַרמאָגט א קאָלאָסאַלע באַדייטונג פאַר דעם גאַנצן פּראָלעטאַריאַט אין די דרום־שטאַטן — דעם סטרייק אין גאַסטאָניאַ און אומגעגנט.

פון די אַלע סטרייקס אין דעם פּראָספּעריטעט־פּעריאָד און פון די אַלע קאמפן אין יענער צייט אין דער גרויסער טעקסטיל־אינדוסטריע, איז דער סטרייק אין גאַסטאָניאַ פון דער גרעסטער וויכטיקייט. א נייער שיכט פון דעם ארבעטער־קלאַס, דער סאַמע אָפּגעשטאַנענסטער, הינטערשטעליקסטער און אונטערדריקטסטער, האָט אויפגעוואַכט.

די דרום־שטאַטן האָבן דורכגעמאַכט א ריזיקע ווירטשאַפטלעכע אַנט־וויקלונג אין דעם ערשטן פערטל פון 20סטן יאָרהונדערט. דער אַלטער פעאָדאַל־פּלאַנטאַטאָרישער דרום האָט ביסלעכווייז אָפּגעטראָטן דעם פּלאַץ צו א מאָדערנער אינדוסטריע, געבויט אויף „פרייע" קאַפּיטאַליסטישע באַציאונגען צווישן ארבעט און קאַפּיטאַל.

די אינדוסטריאַליזאַציע פון דעם דרום האָט זיך אָנגעהויבן מיט די מינעראַלן: קוילן און אָיל. שפּעטער איז געקומען די פּראָדוקציע פון פּאַרטיקע און האַלב־פּאַרטיקע פּראָדוקטן, ווי שטאָל, קאַטן, אָיל־באַארבעטונג, מעבל, כעמישע שטאָפן א. אז. וו. אין די לעצטע יאָרן איז אויך צוגעקומען עלעקטרישע קראַפט (וואַסער־קראַפט סטאַנציעס), קליידער און נאָך.

אין 1927 האָט די פּראָדוקציע פון אַלע באַארבעטנדיקע אינדוסטריעס אין לאַנד באַטראָפן 62,721,375,000 דאָלאַר. דערפון איז אויסגעפאַלן אויף די דרום-שטאַטן איבער צען מיט א פערטל ביליאָן. אין 1910 האָט די ווערט פון דער זעלבער אינדוסטריע אין דרום באַטראָפן נאָר דריי ביליאָן מיט 158 מיליאָן דאָלאַר. דער אַריינגעלייגטער קאַפּיטאַל איז פאַרגרעסערט געוואָרן פאַר דער צייט פון 2 ביליאָן, 886 מיליאָן דאָלאַר אויף 6 ביליאָן, 883 מיליאָן דאָלאַר.

די ווערט פון פּראָדוצירטע קאַטן-סחורות איז געשטיגן צווישן די יאָרן 1910 און 1927 פון 235 מיליאָן דאָלאַר אויף 909 מיליאָן דאָלאַר.

דער אַרייַנגעלייגטער קאַפּיטאַל איז פאַרגרעסערט געוואָרן פון 360 מיליאָן דאָלאַר אויף 1 ביליאָן, 100 מיליאָן דאָלאַר אין 1928.

די צאָל אָפּערירנדיקע שפּינדלען איז צווישן 1910 און 1918 פאַרגרעסערט געוואָרן פון 11,149,000 אויף 18,303,000.

די צאָל אָפּערירנדיקע וועב־שטולן איז אויסגעוואַקסן אין דער זעלבער צייט פון 2,329,000 צו 5,475,000.*)

ווי אין אַ נייער אינדוסטריע, איז ראַציאָנאַליזאַציע איינגעפירט געוואָרן מיט דער גרעסטער שטרענגקייט. אין דער זעלבער צייט איז די אינדוסטריע ניט אָרגאַניזירט אונטער אַ צענטראַליזירטער פירערשאַפט. די טעקסטיל־אינדוסטריע אין דרום איז צעטיילט צווישן אַ ריי קאָמפּאַניעס, וואָס פירן צווישן זיך אַ שאַרפע קאָנקורענץ.

## אַרבעטער רעקרוטירט מיט פאַלשע פאַרשפּרעכונגען

די טעקסטיל־אינדוסטריע אין די דרום־שטאַטן איז אויסגעוואַקסן אויף דער ביליקער פּראַצע פון דער ווייסער אָרעמקייט, דער ווייסער שמוץ (טרעש), ווי ווייסע רייכע רופן מיט שפּאָט די אָרעמע ווייסע. די קאַפּיטאַליסטן האָבן זיך אַרומגעזען אַז עס איז ביליקער צו בויען טעקסטיל־פאַבריקן אין האַרץ פון די קאַטן (בוימוואָל) פּלאַנטאַציעס, איידער פירן די קאַטן אין דעם וויטן צפון, אין ניו ענגלאַנד. אויסער דער נאָענטקייט צו דעם רוי־מאַטעריאַל, פאַרמאָגט דער דרום אַ צווייטן ביליקן מאַטעריאַל — אַרבעט־קראַפט. די קאַטן־פּלאַנטאַציעס זיינען איבערגעגאַנגען וואָס ווייטער אין ווייניקער הענט. דער אָרעמער פאַרמער, דער טענאַנט־פאַרמער און דער שער־קראָפּער (דער וואָס טיילט זיך מיטן גערעטעניש מיט דעם באָדן־אייגנטימער) אָדער זייערע זין און טעכטער, זיינען געטריבן געוואָרן צו אַרבעטן אין טעקסטיל־מיל.

די פאַבריקאַנטן האָבן געשיקט רעקרוטיר־אַגענטן אין די ווייטסטע בערג־ישובים (סעטלמענטס) און פאַרנאַרט די בערג־איינוואוינער מיט גוואַלדיקע גליקן וואָס זיי דערוואַרט אונטן אין טאָל. די פאַבריקאַנטן האָבן פון סאַמע אָנהייב געקליבן אַרבעטער וואָס האָבן גרויסע פאַמיליעס, און די מערסטע אָרעמע אין דרום פאַרמאָגן גרויסע פאַמיליעס. אַזוי שנעל ווי אַ קינד איז אונטערגעוואַקסן אין אַן אַרבעטער־פאַמיליע, האָט עס געמוזט גיין אַרבעטן אין פאַבריק. דאָרטן וואו דער פאָטער און מוטער האָבן זיך געשטעלט געגן,

---

*) די ציפערן זיינען אַרויסגענומען פון ביל פּ. דאַן: גאַסטאָניאַ, סיטאַדעל און קלעס סטראַגל אין די סאַוט, זייטן 11-13.)

האט זיי גערדראעט ארבעטלאזיקייט. די קאמפאניע האט געקוקט אויף יעדן מיטגליד פון דעם ארבעטערס פאמיליע ווי אויף איר פערזענלעכן אייגנטום. וואקסט אויס א קינד, איז זיין פלאץ ביים שפינדל, ביי דער פארב־מאשין אדער ביי דעם וועב־שטול.

אין די מלחמה־יארן איז די לאגע פון די ארבעטער אין טעקסטיל־פאבריקן ניט געווען אזוי גרויזאם, אויב מען האט אין זינען זייער ארעמען לעבן פריער צווישן די בערג, אויף דער מאגערער הארטער ערד. נאך די מלחמה־יארן, ווען די פעטע פראפיטן פון די טעקסטיל־קאמפאניעס האבן זיך גע־ענדיקט און אן אייגענע מלחמה האט זיך צעפלאקערט צווישן דער טעקסטיל־אינדוסטריע אין דרום און אין צפון, איז די גאנצע לאסט פון אט־דער מלחמה געפאלן אויף די ארבעטער. א גאנצע פאמיליע, פאטער, מוטער און קינדער, האבן געארבעט אין פאבריק און ניט געהאט קיין נארהאפטיקע שפייז, שוין ניט רעדנדיק פון אנדערע גוטע זאכן פון לעבן.

די טעקסטיל־קאמפאניעס האבן זיך באווארנט, ווי די מערסטע פאברי־קאנטן אין לאנד. די פאבריקן זיינען געבויט געווארן אויסערן שטאט. אלץ ארום באלאנגט צו דער קאמפאניע. די וואוינונגען, פינצטערע, גרויע, פון ברעטער צונויפגעקלאפטע כאלופקעס (שעקס), זיינען דאס אייגנטום פון דער קאמפאניע. דאס זעלבע די קראמען און איבעריקע עפנטלעכע אינסטיטוציעס, אויב אזוינע זאכן זיינען געווען.

די פאבריקן האבן געארבעט אין צוויי סמענעס (שיפטס). די נאכט־סמענע האט געארבעט פולע צוועלף שטונדן און אמאל דרייצן שטונדן. די פארדינסטן זיינען געווען אזוי קליין ווי זעקס, זיבן און אכט דאלאר א וואך.

## קאמוניסטן ערשטע צו ארגאניזירן טעקסטיל־ארבעטער אין דרום

נאך מיט יארן צוריק, אין אנהייב פנן 20סטן יארהונדערט, ביים סאמע געבורט פון דער טעקסטיל־אינדוסטריע, זיינען פארגעקומען אייניקע ספאנ־טאנע סטרייקס, וואס די פאבריקאנטן האבן געקענט אונטערדריקן אן טומל. די מערסטע טעקסטיל־ארבעטער זיינען געווען יונגע פראלעטאריער, אן טראדיציע פון סטרייק און ווידערשטאנד, ארבעטער וועמען עס האט נאך געפעלט א סך פסיכאלאגישע שטריכן פון פראלעטאריער.

די ערשטע ארגאניזאציע־ארבעט אין דרום איז דורכגעפירט געווארן פון דער לינקער נעשאנאל טעקסטיל וואירקערס יוניאן, וואס האט געשיקט אהין א יונגן טעטיקן טוער, פרעד ביל, פון ניו־ענגלאנד. אים איז ניט שווער אנ־

געקומען צו מאכן די נויטיקע פֿאַרבינדונגען. ביל האָט אויסגעקליבן גאַסטאָניאַ, וואָס איז אַ טייל פֿון גאַסטאָן קאַונטי אין נאָרט קאַראָליינאַ. נאָרט און סאַוט קאַראָליינאַ זיינען די צוויי גרעסטע טעקסטיל־שטאַטן אין דרום. גאַסטאָן קאַונטי איז אַ וויכטיקער טעקסטיל־צענטער. אין דער קאַונטי זיינען באַשעפֿיקט אַרום זעכציק טויזנט טעקסטיל־אַרבעטער. אין אַלע דרום־שטאַטן זיינען באַשעפֿטיקט העכער דריי הונדערט טויזנט טעקסטיל־אַרבעטער. אין דעם גייען אַריין די אַרבעטער אין די רעיאָן (קינסטלעכער זייד) פֿאַבריקן.

נאָך איידער פֿרעד ביל און נאָך עטלעכע אָרגאַניזאַטאָרן געשיקט פֿון צפֿון האָבן באַוויזן צו מאַכן די נויטיקע און געהעריקע פֿאָרבאַרייטונגען צו שאַפֿן אַ פֿעסטע אָרגאַניזאַציע, האָט די גרויסע מענוויל־דזשענקס טעקסטיל־



פֿרעד ביל

קאָמפּאַניע אין גאַסטאָניאַ פּראָוואָצירט אַ קאַמף. די קאָמפּאַניע האָט געהערט אַז די אַרבעטער האַלטן אָפּ געהיימע פֿאַרזאַמלונגען מיט אָרגאַניזאַטאָרן פֿון צפֿון, האָט זי דערקלערט אַ לוין־שניט פֿון צען פּראָצענט און גלייכצייטיק אַרויסגעוואָרפֿן אַלע אַרבעטער וואָס זי האָט געוואוסט אַז זיי באַלאַנגען צו דער נייער יוניאָן. די יונגע יוניאָן האָט ניט געקענט פֿאַרבייַלאָזן דעם לוין־שניט און די אַנטזאָגונגען, ווייל דאָס וואָלט גלייך צעשאָסן די גאַנצע אָרגאַני־זאַציע. די יוניאָן האָט דעריבער געענטפֿערט מיט אַ סטרייק געגן דער מענוויל־דזשענקס קאָמפּאַניע. דער סטרייק איז דערקלערט געוואָרן דעם 2טן אַפּריל, 1929. באַלד האָט זיך דער סטרייק אויסגעשפּרייט אויף די אַרומיקע טעקסטיל־שטעטלעך. די אַרבעטער אַליין האָבן זיך געריסן צום סטרייק, אַזוי שווער זיינען געווען זייערע לעבנס־באַדינגונגען.

די רעגירונג פון נארט קאראליינא האט מאביליזירט פינף קאמפאניעס פון דער סטייט־מיליציע. די פאבריקאנטן האבן מאביליזירט וויפיל שלעגער זיי האבן געקענט קריגן און זיי איינגעשוואוירן ווי דעפיוטי־שעריפס און פאליציי. די קאפיטאליסטן האבן געוואלט דערשטיקן אין בלוט דעם ערשטן ארויסטרעט פון זייערע אינדוסטריעלע שקלאפן. אזא סוף פון סטרייק וועט אנלערנען די ארבעטער, זיי זאלן מער ניט וואגן צו סטרייקן געגן אומדערטרעגלעכע באדינגונגען.

די מיליציע, שעריפס און פאליציי האבן געבושעוועט געגן די סטרייקער. אלע ארבעטער האט מען ארויסגעזעצט פון די קאמפאניע־הייזער. די יוניאן האט צוגעגרייט לייוונטענע ביידלעך און געגרינדעט א קאלאניע פון ביידלעך פאר די סטרייקער. דער ענטוזיאזם פון די ארבעטער איז געווען אומבאשרייבלעך. צום ערשטן מאל אז זיי האבן דערפילט אז זיי זיינען ניט שוצלאז און הילפלאז, נאר אז אין אייניקייט פארמאגן זיי א גוואלדיקן כח. די געשרייען פון דער פרעסע, אז קאמוניסטן זיינען געקומען ארונטערצופירן די גאט־פארכטיקע דרום־מענטשן פון גוטן וועג, האבן אויף די סטרייקער ניט געווירקט. די געבעטן פון די גלחים און זייערע זיסע רייד אין די קירכן האבן ניט געהאט דעם מינדעסטן איינפלוס. ווי א שטראם וואסער וואס באפרייט זיך אין פרילינג פון דער דיקער, שווערער שיכט אייז, אזוי האט די ארבעטער־מאסע אין דרום זיך געריסן צו דער יוניאן, צום סטרייק און צו דער פיקעט־דעמאנסטראציע. די סטרייקער האבן געהאט דעם גרעסטן צוטרוי צו פרעד ביל און צו די איבעריקע טוער פון דער נעשאנאל טעקסטיל וואירקערס יוניאן.

### דער מארד פון עלא מעי וויגינס און די ארעסטן פון די סטרייק־פירער

דער לינקער פליגל האט געזאמלט הילף איבערן לאנד. די א. פ. או ל. איז ווי אלע מאל געשטאנען פון ווייטן און א ווארט ניט געזאגט געגן דער ווילדער ברוטאליטעט פון דער פאליציי און מיליציע. די סטרייק־קווארטיר איז עטלעכע מאל באפאלן און צעשמעטערט געווארן. די סטרייק־פירער האבן זיך געמוזט אויסבאהאלטן, זייער לעבן איז ניט געווען זיכער. פיל סטרייקער זיינען פארשפארט געווארן אין טורמע. די קאפיטאליסטן האבן זיך ספעציעל אנגעזעצט אפצוברעכן די ליפערונג פון שפייז. עטלעכע זופ־קיכן זיינען אויפגעריסן געווארן.

איינער פון די ברוטאלסטע אקטן, וואס האט ארויסגערופן א צארנדיקע

כוואַליע צווישן די אַרבעטער פון לאַנד, איז געווען דער קאַלטבלוטיקער מאָרד פון עלאַ מעי וויגינס, אַ מוטער פון פינף קליינע קינדער. וויגינס, אַ טעטיקע סטרייקערין און פאַרפאַסער פון סטרייק־לידער וואָס זיינען געזונגען געוואָרן פון די אַרבעטער, האָט זיך צוריקגעקערט אויף אַ טראָק פון דער רעליף־אָרגאַניזאַציע צוזאַמען מיט נאָך סטרייקער פון אַ פּיקניק (אַן ארויספאָר). די דעפּיוטי־שעריפס האָבן אָפּגעוואַרט דעם טראָק און אָנגעהויבן שיסן אָן אַ וואָרנונג, צילנדיק אויף וויגינס. קיינער פון די מערדער איז אוניפאָרמען איז ניט אָנגעקלאָגט געוואָרן אין מאָרד פון דער יונגער מוטער.



עלאַ מעי וויגינס

די פּאָליצייאישע מערדער זיינען באַפאַלן דיביידל־קאָלאָניע דעם 7טן יוני בייַנאַכט און גענומען שיסן אויף די סטרייקער. די פאַרטיידיקונג־קאָמיטע וואָס האָט באַוואַכט די קאָלאָניע, האָט געענטפערט און דער פּאָליציי־הויפּט, אָדערהאָלט, איז דערשאָסן געוואָרן. כאָטש דאָס איז געווען אין קלאָרער זעלבסט־פאַרטיידיקונג, האָבן די קאַפּיטאַליסטן אויסגענוצט דעם טויט פון אָדערהאָלט און אָנגעהויבן אַ שווערן אָנגריף געגן די סטרייקער. די פירער פון סטרייק, צווישן זיי פרעד ביל, זיינען ארעסטירט געוואָרן אויף דער קלאַגע פון מאָרד. זייער אַ הויכער בעיל איז ארויפגעלייגט געוואָרן אויף די אָנגעקלאָגטע.

די סימפאטיע פון דער ארעמער באפעלקערונג אין דעם שטאט איז געווען דורכאוים אויף דער זייט פון די סטרייקער, ניט קוקנדיק אויף דער ביטערער העצע פון דער פרעסע און קירך. די אנקלאגע האט דעריבער גע־מוזט ענדערן די קלאגע פון מארד ערשטן גראד, פאר וועלכן עס קומט טויט־שטראף, אויף מארד צווייטן גראד. די אנגעקלאגטע, מיטן אויסנאם פון עטלעכע פרויען, זיינען פאראורטיילט געווארן אויף לאנגע טערמינען. פינף האבן געקראגן פון 17 ביז 20 יאר שווערע ארבעט, צוויי האבן געקראגן פון 12 ביז 15 יאר שווערע ארבעט, איינער פון 5 ביז 7 יאר שווערע ארבעט.

א גרעסערער קלאפ פון די ארעסטן און דעם אורטייל איז געווען דאס ארונטערטרייבן די יוניאן אונטער דער ערד און די פארניכטונג פון דעם רעליף־אפאראט צו שפייזן די סטרייקער. די סטרייקער זיינען געבליבן אן פירער, אן א דאך איבערן קאפ און אן די מינדעסטע מיטלען צו לעבן. זיי האבן זיך געמוזט צוריקקערן צו דער ארבעט.

גאסטאניא האט געבראכט פרוכט

אבער גאסטאניא איז ניט פאריבער אומזיסט פאר דעם ארבעטער־קלאס אין דרום. דער סטרייק האט טיף אויפגערודערט די רויע ארבעטער־מאסן און האט געדינט פאר א סיגנאל פון ווייטערע קאמפן פון די ביז איצט אפגעשטאנענע טעקסטיל־ארבעטער. גאסטאניא האט דעמאנסטרירט פאר די קאפיטאליסטן אין דרום, אז זייער אליין־הערשאפט שאקלט זיך. די הויפט־צוציאונג־קראפט וואס די דרום־שטאטן האבן געהאט פאר די קאפיטאליסטן פון אנדערע געגנטן, א צוציאונג־קראפט וואס די דרום־שטעט האבן ברייט רעקלאמירט: אומדערשעפלעכע ביליקע ארבעט־קראפט, איז צום ערשטן מאל געדראעט געווארן פון ברייטע מיליטאנטישע ארויסטרעטונגען פון דעם „אומ־דערשעפלעכן קוואל ביליקער ארבעט־קראפט“.

גאסטאניא איז געווען דער ערשטער אבער ניט דער לעצטער ארבעטער־קאמף אין דרום. די יונייטעד טעקסטיל וואירקערס איז געצוואונגען געווען נאכצופאלגן די קאמוניסטן און באווייזן זיך אין די דרום־שטאטן. א גרופע אנהענגער פון מאסטי, גראדואירטע פון זיין ברוקוואוד לייבאר־קאלעדזש (מיטלשול), האבן איינגערעדט די פירערשאפט פון דער יונייטעד טעקסטיל וואיקערס יוניאן צו לאזן זיי גיין אין דרום ארגאניזירן די טעקסטיל־ארבעטער. זיי האבן גערעכנט, אז א סטרייק געפירט פון ניט־קאמוניסטן וועט קריגן א בעסערע באהאנדלונג פון די פאבריקאנטן און זייער מלוכה־אפאראט.

די מאַסטי־אַנהענגער האָבן ארויסגערופן א סטרייק פון פיר טויזנט רעיאָן־ארבעטער אין עליזאבעטאָן, טענעסי און עטוואָס שפּעטער, אין יולי 1930, א סטרייק אין מעריאָן, נאָרט קאראָליינא, פון עטלעכע טויזנט קאָטן־טעקסטיל־ארבעטער.

דער סטרייק אין עליזאבעטאָן איז פארלאָרן געגאַנגען אין דער זעל־בער קאמפּאַניע פון טעראָר ווי דער סטרייק אין גאַסטאָניא. פון אָנהייב האָט די יונייטעד געשליכטעט דעם סטרייק איבער די קעפּ פון די סטרייקער. די ארבעטער האָבן ניט געוואָלט אָננעמען דעם אָפּמאַך און זיינען ארויס א צווייטן מאָל אין סטרייק. דער צווייטער סטרייק איז אונטערדריקט געוואָרן מיט די אַלט־באַקאַנטע מיטלען, מיט וועלכע די דרום־שטאַטן צייכענען זיך אויס. נאָך א גרעסערן טעראָר זיינען אויסגעשטאַנען די סטרייקער אין מעריאָן. די קאַפּיטאַליסטן זיינען אַלעמאָל גערן אויפצוהויבן א געשריי, אז זיי ווילן ניט האָבן צו טאָן מיט קאָמוניסטן און אז זיי וועלן יאָ פארהאַנדלען מיט א רעספּעקטאַבעלער יוניאָן פון דער א. פ. אָוו ל. דאָס איז אַלץ א טענה געגן די קאָמוניסטן, צו דעמאָראַליזירן די ארבעטער. ווען עס קומט צו א סטרייק וואו קאָמוניסטן זיינען ניטאָ, א סטרייק געפירט פון א יוניאָן פון דער א. פ. אָוו ל., קריגן די קאַפּיטאַליסטן אן אנדער אויסרייד ניט צו פארהאַנדלען מיט דער יוניאָן. געוויינלעך איז דער אויסרייד, אז זיי ווילן ניט האָבן צו טאָן מיט „דרויסנדיקע" ליבאָר־אַגיטאַטאָרן, נאָר מיט פאָר־שטייער פון זייערע אייגענע מענטשן, וואָס מיינט א קאָמפּאַניע־יוניאָן.

דעם 2טן אָקטאָבער האָבן די דעפּיוטי־שעריפס פּלוצלונג אָנגעהויבן צו פייערן אויף א פּיקעט־דעמאָנסטראַציע פון סטרייקער. זעקס ארבעטער זיינען דערשאָסן געוואָרן אויף טויט. דער סטרייק־פירער, דער מאַסטי־אַנהענגער האָפּמאַן, איז ארעסטירט געוואָרן. די נאַציאָנאַלע באַאַמטע פון דער יונייטעד האָבן ניט געהאַט קיין חשק אויפצונעמען א שווערן קאַמף מיט די טעקסטיל־באַראָנען אין דרום און דער סטרייק איז אויפגעגעבן געוואָרן.

די סטרייקס אין גאַסטאָניא, אין עליזאבעטאָן און אין מעריאָן האָבן אויפגעשניטן א רויען ארבעטער־שיכט און זיינען ניט פאַריבער אָן פרוכט, כאָטש קיין באַלדיקע רעזולטאַטן האָבן זיי ניט געבראַכט. די שפּעטערדיקע אָרגאַניזאַציע־ארבעט, זומער 1933, און דער טעקסטיל גענעראַל־סטרייק, סעפּטעמבער 1934, זיינען אין א געוויסער הינזיכט פּראָדוקטן פון דער פּיאָנערן־ארבעט וואָס די קאָמוניסטן און לינקע זיינען געווען די ערשטע דורכצופירן אין דרום. ווען די ארבעטער־באַוועגונג וואָלט אין 1929 ניט

געלעגן אין די הענט פון די גרינס, וואלס און מעקמעהאנס, וואלט דער אויס־גאנג פון די סטרייקס געווען א גאנץ אנדערער.

לינקע יוניאנס פירן מערסטע סטרייקס אין קריזיס

די יוניאנס פון דער טרייד־יוניאן יוניטי ליג און א ריי אנדערע אומ־אפהענגיקע יוניאנס זיינען געווען די ערשטע ארויסצופירן די ארבעטער אין קאמף געגן דער שרעקלעכער עקספלואטאציע אין די קריזיס־יארן. די ערשטע סטרייקס אין דער שטאל־אינדוסטריע געגן הונגער־לוין זיינען געפירט גע־ווארן פון דער לינקער יוניאן אין אמברידזש, ווארען א. א. אין הארבסט 1931. אין זעלבן יאר איז פארגעקומען דער קוילן־גרעבער סטרייק אין קענטאקי.

די יוניאנס פון דער טרייד־יוניאן יוניטי ליג האבן געפירט גרויסע, שטורמישע און אין א סך פאלן זיגרייכע סטרייקס פון גומי־ארבעטער אין עקראן, פון מעבל־ארבעטער אין ניו יארק א. א., פון שפייז־ארבעטער, דאק־ארבעטער און פון פארם־ארבעטער אין קאליפארניע און ניו־דזשוירזי, פון שיך־ארבעטער, נאדל־פאכן. אין דער זעלבער צייט איז די א. פ. אוו ל. כמעט איינגאנצן ארויסגעפאלן פון דער סטרייק־באוועגונג. די א. פ. אוו ל. פירער האבן ניט געוואגט אויפצונעמען א סטרייק אין די גאר שווערע קריזיס־יארן.

די אויבן־אויסגערעכנטע סטרייקס זיינען געווען פון א טיפער באדייטונג, וואס זייער אוממיטלבארער אויסגאנג איז ניט געווען. זיי זיינען געווען די ערשטע אנזאגער, אז אין די טיפעניש פון ארבעטער־קלאס רודערט זיך. זיי האבן געלייקנט די טעאריע, אז ארבעטער ווילן ניט ארויסטרעטן צו פארטיידיקן זייער לאגע ווען די אינדוסטריע איז האלב אדער דריי־פערטל פאראליזירט. די סטרייקס האבן באשטעטיקט די אפשאצונג פון ענגעלס, אז ארבעטער טארן ניט אננעמען קיין פארערגערטע באדינגונגען אן א ווידערשטאנד אפילו אין א שווערער צייט, ווייל דערמיט אנערקענען זיי דאס רעכט פון די קאפיטאליסטן צו מאכן די ארבעטער פאר די איינציקע קרבנות פון סאציאלע באדינגונגען. די סטרייקס האבן געהאלטן וואך דעם פולס פון דער ארבעטער־באוועגונג אין א קריטישער צייט פאר די ארבעטער־מאסן.

ניט געקוקט אויף די שטורמישע קאמפן איז דער וואוקס פון די יוניאנס פון דער טרייד־יוניאן יוניטי ליג ניט געווען צופרידנשטעלנדיק. איינע פון

די הויפט־אורזאכן איז דער פאקט, וואס די יוניאנס, ווי מיליטאנטישע אָר־גאניזאציעס, האָבן געמוזט אויסשטיין די גאנצע לאסט פון די אטאקעס פון די קאפיטאליסטן און זייער מלוכה און אלס צוגאב האָבן זיי געהאט געגן זיך די גאנצע א. פ. אָוו ל. ביוראָקראטיע, וואס האט זיך ניט אָפּגעשטעלט פאר מסירות און סטרייקברעכעריי געגן די לינקע יוניאָנס. אין יעדן סטרייק האָבן די יוניאָנס פון דער טרייד־יוניאָן יוניטי ליג זיך באַגעגנט ניט נאָר מיט די ארבעטגעבער נאָר אויך מיט זייערע ארויסהעלפער אין דער אמעריקאָן פעדערײשאָן אָוו לייבאָר.

גלייכצייטיק דארף אויך פארצייכנט ווערן, אז אין די ערשטע קריזיס־יאָרן האָט די א. פ. אָוו ל. פארלאָרן העכער א מיליאָן מיטגלידער. אזעלכע גויסע יוניאָנס ווי די יונייטעד מיין וואָירקערס, די מאשיניסטן־יוניאָן, די אינטערנעשאָנאל לײדיס גארמענט וואָירקערס יוניאָן, האָבן פארלאָרן נאָענט צו צוויי־דריטל פון זייער פריערדיקער מיטגלידערשאפט. די קארפּענטערס בראָדערהוד, די פיינטערס בראָדערהוד און נאָך יוניאָנס זיינען פּאקטיש אָפּ־געווישט געוואָרן אין א סך שטעט, באזונדערס אין וויטן מערב און צפון־מערב. די יוניאָנס פון דער ט. י. ל. האָבן פּראָפּאָרציאָנעל זייער ווייניק פארלאָרן. זיי האָבן געציילט אָנהייב 1933 ארום הונדערט טויזנט מיט־גלידער, אָבער זייער איינפלוס און פּרעסטיזש האט דערגרייכט א פיל גרעסערע צאָל ארבעטער.

## א. פ. אָוו ל. קומט אַריין אין נייע אינדוסטריעס

די כחות־פארהעלטענישן אין דער ארבעטער־באַוועגונג האָבן זיך שארף געביטן אין די לעצטע צוויי יאָר פון דער רוזוועלט־רעגירונג. די אָנגעקליבענע טיפע אומצופרידנקייט פון די ארבעטער מיטן הונגער־לוין און רעכטלאָזיקייט אין די פאבריקן האט אויסגעבראָכן אין א קאָכיקער כוואַליע סטרייקס, זומער 1933 און 1934. רוזוועלטס פארזיכערונגען פון א „נייעם דיל" פאר דעם „פארגעסענעם מענטשן" צוזאמען מיט די צעפּויקטע צוזאגענישן ארום דער נ.ר.א. (נעשאָנאל רעקאָווערי אקט) האָבן אָן צווייפל געהאָלפן ארויסרופן די מאסן־סטרייקס געגן דעם אויסגעשפּראָכענעם ווילן פון די פּאַטערס פון דער נ.ר.א. די רוזוועלט־רעגירונג האט דעמאָלט ארויסגערוקט די א. פ. אָוו ל. פירערשאפט צום פאָדערגרונט ווי א כח וואס דארף „סטאביליזירן" די אומ־רואיקע, צו אקציע זיך רייסנדיקע ארבעטערשאפט. ארבעטער פון אומ־אָרגאַניזירטע אינדוסטריעס האָבן גענומען שטראָמען אין דער א. פ. אָוו ל.

מיט דער אויפריכטיקער האפענונג, אז אין איר וועלן זיי געפינען אן אינסטרו־מענט פון קאמף געגן די ארבעטגעבער.

די א. פ. אוו ל., וואס האט אין 1932 ניט געהאט קיין צוטריט צו די וויכטיקסטע טראסטיפיצירטע אינדוסטריעס *), איז מיטאמאל געווארן א פאקטאר אין דער אטאמאביל, שטאל, אלומינום און גומי־אינדוסטריעס. די יוניאן־פירער האבן אין א סך פלעצער איינגערעדט די ארבעטער, אז אין ווייסן הויז זיצט א גרויסער פריינט, וועלכער איז גרייט ארייגצוווארפן זיין גרויסן איינפלוס געגן די קאפיטאליסטן. אין דער אטאמאביל־אינדוסטריע האט די א. פ. אוו ל. ארייננעקראגן ארום 100,000 מיטגלידער, אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע ארום א פערטל מיליאן. דער צואוואוקס האט זיך אויסגעדריקט ניט בלויז אין נייע 500,000 מיטגלידער, נאר וואס איז פיל וויכטיקער, דער באשטאנד פון דער א. פ. אוו ל. איז אויסגעברייטערט גע־ווארן. איר באזע איז פארשטארקט געווארן מיט נייע פונדאמענטאלע אינ־דוסטריעס. די א. פ. אוו ל. איז שוין ניט פארבליבן הויפטזאכלעך אן אר־גאניזאציע פון דער ארבעטער־אריסטאקראטיע. הונדערטער טויזנטער האלב־געשולטע און גארניט־געשולטע ארבעטער זיינען אריינגעקומען אין אירע רייען.

די אומפארשעמטע אקטן וואס די ביוראקראטיע איז באגאנגען אין 1934 געגן די אטאמאביל, שטאל, און אייזן־ארבעטער, טעקסטיל־ארבעטער, אלומינום־ארבעטער א. א., האט א טרייסל געטאן די נייע באזע פון דער א. פ. אוו ל. און זי עטוואס אפגעשוואכט. אבער אין גרונט גענומען איז די באזע פארבליבן. די ארבעטער, אנטוישט אין רוזוועלטס פריינטלעכקייט און דערצארנט געגן די גרינס, טייגס, און זייער גלייכן, האבן גלייכצייטיק ארויס־געוויזן א קלארע נויגונג צו קעמפן אין די ראמען פון זייערע יוניאנס. קיין מאסן־ארויסמארש פון די יוניאנס איז ניט פארגעקומען, כאטש אין געוויסע אינדוסטריעס האבן די קאפיטאליסטן פרובירט אויסנוצן די אומצופרידנ־קייט פון די ארבעטער מיט די פירער, אריינצונארן זיי אין דער נעץ פון קאמפאניע־יוניאנס.

פאר אלע ארנטלעכע, מיליטאנטישע, קלאסנבאוואוסטזיניקע ארבעטער איז אויפגעשטאנען די אויפגאבע צו העלפן דעם קעמפנדיקן א. פ. אוו ל. רענק און פייל צו פארשטארקן זיינע פאזיציעס. דאס קען דורכגעפירט ווערן נאר דורך א פאראייניקונג פון אלע טיילן פון דער טרייד־יוניאן באוועגונג.

---

*) זע סטאטיסטישע טאבעלע פון דעם אינדוסטריעלן באשטאנד פון דער א. פ. אוו ל. אין קאפיטל ; א. פ. אוו ל., טעאריע און פראקטיק.

אַריינפירן דעם לינקן טייל, אָרגאַניזירט אין די אינדוסטריעלע יוניאָנס, אין די א. פ. אָוו ל. יוניאָנס, וואו די מיטגלידער שטייען אין א הייסן קאַמף געגן די אַרבעטגעבער און די אייגענע הויכע באַאמטע, איז אויסגעוואקסן צו א ברענענדיקער נויטווענדיקייט.

גענדערטע לאַגע פאָדערט אַן ענדערונג אין טאַקטיק

דער אכטער צוזאַמענפאָר פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי — אַפּריל, 1934 — אין קליוולאַנד האָט געשטעלט די פּראָבלעם און זי געלייזט מיט א רעזאָלוציע, וואָס אונטערשטרייכט אַז די אַרבעט אין די א. פ. אָוו ל. יוניאָנס ווערט די הויפּט־טעטיקייט פאַר די קאָמוניסטן און זייערע סימפּאַטיקער. טרייד־יוניאָן אייניקייט איז געשטעלט געוואָרן ווי די אַקטועלסטע אויפגאַבע.

די פאַרברייטערטע זיצונג פון צענטראַל־קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי — יאַנואַר, 1935 — האָט געמאַכט דעם ווייטערדיקן לאָגישן שריט אויף דעם וועג. טרייד־יוניאָן אייניקייט, קאַמף פאַר דעמאָקראַטישן קאָנטראָל אין די יוניאָנס, א קאָנטער־אָפענסיווע געגן דער קאַפּיטאַליסטישער אָפענסיווע וואָס איז געשטיצט פון דער רוזוועלט־רעגירונג, און אָרגאַניזירן די אומאָרגאַניזירטע — זיינען די הויפּט־לאָזונגען וואָס די רעזאָלוציע האָט אָנגעמערקט.

די רעזאָלוציע לייענט זיך טיילווייז:

„דער אַריינפלוס פון הונדערטער טויזנטער נייע אַרבעטער פון די גרונט־אינדוסטריען און פאַבריקן פון מאַסן־פּראָדוקציע אין די א. פ. אָוו ל. יוניאָנס און די שטייגנדיקע ראַדיקאַליזאַציע פון דער הויפּט־מאַסע מיט־גלידער — דאָס מאַכט די א. פ. אָוו ל. יוניאָנס מער מיליטאַנטיש און מאַסן־האַפט אין כאַראַקטער און עפנט נייע מעגלעכקייטן פאַר רעוואָלוציאָנערער מאַסן־אַרבעט אינעווייניק אין די יוניאָנס.

„נעמענדיק דאָס אַלץ אין אַכט מוז די הויפּט־אויפגאַבע פון דער פּאַרטיי אויפן געביט פון טרייד־יוניאָן אַרבעט זיין — די טעטיקייט אין די א. פ. אָוו ל. יוניאָנס: ענערגיש און אומדערמידלעך צו מאָביליזירן די מאַסן מיטגלידער אין די יוניאָנס ווי גאַנצע אָרגאַניזאַציעס פאַר דער פאַרטיידיקונג פון די טאָג־טעגלעכע אינטערעסן פון די אַרבעטער, פאַר דער פירערשאַפט אין סטרייקס, פאַר דורכפירן אין די יוניאָנס די פּאָליטיק פון קלאַסן־קאַמף. עס איז נויטיק פאַר דער פּאַרטיי דורכצופירן ממשותדיקע אַרבעט אין די א. פ. אָוו ל. יוניאָנס, בייקומענדיק דעם ווידערשטאַנד פון דער טרייד־יוניאָן ביוראָ־קראַטיע און פון די סעקטאַנטישע רעשטלעך אין די רייען פון דער פּאַרטיי און צווישן די אָנהענגער פון דער רעוואָלוציאָנערער טרייד־יוניאָן באַוועגונג.״

אין איינקלאנג מיט דער ליניע, זיינען די מערסטע אינדוסטריעלע יוניאנס ארייננעפירט געווארן אין דער א. פ. אוו ל., באזונדערס דארטן וואו דער רענק און פייל איז געשטאנען פאר אנטשיידענע קאמפן, ווי אין אטאמאביל, שטאל און אייזן, קוילן און מעטאל-גרופן, טעקסטיל און אין דער דרעס-אינדוסטריע, וואו די גרויסע מערהייט ארבעטער באלאנגט צו דער א. פ. אוו ל. יוניאן.

## נייע אריענטאציע ברענגט באלדיקע רעזולטאטן

די פרוכט פון דער נייער אריענטאציע איז באלד געקומען. די שטאל-ארבעטער האבן באניט זייער קאמפאניע פאר א גענעראל-סטרייק איבער די קעפ פון די נאציאנאלע באאמטע — די קאנפערענץ פון 6טן און 7טן פעברואר, 1935. אין פעטערסאן האט דער ארגאניזירטער רענק און פייל איבערגענומען די פירערשאפט אין זיינע הענט און ארויסגעשטופט די רעכטע באאמטע מיט זייערע לאוסטאניסטישע ארויסהעלפער (קעלער). אין דער אטאמאביל-אינדוסטריע האט זיך אנגעהויבן א נייע רענק און פייל באוועגונג און אין דער קוילן-אינדוסטריע וואקסט א טיכטיקע אפאזיציע געגן דזשאן ל. לואיס און זיין קליקע. די א. פ. אוו ל. ביוראקראטיע איז געצוואונגען געווען ארויסצוקריכן פון איר גלייכגילטיקייט. דער „קריג” און שפעטער דער „שלום” מיט רוזוועלטן — פעברואר, 1935 — איז געווען א פראדוקט פון דעם אויפברויז אונטן צווישן די מאסן. וויליאם גרין האט געמוזט ארויסקומען צום ערשטן מאל מיט שארפע רייד געגן דער נ.ר.א. און אירע לייבאר-באארדס. גרין האט פארשוויגן, אז דאס האט ער פריער גע-ראטן די ארבעטער אנצונעמען רוזוועלטס קאמפראמיס, וואס איז געווען א שווערער קלאפ פאר די ארבעטער.

גרין און דער עקזעקוטיוו-קאונסיל וועלן פארבלייבן ביי די רייד. דער פאקט אליין, וואס זיי האבן זיך ניט געקענט העלפן און דערלויבט מיט א האלבן מויל א קאמפאניע פאר א גענעראל-סטרייק אין דער אטאמאביל-אינ-דוסטריע און מוזן פארהאנדלען מיט אן „אויסגעשלאסענער” רענק און פייל קאמיטע פון שטאל-ארבעטער, דעמאנסטרירט די נויטווענדיקייט פון דעם קער וואס די לינקע און די קאמוניסטישע באוועגונג האבן געמאכט אין דער ריכ-טונג פון מאסן-ארבעט אין די א. פ. אוו ל. יוניאנס.

פון דער צווייטער זייט איז כאראקטעריסטיש פאר דער שטימונג פון די ארגאניזירטע ארבעטער דער שיקזאל פון גרינס אינסטרוקציע — אויגוסט

1934 — צו אַלע יוניאָנס אויסצושליסן די קאָמוניסטן פון זייערע רייען. די ריזיקע, איבערוועגנדיקע מערהייט יוניאָנס האָט פולשטענדיק איגנאָרירט די העצע און דעם פאָרשלאָג פון דעם א. פ. אָוו ל. פּרעזידענט. טויזנטער קאָנסערוואַטיווע אָרטיקע יוניאָנס האָבן באַשלאָסן ניט אויסצופאָלגן די אינ־סטרוקציע. אזא צירקולאַר־בריוו מיט עטלעכע יאָר צוריק וואָלט ניט פאַרביי־געגאַנגען ווי אַ שטים אין דער ווילדערניש. די צייט ווען די א. פ. אָוו ל. ביוראָקראַטן האָבן געקענט שרעקן טיילן פון אַרבעטער־קלאַס מיט דער „קאָמו־ניסטישער געפאַר" איז פאַריבער. דער פּרעסטיזש פון די קאָמוניסטן איז שטאַרק געוואַקסן אין דער זעלבער צייט ווען די אַנטווישונג אין דעם „נייעם דיל" איז געשטיגן. דער טיכטיקער אָנטייל פון די קאָמוניסטן אין די וווּיטער־דיקע קאַמפן פון די אַרבעטער וועט הויבן און צעמענטירן דעם פּרעסטיזש און אים אויסשמעלצן אין אַ פעסטן רינג פון צוטרוי און פריינטשאַפט.

צוויי־און־דרייסיקסטער קאפיטל

# די לאגע פון די נעגער־ארבעטער

די צאל און די עקאנאמישע לאגע פון די נעגערס אין דרום. — זייער אויסוואנדערונג אין די שטעט. — זיינען א מערהייט אין פיר קאטן שטאטן. — נעגער־פארמער אין א צושטאנד פון פאנשטשינע. — זייער שרעקלעכע ארעמקייט און פאליטישע רעכטלאזיקייט. — רוזוועלטס „א.א.א." מאכט זייער לאגע נאך ערגער. —נעגער־ארבעטער שטארק דיסקרימינירט. — א. פ. אוו ל. פירער העלפן דזשים־קראאיזם. — די שלאכטן אין שיקאגא און איסט סט. לואיס. — סקאטסבארא און די ראל פון דער קאמוניסטישער פארטיי און פון דער א. ל. ד. — די נעגער־געטאס אין די צפון־שטאטן. — אנדזשעלא הערנדאן. — קעמפ היל און די שער־קראפערס יוניאן. — די לאזונג פון זעלבסט־באשטימונג אין דעם קאטן־לאנד און די געגנערשאפט פון דער סאציאליסטישער פארטיי. — די נעגערס זיינען א נאציאנאליטעט.

אין די פאראייניקטע שטאטן געפינען זיך ארום צוועלף מיליאן נעגערס. פון זיי זיינען ארום ניין־און־א־האלב מיליאן אין די דרום־שטאטן. ניט געקוקט אויף דעם, וואס דער בירגער־קריג — 1861—1864 — האט זיי באפרייט פון שקלאפעריי און דער 14טער אמענדמענט צו דער פעדעראלער קאנסטיטוציע האט זיי באווארנט און גאראנטירט מיט גלייכע רעכט, זיינען די נעגער־מאסן אין דרום אונטערווארפן צו א גרויזאמער אונטערדריקונג, עקאנאמיש, סאציאל און פאליטיש. זיי זיינען רעכטלאז און פארשקלאפט.

ווען די נעגערס זיינען באפרייט געווארן צום סוף פון בירגער־קריג, האט זיי די פעדעראלע רעגירונג ניט באזארגט מיט דער מינדעסטער געלעגנהייט אויפצוהאלטן א פרייען לעבן. די באפרייטע שקלאפן זיינען געבליבן אן מאטעריעלע מעגלעכקייטן צו פארדינען אויף א לעבן, סיידן זיך צו פארדינגען צו די פריערדיקע הארן. ווען די פעדעראלע סאלדאטן האבן זיך צוריקגעצויגן פון די דרום־שטאטן אין 1877 האבן די ווייסע הערשער מיט דער הילף פון דעם קו־קלוקס־קלען, א געהיימע ארגאניזאציע פון באוואפנטע ווייסע טעראריסטן, באוויזן אריינצוטרייבן די שווארצע אין א נייער פארמע פון שקלאפעריי.

די נעגערס זיינען צוגעבונדן צום לאַנד פון די ווייסע דורך אַ סיסטעם פון טענאַנט־פאַרמעריי (דינגען לאַנד), שער־קראַפּינג (זיך טיילן מיט דער גערעטעניש מיטן אייגנטימער פון לאַנד). זיי זיינען באַרויבט געוואָרן פון דעם רעכט אַנטיילצונעמען אין פּאָליטישן לעבן. זיי קענען ניט שטימען אין די וואַלן. זיי מוזן וואוינען אין אָפּגעזונדערטע געטאָס, מוזן פאַרנעמען באַזונדערע זיץ־פּלעצער אין באַנען און טראַמווייען. זייערע קינדער זיינען באַרויבט פון שולן. טאָמער פאַרלירט אַ נעגער דעם געדולד און שטעלט זיך געגן דער ברוטאַלער אונטערדריקונג פון זיין לענדלאָרד, זיינען פאַראַן גלייך אונטערן האַנט ווייסע באַנדעס, וואָס באַפאַלן אים און לינטשן אים אונטער אַ פּוסטן, פאַלשן אויסרייד. געוויינלעך איז דער אויסרייד אַז ער האָט באַליידיקט אַ ווייסע פרוי און זי געוואָלט אָנגרייפן.

פון די ניין־און־אַ־האַלב מיליאָן נעגערס אין דרום איז די גאָר גרויסע מערהייט באַשעפטיקט אויפן לאַנד. די ציפערן פון דעם פעדעראַלן צענזוס אין 1920 גיבן אָן, אַז צוויי־דריטל פון אַלע שוואַרצע אין דרום זיינען אויפן לאַנד. אין די צפון־שטאַטן איז פאַרקערט. דאָרטן זיינען די נעגער־מאַסן הויפּטזאַכלעך שטאָטישע אַרבעטער. די צאָל נעגער־פאַרמער אָדער פאַרם־אַרבעטער אין צפון, לויט דעם צענזוס פון 1920, איז נאָר אַ פערטל מיליאָן.

זינט 1920 האָט זיך די לאַגע געביטן. די אויסשפּרייטונג פון דער אינ־דוסטריע אין דעם מלחמה־פּעריאָד, צוזאַמען מיט די פאַרפאָלגונגען און טעראָר אין דרום, האָבן געטריבן אַ סך נעגערשע האָרעפּאַשניקעס צו פאַרלאָזן זייער היים און אויסוואַנדערן אין די שטעט, באַזונדערס אין די שטעט פון די דרום־שטאַטן. עס ווערט אָפּגעשאַצט, אַז אין די צען יאָר פון 1920 ביז 1930 האָבן העכער אַ מיליאָן נעגערס פאַרלאָזן די לאַנדווירטשאַפט און געקומען אין די שטעט. אַרום 650 טויזנט האָבן זיך באַזעצט אין די דרום־שטעט און די איבעריקע אין די צפון־שטעט, וואו זיי זיינען געוואָרן אַ קוואַל פון ביליקער, ניט־קוואַליפיצירטער אַרבעט.

### איבערוועגנדיקע מערהייט נעגערס זיינען האָרעפּאַשניקעס

דער צענזוס פון 1930 האָט אַרויסגעבראַכט די איבערוועגנדיקע מערהייט האָרעפּאַשניקעס צווישן די שוואַרצע. די נעגערס מאַכן אויס 9.7 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג אין לאַנד, אָבער פון דער אַלגעמיינער צאָל מענטשן וואָס זיינען אַריינגעצויגן אין „פאַרדינסטפּולע" באַשעפטיקונגען מאַכן אויס די נעגערס 11.3 פּראָצענט. דאָס מיינט, אַז זייער פּראָפּאָרציע האָרעפּשאַניקעס איז פיל גרעסער ווי ביי די ווייסע, באַזונדערס ווען מען

נעמט אין באטראכט אז ביי די נעגערס מיינט „פארדינסטפולע" באשעפטיקונג ניט קיין באנקירן און גרויסע געשעפטסלייט ווי ביי די ווייסע, וואו די פעדעראלע רעגירונג רעכנט אריין די גרויסע קאפיטאליסטן און די אינדוסטריעלע ארבעטער אין דער זעלבער קאטעגאריע פון „פארדינסטפול" באשעפטיקטע.

דער זעלבער צענזוס ווייזט אויך, אז די גרויסע עמיגראציע וואס די מלחמה האט פאראורזאכט איז געווארן לאנגזאמער אין 1928 און איינגאנצן זיך אפגעשטעלט אין די יארן פון קריזיס. צווישן די יארן 1916 און 1927 זיינען א מיליאן מיט צוויי הונדערט טויזנט שווארצע געקומען אין די צפון־שטאטן אוסצומיידן הונגער און פארפאלגונגען. פארקערט, אין די קריזיס-יארן, מיט דער פארשפרייטער ארבעטלאזיקייט און הונגער פון וועלכע די שווארצע ארבעטער האבן געליטן ערגער און שטארקער פון די ווייסע, האט זיך באמערקט אן אויסוואנדערונג פון די גרויסע געטאס אין די צפון־שטעט צוריק אין דרום. טויזנטער נעגער־פאמיליעס אין הארלעם, ניו יארק און אין די אנדערע גרויסע צענטרען האבן אנגענומען די אומזיסטע באן־בילעטן וואס מען האט זיי געגעבן און זיי האבן זיך צוריקגעקערט אין דער אלטער היים. (לייבאר פעקט־בוק 2, זייט 127.)

די אימיגראציע האט באשאפן נייע גרויסע נעגער־צענטרען אין די צפון־שטעט. פאראן ניין שטעט וואו די נעגערשע באפעלקערונג איז העכער פון 100,000. דער גרעסטער נעגערשער צענטער איז הארלעם, ניו יארק. ארום א פערטל מיליאן נעגערס לעבן אין שרעקלעכער ענגשאפט אין הארלעם. צוזאמען מיט די איבעריקע נעגערשע געטאס זיינען אין ניו יארק פאראן נאענט צו 350 טויזנט שווארצע. די צווייטע שטאט איז שיקאגא מיט א נעגערשער באפעלקערונג פון 234 טויזנט מענטשן. פילאדעלפיע פארמאגט 220,000 נעגערס און באלטימאר, וואשינגטאן און ניו־ארלינס ציילן העכער 100,000 יעדע. אויסער די ניין גרויסע שטעט זיינען אויסגעוואקסן נעגערשע קווארטאלן אין א ריי מיטעלע אינדוסטריעלע שטעט, ווי דעטראיט, קליוולאנד און אנדערע קלענערע שטעט.

די אימיגראציע האט פארוואנדלט דעם נעגערשן פראלעטאריאט אין א וויכטיקן פאקטאר אין דער אינדוסטריע אין צפון, שוין ניט רעדנדיק אין דרום.

פון סאמע אנהייב פון דער שקלאפעריי אויף די קאטן (בוימוואל) פלאנטאציעס זיינען די שווארצע געווען א מערהייט פון דער באפעלקערונג אין די דרום־אטלאנטישע שטאטן. ווען א גרעסערער באדן איז פארנומען געווארן מיט קאטן־קולטיווירונג זיינען די נעגערס מיטגעגאנגען — מיטגעטריבן גע־

וואָרן — מיט דער אויסשפּרייטונג פון די פּלאַנטאַציעס. די נעגערס בילדן איצט אַ מערהייט אין דעם קאַטן פּאַס לאַנד וואָס ציט זיך אין צוועלף דרום־שטאַטן. אין די צוועלף שטאַטן וואוינען פינף מיליאָן שוואַרצע האַרעפּאַש־ניקעס. איבער דריי און אַ האַלב מיליאָן וואוינען אין דעם קאַטן פּאַס לאַנד.

## נעגערס אַ מאַיאָריטעט אין קאַטן־לאַנד

די צעטיילונג אין שטאַטן איז אַ קינסטלעכע און איז דורכגעפירט געוואָרן צוליב די פּאָליטישע אינטערעסן פון די ווייסע הערשער. די טעריטאָריע דאַרף איינגעטיילט ווערן לויט איר ווירטשאַפטלעכן באָדן. אַזאַ איינטיילונג, וואָס איז די איינציקע ריכטיקע און צוועקמעסיקע, וואָלט אויטאָמאַטיש געשאַפן אַ נעגערשע טעריטאָריע פון דעם גרעסטן טייל פון אַלאַבאַמאַ, ביידע קאַראָליינאַס, דזשאָרדזשיאַ, ווירדזשיניאַ און מיסיסיפּי. אין איינציקע געגנטן אין דרום זיינען די שוואַרצע אַ פולשטענדיקע מאַיאָריטעט, אין אַנדערע טיילן זיינען זיי נאָענט צו 37 פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג. אין די פיר אַלטע שטאַטן — דרום־קאַראָליינאַ, דזשאָרדזשיאַ, מיסיסיפּי און אַלאַבאַמאַ — מאַכן אויס די שוואַרצע נאָענט צו 75 פּראָצענט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג.

די צוויי הויפּט־קוואַלן פון רויע מאַטעריאַלן וואָס די דרום־שטאַטן פּראָדוצירן זיינען קאַטן און טאַבאַק. די מערסטע שוואַרצע זיינען באַשעפטיקט אין דער פּראָדוקציע פון קאַטן. די פאָרמען פון ערד־באַאַרבעטונג זיינען צווייערליי: טענאַנט־פאַרמעריי און שער־קראַפּינג. די ווייסע טענאַנט־פאַרמער און שער־קראַפּערס געפינען זיך אויך אין אַ שרעקלעכן צושטאַנד, אָבער די נעגערשע פאַרמער זיינען אויף נאָך אַ נידעריקערן שטאַפּל פונעם עקאָנאָמישן און פּאָליטישן לייטער. דער טענאַנט און שער־קראַפּער איז עקאָנאָמיש אַ שקלאַף ביי דעם רייכן פּלאַנטאַטאָר. אָפיציעל איז ער אַ פרייער מענטש און קען פאַרלאָזן די פאַרם ווען ער וויל, אָבער ער האָט ניט וואוהין צו גיין און אַפילו ווען אַזאַ וואונדער זאָל פּאַסירן, קען ער זיך ניט רירן פון אָרט. ער איז צוגעבונדן צום באַלעבאָס מיט אַ שווערן שטריק אויסגע־פּלאָכטן פון שולדן.

די ביליקע אַרבעט־קראַפט וואָס דער רייכער פּלאַנטאַטאָר קריגט פון טענאַנט־פאַרמער און שער־קראַפּער פאַרשפּאָרט אים די געלט־אינוועסטמענטס איינצופירן מאַשינען און העכערע מעטאָדן פון אַרבעט. דער טענאַנט־פאַרמער און שער־קראַפּער מיט זייערע פאַמיליעס זיינען דערפאָלגרייכע קאָנקורענטן

פון דער מאשין. דער ווייסער פלאנטאטאר צווינגט דעם טענאנט־פארמער און שער־קראפער וואס צו פארזייען און וויפיל צו פארזייען. געוויינטלעך מוז דער ארעמער פארמער פארזייען נאר די קולטור (פלאנצונג) וואס קען אריינ־ברענגען מזומן געלט דעם פלאנטאטאר. אזוי, צום ביישפיל, קען ניט א טענאנט־פארמער און שער־קראפער אין דעם קאטן־פאס פארזייען אנדערע קולטורן אויסער קאטן. אין דער טאבאק־געגנט — נאר טאבאק. דער פלאנ־טאטאר קאנטראלירט זיין טענאנט און שער־קראפער און דערלויבט ניט אפילו צו פארזייען א גארטן מיט גרינס, ווייל פון די גרינס וועט דער פלאנ־טאטאר ניט מאכן קיין געלט און פאר דעם טענאנט און זיין פאמיליע ארט אים ניט. ארעמע ווייסע און שווארצע וועלן זיך באגיין אן פרישע גרינס און פרוכט.

די סאמע עקספלואטירטסטע זיינען די שער־קראפערס, וועלכע מוזן אוועקגעבן דעם רייכן פלאנטאטאר פופציק פראצענט פון זייער גערעטעניש. דער פלאנטאטאר איז ניט בלויז דער אייגנטימער פון באדן. ער איז אויך גרעסטנטיילס דער סוחר און דער קאפיטאליסט. ער צווינגט דעם שער־קראפער צו פארקויפן אים דעם איבעריקן טייל פון גערעטעניש אויף א פרייז, דיקטירט פון אים אליין. דער רייכער פלאנטאטאר באזארגט דעם שער־קראפער מיט געצייג און קרעדיט צום לעבן. פאר דעם רעכנט ער רויבערישע פראצענטן. דער שער־קראפער איז צוגעבונדן און צוגעשמידט צום פלאנ־טאטאר און איז עקאנאמיש זיין שקלאף.

דער פראצעס פון ארויסשטויסן די ארעמע פארמער פון זייער אייגנטום גייט אן מיט א שנעלן טעמפא. דער צענזוס אין דרום אין 1925 האט געוויזן, אז 42 פראצענט פון אלע ווייסע פארמער זיינען טענאנט־פארמער און שער־קראפערס. ביי די שווארצע איז דער פראצענט פיל העכער. 76.5 פראצענט פון אלע שווארצע פארמער זיינען ניט די אייגנטימער פון זייער שטיקל לאנד. 47 פראצענט פון די 76.5 זיינען שער־קראפערס, די ארעמסטע צווישן די ארעמסטע.

### די ארעמקייט פון די שווארצע פארמער

ווען דער פלאנטאטאר פארקויפט זיין לאנד, פארקויפט ער עס מיט זיינע טענאנטס, שער־קראפערס און זייערע פאמיליעס, ווי אין די אמאליקע צייטן אין דער צארישער רוסלאנד איידער פאנשטשינע איז אפגעשאפט געווארן.

נאך די מלחמה־יארן האט זיך אנגעהויבן דער פראצעס פון שניידן דעם

פארזייטן קאטן־שטח. די „איבערפראָדוקציע" אין קאטן און דער געיעג נאָך הויכע פראָפיטן האָט געבראכט די רייכע פּלאַנטאַטאָרן צו שניידן די פעלדער כדי אויפצוהאלטן די פרייזן. אכט און צוואנציק מיליאָן אקער לאנד איז געבליבן ניט פארזייט, דערפון איז העלפט אין די פיר שטאטן וואו די נעגערס זיינען א גרויסע מערהייט — אלאבאמא, סאוט קאראליינא, דזשאָרדזשיא און מיסיסיפּי. די פארקלענערונג פון דעם פארזיי־שטח איז פארגעקומען ניט־געקוקט אויף דעם, וואָס די טענאנט־פארמער און שער־קראפּערס זיינען געצוואונגען געוואָרן אין פארלויף פון די זעלבע יאָרן אויסצורייניקן און גרייט מאכן צום פארזיי נאָך 42 מיליאָן אקער לאנד וואָס איז געווען באוואקסן מיט ביימלעך. די פארמער זיינען דאָפּלט עקספּלואַטירט געוואָרן. זיי האָבן געהאקט דאָס געהילץ און גלייכצייטיק פארלאָרן די מעגלעכקייט צו באארבעטן דעם שטיקל באָדן פון וואנען זיי האָבן פריער געצויגן דעם הונגעריקן לעבן.

דער צווייטער פּראָצעס וואָס איז אָנגעגאנגען — און גייט נאָך אָן — אין דער לאנדווירטשאפט, האָט אויך געטראָפן די נעגערס שטארקער ווי די ווייסע. אין די פיר אויסגערעכנטע שטאטן האָבן 96,000 פארמער פארלאָרן זייערע פארמס צווישן 1910 און 1925. דערפון זיינען 84,000 שווארצע פארמער. די ארויסגעטריבענע שווארצע פארמער האָבן אָנגעפילט די שטעט מיט ארבעטלאָזע אָדער פארגרעסערט די צאָל טענאנט־פארמער און שער־קראפּערס.

די וועלכע זיינען קיינמאָל ניט געווען אין די דרום־שטאטן און האָבן ניט געזען ווי אזוי די טענאנט־פארמערס און שער־קראפּערס — ווייסע און שווארצע — לעבן, האָבן ניט קיין באגריף וואָס נויט, שטענדיקער נויט מיינט. אויסלענדער וועט שווער זיין צו גלויבן, אז אין אמעריקע, א לאנד מיט אזא הויכער טעכנישער קולטור, זאָלן הונדערטער טויזנטער פאמיליעס זיך געפינען אין לעבנס־באדינגונגען פון מיטלאלטער. ניט נאָר וויסן זיי ניט פון עלעמענטארע באקוועמלעכקייטן און סאניטארישע באדינגונגען, נאָר גרעסטנטיילס פארמאָגן ניט די שער־קראפּערס, באזונדערס די שווארצע, קיין גאנצע פּאָר הויזן אויפן לייב, א גאנצע פּאָר שיך אויף די פיס. דאָס עסן איז שרעקלעך אָרעם, ניט נארהאפטיק און איינטאָניק. די באלופקעס פינצטער און אָן מעבל, הייס אין זומער און קאלט אין ווינטער.

דער לענדלאָרד איז דער פולשטענדיקער האר. ער פירט דעם רעכענונג און עס איז נידעריקער פון זיין ווירדע אָפּצוגעבן א חשבון זיינע שווארצע טענענטס און שווארצע שער־קראפּערס. פאר מאָנען א חשבון אָדער זיך שטעלן געגן באשווינדלט ווערן האָבן צענדליקער נעגערס באצאָלט מיטן לעבן.

נאָך אין די בעסערע צייטן, פאַרן קריזיס, ווען די פרייזן אויף קאַטן און טאַבאַק זיינען ניט געווען אַזוי נידעריק, האָט אַן אונטערזוכונג פעסט־געשטעלט די גרויסע אָרעמקייט און עקאָנאָמישע הילפלאָזיקייט פון די שוואַרצע פאַרמער. אין 1925 האָבן אין די פּי קאַטן־שטאַטן 850 טויזנט פאַרמער־פאַמיליעס ניט געהאַט קיין בהמות, 900 טויזנט האָבן ניט פאַר־מאָגט קיין איינציקן חזיר און 300 טויזנט האָבן אַפילו ניט פאַרמאָגט קיין איינציקע הון. דאָס זיינען אַלץ שער־קראָפּערס. דער נאָמען פאַרמער פּאַסט זיך גאָרניט צו זיי. אין די ערגסטע צייטן פון רוסישן צאַריזם האָבן די מערהייט פּויערים פאַרמאָגט אַ הון און אַ חזיר. איינע פון די הויפּט־אורזאַכן פאַרוואָס די שוואַרצע שער־קראָפּערס זיינען אַזוי אויסגעליידיקט פון עופות און חיות איז דאָס, וואָס די לענדלאָרדס דערלויבן ניט צו קולטיווירן תבואות וואָס מען מוז האָבן צו האָדעווען בהמות. קויפן שפּייז פאַר זיי קען ניט, נאַטירלעך, דער שער־קראָפּער.

ניט קיין סך בעסער איז דעם טענאַנט־פאַרמער. זיין איינציקע אומ־אָפּהענגיקייט הענגט אויף דעם אייזל וואָס ער פאַרמאָגט נאָך. שטאַרבט דער אייזל, פאַרלירט ער די לעצטע פון זיינע „געצייג” וואָס עס פאָדערט זיך צו קולטיווירן קאַטן אָדער טאַבאַק, מוז ער אַריבערגיין אין דער קאַטעגאָריע שער־קראָפּער.

אויסער די טענאַנט־פאַרמער און שער־קראָפּערס זיינען פאַראַן שוואַרצע פאַרם־הענט, וואָס פאַרדינגען זיך אויפן יאָר אָדער אויפן סעזאָן. דער צענזוס פון 1930 גיט אָן 1,112,510 נעגערשע פאַרם־ארבעטער אין לאַנד. אין דער צאָל גייען אַריין קינדער איבער צען יאָר אַלט. אין דער ווירקלעכקייט אַרבעטן אין סעזאָן קינדער אינגער פון צען יאָר. עס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז שוואַרצע קינדער פון פינף יאָר אָן בויגן זיך און קריכן איבער די פעלדער צו רייניקן דעם קאַטן און שפּעטער צו קלייבן אים. די קליינע קינדער אַרבעטן די זעלבע לאַנגע שטונדן ווי די דערוואַקסענע. אָפט אַרבעטן זיי ביז וואַנען זיי פאַלן אַוועק פאַרחלשטע.

די עקאָנאָמישע לאַגע פון די שוואַרצע פאַרמער און זייער פאַנשטשינע (קנעכטשאַפט) איז פיל פאַרערגערט געוואָרן אין דעם קריזיס. פריער זיינען געקומען די געזונקענע פרייזן אויף קאַטן און טאַבאַק, וואָס האָבן געשאַפן אַ לאַגע, אַז דער פּראָדוצירער האָט ניט באַקומען אַפילו זיינע פּראָדוציר־קאָסטן. אָנשטאָט 15 און 17 סענט אַ פונט טאַבאַק, איז דער פּרייז געזונקען צו 5 און 4 סענט אַ פונט. אָנשטאָט 12 און 15 סענט אַ פונט קאַטן, איז דער פּרייז געפאַלן אויף 3 און 4 סענט אַ פונט. פאַרשטייט זיך, אַז דער רייכער פּלאַנ־

טאַטאַר האָט אַרויפגעוואָרפן די גאַנצע לאַסט פון קריזיס אויף די פּלייצעס פון זיין טענאַנט און שער־קראָפּער. דער קריזיס האָט פאַראורזאַכט אַ שרעק־לעכן הונגער צווישן די אָרעמע טענאַנטס און שער־קראָפּערס. די לענדלאָרדס האָבן זיך אָנטזאָגט צו געבן קרעדיט און שפּייז.

רוזוועלטס „אויפלעבונג"־פּראָגראַם אַ קלאַפּ פאַר די שער־קראָפּערס

שפּעטער איז געקומען די רוזוועלט־אַדמיניסטראַציע מיט איר „אויפ־לעבונג"־פּראָגראַם פאַר דער פאַרמער־באַפעלקערונג, אַ פּראָגראַם וואָס איז באַשטאַנען אין דעם „קלוגן" אויפטו צו שאַפן אַ קינסטלעכן מאַנגל אין שפּייז און אין רויע מאַטעריאַלן מיטן צוועק צו הויבן פּרייזן. די „א. א. א." (אַגרי־קאַלטשורעל אַדמיניסטריישאָן אַקט) האָט אַרויסגעשיקט אַגענטן אין דרום — דאָס זעלבע אין אַנדערע אַגריקולטורעלע געגנטן — איינצורעדן און באַ־איינפלוסן די פאַרמער צו שניידן זייער פאַרזיי־שטח. קאָטן האָט באַדאַרפט פאַרקירצט ווערן אויף 33 פּראָצענט. גראָד איז אויסגעפאַלן די דורכפירונג פון דער „א. א. א." פאַרקירצונג־פּראָגראַם צו שפּעט פאַר די קאָטן־פעלדער. די תבואה־פאַרמער האָבן געקענט פאַרזייען וויניקער, אָבער קאָטן איז שוין געווען פאַרזייט. די אויפגאַבע איז געוואָרן אויפצורייסן פאַרזייטע פעלדער און זיי פאַרניכטן („פּלאַו אַנדער"). די רוזוועלט־רעגירונג איז באַשטאַנען אויף איר גוואַלדאָוונער אידייע און מיטן כח פון פעטע פּרעמיומס (באָנוסעס) פאַר די רייכע פּלאַנטאַטאָרן האָט זי דורכגעפירט אירס. פאַרזייטע קאָטן־פעלדער זיינען אויפגעריסן געוואָרן. די טענאַנט־פאַרמער און די שער־קראָפּערס האָבן געמוזט טרייבן זייערע אייזלען אויף פאַרזייטע בייטן און מיטן זעלבן אַקער, מיט וועלכן די ערד איז פריער באַאַרבעט געוואָרן, אויס־גראָבן זיי פאַרזייטערהייט. דערביי איז פאָרגעקומען אַ טראַגי־קאָמישע זאַך: די אייזלען, וואָס זיינען יאָרן־לאַנג טרענירט געוואָרן ניט צו שטעלן מיט אַ קאָפּיטע אויף אַ פאַרזייטן פעלד, זיינען איצט געטריבן געוואָרן צו גיין איבער די פאַרזייטע פעלדער מיט די אַקער־אייזנס. די אייזלען, ניט פאַר־שטייענדיק רוזוועלטס קאָלאָסאַלן „אויפלעבונג"־פּלאַן, זיינען פון אָנהייב געווען איינגעשפּאַרט. עס האָט זיך געפאָדערט אַ סך שמיץ זיי צו שטעלן אויפן ריכטיקן וועג פון „ריקאָווערי" (עקאָנאָמישע אויפלעבונג).

די פאַרקירצונג פון פאַרזיי־שטח האָט געמאַכט די אומדערטרעגלעכע לאַגע פון די טענאַנטס און שער־קראָפּערס נאָך אומדערטרעגלעכער. די פּלאַנטאַטאָרן האָבן געקראָגן פאַרגיטיקונג פון דער פעדעראַלער רעגירונג, די

פרעמיומס פאר יעדן אויפגעריסענעם אקער. די טענאנטס און שער־קראפּערס האבן פאקטיש גארניט געקראגן. דארטן וואו די פעדעראלע רעגירונג האט שוין אויסגעמאכט א טשעק צו א טענאנט־פארמער איז עס דורכגעגאנגען דורך דעם פלאנטאטאר, וואס האט דעם טשעק אויסגעביטן אויף געלט און צוגעשטעלט דעם טענאנט און שער־קראפּער א צעטל מיט שולדן וואס איז קומט. דער פאקט, וואס די לאקאלע רעליף (הילף) אדמיניסטראציע און די „א. א. א." אגענטור ליגט אין די הענט פון די ווייסע פאליטישענס, האט געמאכט אוממעגלעך אז אן ארעמער שווארצער זאל קענען זיך דערשלאגן גערעכטיקייט געגן זיין האר.

די לאגע פון דער שווארצער פארם־באפעלקערונג איז געווארן ערגער אונטער רוזוועלטס „א. א. א." פראגראם פון עקאנאמישער אויפלעבונג. פריער זיינען די שווארצע גוואלדיק דיסקרימינירט געווארן אין דער פאר־טיילונג פון הילף. פעקלעך שפייז וואס די פעדעראלע רעגירונג האט אויס־געטיילט אין ווינטער 1932־1933 זיינען קיינמאל ניט אפּגעגעבן געווארן די שווארצע. די ווייסע פלאנטאטארן און די געשעפטלייט האבן עס צוגענומען פאר די חובות וואס די שווארצע קומען און נאכדעם פארקויפט זיי די זעלבע פעקלעך שפייז. דאס זעלבע איז פראקטיצירט געווארן געגן די ווייסע טענאנט־פארמער און שער־קראפּערס, אבער נאטירלעך געגן די שווארצע האבן זיי געהאט מער חוצפה. די שווארצע זיינען דאך רעכטלאז.

דער קריזיס האט אויך פארשנעלערט דעם פראצעס פון פארלירן דעם אייגענעם באדן. 800,000 אקער לאנד וואס האט באלאנגט צו שווארצע פארמער איז אריבער צו ווייסע פלאנטאטארן.

נאך דעם הונגער־מארש פון די פארמער אין ניו־ענגלאנד, ארקענסא, אין יאנואר 1931, האט די רעגירונג זיך דערשראקן און דער רויטער קרייץ האט פארטיילט פעקלעך שפייז און קליידער צווישן די פארהונגערטע פארמער. אבער די פלאנטאטארן האבן געהאלטן די פעקלעך ווי א בייטש איבער זייערע לייב־קנעכט. די פלאנטאטארן האבן איינגעשטעלט אזא סיסטעם, אז קיין נעגער האט ניט געקענט קריגן דעם צוויי־און־א־האלב סענט מאלצייט אן א געשריבענער דערלויבעניש פון דעם פלאנטאטאר. די באאמטע פון רויטן קרייץ, אויך ווייסע פון דרום, האבן געהאלפן די פלאנטאטארן אויפצוהאלטן זייער הערשאפט מיטן כח פון פעדעראלער רעליף.

ווען די „א. א. א." האט גענומען דורכפירן די פארקירצונג־פראגראם, איז די לאגע פון די טענאנטס און שער־קראפּערס געווארן נאך שווערער. א סך שער־קראפּערס זיינען אינגאנצן ארונטערגעטריבן געווארן פון לאנד

און זיי וואַלגערן זיך אין די פעלדער אָדער בעטלען אויף די וועגן. די איבעריקע האָבן געמוזט אָננעמען נאָך אַ נידעריקערן הונגער־לעבן. די מיליאָנען דאָלאַרן וואָס די פעדעראַלע רעגירונג האָט געפּאָמפּעט אין דער קאָטן און טאַבאַק אינדוסטריע זיינען געבליבן ביי די לענדלאָרדס און קאַפּיטאַ־ליסטן. די טענאַנט־פאַרמער און די שער־קראָפּערס האָבן אויך גאָרניט געהאַט פון די עטוואָס־העכערע פּרייזן אויף זייערע פּראָדוקטן. זייער גערעטעניש איז לאַנג פאַרקויפט פאַראויס און די העכערונג אין פּרייז איז פאַר זיי גע־קומען צו שפּעט. דערפאַר האָבן זיי געמוזט צאָלן טייערער פאַר די פּראָדוקטן וואָס זיי דאַרפן קויפן.

## נעגער־פאַרמער אָרגאַניזירן זיך

הונגער און רעכטלאָזיקייט קענען ניט פאַרבייגיין אינגאַנצן אָן אַ ווידער־שטאַנד פון די וועלכע ליידן פון די צוויי פּלאָגן. די נעגערשע אָרעמקייט אויף די פאַרמס האָט געמאַכט עטלעכע פאַרזוכן פון אָרגאַניזאַציע און ווידער־שטאַנד. אין אָקטאָבער 1919 האָבן די פאַרמער אין אילעין, אַרקענסאָ, אָר־גאַניזירט אַ „פּראָגרעסיוו פאַרמער ענד האוסהאָלד ליג" (אַ ליג פון פּראָ־גרעסיווע פאַרמער) צו קעמפן געגן פּאַנשטשינע און אָרעמקייט. די ווייסע לענדלאָרדס און קאַפּיטאַליסטן זיינען דערפון געוואויר געוואָרן און זיינען באַפאַלן די שוואַרצע מיט וואָפן. די שוואַרצע האָבן אַרויסגעוויזן אַ העלדישן ווידערשטאַנד, וואָס איז שוין לאַנג ניט געווען באַקאַנט אין דרום. עטלעכע ווייסע אָנפאַלער און עטלעכע שוואַרצע פאַרטיידיקער זיינען דערהרגעט גע־וואָרן. פאַרשטייט זיך, אַז פון די אָנפאַלער איז קיינער ניט אַרעסטירט גע־וואָרן. זיי זיינען דאָך „געזעץ און אָרדענונג" אַליין אין זייערע שטעט און שטעטלעך. דערפאַר איז אַ גרעסערע צאָל שוואַרצע אָנגעקלאָגט געוואָרן אין מאָרד ערשטן גראַד.

צוועלף זיינען פאַראורטיילט געוואָרן צום טויט און 67 צו לאַנגע טער־מינען געפענגעניש. אַן אַפּיל צום פעדעראַלן געריכט האָט אָפּגעשאַפט דעם טויט־אורטייל, אָבער די טורמע־טערמינען זיינען פאַרבליבן. דער לאָזונג פון דער פּראָגרעסיווער פאַרמער־ליג איז געווען: „מיר שלאָגן זיך פאַר אונזערע רעכט."

די קריזיס־יאָרן האָבן געטריבן די שוואַרצע פאַרמער ווידעראַמאָל צו טראַכטן וועגן אָרגאַניזאַציע, ניט קוקנדיק אויף דעם בלוטיקן טעראָר וואָס איז געוואָרן שטאַרקער. צענדליקער נעגערס זיינען דערשאָסן אָדער געהאַנגען

געוואָרן אין שטרייטיקייטן מיט די לענדלאָרדס איבער לאַנד אָדער איבער צעטיילונג פון גערעטעניש. די פרעסע האָט שוין גאַרניט באַריכטעט פון דער בלוטיקער גערעכטיקייט וואָס די לינטשערס האָבן אויסגעטיילט זייערע שוואַרצע קרבנות. קיינער האָט ניט געוואוסט דיווירקלעכע צאָל פון די געלינטשטע.

דאָס מאָל איז די איניציאַטיווע פאַר אָרגאַניזאַציע געקומען פון קאָמוניסטן. די סקאָטסבאָראָ־פאַרשווערונג האָט אויפגערודערט די מיליאָנען שוואַרצע אין דרום. די ענערגישע אַנטשלאָסנקייט מיט וועלכער די קאָמוניסטן און די אינטערנעשאָנאַל לייבאָר דעפענס האָבן געפירט די קאַמפּאַניע פאַר דער פאַרטיידיקונג פון די ניין אומשולדיקע אינגלעך האָט אַרויסגערופן אַ קוואַל מיט צוטרוי צווישן די שוואַרצע האַרעפּאַשניקעס צו דער לייבאָר דעפענס און צו די קאָמוניסטן. די קאָמוניסטן ווידער זיינען ענגער געקומען אין באַרירונג מיט דער נעגערשער מאַסע אין די דרום־שטאַטן.

דער אָנפאַל אין קעמפּ היל און די שער־קראָפּערס יוניאָן

די בלוטיקע צוזאַמענשטויסן זומער 1931 אין קעמפּ היל, אַלאַבאַמאַ, זיינען געווען די דירעקטע רעזולטאַטן פון דער אַטאַקע וואָס די ווייסע קאַפּיטאַליסטן האָבן געמאַכט צו דערשטיקן די ניי־געגרינדעטע אָרגאַניזאַציע, די שער־קראָפּערס יוניאָן.

די יוניאָן איז אָרגאַניזירט געוואָרן מיט דער הילף פון אַ קאָמוניסטישן טוער. די יוניאָן האָט זיך שנעל פאַרשפּרייט אין דעם אַרומיקן געגנט, כאָטש די פאַרזאַמלונגען זיינען פאָרגעקומען אין גרויס געהיימניש און שטרענגע פאָרזיכטיקייט־מיטלען האָבן געמוזט אָנגעווענדעט ווערן.

די לענדלאָרדס און זייערע אַרויסהעלפער זיינען באַפאַלן דאָס הויז פון דעם פאָרזיצער פון דער יוניאָן, דערשאָסן ראַלף גרעי אויף טויט, פאַרברענט די היימען פון די יוניאָן־טוער און זיך געיאָגט כאַפּן די איבעריקע. די נעגערס האָבן זיך ניט געלאָזט אויסשיסן ווי הינט. אַ פאַרוואונדעטער יוניאָן־טוער, וואָס האָט זיך געזוכט ראַטעווען אין דעם נעגערשן קאָלעדזש טאַסקעדזשי, איז שענדלעך אַרויסגעגעבן געוואָרן פון די „קולטורעלע" נעגערשע פּראָפעסאָרן, דינער פון דער ווייסער בורזשואַזיע.

פיר אַרעסטירטע אין דער טורמע פון דעידוויל זיינען „פאַרשוואונדן" געוואָרן. מען האָט זייערע קערפּערס ניט געפונען. ניט די מאָרדן, דאָס פאַרברענען די היימען און ניט די מאַסן־אַרעסטן האָבן אומגעבראַכט די

שער־קראפערס יוניאן. פארקערט, די יוניאן האט נאך די בלוטיקע שלאכטן אפגעהאלטן א טיילווייזן זיג. אייניקע פאדערונגען, ווי דאס רעכט אויפצו־האלטן אן איינגענעם גארטן, זיינען אויסגעקעמפט געווארן.

די שער־קראפערס יוניאן, וואס האט זיך אנגעהויבן אין טאלאפוזא און לי קאונטיס, אלאבאמא, איז שטארק געוואקסן. די יוניאן ציילט אין 1934 העכער זעקס טויזנט מיטגלידער. ווייסע פארמער האבן בייגעקומען דעם פאר־אורטייל וואס איז איינגעפלאנצט געווארן געגן די נעגערס. ווייסע פארמער באלאנגען צו דער שער־קראפערס יוניאן. פאר די דרום־שטאטן איז דאס א גרויסע דערגרייכונג. די ווייטערדיקע קאמפן וועלן איינגאנצן צעשמעטערן די וואנט פון פאראורטיילן און ראסן־האס וואס די ווייסע פרעסע און דער ווייסער הערשנדיקער קלאס האבן דורות־לאנג אויפגעשטעלט געגן די שווארצע הארעפאשניקעס.

## נעגער־ארבעטער אין אן ערגערער לאגע פון ווייסע ארבעטער

די נעגער־ארבעטער אין די דרום־שטאטן און אין די צפון־שטאטן זיינען ערגער עקספלואטירט ווי די ווייסע ארבעטער. די מערהייט שווארצע אר־בעטער ווערן ניט צוגעלאזט צו די קוואליפיצירטע פאכן. אין דרום האט די א. פ. אוו ל. געקוקט זייער קרום אויף די ארגאניזירטע שווארצע ארבעטער. די יוניאנס האבן זיי ניט געוואלט ארגאניזירן. דארטן וואו שווארצע האבן אליין באשאפן א יוניאן, האבן די א. פ. אוו ל. און די נאציאנאלע פאך־יוניאנס געהאלטן די נעגער־לאקאלן אפגעזונדערט. ביי די קארפענטער, צום ביישפיל, אין דרום זיינען די ווייסע ארגאניזירט באזונדער פון די שווארצע. זיי באלאנגען אין באזונדערע לאקאלן.

צווישן א סך ווייסע ארבעטער איז נאך איינגעווארצלט דער באגריף, אז ווי זין פון א „העכערער" הערשנדיקער ראסע באלאנגט צו זיי דאס ערשטע רעכט אויף ארבעט. דער באגריף איז סיסטעמאטיש ארייגעפאמפעט געווארן פון די קאפיטאליסטן מיט זייער עפנטלעכער מיינונג. געבוירן אין דרום, האט זיך די טעאריע פון דער העכערער ראסע אריבערגעכאפט אויך אין די צפון־שטאטן. די נעגער־ארבעטער שטויסן זיך אן טאג־טעגלעך אויף אזעלכע ארויסטרעטונגען פון ווייסן שאוויניזם. אפט שטעלן זיך די ווייסע ניט אפ פון געברויכן גוואלדטאט געגן שווארצן, אים ארויסצושטויסן פון ארבעט.

די בלוטיקע שלאכט אין שיקאגא אין 1917 און אין איסט סט. לואיס, מיזורי, אין 1919, ווען אויפגעהעצטע ווייסע ארבעטער זיינען באפאלן די

נעגערשע קוואַרטאַלן, געמאָרדעט מענטשן, פאַרברענט היימען, איז געווען דער שאַרפסטער אויסדרוק פון דעם דזשים־קראָאיזם (דזשים־קראָאיזם איז די אויסנאַם־לאַגע אין וועלכער די נעגערס זיינען אַוועקגעשטעלט געוואָרן). די א. פ. אָוו ל. פירער טוען אויסדריקלעך גאָרניט צו באַקעמפן דעם דזשים־קראָאיזם. פאַרקערט, איז דער פּראַקטיק דערמוטיקן זיי די ראַסן־פאָראורטיילן און נעגער־האַס. די אָרטיקע א. פ. אָוו ל. פירער אין סט. לואיס זיינען אָפן באַשולדיקט געוואָרן, אַז זיי האָבן געהאַט אַ האַנט אין די מערדערלעכע אָנפאַלן אויף די נעגער־אַרבעטער, וואָס האָבן געקאָסט פיל צענדליקער קרבנות. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן דעם, וואָס נעגער־אַרבעטער זיינען באַשעפטיקט געוואָרן אין די שלאַכט־הייזער אין איסט סט. לואיס.

די סאָציאַליסטישע פירער זוכן אויך ניט איינצורייסן זיך מיט קיינעם צוליב די נעגערס. מיט די ליפּן זיינען די סאָציאַליסטישע פירער פאַר נעגער־רעכט (זיי זיינען געגן נעגערשער זעלבסט־באַשטימונג). אין דער ווירקלעכקייט פאַרשווייגן זיי די אָקטן פון דזשים־קראָאיזם און די שעדלעכע טעאָריע פון דער סופּעריאָריטעט פון דער ווייסער ראַסע, פון וואַנען דזשים־קראָאיזם ציט זיין וואָרצל. (וועגן דער שטעלונג פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין אירע ערשטע יאָרן צו דער נעגער־פראַגע וועט דער לייענער געפינען אין דעם קאַפּיטל: די סאָציאַליסטישע באַוועגונג.)

אין די דרום־שטאַטן איז דער דזשים־קראָאיזם ביי דער אַרבעט פיל שאַרפער און ברוטאַלער ווי אין די צפון־שטאַטן. די ווייסע קאַפּיטאַליסטן, וואָס באַהאַנדלען גרויזאַם דעם ווייסן אַרבעטער, ווילן קולטיווירן ביי אים דעם געפיל פון דער העכערער ראַסע אַלס אַ פאַרגיטיקונג פאַרן הונגער־לוין און שלעכטע אַרבעט־באַדינגונגען. די ווייסע קאַפּיטאַליסטן אַרבעטן אויף דער טעאָריע, אַז ווען די ווייסע אַרבעטער וועלן זיך האַלטן אויף אַ העכערער שטופע איבער די שוואַרצע, וועט דאָס קיצלען זייער שטאָלץ. הויפּטזאַכלעך איז דאָס געצילט ניט צו דערלאָזן אַז די ווייסע און שוואַרצע אַרבעטער, וועמענס אינטערעסן זיינען די זעלבע, זאָלן זיך פאַרברידערן אין געמיינזאַמען קאַמף. פאַר אַזאַ פאַרברידערונג ציטערט דער ווייסער קאַפּיטאַליזם און לענדלאָריזם אין דרום.

אין אַלע דרום־שטאַטן נעמען ניט אַריין די טעקסטיל־פאַבריקאַנטן קיין שוואַרצע אַרבעטער, מיט דער אויסרעכענונג אַז דערמיט האָדעווען זיי דעם ראַסן־פאָראורטייל און דעם ווייסן שאָוויניזם צווישן זייערע שלעכט־באַצאָלטע אַרבעטער. דערפון שטאַמט עס, וואָס עס זיינען ניטאָ קיין שוואַרצע אַרבעטער צווישן די 300,000 טעקסטיל־אַרבעטער אין דרום. די שוואַרצע

זיינען באשעפטיקט נאר אין די זייטיקע פאכן פון דער טעקסטיל־אינדוסטריע, ווי רייניקער, אויפראמער א. ד. ג.

אין די אינדוסטריעס וואו די ווייסע קאפיטאליסטן האבן געמוזט אנ־קומען צו די שווארצע — קוילן און שטאל, וייל ווייסע פרויען קען מען דארטן ניט באשעפטיקן און גענוג ווייסע מענער זיינען ניט געווען — זיינען די שווארצע ארבעטער אפגעזונדערט פון די ווייסע. זיי וואוינען אין באַ־זונדערע גאסן, קריגן באצאלט פון א ספעציעל פענצטערל, מוזן פארן אויף אפגעזונדערטע ערטער אין טראמווייען, און דאס גלייכן.

נעגערס געטריבן פון ארבעט, זייער פארדינסט פיל קלענער

אין 1932 האט די באן־קאמיסיע פון סאוט־קאראליינא באשלאסן, אז קיין פולמאן־באן (שלאף־באן) קען ניט דורכפארן דעם שטאט סיידן א ווייסער האט דעם אויפזיכט איבער די שלאף־וואגאנעס. א סך שווארצע פארטערס (באדינער) האבן צוליב דעם פארלוירן זייערע שטעלעס. נאך אן ערגערע און שענדלעכערע זאך האט פאסירט אין זעלבן יאר אויף דעם דרום־טייל פון דער אילינאי סענטראל באן־קאמפאניע — די לואיזיאנא, מיסיסיפי און וויקס־בורג באן־ליניע. דארטן האבן די ווייסע באן־ארבעטער, די סוויטשלייט (וואס רוקן איבער די רעלסן), די לאקאמאטיוו־הייצער און די באן־מאנשאפט (ברייק־מען) באשלאסן, אז זיי וועלן ניט דערלאזן קיין שווארצע ארבעטער אנ־צוהאלטן זייערע שטעלעס. מיט דער שטיצע פון דעם קו־קלוקס־קלען האבן זיי דורכגעפירט א ריי מערדערלעכע אנפאלן אין געהיים געגן איינצלנע שווארצע ארבעטער. אין די מערסטע באן־טערמינאלן אין מיסיסיפי האט א באן ניט געקענט ארייפארן מיט א שווארצן הייצער אדער א ברייקמאן — א געהיימע האנט האט אויסגעשאסן און דער נעגער איז אוועקגעפאלן. דעם מערדער האט מען קיינמאל ניט געכאפט. אלע אין די שטעט האבן געוואוסט דערפון. די פרעסע האט עס אינגאנצן באהאלטן. א ליבעראלער שרייבער האט אויפגעדעקט די פלאנירטע מארדן. דאס האט געצוואונגען די געזעץ־אפהיטער ארויסצוקומען מיט דערקלערונגען. דער שרייבער האט אויסגע־רעכנט, אז ניט ווייניקער פון זיבן שווארצע באן־ארבעטער זיינען דערשאסן געווארן אויף טויט און ניט ווייניקער פון צען זיינען שווער פארוואונדעט געווארן. איבעריק צו זאגן, אז קיינער פון די מערדער איז ניט באשטראפט געווארן.

א טאבעלע פון פארדינסטן לויט דער שטונדע פון ווירדזשיניא אין 1930

ווייזט, אז דורכשניטלעך איז דער פאַרדינסט פון די נעגערס ווייניקער פון 25 ביז 40 פּראָצענט אין פאַרגלייך מיט דעם פאַרדינסט פון די ווייסע אַרבעטער אין די זעלבע אינדוסטריעס.

פיל טויזנטער שוואַרצע אַרבעטער זיינען באַשעפטיקט אין די קוילן־גרובן, שטאָל־פאַבריקן, געהילץ־מילן. ווען רוזוועלט האָט באַשטעטיקט די קאָודס פאַר יושרדיקער קאָנקורענץ האָט ער דיסקרימינירט געגן די שוואַרצע אַרבעטער. אין דעם טעקסטיל־קאָוד זיינען אויסגעלאָזט געוואָרן די דרויסנדיקע אַרבעטער, ווי די רייניקער און דאָס גלייכן. איבער 90 פּראָצענט פון דעם סאָרט אַרבעטער זיינען נעגערס. די קאָודס פאַר דער געהילץ־אינדוסטריע און פאַר דער שטאָל־אינדוסטריע מאַכן אויך אַן אונטערשייד, צום ערגערן, פאַר די אַרבעטער אין דרום. די מערסטע פון זיי זיינען שוואַרצע.

אַ יאָר נאָכדעם ווי די קאָודס זיינען איינגעפירט געוואָרן, זומער 1934, זיינען געווען פּלעצער אין דרום, וואו דער דורכשניטלעכער לוין פון אַ שוואַרצן אַרבעטער איז געווען פון 8 ביז 14 סענט אַ שטונדע. אַ גרויסע בוי־קאָמפּאַניע וואָס האָט געהאַט אַ קאָנטראַקט מיט דער רעגירונג צו בויען אַ בריק אין טענעסי, האָט געצאָלט אירע אַרבעטער 10 סענט אַ שטונדע. אַ נעגער־אַרבעטער, וואָס פאַרדינט 5־6 דאָלאַר פאַר אַ פולער וואָך אַרבעט, איז ניט קיין זעלטענע דערשיינונג אין דרום.

### די סקאָטסבאָראָ־פאַרשווערונג; קאָמוניזם ווערט אַ פאַקטאָר אין דרום

נאָך דער פאַרשווערונג געגן טאָם מוני און בילינגס און די הינריכטונג פון סאַקאָ און וואַנזעטי אין 1927, האָט קיין אַנדער קלאַסן־פאַרשווערונג ניט אויפגערודערט אַזוי די אַרבעטערשאַפט אין די פאַראייניקטע שטאַטן און איבער דער גאַנצער וועלט ווי דער שענדלעכער פאַרזוך פון די ווייסע הערשער צו פאַרברענען ניין שוואַרצע אינגלעך אויף אַן אָפן־פאַבריצירטער קלאַגע.

נאָר אין דער פולשטענדיקער רעכטלאָזיקייט און פינצטערער אונטערדריקונג, אין וועלכע די איבער אכט מיליאָן שוואַרצע לעבן אין דרום, איז מעגלעך געווען אַזאַ פאַרשווערונג. הונדערטער נעגער־אַרבעטער און פאַרמער זיינען אומגעקומען אונטער דעם אויסרייד אַז זיי האָבן געוואָלט אַטאַקירן אָדער אַטאַקירט אַ ווייסע פרוי. דאָס איז דער באַקוועמסטער לינטש־אויסרייד וואָס די ווייסע פאַרמאָגן צו האַלטן די נעגער־מאַסן אין שטענדיקן טעראָר. די ניין אינגלעך וואָלטן ניט געווען קיין אויסנאַם. זייערע ביינער וואָלטן שוין לאַנג צעברענט געוואָרן אין פייער פון שייטערהויפן אָדער אויף דעם

עלעקטרישן שטול, ווען ניט די מעכטיקע פראטעסט־כוואליע וואס האט זיך אויפגעהויבן איבער דער גאנצער וועלט. דאס האבן קאמוניסטן אויפגעהויבן די פראטעסט־באוועגונג. דאס האבן קאמוניסטן און לינקע דורך דער אינטערנעשאנאל לייבאר דעפענס (אינטערנאציאנאלע ארבעטער־פארטיידיקונג, מאפר) געשטופט און געפירט די פראטעסט־אקציע אויף די גאסן, אין די געריכט־הייזער און געצוואונגען די לינטשערס אין אלאבאמא אפצוהאלטן זייער מארד פון די אומשולדיקע אינגלעך.

פונקט ווי סאקא און וואנזעטי האבן זיך אונטערגערוקט אונטערן האנט די קאפיטאליסטישע הערשער, אין א צייט פון גרויסע סטרייקס און ארבעטער־ווידערשטאנד און זיינען אויסגענוצט געווארן צו ווארפן א שרעק אויף די שיך־ און טעקסטיל־ארבעטער אין ניו־ענגלאנד, אזוי האבן די ווייסע הערשער אין אלאבאמא אויסגענוצט א געשלעג צווישן ארבעטלאזע, ווייסע און שווארצע אינגלעך דורכצופירן די גרעסטע פארשווערונג געגן דעם שווארצן פאלק אין דרום און אנצולערנען דעם „ניגער" דרך־ארץ און געהארכזאמקייט.

די אפשטאמונג פון דער פארשווערונג איז א גאנץ געוויינלעכע אין דרום. א צאל נעגער־אינגלעך האבן זיך צוזאמענגעטראפן אין א פראכט־באן מיט זיבן ווייסע יונגע מענער און צוויי מיידלעך. דאס האט פאסירט דעם 25סטן מערץ, 1931. אלע זיינען זיי געווען ארבעטלאז און האבן „געכאפט" א פרייע רייזע מיטן פראכט־באן פון טשאטאנוגא, טענעסי, אין מעמפיס, טענעסי. די שווארצע האבן זיך ארויפגעכאפט ווען די באן איז דורכגעפארן דזשעקסאן קאונטי, אלאבאמא. א ווייסער אינגל, גייענדיק איבער די וואגאנעס, האט זיך אנגעשטויסן אויף א שווארצן אינגל. יענער האט פראטעסטירט און א געשלעג איז אויסגעבראכן. די שווארצע זיינען געווען שטארקער. פונדעסטוועגן, ווען איינער פון די ווייסע האט זיך אויסגעגליטשט און איז ארויסגעפאלן פון וואגאן, האט א שווארצער אינגל מיט דער גרעסטער אנשטרענגונג אים צוגעהאלטן און צוריק אריינגעשלעפט אין וואגאן, ראטעווענדיק אים פון א זיכערן טויט.

די לופט אין דרום איז אזוי געדיכט מיט ראסן־האס און פאראורטיילן, אז די ווייסע אינגלעך האבן זיך ניט בארואיקט און ניט גענומען די זאך ווי ספארטסמענער. ביי דעם ערשטן אפשטעל פון דער באן זיינען עטלעכע ווייסע ארונטער און זיך פארקלאגט אז שווארצע האבן זיי געשלאגן. די סטאנציע־באאמטע האבן טעלעגראפירט צו ראקי פאינט, דער צווייטער אפשטעל־פונקט פון דער באן. א טייל פון די שווארצע אינגלעך האבן פארשטאנען, אז פון א געשלעג מיט ווייסע, ווען די ווייסע פארלירן, וועט קיין

גוטס ניט ארויסקומען, זיינען זיי ארויסגעשפרונגען פון באַן איידער זי האָט זיך אָפּגעשטעלט. ניין אינגלעך זיינען פארבליבן. זיי האָבן נאָך באַדאַרפט פאָרן ווייטער. אַזוי שנעל ווי די באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט אין ראָקי פּאָינט זיינען די פּראַכט־וואַגאָנעס ארומגערינגלט געוואָרן און די ניין שווארצע זיינען ארעסטירט געוואָרן. אין דעם טומל האָבן די דעפּיוטי שעריפס געזען ווי צוויי יונגע מענטשן זוכן צו אַנטלויפן פון באַן. ווען מען האָט זיי פאַר־האַלטן האָט זיך ארויסגעוויזן, אַז דאָס זיינען יונגע מיידלעך אָנגעטאָן אין מענערשע אָוועראָלס (ארבעט־קליידער).

### קלאָגע פון אַטאַקירן ווייסע מיידלעך איז געקומען שפּעטער

די ניין שווארצע אינגלעך זיינען פאַרהאַלטן געוואָרן אויף דער קלאָגע פון שלאָגן ווייסע אינגלעך. קיינעם איז ניט איינגעפאַלן זיי אָנצוהענגען די שרעקלעכע קלאָגע פון דרום — אַטאַקירן אַ ווייסע פרוי. די צוויי מיידלעך זיינען געווען אָרעמע טעקסטיל־פאַבריק הענט, וועמען הונגער און נויט האָט געטריבן צו זוכן אַ דאָלאַר פאַרדינסט פון זייער אייגענעם ליב. ביידע מיידלעך, רובי בייטס און וויררזשיניא פּרייס, זיינען פון אָנהייב ארעסטירט געוואָרן אויף דער קלאָגע פון זיך ארומשלעפּן. זיי באַלאַנגען צו דער ווייסער אָרעמקייט (טרעש) און די היטער פון געזעץ און אָרדענונג האָבן זיי באַ־האַנדלט ווי אַזעלכע.

די אינגלעך האָט מען געבראַכט אין טורמע אין גאַדסדען. דאָרטן האָבן די ווייסע זיך געכאַפּט, אַז אין דער אָנגעצויגענער, אָנגעגליטער שטימונג פון רעוואָלט וואָס טראָגט זיך פון די שווארצע שער־קראָפּערס אין געגנט, וועט זיין אַן אויסגעצייכנטע זאַך אויפצובלאָזן אַ גרויסן „רעיפּ" (אַטאַקירן אַ פרוי) פּראָצעס מיט די אַלע נויטיקע קלאָפּערגעצייג וואָס באַגלייט אַזאַ פּראָצעס, אויפגעשרויפּטער ראַסן־האַס ביי די ווייסע און שרעק ביי די שווארצע. אַ לינטשעריי פון ניין שווארצע מיט איין מאָל וועט זיין אַ גוטע לערע פאַר די שער־קראָפּערס און פאַרם־ארבעטער.

די ניין אינגלעך—הייוואוד פּעטערסאָן, 17 יאָר אַלט, יודזשין וויליאמס, 13 יאָר; די ברידער ראָי און ענדי רייט, 17 און 14 יאָר אַלט; קלאַרענס נאָריס, 17 יאָר; טשאַרלי ווימס, 20 יאָר; אַלען מאָנטגאָמערי, 17 יאָר און ווילי ראָבערטסאָן, 17 יאָר אַלט — זיינען אין טורמע שטאַרק צעשלאָגן געוואָרן. סאָלדאַטן פון דער סטייט־מיליציע און דעפּיוטי שעריפס האָבן זיי געפּייניקט און געטראַשעט מיט לינטשערייען אויב זיי וועלן ניט צוגעבן

אז זיי האבן אויפן באן אטאקירט די צוויי ווייסע מיידלעך. מיט באיאנעטן אין זיין ליבּ האבן די פייניקער ארויסגעריסן פון 14-יאריקן ענדי רייט א „וידוי” (קאנפעסיע), אז ער האט געזען ווי זיין ברודער האט פארגוואלטיקט איינע פון די ווייסע מיידלעך.

דער גאנצער יורידישער אפאראט איז שנעל געלאזט געווארן אין גאנג. די צוויי מיידלעך זיינען אויך אנגעשראקן געווארן מיט דעם סטראשונאק אז זיי וועלן געמשפּט ווערן פאר ארומשלעפּן זיך אויב זיי וועלן ניט האלטן זיך ביי דער פאבריצירטער קלאגע אז זיי זיינען פארגוואלטיקט געווארן פון די שווארצע אינגלעך. דעם 25סטן מערץ איז פארגעקומען דער געשלעג אויפן







קלארענס נאריס און העיוואוד פּעטערסאן

פראכט-באן און דעם זעקסטן אפּריל האט זיך אנגעהויבן דער פּראצעס אין דעם שטעטל סקאטסבארא, אלאבאמא. די לינטשערס האבן זיך געאיילט.

די לינטשערס האבן אויסגעקליבן די דערעפענונג פון דעם יאריד פאר דעם אנהייב פונם פראצעס. טעלעכע טויזנט בארג-איינוואוינער, אויפגעהעצט פון די ארטיקע צייטונגען און קירכן, זיינען געקומען אין שטעטל און האבן פאראדירט פארביי דעם געריכט מיט געשרייען: „טויט די שווארצע פאר-

גוואַלטיקער!" דער קו־קלוקס־קלען האָט אָנגעפירט אַ גיפטיקע העצע און אין געריכט האָט געהערשט אַן אָפענע לינטש־שטימונג.

די נעגערשע רעפאָרמיסטן (די נעגערס האָבן זייער אייגענע קליין־בורזשואַזיע, וואָס קריכט אויף די קני פאַר די ווייסע הערשער) האָבן פרובירט די אַלט־דיסקרעדיטירטע און אויסגעשפּילטע טאַקטיק צו באַרואיקן די אויפגעצאָרנטע געמיטער פון דער שוואַרצער האַרעפּאַשנער באַפעלקערונג און מיט שטילער געהאָרכזאַמקייט אויסבעטן רחמנות און גנאָדע פאַר די אָנגעקלאָגטע אינגלעך. די אָרגאַניזאַציע פון די שוואַרצע גלחים אין טשאַטאַנוגאַ האָט אָנגעשטעלט איינעם, ראָדי, אַ מאַכער אין דעם קו־קלוקס־קלען, צו זיין דער פאַרטיידיקער פון די אינגלעך אין סקאָטסבאָראָ. די גלחים האָבן איינגערעדט די אָרעמע עלטערן פון די אינגלעך, אַז אַזוי וועט זיין בעסער. אויסגעלאָזט האָט זיך דאָס אומפאַרמיידלעכע. ראָדי האָט גאָרניט געטאָן צו פאַרטיידיקן זיינע קליענטן. ער האָט פאַקטיש אַרויסגעהאָלפן די לינטשערס מיט זיין עקלהאַפטיקער אויפפירונג. ראָדי האָט אפילו ניט פרובירט באַשטרייטן די פאַבריצירטע באַווייזן און דאָס פאַלשע עדות־זאָגן פון די צוויי מיידלעך.

דער ריכטער, די דזשורי, דער אָנקלאָגער און דער פאַרטיידיקער האָבן באַלאַנגט אַלע צו דער זעלבער גרופּע. ביי אַלעמען אין די אויגן איז אַ „ניגער" אַ באַשעפעניש פון אַ נידעריקער שטופע און ווען ער איז אפילו אומשולדיק איז אויך גוט אים צו פאַרברענען ווי אַ ביישפּיל פאַר די איבעריקע „ניגערס".

דער גאַנצער פּראָצעס האָט געדויערט נאָר אַ פּאָר טעג. די דזשורי האָט געפונען שולדיק אַלע אָנגעקלאָגטע. אויסער דעם 14־יאָריקן אינגל, ראָי רייט, וואָס קען ניט פאַראורטיילט ווערן צום טויט צוליב זיין יונגן עלטער, זיינען אַלע אינגלעך פאַראורטיילט געוואָרן צום עלעקטרישן שטול.

### ווען ניט די אי. על. די. וואָלטן די אינגלעך געווען טויט

די קאַפּיטאַליסטישע פּרעסע אין לאַנד האָט געשענקט זייער ווייניק אויפמערקזאַמקייט דעם לינטש־פּראָצעס. נאָר די קאָמוניסטישע פּרעסע איז אַרויסגעקומען מיט אַ הילכיקן פּראָטעסט. די אינטערנעשאָנאַל לייבאָר דעפענס אָרגאַניזאַציע אין טשאַטאַנוגאַ האָט זיך גלייך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט די עלטערן פון די פאַראורטיילטע אינגלעך און פאַר זיי קלאָר געמאַכט די גאַנצע לאַגע. די עלטערן, כאָטש אָפּגעשטאַנענע אַרבעטער, האָבן מיט אַ געזונטן פּראָלעטאַרישן אינסטינקט באַגריפן אַז די קאָמוניסטן און די לינקע

וואס קומען צו זיי, זיינען אמתע פריינט און די גלחים און די איבעריקע שווארצע פאליטישענס זיינען פיינט. די עלטערן, ניט געקוקט אויף אלע סטראשונקעס, האבן געגעבן זייער צושטימונג אז די אי. על. ד. זאל איבער־נעמען די פארטיידיקונג פון זייערע קינדער און זאל אנפירן אויסער א לעגאלן קאמף אין די געריכט־הייזער אויך א מעכטיקן קאמף צווישן די מאסן.

די אי. על. די., געשטיצט פון דער קאמוניסטישער פארטיי אין אמעריקע, האט אנגעהויבן א מיליטאנטישע קאמפאניע צו ראטעווען די ניין אינגלעך. די קאמפאניע האט זיך פארשפרייט איבער דער גאנצער וועלט. מיליאנען ארבעטער האבן אנטיילגענומען אין דעמאנסטראציעס און אין מאסן־פאר־זאמלונגען פאר די סקאטסבארא־אינגלעך. הונדערטער בארימטע שרייבער, געלערנטע, ארטיסטן אין דער גאנצער וועלט האבן זיך אנגעשלאסן אין דער פראטעסט־באוועגונג. די מוטער פון די צוויי אינגלעך, רייט, האט געמאכט א רייזע איבער אייראפע און דעם סאוועטן־פארבאנד צוזאמען מיט דעם פאר־שטארבענעם סעקרעטאר פון דער אי. על. די., לואיס דוש. ענגדאל.

די אי. על. די. האט געפירט א לעגאלן קאמף אין העכסטן געריכט אין אלאבאמא און שפעטער געבראכט דעם אפיל צום פעדעראלן העכסטן געריכט. דער לעגאלער קאמף איז ניט געבויט געווען אויף טעכנישע דריידלעך, נאר אויף דער ערשט־ראנגיקער פאליטישער פראגע פון דעם רעכט פון די נעגערס צו זיין מיטגלידער אין דזשורים. די קאנסטיטוציע פון לאנד גאראנטירט דאס רעכט, אבער וואס איז א קאנסטיטוציע ווען די קאפיטאליסטן געפינען פאר נויטיק די קאנסטיטוציע צו פארלעצן?

די קאפיטאליסטישע פרעסע אין דרום האט געוואיעט מיט גרויס רציחה. די נעגערישע בורזשואזע און קליינבירגערלעכע אינטעלעקטואלן פון דער נ. א. א. סי. פ. (נעשאנאל אסאסיאיישאן פאר אדוואנסמענט אוו קאלארד פיפל—נאציאנאלע ארגאניזאציע פאר פארשריט פון די שווארצע) האבן גע־האלפן די קאפיטאליסטישע פרעסע און די לינטשערס. דער געשריי: „קאמו־ניסטן זיינען באפאלן די שטילע און פרידלעכע דרום־שטאטן", איז אונטער־געכאפט געווארן פון די נעגערישע פאליטישענס, ווי פיקענס, ווייט און די איבעריקע. די קאפיטאליסטן האבן געדראעט די שווארצע, אז די קאמו־ניסטן וועלן זיי אומברענגען און די נעגערישע רעפארמיסטן האבן צוגעהאלפן. די גאנצע ליבעראלע פרעסע איז פון אנהייב געשטאנען מיט דער נ. א. א. סי. פ. געגן דער אי. על. די. ליבעראלע זשורנאלן ווי די „ניישאן" און די „ניו רעפאבליק" האבן געטענהט אז די מעטאדן וואס די אי. על. די. באנוצט, מעטאדן פון ארייננציען די מאסן אין דעם קאמף פאר דער באפרייאונג פון

די סקאטסבאָראָ־אינגלעך, טויג ניט. עס וועט נאָר אויפרייצן די הערשער אין אַלאַבאַמאַ. מען מוז זיך באַשרענקען מיט אַפּילס אין די געריכט־הייזער.

די אי. על. די. און די קאָמוניסטישע פּאַרטיי זיינען אַנגעגאַנגען מיט זייער מאַסן־קאַמף. די גאַנצע אונטערדריקונג און רעכטלאָזיקייט, די גאַנצע אויסנאַם־לאַגע פון די שווארצע איז אַרויסגעבראַכט געוואָרן אין דעם קאַמף פאַר די סקאַטסבאָראָ־אינגלעך.

דער אַפּיל אין פעדעראַלן העכסטן געריכט האָט אָפּן אַרויסגעשטעלט די פאָדערונג פון צולאָזן נעגערס אין די דזשורים.

צו די נעגערישע מאַסן האָבן די סקאַטסבאָראָ־קאַמפּאַניע געבראַכט צום ערשטן מאָל אַ מאַסן־שטיצע פון ווייסע אַרבעטער. די נעגער־אַרבעטער האָבן זיך דערפילט ניט איינזאַם און אָפּגעזונדערט פון די ווייסע אַרבעטער. די לערע פון די שווארצע רעפאָרמיסטן, אַז יעדער ווייסער איז אַ געבוירענער פיינט פון יעדן שווארצן, האָט זיך אַנגעשטויסן אָן אַ מעכטיקער אָפּלייקענונג. די באַוועגונג פאַר די סקאַטסבאָראָ־אינגלעך, געפירט פון הונדערטער טויזנטער אַרבעטער און אינטעלעקטואַלן און געפירט ניט אין נאָמען פון רחמנות, נאָר אין נאָמען פון קאַמף געגן אונטערדריקונג און עקספּלואַטאַציע, האָט גע־עפנט די אויגן פון אַ סך שווארצע אַרבעטער. די באַוועגונג איז פאַרבונדן געווען מיט דער פאָדערונג פון דעם רעכט פון די שווארצע אין דעם קאַנטן־לאַנד פאַר זעלבסט־באַשטימונג.

דער פעדעראַלער געריכט האָט באַוויליקט אַ נייעם פּראָצעס פאַר די אַנגעקלאָגטע, ער האָט זיך אָבער אַרויסגעדרייט פון דער הויפּט־פראַגע — דאָס רעכט פון נעגערס צו זיצן אין דזשורים. דער נייער פּראָצעס איז געגעבן געוואָרן אויפן גרונט, אַז די אַנגעקלאָגטע האָבן ניט געהאַט קיין אומפּאַרטיי־אישן פּראָצעס אין סקאַטסבאָראָ.

פאַר דער צייט איז רובי בייטס אריבערגעוואַנען געוואָרן צו דער רעוואָ־לוציאָנערער אַרבעטער־באַוועגונג. אויף דעם צווייטן פּראָצעס, אין דעקייטור, אין אַפּריל 1933, איז זי דערשינען, ניט געקוקט אויף אַלע דראָאונגען. רובי בייטס האָט דערציילט דעם גאַנצן אמת, ווי אַזוי זי און פּריים האָבן פאַרבראַכט אין טשאַטאַנוגאַ און מיט וועמען זיי זיינען געפאָרן אין פראַכט־באַן. דער בחור וואָס איז געפאָרן מיט איר, קאַרטער, האָט זיך אויך מודה געווען. פונדעסטוועגן זיינען פּעטערסאָן און וויליאַמס ווידער געפונען גע־וואָרן שולדיק און פאַראורטיילט געוואָרן צום טויט.

דעם זעקסטן דעצעמבער איז פאָרגעקומען אַ דריטער פּראָצעס מיט דעם זעלבן רעזולטאַט. אויף דעם ערשטן פּראָצעס איז דער ריכטער געווען האָרטאָן,

וואס האט דורכגעפירט זיין אויפגאבע פאר די ווייסע קאפיטאליסטן איידל און ווייך. די איינציקע זאך וואס ער האט דערלויבט איז א נייעם פראצעס. אויף דעם דריטן פראצעס איז געווען ריכטער קאלאהען, אן אפענער און ברוטאלער לינטש־ריכטער, וואס האט אפילו „פארגעסן" צו דערמאנען אין זיינע אינסטרוקציעס צו דער דזשורי אז זיי קענען, אויב זיי ווילן, דערקלערן דעם אנגעקלאגטן אומשולדיק.

די אי. על. די. האט געענטפערט אויף דעם לינטש־געריכט מיט א נייעם מאסן־קאמף פאר די ניין אינגלעך און מיט א נייעם אפיל צום פעדעראלן העכסטן געריכט. דער אפיל איז ווידער געבויט אויף דעם רעכט פון די נעגערס צו זיין פארטראטן אין דזשורים, א רעכט גאראנטירט פון דער קאנ־סטיטוציע, וואס איז אזוי פארהייליקט פון דער קאפיטאליסטישער עפנטלעכער מיינונג.

דער אפיל, געקרעפטיקט מיט א טיכטיקער פראטעסט־קאמפאניע, האט געבראכט פרוכט. אפריל 1, 1935, האט דער העכסטער פעדעראלער געריכט אפגעשאפט דעם טויט־אורטייל אויף די צוויי פאראורטיילטע, פעטערסאן און נאריס, אויפן גרונט וואס נעגערס זיינען אויסגעשלאסן געווארן פון דער דזשורי. די אנטשיידונג איז א וויכטיקער זיג, ווייל עס טרעפט אין הארץ פון דער סיסטעם פון דיסקרימינאציעס וואס די ווייסע הערשער האבן אויפגע־שטעלט געגן די שווארצע. די אנטשיידונג האט ווידער אמאל באשטעטיקט דעם פארצוג פון א מיליטאנטישער מאסן־אקציע איבער די אלטע אונטער־טעניקע און ריין־לעגאליסטישע מעטאדן פון די רעפארמיסטן.

די סקאטסבארא־פארטיידיקונג האט גוואלדיק געהויבן דעם פרעסטיזש פון דער קאמוניסטישער פארטיי צווישן די שווארצע מאסן אין דרום און אין צפון. די אומצייליקע פראטעסט־דעמאנסטראציעס, מאסן־פארזאמלונגען און קאנפערענצן האבן באוויזן די שווארצע הארעפאשניקעס, אז די קאמו־ניסטן זיינען אויפריכטיקע פריינט. דער קאמף וואס די קאמוניסטישע פארטיי האט געפירט פאר גלייכער הילף פאר די שווארצע ארבעטלאזע אין אלע שטעט, /דער קאמף צו באפרייען אנדזשעלא הערנדאן פון טורמע אין אטלאנטא, דזשארדזשיא, דער קאמף פאר צענדליקער אנדערע שווארצע אר־בעטער, צוזאמען מיט דער לאזונג פון דעם רעכט אויף זעלבסט־באשטימונג פאר די שווארצע אין קאטן־לאנד האבן איינגעבירגערט די קאמוניסטישע פארטיי און די אי. על. די. צווישן די שווארצע הארעפאשניקעס.

סקאטסבארא איז געווארן א סימבאל פון דער בלוטיקער הערשאפט פון

די ווייסע קאפּיטאַליסטן איבער די שווארצע אין דרום. סקאָטסבאָראָ איז אויך געוואָרן אַ סימבאָל פון מעכטיקער אייניקייט צווישן די אַרבעטער, ווייסע און שווארצע. פאַר מיליאָנען שווארצע איז דעמאָנסטרירט געוואָרן די פרוכט פון קאַמף. די סקאָטסבאָראָ־אינגלעך זיינען אין 1935 נאָך אַלץ אין טויטן־הויז אין דער קילבי־טורמע אין מאָנטגאָמערי, הויפּט־שטאָט פון אַלאַבאַמאַ. אָבער דער פאַקט, וואָס די ווייסע לינטשער האָבן ביז איצט ניט געקענט דורכ־פירן זייער הינריכטונג, איז פון געוואַלדיקער דערמוטיקונג פאַר די שווארצע אין דרום.

דער פּאָליטישער זיג אין דעם פּונקט פון אויסשליסן שווארצע פון די דזשורים, האָט נאָך העכער דערהויבן די באַדייטונג פון דעם קאַמף פאַר די סקאָטסבאָראָ־אינגלעך.

די גאַרווי־באַוועגונג איז לעצטנס שטאַרק געפאַלן. (גאַרווי האָט גע־פּריידיקט די שווארצע זאָלן גיין צוריק אין אַפריקע. אַ געוויסע צייט האָט ער אַריינגעצויגן גרויסע טיילן שווארצע אין זיין באַוועגונג. גאַרווי איז דער פאָרשטייער פון דער נאַציאָנאַליסטישער קליין־בורזשואַזיע צווישן די נע־גערס.) די אַגיטאַציע פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און די טעטיקייט פון דער אי. על. די. האָבן איבערצייגט גרויסע טיילן פון די שווארצע האָרע־פּאַשניקעס, אַז די טעאָריעס פון דעם נעגערישע נאַציאָנאַליזם ווי אַ געגן־גיפט דעם ווייסן שאָוויניזם, איז פאַלש און שעדלעך. די צאָל נעגערס אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, אין די לינקע מאַסן־אָרגאַניזאַציעס ווערט אַלץ גרעסער און זייער ראָל אַלץ וואָגיקער.

אין די קריזיס־יאָרן, ווען די קאַמפן פאַר אַרבעטלאָזער הילף זיינען געווען אין פולן ברען, איז אין אַטלאַנטאַ, דזשאָרדזשיאַ, אין 1933, אַרעס־טירט געוואָרן דער 19־יאָריקער אַנדזשעלאָ הערנדאָן, אַ שווארצער אָרגאַני־זאַטאָר פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. צוזאַמען מיט אים זיינען פאַר־האַלטן געוואָרן נאָך זעקס שווארצע און ווייסע. הערנדאָן האָט געפירט אַ דעמאָנסטראַציע פון ווייסע און שווארצע אַרבעטלאָזע צום סיטי האָל אין אַט־לאַנטאַ. דאָס איז געווען זיין איינציקער פאַרברעכן. די ווייסע הערשער האָבן אַרויסגעשלעפּט פון שטויב אַן אַלטן געזעץ פון נאָך די בירגער־קריג יאָרן און אים אָנגעווענדט געגן הערנדאָנען. דער געזעץ באַשטראָפט מיט טויט יעדן פאַרזוך צו העצן די נעגערס צו אַ רעוואָלט. הערנדאָן איז אויפן גרונט פון דעם פאַרשימלטן געזעץ פאַרמשפּט געוואָרן צו צוואַנציק יאָר שווערער

אַרבעט אין טורמע. ער איז אויך ברוטאַל געפּייניקט געוואָרן און זיין געזונט־צושטאַנד איז אונטערגעריסן געוואָרן. די שווערע שטראָף האָט געצילט אָפּצוברעכן אין סאַמע אָנהייב די פּאַרברידערונג פון ווייסע מיט שוואַרצע. אין די אויגן פון די ווייסע הערשער איז דאָס אַ פּיל ערגערער פאַרברעכן ווי פּאָדערן שפּייז פאַר הונגעריקע אַרבעטלאָזע. ווייסע געפירט פון אַ שוואַרצן קאָמוניסט, אַזאַ געפאַר מוז אויסגעריסן ווערן מיטן וואָרצל.

די אי. על. די. און די קאָמוניסטישע פּאַרטיי האָבן אָנגעפירט אַ שטאַרקע קאַמפּאַניע פאַר הערנדאָנס באַפרייאונג ביז עס איז געלונגען אַרויסצורייסן אים אויף בעיל. דאָס געריכט האָט אים געשטעלט אויף אַ הויכן בעיל, פופצן טויזנט דאָלאַר, אָבער אויפן רוף פון דער קאָמוניסטישער פּרעסע איז די סומע געשאַפן געוואָרן און הערנדאָן איז אין אויגוסט 1934 אַרויסגעלאָזט געוואָרן ביז זיין אַפּיל וועט אויפגענומען ווערן פון דעם העכסטן געריכט.

גלייך ווי הערנדאָן איז אַרויסגעקומען פון טורמע האָט ער זיך אַריינגעוואָרפן אין דעם קאַמף צו באַפרייען די סקאָטסבאָראָ־אינגלעך.

אין נאָוועמבער איז אין דער זעלבער אַטלאַנטאַ באַפאַלן געוואָרן דער ענגלישער בּרענטש (צווייג) פון אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער אָרדן. אויך דאָ איז דער שווערער פאַרברעכן באַשטאַנען אין דעם, וואָס צום בּרענטש האָבן באַלאַנגט ווייסע און שוואַרצע. דער דיסטריקט־אַטוירני (אָנקלעגער) באַיקין האָט דערקלערט: „איך וועל ניט דערלאָזן אַז ווייסע און שוואַרצע זאָלן זיך חברן.” די מיטגלידער פון בּרענטש זיינען אָנגעקלאָגט געוואָרן אין „פאַרלעצן” דעם געזעץ.

## די לאַגע פון די נעגער־אַרבעטער אין צפון

די עקאָנאָמישע און סאָציאַלע לאַגע פון די נעגער־אַרבעטער אין די צפון־שטאַטן איז אויך ערגער פון די ווייסע אַרבעטער. אָן דער רעכטלאָזיקייט און דעם פּאָליטישן דזשים־קראָאיזם וואָס הערשט אין די דרום־שטאַטן, ליידן די נעגער־אַרבעטער אין צפון פון אַן עקאָנאָמישן און סאָציאַלן דזשים־קראָאיזם. נעגער־אַרבעטער ווערן ניט אַריינגענומען אין געוויסע פאַכן און צו געוויסע בעסערע אַרבעטן. אַ ריי רעסטאָראַנען אַנטזאָגן זיך צו שפּייזן נעגערס. גאַנצע געגנטן לאָזן ניט אַריין קיין נעגער אין אַ וואוינונג.

די וואוינונג־באַדינגונגען פון די שוואַרצע זיינען פּיל ערגער פון די ווייסע. די קאָמיסיע וואָס פּרעזידענט הוווער האָט באַשטימט צו אונטערזוכן די וואוינונגען פון די נעגערס אין צפון נאָך איידער דער קריזיס האָט אויס־

געבראָכן, האָט באַריכטעט: „ענגשאַפט, פאַנאַנדערגעפאַלענע הייזער מיט פרימיטיווע סאַניטאַרישע באַדינגונגען (דאָס מיינט אָן סאַניטאַרישע באַדינגונגען.—מ. ע.) און הויכע דירה־געלט איז דער כּלל אין נעגער־געגנטן.” (לייבאָר פעקט בוק, צווייטער טייל, אַרויסגענומען פון דער ניו יאָרק „טיימז”, נאָוועמבער 27, 1931.)

אין ניו יאָרק איז דער דורכשניטלעכער דירה־געלט פאַר אַ צימער אין די ביליקע געגנטן, $6.67 אַ מאָנאַט. אין האַרלעם איז דער דורכשניט $9.58 אַ צימער פאַר אַ מאָנאַט. דאָס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן פון הואווערס קאָמיסיע. אין האַרלעם איז ניט קיין נאָווינע, אַז נעגער־אַרבעטער דינגען דאָס בעט נאָר פאַר דעם טאָג אָדער נאָר פאַר דער נאַכט. אין זעלבן בעט שלאָפט איינער ביינאַכט און אַ צווייטער, וואָס אַרבעט ביינאַכט, שלאָפט דורכן טאָג.

אין די קריזיס־יאָרן, ווען דער לוין איז טיף געשניטן געוואָרן, איז די אַרבעטלאָזיקייט צווישן נעגער געווען פיל העכער פון די ווייסע. ווען ווייסע אַרבעט־קראַפט איז געוואָרן ביליק, האָבן די קאַפּיטאַליסטן אָנגעשטעלט מער ווייסע אַרבעטער.

שפּעטער, ווען די נ.ר.א. און אירע קאָודס האָבן געהעכערט עטוואָס דעם מינימום־לוין פון די סאַמע שלעכט־באַצאָלטסטע אַרבעטער, האָט עס ווידער געטראָפן די שוואַרצע. פיל אַרבעטגעבער האָבן אַוועקגעשיקט די שוואַרצע ניט־געשולטע אַרבעטער און זיי פאַרביטן מיט ווייסע. אויב ער מוז עטוואָס העכערן דעם לוין, וועט דער קאַפּיטאַליסט בעסער באַשעפטיקן ווייסע. די הילף פון דער נ.ר.א. פאַר די שוואַרצע האָט זיך אויסגעדריקט אין אַ פאַרגרעסערטער אַרבעטלאָזיקייט.

## שוואַרצע אַרבעטער־פרוי גרעסטער קרבן פון קאַפּיטאַליזם

אין אַ באַזונדער שווערער לאַגע געפינט זיך די שוואַרצע אַרבעטער־פרוי. נאָר דאָרטן וואו עס עקזיסטירן די ערגסטע אַרבעט־באַדינגונגען, האָט זי אַ צוטריט צו באַשעפטיקונג. גרעסטנטיילס זיינען זיי פאַררעכנט צווישן די צווייגן פון דער אינדוסטריע וואָס פאַלן ניט אַרונטער אונטער די קאָודס פון דער נ.ר.א., ווי באַדינגונג, רייניקער, אַרויסהעלפער, לערנער א. אז. וו.

אַזוי געפינען זיך 18,000 פרויען אין דער טאַבאַק־אינדוסטריע. כמעט איינע פון יעדע פיר פרויען וואָס אַרבעטן ביי ציגאַרן זיינען שוואַרצע. דער באַריכט פון לייבאָר־דעפּאַרטמענט זאָגט, אַז די שוואַרצע פרויען אין טאַבאַק־פאַבריקן טוען „די שווערסטע, די נידעריקסטע, די שלעכט־באַצאָלטסטע און

די אַנגעשטרענגסטע אַרבעטן". (די פּאָזישאָן אָװ די ניגראָ װימען, גאָרדאָן און בריגס, זייט 6.)

די גרעסטע גרופּע נעגער־פרויען זיינען באַשעפטיקט אין די באַדינונג־פאַכן און הויז־אַרבעט. אין 1930 זיינען פון די צוויי מיליאָן שוואַרצע אַרבעטער־פרויען 600,000 געווען באַשעפטיקט אין פּערזענלעכער באַדינונג: דינסטן, קעכינס, וואַש־פרויען, א. אז. וו. דאָס איז די ערגסט־באַצאָלטע און שווערסטע אַרבעטער־גרופּע. פאַראַן שוואַרצע פרויען אין ניו יאָרק וואָס אַרבעטן פאַר צען דאָלאַר אַ מאָנאַט און איין מאָלצייט אין טאָג.

אַרום 50,000 שוואַרצע פרויען זיינען אין 1930 געווען באַשעפטיקט אין לאָונדריס (וועשערייען) און ענלעכע פּלעצער, וואו דער לוין איז נידעריק, די שטונדן לאַנגע און די אַרבעט־באַדינגונגען שווערע און אומגעזונטע.

אין דער שפּייז־אינדוסטריע זיינען די שוואַרצע פרויען באַשעפטיקט אין די אומגעזונטסטע צווייגן. אין די שלאַכט־הייזער רייניקן זיי דעם אָפּפאַל פון די געקוילעטע חזירים, קי און שעפּסן א. אז .וו. (בולעטין פון לייבאָר־דעפּאַרטמענט, ציטירט פון פּאָזישאָן אָװ ניגראָ װימען, זייט 9.)

די שוואַרצע אַרבעטער־פרוי לײדט פון דעם ערגסטן סאָרט עקספּלואַטאַציע ווען זי איז באַשעפטיקט. זי איז גלייכצייטיק דער גרעסטער קרבן פון קאַפּיטאַליסטישער אַרבעטלאָזיקייט. עס זיינען ניטאָ קיין פולשטענדיקע ציפערן פאַר אַלע פינף קריזיס־יאָרן. אָבער אַ טיילווייזע אונטערזוכונג פון דער פרויען־ביוראָ ביים לייבאָר־דעפּאַרטמענט אין 1931 אַנטפּלעקט אַ בילד פון לײדן און הונגער צווישן די שוואַרצע אַרבעטער־פרויען.

אין מאַנהעטן און ברוקלין איז די צאָל אַרבעטלאָזע צווישן די שוואַרצע פרויען געווען 29 פּראָצענט. צווישן די ווייסע הי-געבוירענע — 18 פּראָ-צענט, פרעמד-געבוירענע — 12.8 פּראָצענט.

אין פילאַדעלפיע איז די צאָל אַרבעטלאָזע צווישן די שוואַרצע פרויען 40 פּראָצענט, ווייסע פרויען, אַמעריקאַניש-געבוירענע — 22 פּראָצענט.

אין דעטראָיט האָט די אַרבעטלאָזיקייט צווישן די שוואַרצע פרויען דערגרייכט 75 פּראָצענט. (ציטירט פון אויבנדערמאָנטן פּלאַץ, זייט 14.)

ווען די נאָדל־טרייד אינדוסטריעלע יוניאָן האָט געפירט דעם סטרייק אין 1933 געגן דער סאָפּקין־פאַבריק פון פאַרטוכער און קליידער אין שיקאַגאָ, איז דער פאַרדינסט פון די נעגער־מיידלעך געווען אַזוי נידעריק ווי פיר און פינף דאָלאַר פאַר אַ פולער וואָך אַרבעט. ענלעך איז געווען די לאַגע פון די נעגער־מיידלעך אין אַ סך קליידער־שעפּער.

העכערער פראָצענט טויט־פאַלן פון דערוואַקסענע און קינדער

אָרעמע וואוינונגען, שלעכטע נארונג און שווערע ארבעט ברענגט צו קראַנקהייטן און צו אַ הויכן פּראָצענט פון טויט־פאַלן.

די מעטראָפּאָליטאַן אינשורענס (פּאַרזיכערונג) קאָמפּאַניע האָט אויפן גרונט פון אירע פאַרסטראַכירטע מענטשן אויסגערעכנט, אַז דער טויט־פּאַל פון האַרץ־קראַנקהייטן פון יעדע הונדערט טויזנט מענטשן איז 142.7 פאַר די ווייסע און 259.8 פאַר שווארצע. די אונטערזוכונג איז געבויט אויף די ציפערן פאַר 1932.

אין ניו דזשוירזי מאַכט אויס די שווארצע באַפעלקערונג פינף פּראָצענט. דאָס מיינט, פינף פון יעדע הונדערט מענטשן זיינען שווארצע. אָבער אין צאָל טויט־פאַלן גיבן די שווארצע אַ סך אַ העכערן פּראָצענט. פון יעדע הונדערט געשטאָרבענע זיינען געווען אַכט נעגערס. פון יעדע הונדערט גע־שטאָרבענע קינדער זיינען געווען צוועלף נעגערשע קינדער. פון יעדע הונדערט טויט־פאַלן פון שווינדזוכט זיינען געווען צוואַנציק שווארצע. די ציפערן זיינען פאַר 1930.

די טויט־פאַלן פון שווינדזוכט אין האַרלעם זיינען דריי אַמאָל אַזוי פיל פּראָפּאָרציאָנעל ווי פאַר גאַנץ ניו יאָרק. ניט געקוקט אויף דעם וואָס די נעגערס אין ניו יאָרק מאַכן אויס נאָר 12 פּראָצענט פון דער גאַנצער באַ־פעלקערונג, זיינען 23 פּראָצענט פון אַלע טויט־פאַלן צווישן קינדער — נעגער־קינדער.

נעגער־קינדער זיינען באַרויבט פון שולעס ניט נאָר אין דרום. דאָרטן האָט דער קריזיס צוגעמאַכט צוויי־דריטל פון אַלע שולן אין די פאַרם־געגנטן. אין די צפון־שטאַטן זיינען אין די נעגער־געטאָס פאַראַן ווייניקער שולן ווי אין די ווייסע געגנטן. דערצו זיינען די עלטערן צו אָרעם צו קענען האַלטן די קינדער אַ לענגערע צייט אַפילו אין דער עלעמענטאַרער שול (פּאַבליק סקול). די מערסטע נעגער־קינדער מוזן אין זייער פריסטער יוגנט ארויס־העלפן די עלטערן.

די אומרוען וואָס זיינען אויסגעבראָכן, מערץ 19, 1935, אין האַרלעם, ווען אַ אינגל איז געשלאָגן געוואָרן אין אַ געשעפט, און וועלכע האָבן געקאָסט פיר לעבנס, האָבן אַנטפּלעקט אַז האַרלעם איז אַ פּולווער־פאַס. זי

האלט ביים פארלירן דאס געדולד. א טייל פון דער קאפיטאליסטישער פרעסע האט געזוכט אויפצוהויבן א געיעג אויף קאמוניסטן וועלכע „העצן די שווארצע". אין דער ווירקלעכקייט, זיינען די קאמוניסטן די איינציקע וואס בויען ארבעטער־סאלידאריטעט צווישן שווארצע און ווייסע.

די פאדערונג פון די נעגערס, אז די ווייסע געשעפטלייט אין הארלעם זאלן אויך באשעפטיקן שווארצע ארבעטער, איז פולשטענדיק בארעכטיקט.

מיר האבן דערמאנט, אז די א. פ. אוו ל. יוניאנס פירן א פאליטיק פון ברוטאלן שאוויניזם געגן די שווארצע ארבעטער. אין די שעפער און פאבריקן וואס די א. פ. אוו ל. יוניאנס קאנטראלירן, זיינען דיסקרימינאציעס געגן די נעגער־ארבעטער כמעט דער כלל. אפילו דארטן וואו די שווארצע ארבעטער זיינען א באדייטנדיקער טייל אין דער אינדוסטריע, איז פאקטיש אוממעגלעך צו געפינען א נעגער־ארבעטער אין דער פירערשאפט פון א יוניאן, אפילו אן ארטיקער יוניאן, שוין ניט רייִדנדיק פון א נאציאנאלער יוניאן. עס זיינען פאראן 22 אינטערנעשאנאל יוניאנס, וועמענס קאנסטי־טוציע פארבאט אריינצונעמען נעגער־ארבעטער פאר מיטגלידער.

אויף דעם צוזאמענפאר פון דער א. פ. אוו ל. אין סאן פראנציסקא, אקטאבער 1934, האט רענדאלף, פון דער בראדערהוד פון די באדינער (פארטערס) אין די שלאף־וואגאנעס, אריינגעטראגן א רעזאלוציע, אז יוניאנס וועלכע מאכן אן אונטערשייד צווישן ווייסע און שווארצע זאלן אויסגעשלאסן ווערן. נאר דורך די שטארקע באמיאונגען פון גרין, וואל און טאבין איז די רעזאלוציע ניט דורכגעגאנגען. וויליאם גרין איז געצוואונגען געווען צו האלטן א רעדע, אז די יוניאנס זאלן אריינגעמען און באשיצן די נעגער־ארבעטער.

די סאציאליסטישע פארטיי, וואס איז אפיציעל פאר גלייכע רעכט פאר די נעגערס, איז גארניט גערן אנצוהויבן א קאמף פאר די גלייכע רעכט. אין דער קאמוניסטישער פרעסע זיינען דערשינען צענדליקער בריוו פון ארבעטער־קארעספאנדענטן, אין פארלויף פון דער פרעזידענט וואל־קאמפאניע אין 1932, וועגן דער אויפפירונג פון די סאציאליסטישע קאנדידאטן אין דרום. די ארבעטער־קארעספאנדענטן האבן דערציילט מיט גרויס אויפרעגונג, אז ווען נארמאן טאמאס, סאציאליסטישער פרעזידענט־קאנדידאט, האט געמאכט זיין רייזע איבער די דרום־שטאטן, האט ער זיך אנטזאגט צו פראטעסטירן געגן דעם דזשים־קראאיזם אויף זיינע וואל־פארזאמלונגען. נעגערס וואס האבן געוואלט הערן וואס דער סאציאליסטישער קאנדידאט האט צו זאגן,

האבן געמוזט שטיין אין דרויסן אדער שטויסן זיך אין ענגשאפט אויף דער גאלעריע, כאטש אונטן אין זאל איז געווען גראם און גענוג פרייער פלאץ. די טאקטיק פון דער סאציאליסטישער פארטיי איז אלע מאל געווען ניט איינ־צורייסן זיך מיט די ווייסע און מיט זייער איינגעווארצלטן באגריף וועגן דער סופעריאריטעט פון דער ווייסער ראסע. אין די דרום־שטאטן זוכט די סאציא־ליסטישע פארטיי צוצופאסן זיך צו די הערשנדיקע באדינגונגען, וועלכע זיינען געגן דער שווארצער באפעלקערונג.

אויך אין צפון איז די סאציאליסטישע פארטיי ניט גערן ארויסצושטעלן נעגער־קאנדידאטן צום פאדערגרונט אין די וואל־קאמפאניעס. דעם ערשטן מאל אז די סאציאליסטישע פארטיי אין ניו יארק האט ארויסגעשטעלט א נעגער־קאנדידאט, קראסוויט, פאר א וויכטיקן אמט, איז געקומען נאר ווי א דירעקטער רעזולטאט פון דער אקציע פון דער קאמוניסטישער פארטיי, וואס האט ארויסגעשטעלט דזשיימס פארד, א נעגער־ארבעטער און וויכטיקער טוער, פאר וויים־פרעזידענט קאנדידאט. די קאמוניסטישע פארטיי שטעלט ארויס אין אלע שטאטן און שטעט וואו זי פירט א וואל־קאמפאניע, נעגער־ארבעטער, מענער און פרויען, אויף וויכטיקע עמטער.

### די לאזונג פון זעלבסט־באשטימונג אין קאטן־לאנד

די סאציאליסטישע פארטיי האט אויפגענומען מיט געגנערשאפט און שפאט דעם ארויסטרעט פון דער קאמוניסטישער פארטיי פאר דעם רעכט פון זעלבסט־באשטימונג פון די נעגערס אין דעם קאטן־לאנד, וואו זיי זיינען א מאיאריטעט פון דער באפעלקערונג.

נארמאן טאמאס, אניל און די איבעריקע סאציאליסטישע ווארט־פירער האבן גענומען די שטעלונג, אז די נעגערס זיינען א ראסע און ניט קיין נאציאנאליטעט. זיי האבן באשולדיקט די קאמוניסטן, אז דער לאזונג פון זעלבסט־באשטימונג אין שווארצן־פאס־לאנד וועט אויפרייצן די ווייסע קאפי־טאליסטן. דאס וועט פירן צו גרעסערע פארפאלגונגען אויף די שווארצע. א צווייטע באשולדיקונג, אז דער לאזונג וועט ארויסרופן א פארשטארקטן נאציאנאליזם צווישן די שווארצע, א מין גארוויאיזם.

ביידע באשולדיקונגען האלטן ניט אוים די מינדעסטע קריטיק. דער געשריי, אז זעלבסט־באשטימונג וועט אויפרייצן די ווייסע הערשער, איז דער

געשריי פון אלע באלעבעסלעך, וואס ווארענען די אונטערדריקטע און פאר־פאלגטע ניט צו מאנען זייער רעכט צו הויך, ווייל דאס וועט אויפרייצן די אונטערדריקער. אזוי האבן די אידישע באלעבאטים געפריידיקט צו די אידישע מאסן, צו זיין שטילער פון וואסער און נידעריקער פון גראז און ניט ארויסרופן דעם צארן פון די אונטערדריקער.

די צווייטע באשולדיקונג איז א קאמופלאזש צו באהאלטן די נעגנער־שאפט צו פולער סאציאלער גלייכקייט פאר די נעגערס. גארוויאיזם מיט זיין לאזונג „צוריק אין אפריקע" האט אפגעזונדערט די נעגער־מאסן, האט גע־זוכט אויפצושטעלן א וואנט צווישן די שווארצע און ווייסע מאסן. דער גארוויאיזם האט געלערנט: יעדער ווייסער איז א פיינט פון די שווארצע. דער לאזונג פון דער קאמוניסטישער פארטיי, פארקערט, פירט צו דער פאר־בידערונג פון די ווייסע און שווארצע.

ווי אזוי קענען די ווייסע ארבעטער דעמאנסטרירן, אז זיי האבן זיך אפגעטרייסלט פון זייערע פאראורטיילן און שאוויניזם? דורך שטיצן דעם לאזונג פאר נעגערשער זעלבסט־באשטימונג אין שווארצן פאס־לאנד. אזא שטיצע פארברידערט די הארעפאשניקעס פון אלע נאציאנאליטעטן.

די נעגער־פראבלעם באשטייט ניט אין די ראסן־שטריכן פון די נעגערס: טונקל־שווארצע און געקרייזלטע האר. די נעגער־פראבלעם איז א סאציאל־עקאנאמישע, באקליידט אין א נאציאנאלער פארמע. דער פראגרעס און אנטוויקלונג פון די נעגערשע פארם־מאסן איז אין שארפן ווידערשפרוך מיט די אינטערעסן פון די ווייסע הערשער. דער קאמף פון די נעגערס אין שווארצן פאס־לאנד פאר זייער פראגרעס און אנטוויקלונג מוז דעריבער אננעמען דעם כאראקטער פון א קאמף פאר נאציאנאלער באפרייאונג, געגן דער הערשאפט פון די רייכע ווייסע. פארשטייט זיך, דער קאמף מוז ארייננעפעדעמט ווערן מיט די טעגלעכע נויטן פון דער שווארצער באפעלקערונג, ווי ווידערשטאנד געגן לינטשערייען, דזשים־קראאיזם, דיסקרימינאציעס א. אז. וו.

די סאציאליסטישע פירער נעמען, אין גרונט־גענומען, די פאזיציע פון די ווייסע אונטערדריקער, פאר וועמען עס לוינט זיך צו לייקענען די נעגערשע נאציאנאליטעט. געגן דער נעגער־ראסע קענען זיי ארויסרופן די אלטע, דיס־קרעדיטירטע טעאריע פון העכערע און נידעריקערע ראסן, א טעאריע, וואס די נאצים אין דייטשלאנד האבן דערפירט צום העכסטן אומזיניקן גראד. די ווייסע אין דרום שטעלן אויך ארויס דעם „טענה", אז די שווארצע זיינען

אַן אָפּגעשטאַנענע, נידעריקע ראַסע, וואָס קען ניט פאַרוואַלטן מיט איר אייגענעם לעבן.

דער לאָזונג פאַר זעלבסט־באַשטימונג קרעפּטיקט דעם קאַמף פאַר סאָציאַלער גלייכקייט, וואָס די נעגערשע באַפעלקערונג פירט אין די צפון־שטאַטן. דער באַוואוסטזיין, אַז זיי זיינען מיטגלידער פון אַ נאַציאָנאַליטעט, גיט זיי מוט אַרויסצוטרעטן געגן דער ספּעציעלער עקספּלואַטאַציע צו וועלכער זיי זיינען אונטערוואָרפן.

חבר סטאַלין, אַנטוויקלענדיק ווייטער די לענינסטישע טעאָריע וועגן דער פּראָלעטאַרישער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק, האָט אין די ווערטער כאַראַקטעריזירט די גרונט־אייגנשאַפטן פון אַ נאַציע:

„אַ נאַציע איז אַ היסטאָריש־אַנטוויקלטע, דויערהאַפטע איינהייט פון שפּראַך, טעריטאָריע, עקאָנאָמישער לעבן און פּסיכאָלאָגיע, וואָס דריקט זיך אויס אין אַן איינהייטלעכער קולטור.״

דאָס מיינט, אַז דער באַגריף פון אַ נאַציע נעמט אַריין אַ געמיינשאַפט פון מענטשן וואָס איז אויסגעבילדעט געוואָרן היסטאָריש, אַ געמיינשאַפט וואָס איז דויערהאַפט און ניט צייטווייליק. די מיטגלידער פון דער געמיינשאַפט באַנוצן די זעלבע שפּראַך, וואוינען אין איין טעריטאָריע און זיינען פאַרבונדן מיט אַ געמיינשאַפטלעכערווירטשאַפט.

די העכער פיר מיליאָן נעגערס וואָס וואוינען אין דעם קאַטן פּאַסלאַנד פאַרמאָגן די אַלע אייגנשאַפטן. זייער געמיינשאַפטלעכער לעבן איז אַנטוויקלט געוואָרן אין פאַרלויף פון דורות. זיי רעדן איין שפּראַך און פאַרמאָגן די זעלבע געוואוינהייטן און גייסטיקע שטריכן וואָס פירן צו איין קולטור און נעמען אָנטייל אין איין עקאָנאָמישן לעבן, אין דער פּראָדוקציע פון קאַטן און טאַבאַק.

דער קאַמף פאַר נאַציאָנאַלער באַפרייאונג איז אַ טייל פון דעם גאַנצן פּאָליטישן און עקאָנאָמישן קאַמף וואָס די פאַרשקלאַפטע און אונטערדריקטע שוואַרצע מאַסן מוזן פירן געגן די קאַפּיטאַליסטן, וואָס באַזיצן דעם באָדן, די הייזער, די פאַבריקן און באַהערשן דעם גאַנצן לעבן.

ניט נאָר אין די דרום־שטאַטן, נאָר אויך אין די צפון־שטאַטן איז נאָך פאַראַן געגנוג רעשטן פון וויסן שאָוויניזם. ניט נאָר ביי די קאַפּיטאַליסטן,

נאר אפילו אין די רייען פון ארבעטער־קלאס און אפילו צווישן זיין אוואנ־גארד שטויסט מען זיך נאך אן אויף גראבע ארויסטרעטונגען געגן שווארצע ארבעטער. אויסצואווארצלען די לעצטע שפורן פון דער ווייסער סופעריארי־טעט טעאריע און געוואוינהייט איז איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאבן פון דער קאמוניסטישער פארטיי. פאר ווייסן שאוויניזם, פונקט ווי פאר אנטיסעמיטיזם, איז ניטא קיין פלאץ אין די רייען פון א רעוואלוציאנערער פראלעטארישער פארטיי.

## קאמוניסטישע פארטיי קעמפט געגן ווייסן שאוויניזם

די קאמוניסטישע פארטיי האט דורכגעפירט א ריי געזעלשאפטלעכע פראצעסן איבער אירע מיטגלידער וואס האבן פארלעצט דעם פונדאמענטאלן פרינציפ פון פראלעטארישן אינטערנאציאנאליזם און האבן ארויסגעוויזן שפורן פון ווייסן שאוויניזם. אזעלכע פראצעסן זיינען אפגעהאלטן געווארן אין א ריי שטעט. דער וויכטיקסטער איז געווען איבער דעם וועכטער פון דעם פינלענדישן ארבעטער־קלוב אין יאנקערס, ניו יארק, וואס האט דיסקרימינירט געגן נעגער־ארבעטער אין דעם קלוב.

די קאמוניסטישע פארטיי האט איינגעארדנט א גרויסן עפנטלעכן פראצעס אין 1933, אין וועלכן איבער 3,000 ארבעטער האבן אנטיילגענומען. קלארענס האטאוועי, רעדאקטאר פון „דיילי װאָירקער", איז געווען דער אנקלא־גער און דזשיימס פארד, פארטיידיקער. דער אנגעקלאגטער, וואס איז פריער אויסגעשלאסן געווארן פון דער פארטיי, האט זיך דערקלערט שולדיק. ער האט צוגעגעבן זיין טעות. שפעטער האט די פעדעראלע רעגירונג אים געוואלט דעפארטירן ווי אן אומגעווינשטער אויסלענדער דערפאר וואס ער האט אפן אנערקענט אז זיין האנדלונג איז געווען געגן די אינטערעסן פון דער רעוואַ־לוציאנערער ארבעטער־באוועגונג. ווען ער בלייבט ביי זיין ווייסן שאוויניז־ם וואלט אים די רעגירונג ניט געטשעפעט.

די נעגער־ארבעטער האבן באשאפן א ספעציעלע ארגאניזאציע, די „ליג אוו סטראגל פאר ניגרא רייטס" (די ליג פון קאמף פאר נעגער־רעכט), אין וועלכער ווייסע ארבעטער באלאנגען אויך. א וועכנטלעכע צייטונג „די לי־בערייטאר" (דער באפרייער), גיט ארויס רעגלמעסיק אין ניו יארק.

אין אלע לינקע ארגאניזאציעס זיינען נעגערס פארטראטן אין דער פירער־שאפט. אין דער קאמוניסטישער פארטיי פארנעמען נעגערס אנגעזעענע פלעצער און זיינען מיטגלידער פון דעם צענטראל־קאמיטעט פון דער פארטיי.

אין דרום און אין צפון איז קאָמוניזם געוואָרן א וויכטיקער פאַקטאָר אין לעבן פון די נעגערשע מיליאָנען. די קאָמוניסטישע פּאַרטיי שטייט מיט ביידע פיס אין דער נעגערשער אַמעריקע. ניט אומזיסט נעמען די קאַפּי־טאַליסטן און אַזוינע טעראָר־מיטלען געגן די קאָמוניסטן. די קאָמוניסטישע באַוועגונג אין דרום איז די לעצטע יאָרן, זינט די סקאָטסבאָראָ און די שער־קראָפּערס קאַמפּן, אַרונטערגעטריבן געוואָרן אונטער דער ערד. די קאָמו־ניסטישע באַוועגונג אָבער לעבט, וואַקסט און פאַרטיפט זיך צווישן די נעגערשע מאַסן.

די וויכטיקסטע נעגער־פּאָעטן און שרייבער, ווי לענגסטאָן יוז, קאָלען און אַנדערע, זיינען געוואָרן פריינט און סימפּאַטיקער פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג צוליב די אומאויפהערלעכע קאַמפן וואָס די פּאַרטיי און אירע נאָענטע מאַסן־אָרגאַניזאַציעס האָבן געפירט פאַר די נעגער־מאַסן.

דריי־און־דרייסיקסטער קאַפּיטל

# די אַנטוויקלונגען אין די נאָדל־פאַכן

די ווירקונג פון דער אידישער אַרבעטערשאַפט אין דער אַרבעטער-באַוועגונג.—דער קוסטאַר-כאַראַקטער פון דער קליידער-אינדוסטריע. — די ערשטע סוועט-שעפּער ניט קיין אידישע. — אַ באַזוך איבער סוועט-שעפּער. — דער וואוקס פון דער אינדוסטריע. — די ערשטע אידישע מאַסן-איינוואַנדערונג און איר באַדייטונג. — די ערשטע פּיאָנערן. — פאַרוואָס איז שווער געווען צו בויען שטאַנדהאַפטיקע יוניאָנס. — די „נייטס אָוו לייבאָר". — דער קאַמף אַרום דער ס.ל.פּ. און מיט די אַנאַרכיסטן.—די צווייטע מאַסן-איינוואַנדערונג ברעכט דעם סוועט-שאַפּ.

אין די ראַמען פון דער געשיכטע פון דעם אַמעריקאַנישן אַרבעטער־קלאַס איז אוממעגלעך צו געבן אַן אָפּהאַנדלונג פון דער אידישער אַרבעטער־באַוועגונג, אפילו ניט פון איר ניט טרייד־יוניאָן טייל. די אידישע אַרבעטער־שאַפט האָט אַריינגעטראָגן אַ סך רעוואָלוציאָנערן ברען און רויטן קאָליר אין דער אַלגעמיינער אַרבעטער־באַוועגונג פון די פאַראייניקטע שטאַטן. די ראָל פון דער אידישער אַרבעטערשאַפט, אירע הערלעכע קאַמפן און איר בייַשטייערונג דאַרפן ערשט באַשריבן ווערן אין אַ מאַרקסיסטיש־לעניניסטישן ליכט. די נויטווענדיקייט פון אַזאַ געשיכטע וואָס זאָל אַרומנעמען אויך די ספּעציעלע מאָמענטן און פאַקטאָרן פון דער אידישער סביבה, איז קלאָר פאַר יעדן באַוואוסטזיניקן אַרבעטער. אַזאַ געשיכטע קען ניט געגעבן ווערן אין אַ פּאָר קאַפּיטלעך.

אינגאַנצן פאַרבייגיין די גרויסע עפּאָכע־מאַכנדיקע אַרויסטרעטונגען פון הונדערטער טויזנטער אידישע אַרבעטער, אַרויסטרעטונגען וואָס האָבן געלייגט זייער שטעמפּל אויף גאַנצע אינדוסטריעס, אין אַ בוך געשריבן פאַר אידישע אַרבעטער — איז אויך אוממעגלעך. באַרירן די קאַמפן וואָס האָבן זיך טיף אַריינגעקריצט אין די מוחות פון מאַסן אַרבעטער איז וויכטיק צוליב דעם באַרג מיט דערפאַרונג וואָס זיי גיבן פאַר די אינגערע אַרבעטער, וועלכע שטייען איצט פאַר גרויסע אויפגאַבן אין די זעלבע אינדוסטריעס.

מיר האָבן אויסגעקליבן די נאָדל־פאַכן, ניט ווייל דער גאַנצער אידישער

פראָלעטאריאַט באַשטייט פון שניידער און קירזשנער. צענדליקער טויזנטער אידישע אַרבעטער זיינען באַשעפטיקט אין די בוי־פאַכן, אין דער שיך־אינדוסטריע, אין דער שפייז־אינדוסטריע, מעטאַל און געצייג־אינדוסטריע, טעקסטיל־אינדוסטריע און נאָך. די באַדייטונג ליגט ניט אין דער צאָל אידישע אַרבעטער, נאָר אין דער וואָגיקער ראָל וואָס אידישע אַרבעטער האָבן דאָרטן פאַרנומען. די קליידער־אינדוסטריע איז געבויט געוואָרן פון אידישע אַר־בעטער. די קאָנצענטרירטקייט און קאָמפּאַקטקייט פון דער אינדוסטריע אין די שטעט מיט אַ גרויסער אידישער באַפעלקערונג, דער פאַקט וואָס די גרויסע מערהייט אַרבעטגעבער זיינען אידן, דער וויטערדיקער פאַקט וואָס גרויסע טיילן פון אידישן קליינבירגערטום און מיטל־קלאַס זיינען אָפּהענגיק געווען מיט זייערע געשעפטן אויף דעם וואוילזיין פון די אידישע קליידער־אַרבעטער, האָט אַריינגעצויגן די אידישע געזעלשאַפטלעכקייט אין יעדן קאַמף. אַ גרוי־סער סטרייק אין איינעם פון די צווייגן פון דער קליידער־אינדוסטריע אין ניו יאָרק, פילאַדעלפיע, שיקאַגאָ, באָסטאָן, באַלטימאָר, ראָטשעסטער און קליוולאַנד איז געווען אַ פאַסירונג פון ערשטן ראַנג פאַר דער גאַנצער אידישער באַפעלקערונג.

אידישע אַרבעטער זיינען אומעטום — מיט גאָר ווייניק אויסנאַמען — געווען אַ פּראָגרעסיווער פאַקטאָר אין די יוניאָנס וואו זיי האָבן באַלאַנגט. אַזוי איז געווען אין דער בוי־אינדוסטריע, שיך־אינדוסטריע און טעקסטיל (זייד־וועבעריי). די פּראָגרעסיווע און לינקע באַוועגונג האָט אין אַלע פאַכן און אינדוסטריע געקראָגן אַן אָנשפּאַר און שטיצע אין די אָרגאַניזירטע אידישע אַרבעטער.

די צווייטע אידישע מאַסן־אימיגראַציע נאָכן דורכפאַל פון דער רוסישער רעוואָלוציע אין 1905־1906 האָט געבראַכט צו די ברעגן פון די פאַר־איייניקטע שטאַטן פיל צענדליקער טויזנטער יונגע מענטשן, וואָס זיינען אין דער אַלטער היים דורכגעגאַנגען אַ רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, אַ טייל אַקטיוו און אַ טייל נאָר ווי סימפּאַטיקער. אַ סך פון די יונגע אימיגראַנטן האָבן פאַרזוכט דעם טעם פון אַ צאַרישער טורמע, פּאָליציייאישע קלעפּ און קאָזאַקישע נאַגייקעס. אַ סך האָבן אפילו באַלאַנגט צו די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, וואָס האָבן געבליט אין די קורצע האָניק־מאָנאַטן פון דער ערשטער רעוואָלוציע. די מערסטע אימיגראַנטן זיינען געווען אָנגעהויכט מיט סאָציאַ־ליסטישע אידייען.

קומענדיק אַהער האָבן זיי ביי דער ערשטער בארירונג מיט דער היגער אַרבעטער־באַוועגונג, באַזונדערס מיט איר עקאָנאָמישן טייל, געפילט די

ביטערע אנטוישונג וואס יעדער יונגער אימיגראנטישער ארבעטער, סאציא־ליסטיש געשטימט, מוז פילן אין א קאנסערוואטיווער יוניאן. ניט פון אזעלכע ארבעטער־ארגאניזאציעס האבן די אימיגראנטן געחלומט ביי זיך אין דער היים. די שמאלקעפיקייט, ענגהארציקייט און, זייער אפט, קארופציע פון די פירער און די פאליטישע אפגעשטאנענקייט און געשעפטמעסיקייט פון דעם רענק און פייל וואס הערשט אין א לאקאלער יוניאן פון דער קארפענטערס בראדערהוד אדער פון דער בוט און שו ווארקערס יוניאן, איז געווען אן אויפטרייסלונג פאר די ניי־אריבערגעקומענע פון לאנד פון די צארן. עס איז ניט קיין וואונדער וואס זיי זיינען געווארן דער רוקנביין פון דער רענק און פייל אפאזיציע, וועלכע האט געקראגן א פלאטפארמע און א פראגראם מיט דער אנטשטייאונג פון דער קאמוניסטישער באוועגונג.

## אידישע ארבעטער — פיאנערן אין דער קליידער־אינדוסטריע

אבער די ראל פון פראגרעסיווע און אפילו רעבעלן פון די מערסטע אידישע ארבעטער אין די איבעריקע אינדוסטריעס קען ניט פארגליכן ווערן מיט דער פיאנערן־ראל וואס די אידישע ארבעטערשאפט האט פארנומען אין דער גאנצער קליידער־אינדוסטריע. דא האט דער אידישער פראלעטאריאט געטראגן אויף זיינע אקסלען סיי דעם קאמף אפצושאפן די גרויזאמע סוועט־שאפ סיסטעם וואס איז געווען דער פלאג פון דער אינדוסטריע און סיי דעם קאמף צוריקצוברענגען די יוניאנס אין דער אינדוסטריע צו די ארבעטער, וואס האבן די יוניאנס געבויט מיט אזוי פיל קרבנות.

די אידישע ארבעטער אין דער קליידער־אינדוסטריע זיינען געווען די יעניקע וואס האבן אויסגעטראטן א וועג פאר נייע, העכערע פארמען פון קאמף אין דער ארבעטער־אמעריקע. שפעטער זיינען זיי געווארן די וועטע־ראנען פון צוויי היסטארישן קאמף קעגן קארופציע און פארראט אין די אייגענע רייען. דער שארפסטער, שטורעמדיקסטער, גרעסטער מאסן־קאמף פון רענק און פייל קעגן די ארבעטגעבער און זייערע אגענטן אין דער אר־בעטער־באוועגונג איז פארגעקומען אין דער קליידער־אינדוסטריע. די טרעגער פון די קאמפן זיינען געווען אידישע ארבעטער. אין די קאמפן גופא האבן אנטייל גענומען צענדליקער טויזנטער ניט־אידישע ארבעטער.

צו באגרייפן די פאסירונגען אין דער קליידער־אינדוסטריע מוז מען האבן אין זינען די פאלגנדיקע הויפט־פאקטארן, וואס האבן באשטימט די ליניע פון אנטוויקלונגען:

1) די יונגשאַפט פון דער אינדוסטריע.
2) דער שאַרפער סעזאָן-כאַראַקטער פון דער אינדוסטריע.
3) דער פאַקט, וואָס אַרבעט ביים האַנט שפילט נאָך אַ גרויסע ראָל.
4) דער אימיגראַנטישער עלעמענט פון דער אַרבעטערשאַפט.
5) דער צושטאַנד אין דער אַלגעמיינער אַרבעטער-באַוועגונג.
6) דער צושטאַנד אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, באַזונדערס אין איר אידישן טייל.
7) די פּאָליטישע און סאָציאַלע כוחות-פאַרהעלטעגישן אויף דער אידישער גאַס.

די ענדערונגען וואָס זיינען שפּעטער פאָרגעקומען אין דעם סאָציאַלן צו־זאַמענשטעל פון דער אַרבעטערשאַפט אין דער קליידער־אינדוסטריע נעמען ניט אַוועק פון די אידישע אַרבעטער זייער ראָל פון וועטעראַנען אין דער באַ־וועגונג פאַר אַ קלאַסן־כאַראַקטער און קלאַסן־מעטאָדן אין די יוניאָנס. די אידישע אַרבעטערשאַפט איז שוין מער ניט די מערהייט אין דער אינדוסטריע. קיין גענויע ציפערן זיינען ניטאָ. די אָפיציעלע פירער פון די קליידער־יוניאָנס קימערן זיך ניט צו אונטערנעמען סטאַטיסטישע אונטערזוכונגען וועגן זייער מיטגלידערשאַפט. מען ווייסט אָבער, אַז אַרום זעכציק פּראָצענט פון דער מענער־שניידער אינדוסטריע אין ניו יאָרק באַשטייט פון איטאַליענישע אַר־בעטער. די מערהייט באַשעפטיקט אין דער דרעס (פרויען-קליידער) אינ־דוסטריע זיינען אויך ניט־אידישע פרויען און מיידלעך, מיטן אויסנאַם פון די קאַטערס (צושניידער) און פּרעסערס. נאָר אין דעם קלאָוק־ און סוט־פאַך (אויבערשטע פרויען־מאַנטלען), אין דעם פאָריער־פאַך (פוטער־מאַנטלען) און אין די פרויען־היט אַרבעטער זיינען אידן נאָך אַ מערהייט און אַ גרויסע מערהייט. דאָס איז אין ניו יאָרק. איבערן לאַנד איז די פּראָפּאָרציע אידישע אַרבעטער נאָך קלענער.

אין די יאָרן נאָכן וועלט־קריג זיינען אויסגעוואַקסן נייע קליידער־צענטרען אין די קליינע שטעטלעך אין ניו דזשוירזי, פּענסילווייניע, קאָנעטי־קוט, מיזורי און אין נאָך און נאָך, וואו עס אַרבעטן יונגע אַמעריקאַנישע פרויען פאַר זייער אַ ביליקן לוין. דאָס איז מעגלעך געוואָרן, ערשטנס, צוליב דער צעטיילונג פון אַרבעט, וואָס האָט אָפּגעשאַפט די נויטווענדיקייט פון געשולטקייט אין געוויסע גרויסע פאַכן און צווייטנס, צוליב דער נאָכגיביקייט און קאָרופּציע פון דער יוניאָן־פירערשאַפט, וואָס האָט געלאָזט און דער־לויבט די פאַנאַנדערבליאונג פון מאָדערנע סוועט־שעפּער אין די קליינע שטעטלעך. אין אַנדערע פאַכן, ווי דרעס און קלאָוק, האָט זיך פאַרשפּרייט דער טיפּ קאַפּיטאַליסט־סוחר, דער דזשאַבער, וואָס איז דער פאַקטישער

אַרבעטגעבער, כאָטש ער דרייט זיך אַרויס פון דירעקטער באַרירונג און פאַר־אַנטוואָרטלעכקייט פאַר די אַרבעטער פון זיינע קאָנטראַקטאָרס.

## דער קוסטאַר־כאַראַקטער פון דער קליידער־אינדוסטריע

די קליידער־אינדוסטריע ביז די זיבעציקער יאָרן פון פאַריקן יאָרהונדערט האָט זיך געפונען אין אַ קוסטאַר־צושטאַנד. ניט געווען קיין גרויסע שעפער און קיין גרויסער מאַרק. מען האָט געאַרבעט גרעסטנטיילס דירעקט פאַר דעם קונד (קאַסטאָמער). ערשט די דערפינדונג פון דער ניי־מאַשין אין 1850 האָט געגעבן אַ שטויס אויפצושטעלן פאַבריקן.

דער פעדעראַלער צענזוס האָט צום ערשטן מאָל באַמערקט די פרויען־קליידער פּראָדוקציע אין 1860. דער צענזוס האָט אָנגעגעבן 5,739 באַ־שעפטיקט אין פּראָדוצירן פרויען־קליידער. זייערע פאַרדינסטן פאַר אַ יאָר האָבן באַטראָפן אינגאַנצן די סומע פון 1,193,032 דאָלאַר. דער ווערט פון זייער פּראָדוקציע האָט באַטראָפן עטוואָס איבער זיבן מיליאָן דאָלאַר.

די ערשטע מענער־קליידער פאַבריק וואָס מען ווייסט פון איר, איז אַנטשטאַנען אין 1831. אַ פאַבריק איז זי געווען נאָר אין נאָמען. דער אייגנטימער, איינער דזשאָרדזש אָפּדייק פון האָדסאָן סטריט, ניו יאָרק, איז געווען אַ מין דזשאַבער. ער האָט געקויפט די מאַטעריאַלן, גענומען די באַ־שטעלונג, צוגעשניטן און אַרויסגעגעבן די אַרבעט. די ביליקערע סאָרטן זיינען גענייט געוואָרן פון פאַרמער־פרויען און די בעסערע סאָרטן אַרבעט — פון גוטע בעל־מלאכות אין שטאָט.

## די ערשטע מאַסן־איינוואַנדערונג אין די אַכציקער יאָרן

ביסלעכווייז איז דער קוסטאַר־כאַראַקטער פון דער קליידער־אינדוסטריע פאַרשוואונדן. אין לאַנד האָט זיך פאַרשפּרייט די פּראָדוקציע פון פאַרטיקע קליידער. נייע מאָדעס האָבן געבראַכט מיט זיך נייע סאָרטן קליידער פאַר פרויען און דער וואוקס פון דער באַפעלקערונג האָט רייף געמאַכט די אַנט־שטייאונג פון אַ מאָדערנער קליידער־פּראָדוקציע, וואָס זאָל צופרידנשטעלן די באַדערפענישן פון די ברייטע שיכטן אין לאַנד. דער אימיגראַציע־שטראָם פון צאַרישן רוסלאַנד און פון איטאַליע אין אָנהייב פון די אַכציקער יאָרן האָט געליפערט דעם אַרבעט־עלעמענט פאַר דער נייער אינדוסטריע.

אידישע אַרבעטער האָבן זיך ניט באַוויזן צום ערשטן מאָל אין אַמעריקע

מיט דעם אָנהייב פון דער ערשטער מאַסן־איינוואַנדערונג. נאָך פּאָר די אַכציקער יאָרן זיינען געקומען אַהער אידישע איינוואַנדערער פון דייטשלאַנד, אונגאַרן, גאַליציע און רומעניע. ניט אַלע פון זיי זיינען געווען מיטל־קלאַס־עלעמענטן און ניט אַלע האָבן זיך אַרויפגעאַרבעט אין „קאָלאָמבוסעס מדינה". אַ היפּשער טייל פון די אונגאַרישע, רומענישע און גאַליצישע אידן זיינען פאַרבליבן אין דער קליידער־אינדוסטריע. זיי האָבן ניט געהאַט קיין שטאַרקע פאַרבינדונג מיט דער אַלגעמיינער אַרבעטער־באַוועגונג. זיי האָבן אויך ניט געמאַכט קיין שטאַרקע פּאַרזוכן זיך צו אָרגאַניזירן. די אַרבעטגעבער האָבן ניט געהאַט קיין שווערע אויפגאַבן צו האַלטן זיי אונטערדריקט. ערשט די איינוואַנדערונג אין די אַכציקער יאָרן האָט אַריינגעוואָרפן גרויסע צאָלן אידישע אַרבעטער אין דער קליידער־אינדוסטריע. שפּעטער איז געקומען די צווייטע מאַסן־איינוואַנדערונג, נאָך דעם דורכפאַל פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע אין 1905. אויף דער שווערער פּראַצע פון די אימיגראַנטן, וואָס זיינען געקומען צו זוכן אין דעם נייעם לאַנד ברויט און פרייהייט און זיכער־קייט נעגן פאַרפאָלגונגען, איז אויסגעוואַקסן אַ ריזיקע, פיל־פאַרצווייגטע אינ־דוסטריע, וואָס האָט אין 1914 באַשעפטיקט די גרעסטע צאָל אַרבעטער נאָך דער טעקסטיל־אינדוסטריע, וואָס איז די ערשטע אין לאַנד מיט איר אַר־בעטער־אַרמיי.

מענער־קליידער אינדוסטריע אין 1914

| | |
|---|---|
| צאָל פאַבריקן | 4,830 |
| צאָל אַרבעטער | 173,747 |
| זייער פאַרדינסט | $86,828,000 |
| קאָסטן פון מאַטעריאַל | $231,032,000 |
| ווערט פון פּראָדוקציע | $458,211,000 |

פרויען־קליידער אינדוסטריע אין 1914

| | |
|---|---|
| צאָל שעפּער | 5,564 |
| צאָל אַרבעטער | 168,907 |
| זייער פאַרדינסט | $92,574,000 |
| קאָסטן פון מאַטעריאַלן | $252,345,000 |
| ווערט פון פּראָדוקציע | $473,888,000 |

אין די ציפערן גייען ניט אַריין די איבעריקע צווייגן פון דער קליידער־אינדוסטריע, ווי פוטער־מאַנטלען, היט, אונטערוועש, געשטריקטע קליידער

און דאָס גלייכן. ארום און ארום האָט די אַרמיי נאָדל־ און קליידער־ארבעטער דערגרייכט איבער אַ האַלבן מיליאָן.

אין 1917, לויט די אויסרעכענונגען וואָס די רעגירונג האָט געמאַכט אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם דרעפט (פּריזיוו), זיינען אין דער קליידער־אינדוסטריע באַשעפטיקט געווען 854,068 ארבעטער. (בודיש און סאָול, ניו יוניאָניזם, זייט 15.)

## די אידעאַליסטן און פּשוטע איינוואַנדערער

דער אָנהייב פון די שטאַרקסטע פאַרפאָלגונגען אין דעם צאַרישן רוסלאַנד (די באַרימטע מאַי־געזעצן אין 1881, נאָך דער דערמאָרדונג פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן) האָבן געבראַכט אין די פאַראייניקטע שטאַטן אַ דאַפּלטן שטראָם אידישע איינוואַנדערער. פון דעם צאַרישן רוסלאַנד איז געלאָפן דער ארויסגעשטויסענער קליינבירגער און פאַראָרעמטער בעל־מלאכה און געלאָפן איז דער יונגער סטודענט, דער נעכטיקער רעוואָלוציאָנער, וועמען די פּאָגראָמען און די אויסנאַם־געזעצן האָבן ארויסגעשטויסן פון גלייכ־געוויכט.

די פּאָגראָמען האָבן ארויסגערופן אַ נאַציאָנאַליסטישע אויפוואַכונג ביי אַ באַדייטנדיקן טייל פון דער אידישער שטודירנדיקער יוגנט. אַ טייל איז ארומגעכאַפּט געוואָרן פון בענקשאַפט צו פּאַלעסטינע און האָט זיך געלאָזט צו דעם הייליקן לאַנד אונטער דער לאָזונג: „בית יעקב לכו ונלכה" (בילו־צעס) און אַ צווייטער טייל, וואָס איז ניט מיטגעריסן געוואָרן פון דר. פּינסקערס פּאַלעסטינע־אוטאָפּיע, האָט באַשלאָסן אויסצואוואַנדערן אין דעם פרייען אַמעריקע. די יוגנט איז פול געווען מיט ראָזעווע אילוזיעס, אַז אין אַמעריקע, וואו עס איז פאַראַן גרויסע שטרעקעס פרייע לאַנד, איז מעגלעך צוצוטרעטן צו פאַרווירקלעכן די אידייען פון סאָציאַלער און עקאָנאָמישער גלייכקייט, אָן אונטערדריקונג און אָן עקספּלואַטאַציע. די גרופּע האָט געהייסן „עם עולם" (זין פון דעם וועלט־פאָלק), אַ מין סימבאָל פאַר מענטשן וועלכע טראָגן אריבער זייער געצעלט אויף אַ נייעם באָדן פול מיט אומגעהויערע מעגלעכקייטן פאַר יושר און גערעכטיקייט.

עס איז אוממעגלעך אפילו פאַרבייגייענדיק צו געבן אַן אָפּשאַצונג פון דער ראָל וואָס די גרופּע האָט געשפּילט אין דער אידישער ארבעטער־אַמעריקע. די ערשטע וועטעראַנען פון דער ארבעטער און סאָציאַליסטישער באַוועגונג זיינען געקומען פון אירע רייען. אַט־די געוועזענע סטודענטן און לערנער

האָבן אװעקגעלײגט זײער שטעמפּל אויף דער אַנטװיקלונג פון די אידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס. גלײכצײטיק מיט זײערע קאָלאָסאַלע פאַרדינסטן װי װעטעראַנען װאָס האָבן די ערשטע געבראַכט דאָס װאָרט פון פּראָטעסט און דעם פאַרזוך פון אָרגאַניזאַציע און װידערשטאַנד געגן די שרעקלעכע באַדינגונגען, האָבן זײ אויסגעבילדעט אַ העכערע, דינע און פּריװילעגירטע שיכט, װאָס האָט שפּעטער געדריקט די אַרבעטער און דעמאָראַליזירט די אַרבעטער־באַװעגונג. פיל פון די ערשטע אידעאַליסטן זײנען שפּעטער געװאָרן דערפאָלגרײכע פאַבריקאַנטן, הױז־באַזיצער, פּראָמינענטע דאָקטוירים, דערפאָלגרײכע אַדװאָקאַטן, הױך־באַצאָלטע זשורנאַליסטן א. ד. גל., מענטשן װאָס זײנען מיט בײדע פיס געשטאַנען אין קאַפּיטאַליסטישן לאַגער, כאָטש זײ האָבן זיך אָפט נאָך געמישט אין דער אַרבעטער־באַװעגונג.

בײדע גרופּעס אימיגראַנטן, די פּשוטע אײנװאַנדערער װאָס זײנען געקומען זוכן אַ שטיקל ברױט און די שטודירנדיקע יוגנט װאָס איז געלאָפן פאַרװירקלעכן אירע אידעאַלן, האָבן געקראָגן זײער ביטערע אַנטױשונג גלײך בײם לאַנדן אין קעסל־גאַרדן, דער ערשטער פּונקט װאו די אימיגראַנטן זײנען אַרונטערגעגאַנגען אינם ניו יאָרקער האַפן אין 1882. (די ערשטע גרופּע עם־עולמניקעס האָט געלאַנדעט אין פילאַדעלפיע און מיט דער באַן געקומען אין ניו יאָרק). גראָד האָט זיך געמאַכט, אַז מען האָט זײ געשיקט אַרבעטן אין דעם ניו יאָרקער האַפן, װאו עס איז דעמאָלט פאָרגעקומען אַ סטרײק פון די אירלענדישע שיף־אָנלאָדער (לאָנגשאָרמען). די אימיגראַנטן האָבן עס, נאַטירלעך, ניט געװאוסט ביז אויפן דריטן טאָג, װען אײנער פון זײ איז אַרויסגעגאַנגען קױפן עטװאָס, זײנען אים באַפאַלן די פּיקעטס און גוט צעבראָכן די בײנער. גלײך װי די אידעאַליסטישע עם־עולמניקעס האָבן זיך דערװאוסט װעלכע ראָל די אידישע בעל־טובות האָבן זײ אײנגעטײלט, האָבן זײ געװאָרפן די אַרבעט. בײטאָג איז אָפּגעהאַלטן געװאָרן אַ באַגײסטערטער מיטינג פון די סטרײקער מיט די אידישע סטרײקברעכער. דאָס איז געװען די ערשטע דירעקטע באַרירונג מיט אַמעריקאַנישע אַרבעטער און מיט דער האַרטער אַמעריקאַנישער װירקלעכקײט װאָס די אידעאַליסטישע עם־עולמניקעס האָבן באַקומען. אַ צװײטע גרופּע פון פופציק יונגע אימיגראַנטן מיט דר. אב. קאַספּע אין דער שפּיץ איז געשיקט געװאָרן צו גראָבן אַ קאַנאַל אין עליזאַבעט, ניו דזשוירזי. אַ האָגל שטײנער האָט פאַר זײ אַנטפּלעקט, אַז זײ זײנען סטרײקברעכער. גרינע אײנװאַנדערער זײנען דעמאָלט באַנוצט געװאָרן צו ברעכן סטרײקס.

לויט דער אויסרעכענונג פון דעם „אַמעריקאַן דזשואיש יאיר־בוך" זײנען

אין 1881 אָנגעקומען אַהער 5,692 אידישע איינוואַנדערער. די ווייטערדיקע יאָרן האָבן געבראַכט פיל מער אידישע אימיגראַנטן.

וואָס האָט געבראַכט די אידישע איינוואַנדערער אין דער קליידער־אינדוסטריע? ווי אַזוי דערקלערט מען דעם פאַקט, וואָס די קליידער־אינדוסטריע איז געוואָרן אין אָנהייב פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט אַן איבערוועגנדיקע אידישע באַשעפטיקונג?

### פאַרוואָס אַזויפיל אידישע אימיגראַנטן זיינען אַריין אין דער קליידער־אינדוסטריע

די אורזאַכן זיינען עטלעכע. ערשטנס, איז דער גרעסטער פּראָצענט פון די באַשעפטיקונגען וואָס די אימיגראַנטן האָבן געבראַכט מיט זיך, געווען שניידעריי. צווייטנס, האָט די צעטיילונג פון אַרבעט ביי די ביליקע סאָרטן קליידער ניט געפאָדערט קיין לאַנגע צייט לערנען. דריטנס, איז דאָס געווען אַ נייע אינדוסטריע, וואָס איז ראַשיק געוואַקסן און די גרינע אימיגראַנטן האָבן זיך ניט אָנגעשטויסן אויף קיין שוועריקייטן און ווידערשטאַנד פון די עלטערע אַרבעטער אין דער אינדוסטריע, ווי דער פאַל איז געווען אין אַנדערע אינדוסטריעס. פערטנס, האָבן די אַרבעטגעבער, אַליין אידן, אָנגענומען מיטלען אַריינצוציען די אימיגראַנטן אין זייערע שעפּער. די פאַבריקאַנטן און די קאָנטראַקטאָרס פלעגן קומען אין קעסל־גאַרדן און אָפּפירן די ניי־אַריבערגעקומענע גלייך אין שאַפּ מיט זייער גרויסע פאַרשפּרעכונגען. שעפּער זיינען געבויט געוואָרן אויף לאַנדסלייט פון דעם אַרבעטגעבער.

דער שאַפּ, וואוהין דער קאָנטראַקטאָר האָט געבראַכט די אימיגראַנטן, איז געווען גרעסטנטיילס זיין היים. די אינדוסטריע, באַזונדערס פרויען־קליידער, מענער־העמדלעך א. אַ., איז געווען גוואַלדיק צעפּיצלט. איינער וואָס האָט געקענט צונויפשאַרן עטלעכע מאַשינען און פּרעס־אייזנס, האָט געקענט עפענען ביי זיך אַ שאַפּ און אַריינגעמען אַרבעטער. מאַטעריאַלן און דעם פאַסאָן האָט ער געקראָגן פון גרויסן קאַפּיטאַליסט, וועלכער האָט געהאַלטן נאָר די צושניידער און דעם פאַסאָן־מאַכער. אַ גרינער האָט ניט געקענט פאַרדינען מער ווי דריי און פיר דאָלאַר אַ וואָך און זייער אָפט דאָס אויך ניט. די בלוט־זויגנדיקע סוועט־שאַפּ סיסטעם האָט געבליט אין דער גאַנצער אינדוסטריע. דאָרטן וואו עס זיינען יאָ געווען גרעסערע שעפּער, האָבן די שניידער געמוזט אַליין ברענגען זייערע ניי־מאַשינען און אַנדערע געצייג. דער אַרבעטגעבער האָט באַשטימט אַלצדינג, די שטונדן און די פּרייזן. ער

האט אָנגעשטעלט און ער האט אנטזאגט, לויט זיין אויסרעכענונג. די אר־בעטער האבן מורא געהאט צו עפענען דאס מויל.

די סוועט־שאפ סיסטעם איז ניט אויפגעקומען אין דער קליידער־אינדוסטריע פון אידישע אימיגראנטן. אין דעם ערשטן העלפט פון דעם אכצענטן יאָרהונדערט, ווען די קליידער־פּראָדוקציע איז געווען אין א קוסטאר־צושטאנד און איז געלעגן אין די הענט פון אמעריקאנישע און אירלענדישע, זיינען די ארבעט־באדינגונגען געווען שוידערלעכע. יונגע אימיגראנטקעס, הויפּטזאכלעך אירלענדישע, זיינען געווען די קרבנות.

„א רעפארמער, מיטן נאמען מעטיו קערי, האט אין 1828 אויסגערעכנט, אז אין באסטאן, ניו יארק, פילאדעלפיע און באלטימאר זיינען פאראן ארום 20,000 ארבעטערינס וואס ארבעטן אין סוועט־שעפּער. זיי נעמען אויך אהיים די ארבעט, שטייען אויף מיט דער זון און ארבעטן ביז צען, עלף ביינאכט, כדי זיי זאלן קענען אויסארבעטן א דאלאר און א האלב א וואך, אויב זיי האבן שוין געהאט שטענדיקע ארבעט. דינגען א צימער האט געקאסט א דאלאר א וואך, דאס הייסט, אז ארבעטנדיק שווער און ביטער ארום 16 שטונדן א טאג, האט א פרוי פארדינט סך הכל אויף רענט (דירה־געלט).

„א קאמיטע, וואס איז אויסגעקליבן געווארן אויף א מאסן־פארזאמלונג אין 1829 צו אונטערזוכן די לאגע פון די ארבעטער־היימען, האט באריכטעט אז די פרויען וואס ארבעטן ביי זיך אין דער היים — נייטארינס, שפּינערינס, וועשערינס — פארדינען ניט גענוג צום לעבן, אפילו ווען זיי ארבעטן שטענדיק.

„א באשרייבונג פון א סוועט־שאפ איז איבערגעבליבן פון דעם יאר 1849, נאך איידער עס האט זיך אנגעהויבן די אידישע מאסן־איינוואנדערונג. אין א באריכט שטייט, אז א קאנטראקטאר, ארבעטנדיק מיט צוויי מיידלעך פון צוועלף ביז זעכצן שטונדן א טאג, האט געמאכט א דאלאר א טאג פאר אלע דריי צוזאמען. דערפון איז ארונטערגעגאנגען א דאלאר א וואך פאר דעם בוידעם וואו זיי האבן געארבעט. פון די פינף דאלאר וואס האבן זיך אפּ־געשטעלט, האט יעדע מיידל געקראגן א דאלאר מיט א פערטל און דריטהאלבן דאלאר א וואך איז געבליבן פאר דעם קאנטראקטאר.״ (דר. י. א. הורוויטש: אויסדערוויילטע שריפטן, ערשטער באנד, אימיגראציע אין אמעריקע, זייטן 98-99.)

אין דער זעלבער צייט איז אבער זיכער, אז דער שטראם אימיגראנטן פון מזרח־אייראפּע האט געגעבן א גרויסע און ברייטע געלעגנהייט צו געלט־זשעדנע קאנטראקטארס און פאבריקאנטן אויסצושפּרייטן די סוועט־שעפּער אויף א גאר גרויסן מאסשטאב. פאבריקאנטן האבן געריסן שטיקער פון זייערע קאנטראקטארס און די קאנטראקטארס האבן געריסן שטיקער פון די ארבעטער, כדי זיך שנעלער ארויפצוארבעטן. ביידע האבן געזוכט א ברייטן

און א גרויסן מארק אפצוזעצן די פארטיק־פראדוצירטע קליידער אויפן רעכע־נונג פון דעם שוויים און בלוט פון די ארבעטער.

א גאנצער בוך קען אנגעשריבן ווערן וועגן די כאראקטעריסטישע אייגנ־שאפן פון דער סוועט־שאפ סיסטעם אין דער קליידער־אינדוסטריע. גענוג צו זאגן, אז פילאנטראפישע פרויען און ווייך־הארציקע סאשעל ווארקערס (טוער פון עפנטלעכן וואוילזיין) האבן געפילדערט און פארלאנגט אונטער־זוכונגען צו מאכן א סוף צו דער „שאנדע". אונטערזוכונגען זיינען דורכ־געפירט געווארן און די „שאנדע" איז פארבליבן. די קליידער־ארבעטער אליין, נאך יארן־לאנגע קאמפן, האבן בוכשטעבלעך מיט די ציין און נעגל ארויס־געריסן די פארשאלטענע סיסטעם פון דער עקזיסטענץ.

די שוידערלעכע לאגע פון די סוועט־שאפ ארבעטער

די סוועט־שעפער זיינען געווען פינצטערע, שמוציקע, ענגע וואוינונגען. די ארבעטער האבן דארטן געפראצעוועט אזוי לאנג ווי 12 שטונדן א טאג און ווען דער קאנטראקטאר האט באדארפט פארטיק מאכן באשטעלונגען — 14 און 16 שטונדן. די סוועט־שעפער זיינען געווען פאסטקעס פון אלערליי מיקראבן. זיך אויסהיטן פון א קראנקהייט נאך עטלעכע יאר סוועט־שאפ איז געווען א זאך פון דער אוממעגלעכקייט.

ניט די שטאט־טאטעס און ניט די שטאט־רעגירונג האבן זיך אומגעקוקט אויף דעם, וואס פינצטערע טענעמענט־הייזער און קעלערן זיינען פארוואנדלט געווארן אין שעפער. די גאנצע איסט־סייד איז געווען אנגעפיקעוועט מיט אזעלכע אוממענטשלעכע ארבעט־פלעצער.

ארבעטער־פאמיליעס האבן זיך גענערט מיט די ערגסטע אומנארהאפטע שפייזן. די מאמעס האבן געשפייזט די קינדער מיט א מאכל באקאנט אונטערן נאמען „עפל־פוטער", אזא מין פאווידלע צוגעריכט פון פארפוילטע עפל. פון דער שלעכטער און מאגערער שפייז איז ביי די קינדער פארשפרייט געווען קראנקהייטן. דער פראצענט טויט־פאלן צווישן די קינדער איז געווען גרויס. און ניט בלויז צווישן די קינדער. דער סוועט־שאפ האט געשפרייט שווינד־זוכט, וואס האט געטראגן דעם צונאמען „די פראלעטארישע קראנקהייט". געוואוינט האט מען אין שרעקלעכער ענגשאפט. די פארדינסטן זיינען געווען מיזעראבעלע.

אט איז א טיפיש בילד פון א מיידל, וואס האט זיך שוין ארויפגעארבעט. אין דעם קורצן סעזאן קען זי פארדינען אזוי הויך ווי ניין דאלאר א וואך.

„סערע דזש., 23 יאָר אַלט. קומט פון רוסלאַנד. ניין יאָר אין לאַנד. האָט אָנגעהויבן אַרבעטן צו פערצן יאָר אין אַ שוירט (העמד) פאַבריק פאַר אַ דאָלאַר און אַ האַלב אַ וואָך. פון העמדער איז זי אַוועק צו פּאַפּיר-קעסטלעך פאַר צוויי און אַ האַלב דאָלאַר אַ וואָך און האָט זיך אַרויפגעאַרבעט צו פיר דאָלאַר אַ וואָך. אַוועק צו קענדי (צוקערקעס) אויך פאַר פיר דאָלאַר אַ וואָך. פּלוצלונג געפעלט איר צו אַרבעטן ביי סטיינגעס און זי פאַרדינט שוין פיר און אַ האַלב דאָלאַר אַ וואָך. פון די סטיינגעס גייט זי צוריק צו פּאַפּיר-קעסטלעך און מאַכט שוין פינף און אַ האַלב דאָלאַר אַ וואָך. אַ פּאָר יאָר שפּעטער האָט זי זיך אַרויפגעאַרבעט צו ניין דאָלאַר אַ וואָך.

„די פרוי ביי וועמען סערע וואוינט פאַרנעמט דריי צימערן. אויסער איר זיינען דאָ נאָך צוויי באָרדערס (שכנים) און צוויי באָרדערקעס. סערע צאָלט דריי דאָלאַר אַ מאָנאַט פאַר דער וואוינונג. (ב. וויינשטיין, די אידישע יוניאָנס, זייט 58.)

סערע דאַרף אַרונטערברענגען איר פאַמיליע פון רוסלאַנד. דערצו איז די אַרבעט אַ סעזאָנע. מען קען קיינמאָל ניט זיכער זיין וויפיל וואָכן אַרבעט עס וועט זיין. מוז זי שפּאָרן פון אירע פאַרדינסטן.

די קלאָגנדיקע לאַגע פון דעם שניידער, וואָס מוז פאַרברענגען אומ־מענטשלעך־לאַנגע שטונדן אין שאַפּ, האָט געפונען אויסדרוק אין די פּאַ־טעטישע שורות פון דעם באַרימטן ליד פון מאָריס ראָזענפעלד:

„איך האָב אַ שיינעם אינגעלע,
אַ זונעניו גאָר אַ פיינס;
ווען איך דערזע אים דאַכט זיך מיר,
די גאַנצע וועלט איז מיינס.

נאָר זעלטן, זעלטן זע איך אים,
מיין אינגל ווען ער וואַכט;
איך זע אים אימער שלאָפנדיק,
איך זע אים נאָר ביינאַכט."

## די אינטעליגענטן גייען צו די מאַסן

די יונגע אינטעליגענטן און האַלב־אינטעליגענטן וואָס זיינען געקומען אין די אַכציקער יאָרן האָבן גענומען די איניציאַטיוו צו וועקן און מונטערן ד שקלאַפן פון די סוועט־שעפּער צום קאַמף פאַר בעסערע אַרבעט־באַדינגונגען. די ל. מילערס, אַב. קאַהאַנס, די זאָלאַטאַראָווס, זאַמעטקינס, דר. קאַספּעס, די וויינבערגס, ווינטשעווסקיס, די באַראָנדעסעס, די פיינס און די איבעריקע האָבן גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער אַרבעטער־באַוועגונג אין יענע פריסטע

צייטן. אַנגעהויכט מיט סאָציאַליזם אָדער אַנאַרכיזם, יונג, ענערגיש און מיט ענטוזיאַזם און אַנטשלאָסנקייט צו העלפן די אַרבעטער זיך צו אָרגאַניזירן עקאָנאָמיש און פּאָליטיש, זיינען די אויבן־אויסגערעכנטע געווען די ערשטע וואָס האָבן אַריינגעקלאַפּט די סלופּעס פון דער אַרבעטער־באַוועגונג צווישן די רויע און אַפּגעשטאַנענע אַרבעטער, איבער וועמען דער רב און די שול האָבן געוועלטיקט גייסטיק.

סטרייקס זיינען אויסגעבראָכן טעגלעך. די רויע, אָפּגעשטאַנענע אַרבע־טער האָבן אויפגענומען מיט רירנדיקער באַגייסטערונג און גלויבן יעדן וואָרט און יעדע ווענדונג פון די ערשטע סאָציאַליסטן און אַנאַרכיסטן וואָס זיינען געקומען זיי צו אָרגאַניזירן. קיין סך ריידן האָט מען ניט באַדאַרפט צו די אַרבעטער. די שרעקלעכע לאַגע האָט געדעדט גענוג. איין ליפלעט (פּראָ־קלאַמאַציע), אויסגעטיילט לעבן אַ שאָפּ, האָט געבראַכט אַ פאַרזאַמלונג און די פאַרזאַמלונג האָט געבראַכט אַ סטרייק.

געווינען סטרייקס איז ניט געווען אַזוי גרינג. די אַרבעטער זיינען געווען גרין, אָפּגעפרעמדט פון דעם אַמעריקאַנישן לעבן, האָבן זיך געפונען אין די שמאָלע גרענעצן פון די געטאָס. די אַרבעטגעבער, אַלע אידן, זיינען געווען פאַרבונדן מיט דער טעמעני פּאָליטישער מאַשין און געהאַט צו זייער דינסט די אונטערוועלט־באַנדעס. פּיקעטס זיינען צעמזיקט געוואָרן פון גענגסטערס און געוואָרפן געוואָרן אין טורמע פון די ריכטער. מיט עטלעכע דאָלאַר האָט דער אַרבעטגעבער געהאַט די דינסט פון דעם פּאָליציי־צירקל. די פּאָליציי, וואָס צערעמאָניעט זיך בכלל ניט מיט סטרייקער, האָט מיט אַ באַ־זונדערער רציחה זיך געוואָרפן אויף די „אויסלענדער מיט די בערד און וואָנצעס". זיי איז דאָך אַ מצוה צו שפּאַלטן די קעפּ.

## די שוועריקייט פון לאַנגע סטרייקס

די אַרבעטער און זייערע אָנפירער האָבן אויך ניט געהאַט קיין גרויסע דערפאַרונג מיט סטרייק־פירונג. די אַרבעטער זיינען געווען אויסגעהונגערט. לאַנג שטיין אין סטרייק האָבן זיי ניט געקענט. זייער אָפּט איז אַ סטרייקער געקומען צו לויפן אין האָל (סטרייק־זאַל) מיט אַ צעטל, אַז דער לענדלאָרד (הויז־אייגנטימער) וואַרפט אים אַרויס פון דער וואוינונג. נאָך אָפטער האָט מען געבראַכט סטרייקער מיט צעשפּאָלטענע קעפּ און צעבלוטיקטע געזיכטער. די באַלעבאַטים האָבן אויך פּרובירט אָפּקויפן אַ סטרייקער און דערמיט דעמאָראַליזירן די איבעריקע.

דער שארפער סעזאָן־כאראקטער פון דער אינדוסטריע, די ענדערונגען אין די מאָדעס און פאסאָנען און די צעפּיצלטקייט צווישן טויזנטער קאָנטראקטאָרס, האָט אויך געמאכט שווערער צו פירן סטרייקס און הויפּטזאכלעך אויפצוהאלטן די געווינסן שפּעטער די באלעבאטים איז ניט שווער געווען צו בארויבן די ארבעטער פון זייערע געווינסן ביי דעם נייעם סעזאָן. די פּאָליסיקייט פון דעם ארבעטער־אומזאץ, דאָס בייטן זיך פון די ארבעטער אין די שעפּער יעדן סעזאָן, האָט אויך געשפּילט אין די הענט פון די באלעבאטים.

דער גרויסער קריזיס אין 1893 איז אויך געווען א פאקטאָר. פון אלע אינדוסטריעס האָבן די קליידער־אינדוסטריעס געליטן מעגלעך שטארקער. ביי די פאבריקאנטן זיינען געלעגן גרויסע זאפּאסן קליידער. ארבעט איז כמעט ניט געווען צו קריגן. די גאסן פון דער איסט־סייד (די אידישע געטאָ דעמאָלט) זיינען באלאגערט געווען מיט אָנגעוואָרפענע מעבל פון פאמיליעס וועלכע זיינען ארויסגעוואָרפן געוואָרן פון זייערע וואוינונגען. די יוניאָנס זיינען אָדער שטארק אָפּגעשוואכט געוואָרן אָדער אינגאנצן אונטערגעגאנגען. ווען די לאגע האָט זיך גענומען בעסערן האָבן די אידישע יוניאָנס גענומען אויפלעבן.

סטרייקס האָבן געשאפן יוניאָנס און דורכפאלן פון די סטרייקס האָבן די יוניאָנס אָפּגעווישט. די אָרגאניזאציעס זיינען שנעל אויפגעקומען און שנעל פארשוואונדן. דער קאמף וואָס האָט זיך צעפלאקערט אין דער אמעריקאנישער ארבעטער־באוועגונג צווישן דער א. פ. אָוו ל. און דער סאָשעליסט טרייד ענד לייבאָר אליענס, אָרגאניזירט פון דער ס. ל. פּ. (סאָציאליסטישע ארבעטער־פּארטיי) מיט דעניעל דע־ליאָן אין דער שפּיץ, אין 1895, האָט זיך אריבערגעטראָגן מיט פייער אויף דער אידישער ארבעטער־גאס. עס איז געווען נאטירלעך, אז די מערהייט אידישע סאָציאליסטן זאָלן זיין שארפע געגנער פון גאָמפּערסעס פארגליווערטן און רעאקציאָנערן טרייד־יוניאָניזם. אין יענע צייטן, אין די ניינציקער יאָרן, זיינען די אָנפירנדיקע אידישע סאָציאליסטן נאָך ניט דורכגעזאפּט געוואָרן מיט דעם גייסט וואָס גאָמפּערס האָט פארטראָטן אין דער ארבעטער־באוועגונג. דערצו האָט די אידישע ארבעטער־באוועגונג געהאט איר אייגענעם קאמף, די שטרייטיקייטן צווישן די סאָציאליסטן און די אנארכיסטן, וועלכע האָבן אויסגעאיבט אן איינפלוס אויף א טייל ארבעטער.

די ערשטע יוניאָנס אין די נאָדל־פאכן זיינען אָרגאניזירט געוואָרן נאָך אין די יאָרן 1882־1883. די מענער־שניידער האָבן געהאט צוויי יוניאָנס און די קלאָוק־ און סוט־מאכער איין יוניאָן. די מערהייט מיטגלידער זיינען

געוועז אידישע אימיגראנטן. די ניט־אידישע ארבעטער, דייטשן, אירלענדער און אמעריקאניש־געבוירענע פרויען האבן אויך באלאנגט צו די יוניאנס. די יוניאנס זיינען ניט באשאפן געווארן אונטער דעם איינפלוס פון די ראדיקאלן פון עם עולם. די ראדיקאלן האבן גארניט געהאט קיין פארבינדונגען מיט די דריי ארגאניזאציעס, וואס מען האט גערופן גאליציאנער יוניאנס.

## „נייטס אוו לייבאר" ארגאניזירן ערשטע יוניאנס

די ערשטע אנצוהויבן ארגאניזאציע־ארבעט צווישן די אימיגראנטן אין די נאדל־פאכן זיינען געוועזן די „נייטס אוו לייבאר" (ריטער פון ארבעט), ניט געקוקט אויף דעם, וואס די פירער פון די „נייטס" אין ניו יארק האבן זיך קוים געקענט צוזאמענרעדן מיט די אידישע נאדל־פאך ארבעטער. מען האט זיך פארשטאנען אויפן ווארנק. די יוניאנס פון די „נייטס" האבן זיך גע־האלטן זייער א קורצע צייט. אין דעם מענער־שניידער פאך האט די יוניאן געהייסן „יונייטעד בראדערהוד אוו טיילארס". די „נייטס" האבן אויך גע־פירט איינעם פון די ערשטע גרויסע סטרייקס אין דעם קלאוק־ און סוט־פאך אין 1883. א צווייטער סטרייק איז אויסגעבראכן אין 1885. די באלעבאטים זיינען געצוואונגען געווארן אונטערצושרייבן נייע פרייז־ליסטן מיט א לוין־העכערונג פאר די ארבעטער. דאס איז געוועזן דער ערשטער יוניאן־אפמאך אין דער קליידער־אינדוסטריע. נאכן סטרייק איז די יוניאן פאנאנדערגעפאלן און די געווינסן זיינען צערונען.

דער גאנצער פעריאד פון דער ערשטער אידישער מאסן־אימיגראציע איז דורכגעגאנגען אונטער א כוואליע האלב־ספאנטאנע סטרייקס פון די סוועט־שאפ ארבעטער און פון די ארבעטער אין די אינעווייניקסטע שעפער. די געווערקשאפטן האט שוין דעמאלט גענומען די איניציאטיווע אין ארגאניזירן די ארבעטער. קיין גרויסן דערפאלג האט זי ניט געהאט. די טעכנישע און פראדוציר־ענדערונגען וואס זיינען אריינגעבראכט געווארן אין דער אינ־דוסטריע, דער עלטערער עלעמענט פון די בעל־מלאכות, די געלעגנהייטן צו ווערן קאנטראקטארס און די מיטלען וואס די גרויסן פאבריקאנטן האבן אנ־גענומען צו באזיגן די ארבעטער, דאס אלץ האט געשטערט דער באפעסטיקונג פון די יוניאנס. אינערלעכע פאקטארן האבן אויך ניט געפעלט. נאך דער סאשעליסט טרייד ענד לייבאר אליינס זיינען געקומען די א. וו. וו. אין 1905 מיט א נייעם פארזוך צו שאפן א צווייטע ארבעטער־באוועגונג אין אפאזיציע צו דער א. פ. אוו ל. יעדע פראבע צו גרינדן נייע יוניאנס אין די

נאָדל־פּאַכן האָט געבראַכט צו אַ שאַרפן אינערלעכן קריג, מיט וועלכן די באַלעבאַטים האָבן זיך באַנוצט.

פּאָליטיש איז די אידישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג געווען שאַרף צע־טיילט. די אָפּאָזיציע, וואָס האָט באַקעמפט דעניעל דע־ליאָנס פּאָליטיק, האָט זיך אָפּגעריסן פון דער „אַרבעטער־צייטונג" און געשאַפן דעם „פאָרווערטס".

(די „אַרבעטער־צייטונג" איז דערשינען דעם זיבעטן מערץ, 1890. פיליפּ קראַנץ איז ספּעציעל אַרונטערגעבראַכט געוואָרן פון אייראָפּע צו זיין רעדאַק־טאָר. מאָריס הילקוויט איז געווען דער ערשטער מענעדזשער (פאַרוואַלטער). פיר מאָנאַטן שפּעטער איז דערשינען די וועכנטלעכע אַנאַרכיסטישע צייטונג, די „פרייע אַרבעטער־שטימע". אין 1896 איז פאָרגעקומען די ערשטע שפּאַל־טונג צווישן די אידישע מיטגלידער פון דער ס. ל. פּ. די אָפּגעשפּאָלטענע האָבן געגרינדעט דעם „פאָרווערטס" אַ יאָר שפּעטער, אין אַפּריל, 1897. די גרויסע מערהייט יוניאָנס פון די געווערקשאַפטן זיינען געבליבן מיט דער ס. ל. פּ. ביז דער צווייטער שפּאַלטונג, יולי 1899. נאָך פריער, פאַר דער שפּאַלטונג, האָבן די אידישע ס. ל. פּיניקעס געגרינדעט אַ טעגלעכע צייטונג, דער „אָוונד־בלאַט", וואָס האָט לאַנג זיך ניט געהאַלטן. אין פאַרלויף פונם קאַמף נאָך דער צווייטער שפּאַלטונג איז אויך געגרינדעט געוואָרן אַ צווייטע ס. ל. פּ. טעגלעכע צייטונג, די „אידישע פאָלקס־צייטונג", וואָס האָט געלעבט נאָך ווייניקער פון דעם „אָוונד־בלאַט".)

די קאַמפן אַרום דער ס. ל. פּ. און דער „אַלייענס"

אין דעם שטאַרק־באַשרענקטן פּלאַץ איז אוממעגלעך צו געבן אַפילו אַ קורצע כאַראַקטעריסטיק און אָפּשאַצונג פון דעם קאַמף וואָס האָט גע־פלאַקערט צווישן די אידישע סאָציאַליסטן. אין גרונט גענומען איז עס געווען דער זעלבער קאַמף וואָס האָט זיך געטראָגן אין דער גאַנצער סאָציאַ־ליסטישער באַוועגונג צווישן די אָנהענגער פון דעניעל דע־ליאָן און זיינע געגנער. עס איז אָבער פאַראַן איין כאַראַקטעריסטישער אונטערשייד. אין דער אַלגעמיינער באַוועגונג איז די אָפּאָזיציע צו דע־ליאָנען געקומען פון צוויי ריכטונגען: איין ריכטונג, אַ געזונטע, פּראָלעטאַרישע, וואָס האָט זיך געווערט געגן דער שמאָל־סעקטאַנטישער, דיקטאַטאָרישער טאַקטיק פון דעניעל דעליאָן, וואָס האָט איזאָלירט די סאָציאַליסטישע באַוועגונג פון די ברייטע אַרבעטער־מאַסן. אַ צווייטע ריכטונג האָט באַקעמפט דע־ליאָנען פאַר זיין פּרינציפּיעלער אויסגעהאַלטנקייט און אומבאַרמהערציקער געגנערשאַפט צו דער אָפּאָרטוניס־

טישער פאליטיק פון קלאסן־שלום וואס די א. פ. או ל. פירער האבן געטריבן. דע־ליאן איז געווען דער שארפסטער און פרינציפיעלסטער געגנער פון דעם גאמפערסיזם אין יענער צייט, כאטש ער אליין איז באגאנגען פונדאמענטאלע טעותן אין זיין אפשאצונג פון דער ארבעטער־באוועגונג און פון אירע פערספעקטיוון און פון דער לאגע אין לאנד. (מער וועגן דע־ליאן וועט דער לייענער געפינען אין דעם קאפיטל די סאציאליסטישע באוועגונג און אין דעם קאפיטל די א. וו. וו.)

אויף דער אידישער גאס איז די אפאזיציע צוו דער פירערשאפט פון דע־ליאן כמעט אויסשליסלעך באשטאנען פון דער אפארטוניסטישער ריכטונג. הילקוויט איז שוין געגאנגען אויפן וועג פון קאמפראמיסן. פון מייער לאנדאן איז דאך אפגערעדט. די טרייד־יוניאן פירער און די סאציאליסטישע זשור־נאליסטן האבן שוין געזוכט זיך איינצוארדענען און זיך ארויפצוארבעטן. די שטייפע דיסציפלין און די שטארקע צענטראליזאציע וואס האט געהערשט אין דער ס. ל. פ. איז געווען א שטערונג אין זייער וועג צו קאריערע און מאטעריעלן דערפאלג.

דער קאמף צווישן די פארשיידענע גרופעס איז געפירט געווארן מיט גרויס ביטערקייט און מיט נאך מער פארלוימדונגען און בלאטע־ווארפעריי. די „פארווערטס״־לייט, וואס האבן אזוי ביטער באדויערט די „זידלעריי״ און דעם „מארק־טאן״ וואס די קאמוניסטן האבן כלומרשט אריינגעבראכט אין דעם קאמף אין דער ארבעטער־באוועגונג, מאכן זיך ניט וויסנדיק אז זייער „בלומען־שפראך״ אין די קאמפן מיט לואיס מילער, קראנץ און די אנדערע געגנער און טאקע געגן דע־ליאן אליין, האט זיך אויסגעצייכנט מיט א רינשטאק־געשמאק. באזונדערס איז אב. קאהאן געווען א גרויסער בריה אויף זידל־ווערטער און אפילו קללות.

## מאסן־אימיגראציע ברענגט ראדיקאלע ענדערונג

די אלע אומצייליקע סטרייקס וואס זיינען פארגעקומען אין די נאדל־פאכן אין די אכציקער און אין די ניינציקער יארן און אפילו אין אנהייב פונעם ערשטן צענדליק פון דעם צוואנציקסטן יארהונדערט, האבן ניט געלייגט דעם גרונט־שטיין פאר די גרויסע יוניאנס אין דער קליידער־אינדוסטריע. זיי האבן געדינט ווי די ערשטע צוזאמענשטויסן אין די קומענדיקע גרויסע אנטשיידנדיקע שלאכטן. די איבערקערעניש איז געקומען ביים סוף פון דעם ערשטן צענדליק פון דעם פאריקן יארהונדערט, ווען א נייער ארבעטער־עלעמענט האט זיך אריינגעגאסן אין דער קליידער־אינדוסטריע.

די אימיגראציע נאָך דעם דורכפאַל פון דער ערשטער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, וואָס מיר האָבן דערמאָנט אין אָנהייב פון דעם קאַפּיטל, האָט אַריינ־געבראַכט אַ יונגן, פרישן שטראָם אין דער אידישער אַרבעטער־אַמעריקע. דער מיטל־יאָריקער, עלטערער בעל־מלאכה, וואָס גייט אין שול דאַוונען, האָט צוגעקראָגן אין שאַפּ אַ יונגן, ענערגישן אַרבעטער, פול מיט רעוואָלט־גייסט נאָך פון דער אַלטער היים. דער יונגער דור, די מענער און פרויען, האָבן אויף זייערע אַקסלען אַרויסגעטראָגן די נאָדל־פאַכן פון סוועט־שאַפּ און עלנט און זיי פאַרוואַנדלט — אין די ערשטע יאָרן נאָך די קאַמפן — אין די פאָדערשטע פּאָזיציעס פון קלאַסנקאַמף אין לאַנד.

אַ באַגריף פון דער גרויסער באַדייטונג וואָס די צווייטע מאַסן־אימי־גראַציע האָט געהאַט, קען מען זען פון די פאָלגנדיקע ציפערן:

אין די צען יאָר פון 1881 ביז 1890 האָבן אידן אויסגעמאַכט 3.7 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער איינוואַנדערונג אין לאַנד.

אין די צען יאָר פון 1891 ביז 1900 האָבן זיי אויסגעמאַכט 10.7 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער איינוואַנדערונג.

אין די יאָרן צווישן 1901 און 1910 האָבן זיי אויסגעמאַכט 11.1 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער איינוואַנדערונג.

די גרעסערע פּראָפּאָרציע פון דער אידישער איינוואַנדערונג אין די יאָרן נאָך דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע איז אויך באַגלייט געוואָרן מיט אַן ענדערונג אין איר סאָציאַלן כאַראַקטער. דער פּראָצענט אַרבעטער צווישן די איינוואַנדערער איז געשטיגן. נאָענט צו פופציק פּראָצענט פון אַלע איינ־געוואַנדערטע אידן וואָס האָבן זיך אָנגעגעבן פאַר אַרבעטער צווישן 1900 און 1910 זיינען געווען נאָדל־פאַך אַרבעטער. דער גרעסטער טייל זיינען געווען שניידער — 36,6 פּראָצענט. צען פּראָצענט זיינען געווען נייטאָרינס און די איבעריקע — פוטער־אַרבעטער, היטל־מאַכער, א. ד. ג.

אין די ניין און צוואַנציק יאָר צווישן 1881 און 1910 זיינען אַריינ־געקומען אין לאַנד 1,562,800 אידישע אימיגראַנטן. דערפון זיינען אין 1908 אַליין אַריינגעקומען 103,287 אימיגראַנטן. אַ יאָר שפּעטער איז די אימי־גראַציע עטוואָס געפאַלן צוליב דעם קריזיס אין לאַנד אין 1907, ווען פון די פאַראייניקטע שטאַטן האָט מען ניט געשיקט קיין שיף־קאַרטן צו די פאַמיליעס און באַקאַנטע. אין 1910 הייבט זיך די אימיגראַציע ווידער, ביז דעם אויס־ברוך פון דער וועלט־מלחמה אין 1914, וואָס האָט אָפּגעשטעלט פולשטענדיק דאָס אַריינקומען פון אימיגראַנטן ביז נאָכן וואַפנשטילשטאַנד.

די אידישע אימיגראַציע פון 1908 ביז 1919

| יאָר | | אַריינגעקומען | אָפּגעפאָרן | נעטא צואוואוקס |
|---|---|---|---|---|
| 1908 | — | 103,387 | 7,702 | 95,685 |
| 1909 | — | 57,551 | 6,105 | 51,446 |
| 1910 | — | 84,260 | 5,689 | 78,571 |
| 1911 | — | 91,223 | 6,401 | 84,822 |
| 1912 | — | 80,595 | 7,418 | 73,177 |
| 1913 | — | 101,330 | 6,697 | 94,633 |
| 1914 | — | 138,051 | 6,826 | 131,225 |
| 1915 | — | 26,497 | 1,52 | 24,973 |
| 1916 | — | 15,108 | 199 | 14,909 |
| 1917 | — | 17,342 | 329 | 17,013 |
| 1918 | — | 3,627 | 687 | 2,940 |
| 1919 | — | 3,055 | 373 | 2,682 |

דער איינגעוואָרצלטער באַגריף וואָס האָט געהערשט צווישן די אַמעריקאַנישע אַרבעטער, אַז אויסלענדער בכלל און רוסישע אידן און איטאַליענער בפרט זיינען געבוירענע סוועט־שאַפּ מענטשן, אַרבעטער וואָס זיינען אומפֿיאיק אַרויפצוהויבן זיך אויף אַ העכערער שטופע און זיינען דעריבער אַ שטערונג פאַר אַלע אָרגאַניזירטע אַרבעטער, איז פאַרשוואונדן נאָך די ברויזנדיקע יאָרן, 1910-1913. די אימיגראַנטן פונם צאַרישן לאַנד האָבן מיט זייער גוואַלדיקער איינגעשפּאַרטקייט און מיליטאַנטישקייט געעפנט פאַר די לאַנג־אָרגאַניזירטע אַמעריקאַנישע אַרבעטער נייע און העכערע פאָרמען פון קאַמף און גרעסערע געווינסן. עס איז ניט די שולד פון די אַרבעטער, וואָס העררלעבע קאַמפן זיינען שפּעטער פאַרשאַכערט געוואָרן און גרויסע געווינסן זיינען צערונען געוואָרן. וועגן די שולדיקע וועט אונז נאָך אויסקומען צו שרייבן. דאָ ווילן מיר נאָר זאָגן, אַז די נאָדל־פאַכן זיינען אין עטלעכע קורצע יאָרן דערהויבן געוואָרן פון סוועט־שאַפּ צושטאַנד צו די בעסער־באַצאָלטע אין דער אַמעריקאַנישער אינדוסטריע. די נאָדל־פאַכן זיינען געווען די ערשטע אויסצוקעמפן די פערציק אַרבעט־שטונדן אַ וואָך (די דרעסמאַכער אין דעם גענעראַל־סטרייק פון 1923 און די פאָריערס אין דעם גענעראַל־סטרייק פון 1926).

פיר-און-דרייסיקסטער קאַפּיטל

# די גרויסע איבערקערעניש אין די נאָדל-פאַכן

די מאַסן-סטרייקס פון די קלאָוקמאַכער, דרעסמאַכער, פאַריערס און מענער-שניידער פאַרטיליקן די סוועט-שאַפּ סיסטעם.—פירער האָבן ניט קיין צוטרוי צו די מאַסן. — ערשטע אָפּמאַכן צוריקגעוויזן פון די סטרייקער. — סאָציאַליסטישע פירער לויפן צו אידישע מיליאָנערן און זייערע אַדוואָקאַטן צו זוכן הילף. — דער „פּראָטאָ-קאָל" ביי די קלאָוקמאַכער, די ערשטע פאָרמע פון צוואַנג-אַרביטראַציע. — „פּראָטאָקאָל" אַרבעט ניט. — „אומגעזעצלעכע" שאַפּ-סטרייקס מערן זיך. — דער קאַמף אַרום דר. י. א. הורוויטש און דער רעוואָלט פון לאָקאַל איינס. — אַרבעטער פאַרשפּילן, ניט האָבנדיק קיין קלאָרע פּראָגראַם און אָרגאַניזאַציע.—דער גענעראַל-סטרייק פון די פאַריערס אין 1912. — מאָריס קויפמאַן. — ווי אַזוי די ריקערטס און לאַרדזשערס זיינען געוואָרן פירער פון די מענער-שניידער. — דער גרויסער שניידער-סטרייק אין 1913. — דער פאַרראַט פון ריקערט און די דעמאָנסטראַציע געגן „פאָרווערטס". — די ראָל פון מייער לאָנדאָן. — די גרינדונג פון דער אַמאַלגאַ-מייטעד. — סידני הילמאַן שיט די אַרבעטער זאַמד אין די אויגן.

די קאַמפן וואָס האָבן פאַראורזאַכט די גרויסע איבערקערעניש אין דער קליידער־אינדוסטריע זיינען געווען:

1) דער גענעראַל-סטרייק פון די דרעסמאַכער, זומער 1909, פון אַכצן טויזנט מיידלעך.

2) דער גענעראַל-סטרייק פון די קלאָוק- און סוט-מאַכער און רייפקאָוט-מאַכער, זומער 1901, אין וועלכע נאָענט צו זעכציק טויזנט אַרבעטער האָבן זיך באַטייליקט.

3) דער גענעראַל-סטרייק פון די פאַריער, זומער 1912, פון צוועלף טויזנט אַרבעטער.

4) דער גענעראַל-סטרייק פון די מענער-שניידער, ווינטער 1913, אין וועלכן העכער זעכציק טויזנט אַרבעטער האָבן זיך באַטייליקט.

אָט־די פיר גרויסע אַרויסטרעטונגען האָבן ראַדיקאַל געענדערט די באַ־ציאונגען אין די שעפּער. די סטרייקס האָבן אויף דעם סאַמע אַנטשיידנסטן

אופן דעמאנסטרירט די הויכע אייגנשאפטן און דעם גרויסן אויסדויער פון דעם אידישן און איטאליענישן ארבעטער אין פארצווייגנטע קאמפן. די סטרייקס זיינען ארויסגעשפרונגען פון די סאמע טיפענישן פון די מאסן און האבן ארויסגערופן זייער גרויסע שעפערישקייט. די זיגרייכע סטרייקס האבן אויפגעשטעלט פעסטע, מיליטאנטישע יוניאנס, דורכגעדרונגען מיט א סאציאליסטישן גייסט. די געווינסן זיינען געווען א גרויסער בייטראג צו דער ארבעטער־באוועגונג. די שטימונג און אנטשלאסנקייט פון די ארבעטער, זייערע מוטיקע אקציעס קעגן די אינדזשאנקשאנס איז געווען א פרישער שטראם אין דער ארבעטער־באוועגונג. נאר איין דערשיינונג, א וויכטיקע דערצו, וואס האט באגלייט די אפמאכן מיט די באלעבאטים, איז געווארן א שלעכטע פרוכט סיי פאר די נאדל־פאך ארבעטער און סיי פאר אלע אר־בעטער אין לאנד. מיר האבן אין זינען די צוואנג־ארביטריישאן (ארבי־טראציע) אונטער פארשיידענע נעמען און פארמען, מיט וועלכע די „סאציא־ליסטישע" פירער אין די נאדל־פאכן האבן באגליקט די אמעריקאנישע אר־בעטער־באוועגונג.

דער ערשטער סטרייק אין דער פרויען־קליידער אינדוסטריע איז געווען דער קאמף פון די ריפער־מאכער, לאקאל 17, אין 1907. די ארבעטער האבן געקעמפט פאר צוויי פונדאמענטאלע פאדערונגען: די באלעבאטים זאלן דארפן צושטעלן די ניי־מאשינען אנשטאט די ארבעטער זאלן עס דארפן באזארגן, און די אפשאפונג פון דער „אינעווייניקסטער קאנטראקטינג"־סיסטעם, וואס האט געבראכט א שיכט פון קאנטראקטארס אין יעדן גרעסערן שאפ און דעמאראליזאציע פון די ארבעטער.

נאך א לענגערן קאמף האבן די ריפער־ארבעטער געוואונען. די באלע־באטים האבן אונטערגעשריבן אן אפמאך. דער זיג האט געגעבן דער אינטער־נעשאנאל לידיס גארמענט ווארקערס יוניאן (געגרינדעט אין 1900), אן אנהאלט אין דער אינדוסטריע. ביז 1907 איז די אינטערנעשאנאל געווען קליין אין צאל מיטגלידער און נאך קלענער אין איינפלוס.

א יאר פריער איז פארגעקומען דער גענעראל־סטרייק פון די דרעסמאכער, אין וועלכן 18,000 מיידלעך האבן אנטייל גענומען. דער דרעס־מאכער סטרייק האט פארוואנדלט די אינטערנעשאנאל אין א מאסן־ארגאני־זאציע מיט 25,000 מיטגלידער, נאר צווישן די קלאוקמאכער איז די אינטער־נעשאנאל געווען שוואך.

אין דעם קלאוק־פאך האבן נאך געהערשט די אלטע שרעקלעכע באַ־דינגונגען אזוי שפעט ווי אין 1910. ארבעטער האבן געמוזט ברענגען זייערע

אייגענע ניי־מאשינען און זייער אָפּט דעם בענקל צו זיצן ביי דער מאשין. פון דער ארבעט אין שאַפּ האָבן די מערסטע בעל־מלאכות ניט געקענט לעבן. אין סעזאָן זיינען די פאַרדינסטן געווען פון 12 דאָלאַר פאַר פינישערס ביז 14 דאָלאַר פאַר די בעסטע אָפּערייטאָרס און קאַטערס. דאָס זיינען געווען די העכסטע פאַרדינסטן אין די בעסטע שעפּער. א סך זיינען געצוואונגען געווען צו זוכן צוגאָב־באַשעפטיקונגען, ווי הויז־אויפּפּאַסער (דזשעניטאָרס), ארומגיין פּעדלען צווישן די סעזאָנען און דאָס גלייכן. אינעווייניקסטע קאָנטראַקטינג האָט געהערשט ביי די פינישערס (די וואָס פאַרענדיקן ארויס די ארבעט) און ביי די פּרעסערס. ביי די סקוירט־מאַכער איז די ארבעט געווען אזוי צעטיילט, אז קיין ארבעטער האָט זיך ניט געקענט אויסלערנען אויפּ־צונייען א גאַנצע קלייד. די באַלעבאַטים האָבן געקענט האַלטן אומ־דערפאַרענע ארבעטער פאַר א קלענלעכן לוין.

דער רוקנביין פון דער קאַמפּאַניע צו אָרגאַניזירן די קלאָוקמאַכער זיינען געווען די אינגערע ארבעטער, אריבערגעקומענע זינט 1906. דער אינגערער עלעמענט האָט ניט געקענט און ניט געוואָלט אריבערטראָגן די סוועט־שאַפּ באַדינגונגען אין דעם פאַך.

## דער גרויסער קלאָוקמאַכער־סטרייק

דער סטרייק איז ארויסגערופן געוואָרן דעם 7טן יולי, 1910, 2 אזייגער בייטאָג. אויסער קלאָוקמאַכער זיינען אין פאַרלויף פון דער צווייטער וואָך צוגעשטאַנען צום סטרייק די רעגנמאַנטל־ארבעטער און אייניקע טויזנט אר־בעטער אין די גרויסע ריטייל־געשעפטן. נאָענט צו 60,000 פרויען־קליידער ארבעטער זיינען ארונטער. די פּראָדוקציע פון קלאָוקס און סוטס איז געווען פולשטענדיק פּאַראַליזירט.

די קלאָוקמאַכער האָבן ארויסגעוויזן אין דעם סטרייק א סך אויסדויער. אין דער אינדוסטריע זיינען געווען עטלעכע טויזנט ארבעטער „יתומים", וואָס זיינען ניט צוגעפּעסטיקט צו קיין שום שאַפּ. אין דער אינדוסטריע האָבן אויך געאַרבעט עטלעכע טויזנט איטאַליענישע ארבעטער, ניט לאַנג אריבערגעקומענע פון איטאַליע. די איטאַליענישע ארבעטער האָבן געוואָרפן די ארבעט צוגלייך מיט די אידישע סטרייקער. די סאָלידאַריטעט צווישן די ארבעטער פוןביידע נאַציאָנאַליטעטן און זייער מיליטאַנטישקייט איז געווען אומגעהויער גרויס.

דער סטרייק איז געווען די פּאַסירונג פון טאָג אויף דער אידישער גאַס.

געלט־מיטלען זיינען געזאַמלט געוואָרן צו שטיצן די הונגעריקע סטרייקער. די פּיקעט־ליינס זיינען געווען מעכטיקע דעמאָנסטראַציעס פון דער אַנט־שלאָסנקייט פון די ארבעטער צו מאַכן אַ סוף צו דער סוועט־שאָפּ סיסטעם. די געביידעס זיינען געהיט געוואָרן ביי טאָג און ביינאַכט ניט צו דערלאָזן אַז די באַלעבאַטים זאָלן אריינברענגען סטרייקברעכער. יעדע דריי שטונדן פלעגן זיך בייטן די פּיקעטס.

די אויפגאַבע וואָס איז געשטאַנען פאַר די ארבעטער איז ניט געווען קיין גרינגע. די באַלעבאַטים זיינען ניט געווען געוואוינט צו באַהאַנדלען די ארבעטער ווי מענטשן און צו פאַרהאַנדלען מיט זיי ווי מיט אַן אָרגאַניזירטן כח. זיינען זיי געלאָפן אין געריכט און געקראָגן אינדזשאַנקשאַנס. זיי האָבן אויך אָנגעשטעלט גענגסטער. די צוויי מיטלען האָבן ניט געהאָלפן. די קלאָוקמאַכער האָבן געבראָכן די אינדזשאַנקשאַנס מיט מאַסן־פּיקעטינג און די גענגסטער האָבן געקראָגן אַן ענערגישן ווידערשטאַנד. אַלע אויסזיכטן זיינען געווען פאַר אַ פולשטענדיקן זיג.

דער „אידישער פאַקטאָר" אין דעם סטרייק

אין דער שפּיץ פון דער אינטערנעשאָנאַל זיינען געשטאַנען צוויי מענטשן פון דעם דורכשניטלעכן א. פ. אָוו ל. באַאמטן־טיפּ: ראָזענבערג, פּרעזידענט און דייטש, סעקרעטאַר־קאַסירער. זייערע ראַטגעבער און די אמתע מאַכט־האָבער זיינען געווען די „פאָרווערטס"־מענטשן, מיט מייער לאָנדאָן און מאָריס הילקוויט, אין דער שפּיץ. אָט־די סאָציאַליסטישע טוער האָבן ניט געהאַט קיין גלויבן און קיין צוטרוי אין די מאַסן. דער פאַרנעם פון סטרייק און די שוועריקייטן האָט זיי געמאַכט אומרואיק און זאָרגפול. זיי האָבן געזוכט וואָס שנעלער צו ענדיקן דעם סטרייק און אויפבויען אַ פּערמאַנענטע יוניאָן, וואָס זאָל ניט דאַרפן אויסשטיין קיין „טראָבל" יעדן סעזאָן פון אַ קאַפּריזנער אינדוסטריע, ווי קלאָוק און סוט. זיי האָבן זיך דעריבער אָנ־געכאַפּט מיטביידע הענט ווען די פּראָפעסיאָנעלע סאָשעל וואָירקערס האָבן זיי פאָרגעשלאָגן פאַרמיטלונג. אַזעלכע פאָרשלאָגן זיינען געקומען באַלד אין אָנהייב פון סטרייק. דאָ דערנענטערן מיר זיך צום שליסל פון דעם „אידישן" מאָמענט אין די ארבעטער־קאַמפן אין די נאָדל־פאַכן, צום אידישן הינטער־גרונט פון קאַמף. דער פאַקט וואָס כמעט אַלע ארבעטגעבער זיינען געווען אידן און די מערסטע סטרייקער און די אָנפירער אידן, האָט געשאַפן גרויס אויפרודערונג צווישן דער אידישער באַפעלקערונג און אויסערהאַלב פון איר.

די רייכע יאהודים, די דייטשע אידן, ווי מען רופט זיי, די פרינצן פון וואָל־סטריט און זייערע אדוואָקאטן, האָבן זיך דערפילט שטארק אומבאקוועם.

די אידישע געזעלשאפטלעכקייט אין די פאראייניקטע שטאטן איז דעמאָלט דאָמינירט געוואָרן פון די יאהודים, פון די דזשייקאָב שיפס, מאר־שאַלס, און זייער גלייכן. עקאָנאָמיש זיינען די וואָל־סטריט אידן ניט געווען פארבונדן מיט די אידישע מאסן. די יאהודים זיינען געווען באנקירן, פינאנסיסטן, גרויסע לאנד־אייגנטימער, וואָס האָבן קאָנטראָלירט די ריזיקע אונטערנעמונגען צו וועלכע אידישע אַרבעט האָט ניט קיין צוטרעט. די באנק־הויז פון קון, לאָעב און קאָמפּאניע, פון וואנען שיף האָט געקיניגט, האָט קאָנטראָלירט די פענסילווייניע באן־ליניע, די וועסטערן יוניאָן טעלע־גראף־קאָמפּאניע און נאָך אזעלכע קאפּיטאליסטישע גיגאנטן. אן אָנגעזעענער מיטגליד פון דער יאהודימשער „אמעריקאן דזשואיש קאָמיטע", בערוואלד פון פילאדעלפיע, איז איינער פון די גרעסטע קוילן־גרובן מאגנאטן אין לאנד.

פּאָליטיש און געזעלשאפטלעך זיינען די יאהודים געווען די באלעבאטים פון דער אידישער באפעלקערונג. זיי זיינען געווען א קליינע, רייכע, ענג־געקניפּטע גרופּע, איינגעוואָרצלט אין לאנד, וואָס האָט זיך באטראכט פון גאָט געזאלבט, אכטונג צו געבן אויף די אָרעמע איינוואנדערער פון די מזרח־לענדער און פירן זיי אין די וועגן פון געזעץ, רעספּעקטאביליטעט און גאָטספאָרכטיקייט.

צוליב דעם וואָס זיי זיינען געקומען פריער, צוליב זייערע גרויסע מיטלען און זייער אויסערגעוויינלעכער אָרגאניזירטקייט, זיינען די יאהודים געווען די ערשטע אויפצושטעלן שפּיטאָלן, קינדער־היימען, היימען פאר אלטע. די מערסטע צדקה־אנשטאלטן זיינען זייערע. דערביי האָבן די יאהודים אריבער־געפירט די מעטאָדן פון דער „וויסנשאפטלעכער פילאנטראָפּיע" אין זייערע אינסטיטוציעס. „וויסנשאפטלעכע פילאנטראָפּיע" איז א סיסטעם וואָס דער־נידעריקט דעם אָרעמען מענטשן און מאכט אים אָפּהענגיק אויף לאנגע יאָרן פון דעם ווילן פון דעם צדקה־געבער און פון דעם צדקה־פארטיילער, וואָס איז געקרוינט געוואָרן מיט דעם הויכן טיטול: סאָשעל וואָירקער.

אין וואשינגטאָן האָבן די יאהודים און זייער אמעריקאן דזשואיש קאָ־מיטע פיגורירט ווי די פאָרשטייער פון אידישן פאָלק. זיינען ערגעץ אויס־געבראָכן אידן־פארפאָלגונגען, האָבן דזשייקאָב שיף און לואיס מארשאל אָנגעטאָן די ווייסע וועסטן מיט די פראקן און זיך געלאָזט אָנקלאפּן אין די הויכע פענצטער אין וואשינגטאָן. פון זייער שתדלנות האָט זיך קיינמאָל גאָר־ניט אויסגעלאָזט. די אינטערנאציאָנאלע פּאָליטיק פון דער אמעריקאנישער

רעגירונג ווערט דיקטירט פון די עקאנאמישע אינטערעסן פון הערשנדיקן קלאס און ניט פון רחמנות אדער פראטעסט־געפילן געגן פאגראמען און ראסן־פאראורטיילן. נאר איין מאל, ווען זייער פראטעסט איז געווען אין דער ליניע פון די עקאנאמישע אינטערעסן פון דעם קאפיטאליסטישן קלאס, האבן די יאהודים אויסגעפירט. פרעזידענט טעפט האט ניט באניט דעם האנדל־אפמאך מיט דער צארישער רעגירונג צוליב דעם, וואס זי האט זיך אנטזאגט צו אנערקענען אז א איד מיט אן אמעריקאנישן פאספארט פארמאגט די זעלבע רעכט ווי א ניט־איד מיט אן אמעריקאנישן פאספארט. אגב, האבן די יאהודים אין יענעם פאל ארויסגעוויזן מער שטייפקייט, ווייל עס האט זיך געהאנדלט וועגן זייערע אינטערעסן פון האנדל און ניט וועגן מיטגעפיל מיט די רעליגיע־ברידער אין דעם צארישן רוסלאנד.

די וואל־סטריט יאהודים, פארשטייער פון אידנטום

ערב וואלן זיינען וויכטיקע פאליטישע קאנדידאטן געגאנגען צו די שיפס און מארשאלס צו באקומען פון זיי א „הכשר" אז אידן מעגן און דארפן פאר זיי שטימען. דער איינדרוק איז באשאפן געווארן אין דער ניט־אידישער פאליטישער וועלט, אז עס איז פאראן אזוינס ווי א ספעציעלער אידישער „וואוט" (א וואל־שטימע), וואס ווארט אויף א גוטןווארט פון די פארשטייער פון „איזראעל" (ישראל). די פארשטייער זיינען, פארשטייט זיך, די באנקירן, די גרויסע קאפיטאליסטן און זייערע אדוואקאטן.

די מיליאנערישע יאהודים זיינען שטענדיק געווען באזארגט וואס אין די פאראייניקטע שטאטן וואקסן אידישע געטאס. די פאליטישע אומרואיקייט און דער רעבעל־גייסט וואס האט זיך געטראגן פון די גרויסע געטאס, האט זיי פארשאפט א סך אומאנגענעמלעכקייט. שיף האט אין 1908—1910 אויס־געגעבן א היפשע סומע געלט דורך דער „יטא" (אידישע טעריטאריאליסטישע ארגאניזאציע) אפצוציען דעם שטראם אידישע איינוואנדערער פון די געדיכט־באזעצטע שטאטן ביי דעם אטלאנטישן אקעאן צו דער ווייטער און שוואך־באזעצטער טעקסאס. די טויזנטער אימיגראנטן וואס זיינען געהאלפן געווארן צו לאנדען אין גאלוועסטאן, האבן זיך אלץ איינס דערקליבן אין ניו יארק, פילאדעלפיע, שיקאגא און אנדערע גרויסע שטעט. אין טעקסאס האבן זיי ניט געהאט וואס צו טאן.

די יאהודים האבן אויך אויסגעגעבן שווערע געלטער צו באזעצן אידן אויפן לאנד. דער אידישער באנקיר האט אלעמאל געהאט א גוואלדיקע שוואכ־

קייט צו זען דעם „אָרעמען אידן" אויף לאַנד אַנשטאַט אין אַ פאַבריק. די קאָלאָניזאַציע האָט געהאַט צוויי צוועקן: ערשטנס, אויסצושפּרייטן די אידן און זיי צונעמען פון די געטאָס, און צווייטנס, צו קענען באַווייזן דער ניט־אידישער וועלט אַז אויך אידן זיינען „דווירט־פאַרמערס" (פאַרמערס וואָס טוען גראָבע ערד־אַרבעט).

יאַהודים ווילן צאַמען אויפוואַכנדיקע אידישע מאַסן

דער אויסברוך פון דעם קלאָוקמאַכער־רעוואָלט מיט דער גרויסער אויפמערקזאַמקייט וואָס ער האָט געצויגן אין דער קאַפּיטאַליסטישער פּרעסע, די מאַסן־פּיקעטס, די אַרעסטן, געשלעגן, צוזאַמענשטויסן און די אינדזשאַנקשאַנס האָבן אַנטפּלעקט פאַר די וואָל־סטריט אידן, אַז אין דער געטאָ האָט זיך געעפנט אַ וואוּלקאַן וואָס שפּייט מיט פייער. פאַר די יאַהודים האָט עס פאַרמאָגט אַ צווייענדיקע געפאַר: דער פאַרלוסט פון זייער זעלבסטהערשאַפט איבער די אידישע מאַסן; אַ רעבעלירנדיקע אַרבעטער־מאַסע לייגט דעם גרונט־שטיין פאַר אַן אייגענער עקאָנאָמישער באַוועגונג, וואָס וועט זיך פאַרענדיקן מיט אַן אייגענער פּאָליטישער באַוועגונג. צווייטנס, וואָס וועלן די „גוים" זאָגן? די ניט־אידישע קאַפּיטאַליסטישע וועלט וועט זיי האַלטן פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די אידישע טראָבל־מאַכער, אַגיטאַטאָרן, סאָציאַליסטן, א. אז. וו.

דערמיט דערקלערט זיך, וואָס נאָך אויף דער פערטער וואָך פון סטרייק, ווען עס איז קלאָר געוואָרן זיין גרויסער פאַרנעם און די באַגייסטערטע אַנטשלאָסנקייט פון די צענדליקער טויזנטער אַרבעטער, האָבן די יאַהודים שוין געשטעלט אַ פּוס אין דער סטרייק־סיטואַציע מיט דער צושטימונג פון די אידישע סאָציאַליסטישע פירער. דר. מאָסקאָוויץ, אַ סאָשעל וואָירקער נאָענט צו די יאַהודים, איז מיט דעם וויסן פון די סטרייק־פירער אַוועקגעפאָרן אין באָסטאָן צו פאַראינטערעסירן דעם באַוואוסטן לאָיער לואיס ד. בראַנדייס, שפּעטער אַ מיטגליד פון דעם פעדעראַלן העכסטן געריכט, ער זאָל זיך אַריינמישן און שליכטן דעם גענעראַל־סטרייק. בראַנדייס איז געקומען, זיך אַריינגעמישט און באַגליקט די קלאָוקמאַכער מיט דעם באַוואוסטן „פּראָטאָקאָל", דער ערשטער אַרביטריישאָן־אַפּאַראַט אין דער געשיכטע פון דער אַמעריקאַנישער אַרבעטער־באַוועגונג.

לואיס ד. בראַנדייס האָט געהאַט אַ נאָמען פאַר אַ מענטש מיט דערפינדערישע איינפאַלן און אַ ליבעראַל. מיט אים צוזאַמען האָט געאַרבעט צו

שליכטן דעם סטרייק דער פירער פון די יאהודים, לואיס מארשאל, א קאנ־סערוואטיווער אדוואקאט, א רעפובליקאנער.ביידע דערפארענע מענטשן, האבן זיי צוגעטראכט א פלאן וואס האט אנגעטאן א שטאלן העמדל אויף די ארבעטער.

לואיס ד. בראנדייס און זיין „פראטאקאל"

זינט דעם „פראטאקאל" האט זיך ארביטריישאן פארשפרייט אונטער א ריי שלייערס: באארד אוו קאנסיליאיישאן, באארד אוו רעפעריס, באארד אוו ארביטריישאן, גאווערנארס קאמיסיעס און נאך. ווען איין נאמען איז דיס־קרעדיטירט געווארן צווישן די ארבעטער האט מען די זעלבע ארביטריישאן־מאכערייקע אנגעטאן אן אנדער נאמען. דער אינהאלט איז געבליבן דער זעלבער. דעם העכסטן פונקט פון איר אנטוויקלונג האט ארביטריישאן דער־גרייכט אונטער רוזוועלטס לייבאר באארדס, וואס האבן שוין געקראגן דעם צוואנג־כאראקטער פון שטאט הינטער זיך. צוליב דער וויכטיקייט און גרויסער ראל וואס ארביטריישאן האט געשפילט, ווילן מיר איר שענקען א גרינטלעכערע כאטש קורצע אפשאצונג.

די קלאוקמאכער האבן געוואונען אין יענעם גענעראל־סטרייק אן אנט־שיידנעם זיג, וואס וואלט געווען אינגאנצן פול ווען ניט דער פראטאקאל. עס איז זייער כאראקטעריסטיש, אז די ערשטע פארמולע וואס בראנדייס האט אויסגעארבעט און צו וועלכן די יוניאן־פירער האבן פאקטיש צוגעשטימט, איז מיט גרויס אנטריסטונג צוריקגעשליידערט געווארן פון די סטרייקער ווען מען האט דעם סעטלמענט געבראכט אין די האלס. די סטרייקער האבן ספאנ־טאן דורכגעפירט א מארש צום „פארווערטס" צו פראטעסטירן געגן דעם אפמאך. דאס איז געווען דעם זיבעטן אויגוסט. אנהייב סעפטעמבער האבן בראנדייס און מארשאל געבראכט א צווייטע אויסגאבע פון אן אפמאך מיט גינסטיקערע באדינגונגען פאר די ארבעטער. דער ערשטער סעטלמענט האט געהאט 52 שטונדן א וואך, אין דעם צווייטן איז שוין געווען 50 שטונדן (די יוניאן האט געפאדערט 48 שטונדן). אין ערשטן סעטלמענט האט בראנדייס אונטערגעטראגן די ארבעטער א נעבלהאפטע, לויזע פארמולע פון א „פרע־פערענשעל שאפ", וואס האט ניט נאר ניט געגעבן קיין יוניאן־אנערקענונג, נאר אפילו ניט איינגעפירט יוניאן־באדינגונגען אין די שעפער. ערשט נאך דער פראטעסט־דעמאנסטראציע איז דער „פרעפערענשעל שאפ" אמענדירט געווארן. די יוניאן־באדינגונגען זיינען איינגעפירט געווארן, נאר ניט יוניאן־

אָנערקענונג. די באַלעבאַטים האָבן זיך פאַרפּליכטעט, אַז ביים אָנשטעלן אַר־בעטער, וועלן זיי געבן דעם יוניאָן־מיטגליד אַ פאָרצוג איבער דעם ניט־יוניאָן מיטגליד. די יוניאָן און די אָרגאַניזאַציע פון די באַלעבאַטים קלייבן אויס קלוירקס, וואָס דאַרפן אויסגלייכן אַלע שטרייטיקייטן אין די שעפּער. אויב זיי קענען ניט אײנגיין, גייען די שטרייטיקייטן אַריבער צו אַן אומפּאַר־טייאיש געריכט מיט לואיס ד. בראַנדייס אַלס פאָרזיצער. די איבעריקע געווינסן זיינען געווען די אָפּשאַפונג פון קאָנטראַקטינג און אַ גרויסע לוין־העכערונג, וואָס האָט דערגרייכט פאַר געוויסע פאַכן אַזוי הויך ווי פופציק פּראָצענט, די איינפירונג פון באַצאָלטע יום־טובים א. ד. ג.

דער פּראָטאָקאָל האָט אויפגעשטעלט נאָך קערפּערשאַפטן: אַ באָארד אָוו גריוועוּנסעס (אויפצונעמען קלאַגעס), אַ געמישטע קאָמיסיע אַכטונג צו געבן אויף די סאַניטאַרישע באַדינגונגען אין שאַפּ. גלייכצייטיק האָט דער פּראָ־טאָקאָל איבערגעלאָזט געגנוג לעבער, ווי יעדער קאָלעקטיווער אָפּמאַך וואָס לאָיערס פאַרפאַסן. גאַנצע פּאַראַגראַפן האָבן זיך געלאָזט דרייען ווי גומי. די באַלעבאַטים האָבן טאַקע ניט פאַרפעלט אויסצונוצן אָט די לעבער פאַר זייערע צוועקן.

וואָס זיינען געלעגן די גרונט־געפאַרן פון דעם פּראָטאָקאָל אָדער פון יעדער סאָרט אַרביטריישאָן? פאַרוואָס איז דער פּראָטאָקאָל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ וואָפן געגן די אַרבעטער?

## די טעאָריע און פּראַקטיק פון אַרביטריישאָן

1) דער פּרינציפּ פון אַרביטריישאָן. אַרביטריישאָן גייט אַרויס פון דעם שטאַנדפּונקט, אַז עס זיינען פאַראַן דריי צדדים אין יעדן אַרבעטער־קאַמף: די אַרבעטער, די אַרבעטגעבער און דאָס פּובליקום. ניט צוויי קלאַסן, נאָר דריי קלאַסן. אָט דער מיסטישער ניט־עקזיסטירנדיקער „פּובליקום" איז פאַר־טראָטן אין די אַרביטריישאָן־קאָמיטעס דורך פאָרשטייער פון די קאַפּיטאַ־ליסטן. די אַלע בראַנדייסעס, מאַרשאַלס, אייבעלסאָנס, אינגערסאָלס, ריפּלים און זייער גלייכן, זיינען מענטשן פאַרבונדן מיט דעם קאַפּיטאַליסטישן קלאַס, אָנגעזאַפּט מיט זיין אידעאָלאָגיע. זייערע מיינונגען זיינען די מיינונגען פון זייער קלאַס. זייער צוגאַנג צו אַרבעטער־פראַגן איז דער צוגאַנג פון זייער קלאַס. דער פּרינציפּ איז דעריבער געפּערלעך. אונטער דער כלומרשט־אומ־שולדיקער און דורכאויס פאַלשער טעאָריע פון דעם דריטן צד טראָגט מען אונטער די אַרבעטער דירעקטע פאָרשטייער פון קאַפּיטאַליסטישן קלאַס,

וועלכע קריגן די פולמאַכט צו אַנטשיידן די וויכטיקסטע לעבנס-פראַגן פאַר זיי. די אַרבעטער דאַרפן קלאָר ווערן, אַז עס זיינען פאַראַן נאָר צוויי קלאַסן, נאָר צוויי צדדים אין זייער יעדן קאַמף. דער שיקזאַל פון זייערע פאָדערונגען ליגט דורכאויס אין זייערע אייגענע הענט און ניט אין די הענט פון פאַרשטעלטע אַגענטן פון די קאַפּיטאַליסטן.

2) דער צוועק פון אַרביטריישאָן. אַרביטריישאָן איז אַ מיטל פון די קאַפּיטאַליסטן געגן די אַרבעטער. אַרביטריישאָן איז אַ וואָפן פון די קאַפּי־טאַליסטן און ניט פון די אַרבעטער. איידער אַרבעטער דערקלערן זייער גרייט־קייט צו פּאַראַליזירן די פּראָדוקציע אין זייער אינדוסטריע אָדער איידער זיי פּאַראַליזירן זי טאַקע ניט, הערט מען ניט פון אַרביטריישאָן. די אַלע „בע־סערע עלעמענטן”, וואָס קומען צולויפן אין סטרייק און שלאָגן פאָר זייער פאַרמיטלונג, זיינען ניטאָ ווען די אַרבעטער מאַטערן זיך אין שרעקלעכע אַר־בעט-באַדינגונגען. ערשט ווען די אַרבעטער באַשליסן צו מאַכן אַ סוף צו די שרעקלעכע באַדינגונגען, באַווייזן זיך די פאַרמיטלער. אין אַנדערע ווער־טער, דער צוועק פון די פאַרמיטלער איז ניט צו העלפן די אַרבעטער צו פאַר־בעסערן זייער לאַגע, נאָר אָפּצוהאַלטן די אַרבעטער פון סטרייקן.

3) די רעזולטאַטן פון אַרביטריישאָן. די ערשטע אויפגאַבע פון די פאַר־מיטלער איז גלייך אָפּצושטעלן דעם סטרייק, אויב זייער אַריינמישונג איז צו שפּעט אויסצומיידן דעם סטרייק. צוליב דעם צוועק שטרעבן די פאַרמיטלער צו פאַרטושן, פאַרווישן און פאַרלייקענען די געגנזאַצן צווישן די אַרבעטער און די אַרבעטגעבער און צו פאַרלאַטען די פונדאַמענטאַלע קריוודעס פון די אַר־בעטער. די פאַרמיטלער טאָרן זיך ניט צורירן צו די פונדאַמענטאַלע אישוס (פּראָבלעמען), וואָס זיינען אַרויסגערוקט געוואָרן פון סטרייק, ווייל דאָס וועט אומפאַרמיידלעך פאַרלענגערן דעם סטרייק. דאָס פירט דערצו, אַז אין בעסטן פאַל קענען די אַרבעטער קריגן פון אַרביטריישאָן נאָר אַ טייל דערפון, וואָס זיי וואָלטן געקראָגן אָן דער אַריינמישונג פון די „פאָרשטייער פון פּובליקום”, וועלכע זיינען אויסן צו טרייבן זיי צוריק אין די שעפּער.

אין זייער באַגער צוריקצושיקן וואָס שנעלער די אַרבעטער אין די שעפּער, מוזן די פאַרמיטלער זוכן אַ קאָמפּראָמיס און ניט קיין פולן אויסגאַנג פון סטרייק. זיי מוזן זיך רעכענען ווער איז דער שטאַרקער צד אין דעם קאַמף. דער פאַקט וואָס די יוניאָן קומט צו זיי און בעט זייער אַריינמישונג איז אויטאָמאַטיש אַ באַווייז אַז די אַרבעטער זיינען דער שוואַכערער צד. די פירער פון דעם קלאָוקמאַכער גענעראַל-סטרייק און די פירער פון אַנדערע סטרייקס וואָס האָבן אָנגענומען אַרביטריישאָן, וואָס האָבן געזוכט אַרביטריי־

שאָן, האָבן דערמיט צוגעגעבן, אַז זיי אַליין ציטערן פאַרן סטרייק, אַז זיי זיינען אויסן וואָס שנעלער צו ענדיקן דעם סטרייק אויף יעדן קאָמפראָמיס. די פאַר־מיטלער פאַרפעלן ניט אויסצונוצן די שוואַכקייט פון די יוניאָן־פירער. די אַרבעטגעבער אַליין ווערן אויך דערמוטיקט אויפצוהאַלטן אַ שטייפן פראָנט געגן די אַרבעטער־פאָדערונגען.

די סטרייק־דערפאַרונג ווייזט, אַז דאָרטן וואו די אַרבעטגעבער פילן זיך שטאַרק ווילן זיי ניט הערן פון דער טעאָריע „זאָל דאָס פובליקום אַנטשיידן". זיי אַנטזאָגן זיך קאַטעגאָריש אָנצונעמען אַרביטריישאָן. די אַרבעטגעבער נעמען אָן אַרביטריישאָן נאָר דעמאָלט, ווען זיי ווייסן אַז די אַרבעטער זיינען שטאַרק און אַנטשלאָסן צו געווינען זייערע פאָדערונגען. אַרביטריישאָן איז דעמאָלט דער איינציקער מיטל פאַר די אַרבעטגעבער זיך אַרויסצודרייען פון נאָכגעבן אַלע פאָדערונגען פון די אַרבעטער. די אַרבעטגעבער ווייסן אויס־געצייכנט, אַז פון פאַרמיטלונג וועלן זיי עטוואָס אָפּלעקן, ווייל דער פראַק־טישער פרינציפ פון פאַרמיטלונג, דאָרטן וואו די אַרבעטער פאַרנעמען אַ קרעפטיקע פאָזיציע, איז „פיפטי־פיפטי" (העלפט אויף העלפט) אָנשטאָט די אַרבעטער זאָלן קריגן זייערע פולע געווינסן.

די פונדאַמענטאַלע שטריכן פון אַרביטריישאָן זיינען פולשטענדיק דע־מאָנסטרירט געוואָרן גלייך נאָך דעם „פראָטאָקאָל". די שפעטערדיקע פאָרמען פון אַרביטריישאָן אין די נאָדל־פאַכן האָבן געליטן דעם זעלבן שיקזאַל. די אַרבעטער אין די שעפער האָבן געזען, אַז די פאַרוויקלטע מאַשינעריע וואָס די פאַרמיטלונג האָט אויפגעשטעלט, אַרבעט געגן זיי און פאַר די באַלעבאַטים. אַלס אַ צוגאָב דערלאָזט זי ניט די אַרבעטער צו פאַרטיידיקן זייערע באַדינגונגען.

די אינטערנעשאַנאַל פירער, הילקוויט און מייער לאָנדאָן, זיינען געווען אַזוי אַנטציקט פון דעם פראָטאָקאָליזם, אַז זיי האָבן געשטופט די ליידיס ווייסט און דרעס פאַבריקאַנטן אונטערצושרייבן אַ פראָטאָקאָל מיט דער יוניאָן. דער שרעקלעכער פייער אין דער טרייענגל שוירט־ווייסט פאַבריק, דעם 25סטן מערץ, 1911, וואָס האָט געקאָסט די לעבנס פון 146 יונגע אַרבעטער, מערסטנס מיידלעך, האָט אויפגעשטורעמט די גאַנצע פרויען־קליידער אינדוסטריע. עס האָט געוויזן, אַז די באַלעבאַטים שטעלן איין דעם לעבן פון זייערע אַרבעטער צוליב עטלעכע דאָלאַר איבעריקע פראָפיטן. דער דראַנג צו אָרגאַניזירן די גאַנצע ווייסט־ און דרעס־אינדוסטריע האָט געפירט דערצו, אַז די אַרבעטער אַליין האָבן אָנגעהויבן אַ טיכטיקע פאַרבאַרייטונגס־קאַמפאַניע פאַר אַ גענעראַל־סטרייק. די יוניאָן־פירער האָבן געזוכט אויס־

צומיידן א קאמף און נאך לאנגע פארהאנדלונגען, מיט דער הילף פון גאמ־פערס, פילאנטראפישע רייכע דאמען און אידישע באנקירן, האבן זיי אריבער־געטראגן דעם פראטאקאל און זיינע אינסטיטוציעס אין אן אנדער פארמע אין דער ליידיס ווייסט־ און דרעס־אינדוסטריע. א סטרייק איז ארויסגערופן געווארן נאר צוליב פארמע וועגן.

דער סטרייק־רוף איז ארויסגעגעבן געווארן דעם 15טן יאנואר, 1913. אכט און פערציק שטונדן שפעטער איז די גאנצע אינדוסטריע געווען פאראליזירט. דעם 18טן יאנואר איז שוין דער פראטאקאל געווען אונטערגעשריבן און דעם 20סטן יאנואר זיינען די סטרייקער פון די שעפער וואס באלאנגען צו דער דרעס און ווייסט מאנופעקטשורערס אסאסיאיישאן געשיקט געווארן צוריק צו דער ארבעט. די יוניאן־פירער האבן געהאט ניט קיין גרינגע אויפגאבע איינצורוידן די מיידלעך, אז דער זיג איז אין איינ־קלאנג מיט די גרויסע מעגלעכקייטן און מיט דער אנטשלאסנקייט פון די סטרייקער צו שטיין אין קאמף ביז אלע פאדערונגען וועלן נאכגעגעבן ווערן. נאר די סטרייקער פון די קלענערע באלעבאטים זיינען געבליבן אין סטרייק.

אנהייב 1913 איז ארויסגעגאנגען אין סטרייק דער סאמע אונטערדריקט־סטער טייל פון די פרויען־קליידער ארבעטער, די קימאנא און הויז־קליידער נייטארינס, א פאך וואו פרויען און מיידלעך האבן געארבעט פאר דריי און פיר דאלאר א וואך, און די אונטערוועש־ארבעטער (ווייט גודס), וועמענס לאגע איז ניט געווען קיין סך בעסער. ביידע פאכן זיינען ארונטער אין סטרייק דעם 8טן און 9טן יאנואר, 1913.

ווידעראמאל האט זיך ווידערהאלט דאס זעלבע בילד: אונטן — „אפ־געשטאנענע", פארהארעוועטע פרויען און מיידלעך פון עטלעכע נאציאנאלי־טעטן שטורמען די סטרייק־האלס מיט א וואונדערבארער באגייסטערונג, פיקעטן די שעפער אין די גרויע שטונדן פון פארטאג, ווייזן ארויס א סך שעפערישקייט און איניציאטיווע; אויבן, א פירערשאפט וואס וואקלט זיך, אן צוטרוי אין דעם כח און אויסדויער פון די סטרייקער, א פירערשאפט וואס ארגאניזירט די קאפיטאליסטישע „עפנטלעכע מיינונג" ווי דער שטארק־סטער וואפן צו געווינען דעם סטרייק.

אין די סטרייקס פון די קימאנא, הויז־דרעס און די אונטערוועש אר־בעטערינס האבן די פירער פון דער אינטערנעשאנאל, ראזענבערג, דייטש, זיגמאן, לאנדאן און הילקוויט זיך געלאזט אויף פולער פארע אין דער קאפי־טאליסטישער וועלט צו זוכן סימפאטיע און שטיצע. זיי האבן אויסגענוצט די שרעקלעכע לאגע פון יונגע מיידלעך און דעם פאקט וואס די אינדוסטריע

באַלאַנגט ניט צו די בערן פון וואָל־סטריט, אַריינצוציען רייכע דאַמען און הויך־געשטעלטע פּאָליטישענס. דורך דער ווימענס טרייד־יוניאָן ליג מיט ראָוז שניידערמאַן אין דער שפּיץ איז געשאַפן געוואָרן אַ „פּאַראייניקטער פראָנט” צווישן דער מיליאָנערשע מרס. אויגוסט בעלמאָנט, פרוי פון דעם באַנ־ און סאָבוויי־מאַגנאַט, מעיאָר גיינאָר, טעאָדאָר רוזוועלט, די „ניו יאָרק טיימז” און נאָך רעספּעקטאַבעלע זיילן און די סאָציאַליסטן פון ניו יאָרק, צו העלפן געווינען דעם סטרייק. טעאָדאָר רוזוועלט איז צוליב רעקלאַמע געקומען אין די סטרייק־האָלס פון די קימאָנאָ־מאַכער דעם 22סטן יאַנואַר. שפּעטער האָט ער געשריבן אַ בריוו צום רעפּובליקאַנישן אַסעמבלימאַן, שנאַאַפּ, אויפ־פאָדערנדיק אַז די שטאַט־לעגיסלאַטור זאָל דורכפירן אַן אונטערזוכונג. „מיר קענען ניט זיצן אַפּאַטיש — האָט רוזוועלט געשריבן אין זיין בריוו — און דערלויבן די יונגע מיידלעך צו קעמפן פאַר אַ לוין וואָס זאָל זיי געבן די מעגלעכקייט צו לעבן.” פאַרשטייט זיך, אַז קיין אונטערזוכונג איז קיינמאָל ניט אונטערנומען געוואָרן.

די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג איז אויך געווען אַ ווידערהאָלונג פון די פריערדיקע סטרייקס. איין אָפּמאַך נאָך דעם צווייטן, וואָס די יוניאָן־פירער פון דער אינטערנעשאָנאַל און פון די לאָקאַלן 62 און 41 האָבן גע־בראַכט די סטרייקער, איז פון זיי מיט אַנטריסטונג צוריקגעוויזן געוואָרן. די פרוכט פון דער אַריינמישונג פון די בעלמאָנטס, רוזוועלטס, „טיימז” און זייער גלייכן זיינען געווען אַזעלכע אָפּמאַכן, וואָס די אַרבעטערינס האָבן זיך קאַטעגאָריש אַנטזאָגט אָנצונעמען.

אַ דראַמאַטישע סצענע האָט זיך אָפּגעשפּילט אין די האָלס פון די סטרייקנדיקע ווייט־גודס אַרבעטער דעם 11טן פעברואַר, 1913. די יוניאָן־פירער האָבן געבראַכט אַן אָפּמאַך וואָס האָט ניט געהאַט דעם פּונקט וועגן „פּרעפערענשעל יוניאָן־שאַפּ”. דער אָפיציעלער געשיכטע־שרייבער פון דער אינטערנעשאָנאַל לוידיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן פאַרענטפערט דעם סקאַנ־דאַליעזן אָפּמאַך מיט דער רחמנותדיקער דערקלערונג: „די ליידן צווישן די סטרייקער זיינען געווען אַזוי גרויס, אַז די פירער פון דער אינטערנעשאָנאַל האָבן ניט געוואָלט נעמען אויף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט צוריקצואוואַרפן דעם פאָרשלאַג פון די פאַבריקאַנטן.” (די ווימען גאַרמענט וואָירקערס, דר. ל. לעווין, זייטן 227־228.) די פירער פון דער אינטערנעשאָנאַל האָבן אָבער מיט אַ גרינגן געוויסן גענומען אויף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט אויס־צולייזיקן דעם העלדישן קאַמף פון די מיידלעך פון יעדן וועזנטלעכן געווינס. אָן דער אָנערקענונג פון יוניאָן־באַדינגונגען אין שאַפּ, וואָס דער פּרעפערענ־

שעל שאפ איז א מינימום, זיינען אלע באדינגונגען גארניט ווערט, זיי בלייבן נאר אויפן פאפיר.

די אפיציעלע געשיכטע פון דער אינטערנעשאנאל ברענגט א קורצע באשרייבונג פון דעם, וואס עס האט זיך אפגעטאן אין די סטרייק־האלס יענעם טאג:

„מוטערס פון האלב-פארהונגערטע קינדער האבן דערטרונקען מיט זייערע געשרייען די שטימען פון די באאמטע און ארגאניזאטארן, ווען זיי האבן פרובירט ריידן. מיידלעך פון זעכצן און זיבעצן יאר האבן אנטוויקלט א זעלטענע אראטארישע פייאיקייט, ארויפשפרינגענדיק אויף דער פלאטפארמע אויפצופאדערן די איבעריקע סטרייקער צו באשטיין אויף פולער יוניאן-אנערקענונג. די אפשטימונג איז געווען העכער צוויי-דריטל געגן דעם אפמאך."

איז דאס ניט א זעלטן בילד? יוניאן־פירער מאטערן זיך איינצורעדן די סטרייקער אנצונעמען א פרוכטלאזן אפמאך און מוטערס פון פארהונגערטע קינדער לאזן זיי ניט רעדן. אט די קורצע דראמאטיש־אנגעגליטע סצענע דריקט אוים ווי א טראפן וואסער די גאנצע געשיכטע פון ארבעטער־קאמף אין דער פרויען־קליידער אינדוסטריע זינט 1910. ווי א רויטער פאדעם ציט זיך די פעסטע אנטשלאסנקייט פון די ארבעטער אויסצוקעמפן מענטשלעכע באדינגונגען, גאראנטיע פון יוניאן־אנערקענונג און די שרעקעדיקע, וואקלדיקע פאליטיק פון אן אפארטוניסטישער פירערשאפט, גרעסטנטיילס א סאציאליסטישע, וואס הענגט אן איר האפענונג אויף דער קאפיטאליסטישער עפנטלעכער מיינונג און ברייננגט די סטרייקער ווינט אנשטאט געווינסן. אגב, איז די סצענע אין די האלס אין 1913 א בילד וואס האט זיך ווידערהאלט אין די שפעטערדיקע יארן, 1916 און 1923.

ווידער האט דער העכערער גראד באוואוסטזיין און קאמף־גרייטקייט פון רענק און פייל געבראכט פרוכט. דעם 13טן פעברואר האבן די פאבריקאנטן פון די קימאנאס און הויז־קליידער און דעם 17טן פעברואר האבן די ווייט־גודס פאבריקאנטן נאכגעגעבן די פאדערונג פון א פרעפערענשעל יוניאן־שאפ, וואס האט אנערקענט די יוניאן־באדינגונגען. פראטאקאלן זיינען אונטערגעשריבן געווארן, וואס האבן איינגעפירט די קלאפער־געצייג פון ארביטריישאן.

אין 1911 האט די אינטערנעשאנאל פארלארן דעם סטרייק אין שיקאגא און אין באסטאן, אבער אין 1913 האט די זיגרייכע סטרייק־כוואליע זיך געטראגן אין אלע וויכטיקע קליידער־צענטרען. בכלל איז 1913 געווען א יאר

פון טיפן אומרו צווישן די אַרבעטער פון לאַנד. די מיטגלידערשאַפט פון דער אַמעריקאַן פעדערײשאַן אָוו לייבאָר האָט זיך אַ הייב געטאָן ביז 2 מיליאָן. די אַ. וו. וו. איז געוואָרן טעטיק און האָט דורכגעפירט אַ ריי מיליטאַנטישע סטרייקס אין לאָורענס און אין ווייטן מערב. די סאָציאַליסטישע באַוועגונג איז געווען אין בליאונג. דער גרויסער אַרבעטער־אויפברויז האָט אַרויס־גערופן אַ גוואַלדיקן אינטערעס צו סאָציאַלע פּראָבלעמען און צו אַרבעטער־פראַגן. אַלע זשורנאַלן זיינען פול געווען מיט עקאָנאָמישע אָפּהאַנדלונגען און מיט דער ראָל פון די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס. דער געשפּרעך פון טאָג איז געווען, די „אינדוסטריעלע און סאָציאַלע רעוואָלוציע". פאַר־שיידענע פּאָליטישע באַוועגונגען וואָס האָבן אָפּגעשפּיגלט די צאָרנדיקע אומ־רואיקייט צווישן די מאַסן זיינען אַנטשטאַנען צווישן דעם מיטל־קלאַס, ווי פּראָגרעסיוויזם און סאָציאַלער רעפאָרמיזם, אַלע געצילט אויפצושטעלן אַ דאַמבע צו האַלטן אין די ראַמען דעם צאָרנדיקן אומרו צווישן די מאַסן.

אין שרעק פאַר דער וואַקסנדיקער אומצופרידנקייט האָבן טיילן פון מיטל־קלאַס געמאַכט שלום מיט דעם געדאַנק, אַז די אַ. פּ. אָוו ל. איז אַ נויט־ווענדיקייט און זי דאַרף קריגן שטיצע געגן די „עקסטרעמע אַרבעטער־ריכטונגען". די פעדעראַלע רעגירונג האָט געמוזט אָנערקענען די עקזיסטענץ פון אַן אַרבעטער־פּראָבלעם און האָט איינגעפירט אַ קאַבינעט־אַמט, אַ סעק־רעטאַר פון אַרבעט, מיט וויליאַם ב. ווילסאָן, אַ באַאַמטער פון די יונייטעד מיין וואָירקערס, פאַר דעם מיניסטער. אין זעלבן יאָר — 1913 — האָט קאָנגרעס, אויף ווילסאָנס רעקאָמענדאַציע, באַשלאָסן דורכצופירן אַ גרויסע אונטערזוכונג איבער דער עקאָנאָמישער און סאָציאַלער לאַגע אין לאַנד. די אונטערזוכונג, געפירט פון פרענק פּ. וואָלש, האָט פאַראורזאַכט אַ גרויס גערודער מיט די פאַקטן וואָס זיינען אַרויסגעבראַכט געוואָרן אויף די פאַר־הערן. קיין פּראַקטישע רעזולטאַטן האָט די אונטערזוכונג ניט געבראַכט.

דער אַרבעטער־אויפברויז האָט געפירט די אינטערנעשאָנאַל צו מאַסן־סטרייקס. אין 1913 איז דורכגעפירט געוואָרן אַ גענעראַל־סטרייק פון די קלאָוקמאַכער אין באָסטאָן. אַ פּאָר מאָנאַטן שפּעטער האָבן געסטרייקט די דרעסמאַכער אין דער זעלבער שטאָט. אין יולי איז דערקלערט געוואָרן אַ גענעראַל־סטרייק פון די קלאָוקמאַכער אין פילאַדעלפיע. אין אויגוסט — אין סט. לואיס, באַלטימאָר און סאַן פראַנציסקאָ און פון די רעגן־מאַנטל אַר־בעטער אין ניו יאָרק. ניט אַלע סטרייקס אין דעם צווייטן העלפט פון 1913 זיינען געוואונען געוואָרן. די קאַמפן אין פילאַדעלפיע, סאַן פראַנציסקאָ, באַלטימאָר און סט. לואיס זיינען ניט געוואונען געוואָרן, אָבער פאַרבעסערונ־

גען פון די באַדינגונגען אין די שעפּער האָבן די באַלעבאַטים געמוזט נאָכגעבן. די רעגן-מאַנטל אַרבעטער האָבן געוואונען זייער קאַמף און געקראָגן אַ מינימום-לוין פון 25 דאָלאַר אַ וואָך. דאָרטן וואו די אינטערנעשאָנאַל האָט געקראָגן קאָלעקטיווע אָפּמאַכן מיט די אַרבעטגעבער, זיינען זיי געווען אויף דעם מוסטער פון די קלאָוקמאַכער אין ניו יאָרק. אייניקע אָפּמאַכן האָבן געהאַט אַ פּונקט וועגן אַ מינימום-לוין. ביי די קימאָנאָ-אַרבעטער איז עס געווען פינף דאָלאַר אַ וואָך, ביי די ווייט-גודס — זעקס דאָלאַר אַ וואָך.

געמישטע לייבל-קאָמיסיעס האָבן באַדאַרפט איינפירן דעם יוניאָן-לייבל ווי אַ צייכן פאַר דעם קאָנסומער אַז ער אָדער זי קויפט קליידער פּראָדוצירט פון יוניאָן-אַרבעטער. אַרום 60,000 אַרבעטער האָבן זיך געפונען אונטער דעם „פּראָטאָקאָל". די אינטערנעשאָנאַל האָט געציילט 90,000 מיטגלידער אין 1913.

די קאַפּיטאַליסטישע פּרעסע האָט ניט באַהאַלטן איר צופרידנקייט מיט דעם אויסגאַנג פון די סטרייקס אין דער פרויען-קליידער אינדוסטריע. עס איז מער ווי אַ זעלטנהייט צו הערן פון דער „ניו יאָרק טאַימז" דעם אויסדרוק: „אַ פּאַרנונפטיקער סטרייק". די זעלבע צייטונג האָט באַגריסט די אַרבעטער און די באַלעבאַטים מיטן קלאָוק-אָמפּאַך, וואָס האָט אויפגעשטעלט דעם ערנהאַפטן פּרינציפּ פון „לעבן און לעבן לאָזן".

דער זשורנאַל „אוטלוק" האָט באַגריסט דעם אָפּמאַך ווי „דער אָנהייב פון דער פאַרווירקלעכונג פון דעם לאַנג-געטרוימטן פּרינציפּ פון אינדוסטריעלער דעמאָקראַטיע".

איבערגעבן אין די הענט פון די בראַנדייסעס צענדליקער טויזנטער אויפוואַכנדיקע אַרבעטער, די פיס און הענט געבונדן, איז געווען אַ גרויסער זיג פון דער אַזוי-גערופענער פּראָגרעסיווער בורזשואַזיע. די קלאָוקמאַכער האָבן באַדאַרפט דינען ווי אַ ביישפּיל פאַר די איבעריקן פאַכן און אינדוסטריעס.

נאָך אַ שטריך האָט געווירקט אַרויסצורופן צופרידנהייט אין די קרייזן פון דער „טאַימז" און „אוטלוק". די אָפּמאַכן, געשלאָסן פון סאָציאַליסטישע פירער, האָבן געפירט דירעקט צו דער פאַרשטאַרקונג פון די אָרגאַניזאַציעס פון די באַלעבאַטים. עס קלינגט ווי אַ פּאַראַדאָקס. די גאַנצע מאַשינעריע פון „פּראָטאָקאָל" און די „פילאָזאָפיע" הינטער אים האָט געטריבן די איינצלנע איינגעשפּאַרטע באַלעבאַטים זיך אָנצושליסן אין דער אַסאָסיאיישאָן. פאַרשטייט זיך, אַז די סאָציאַליסטישע פירער האָבן אויך פאַר דעם געפונען אַ באַרעכטיקונג. זיי האָבן אויפגעשטעלט אַ טעאָריע: עס איז

בעסער צו האָבן צו טאָן מיט אַן אָרגאַניזאַציע פון באַלעבאַטים איידער מיט איינצלנע באַלעבאַטים. דערפון איז דער לאָגישער שלוס, אַז די יוניאָן דאַרף העלפן די גרויסע באַלעבאַטים אויפבויען אַ שטאַרקע אָרגאַניזאַציע. די פּרוכט פון אַט־דער טעאָריע זיינען געקומען גאַנץ שנעל. אין דעם סטרייק אין 1916 און אין די ווייטערדיקע קאַמפן אין אַלע נאָדל־פאַכן זיינען די אַרבעטער באַגעגנט געוואָרן מיט פאַראייניקטע רייען פון באַלעבאַטים.

די ווידערשפּרוכן פון „פּראָטאָקאָל" לאָזן זיך ניט לייזן

אַ קריגערישע אָרגאַניזאַציע פון אַרבעטגעבער און אַן אָפּאָרטוניסטישע יוניאָן־פירערשאַפט זיינען געווען די צוויי הויפּט־פאַקטאָרן, וואָס האָבן שפּעטער באַרויבט די נאָדל־פאַך אַרבעטער פון זייערע שווער־אויסגעקעמפטע געווינסן.

די „דעמאָקראַטיע אין אינדוסטריע" האָט אָנגעהאַלטן זייער אַ קורצן לעבן. נאָך אין 1911 האָבן זיך אָנגעהויבן די קאָנפליקטן אין די שעפּער. אין 1912 איז געקומען צו אַן אָפענעם קאַמף. אַלע באַמיאונגען פון די אינטערנעשאָנאַל־באַאַמטע צו פאַרלאַטען די געגנזאַצן, האָבן ניט געהאָלפן. אין 1913 איז אויסגעבראָכן די באַרימטע „הורוויטש־אַפערע" (לויט דעם חנודיקן אויסדרוק פון „פאָרווערטס"). אין 1916 איז געקומען צום גענעראַל־סטרייק, און אין 1917 — צום אויפשטאַנד אין לאָקאַל איינס, קלאָוק־אָפּערייטאָרס. דער אויפשטאַנד, געפירט פון אַלע אַקטיווע טוער און געשטיצט פון גאַנצן רענק און פייל, איז אונטערדריקט געוואָרן דורך אַ „רע־אָרגאַניזאַציע" פון לאָקאַל און דער אויסשליסונג פון מ. רובין און אַנדערע טוער.

די פּאַסירונגען וואָס האָבן געפירט צום גרויסן מאַסן־קאַמף אַרום דר. י. א. הורוויטש, דער הויפּט־קלוירק פון דער יוניאָן, און די ווייטערדיקע געשעענישן האָבן געשלאָגן פון איין פונדאַמענטאַלן קוואַל: די טיפע אומ־צופרידנהייט פון די אַרבעטער מיט דעם „פּראָטאָקאָל", וואָס איז, אין גרונט גענומען, אַ פאָרמע פון צוואַנג־אַרביטראַציע.

אין די נאָדל־פאַכן, מיט זייערע קורצע סעזאָנען, קאַפּריזע מאָדע־ענדערונגען, האָט די צוואַנג־אַרביטראַציע געווירקט נאָך ערגער ווי אין די „סטאַביליזירטע" פאַכן. איידער די „פּראָטאָקאָל"־מאַשינעריע האָט באַוויזן אויפצונעמען און אַנטשיידן אַ קריוודע פון אַרבעטער אין אַ שאַפּ, איז שוין געווען נאָך דעם סעזאָן. דערווייל זיינען די אַרבעטער באַרויבט געוואָרן פון זייער איינציק־ווירקזאַמען וואָפן, דעם סטרייק.

די פאזיציע פון דעם שאפ־טשערמאן איז אפגעווישט געווארן. דער שאפ־טשערמאן איז געווארן איבעריק. וויבאלד אז ער איז מאכטלאז אפצושטעלן די ארבעט, ווען דער באס פארלעצט די יוניאן־באדינגונגען, איז זיין אמט ווי דער פארשטייער פון די ארבעטער אין שאפ גארניט ווערט.

דר. י. א. הורוויטש איז גאנץ צופעליק געשטעלט געווארן אין שפיץ פון א ברויזנדיקן ארבעטער־פראטעסט געגן דעם פראטאקאל. א גראד־ליניקער, ארנטלעכער, אבער א פאליטיש־צעטומלטער און שוואכער מענטש, האט הורוויטש ניט געקענט געבן אויסדרוק און פירערשאפט דעם רעוואלט, וואס האט ארומגעכאפט דעם איבערוועגנדיקסטן טייל פון די קלאוקמאכער. הורוויטש אליין איז אויך ניט געווען קיין פרינציפיעלער געגנער פון ארבי־טראציע, כאטש ער האט געזען, אז דער „פראטאקאל" האט אנגעטאן א משוגעים־העמדל אויף די ארבעטער.

אן א קלארער פראגראם, אן ארגאניזאציע און פירערשאפט איז גע־לונגען די סאציאליסטישע פירער מיט מייער לאנדאן און דעם „פארווערטס" אין דער שפיץ צוזאמען מיט די ארגאניזירטע באלעבאטים צו טעראריזירן הורוויטשן. מיט דעם געשריי, אז ער נעמט אויף זיך די פאראנטווארטלעכ־קייט פון א גענעראל־סטרייק, האבן זיי געפועלט ביי הורוויטשן ער זאל רעזיגנירן אין מיטן ברען פון דער באוועגונג געגן דעם „פראטאקאל". ווען הורוויטש האט זיך צוריקגעצויגן, איז דער „פארווערטס" ארויס מיט א שרייענדיקן, גרויסן קאפ: „מען שניידט שוין באנדלעך אין די שעפער." דאס האט באדארפט זיין א לעקעכל צו בארואיקן די אויפגערעגטע ארבעטער, וואס זיינען געווען אנטשלאסן צו צערייסן די קייטן פון צוואנג־ארביטראציע.

נאך הורוויטשעס רעזיגנאציע — יאנואר, 1913 — האט די דזשאינט באארד געבראכט פון שיקאגא סידני הילמאן צו פארנעמען דעם אמט פון הויפט־קלוירק. עטוואס שפעטער איז שלעזינגער געווארן דער פארוואלטער פון דזשאינט באארד און מאריס הילקוויט — דער ראטגעבער. דער „פראטא־קאל" איז פארבליבן, אבער זיינע לעכער זיינען געווארן גרעסער. צווישן דער פירערשאפט און דעם רענק און פייל איז אויסגעוואקסן א וואנט.

דער צוזאמענפאר אין קליוולאנד, יוני, 1914, האט געענדיקט דעם רעזשים פון ראזענבערג און דייטש, אלטמאדישע א. פ. או ל. באאמטע. שלעזינגער איז געווארן פרעזידענט און מאריס זיגמאן—גענעראל־סעקרעטאר־קאסירער. די סאציאליסטן האבן אינגאנצן איבערגענומען די יוניאן אין זייערע הענט. דער גייסט איז געבליבן דער אלטער. פארקערט, שלעזינגער און הילקוויט האבן צוגעגעבן „באפוצונגען", וואס האבן געמאכט די לאגע

פון די ארבעטער ערגער. די פּאָליטיק פון שלעזינגער־הילקוויט האָט אויס־געלייגט דעם וועג פאַר דעם שפּעטערדיקן באַרג־אַרונטער אין דער פרויען־קליידער אינדוסטריע. די נעץ פון אַרביטראַציע און די נאָכגעביקייט צו די אַרבעטגעבער האָט געבראַכט שפּעטער צום רעכט פון „הייער און פייער" (דאָס רעכט פון באַלעבאָס צו אַנטזאָגן אַ באַשטימטן פּראָצענט פון די אַרבעטער אין שאַפּ), צו דער דזשאַבינג־עפּידעמיע ביי די דרעסמאַכער, צו דער פאַר־שפּרייטונג פון קאָנטראַקטינג ביי די קלאָוקמאַכער און צום שווערן קלאַפּ וואָס דער מאַסן־אַנטלויף פון די שעפּער אין די קליינע שטעט האָט געגעבן



בענדזשאַמין שלעזינגער

אַלע נאָדל־פאַך אַרבעטער. די פּאָליטיק פון שלעזינגער־זיגמאַן־הילקוויט איז אין גרונט גענומען, געוואָרן די פּאָליטיק פון די סאָציאַליסטישע פירער אין די איבעריקע נאָדל־פאַכן, מיט די זעלבע טרויעריקע רעזולטאַטן פאַר די מיטגלידער אין זייערע יוניאָנס.

פאַר דעם גענעראַל־סטרייק אין 1916 האָבן שלעזינגער און הילקוויט מאָביליזירט אַזעלכע אַרבעטער־קרעפטן, ווי: דער גרויסער באַנקיר דזשייקאָב

שיף, דער באַנקיר הענרי ברוער, פּולטאָן קאַטינג און אַמבאַסאַדאָר דזשעראַרד, פּירער פון דעם האַנדל־קאַמער, זיי זאָלן העלפן די קלאָוקמאַכער געגן דער אַסאָסיאיישאָן פון די באַלעבאַטים. איבעריק צו זאָגן, אַז די אַריינמישונג פון וואָל־סטריט בערן האָט די אַרבעטער קיין גוטס ניט געטאָן. דער גענעראַל־סטרייק האָט ניט געקענט אויסגעמיטן ווערן, ווייל די באַלעבאַטים האָבן דערקלערט אַ לאַקאַוט דעם 28סטן אַפּריל.

נאָך אַ סטרייק פון 14 וואָכן, האָבן די יוניאָן־פּירער געבראַכט אין די סטרייק־האָלס אַן אָפּמאַך מיט די באַלעבאַטים, וואָס האָט אַרויסגערופן אַ פלאַקערדיקן צאָרן צווישן די אַרבעטער און איז פון זיי גלייך צוריקגעוויזן געוואָרן. עטלעכע טעג שפּעטער האָבן די פּירער אונטערגעטראָגן די אַרבעטער אַ נייעם אָפּמאַך, אַ צווייטע אויפלאַגע פון ערשטן, נאָר מיט מער פאַרדרייטע, נעבלהאַפט־פאָרמולירטע פּאַראַגראַפן, וואָס דער דורכשניטלעכער מיטגליד האָט ניט געקענט איבערלייענען, שוין ניט רעדנדיק צו פאַרשטייען זייער אמתן אינהאַלט. דער איינציקער געווינס איז געווען אַ שטונדע ווייניקער אַרבעט אַ וואָך. הילקוויט האָט געהאָרעוועט אַ גאַנצן אָוונט מיט די שאַפּ־טשערלייט, איינצוטענהן מיט זיי, אַז דער צווייטער אָפּמאַך עפנט ניט קיין טיר פאַר „הייער ענד פייער". אין די שעפּער האָבן די אַרבעטער אויסגעפונען דעם אמת. די באַדינגונגען און די יוניאָן זיינען אויפגעהאַלטן געוואָרן פון דעם שווערן טאָג־טעגלעכן קאַמף, וואָס דער רענק און פייל האָט געפירט אין די שעפּער.

## דער גענעראַל־סטרייק פון די פּאַריערס אין 1912

פונקט ווי די איבעריקע נאָדל־פאַכן, זיינען די מערסטע פאַריערס (פוטער־מאַנטל אַרבעטער) געווען קרבנות פון סוועט־שעפּער. פון אַרום 500 שעפּער אין 1911, האָבן נאָר הונדערט זיך געפונען אין מער־ווייניקער מאָדערנע פאַבריק־געביידעס. די איבעריקע 400 שעפּער זיינען געווען צעוואָרפן איבער דער איסט־סייד, אין אַלטע, פינצטערע טענעמענט־הייזער. אַן אומגעזונטע אַרבעט אין אומגעזונטע באַדינגונגען האָט פאַרשפּרייט קראַנקהייטן צווישן די פאַריערס. שווינדזוכט, אַסטמאַ, בראָנכיטיס און שלעכטע אויגן זיינען געוואָרן אָפּטע באַגלייטער פון די אַרבעטער. אַן אונטערזוכונג פון דער שטאַט־לעגיסלאַטור אין 1911 האָט פעסטגעשטעלט, אַז פון יעדע 10 פאַריערס ליידן צוויי פון שווינדזוכט און צוויי פון אַסטמאַ.

די אַרבעט־באַדינגונגען זיינען ניט געווען פעסטגעשטעלט. פאַרן ברען פון סעזאָן און גלייך נאָכדעם האָבן די באַלעבאַטים געשניטן דעם לוין וויפיל

זיי האָבן געוואָלט. צוליב די לאַנגע אַרבעט־שטונדן, האָט זיך אַנגעקליבן א גרויסע רעזערוו־אַרמיי פון אַרבעטלאָזע.

די פאָר וואָירקערס יוניאָן איז נאָך געגרינדעט געוואָרן אין 1904. איר איינפלוס איז געווען קליין. א סטרייק אין 1907 איז פאַרשפּילט געוואָרן און דאָס האָט געשאַפן א דעמאָראַליזירנדיקן צושטאַנד אין פאַך. ערשט די צווייטע אידישע מאַסן־אימיגראַציע, וואָס האָט אויפגעלעבט דעם אַרבעטער־ווידערשטאַנד אין דער גאַנצער קליידער־אינדוסטריע, האָט געבראַכט אַן ענדערונג אויך אין דעם פאָר־פאַך.

סוף יוני 1912 איז אַרויסגערופן געוואָרן דער גענעראַל־סטרייק. דער אָפּרוף איז געווען א גלענצנדיקער. אין פאַך זיינען דעמאָלט געווען באַשעפטיקט אַרום צען טויזנט אַרבעטער, פון זיי זיבן טויזנט אידן, די איבעריקע — דייטשן, באָהעמער, גריכן, פראַנצויזן, ענגלענדער, איטאַליענער א. א. די מערסטע אַרבעטער זיינען געווען יונגע מענטשן און זיי האָבן זיך אַריינגעוואָרפן אין קאַמף מיט א זעלטענער באַגייסטערונג און אַנטשלאָסנקייט.

נאָך א סטרייק פון 13 וואָכן האָבן די פאָריער געוואונען. די אַרבעט־וואָך איז פאַרקלענערט געוואָרן פון 53 און 56 אויף 49 שטונדן. די אַרבעטער האָבן אויך געקראָגן א גרויסע לוין־העכערונג, אָווערטיים, צען באַצאָלטע יום־טובים אין יאָר, צווייערליי פרייזן אין יאָר און אַז די קאָנטראַקטאָרס זאָלן אויפהאַלטן די זעלבע יוניאָן־באַדינגונגען. דירעקטע יוניאָן־אָנערקענונג האָבן די אַרבעטער ניט געקראָגן, אָבער דער כאַאָס אין פאַך איז אָפּגעשאַפט געוואָרן. די סוועט־שעפּער זיינען פאַרטיליקט געוואָרן.

יוני 1913 איז אויף דעם צוזאַמענפאָר אין וואַשינגטאָן אָרגאַניזירט געוואָרן די אינטערנעשאָנאַל פאָר וואָירקערס יוניאָן, וואָס איז געוואָרן א טייל פון דער אַמעריקאַן פעדערײשאָן אָוו לייבאָר.

אין אויגוסט, 1917, איז דער אָפּמאַך מיט די באַלעבאַטים באַנייט געוואָרן אויף צוויי יאָר, מיטן צוגאָב פון אַרביטריישאָן. דר. י. מאַגנעס איז געווען דער פאָרזיצער פון דעם אַרביטריישאָן־קאָמיטעט און דר. פ. אייבעלסאָן — זיין געהילף. איזידאָר קאָהן איז געווען דער פאַרוואַלטער פון דער דזשאָינט באָאַרד.

די מלחמה־פּראָספּעריטעט האָט געהויבן דעם געברויך פון פוטער־מאַנטלען. אין פאָר־פאַך איז געווען א סך אַרבעט און די פאָריערס האָבן געקראָגן לוין־העכערונגען. קאָהן האָט געמוזט אַוועקגיין אין 1917 און מאָריס קויפמאַן, פון דער אינגערער גוואַרדיע, האָט פאַרנומען זיין פּלאַץ. קויפמאַן, א טעטיקער מיטגליד אין דער אידישער סאָציאַליסטישער פעדע־

ראציע, א מענטש מיט א גלאטער צונג און גלאטע הענט, איז געוואָרן פאַר־וואלטער פון דער דזשאָינט באָארד. זיין אמתן קאָליר האָט קויפמאַן ארויס־געוויזן אין דעם פאַרלאָרענעם גענעראַל־סטרייק אין 1920.

## די לאַגע פון די מענער־שניידער

די מענער־שניידער געהערן צו די עלטסטע פאַכן אין דער קליידער־אינדוסטריע. דער ערשטער דור אידישע שניידער זיינען געווען, גרעסטנטייל, היימישע בעל־מלאכות פון אונגארן און גאַליציע. די עלטערע שניידער האָבן זיך ארויסגעוויזן שפּעטער ווי א לאָיאַלער, גוטער יוניאָן־מאַטעריאַל. זייער באַציאונג צו דער יוניאָן איז געווען מיט דער זעלבער נאַאיווער טרייהייט ווי זייער גיין אין שול. גלייכצייטיק, זיינען זיי ניט געווען דער עלעמענט, וואָס זאָל קענען נעמען די איניציאַטיווע אין דעם קאַמף געגן די גרויזאַמע ארבעט־באַדינגונגען אין פאַך.

פאַרזוכן צו אָרגאַניזירן יוניאָנס צווישן די מענער־שניידער זיינען גע־מאַכט געוואָרן אין די אַכציקער יאָרן פון די „נייטס אָוו לייבאָר", פון די „עם־עולמניקעס", שפּעטער — פון די געווערקשאַפטן און פון דע־ליאָנס „אַלייענס" און הויפּטזאַכלעך פון די שניידער אַליין. סטרייקס אין איינצלנע צווייגן פון פאַך און אין איינצלנע שעפּער זיינען געווען אָפטע פּאַסירונגען. די סטרייקס זיינען, אין זייער גרויסער מערהייט, פאַרלאָרן געגאַנגען.

די שניידער זיינען געווען „גרין" אין לאַנד, ניט בלויז אין יאָרן, נאָר אין שפּראַך און אין באַקאַנטשאַפט מיט די פּאָליטישע באַדינגונגען אין די גרויסע שטעט. די באַלעבאַטים האָבן געהאַט אויף זייער זייט די פולשטענדיקע שטיצע פון טעמעני האָל, איר פּאָליציי און געריכט־הייזער. די פּאָליציי, וואָס צייכנט זיך אַלע מאָל אויס מיט איר ברוטאַליטעט צו סטרייקער, האָט מיט א באַזונדער רציחה זיך געוואָרפן אויף די „גרינהאָרנס מיט די לאַנגע בערד".*) קיין מיליטאַנטישע ארבעטער־באַוועגונג, וואָס זאָל קומען צו הילף

*) לינקאָלן סטעפענס, אין זיין אָטאָביאָגראַפיע, גיט אַ לעבעדיקע באַשרייבונג פון דער פּאָליציי־ברוטאַליטעט געגן די סטרייקנדיקע שניידער אויף דער איסט־סייד אין יענע יאָרן. זיין פּרובירן זיך דערגרונטעווען צו דער „פּסיכאָלאָגיע" פון די אירלענדישע פּאָליציילייט, וואָס זיינען אויפגערייצט געוואָרן פון דעם אויסזען פון דעם גרינהאָרן און האָבן דעריבער פריי געשפּאָלטן קעפּ, פאַרשטעלט ניט דעם רושם, וואָס די באַשרייבונג אַליין מאַכט. סטעפענס האָט נאָך דעמאָלט געגלויבט אין דער אַלמעכטיקייט פון פּסיכאָלאָגישע פאַקטאָרן און אין דער מעגלעכקייט פון „גוטן ווילן".

די שניידער, איז ניט געווען. דערפאר האָבן זיך געפלאָדיעט אַלערליי שאַר־לאַטאַנעס און שאַנטאַזשיסטן, וועלכע האָבן אין די נײַנציקער יאָרן געמאַכט אַ געשעפט פון פאַבריצירן סטרייקס און נאָכדעם פאַרקויפן די סטרייקער אויף די אַלטע סוועט־שאַפּ באַדינגונגען. (י. שלאָסבערג, פאַררעדע צו דאָקו־מענטערי היסטאָרי אָוו די אַמאַלגאַמייטעד, 1914־1916.)

אין באַזונדערע צווייגן פון דער אינדוסטריע זײַנען געווען קליינע יוניאָנס. צוליב זייער פאַך־באַזע האָבן זיי ניט געקענט אויסהאַלטן דעם אָנגריף פון די באַלעבאַטים. די שטאַרקסטע יוניאָן, די אַמאַלגאַמייטעד קאָוט־מאַכער (מאַנטל־נייער), איז צעקלאַפּט געוואָרן נאָך אַ סטרייק אין 1907.

די גרינדונג פון די יונייטעד גאַרמענט וואָירקערס אין 1891

דער ערשטער גרעסערער פאַרזוך צו אָרגאַניזירן איין יוניאָן אין דער שניידער־אינדוסטריע איז געמאַכט געוואָרן אין אַפּריל 1891, מיט דער גרינדונג פון די יונייטעד גאַרמענט וואָירקערס. 36 דעלעגאַטן פון אָרטיקע, זעלבסטשטענדיקע פאַך־יוניאָנס זײַנען געווען אויף דעם גרינדונג־צוזאַמענ־פאָר. זיי האָבן פאַרטראָטן די מער־געניטע בעל־מלאכות. די מערהייט פון די דעלעגאַטן זײַנען געווען סאָציאַליסטיש געשטימט, אָבער די אָנפירונג פון דער נייער, פאַראייניקטער יוניאָן האָבן זיי איבערגעגעבן אין די הענט פון אַ קאָנסערוואַטיווער, אַמעריקאַנישער גרופּע, פאַרשטייער פון די אָוועראָל־מאַכער (אַרבעט־קליידער). דערפון שטאַמט די אומגלויבלעכע דערשיינונג, פאַרוואָס אין שפּיץ פון סאָציאַליסטיש־אָנגעהויכטע אימיגראַנטן זײַנען גע־שטאַנען די ריקערטס און די לאַרדזשערס, קאָנסערוואַטיווע יוניאָן־באַאַמטע.

די סאָציאַליסטישע דעלעגאַטן האָבן געשפּילט אַזאַ אומזיניקע „רעאַל־פּאָליטיק" צוליב צוויי אורזאַכן: ערשטנס, האָט זיי אימפּאָנירט דער געדאַנק צו האָבן אין שפּיץ פון דער יוניאָן אַמעריקאַניש־געבוירענע, וועלכע פילן זיך ניט אַזוי הילפלאָז ווי די נאָר־וואָס אריבערגעקומענע. צווייטנס, האָט זיך דעמאָלט גענומען פאַרשפּרייטן די אידייע פון אַ יוניאָן־לייבל ווי אַ הילף־מיטל צו צווינגען די באַלעבאַטים צו אָנערקענען די יוניאָן. דער יוניאָן־לייבל דאַרף דערציען די קאָנסומער צו דער געוואוינהייט צו קויפן זאַכן, וועלכע זײַנען פּראָדוצירט פון יוניאָן־מיטגלידער.

ריקערט און לאַרדזשער האָבן פאַרטראָטן דעם קליינעם אָוועראָל־פאַך, דעמאָלט אַ הויך־קוואַליפיצירטע אַרבעט. צוזאַמען מיט אַ גרופּע פאַבריקאַנטן, האָט די יוניאָן אײַנגעפירט דעם יוניאָן־לייבל. אַזוי ווי אָוועראָלס ווערן

באנוצט נאר פון ארבעטער, האט זיך געלוינט דער גרופע פאבריקאנטן אריינ־צוטרעטן אין אן אפמאך מיט דער יוניאן, זי אנערקענען, אנניייען דעם יוניאן־לייבל אויף די אוועראלס, העכערן די פרייזן און ארויסטרייבן די ניט־יוניאן פאבריקאנטן פון פאך. די יוניאן האט ארגאניזירט א ספעציעלע ארגאניזאציע פון באלעבאטים אונטערן נאמען: „יוניאן־מייד אוועראל מאנו־פעקטשורערס" (פאבריקאנטן פון יוניאן־פראדוצירטע ארבעט־קליידער). די איבעריקע שניידער־דעלעגאטן האבן זיך פארקוקט אויף דעם דערפאלג פון די אוועראל־ארבעטער און געלאזט זיך איינרעדן, אז אויך אין דער גרויסער שניידער־אינדוסטריע קען דער לייבל אויפטאן דעם זעלבן וואונדער.

ריקערט און לארדזשער, פרעזידענט און סעקרעטאר פון דער יונייטעד גארמענט װאירקערס יוניאן, האבן ניט געקענט אריבערפלאנצן דעם לייבל אין דער שניידער־אינדוסטריע. נאר געציילטע פאבריקאנטן האבן זיך געלאזט איינרעדן, אז דער לייבל וועט הויבן זייערע געשעפטן. ריקערטס ביורא־קראטישע מעטאדן האבן ארויסגערופן פראטעסט צווישן די שניידער. זיין שמאלער פאך־קוק האט געשטערט אויסצושמידן א סאלידאריטעט־געפיל צווישן די פארשיידענע צווייגן אין דער אינדוסטריע, א זאך וואס איז געווען פון לעבנס־וויכטיקייט פאר די ארבעטער.

דער גרויסער סטרייק און דער רעוואלט פון די שניידער

די אינדוסטריע איז געוואקסן, די צאל ארבעטער איז גרעסער געווארן, אבער זייער לאגע האט זיך ניט פארבעסערט. טעכנישע ענדערונגען אין די פראדוציר־מעטאדן האבן געמאכט די באדינגונגען פון די ארבעטער שווערער.

אויבן איז די פירערשאפט פון דער יונייטעד גארמענט װאירקערס יוניאן פארבליבן די זעלבע, אבער אונטן, צווישן די מאסן, האט אריינגעשטראמט דער נייער, יונגער אימיגראנטן־עלעמענט, דער זעלבער וואס האט דורכגעפירט די גרויסע איבערקערעניש אין דעם קלאוק, דרעס און פאר־פאך. אויך ביי די שניידער איז אנגעקומען דער גרויסער טאג, דריי יאר שפעטער פון די קלאוקמאכער, איין יאר נאך די פאריער, אבער געקומען איז ער.

דערמוטיקט פון די אנטשיידענע זיגן אין דער גאנצער קליידער־אינ־דוסטריע, האבן די שניידער מיט דער הילף פון די געווערקשאפטן — און אן דער הילף פון די י. ג. וו. באאמטע — דורכגעפירט א צוגרייטונג־ארבעט פאר א גענעראל־סטרייק. די יונגע, אריבערגעקומענע שניידער זיינען געווען די טרייב־קראפט פון דער באוועגונג.

דער גענעראַל־סטרייק איז אַרויסגערופן געוואָרן אָנהייב אָקטאָבער, 1913. עס האָט גענומען עטלעכע טעג און די גאַנצע גרויסע אינדוסטריע איז אָפּגעשטעלט געוואָרן. אַרום 60 טויזנט שניידער האָבן געוואָרפן די אַרבעט. אַלע נאַציאָנאַליטעטן: אידן, איטאַליענער, ליטווינער, דייטשן א. אַ., האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער סטרייק־טעטיקייט. די עלטערע, רעליגיעזע שניידער האָבן עס אַ נאָמען געגעבן: דער סטרייק הגדול.

נאָך צען וואָכן פון בריליאַנטענער מאַסן־טעטיקייט, ווען די פּרוכט פון זיג איז געשטאַנען נאָענט, האָט זיך ווידערהאָלט די זעלבע געשיכטע — אין אַ ברוטאַלערער פאָרמע — ווי ביי די קלאָוקמאַכער און דרעסמאַכער. פּלוצ־לונג האָבן זיך באַוויזן פּרעזידענט ריקערט און סעקרעטאַר לאַרדזשער, וואָס האָבן גאָרניט אונטערנומען צו העלפן די שניידער אין סטרייק, און דער־קלערט: אויס סטרייק! זיי האָבן אונטערגעשריבן אַן אָפּמאַך מיט די פאַבריקאַנטן!

ווייזט זיך אַרויס, אַז די צוויי „נאַציאָנאַלע פירער" זיינען געזעסן אין ניו יאָרק, אין געהיימניש פאַרהאַנדלט מיט באַלעבאַטים און אין גע־היימניש געשלאָסן אַן אָפּמאַך. די שניידער האָבן געפאָדערט: 48 שטונדן אַ וואָך און אַ לוין־העכערונג פון פינף ביז צען דאָלאַר אַ וואָך. ריקערט און לאַרדזשער האָבן זיי פאַרקויפט פאַר דער אַלטער לאַנגער אַרבעט־וואָך (54־56 שטונדן) און נאָר איין דאָלאַר אַ לוין־העכערונג.

ווי אַן ערד־ציטערניש אויפן דעק פון ים, אַזוי האָט די נייעס אויפ־געהויבן די צענדליקער טויזנטער שניידער. ספּאָנטאַן האָבן זיך סטרייקער אין די הונדערטער פאַרזאַמלט... אין די האָלס פאַרמירט אין פּראָצעסיעס און זיך געלאָזט צום „פאָרווערטס" און צו די אידישע געווערקשאַפטן, וועלכע האָבן געשטיצט ריקערט־לאַרדזשער. די אויפגעצאָרנטע מאַסע האָט אויסגעקלאַפּט די שויבן אין דער „סאָציאַ־ליסטישער" ציימונג. ווען ניט די פּאָליציי־רעזערוון, וואָלט דער צאָרן פון די שניידער דערגאַנגען ווייטער פון די פענצטער.

## מייער לאָנדאָן נעמט איבער סטרייק־פירערשאַפט

דער ספּאָנטאַנער מאַסן־אויסברוך האָט אָנגעשראָקן די סאָציאַליסטישע פירערשאַפט און דעם „פאָרווערטס", האָבן זיי אַרויסגערוקט מייער לאָנדאָן צו פאַרגלעטן זייער פאַררעט און צוריקגעווינען דעם צוטרוי פון די שניידער. לאָנדאָן האָט געהאַט אַ רעפּוטאַציע פון אַן ערנטלעכן און אומאָפּהענגיקן מענטש, זיינע שלעכטע באַציאונגען מיט דער „פאָרווערטס"־מאַשין האָבן

אים געשאפן פרעסטיזש צווישן די ארבעטער. גלייכצייטיק, איז לאנדאן געווען פאליטיש געקנאטן פון זעלבן טייג ווי די איבעריקע אידיש-סאציא־ליסטישע קארפן-קעפ. לאנדאן האט אויך געקוקט פון אויבן ארונטער צו דער מאסע און ניט געהאט דעם מינדעסטן צוטרוי אין אירע שעפערישע כחות.

אן אן ארגאניזאציע פון רענק און פייל, איז לאנדאנען געלונגען איבער־צונעמען קאנטראל איבער דער סטרייק-סיטואציע. זיין אפמאך איז געווען א בעסערער, אבער ווייט ניט אזא, וואס די שניידער האבן געקענט זיך דער־



מייער לאנדאן

שלאגן. די ארבעט-שטונדן זיינען געבליבן 53. די לוין-העכערונג איז געווען א גרעסערע. דעם 30סטן דעצעמבער, 1913, איז דער סטרייק געענדיקט געווארן.

דער ריינער רעזולטאט איז געווען, אז אין די שעפער איז אויפגעבויט געווארן א יוניאן. דער הפקר-צושטאנד איז אפגעשאפט געווארן. אין 1917 האבן די שניידער דורך א גענעראל-סטרייק אויסגעקעמפט די 48 ארבעט־שטונדן א וואך.

### ריקערט שליסט אויס די שניידער־דעלעגאטן; דער געבורט פון דער אמאלגאמייטעד

נאכן סטרייק האט ריקערט זיך אפגעטראגן פון ניו יארק און זיך צוגעגרייט צום קאמף, וואס האט געמוזט אויסברעכן צווישן די שניידער און זיין מאשין. ניט קיין קליינעם פלאץ אין זיינע פארברייטונגען האט פארנומען די שטיצע פון דער א. פ. או ל. פירערשאפט, מיט וועלכער ער האט זיך באצייטנס באווארנט. ריקערט איז געווען גאמפערסעס א מענטש און האט פולשטענדיק פערזאניפיצירט דעם כאראקטער פון דער הויכער יוניאן־ביוראקראטיע, וואס האט אין דעם ערב־מלחמה פעריאד מארשירט אין פולער הארמאניע מיט דעם קאפיטאליסטישן קלאס.

ריקערט האט געבראכט דעם צוזאמענפאר פון דער יונייטעד גארמענט װאירקערס יוניאן אין נעשוויל, א קליינע שטאט אין טענעסי, וואס האט דעמאלט ניט פארמאגט קיין איין שניידער־שאפ. ער האט אויפגעהעצט די אוועראל־דעלעגאטן געגן די פרעמד־געבוירענע ראדיקאלן און סאציאליסטן און דערקלערט די אוועראל־דעלעגאטן פאר דעם צוזאמענפאר פון דער יוניאן. די 150 דעלעגאטן פון די שניידער־לאקאלן איבערן לאנד האט ריקערט ניט צוגעלאזט. אזוי ארום איז ער געווארן דער באס איבער דעם צוזאמענפאר. דאס האט פאסירט דעם 13טן אקטאבער, 1914.

דער טשארטער — פון דער א. פ. או ל. — איז געווען בא ריקערטן. דאס זעלבע דער יוניאן־לייבל. די פאליציי אין נעשוויל, אויך זיינע. קיין שניידער זיינען דארטן ניטא. איז פאר די דעלעגאטן ניט פארבליבן קיין אנדער מיטל, ווי דינגען א זאל און זיך בעראטן וואס צו טאן ווייטער.

דעם 14טן אקטאבער, אויף דער בעראטונג, איז געלייגט געווארן דער פונדאמענט פון דער נייער יוניאן: די אמאלגאמייטעד קלאדינג װאירקערס או אמעריקא. דער נאמען גופא איז געקומען אויף דעם גרינדונג־צוזאמענפאר אין ניו יארק, נאכדעם ווי די דעלעגאטן האבן פארלאזן נעשוויל. סידני הילמאן, פארוואלטער פון דער יוניאן אין שיקאגא, איז אויסגעקליבן געווארן פרעזידענט. י. שלאסבערג, א פירער פון די רעוואלטירנדיקע שניידער אין ניו יארק, איז געווארן סעקרעטאר־קאסירער. ביידע האלטן אן זייערע עמטער די גאנצע צייט.

די אמאלגאמייטעד איז געבוירן געווארן ווי דער שטורעם־פויגל אין דער אידישער ארבעטער־באוועגונג. די סאציאליסטישע פירער זיינען געווען שארף צעטיילט. א טייל האט געשטיצט די יונגע יוניאן, און א טייל האט

זי באקעמפט. אין „פאָרווערטס" האָבן געזיגט די אינגערע סאָציאַליסטן. זיי האָט געהאָלפן די אנטשלאָסנקייט פון די שניידער זיך ניט אונטערוואַרפן דער דיקטאַטור פון ריקערט און לאַרדזשער. דער „פאָרווערטס" האָט גע־שטיצט די אמאַלגאַמייטעד, האָבנדיק גוט אין זינען די פּראָטעסט־דעמאָנ־סטראַציע. די געווערקשאַפטן־פירער זיינען געשטאַנען, כאָטש באַהאַלטענער־הייט, מיט די יו. ג. וו.־באַאַמטע.

ווי א פּראָדוקט פון א ברוויזנדיקן ארבעטער־רעוואָלט, איז די אמאַל־גאַמייטעד אין אָנהייב געווען די סאַמע פּראָגרעסיווסטע יוניאָן. די שניידער און אַלע מיליטאַנטישע טיילן אין דער ארבעטער־באַוועגונג האָבן געלייגט הויכע האָפענונגען אויף דער אמאַלגאַמייטעד. דער סאַמע פאַקט, וואָס די יוניאָן איז אזוי ביטער באַקעמפט געוואָרן פון דעם גאַנצן א. פ. אָוו ל. באַ־אַמטענטום ווי א קינד פון „סיסעשאָן" (אָפּשפּאַלטונג), האָט איר געטריבן זיך אָנצושפּאַרן אויף די סאַמע פאָרגעשריטענע און ראַדיקאַלע טיילן אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. צוליב די ראַדיקאַלע פראַזן פון אירע נאַציאָנאַלע אַמטענטום ווי א קינד פון „סיסעשאָן" (אָפּשפּאַלטונג), האָט איר געטריבן ניט קיין סך בעסער פון ריקערטן.

הילמאַן האָט זיך ארויסגעוויזן צו זיין א קינסטלער צו זיצן אויף צוויי שטולן. מיט א זעלטענער געשיקטקייט האָט ער זיבן יאָר נאָכאַנאַנד געשפּילט א צוויי־פּנימדיקע פּאָליטיק. מיט דער צונג האָט ער ניט געזשאַלעוועט קיין ראַדיקאַלע רייד און מיט די הענט האָט ער געטריבן די זעלבע נאָכגעבערישע ליניע, ווי די שלעזינגערס, זיגמאַנס און קויפמאַנס.

די אמאַלגאַמייטעד, אויפגעשטאַנען אין העלדישע קאַמפן פון דעם רענק און פייל, איז ביסלעכווייז אָבער סיסטעמאַטיש פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א קאָרעטע פּאַר א כאָפּטע באַאַמטע, וואָס האָבן זיך מיט קיין זאַך ניט אויסגעצייכנט פון יעדער אַנדערער הערשנדיקער יוניאָן־מאַשין אין דער אמעריקאַן פעדערייישאָן אָוו לייבאָר.

אין געוויסע הינזיכטן איז הילמאַן אוועק ווייטער אין נאָכגעבן די באַלעבאַטים ווי די מערסטע א. פ. אָוו ל. פירער. ניט אומזיסט איז ער געוואָרן א פּערסאָנאַ גראַטאַ, אַן אָנגעלייגטער מענטש אין הויכע קאַפּיטאַ־ליסטישע קרייזן. אין רוזוועלטס נעשאָנאַל לייבאָר רילייישאָנס באָארד איז הילמאַן דער איינציקער „פאַרטרעטער" פון דער אָרגאַניזירטער ארבעטער־שאַפט. דערפאַר זיינען די געווינסן פון די שניידער סיסטעמאַטיש אויס־גערונען. אין 1934 האָט הילמאַן אריינגעפירט די אמאַלגאַמייטעד אין דער א. פ. אָוו ל., נאָכדעם ווי ער איז דורכגעקומען מיט ריקערטן.

פינף־און־דרייסיקסטער קאַפּיטל

# דער לינקער פליגל אין די נאָדל־פאַכן

די קליידער-אינדוסטריע שווער געטראָפן פון דער נאָך-מלחמה-דעפּרעסיע.—דזשאַבעריי און אויסער-שטאָט שעפּער.—די יוניאָן-פירער גיבן נאָך די באַלעבאַטים.—די לאָזונגען פון לינקן פליגל.—מערהייט פון פרויען-קליידער אַרבעטער נעמען אָן לינקע פירערשאַפט.—די ערשטע מאַסן-אויסשליסונג אין דער א. ל. ג. וו. יוניאָן אין 1925. — דער קאַמפּראָמיס. — דער קלאָוקמאַכער-סטרייק אין זיגמאַנס סאַבאָטאַזש.—די הערלעכע קאַמפן אונטער דער דזשאָינט עקשאָן קאָמיטע.—דער פאַריער-סטרייק און גרינס „סעטלמענט".—די אונטערזוכונג פון דער פאַריער יוניאָן און די מסירה.—די מינעאָלאַ-פאַרשווערונג.—אַרבעטער ווילן אַ נייע יוניאָן, קאָמוניסטישע און לינקע באַוועגונג פאַר קעמפן אַריינגענומען צו ווערן אין די א. פ. אָוו ל. יוניאָנס.—די גרינדונג פון דער אינדוסטריעלער יוניאָן און איר ראָלע.—די אָנפאַלן און די מאָרדן פון לאַנגער און גאָטפריד.—פאַריער שלאָגן צוריק אַלע אַטאַקעס.—די לאָווסטאָניסטן אַ טייל פון דער רעכטער דובינסקי-מאַשין.—דער נייער קורס פאַר טרייד-יוניאָן אייניקייט.

די דעפּרעסיע, וואָס איז אַריינגעטראָטן נאָך דער מלחמה, האָט זיך שווער אָפּגערופן אויף דער גאַנצער קליידער־אינדוסטריע. די פאַרשפּרייטע אַרבעטלאָזיקייט און דער געשניטענער לוין אין 1921־1922 ביי פיל מיליאָנען אַרבעטער, האָט געמוזט טרעפן אָן אינדוסטריע, וואָס איז נאָך אַלץ פאַררעכנט פאַר אַ האַלב־לוקסוס זאַך. די באַלעבאַטים האָבן ניט פאַרפעלט גלייך אויסצונוצן די געדריקטע לאַגע צו פאַרערגערן די אַרבעט־באַדינגונגען.

ביי די מענער־שניידער איז דער קריזיס אַריינגעקומען נאָך אין 1920, ווען די רעגירונג האָט אָפּגעשטעלט די קאָנטראַקטן פאַר אַרמיי־קליידער. די פרויען־קליידער אַרבעטער האָט דער קריזיס דערגרייכט אַ יאָר שפּעטער. די פאַריער האָבן אין 1920 געענטפערט מיט אַ גענעראַל־סטרייק אויף די פאַרזוכן פון די באַלעבאַטים צו שניידן דעם לוין. דער גענעראַל־סטרייק, געפירט פון מאָריס קויפמאַן, מיט דער הילף פון פּראָפעסיאָנעלע שלעגער אָנשטאָט מיט די כחות פון די אַרבעטער, איז פאַרלאָרן געגאַנגען. די ביטערע אַנטוישונג מיט קויפמאַנס פירערשאַפט האָט געגעבן אַ שטויס די אָרגאַניזירונג פון דעם לינקן פליגל אין פאַר־פאַך.

## יוניאָן־פירער גיבן נאָך באַלעבאַטים

נאָך אַ ריי מאַנעוורעס, האָבן די פירער פון דער אינטערנעשאָנאַל לײדיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן ניט געהאַט קיין אַנדער אויסוועג ווי דער־קלערן אַ גענעראַל־סטרייק אין קלאָוק־פּאַך, אין 1921. די געשיכטע פון 1916 האָט זיך ווידערהאָלט. די שלעזינגערס האָבן זיך געקליגט מיט הילקוויטס הילף, דורכצופירן אַ צוריקטריט פאַר די באַלעבאַטים אָן דעם וויסן פון די קלאָוקמאַכער. דער סוף פון דעם גענעראַל־סטרייק איז געווען אַ געהיימער אָפּמאַך (סאָפּלעמענטערי אַגרימענט) ווי אַ צוגאָב צום אָפענעם אָפּמאַך וואָס די ארבעטער האָבן אָנגענומען. דער געהיימער אָפּמאַך האָט נאָכגעגעבן די באַלעבאַטים אַ וויכטיקן פּונקט, דעם „סטאַנדאַרד אָוו פּראָדאָקשאָן" (פּראָדו־ציר־סטאַנדאַרד). דאָס איז געווען דער ערשטער קלאַפּ דער סיסטעם פון וואָך־ארבעט, וואָס האָט געהערשט ביי די קלאָוקמאַכער.

נאָכן דורכפאַל פון זיינע פּלענער פאַר אַן „אינדוסטריעלן פּאַרלאַמענט", האָט הילמאַן אין 1922 נאָכגעגעבן די באַלעבאַטים אַ מינימום פּראָדוציר־סטאַנדאַרד, וואָס האָט געמיינט אַ לוין־שניט פאַר די שניידער.

ביי די דרעסמאַכער האָבן די יוניאָן־באַאמטע געטייטשט דעם אָפּמאַך ווי די באַלעבאַטים האָבן געוואָלט. צו דערשטיקן דעם ווידערשטאַנד פון די ארבעטער, האָבן זיי נאָך אין 1920 „רעאָרגאַניזירט" די גרויסע יוניאָן, לאָקאַל 25, און זי צעשפּאָלטן אין דריי באַזונדערע יוניאָנס: לאָקאַל 22, לאָקאַל 87, די איטאַליענישע ארבעטער, און לאָקאַל 60, די פּרעסער. די עקזעקוטיוו באָארד פון לאָקאַל 25, וואָס האָט ניט געוואָלט אָנערקענען די אומגעזעצלעכע רעאָרגאַניזאַציע, איז אויסגעשלאָסן געוואָרן פון דער יוניאָן.

## דזשאָבעריי און דער געלאָף אין די קליינע שטעט

נאָך איידער דער קריזיס איז אָנגעקומען, האָט די קליידער־אינדוסטריע דורכגעמאַכט וויכטיקע ענדערונגען. ביי די פרויען־קליידער פאַכן האָט זיך געביטן די מאָדע (די בלוזקעס זיינען אינגאַנצן פאַרשוואונדן), ביי די מענער־שניידער און ביי די קלאָוקמאַכער זיינען צוגעקומען מאַשינען צו שניידן און צו פּרעסן. די אינערלעכע אָרגאַניזאַציע פון דער אינדוסטריע האָט זיך אויך געביטן. ביי די פרויען־קליידער האָט זיך באַוויזן דער סוחר־קאַפּיטאַ־ליסט — דזשאָבער — וואָס גיט אַרויס די ארבעט צו קאָנטראַקטאָרס און איז אַליין פריי פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט צו די ארבעטער פון זיינע קאָנ־

טראַקטאָרס. דזשאַבעריי איז געוואָרן אַ גרויסער אומגליק פאַר די אַרבעטער. די שעפער זיינען צעפיצלט געוואָרן. די דזשאָבערס האָבן אָנגעשטעלט איין קאָנטראַקטאָר געגן דעם צווייטן. די קרבנות פון דער האַלז־שניידנדיקער קאָנקורענץ צווישן די קאָנטראַקטאָרס, זיינען געווען די אַרבעטער.

די העכערע אַרבעט־באַדינגונגען, וואָס די נאָדל־אַרבעטער האָבן זיך דערשלאָגן, האָבן געוועקט ביי די באַלעבאַטים אַ ווילן אַריבערצופירן די שעפער אין קליינע שטעט, וואו זיי קענען קריגן ביליקערע אַרבעט־קראַפט. די איינפירונג פון מאַשינען און דער ווייטערדיקער פּראָצעס פון אַרבעט־צעטיילונג האָבן מעגלעך געמאַכט צו עפענען אַ שאַפּ אין אַ קליינער שטאָט, מיט עטלעכע געשולטע בעל־מלאכות פון צענטער און די איבעריקע — פרויען פון די שטעט און פאַרמס אַרום. דאָרטן וואו דער פאַבריקאַנט האָט געמוזט צאָלן אין ניו יאָרק, שיקאַגאָ און אַנדערע גרויסע שטעט 25 און 30 דאָלאַר אַ וואָך, האָט ער אין קליינע שטעט געצאָלט נאָר זיבן און אַכט דאָלאַר און אָפּט נאָך ווייניקער.

אין דער דזשאַבעריי און אין דעם געלאַף פון די גרויסע שטעט, פאַלט די גרעסטע טייל פאַראַנטוואָרטלעכקייט אויף די פירער. ווען די פירער גייען ניט אויף דער ליניע פון קלענערן ווידערשטאַנד, ווען זיי פאַרפלאָנטערן זיך ניט אין דער נעץ פון אַרביטריישאָן און הויפּטזאַכלעך, ווען זיי פאַרמאָגן מוט און וויטאַליטעט, וואָלטן זיי געקענט באַצייטנס פאַרשפאַרן דעם וועג פאַר דער פאַרשפּרייטונג פון די דזשאָבערס און פאַר דעם אַנטלויפן אין די קליינע שטעט. קיין מיטלען האָבן די יוניאָן־פירער ניט אָנגענומען. פאַרקערט, צווישן דעם מיטעלן שיכט באַאַמטע זיינען געווען קאָרופּטע נפשות, וואָס האָבן געהאָלפן די באַלעבאַטים אויסצומיידן יוניאָן־קאָנטראָל. מיר וואָלטן געקענט אָנרופן נעמען פון באַאַמטע, וואָס זיינען געשטאַנען אין שפּיץ פון דעפּאַרטמענטס (אָפּטיילונגען), וועמענס אויפגאַבע איז געווען צו צאַמען קאָנטראַקטינג און דרויסנדיקע שעפער. אין דער ווירקלעכקייט, האָבן די באַאַמטע געדינט ווי אַ שוץ־מיטל פאַר די צוויי עפּידעמיעס.

## דער אָנהייב פון לינקן פליגל

1922 איז געווען דער העכסטער פּונקט אין דער סטרייק־באַוועגונג אין דער געשיכטע פון דעם אַרבעטער־קלאַס ביז די צייטן פון דער רוזוועלט־רעגירונג. די אַרבעטער האָבן זיך אָנטזאָגט אָנצונעמען די פאַרערגערטע באַדינגונגען. דער אָטעם פון דער סטרייק־באַוועגונג האָט אָנגעריירט די נאָדל־

פאך ארבעטער. אומצופרידנקייט מיט דער נאכגעבערישער פאליטיק פון די הויכע באאמטע איז געשטיגן. די קארופציע וואס האט זיך איינגעפרעסן אין דעם מיטעלן שיכט באאמטנטום, די אינסטיטוציע פון גענגסטערס וואס האט געדריקט די מיטגלידערשאפט, האט ארויסגערופן אויפרעגונג צווישן די ארבעטער. ברען־מאטעריאל האט זיך אנגעזאמלט. ארויסטרעטונגען פון דעם רענק און פייל, ווי אין 1913, 1914, 1916 און 1917, זיינען געווארן אומפארמיידלעך. ווי אין די פאריקע יארן, וואלטן די ארויסטרעטונגען שנעל אונטערדריקט געווארן, ווען ניט דער לינקער פליגל.

די געשיכטע פון דעם לינקן פליגל, זיין ראלע, קאמפן און דערגרייכונגען פארדינען א גענויע און גרינטלעכע אפשאצונג, וואס דער בוך קען ניט ארייננעמען. געבוירן אין א צייט פון א מעכטיקן ארבעטער־ווידערשטאנד אין א דריי אינדוסטריעס, איז דער לינקער פליגל געווארן דער צענטער, וואס האט צוזאמענגעקליבן אלע אקטיווע, מיליטאנטישע כחות אין די נאדל־פאכן, זיי געגעבן א פראגראם, לאזונגען און ארגאניזאציע.

די דרעסמאכער און די פאריער זיינען געווען די ערשטע צו ארגאניזירן לינקע גרופעס פון אקטיווע רענק און פייל מיטגלידער. די לינקע דרעסמאכער האבן די ערשטע פארזוכט די פארפאלגונגען פון דער יוניאן־ביוראקראטיע אונטער שלעזינגער, אין 1920. שפעטער, ווען זיגמאן איז געווארן פרעזידענט פון דער א. ל. ג. וו. י., אין 1923, איז די קונסט פון פארפאלגונגען געגן די לינקע און געגן די וואס זיינען געשטאנען אונטער זייער איינפלוס, דער־פירט געווארן צום העכסטן גראד. די זיגמאן־מאשין האט זיך גארניט גע־קימערט, וואס אירע מאסן־אויסשליסונגען און אלגעמיינע „רעארגאניזאציעס" פון יוניאנס און דזשאינט באארדס גראבן אונטער די פאזיציעס פון די ארבעטער אין די שעפער.

## דער לאזונג פון אמאלגאמירונג

אין 1923 איז דער לינקער פליגל ארויסגעקומען מיט דעם לאזונג: אמאלגאמירן (פאראייניקן) אלע יוניאנס אין דער קליידער־אינדוסטריע. די פיר יוניאנס — די אינטערנעשאנאל, די אמאלגאמייטעד, די פאריערס און די קאפן־מילינערי (פרויען־היט) ארבעטער — האבן געציילט ארום 400,000 ארבעטער, א גוואלדיקער כח, ווען ניט צעשפליטערט. די באלעבאטים פון איין פאך וואלטן געוואוסט, אז זיי האבן געגן זיך א פאראייניקטע ארמיי פון אלע פאכן. באזונדערס נויטווענדיק איז די אמאלגאמירונג געווען פאר

דער אָרגאַניזאַציע־אַרבעט אין די קליינע שטעט, וואו טויזנטער שעפּער זיינען אַנטלאָפן. אַ פּאַראייניקטע קאַמפּאַניע צו אָרגאַניזירן די נייע נאָדל־פאַך אַרבעטער וואָלט געווען פרוכטבאַר פאַר אַלע פאַכן. צעטיילטערהייט, איז קיין איין פאַך ניט געלונגען צוצוקומען צו זיי. פאַרשטייט זיך, די מעטאָדן פון די יוניאָן־באַאַמטע האָבן אויך געהאַט צו זאָגן פאַרן דורכפאַל פון דער אָרגאַניזאַציע־קאַמפּאַניע.

די אינטערעסן פון די אַרבעטער האָבן געפאָדערט אַמאַלגאַמירונג. די אינטערעסן פון די יוניאָן־פירער האָבן פאַרלאַנגט אויפצוהאַלטן די באַזונדערע יוניאָנס. הילמאַן, אַ ספּעציאַליסט אין שיטן די אַרבעטער זאַמד אין די אויגן, האָט דורכגעפירט אַ רעזאָלוציע איינצופירן אַ קאָונסיל (ראַט) פון אַלע פאַך־יוניאָנס. די רעזאָלוציע איז פאַרבליבן אַ טויטער בוכשטאַב.

### די נאָדל־פאַכן אין דער פּראָספּעריטעט

אין 1924 איז דאָס לאַנד אַריינגעטראָטן אין דעם פּעריאָד פון עקאָנאָמישער פּראָספּעריטעט, אָבער די קליידער־אינדוסטריע איז אַריבער אין לאַגער פון „קראַנקע" אינדוסטריעס, ווי קוילן און טעקסטיל.

מיט דער אויסנאַם פון אַ צופעליקן און פלוצלונגדיקן „בום" פון פּראָדוקציע, ווען די מאָדע האָט אַ שמייכל געטאָן צו אַ געוויסן פאַך, איז די אינדוסטריע אונטערגעריסן געוואָרן פון אַ האַלז־שניידנדיקער קאָנקורענץ, פון דזשאַבעריי און פון כאַאָטישער אויסשפּרייטונג. די יוניאָן־פירער האָבן ניט באַוויזן אָנצונעמען מיטלען אויפצוהאַלטן די באַדינגונגען וואָס די אַרבעטער האָבן געוואונען. אַ ריי קאָנצעסיעס די באַלעבאַטים האָבן אונטערגעהאַקט די פאַרדינסטן פון די אַרבעטער.

די אונטערזוכונג, וואָס גאָווערנאָר אַלפרעד סמיטס קאָמיסיע האָט דורכגעפירט אין קלאָוק־פאַך, אין 1925, האָט אַרויסגעבראַכט אַז די „אַריסטאָקראַטישע" בעל־מלאכות פאַרדינען דורכשניטלעך אונטער $25 אַ וואָך אין אַ קיילעכדיקן יאָר. די פאַרדינסטן פון די מענער־שניידער זיינען געווען נאָך נידעריקער. ביי די פּאָריערס, האָט די מאָריס קויפמאַן אַדמיניסטראַציע פאַרטאַכלעוועט די יוניאָן־באַדינגונגען צוזאַמען מיט די יוניאָן־פאָנדן. אין די דרעס־שעפּער האָבן די אַרבעטער־פרויען איבער די קעפּ פון די באַאַמטע געקעמפט אין די שעפּער פאַר דער אָפּהיטונג פון דעם אָפּמאַך. אין אַ ריי קלענערע פאַכן, ווי אין דעם ווייטגודס (ווייס) פאַך, שטריקער א. אַ., איז די לאַגע געווען פיל ערגער. אויך אין דעם היט־ און קאַפּן־פאַך האָט זיך

אנגעהויבן א לאנגזאמער צוריקטרעט פון די געוואונענע פאזיציעס. (אז אויסנאם זיינען געווען א פאר פריווילעגירטע צווייגן פון דעם פאך.)

די „פעטע" פראספעריטעט־יארן, וואס האבן באצייכנט א באדייטנדיקן אפפאל אין דער מיטגלידערשאפט פון דער א. פ. או ל. — א פארלוסט פון א מיליאן מיטגלידער — און א פארלוסט פון פאזיציעס בכלל, זיינען אין די נאדל־פאכן דורכגעגאנגען אין גראנדיעזע, הייסע ארויסטרעטונגען פון דעם רענק און פייל.

## לינקער פליגל האט ארויסגערופן שעפערישע איניציאטיווע פון די ארבעטער

מיט דעם זעלבן אימפעט און איניציאטיווע, מיט וועלכע די נאדל־ארבעטער האבן אין די יארן 1910—1913 געבראכן די אליין־הערשאפט פון די באלעבאטים און אפגעשאפט די סוועט־שאפ סיסטעם, האבן זיי אין דעם פעריאד 1925—1928 זיך געווארפן נעגן דער אליין־הערשאפט פון דער יוניאן־ביוראקראטיע, וואס האט זיי ניט געלאזט פארטיידיקן זייערע געווינסן אין די שעפער. די עקזיסטענץ פון דעם לינקן פליגל און פון דער קאמוניס־טישער באוועגונג האבן אוממעגלעך געמאכט פאר דער יוניאן־ביוראקראטיע דורכצופירן א צווייטע „הורוויטש־אפערע" אדער א לאקאל איינס „רע־ארגאניזאציע" און רייטן איבער די ארבעטער מיט דער הילף פון שטראפן, אויסשליסונגען און גענגסטערס.

פיל צענדליקער טויזנטער ארבעטער האבן ארויסגעוויזן א זעלטענעם מוט און אומבאשרייבלעכע אפערוויליקייט אין די היסטארישע קאמפן אונטער דעם לינקן פליגל. די איבערוועגנדיקע מערהייט פון די ארבעטער זיינען געווען מיט דעם לינקן פליגל. די גרעסטע יוניאנס פון דער א. ל. ג. וו. י. און פון דער פאריער אינטערנעשאנאל זיינען געפירט געווארן פון קאמוניסטן און לינקע, אויסגעקליבן פון די ארבעטער, ניט געקוקט אויף סטראשונקעס און טעראר.

לויט אלע עלעמענטארע געזעצן פון דעמאקראטיע און פאלק־ווילן, האבן די לינקע געקראגן דעם אבסאלוטן מאנדאט פון 70 ביז 80 פראצענט — קאנסערוואטיוו געשאצט — פון די נאדל־פאך ארבעטער. אבער די „סאָ־ציאליסטישע" יוניאן־פירערשאפט, וואס לאזט ניט ארויס פון אירע ליפן איר טרייהייט צו דעמאקראטיע און פאלק־ווילן, האט מיט דער גרעסטער ברוטאלי־טעט פארלעצט און פארגוואלדיקט דעם אויסגעשפראכענעם ווילן פון דער

גרויסער ארבעטער־מערהייט. געגן דעם רענק און פייל איז ארויסגעשטעלט געוואָרן א הייליקער בונד פון יוניאָן־באאמטע, סאָציאַליסטישע פירער, טעמעני האָל פּאָליציי און ריכטער, באַלעבאַטים און קאפּיטאַליסטישע פּרעסע.

## גרויסע מערהייט אַרבעטער מיט די לינקע שוין אין 1925

אין 1925 האָבן די דריי גרעסטע יוניאָנס פון דער א. ל. ג. וו. י. אין ניו יאָרק — לאָקאַל 1, לאָקאַל 9 און לאָקאַל 22 (דרעסמאַכער) — אויס־געקליבן לינקע פאַרוואַלטונגען. שפּעטער איז אויך לאָקאַל 35 (פּרעסער) אַריבער צו די לינקע. דאָס האָט געגעבן די לינקע אַ מערהייט פון אַרום 70 פּראָצענט מיטגלידער, אָבער ניט קיין מערהייט אין דער דזשאָינט באָארד. דאָרטן האָבן די רעכטע אָנגעהאַלטן זייער מאַכט דורך דער „ראָטן באָרא" סיסטעם (אַ צעפּוילטע סיסטעם פון געגנט־פאָרשטייערשאַפט). אַ יוניאָן פון 20 טויזנט מיטגלידער איז פאָרטראָטן געווען אין דער דזשאָינט באָארד דורך פינף דעלעגאַטן און אַ יוניאָן פון פינף הונדערט מיטגלידער האָט אויך געהאַט פינף דעלעגאַטן אין דער דזשאָינט באָארד. אַזאַ גלייכע פאַר־טרעטערשאַפט איז געווען אָנגענומען פאַר דער יוניאָן־ביוראָקראַטיע. זי האָט געשפּאָלטן יוניאָנס, אָפּגעריסן קליינע צווייגן פון אַ פאַך, זיי אָרגאַניזירט באַ־זונדער און האַלטנדיק די קליינע יוניאָנס אונטער איר קנאַפּל, האָט זי געקענט ווייטער הערשן אין דער דזשאָינט־באָארד. איינע פון די וויכטיקסטע פאָדע־רונגען פון לינקן פליגל איז דעריבער געווען פּראָפּאָרציאָנעלע פאָרטרעטער־שאַפט, וואָס וועט אויסדריקן די מיינונג פון דער גרויסער מערהייט אַרבעטער. אַזאַ פאָרטרעטערשאַפט וואָלט גלייכצייטיק געפירט צו דער פאַראייניקונג פון די יוניאָנס, אַנשטאָט צו זייער צעשפּליטערונג.

## לאַגע אין די שעפּער ערגער; רעכטע הויבן אָן אַטאַקע

די לאַגע אין די שעפּער איז געווען זייער אָן אָנגעצויגענע. די רעכטע פירערשאַפט האָט זיך פאַרפליכטעט צו וואַרטן אויף די רעקאָמענדאַציעס פון דעם גאָווערנאָרס קאָמיסיע. די קאָמיסיע האָט זיך גענומען צייט. פון איר דאַך האָט ניט גערעגנט. די באַלעבאַטים האָבן אָן אויפהער פאַר־ערגערט די אַרבעט־באַדינגונגען און סטרייקן האָט מען ניט געטאָרט.

די רעכטע פירערשאַפט האָט באַגריפן, אַז איר הערשאַפט איז אַ קינסט־לעכע און קען לאַנג ניט דויערן. דער מאַרש פון די לינקע מוז אָפּגעשטעלט

ווערן, איידער דעם גאָווערנאָרס קאָמיסיע קומט אַרויס מיט אירע פאָרשלאָגן. האָט זי פאָרטראַכט אַ פּלאַן צו דערלאַנגען די לינקע אַ פאַרניכטנדיקן קלאַפּ. דער פאָטער פון דעם פּלאַן איז געווען מאָרים הילקוויט, פירער פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און ראַטגעבער פון דער אינטערנעשאָנאַל.

פאַר הילקוויטן איז קלאָר געווען, אַז די עקאָנאָמישע פּראָבלעמען קענען ניט זיין דער באַדן פאַר אַ קאַמף געגן די לינקע אין די דריי גרעסטע יוניאָנס. די אַרבעטער האָבן זיך געריסן געגן צוואַנג־אַרביטריישאָן. די לאָזונגען פון די לינקע זיינען געווען דאָס אייגנטום פון רענק און פייל. האָט הילקוויט אויסגעקליבן אַ פּאָליטישע אַרענע פאַרן קאַמף. דערביי איז ער געגאַנגען אין דעם אויסגעטראָטענעם וועג פון אַלע קאָמוניסטן־פרעסער, וואָס הייבן אויף דעם געשריי קאָמוניזם, צו פאַרדעקן זייערע פינצטערע טאַטן, אָדער רויבערישע אַפּעטיטן.

דער אויסרייד פאַר דער געפּלאַנטער אַטאַקע איז געווען, די ערשטע מאַי פייערונג פון די דריי לאָקאַלן אין מעטראָפּאָליטאַן אָפּערא הויז. מ. אָלגין, רעדאַקטאָר פון דער קאָמוניסטישער „פרייהייט״, איז איינגעלאַדן געוואָרן צו רעדן — אַ נאַטירלעכע זאַך פאַר לאָקאַלן געפירט פון מיליטאַנטישע אַר־בעטער. אָלגין האָט פאַרענדיקט זיין רעדע מיט דעם לאָזונג פון אַ סאָוועטן־אַמעריקע. די פיר טויזנט נאָדל־אַרבעטער האָבן מיט באַגייסטערונג אויפ־גענומען די רעדע און דעם לאָזונג.

הילקוויט, דער „פאָרווערטס״ און די אינטערנעשאָנאַל באַאַמטע האָבן געדענקט, אַז דאָ איז זייער שאַנס. אָלגינס ערשטע מאַי רעדע איז געוואָרן די געלעגנהייט פּטור צו ווערן פון די געזעצלעך־דערוויילטע פירער פון די דריי לאָקאַלן. פּלוצלונג זיינען אין דזשאָינט־באָארד אַריינגעבראַכט געוואָרן קלאַגעס. די מערהייט דעלעגאַטן אין דזשאָינט באָארד, וואָס האָבן פאַר־טראָטן אַ מינדערהייט פון מיטגלידער, האָט אויסגעשלאָסן די מינדערהייט דעלעגאַטן, וואָס האָט פאַרטראָטן אַ מערהייט מיטגלידער.

## אַרבעטער קעמפן פאַר זייערע אויסגעשלאָסענע פירער

די עקזעקוטיוועס פון די דריי לאָקאַלן האָבן זיך אַנטזאָגט צו אָנערקענען די אויסשליסונג פון זייערע פאָרשטייער. דעמאָלט האָט די אינטערנעשאָנאַל אַרונטערגעזעצט די דריי עקזעקוטיוועס און אויסגעשלאָסן זייערע מיטגלידער, אין אַ „פעלד־געריכט״ פּראָצעדור. אויף מאָרגן האָבן די אינטערנעשאָנאַל באַאַמטע מיט שטאָלץ דערקלערט אין די קאַפּיטאַליסטישע צייטונגען: קאָמו־

ניזם איז אויסגעראָטן פון דער יוניאָן. אמעריקאַניזם פּלוס ריינעם טרייד־יוניאָניזם האָט געזיגט איבער דעם „פּרעמדן", רויטן קאָמוניזם.

די גלאַטיק־אויסגעארבעטע פּלענער האָבן געליטן אַ שרעקלעכן דורכפאַל. די העצע, אַז קאָמוניסטן אין דער יוניאָן זיינען ניט אויסן דעם ברויט און פּוטער פון די אַרבעטער, נאָר די „אינטערעסן" פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, האָט זיך ניט צוגעקלעפּט צו די קלאָוקמאַכער און דרעסמאַכער. די אַרבעטער האָבן זיך צוזאַמענגענומען אַרום זייערע אויסגעשלאָסענע לינקע פירער מיט לואיס היימאַן, י. באָרוכאָוויטש, ראָוז וואָרטיס, ס. זימערמאַן א. אַ. אין דער שפּיץ.

די אָנגעזאַמלטע ביטערקייט געגן די פּאַרועטערישע באַאַמטע, מיט זייערע געדונגענע שלעגער, האָט אַ זעץ געטאָן פון די טיפענישן פון די מאַסן. דער קורצער, הייסער פּעריאָד פון שטורמישע קאַמפּן געגן דער זיגמאַנשטשינע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן זומער 1925 און האָט זיך געצויגן מיט אַן איבער־רייס, אין 1926 און 1927, איז געווען אַ מאָנומענט פון באַוואוסטזיניקן אַרבעטער־רעוואָלט, פון אומבאַשרייבלעכן העראָאישן ווידערשטאַנד, פון שעפערישער איניציאַטיווע און קאַמף־לוסטיקייט פון דעם רענק און פייל, וואָס האָט ניט זיין גלייכן אין דער געשיכטע פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. צוזאַמען מיט די העלדישע אַרויסטרעטונגען פון די פּאַריערס אין די זעלבע יאָרן, איז דער רענק און פייל אין דער קליידער־אינדוסטריע געשטאַנען אין די סאַמע פאָדערשטע פּאָזיציעס אין דעם קאַמף געגן די קאַפּיטאַליסטן און זייערע פאַרבינדעטע, די רעכטע יוניאָן־באַאַמטע. אַ קוואַל פון באַגייסטערונג האָט זיך געטראָגן פון דער אַנטשלאָסנקייט מיט וועלכער פיל צענדליקער טויזנטער אַרבעטער אין ניו יאָרק, שיקאַגאָ, באָסטאָן א. אַ. שטעט האָבן צוריקגעשלאָגן די אַטאַקעס פון די פּאַראייניקטע פיינטלעכע כוחות.

## לינקער פליגל געגן אַ נייער יוניאָן

אַ פּאָרשטייער פון דזשאָינט־באָארד האָט זיך ניט געקענט באַווייזן אין אַ שאָפּ. דער שטראָם פון דיוס־צאָלונגען איז אָפּגעשטעלט געוואָרן. צווישן די אַרבעטער האָט זיך אפילו געטראָגן אַ געדאַנק איבערצולאָזן די אינטער־נעשאָנאַל־מאַשין און בויען אַן אייגענע יוניאָן. אָבער די קאָמוניסטישע פּאַרטיי און די טרייד־יוניאָן עדיוקיישאָנאַל ליג, וואָס האָבן באַאיינפלוסט די קעמפנדיקע מאַסן, זיינען אַנטשלאָסן געווען געגן אַ נייער יוניאָן. דער קאַמף איז געפירט געוואָרן פאַר דער צוריק־אויפשטעלונג פון די אויסגעשלאָסענע,

אין דער יוניאן. דער לינקער פליגל איז שארף ארויסגעטראטן געגן די, וועלכע האבן זיך ארומגעטראגן מיט דער אידייע פון א נייער יוניאן. באַזונדערס איז די שטימונג פאר א נייער רענק און פייל יוניאן פארשפרייט געווען אין דעם צווייטן קאמף אונטער דער דזשאינט עקשאן קאמיטע אין 1926, ווען די מערהייט פון די מיטגלידער פון דער א. ל. ג. וו. י. איז געשטאנען אויסער דער יוניאן.

אויפן דריטן מאנאט פון דעם מאסן-קאמף האט די אינטערנעשאנאל-מאשין דערזען צוויי זאכן: ערשטנס, אז די יוניאן גליטשט זיך ארויס פון



מאָריס זיגמאַן

אירע הענט, און צווייטנס, אז די לינקע זיינען אנטשלאסן צו פארבלייבן אין דער אינטערנעשאנאל, ניט געקוקט אויף דער שטימונג פון א גרויסן טייל פון דעם רענק און פייל פאר א שפאלטונג. די צוויי זאכן האבן איר געטריבן דורכצופירן א צוריקטרעט ביז וואנען א בעסערע געלעגנהייט וועט זיך אונטער-רוקן.

זיגמאן האט פארגעשלאגן א קאמפראמיס. דער לינקער פליגל, דורכגעדרונגען מיט דעם געדאנק פון דער גאנצקייט פון דער יוניאן און מיט דער גרויסער פאראנטווארטלעכקייט פאר די אינטערעסן פון די ארבעטער,

האט דעם קאמפראמיס אנגענומען אפילו אן א באווארעניש, א זאך וואס דארף באטראכט ווערן ווי א פעלער.

די אינטערנעשאנאל האט פארשפראכן דעמאקראטיע אין דער יוניאן און טאלעראנץ צו אירע פאליטישע געגנער. די זייער וויכטיקע פראגע פון פראפארציאנעלע פארטרעטערשאפט וועט לייזן א ספעציעלער צוזאמענפאר, דעצעמבער 1925, אין פילאדעלפיע.

צום צוזאמענפאר האט די זיגמאן־מאשין געבראכט א מערהייט דעלע־גאטן פון פאפירענע יוניאנס אין קליינע שטעטלעך. מיטן כח פון זיין פאברי־צירטער מערהייט האט זיגמאן געבראכן דעם אפמאך מיט די דריי לאקאלן.

זיגמאנס ארויסטרעטונג געגן די קלאוקמאכער אין סטרייק

נאכדעם ווי די דעלעגאציע פון די לינקע לאקאלן האט דעמאנסטראטיוו ארויסגעמארשירט פון צוזאמענפאר, האט די זיגמאן־מאשין געשלאסן א צווייטן קאמפראמיס־אפמאך, מיט דער זעלבער אויסזיכט צו ברעכן עס ביי דער ערשטער בעסטער געלעגנהייט. אזא געלעגנהייט איז געקומען אין דעם קלאוקמאכער גענעראל־סטרייק, וואס האט זיך אנגעהויבן דעם 30סטן יוני, 1926, ווי א פראטעסט פון די ארבעטער געגן די באשטימונגען פון דעם גאווערנארס קאמיסיע. (די קאמיסיע האט צוריקגעוויזן די פאדערונג פון די ארבעטער פאר 40 ארבעט־שטונדן א וואך און האט געגעבן דאס רעכט די באלעבאטים צו אנטזאגן יעדן יאר צען פראצענט פון זייערע ארבעטער.)

ווען דער סטרייק איז ארויסגערופן געווארן, איז די דזשאינט־באארד געפירט געווארן פון די לינקע. לואיס היימאן איז געווען פארוואלטער פון דזשאינט־באארד און פארזיצער פון דער גענעראל־סטרייק־קאמיטע. אין זייער הייסער שטרעבונג צו אייניקייט, זיינען די רעכטע באשטימט געווארן צו פאראנטווארטלעכע פאסטנס אין דער סטרייק־פירונג. זיגמאן איז געווארן וויצע־פארזיצער פון דער גענעראל־סטרייק־קאמיטע. די נאאיוויטעט פון די לינקע האט זיך ארויסגעוויזן צו זיין א געפערלעכער שריט, פאר וועלכן די קלאוקמאכער האבן טייער באצאלט. זיגמאן און זיינע מענטשן האבן שטילערהייט דערמוטיקט די באלעבאטים ניט נאכצוגעבן די סטרייקער. אין די קאמיטעס האבן זיי געארבעט צו פאראליזירן דעם סטרייק. די רעכטע באאמטע האבן אויסגעגעבן גרויסע סומען געלט „אפצושטעלן" די סקעב־ארבעט אין אנדערע שטעט און נאכדעם געווארפן די פאראנטווארטלעכקייט אויף דער לינקער פירערשאפט.

דער סטרייק איז געפירט געוואָרן מיט דעם אַקטיוון אָנטייל פון אַלע קלאָוקמאַכער. ווען די אינטערנעשאָנאַל־מאַשין האָט געזען אַז די אַנטשלאָסנ־קייט פון די סטרייקער וועט באַלד אַרויסרייסן אַ פּולן זיג פון די באַלעבאַטים, האָט זי באַשלאָסן אויף אַ פאַרצווייפלטן מיטל.

פלוצלונג, דעם צוואַנציקסטן סעפּטעמבער, איז זיגמאַן אַרויסגעקומען מיט אַ געשוואָרענער מעלדונג צום געריכט (אַפידייוויט), אַז דער גאַנצער סטרייק איז אַרויפגעצוואונגען געוואָרן אויף די אַרבעטער. די גאַנצע פּרעסע האָט דאָס אויפגעכאַפּט ווי אַ טייערן געווינס.

אויך דער מעסער אין רוקן האָט ניט דעמאָראַליזירט די קלאָוקמאַכער־רייען. אָבער דעם סטרייק האָט עס פאַרלענגערט. די באַלעבאַטים זיינען געוואָרן שטייפער. נאָך צוואַנציק וואָכן סטרייק, נאָך אַ פאַרלוסט פון דעם סעזאָן, איז דער סטרייק געשליכטעט געוואָרן מיט אַ קאָמפּראָמיס, וואָס איז געווען גינסטיקער פאַר די אַרבעטער ווי די באַדינגונגען פון דעם גאָווערנאָרס קאָמיסיע.

די קלאָוקמאַכער האָבן געקראָגן אַ לוין־העכערונג פון פיר ביז אַכט דאָלאַר אַ וואָך. דאָס רעכט צו אַנטזאָגן צען פּראָצענט פון שאַפּ, וואָס דעם גאָווערנאָרס קאָמיסיע האָט געגעבן די באַלעבאַטים, איז באַשרענקט געוואָרן.

די צווייטע אַטאַקע און דער מאַסן־טעראָר

אין סטרייק זיינען פאַרבליבן נאָר די קאָנטראַקטאָרס. מיט דעם האָט זיך באַנוצט די „פאָרווערטס״־אינטערנעשאָנאַל קליקע און דעם 13טן דעצעמבער, 1926, האָט די אינטערנעשאָנאַל גענעראַל עקזעקוטיוו־באָארד אָנגעהויבן די צווייטע אַטאַקע. אונטער דעם פאַלשן אויסרייד, אַז די לינקע פירערשאַפט האָט אַרויפגעצוואונגען אַ „קאַטאַסטראָפאַלישן סטרייק אָן דער צושטימונג פון די מיטגלידער״, האָט די גענעראַל עקזעקוטיוו־באָארד באַשלאָסן איבער־צונעמען דעם סטרייק.

אַן אָרגיע פון אויסשליסונגען און גוואַלדטאַטן געגן די מיטגלידער איז אויסגעבראָכן. די טשאַרטערס פון די פיר לאָקאַלן זיינען צוגענומען געוואָרן. נייע יוניאָן־ביכלעך צו פופציק סענט אַ שטיק זיינען אַרויסגעלאָזט געוואָרן. די אַרבעטער האָבן זיך מיט צאָרן און עקל אָפּגעטרייסלט פון זיגמאַנס נייע באַאמטע. טויזנטער אַרבעטער זיינען פאַרבליבן אויסער דער יוניאָן. הונדער־טער זיינען מערדערלעך צעשלאָגן געוואָרן פון דער פּאָליציי, וואָס איז גע־שטעלט געוואָרן צום דינסט פון דער זיגמאַן־מאַשין און פון אירע אייגענע

„שטאַרקע". טויזנטער אַרבעטער זיינען געבליבן ברויטלאָז. די באַלעבאַטים זיינען אומעטום געשטאַנען מיט די אינטערנעשאָנאַל־באַאַמטע.

די באַאַמטע זיינען געגאַנגען אין געריכט און געבראַכט פאַבריצירטע קלאַגעס געגן די לינקע טוער. דער גאַנצער פּרויען־קליידער צענטער (מאַרקעט) איז פאַרפּלייצט געוואָרן מיט פּאָליציי, דעטעקטיווס און „שטאַרקע". די אַרבעטער האָבן העראָאיש זיך געשטעלט געגן די אַלע ברוטאַלע גוואַלד־מיטלען. די פאַרזאַמלונגען, גערופן פון די אויסגעשלאָסענע לאָקאַלן, האָבן געבראַכט צענדליקער טויזנטער אַרבעטער. ניט ווייניקער פון 80 פּראָצענט פון דער גאַנצער א. ל. ג. וו. י. מיטגלידערשאַפט איז געשטאַנען דורכאויס מיט דעם לינקן פליגל.

זיגמאַן, הילקוויט און דער „פאָרווערטס" האָבן אויסגעצייכנט געוואוסט, אַז די לינקע ווילן ניט אָרגאַניזירן קיין נייע יוניאָן. האָבן זיי געטראַכטן מיט די פיס די עלעמענטאַרע רעכט און די לעבנס־אינטערעסן פון די אַרבעטער. די רעגק און פייל האָט געוואָלט אַ נייע יוניאָן. די גאַנצע אָריענטאַציע פון דער לינקער און קאָמוניסטישער באַוועגונג אין יענעם פּעריאָד איז אָבער געווען פאַר אַרבעט אין די א. פ. אָוו ל. יוניאָנס אונטער אַלע אומשטענדן. די אויסגעשלאָסענע לאָקאַלן האָבן דעריבער געצאַמט דעם פאַרלאַנג פון זייערע מיטגלידער און האָבן געפירט זייער קאַמף פאַר צוריק־אויפשטעלונג אין דער אינטערנעשאָנאַל. דאָס האָט אַנטשיידעט דעם אויסגאַנג פון דעם היסטאָרישן מאַסן־קאַמף, וואָס וועט אַריינגיין אין דער געשיכטע פון דער אַרבעטער־באַוועגונג ווי דער ערשטער באַוואוסטזיניקער אַרבעטער־רעוואָלט געגן אַ פאַררעטערישער יוניאָן־ביוראָקראַטיע.

### דער לינקער פליגל ביי די פאַריערס

דער דורכגעפאַלענער סטרייק אין 1920 איז געווען דער דירעקטער שטויס אויסצושיילן אַ לינקן פליגל אין פאַר־פאַך. דער יונגער אַרבעטער־עלעמענט האָט זיך אָרגאַניזירט געגן דער קאָרופּציע און גענגסטעריזם, וואָס קויפמאַן האָט אַריינגעפירט אין דער יוניאָן. די צווייטע שפּאַלטונג אין דער אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע, אין 1921, און די אַנטשטייאונג פון דער וואָירקערס פּאַרטיי, האָט צונויפגעבראַכט אַלע מיליטאַנטישע כוחות אין פאַר־פאַך אין איין לינקן פליגל, וואָס האָט שוין אין 1922 געוואונען איינ־פלוס אין דער דזשאָינט־באָאַרד.

אומדערפאַרנקייט און אומקלאַרקייט האָבן געפירט די לינקע צו באַגיין

א שלעכטן טאקטישן שריט. בען גאלד און די איבעריקע לינקע האבן פריז־ וויליק, ווי א פראטעסט געגן די פארפאלגונגען אויף זיי פון די פאראייניקטע אידישע געווערקשאפטן, רעזיגנירט פון דזשאינט־באארד און איבערגעגעבן די יוניאן צו די רעכטע.

די לינקע האבן שנעל איינגעזען זייער טעות. דער קאמף געגן קויפמאן־ סטעצקי־סארקין האט זיך צעפלאקערט איבעראניים. אין די שעפער האבן די באלעבאטים געגומען ארונטעררייסן די געווינסן. צוליב דעם כאאס אין פאך, איז אויסגעוואקסן א שטענדיקע רעזערוו־ארמיי ארבעטלאזע אפילו אין סעזאן.

ניט געקוקט אויף אלע גוואלד־מיטלען וואס די רעכטע אדמיניסטראציע האט ברייט באנוצט, האבן די לינקע געוואונען די וואלן אין 1925. הונדער־ טער ארבעטער האבן באצאלט פארן זיג מיט צעשפאלטענע קעפ. די לינקע אדמיניסטראציע איז ענערגיש צוגעטראטן צו פארשטארקן די פאזיציעס פון די ארבעטער אין די שעפער און צו באפעסטיקן די יוניאן. א קאמף מיט די באלעבאטים האט זיך אנגערוקט אומפארמיידלעך.

דער אפמאך צווישן דער יוניאן און דער אסאסיאיישאן איז אויס־ געגאנגען אין 1926, דער העכסטער יאר פון פראספעריטעט. אבער פאר די פאריער איז דאס געווען א מאגערער יאר. א פארשפרייטע קאנטראקטינג האט געדראט אויפצופרעסן די לעצטע, איבערגעבליבענע יוניאן־באדינגונגען. די באלעבאטים האבן געוואוסט, אז ווען זיי באנייען אן אפמאך מיט א לינקער אדמיניסטראציע, וועלן די פונקטן פון אפמאך ניט פארבלייבן אויפן פאפיר. די יוניאן וועט אכטונג געבן, אז די פונקטן זאלן דורכגעפירט ווערן אין די שעפער. זיינען זיי געווען איינגעשפארט.

פעברואר 1926 איז אויסגעבראכן דער גענעראל־סטרייק. די הויפט־ פאדערונגען זיינען געווען: פערציק ארבעט־שטונדן א וואך, א העכערן מינימום־לוין, גלייכע צעטיילונג פון ארבעט און באשרענקען דאס רעכט פון באלעבאס צו אנטזאגן ארבעטער נאך דער פראבע־צייט.

דער גענעראל־סטרייק האט אנגעהאלטן 17 וואכן. נאענט צו 12 טויזנט ארבעטער האבן זיך באטייליקט אין אים. די מיליטאנטישקייט פון די אר־ בעטער איז געווען אויסערגעוויינלעך. א פולער זיג איז געווען געזיכערט, ווען ניט דער אפענער סאבאטאזש פון דער פירערשאפט פון דער א. פ. או ל. און פון דער סאציאליסטישער פארטיי.

דער פאריער־סטרייק איז געווען די ערשטע פארמעסטונג צווישן דער לינקער ארבעטער־באוועגונג און די פאראייניקטע א. פ. או ל. און ס. פ. כחות.

אין זעלבן יאָר איז צוגעקומען דער סטרייק פון 35 טויזנט קלאָוקמאַכער. דער פּאַריער־סטרייק האָט געצווינגן די אַטאַקעס פון דער גאַנצער רעכטער פירערשאַפט, ניט צוליב דער וויכטיקער עקאָנאָמישער פּאָזיציע וואָס די פּאַריערס פאַרנעמען. זיי פאַרנעמען ניט קיין וויכטיקע פּאָזיציעס. די פּאַריערס זיינען געווען די ערשטע אַרבעטער־קאָלאָנע, וועמען די לינקע האָבן אַרויס־געפירט פון די שעפּער אין קאַמף פאַר בעסערע באַדינגונגען. ניט דערלאָזן די לינקע אַריינצופירן די פּאַריער זיגרייך אין די שעפּער, איז געוואָרן די אויפ־גאַבע פון דער רעכטער פירערשאַפט.

גרין פּרובירט ברעכן סטרייק; אַרבעטער שליידערן צוריק זיין אָפּמאַך

א דערפאָלגרייכער ביישפּיל איז אַנשטעקנדיק. אין א צייט, ווען די א. פּ. אָוו ל. יוניאָנס פאַרלירן מיטגלידער, ווען זייערע פירער טרעטן צוריק געגן דעם אָנגריף פון די באַלעבאַטים, וועט אַ זיג פון 12 טויזנט אַרבעטער, געפירט פון קאָמוניסטן און לינקע, זיין אַ הערלעכער, מעכטיקער רוף צו אַלע אָרגאַניזירטע אַרבעטער. פאַר וויליאַם גרין, מאַרים הילקוויט און דעם „פאַר־ווערטס" זיינען די רעזולטאַטן פון דעם פּאַריער־זיג קלאָר געווען. האָבן זיי אָנגענומען אַלע מיטלען צו באַרויבן די סטרייקער פון אַ זיג און דערמיט אויסלעשן אַ פונק, וואָס וועט זיך צעוואַקסן אין אַ פייער.

אויף דער זעקסטער וואָך פון סטרייק, נאָך איידער דער סעזאָן האָט זיך אָנגעהויבן, איז גרין פּלוצלונג אַרויסגעקומען מיט אַ פּאַרטיקן אָפּמאַך פאַר די פּאַריער, ניט אָנפרעגנדיק ביי דער גענעראַל־סטרייק־קאָמיטע און ביי דער דזשאָינט באָארד. אין געהיים האָט דער פּרעזידענט פון דער א. פּ. אָוו ל. צוזאַמען מיט מייער לאָנדאָן און שעכטמאַן, פּרעזידענט פון דער פּאַריער אינטערנעשאָנאַל, געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט די באַלעבאַטים אויף פיל ערגערע באַדינגונגען ווי די סטרייקער האָבן פאַרלאַנגט.

מיט דער הילף פון „פאָרווערטס" האָט גרין פאַררופן אַ פאַרזאַמלונג פון סטרייקער אין קאַרנעגיע האָל, צו ראַטיפיצירן זיין אָפּמאַך. די אויפנאַמע וואָס די פּאַריערס האָבן אים געגעבן איז געווען אַזאַ הייסע, אַז גרין האָט זיך אָפּגעטראָגן פון קאַרנעגיע האָל און די דזשאָינט באָארד האָט איבער־גענומען די פאַרזאַמלונג.

פאַרשטייט זיך, אַז די באַלעבאַטים זיינען געוואָרן שטייפער, האָבנדיק אויף זייער זייט די א. פּ. אָוו ל. דער אָפּמאַך, וואָס איז געשלאָסן געוואָרן מיט 10 וואָכן שפּעטער, איז שוין ניט געווען קיין אַנטשיידענער געווינס

פאַר די אַרבעטער. די לינקע פירערשאַפט האָט ניט באַהאַלטן דעם קאַמף־פּראָמיס־כאַראַקטער פון דעם אָפּמאַך. בען גאָלד האָט דאָס קלאָר געמאַכט אין זיין באַריכט צו די שאַפּ־טשערלייט און אַקטיווע מיטגלידער. אָבער די פּאָריער האָבן מיט רעכט באַטראַכט דעם אָפּמאַך פאַר אַ זיג. די 40 שטונדן זיינען אויסגעקעמפט געוואָרן צוזאַמען מיט אַ לוין־העכערונג און מיט אַ פאַרשטאַרקונג פון דער יוניאָן.



בען גאָלד

די מסירה געגן דער פּאָריער יוניאָן און די טעראָר־קאַמפּאַניע

דער עקזעקוטיוו קאונסיל פון דער א. פ. אָוו ל. האָט אָבער ניט אויפגעגעבן זיין קאַמף געגן די פּאָריערס. דער עקזעקוטיוו קאונסיל האָט באַשלאָסן צו אונטערזוכן די סטרייק־פירונג. די א. פ. אָוו ל., וואָס באַאומרואיקט זיך ניט צו אונטערזוכן פאַרלאָרענע סטרייקס, גייט זיך ראַיען אין אַ געוואונענעם סטרייק. די בייזוויליקע מאַנעוורע האָט געריסן די אויגן, אָבער די לינקע פּאָריער־פירער האָבן געזוכט אויסצומיידן אַ קאַמף מיט דעם א. פ. אָוו ל.

עקזעקוטיוו קאונסיל. די אונטערזוכער, מעטיו וואָל, עדווארד מעקגריידי און יו פריינ זיינען צוגעלאָזט געוואָרן צו אַלע דאָקומענטן און ביכער. דער רעזולטאַט איז געווען אַן עקלהאַפטע מסירה פון דער א. פ. אָוו ל. צו דער רעגירונג פון ניו יאָרק געגן דער פאָריערס יוניאָן.

די א. פ. אָוו ל. אונטערזוכער זיינען ארויסגעקומען מיט א געשריי, אַז די פירער פון סטרייק האָבן „אָפּגעקויפט" די פּאָליציי און ריכטער, זיי זאָלן זיין מילד צו די סטרייקער. די א. פ. אָוו ל. קען ניט דולדן אַזא אומ־געזעצלעכע, ניט־פּאַטריאָטישע האנדלונג, זי פאָדערט אַז די רעגירונג זאָל אָננעמען שטראָף־מיטלען געגן די פירער פון דער פאָריערס יוניאָן.

די געשיכטע פון דער א. פ. אָוו ל. ביוראָקראַטיע, פול מיט אַלערליי אַנטי־ארבעטער ארויסטרעטונגען, ווייסט ניט פון אַזא שענדלעכן פאַל, ווי די מסירה געגן דער פאָריערס יוניאָן. נאָר די מורא פאַר דעם וואוקס פון קאָמוניסטישן און לינקן איינפלוס אין די יוניאָנס האָט געטריבן די גרינס צו גיין אַזוי ווייט געגן די לעבנס־אינטערעסן פון 12,000 ארבעטער.

די מסירה איז געווען דער סיגנאַל פאַר א קאַמפּאַניע פון מאַסן־טעראָר געגן דער פאָריערס יוניאָן. דער „פאָרווערטס" האָט צוגעטראָגן זיין טייל צו דער העצע. די קאַפּיטאַליסטישע פּרעסע האָט אויפגעשרויפט א לינטש־אַטמאָספערע געגן די קאָמוניסטן אין דער שפּיץ פון דער יוניאָן. די א. פ. אָוו ל. האָט אויסגעשלאָסן די גאַנצע דזשאָינט באָארד און אויפגעשטעלט א נייע יוניאָן, מיט די באַאמטע, וועמען די פאָריערס האָבן ארויסגעוואָרפן אין 1925. מעקגריידי איז אָנגעשטעלט געוואָרן פאַרן דיקטאַטאָר איבער די פאָריערס. מיט דעם כח פון פּאָליציי־דעפּאַרטמענט און גערדונגענע גענגסטער־באַנדעס, איז דער פאַר־מארקעט פארוואַנדלט געוואָרן אין א באַלאַגערטן געגנט, וואו דריי ארבעטער האָבן ניט געקענט זיך אָפּשטעלן צו רעדן א וואָרט צווישן זיך. דער פּאָליציי־צירקל און דער אָרטיקער געריכט זיינען געווען פול מיט ארעסטירטע פאָריערס, וואָס האָבן זיך געשטעלט געגן דער ארויפגעצוואונגענער רעכטער יוניאָן. א סך ארבעטער זיינען ארויסגעוואָרפן געוואָרן פון די שעפער.

די מינעאָלאַ־פאַרשווערונג איז געווען אַן ערנסטע געפאַר פאַר דער יוניאָן. די גאַנצע פירערשאַפט איז אָנגעקלאָגט געוואָרן אין פאַראורזאַכן גוואַלד־טאַטן אין צייט פון סטרייק. דער פּראָצעס האָט אויסגעזויגן די יוניאָן־פאָנדן. עטלעכע ארבעטער זיינען פאַראורטיילט געוואָרן צו דריי און צו פינף יאָר טורמע.

פונקט ווי ביי די קלאָוקמאַכער, איז דער אויסגאַנג פון דעם קאַמף

צווישן דעם פאריער רענק און פייל און די פאראייניקטע באלעבאטים, יוניאן און ס. פּ. פירער געווען פארזיגלט, הויפטזאכלעך צוליב דער אנטשלאסנקייט פון לינקן פליגל ניט צו ארגאניזירן א נייע יוניאן. קוקנדיק צוריק, איז קלאר, אז די שטעלונג געגן א נייער יוניאן איז ניט געווען קיין ריכטיקע.

דער דראנג פון דעם רענק און פייל אין דער פרויען-קליידער אינדוסטריע אין די מאסן-קאמפן פון 1925-1926, צו שאפן א נייע, אייגענע יוניאן, וואס זאל פארטרעטן זיינע אינטערעסן, האט געשטאמט פון א געזונטן, פראלע־טארישן אינסטינקט. די קאמוניסטישע און לינקע באוועגונג, וואס האט געגעבן אידעאלאגישע פירערשאפט דעם קעמפנדיקן רענק און פייל, האט אונטערשאצט די גרייטקייט פון די ארבעטער און זייער רייפקייט צו בויען א נייע ארגאניזאציע. זי האט אויך ניט פולשטענדיק באגריפן די דעמאראלי־זירנדיקע ווירקונג וואס די פראספעריטעט האט אויפן אנפירנדיקן שיכט אין דער א. פ. און ל. די עקאנאמישע באזע פון רעפארמיזם און פון קארופציע, וואס שטאמט פון רעפארמיזם, איז די העכערע מאטעריעלע לאגע פון גע־ציילטע און געקליבענע ארבעטער־גרופעס. קאפיטאליסטישע „נארמאליטעט" האט געליפערט אזא עקאנאמישע באזע. די א. פ. און ל. ביוראקראטיע האט זיך ארייגעפאסט אין דעם „גילדענעם" קולידזש־פעריאד און האט ניט גע־וואלט הערן פון ארגאניזירן די אומארגאניזירטע און פון איבערבויען די עקזיסטירנדיקע פאך־יוניאנס אין אינסטרומענטן פון ארבעטער־קאמפן. זי האט זיך ניט אפגעשטעלט פאר קיין מיטל צו צעברעכן יוניאנס מיט א לינקער פירערשאפט.

ערשט מיט צוויי יאר שפעטער, ווען דער רעאקציאנער־פארגליווערטער כאראקטער פון דעם א. פ. און ל. באאמטנטום האט דערפירט דערצו, אז אין צוויי גרויסע אינדוסטריעס—ווייכע קוילן און טעקסטיל—זיינען די יוניאנס פאקטיש אפגעווישט געווארן און אין דער פרויען-קליידער אינדוסטריע זיינען טויזנטער ארבעטער געשטעלט געווארן אויסער יוניאנס, האט די קאמוניס־טישע און לינקע באוועגונג ניט געהאט קיין אנדער אויסוועג, ווי גרינדן נייע יוניאנס.*)

דעמאלט איז שוין די צייט ניט געווען אזוי גינסטיק ווי אין 1926. דער קריזיס איז געשטאנען אויפן שוועל. פונדעסטוועגן פארמאגן די נייע יוניאנס גרויסע פארדינסטן פאר דער ארבעטער־באוועגונג.

---

*) מער וועגן די נייע יוניאנס, אין קאפיטל: דער לינקער פליגל.

## די אינדוסטריעלע נאָדל־פאַך ארבעטער יוניאָן

די אינדוסטריעלע נאָדל־פאַך ארבעטער יוניאָן איז אָרגאַניזירט געוואָרן דעם 1טן יאַנואַר, 1929, אויף דעם גרינדונג־צוזאַמענפאָר אין ניו סטאַר קאַסינאָ, ניו יאָרק. לואיס היימאַן איז דערוויילט געוואָרן פאָרזיצער און בען גאָלד גענעראַל־סעקרעטאַר. די מענער־שניידער זיינען אויסגעלאָזט געוואָרן, ניט ווייל זייער לאַגע איז געווען בעסער, נאָר ווייל די כחות פון די לינקע זיי־



לואיס הייטאַן

נען געווען שוואַכער, צוליב דעם סיסטעמאַטישן טעראָר וואָס האָט געהערשט אין דער אַמאַלגאַמייטעד, וואו בעקערמאַן האָט איינגעפירט א רעקעט וואָס האָט פונקציאָנירט מיט דער הילף פון באַוואוסטע גענגסטער־באַנדעס, וועלכע זיינען געווען ענג פאַרבונדן מיט דער הערשנדיקער טעמעני האָל מאַשין.

פון איר ערשטן טאָג איז די אינדוסטריעלע יוניאָן פאַרוויקלט געווען אין אומאויפהערלעכע קאַמפן. דער קריזיס האָט אַרונטערגעשלעפּט די באַדינגונגען פון די נאָדל־פאַך ארבעטער אין אָפּגרונט. די קליידער־אינדוסטריע איז געוואָרן א מאָדערנער סוועט־שאַפּ. יוניאָן־קאָנטראָל איז פאַרשוואונדן.

פון די יוניאָנס איז געבליבן נאָר סקעלעטן. אַ קלאָוקמאַכער איז אַרומ־געגאַנגען נאָך אַ טאָג אַרבעט אין סעזאָן מיט צוויי און דריי דאָלאַר. פרויען אין דרעס־שעפּער האָבן געאַרבעט פאַר זעקס, זיבן אָדער אַכט דאָלאַר אַ וואָך אין סעזאָן. טויזנטער מענער־שניידער זיינען אַרויסגעטריבן געוואָרן פון דער אינדוסטריע, ווייל זיי האָבן ניט געקענט פאַרדינען גענוג פאַר די סאַמע עלעמענטאַרסטע באַדערפעניש.

די אינדוסטריעלע יוניאָן איז פון סאַמע געבורט אַרומגערינגלט געווען פון שונאים. דער א. פ. אָוו ל. באַאַמטער איז געקומען צו הילף דעם באַלעבאָס וואָס האָט ניט געהאַט קיין חשק צו אָנערקענען אַ מיליטאַנטישע יוניאָן. און פאַרקערט, דער באַלעבאָס האָט אויסגעקליבן די „קלענערע צרה״ און געזוכט אַרויפצוצווינגען אויף זיינע אַרבעטער די אַלטע יוניאָן, דאָרטן וואו זיי האָבן געוואָלט באַלאַנגען צו דער נייער.

די פאַראייניקטע שונאים האָבן ניט געגעבן דער אינדוסטריעלער יוניאָן קיין רו. פּאָליציי־פאַרפאָלגונגען, געריכט־קלאַגעס, העצעס אין דער פּרעסע, איבערפאַלן און מאָרדן האָבן געהאָגלט אויף דער יוניאָן כמעט אָן אויפהער. פונדעסטוועגן איז דער יוניאָן געלונגען אַרויסצושלעפּן די פאָריערס פון דעם אָפּגרונט פון אַ מאָדערנעם סוועט־שאָפּ און צוריקגעווינען פאַר זיי די אַרבעט־באַדינגונגען פון 1926, אַ דערגרייכונג וואָס קיין אַנדער נאָדל־פאַך האָט ניט באַוויזן. ערשט זומער 1933, האָט אַ סטרייק־כוואַליע אַרומ־געכאַפּט די איבעריקע צווייגן פון דער קליידער־אינדוסטריע.

## דער מאָרד פון לאַנגער און דער איבערפאַל אויף דער יוניאָן

אַ גענעראַל־סטרייק ביי די פאָריער אין 1932 און אומצייליקע שאַפּ־סטרייקס האָבן געבראַכט צו אַ גרינטלעכער איבערקערעניש אין דעם פאַר־פאַך. געוויסע באַלעבאַטים־גרופּעס, צוזאַמען מיט רעקעטירס וואָס האָבן זיך איינגענאַדיעט אין פאַך און מיט דער שטיצע פון קאָרופּטע יוניאָן־באַאַמטע זיינען פאַראַנטוואָרטלעך געווען פאַר דעם מאָרד פון מאָריס לאַנגער, הויפּט פון דער פאָריער אינדוסטריעלער יוניאָן (דאַיערס און דרעסערס), מערץ 22, 1933. עטוואָס פריער איז דער אַרבעטער באָלעראַ דערשאָסן גע־וואָרן אויף טויט אין דעם סטרייק קעגן דער באַוואוסטער פאַר־פירמע, האָלאַנדער ברידער, אין נוארק. אַ מאָנאַט נאָך לאַנגערס מאָרד, אַפּריל 24, האָבן באַוואָפנטע גענגסטער דורכגעפירט אַן איבערפאַל אויף די העדקוואָטערס פון דער אינדוסטריעלער יוניאָן, 131 וועסט 28סטע גאַס, ניו יאָרק. די

גענגסטערס זיינען באַגעגנט געוואָרן מיט אַן ענערגישן ווידערשטאַנד. איין אַרבעטער, גאָטפריד, איז געשטאָרבן פון זיינע וואונדן. אַ גענגסטער איז דערהרגעט געוואָרן. די שפּורן פון דעם איבערפאַל האָבן געפירט דירעקט צו דער טיר פון דער רעכטער קליקע אין דער פּאַריערס אינטערנעשאַנאַל.

די אינדוסטריעלע יוניאָן איז געווען באַזונדערס טעטיק צווישן די פּאַריערס, וואו זי איז דער קאָנטראָלירנדיקער פאַקטאָר; צווישן די דרעס־מאַכער, שטריקער, בעטראָוב (כאַלאַטן) אַרבעטער און קאָסטאָם־טיילאָרס (שניידער אין רייכע שעפּער, וועלכע מאַכן קליידער אויף באַשטעלונגען פון די קונדן). די אינדוסטריעלע יוניאָן האָט אויפגעבויט פונקציאָנירנדיקע אָרגאַניזאַציעס אין די לעצטע דריי פאַכן, וואָס זיינען אינגאַנצן געווען אומ־אָרגאַניזירט. צוזאַמען מיט די לאָקאַלן איבערן לאַנד האָט די יוניאָן געציילט אין 1934, 25 טויזנט מיטגלידער.

אין פאַרלויף פון די נאָענט צו זעקס יאָר פון איר עקזיסטענץ האָט די אינדוסטריעלע יוניאָן געהאַט די אומבאַשרייבלעכע איבערגעגעבנקייט פון דער גרויסער מערהייט פּאַריער. די אַרבעטער האָבן דורכגעטראָגן מיט דערפאָלג שווערע, בלוטיקע קאַמפן אויפצוהאַלטן זייער יוניאָן.

### די סטרייקס אין 1933 און די ענדערונגען וואָס זיי האָבן געבראַכט

זומער 1933 זיינען אַרויס אין סטרייק די דרעסמאַכער, די קלאָוקמאַכער (אין אַן אָרגאַניזאַציע־„סטאָפּעדזש”), די שטריקער, וועש־אַרבעטער און אַ ריי אַנדערע פאַכן. ביי די אַרבעטער האָט געפלאַצט דאָס געדולד. די סטרייקס זיינען געווען וואָגיקע דעמאָנסטראַציעס פון דער אַנטשלאָסנקייט פון די אַרבעטער צו מאַכן אַ סוף פון דעם הפקר־צושטאַנד אין די שעפּער.

די נ.ר.א. באַאַמטע, וועלכע האָבן אין די גרויסע, טראָסטיפיצירטע אינ־דוסטריעס געהאָלפן די קאַפּיטאַליסטן געגן דער א. פ. אָוו ל., האָבן אין די נאָדל־פאַכן אָנגעווענדעט אַן אַנדער טאַקטיק. די מיליטאַנטישקייט פון די סטרייקער, די עקזיסטענץ פון דער אינדוסטריעלער יוניאָן און פון אַן אָרגאַניזירטן לינקן פליגל אין די א. פ. אָוו ל. יוניאָנס, האָט באַוואויגן דער נ.ר.א. אַדמיניסטראַציע אין ניו יאָרק און אין אַנדערע קליידער־צענטערן צו שטיצן די א. פ. אָוו ל. גראָווער וו‎העילען, הויפּט פון דער נ.ר.א. אין ניו יאָרק, האָט אָפן געסטראַשעט די דרעס־דזשאָבערס מיט „קאָמוניסטישן טראָבל” אויב זיי וועלן זיך ניט צוויילן צו שליסן אַן אָפּמאַך מיט דער א. ל. ג. וו. י. די קליידער־פאַבריקאַנטן זיינען ניט קיין וואָל־סטריט

מאַגנאַטן. געגן זיי האָט די רוזוועלט־אַדמיניסטראַציע זיך געקענט דערלויבן צו נעמען אַן אַרבעטער־פריינטלעכע שטעלונג, ווען די לאַגע האָט עס געפאָדערט.

מיט דעם כח פון די אַרבעטער זיינען אַ סך נאָדל־פאַכן אַרויסגעפירט געוואָרן פון דעם כאַאָס וואָס האָט געהערשט אין די ערשטע יאָרן פון קריזיס. נאָר ביי די מענער־שניידער, וועמענס פרעזידענט, סידני הילמאַן, אַן אָנגעזעענער מענטש אין רוזוועלטס אַדמיניסטראַציע (דער איינציקער אַרבעטער־פאָרשטייער אין דער רעאָרגאַניזירטער נ.ר.א.*), איז די שווערע לאַגע ניט פאַרבעסערט געוואָרן. הילמאַן האָט ניט דערלאָזט צו קיין סטרייק. דער קאָוד, וואָס ער האָט אונטערגעטראָגן די שניידער, איז געווען פון די ערגסטע אין דער קליידער־אינדוסטריע. 40 סענט אַ שטונדע און 36 אַרבעט־שטונדן אַ וואָך.

דער שטילשטאַנד אין די שעפער האָט לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. די באַלעבאַטים אין קלאָוק, דרעס און אַנדערע פאַכן האָבן גענומען אַטאַקירן דעם מינימום־לוין, כאָטש דורך די קאָודס האָט עס געקראָגן דעם כח פון אַ געזעץ.

די לאָווסטאָניסטן האָבן געאַרבעט געגן די אַרבעטער־אינטערעסן

די דובינסקי־אַדמיניסטראַציע אין דער א. ל. ג. וו. י. און אירע אַרויסהעלפער אין לאָקאַל 22 (דרעסמאַכער), די לאָווסטאָניסטן מיט ס. זימערמאַן אין דער שפּיץ, האָבן ניט געגעבן די אַרבעטער די מינדעסטע הילף אין זייער ווידערשטאַנד געגן די פאַרזוכן פון די באַלעבאַטים צו פאַרערגערן די אַרבעט־באַדינגונגען אין די שעפער. דאָרטן וואו דער מינימום־לוין ווערט נאָך אויפגעהאַלטן, איז דאָס אויסשליסלעך אַ דאַנק די אַרבעטער פון שאַפּ, וואָס האַלטן אָן זייערע געווינסן. אָבער ווייט ניט אין אַלע שעפער עקזיסטירט דער מינימום־לוין. אין אַ סך שעפער איז דער מינימום־לוין געוואָרן דער מאַקסימום און אין אַ ריי אַנדערע שעפער איז עס דער מאַקסימום אויך ניט מער.

באַזונדערס איז די לאַגע ערנסט אין דער דרעס־אינדוסטריע. די לאָווסטאָניסטישע גרופּע אין קאָנטראָל פון לאָקאַל 22 איז אַוועק ווייטער פון די

---

*) אין מיטן מערץ, 1935, איז אַ צווייטער יוניאָן־פירער, פיליפּ מאָרעי, וויס־פרעזידענט פון די יונייטעד מיין וואָירקערס, אַריינגענומען געוואָרן אין דער רעאָרגאַניזירטער נ.ר.א. דאָס האָט געבראַכט צום „שלום" צווישן רוזוועלט־ריטשבערג און דער א. פ. אָוו ל. פירערשאַפט.

אָפענע רעכטע באַאמטע אין צוטראַכטן אַלערליי „וויסנשאַפטלעכע" פּראָדוציר־פּלענער, וואָס זיינען אין דער ווירקלעכקייט אינסטרומענטן פון לוין־שניט.

די געענדערטע לאַגע אין דער גאַנצער אַרבעטער־באַוועגונג*), די אומ־אויפהערלעכע אַטאַקעס פון די באַלעבאַטים האָבן אויך אין אין די נאָדל־פאַכן אַרויסגערוקט די פראַגע פון טרייד־יוניאָן איינינקייט, ווי די סאַמע אַקטועלסטע פראַגע. די אינדוסטריעלע יוניאָן האָט אויפגעגעבן איר דרעס־מאַכער אָפּטיילונג און געשיקט אירע מיטגלידער אין לאָקאַל 22, אָבער די לאַווסטאָניסטישע באַאמטע, וואָס האָבן געבויט זייערע קאַריערעס אין דער יוניאָן אויף זייער געגנערשאַפט צו „דואַל יוניאָנס", האָבן געמאַכט אַלערליי שוועריקייטן די געוועזענע מיטגלידער פון דער אינדוסטריעלער יוניאָן. די זימערמאַן־אַדמיניסטראַציע איז געוואָרן דיסקרעדיטירט. די אָפּאָזיציע האָט אין אַ ריי וואַלן געצויגן אַרום 40 פּראָצענט פון אַלע אָפּגעגעבענע שטימען. די זימערמאַן־גרופּע האָט דעריבער געהאַט וואָגיקע אורזאַכן זיך צו שרעקן פאַר נייע הונדערטער דרעסמאַכער וואָס פאַרשטייען זיך אויף דער שעדלעכער לאַווסטאָניסטישער פּאָליטיק.

די עטלעכע לאַווסטאָניסטן אין פאָר־פאַך האָבן אויך ניט געזשאַלעוועט קיין מי צו שטערן אַ פאַראייניקונג. פריער האָבן די לאַווסטאָניסטן מיט־געאַרבעט מיטן רעכטן דזשאָינט קאָונסיל. די רעכטע האָבן זיי ענג געמאַכט און די לאַווסטאָניסטן זיינען געבליבן אינגאַנצן איזאָלירט. ווען די פאָריערס אינדוסטריעלע יוניאָן איז אַרויסגעקומען מיט אירע פאָרשלאָגן פאַר איין יוניאָן, ווי אַ טייל פון דער א. פ. אָוו ל., האָבן די לאַווסטאָניסטן געענדערט זייער טאַקטיק און זיינען שוין געוואָרן געגנער פון אַריינטרעטן אין דער א. פ. אָוו ל. די זעלבע טאַקטיק האָבן די לאַווסטאָניסטן געטריבן אין דער יונייטעד שיך־אַרבעטער יוניאָן, ווען די קאָמוניסטן האָבן אָנגעהויבן אַ באַוועגונג פאַר טרייד־יוניאָן איינינקייט מיט דער בוט און שו יוניאָן. די פראַגע פון טרייד־יוניאָן איינינקייט איז ביי די לאַווסטאָניסטן אַ פוס־באָל. זיי וואַרפן עס, ווי עס לוינט זיך זייער גרופּע, כאָטש עס שעדיקט די אַרבעטער.

פרילינג 1935 איז די לאַגע אין דער קליידער־אינדוסטריע ווידער געוואָרן אָנגעשטרענגט. די קלאָוק־ און דרעס־באַלעבאַטים סטראַשען ניט צו באַ־נייען די אָפּמאַכן מיט דער יוניאָן. אין אַ ריי קלענערע פאַכן איז יוניאָן־קאָנטראָל נאָר אויפן פּאַפּיר. ביי די מענער־שניידער איז דער פּראָדוציר־

*) זע קאַפּיטל: דער לינקער פליגל.

סטאַנדאַרד אַזוי אַרויפגעצויגן געוואָרן, אַז אין די בעסטע שעפּער פאַרדינען די שניידער דורכן יאָר ניט מער ווי צווישן 18 און 20 דאָלאַר אַ וואָך.

## אַרבעטער וועלן דאַרפן קעמפן אויסצוהאַלטן געווינסן

די געשיכטע פון די נאָדל־פאַכן איז דורכגעגאַנגען אונטער דעם צייכן פון אַ דאָפּלטן קאַמף: געגן די באַלעבאַטים און געגן די יוניאָן־פירער. צוליב אַ ריי אָביעקטיווע און, הויפּטזאַכלעך, סוביעקטיווע אורזאַכן, זיינען די פירער אַרוים זיגרייך. אָבער די געשיכטע איז נאָך ניט פאַרענדיקט. די לעצטע בלעטער זיינען נאָך ניט פאַרשריבן. דער זעלבער דאָפּלטער קאַמף שטייט פאַר די אַרבעטער. די דערפאַרונג, וואָס די נאָדל־אַרבעטער האָבן אָנגעזאַמלט אין דעם לאַנגן קאַמף־פּעריאָד, דאַרף זיי גוט צונוץ קומען אין די איצטיקע און שפּעטערדיקע אַרויסטרעטונגען.

## זעקס-און-דרייסיקסטער קאַפּיטל

# אין פּראָספּעריטעט

גרויסע אינוועסטמענטס אין נייע אינדוסטריעס און אויסשפּרייטונג פון בוי-אינדוסטריע. — די ווייטערדיקע קאָנצענטראַציע פון אינדוסטריע און פינאַנץ. — „קראַנקע" אינדוסטריעס. — אַ שטענדיקע אַרמיי פון אַרום 4 מיליאָן אַרבעטלאָזע.—טעכנאָלאָגישע אויסבעסערונגען און יאָגעניש פאַרערגערן לאַגע פון אַרבעטער.—דורכשניט-לעבער פאַרדינסט פיל נידעריקער פון מינימום לעבנס-סטאַנדאַרד.—אַרבעטער-באַנקען און זייער אונטערגאַנג.—אַרבעטער-פאַרטרעטערשאַפט און שותפות-פּלענער.—א. פ. אָוו ל. נעמט אָן די פּלענער פון „נייעם" קאַפּיטאַליזם.—די פאַרשפּרייטונג פון פרויען-אַרבעט אין דער אינדוסטריע.—צאָל פון מינדעריעריקע אין די פאַבריקן ווערט גרעסער.—א. פ. אָוו ל. פאַרלירט מיטגלידער אין דער פּראָספּעריטעט. — גענגסטעריזם און רעקעטירינג אין די יוניאָנס. — די סטרייקס אין די „קראַנקע" אינדוסטריעס און די קאַמפן פון לינקן פליגל.—די סאַקאָ-וואַנזעטי פאַרשווערונג. — קאַפּיטאַליסטן אייניק. — א. פ. אָוו ל. און סאָציאַליסטן שטערן מיליטאַנטישער אַקציע, וואָס קען ראַטעווען די צוויי מאַרטירער.

אין 1923 האָבן די אַמעריקאַנישע קאַפּיטאַליסטן באַוויזן בייצוקומען דעם נאָך־מלחמה קריזיס פון 1921־1922. די ריזיקע פאַרמעגנס וואָס די קאַפּיטאַליסטן האָבן אָנגעזאַמלט אין דעם מלחמה־פּעריאָד, ווען זיי זיינען געווען די ליפעראַנטן פון סחורות און מאַטעריאַלן פאַר אַ האַלבער וועלט, האָבן באַדאַרפט אינוועסטירט ווערן. דאָס געלט דאַרף באַנוצט ווערן צו פּראָדוצירן סחורות פון וועלכע די קאַפּיטאַליסטן זאָלן זאַמלען ווייטערע פאַרמעגנס.

אַזעלכע קוואַלן זיינען געווען צוויי: נייע, אָדער גאָר־יונגע, אינדוסטריעס און די בוי-אינדוסטריע.

ביליאָנען דאָלאַרן זיינען אינוועסטירט געוואָרן אין אַזעלכע אינדוסטריעס ווי עלעקטרישע קראַפט, עלעקטרישע אַפּאַראַטן און געצייג, אָטאָמאָבילן, עראָפּלאַנען, ראַדיאָ, אַלומינום, די רעדנדיקע פילם, רעיאָן (קינסטלעכער זייד) און כעמישע שטאָפן. ריזיקע פאַבריקן און מילן זיינען אויפגעבויט געוואָרן.

איינצלנע קליינע קאָמפּאַניעס אָדער אינדיווידועלע פאַבריקאַנטן זיינען אָפּ־
געקויפט אָדער איינגעשלונגען געוואָרן פון קאַפּיטאַליסטישע גיגאַנטן, ווי די
„דזשענעראַל מאָטאָרס קאָמפּאַניע" אין דער אָטאָמאָביל־אינדוסטריע, די
„אַמעריקאַן אַלומינום קאָמפּאַניע", „קעמיקעל קאָרפּאָריישאָן" און נאָך. אָט־
די אינדוסטריעס זיינען שנעל געוואָרן די וויכטיקסטע עקאָנאָמישע צווייגן אין
לאַנד. זייער אויסשפּרייטונג האָט געגעבן אַ שטאַרקן שטויס דער פּראָס־
פּעריטעט.

דער צווייטער קוואַל איז געווען די בוי־אינדוסטריע. אין פאַרלויף פון
די מלחמה־יאָרן איז די בויאונג פון פּריוואַטע הייזער איינגאַנצן אָפּגעשטעלט
געוואָרן. די מלחמה־נויטווענדיקייט האָט איינגעשלונגען אַלע בוי-מאַטעריאַלן.
אין דער זעלבער צייט האָט זיך געצויגן אַ שטראָם פון די פאַרמס אין שטאָט
אַריין. דער מאַנגל אין וואוינונגען איז געוואָרן שאַרף, די ענגשאַפט אום־
געהויער. די רייכע, וואָס האָבן געהאַט גענוג געלט, האָבן אויך געוואָלט בויען
נייע פּאַלאַצן און ווילעס פאַר זיך.

אין די מלחמה־יאָרן איז דירה־געלט גוואַלדיק געשטיגן און האָט גע־
בראַכט מאַסן־סטרייקס פון איינוואוינער. לענדלאָרדס און אייגנטימער פון
באָדן האָבן געמאַכט גרויסע פּראָפיטן פון ספּעקולאַטיוון קויפן און פאַרקויפן.
הייזער זיינען געגאַנגען פון האַנט צו האַנט און יעדעס מאָל אויף אַ העכערן
פּרייז. דאָס האָט באַשאַפן אַן אומנאַטירלעכן ריל־עסטייט בום.

בויער און ספּעקולאַנטן האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו בויען הייזער. אין
יעדער שטאָט זיינען צוגעקומען גאַנצע געגנטן וואָס זיינען פריער געווען באַ־
וואַקסן מיט גראָז אָדער צוגעדעקט מיט זאַמד. די באַנקען האָבן געגעבן
ברייטן קרעדיט און ביליאָנען דאָלאַרן זיינען אַריינגעלייגט געוואָרן אין די
נייע הייזער, נייע האָטעלן, און נייע וועגן פאַר אָטאָמאָבילן.

די אויסשפּרייטונג פון די אויבן־אויסגערעכנטע צווייגן האָט געפאָדערט
גרויסע זאַפּאַסן פון שטאָל און אייזן, קופּער, גומי, אויל, גלאָז, צעמענט, און
דאָס גלייכן. די גרונט־אינדוסטריעס וואָס פּראָדוצירן די האַלב־רויע מאַ־
טעריאַלן זיינען פאַרוואָרפן געוואָרן מיט באַשטעלונגען.

אייניקע ציפערן וועלן אילוסטרירן דעם וואוקס פון פּראָדוקציע.

### די שטאָל־אינדוסטריע

| יאָר | פּראָדוקציע | פּראָצענט פון אַלוועלטלעכער פּראָדוקציע |
|---|---|---|
| 1927 — | 43,287,743 טאָן, שטאָל-באַלקעס | 48.8 פּראָצענט |
| 1928 — | 49,853,225 " " | 48 " |

### אָטאָמאָבילן

| יאָר | פּראָדוקציע |
| --- | --- |
| 1927 | 3,580,000 |
| 1928 | 4,650,000 |

פון נאָענט צו 30 מיליאָן אָטאָמאָבילן אין דער וועלט, זיינען העכער 23 מיליאָן געווען אין די פאראייניקטע שטאַטן.

### עלעקטרישע קראַפט

אין 1928 האָט די פּראָדוקציע פון עלעקטרישער קראַפט באַטראָפן 841,000,000 קילאָוואַטע שטונדן (30 מיליאָן, 400 טויזנט פערד־קראַפט). דאָס איז מיט 9.5 פּראָצענט מער ווי אין 1927. 48.1 פּראָצענט פון דער אַלוועלטלעכער וואַסער־קראַפט האָט זיך געפונען אין די פאראייניקטע שטאַטן. (דאָס איז געווען איידער דער סאָוועטן־פארבאַנד האָט גענומען בויען די גרויסע וואַסער־קראַפט סטאַנציעס, ווי דער דניעפּר־בוי, וואָלגאַ־בוי, און נאָך.) אין זעלבן יאָר איז 78 פּראָצענט פון דער גאַנצער מעכאַנישער טרייב־קראַפט אין לאַנד געקומען פון עלעקטריציטעט.

### באַנקען און באַנקירן

א שטילע אָבער טיכטיקע קאָנצענטראַציע איז אָנגעגאַנגען אין דער פינאַנץ־וועלט. ניט געקוקט וואָס אין לאַנד האָבן פונקציאָנירט נאָענט צו 30,000 באַנקען, האָט אָבער א קליינע גרופּע מעכטיקע באַנקען קאָנטראָלירט דעם קרעדיט פון גאַנצן לאַנד. גרויסע באַנקען האָבן איינגעשלונגען די קלענערע באַנקען. יעדן יאָר אין פּראָספּעריטעט־פעריאָד איז איינגעשרומפּן געוואָרן די צאָל באַנקען און עס איז געשטיגן דער פארמעגן פון די איבער־געבליבענע. אין דעם צענדליק יאָר ביז 1930 זיינען פאָרגעקומען פיר טויזנט באַנק־צונויפשמעלצונגען.

לויט דעם באַריכט פון פינאַנץ־סעקרעטאַר מעלאָן, אין יולי 1929, זיינען אין לאַנד געווען 230 באַנק־גרופּעס מיט א מיטגלידערשאַפט פון 2,000 באַנקען. די 230 קאָמבינאַציעס האָבן געהאַט א קאַפּיטאַל פון העכער 13 ביליאָן דאָלאַר.

צווישן די דרייצן ריזיקסטע באנקען אין דער וועלט, אין אנהייב 1930, געפינען זיך זעקס אין די פאראייניקטע שטאטן. דאס זיינען:

„נעשאנאל סיטי" אין ניו יארק, מיט העכער 2 ביליאן, 200 מיליאן דאלאר.

„גאראנטי טראסט" אין ניו יארק, מיט העכער 2 ביליאן דאלאר.

„טשייס נעשאנאל" *) אין ניו יארק, מיט א ביליאן, 750 מיליאן דאלאר.

„קאנטינענטאל" אין שיקאגא, מיט א ביליאן, 100 מיליאן דאלאר.

„בענק אוו איטאלי" אין סאן פראנציסקא, מיט א בילאן, 75 מיליאן דאלאר.

„עקוויטייבל טראסט" אין ניו יארק, מיט העכער א ביליאן דאלאר.

## אויסלענדישער האנדל

דער וואוקס פון דער פראדוקציע האט זיך אפגעשפיגלט אין וואוקס פון אויסלענדישן האנדל.

אין 1928 האט די פאראייניקטע שטאטן ארויסגעפירט אין אויסלאנד סחורות און מאטעריאלן אויפן ווערט פון 5,129,000,000 דאלאר. אריינגעפירט האט זי פון אויסלאנד אויפן ווערט פון 4,091,000,000 דאלאר. דאס מיינט, אז די היגע קאפיטאליסטן האבן געהאט א גינסטיקן באלאנס געגן אויסלאנד אויף דער סומע פון א ביליאן מיט 38 מיליאן דאלאר. 1928 איז געווען דאס העכסטע יאר אין אויסלענדישן האנדל זינט די מלחמה־יארן פון 1916—1918 מיט זייערע אויפגעשרויפטע פרייזן.

## אויסלענדישע אינוועסטמענטס

אין 1928 האט די סומע פון אמעריקאנישע הלוואות און אינוועסטמענטס אין אויסלאנד באטראפן 14 ביליאן דאלאר. אין דעם גייען ניט אריין די 10 ביליאן דאלאר וואס די רעגירונג אין וואשינגטאן האט געליען די אליאירטע רעגירונגען אין פארלויף פון קריג.

62 פראצענט פון די 14 ביליאן דאלאר איז געליען געווארן צו פריוואטע קאפיטאליסטן אין אויסלאנד. דערפון איז 45 פראצענט געליען געווארן אין

*) שפעטער איז די טשייס נעשאנאל דורך א צונויפשמעלצונג געווארן די גרעסטע פינאנציעלע אינסטיטוציע אין לאנד.

אייראָפּע. דייטשע קאַפּיטאַליסטן אַליין האָבן געליען אין די פאַראייניקטע שטאַטן העכער פון פיר ביליאָן דאָלאַר. מיטן כח פון די אַמעריקאַנישע דאָלאַרן האָבן די דייטשע קאַפּיטאַליסטן באַוויזן צו לאָזן אין גאַנג די רעדער פון זייער אינדוסטריע.

## די „קראַנקע" אינדוסטריעס און די טעכנאָלאָגישע ארבעטלאָזיקייט

אין זיינע בעסטע יאָרן האָט דער קאַפּיטאַליזם געהאַט זיינע „קראַנקע" אינדוסטריעס און זיין שטייענדיקע אַרמיי אַרבעטלאָזע.

אַ ריי וויכטיקע און גרויסע אינדוסטריעס האָבן זיך אין פאַרלויף פון דער פּראָספּעריטעט געפונען אין אַ צושטאַנד פון כראָנישער דעפּרעסיע. אַזעלכע אינדוסטריעס זיינען געווען: טעקסטיל, וואָס באַשעפטיקט נאָענט צו אַ מיליאָן אַרבעטער ווען עס איז פאַראַן אַרבעט; די קוילן־אינדוסטריע, וואָס האָט באַשעפטיקט אויפן זעלבן באַדינג אַרום זעקס הונדערט טויזנט אַר־בעטער, און די געהילץ־אינדוסטריע. אַ „קראַנקהייט" האָט זיך אויך אַריינ־געכאַפּט אין דער קליידער־אינדוסטריע. די קראַנקהייט אין טעקסטיל און אין קוילן האָט געשטאַמט פון דעם אויפשטייג פון נייע פּראָדוקציע־צענטרען אין די דרום־שטאַטן. טעקסטיל-פאַבריקאַנטן האָבן אַריבערגעפירט זייערע פאַבריקן נעענטער צו בוימוואָל און צו ביליקער אַרבעט־קראַפט. אין די מלחמה־יאָרן האָבן די קוילן־קאָמפּאַניעס אַנטוויקלט אַ גרויסע פּראָדוקציע אין די דרום־שטאַטן, וואָס האָט קאָנקורירט מיט דער עלטערער קוילן־פּראָדוקציע אין צפון. אין דער קליידער־אינדוסטריע האָט זיך אָנגעהויבן אויף אַ גרויסן מאַסשטאַב די „עמיגראַציע" פון שעפּער אין די גרויסע צענטרען צו די קליינע שטעטלעך, כדי אויסצומיידן יוניאָן־קאָנטראָל און העכערע אַרבעט-באַדינגונגען. די קליידער־אינדוסטריע האָט זיך פאַרשפּרייט אין אַ סך ווייטע ווינקלען פון לאַנד, אויסנוצנדיק די ביליקע אַרבעט־קראַפט פון פרויען און מיידלעך אין די קליינע שטעטלעך.

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז די איינציקע קרבנות פון דער קאַפּיטאַליסטי־שער קראַנקהייט זיינען געווען די אַרבעטער. אַפילו אין דער זאַטער פּראָס־פּעריטעט האָבן זיי געפירט אַ געמאַטערטן לעבן, פול מיט נויט, מיטן אויסנאַם פון קליינע גרופּעס אַרבעטער וואָס האָבן פאַרנומען אַ שליסל־פּאָזיציע אין די אינדוסטריעס.

די טעכנאָלאָגישע אויסבעסערונגען אין דער אינדוסטריע זיינען אויך געפאַלן מיט זייער גאַנצער שווערקייט אויף די אַרבעטער. פאַר די קאַפּיטאַ־

ליסטן זיינען די נייע מאשינען און די נייע ארבעט־מעטאָדן געווען א קוואל פון נייע פראָפיטן, ווייל זיי האָבן ביליקער געמאכט די קאָסטן פון דער פראָדוקציע. פאַר די ארבעטער איז די מאשין פארוואנדלט געוואָרן אין א קללה און די ראציאָנאליזאציע־מעטאָדן אין א קוואל פון פארשטארקטער עקס־פּלואטאציע און הונגער.

אין 1928, אין דעם העכסטן פראָדוקציע-יאָר, זיינען אין לאנד געווען מיליאָנען ארבעטלאָזע. די סאמע קאָנסערוואטיווסטע אָפּשאצונגען גיבן די צאָל ארבעטלאָזע אין העכער פיר מיליאָן. אנדערע עקאָנאָמיסטן האָבן זיי אָפּגעשאצט אין פינף און א האלבן מיליאָן. דאָס זיינען געווען ארבעטער, וועלכע זיינען אויף שטענדיק ארויסגעוואָרפן געוואָרן פון דער אינדוסטריע צוליב די פארשיידענע ראציאָנאליזאציע־מעטאָדן און איינפירונגען. (אמעריי־קאַן לייבאָר יאָר־בוך, 1928.)

גלייכצייטיק איז ווייטער געשטיגן די אָנזאמלונג פון גרויסע ארבעט־גרופּעס אין ווייניקערע אָדער ריזיקערע אונטערנעמונגען.

אין 1923 זיינען נאָענט צו א פערטל פון אלע לוין־ארבעטער געווען באשעפטיקט אין אונטערנעמונגען וואָס ציילן טויזנט און מער ארבעטער. נאָר איין ארבעטער פון יעדע פינף איז באשעפטיקט געווען אין א פלאץ פון פופציק ארבעטער און ווייניקער.

אין 1929 האָט א קליינע גרופּע אונטערנעמונגען, צווישן זיבן און אכט פּראָצענט פון דער אלגעמיינער צאָל, באשעפטיקט 71 פּראָצענט פון אלע לוין־ארבעטער. די איבעריקע זיינען געווען צעוואָרפן איבער דער גרויסער מערהייט קליינע אונטערנעמונגען.

דער פּראָצעס פון קאָנצענטראציע האָט ארומגעכאפּט ניט בלויז די אינ־דוסטריע, נאָר אויך די פארטייל־סיסטעם און האָט זיך אויסגעדריקט אין א ריי מעכטיקע „קייט"-געשעפטן, גיגאנטישע עלעקטריע־ און גאז־קאָמפּאניעס און דאָס גלייכן.

ווען הוווער איז געלאָפן פאַר פּרעזידענט אין 1928 האָט ער אָן אויפ־הער געפּאָכט מיט די פארדינסטן וואָס דער ארבעטער אין אמעריקע קריגט אין פארגלייך מיט די ארבעטער אין אייראָפּע. הוווער און די רעפּובליקאנישע מאשין האָבן זשאָנגלירט מיט ציפערן ווי א צירק־אקראָבאט אויף זיינע דראָטן און שטריק. אין אן אנדער קאפּיטל איז אונז אויסגעקומען צו דערמאָנען אָט־די פּוסטע באַרימערייִ מיט די גליקן וואָס ארבעטער געניסן אין דער גאָלדענער אמעריקע. דאָ וועלן מיר מיט עטלעכע טאבעלן באשטעטיקן די פאלשקייט פון אָט־דער באַרימערייִ.

הואווערס מעטאָדע — און דאָס איז אויך די מעטאָדע פון רוזוועלט — איז צו נעמען די פּאַרדינסטן, אויפן פּאַפּיר, פון געקליבענע קוואַליפיצירטע פאַכן וואָס פאַרטרעטן ניט פאַר קיין פּאַל די מערהייט פון דעם אַרבעטער־קלאַס און זיי אַרויסשטעלן ווי די פאַרדינסטן פון דעם גאַנצן אַרבעטער־קלאַס. נאָך מער, די קוואַליפיצירטע פאַכן, אין זייער גרויסער מערהייט, זיינען סעזאָן־באַשעפטיקונגען. ווען אַ קאַפּיטאַליסטישער פּאָליטיקער רוקט אַרויס דעם יוניאָן־לוין פון אַ ציגל־לייגער, וואָס האָט באַטראָפן אין אַנדערע שטעט אַזוי הויך ווי $1.75 אַ שטונדע, איז דאָס ניט קיין מוסטער פון די דורכ־שניטלעכע פאַרדינסטן פון דעם ציגל־לייגער, שוין ניט רעדנדיק פון די טעקסטיל־אַרבעטער. דער ציגל־לייגער אַרבעט ניט מער ווי אַ פינף מאָנאַטן אין יאָר, אויב ער אַרבעט אַזוי פיל. זיין לוין דאַרף איינגעטיילט ווערן אין 52 וואָכן אַ יאָר. דעמאָלט באַקומט זיך אַ גאַנץ אַנדער, שוין גאָרניט קיין העל בילד פון אָט־דעם כלומרשטן הויכן אַמעריקאַנער לעבנס־סטאַנדאַרד.

## אַרבעטער־פּראָדוקטיוויטעט איז געשטיגן — צאָל אַרבעטער איז געפאַלן

אין די יאָרן 1918—1920 זיינען געווען 25 מיליאָן מיט זעכציק טויזנט אַרבעטער אין אַלע אינדוסטריעס.

אין די יאָרן 1296—1928 איז די צאָל אינדוסטריעלע אַרבעטער געפאַלן אויף 23 מיליאָן מיט 140 טויזנט, אַ פאַרקלענערונג פון נאָענט צו צוויי מיליאָן אַרבעטער. אָבער די פּראָדוקטיוויטעט פון דעם איינצלנעם אַרבעטער איז געשטיגן. מיט צוויי מיליאָן ווייניקער אַרבעטער האָבן די קאַפּיטאַליסטן באַוויזן אַרויסצוקריגן אַ גרעסערע פּראָדוקציע. מאַסן־פּראָדוקציע און ראַציאָ־נאַליזאַציע זיינען געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם.

אין די יאָרן 1918—1920 האָט די דורכשניטלעכע פּראָדוקטיוויטעט פון דעם איינצלנעם אַרבעטער געהאַלטן 124 פּונקטן. (די צאָל 100 פּונקטן איז אָנגענומען פאַר דער נאָרמאַלער פּראָדוקטיוויטעט.)

אין 1926—1927 האָט די דורכשניטלעכע פּראָדוקטיוויטעט פון דעם איינצלנעם אַרבעטער דערגרייכט 134 פּונקטן.

ווען מען נעמט דעם גאַנצן פּעריאָד פון אָנהויב פון 20סטן יאָרהונדערט באַקומט זיך דאָס פאָלגנדע בילד:

די פּראָדוקטיוויטעט פון דעם אַרבעטער אין אינדוסטריע איז געשטיגן אויף 49.5 **פּראָצענט.**

די פּראָדוקטיוויטעט פון דער פאַרם־אינדוסטריע איז געשטיגן אויף 58 פּראָצענט.

די פּראָדוקטיוויטעט פון דעם באַן־ארבעטער איז געשטיגן אויף 51 פּראָצענט.

די פּראָדוקטיוויטעט פון דעם מינען־גרעבער איז געשטיגן אויף 115 פּראָצענט (צוליב דער מעכאַניזאַציע פון גראָבן און ארויספירן די מעטאַלן).

דורכשניטלעך מאַכט עס אויס אַ העכערע פּראָדוקטיוויטעט פון 85.5 פּראָצענט. די צאָל ארבעטער איז פאַר דער גאַנצער צייט געשטיגן נאָר אויף 32.5 פּראָצענט, אין דער צייט ווען די באַפעלקערונג איז פאַרגרעסערט געוואָרן אויף 55 פּראָצענט.

די ראַציאָנאַליזאַציע־מעטאָדן זיינען ניט אָפּגעשטעלט געוואָרן אפילו אין די קריזיס־יאָרן. זייער העכסטן פּונקט האָבן זיי דערגרייכט אונטער דער נ.ר.א.

אָבער שוין אין די יאָרן 1926־1927 און 1928 איז די פּראָדוקציע־אָנלאָדונג אויף דעם איינצלנעם ארבעטער אין די גרויסע אינדוסטריעס געוואָרן זייער דריקנדיק. נאָכאַנאַנד איז דער פּראָדוקציע־סטאַנדאַרד געהעכערט געוואָרן. די אינזשינערן האָבן געדרוקט פאָראויס די וויזער פון די מאַטאָרן, זיי זאָלן שנעלער ארבעטן, און די אויפזעער האָבן צוגעלייגט נאָך מאַשינען צו יעדן ארבעטער. דער באַוואוסטער טיילאָר־סיסטעם, וואָס האָט געצילט — לויט די פאַרזיכערונגען פון דעם פאָטער פון דעם סיסטעם — צו פאַרגרינגערן די שוועריקייטן פון דעם ארבעטערס פּראַצע דורך אַ גענויער פעסטשטעלונג פון די באַוועגונגען וואָס דער ארבעטער קען מאַכן ביי דער ארבעט, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שטריק וואָס וויקלט זיך ארום דעם ארבעטערס האַלז וואָס ווייטער אַלץ ענגער און שטייפער.

## יאָגעניש מאַכט ארבעטער פריצייטיק אַלט

די גרויסע פּראָדוקציע־אָנלאָדונג און די אוממענטשלעכע יאָגעניש (ספּיד־אַפּ) זויגן אויס די זאַפט פון די ביינער און מאַכן די ארבעטער פריצייטיק אַלט. די גרעסטע קרבנות פון דער שרעקלעכער ראַציאָנאַליזאַציע זיינען די מיטליעריקע ארבעטער. זיי ווערן פאַקטיש באַיקאָטירט אין די מערסטע אינדוסטריעס. זעלטן אז מען געפינט אַן ארבעטער פון 45 יאָר און העכער אין אַן אָטאָמאָביל־פאַבריק, סיידן ער איז אויך אַ הויך־קוואַליפיצירטער בעל־מלאכה. עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אז אויף אַ באַראַטונג

פון פערסאָנאַל־דירעקטאָרן (וועלכע שטעלן אָן ארבעטער) אין 1928 האָט מען גערעדט גאַנץ אָפן אַז 40 יאָר איז דער אָפּשניט־עלטער (לימיט). די ארבעט־ביוראָס אין די גרויסע פאַבריקן נעמען ניט קיין ארבעטער איבער פערציק יאָר, מיטן אויסנאַם אויב ער איז אַ הויך־געשולטער פאַכמאַן.

דער שרייבער פון דער געשיכטע איז אָנוועזנד געווען אויף דעם צו־זאַמענפאָר פון דער א. פ. אָוו ל. אין דעטראָיט אין 1926. די א. פ. אָוו ל. האָלט געוויינלעך אָפּ אירע צוזאַמענפאָרן אין אַזעלכע גרויסע אינדוסטריעלע צענטערן ווי — אַטלאַנטיק סיטי, על פּאַזאָ, און דאָס גלייכן. אָבער אין 1926 האָבן די א. פ. אָוו ל. פירער באַשלאָסן צו מאַכן אַ פאַרזוך צו אָרגאַניזירן די אומאָרגאַניזירטע אָטאָמאָביל־אינדוסטריע, וואָס האָט דעמאָלט געאַרבעט נאָענט צו פולער קאַפּאַציטעט (פּראָדוקציע-מעגלעכקייטן).

דער מעטאַל־דעפּאַרטמענט (אָפּטיילונג) פון דער א. פ. אָוו ל. האָט דעמאָלט דורכגעפירט אַן אונטערזוכונג אין דער לאַגע פון די אָטאָמאָביל־ארבעטער. דער רעזולטאַט פון דער אונטערזוכונג איז צעטיילט געוואָרן צווישן די דעלעגאַטן. אין זייער איינפאַכע ווערטער האָט די אונטערזוכונג פעסטגעשטעלט, אַז די ראַציאָנאַליזאַציע־מעטאָדן און די יאָגעניש וואָס פאָרד האָט איינגעפירט — און פאָרד איז שוין דער „בעסטער" ארבעטגעבער אין דער אָטאָמאָביל־אינדוסטריע — האָט געשאַפן אַ לאַגע, אַז „נאָך אכט, צען יאָר ארבעט פאַרלירט דער ארבעטער ניט בלויז די פיאיקייט צו טראַכטן, נאָר צו פילן וואָס עס טוט זיך ארום". אַזוי אָנגעשטרענגט־איינטאָניק איז די ארבעט.

פון די אָרגאַניזאַציע־פּלענער האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם. די גרינס האָבן געהאָפט, אַז זיי וועלן איינרעדן די פאָרדס און די איבעריקע מאַטאָר־מאַגנאַטן מיטן גוטן ווילן אַריינצוברענגען זייערע ארבעטער אין דער א. פ. אָוו ל. ווען זיי האָבן דערזען, אַז די אָרגאַניזירונג פון דער גרויסער און רייכער אינדוסטריע איז פאַרבונדן מיט אַ קאַמף, האָבן די א. פ. אָוו ל. ביוראָקראַטן זיך ארויסגערוקט.

## ראַציאָנאַליזאַציע שניידט ארבעט־קאָסטן

אַ ביישפּיל פון ראַציאָנאַליזאַציע האָט געגעבן אַן אָטאָמאָביל־קאָמפּאַניע, וואָס האָט אויסגערעכנט אַז נאָר מיט 10 פּראָצענט מער ארבעטער ווי זי האָט באַשעפטיקט אין 1912 קען זי אין 1927 פאַרגרעסערן די פּראָדוקציע אויף 1,400 פּראָצענט. די גוואַלדיקע פאַרגרעסערונג, האָט די קאָמפּאַניע דער־

קלערט, איז דער רעזולטאט פון שנעלער ארבעט, דער קאנווייער־סיסטעם און נייע מאשינען וואס פארשפארן ארבעטער. א קופער־שמעלצונג קאמפאניע האט אנגעגעבן, אז צווישן 1918 און 1927 האט זי פארקלענערט די צאל ארבעטער פון 578 אויף 233 מענטשן, וואס מיינט א העלפט, אין דער זעלבער צייט האט זי פארגרעסערט די פראדוקציע אויף 10 פראצענט.

## ראציאנאליזאציע פארשפארט א סך ארבעטער, פארגרעסערט פראפיטן

רעדער פאר עראפלאנען. איין קאמפאניע האט מיט ראציאנאליזאציע־מעטאדן פארגרעסערט איר פראדוקציע פון 400 רעדער אין 10 ארבעט־שטונדן אויף 1,200 אין די זעלבע צען שטונדן. די קאסטן האט זי דערביי רעדוצירט אויף 48 פראצענט.

גלאז־פלעשער. מאשינען פראדוצירן אין 1928 41 מאל אזוי פיל פלעשער פאר ארבעטער ווי פריער, ווען די ארבעט איז געווען מיט דער האנט. קיין קוואליפיצירטע ארבעט פאדערט זיך נית מער. פריער זיינען 700 מענטשן געווען באשעפטיקט אין איין אפעראציע פון אויסגיסן א געוויסן סארט פינף־גאלאן פלאש. איצט טוען עס עטלעכע מענטשן מיט דער הילף פון איין מאשין.

געצייג־אינדוסטריע. א גרויסע געצייג-קאמפאניע האט אין 1918 באטריבן 16 שווערע האמערס און באשעפטיקט ביי זיי 480 ארבעטער. אין 1927, מיט דער הילף פון א בעלט-קאנווייער, האט זי באטריבן 22 שווערע האמערס און געשניטן די צאל ארבעטער צו 280 מענטשן. אין דער זעלבער צייט איז די פראדוקציע פארגרעסערט געווארן אויף 30 ביז 40 פראצענט. ארבעט וואס האט פריער געדויערט פיר טעג ביז וואנען עס איז דורכגעגאנגען די גאנצע פאבריק, דויערט איצט זעקס שטונדן.

## פארמעגנס פון רייכע וואקסן, פארדינסט פון ארבעטער פאלט

די הויכע פראדוקציע אין די פראספעריטעט־יארן, די איינפירונג פון נייע מאשינען, האט געבראכט נייע ריזיקע פראפיטן דעם קאפיטאליסטישן קלאס. דער טייל וואס פאלט אויס אויף דעם ארבעטער־קלאס פון דעם גאנצן נאציאנאלן איינקונפט פון לאנד איז סיסטעמאטיש געפאלן. אין 1921 האט דער קאפיטאליסטישער קלאס, אריינגערעכנט אלע זיינע עלעמענטן, באקומען

48 פראָצענט פון גאַנצן נאַציאָנאַלן איינקונפט אין לאַנד. אין 1929 איז שוין אויף זיין חלק אויסגעקומען גאַנצע זעכציק פראָצענט. פון דער גאַנצער קאָלאָסאַלער איינשפּאָרונג און פאַרגרעסערטער פּראָדוקציע וואָס די ראַציאָ־נאַליזאַציע האָט געבראַכט האָבן די באַשעפטיקטע ארבעטער באַקומען נאָר 12½ פראָצענט אויף זייער טייל. דאָס איבעריקע האָבן איינגעשלונגען די קאַפּיטאַליסטן.

צאָל מיליאָנערן. די צאָל פון די וועלכע האָבן געמאָלדן אין די שטייער־איינקונפטן פון אַ מיליאָן און העכער אין איין יאָר איז געשטיגן. אין 1925 האָט זייער צאָל באַטראָפן 207 מענטשן. אין 1926 זיינען שוין געווען 231 אַזעלכע מולטי-מיליאָנערן. אין 1927 — 283 מולטי־מיליאָנערן.

### אַ מוסטער פון מיליאָנערסקע בודזשעטן

אין דער צייט ווען די דורכשניטלעכע פאַרדינסטן פון אַן ארבעטער־פאַמיליע אין דער פּראָספּעריטעט האָט אויסגעמאַכט אַרום 25 דאָלאַר אַ וואָך, וואָס מיינט, אַז העלפט פון דעם ארבעטער־קלאַס האָט דאָס אויך ניט פאַר־דינט, האָבן די פּאַרק־עוועניו מיליאָנערן זיך געבאָדן אין אומבאַשרייבלעכן לוקסוס. אַן אָפּשאַצונג פון דעם יערלעכן בודזשעט פון פיר טויזנט פאַמיליעס וואָס וואוינען אויף פּאַרק עוועניו, ניו יאָרק, דער געגנט פון די רייכע, האָט געגעבן די ריזיקע סומע פון 280 מיליאָן דאָלאַר.

עס איז טשיקאַווע צו ברענגען עטלעכע אייטעמס (באַזונדערע טיילן), אויף וואָס די הונדערטער מיליאָנען דאָלאַרן זיינען אויסגעגעבן געוואָרן יערלעך:

| | |
|---|---|
| אויף פרויען-קליידער | $50,000,000 |
| ״ מענער-קליידער | 15,000,000 |
| ״ פרויען-שיך | 4,000,000 |
| ״ מענער-שיך | 2,000,000 |
| ״ פרויען-היט | 15,000,000 |
| ״ צירונג | 20,000,000 |
| ״ פוטער-קליידער | 16,000,000 |
| ״ מעבל און דעקאָראַציעס | 15,000,000 |
| ״ אָטאָמאָבילן | 10,000,000 |
| ״ פאַרווילונג | 5,000,000 |
| ״ בלומען | 3,000,000 |

| | |
|---|---|
| " שפייז — — — — — — — — — — — — — — — | 20,000,000 |
| " קונסט, אנטיקן א. אז. וו. — — — — — — — — — — — — | 15,000,000 |
| " האר-פריזור און שיינקייט-סאלאנען — — — — — — — — | 4,000,000 |
| " פערפיומען און קאסמעטישע ארטיקלען — — — — — — — | 4,000,000 |
| " רענט — — — — — — — — — — — — — — — | 20,000,000 |
| " רייזעס — — — — — — — — — — — — — — — | 15,000,000 |

פיר טויזנט פאמיליעס אויף פארק עוועניו פארלעבן 280 מיליאן דאלאר א יאר. צענדליקער טויזנטער מענער־שניידער וואס וואוינען אויף דער איסט־סייד, בראנקס און ברוקלין, האבן אין זעלבן יאר — 1928 — פארדינט דורכשניטלעך פאר א פולער וואך, די סומע פון 32.26 דאלאר א וואך. און ניט אלע וואכן זיינען געווען פולע ארבעט־וואכן.

א טאבעלע פון ארבעטער־פארדינסטן אין דער פראספעריטעט

די דורכשניטלעכע פארדינסטן פון קאטן פאבריק-ארבעטער אין די יארן 1918—1928 (אין די צפון־שטאטן:

| יאר | ארבעט-שטונדן אין וואך | פארדינסט |
|---|---|---|
| 1918 — — | 58 | $14.95 |
| 1920 — — | 58.1 | 24.86 |
| 1922 — — | 51.8 | 17.42 |
| 1924 — — | 53.0 | 19.72 |
| 1926 — — | 53.3 | 17.48 |
| 1928 — — | 53.4 | 17.30 |

מענער-שניידער פארדינסטן אין עלף גרויסע שטעט

| יאר | ארבעט-שטונדן אין וואך | פארדינסטן (דורכשניטלעך) |
|---|---|---|
| 1919 — — | 47.9 | $21.08 |
| 1922 — — | 41.1 | 31.91 |
| 1924 — — | 41.1 | 33.52 |
| 1926 — — | 44.3 | 33.23 |
| 1928 — — | 44.0 | 32.16 |

(אמעריקאן לייבאר יאיר בוק, 1928.)

דער לייענער וועט באמערקן, אז די מענער־שניידער האָבן אין די לעצטע צוויי יאָר געאַרבעט מער שטונדן און פאַרדינט ווייניקער ווי אין 1925 און 1926. דאָס מיינט, דער לוין־שניט איז געווען א טיפער. דאָס אילוסטרירט די פּרוכט פון הילמאַנס פּאָליטיק. מען דאַרף אויך צוגעבן, אז אויסער דער גרעסערער צאָל אַרבעט־שטונדן צוליב פּראָספּעריטעט, האָבן די פאַבריקאַנטן מיט הילמאַנס צושטימונג געהויבן דעם פּראָדוקציע־סטאַנדאַרד פאַר יעדן שניידער־אַרבעטער.

ווי ווייט די אַרבעטער־פאַרדינסטן אין די „גוטע" יאָרן זיינען ווייט געווען פון דעם עלעמענטאַרן אָנשטענדיקן לעבן וואָס דער אַמעריקאַנער סטאַנדאַרד באַשטימט, באַווייזט די טאַבעלע פון דער פעדעראַלער סטאַטיסטישער ביוראָ ביים לייבאָר־דעפּאַרטמענט. אין דעצעמבער 1928 האָט די סטאַטיסטישע ביוראָ אויסגעאַרבעט, אין איינקלאַנג מיט די עקזיסטירנדיקע פּרייזן פון לעבנס־נויטווענדיקייטן, א מינימום־פאַרדינסט וואָס אן אַרבעטער־פאַמיליע — א פאָטער, מוטער און דריי קינדער — מוזן האָבן. די סומע איז „דער סאַמע אונטערשטער גראַד פון געזונטהייט און אָנשטענדיקייט, אונטער וועלכער א פאַמיליע איז אין געפאַר פון פיזישער און מאָראַלישער דעגראַדאַציע".

דער וועכנטלעכער מינימום געזונטהייט און אָנשטענדיקייט־בודזשעט באַטרעפט

| אין | א וואָך |
|---|---|
| ניו יאָרק — — — — — — — — — — — — | $41.74 |
| ברוקלין — — — — — — — — — — — — | 43.89 |
| סקענעקטעדי — — — — — — — — — — — | 39.71 |
| ראָטשעסטער — — — — — — — — — — — | 43.60 |
| מינעאַפּאָליס — — — — — — — — — — | 46.43 |
| שיקאַגאָ — — — — — — — — — — — — | 46.98 |
| פילאַדעלפיע — — — — — — — — — — — | 46.08 |
| רעדינג — — — — — — — — — — — — | 48.49 |
| לאָס אַנדזשעלעס — — — — — — — — — | 48.49 |
| סאַן פראַנציסקאָ — — — — — — — — — | 49.16 |

נאָר א קליינער טייל פון אַרבעטער־קלאַס אין די אויסגערעכנטע שטעט האָט פאַרדינט יערלעך די סומע וואָס דער בודזשעט גיט אָן. די גרויסע מערהייט פון אַרבעטער־קלאַס האָט אין 1929 פאַרדינט דורכשניטלעך ווייניקער ווי 25 דאָלאַר א וואָך. אין די דרום־שטאַטן איז דער דורכשניטלעכער מינימום

געווען נאך קלענער. די ארבעטער־פרויען האבן פארדינט ווייניקער פון דעם דורכשניטלעכן לוין פון 25 דאלאר א וואך.

די איינפירונג פון מאשינען און די יאגעניש האט אויך שטארק פאר־גרעסערט די צאל אומגליקן ביי דער ארבעט. די פארשיידענע כעמישע שטאפן וואס ווערן באנוצט אין א ריי אינדוסטריעס האבן פאראורזאכט מאסן קראנק־הייטן און פעלערן אין די אויגן, לונג און הארץ. די קאפיטאליסטן זוכן ביליקע כעמישע שטאפן וואס זאלן מיט זייער שטארקייט קאלירן, רייניקן און האלטן פרעזערווירט די פראדוקטן. דאס קאסט די ארבעטער א סך געזונט און זייער אפט פארקריפלונג און פריציייטיקער טויט. די פרויען וואס ארבעטן ביי די ראדיום ציפערבלאטן אין ניו דזשוירזי, וואו אלע זיינען קראנק געווארן און זעקס זיינען געשטארבן, זיינען א ביישפיל פון דער ערנסטער געפאר וואס די ארבעטער שטייען אויס.

פינף און דרייסיק טויזנט ארבעטער ווערן יערלעך דערהרגעט ביי דער ארבעט. פיל מער ווערן פארוואונדעט, צווישן זיי א סך אויף שטענדיק. די צי־פערן וועגן קראנקהייט ביי דער ארבעט האלטן אין איין וואקסן מיט יעדן יאר, נים קוקנדיק אויף די פארזיכערונגען פון די קאפיטאליסטישע צייטונגען, אז סאניטארישע באדינגונגען ווערן וואס ווייטער אלץ מער איינגעפירט. יאגעניש, נייע מאשינען און שעדלעכע שטאפן וועגן איבער די סאניטארישע באדינגונגען.

מיר האבן זיך אפגעשטעלט עטוואס לענגער אויף דעם עקאנאמישן צושטאנד פון די ארבעטער אין די יארן 1926—1928, די שפיגל־יארן פון דער אינדוסטריע, כדי פעסטצושטעלן, אז דער מאדערנער קאפיטאליזם אין זיינע בעסטע צייטן בארויבט די גרויסע מערהייט פון דעם ארבעטער־קלאס פון א מענטשלעכן לעבן. די מאשינען ברענגען צו א פארגרעסערטער שטענדיקער ארבעטלאזיקייט און די ארבעט־מעטאדן רייסן ארונטער דעם געזונט פון די ארבעטער.

ווען מען גיט צו, אז הונדערטער טויזנטער פרויען און קינדער זיינען באשעפטיקט געווען לאנגע שטונדן ביינאכט אין א ריי אינדוסטריעס, אז היים־ארבעט, וואס איז די צווייטע אויסגאבע פון סוועט־שאפ סיסטעם, האט גע־בליט — און בליט אויך איצט — אין אלע שטעט (העכער צוויי מיליאן מענטשן, מערסטנס פרויען און קינדער, זיינען געווען באשעפטיקט אין 1928 אין דער היים־ארבעט) און אז מיליאנען נעגערס און ווייסע אין די דרום־שטאטן האבן געארבעט פאר א הונגער־לוין, איז דאס בילד פון קאפי־טאליסטישער פראספעריטעט פול.

## אינדוסטריעלע דעמאָקראַטיע און לייבאָר־באַנקען

די לייבאָר־ביוראָקראַטיע און די קאַפּיטאַליסטן האָבן זיך פּלייסיק באַ־וואָרנט, אַז דער אויפשוואונג אין דער אינדוסטריע זאָל ניט אַרויסרופן קיין מאַסן־סטרייקס פאַר בעסערע באַדינגונגען און פאַר אָרגאַניזאַציע.

די 43סטע א. פ. אָוו ל. קאָנווענשאָן אין 1924, אין על פּאַזאָ, טעקסאַס, איז אַרויסגעקומען מיט אַ שפּאָגל־נייער לאָזונג: דעמאָקראַטיע אין אינ־דוסטריע. וואָס עס מיינט און ווי אַזוי דעמאָקראַטיע קען איינגעפירט ווערן אין קאַפּיטאַליסטישער אינדוסטריע, האָט גאָמפּערס פאַרפעלט צו זאָגן. גאָמ־פּערס האָט רעזומירט זיין פילאָזאָפיע וועגן דעמאָקראַטיע אין דער אינ־דוסטריע אין די פאָלגנדיקע ווערטער:

> „די טרייד־יוניאָנס ווייזן אַרויס אַ שטייגנדיקן אינטערעס און אַנטייל אין די אינסטיטוציעס וואָס זיינען אָפּהענגיק אויף פּריוואַטער קאָאָפּעראַ־טיווער איניציאַטיווע און פּערזענלעכע און גרופּן־אינטערעסן."

ווי געוויינטלעך, האָט דער אַלטער א. פ. אָוו ל. פּרעזידענט ליב געהאַט צו פאַרטונקלען זיינע באַמיאונגען פאַר דעם קאַפּיטאַליזם הינטער אַ באַרג מיט הויכער מליצה און גאַרניט־זאָגנדיקע קלינגענדיקע פראַזן. הינטער דער ווערטער-רויך־וואַנט וועגן דעמאָקראַטיע, האָבן געשטעקט די פאַרזוכן אריינ־צוציען די קוואַליפיצירטע אַרבעטער פון די פאַך־יוניאָנס אין די געשעפטן פון זייערע אינדוסטריעלע הארן דורך פאַרשיידענע פינאַנציעלע פּלענער. הינטער די „גרופּן־אינטערעסן" האָבן זיך באַהאַלטן אַלערליי מאַכערייקעס פון „שותפות" צווישן קאַפּיטאַל און אַרבעט. דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס האָט די לאָזונגען אויפגענומען זייער גערן און האָט געצויגן פון זיי גרויס נוצן. די שותפות (פאַרטנערשיפּ) אידייע איז געוואָרן דער מאַנטל צו באַהאַלטן די קאָמפּאַניע־יוניאָנס, די אַקציע־פאַרקויפענישן און נאָך אַזעלכע אַרויס־טרעטונגען געגן די אַרבעטער.

די ערשטע אַרויסצוקומען קאָנקרעט מיט דער טעאָריע פון לייבאָר־באַנקען ווי אַ קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונג וואָס וועט שטאַרקן די פּאָזיציעס פון די אָרגאַניזירטע אַרבעטער און זיי פאַרזיכערן שוץ געגן קאַפּיטאַליזם, איז געווען די בראָדערהוד פון די לאָקאָמאָטיוו־אינזשינערן. דער פאַרשטאָר־בענער וואָרען סטאָון, דער „גרענד־מייסטער" (פּרעזידענט) פון דער בראָדער־הוד, האָט דורכגעפירט אַ רעזאָלוציע נאָך אויף דעם צוזאַמענפאָר אין 1915 צו עפענען אַ באַנק צו האַלטן די וואַקסנדיקע יוניאָן־פאָנדן. די בראָדערהוד,

ווי אלע אנדערע באן־בראדערהודס, זיינען ניט נאר יוניאנס. זיי האבן אויך א סיסטעם פון טויטן־פארזיכערונג און קראנקהייט־אויסצאלונג. אין דער יוניאנס קאסע האט זיך אנגעקליבן א סך געלדער און סטאון האט געוואלט אריינטרעטן אין באנק־געשעפט. צוליב די מלחמה־יארן איז דער פראיעקט אפגעלייגט געווארן. אין 1920 האט די יוניאן געגרינדעט די „בראדערהוד אוו לאקאמאטיוו אינזשענערס קאאפעראטיוו באנק" אין קליוולאנד. „א וואונדערלעכער שטראם פון גאלד איז געקומען פון אלע זייטן" — האבן די פירער באריכטעט. אין א פאר יאר צייט זיינען די פינאנציעלע רעסורסן (מיטלען) פון באנק געוואקסן אויף 27 מיליאן דאלאר. מיטגלידער פון דער בראדערהוד האבן אריינגעלייגט זייער אפגעשפארט געלט אין אקציעס פון באנק און אין דעפאזיטס אין באנק.

ביי סטאונען איז זיך צעוואקסן דער אפעטיט און ער האט זיך געלאזט עפענען באנקען און פינאנציעלע הייזער אין א סך שטעט. ער האט איינגערעדט די לאקאמאטיוו־טרייבער, אז אין די באנקען און אין די געשעפטן שטעקט פארמעגנס מיט פראפיטן, מען דארף נאר האבן דעם ערשטן קאפיטאל אריינצולייגן. די לאקאמאטיוו־טרייבער האבן אים געגלויבט און וואו זיי האבן נאר געקענט האבן זיי צונויפגעשארט עטלעכע דאלאר און אים געטראגן. סטאון האט געעפנט און געגרינדעט פינאנציעלע אינסטיטוציעס אין צוואנציק שטעט אונטער פארשיידענע נעמען.

אז מען האט א באנק, דארף מען טאן געשעפטן. דאס געלט קען זיך ניט וואלגערן אין דער פייער־קאסע. איז סטאון אריין אין קוילן־ביזנעס. ער האט אפגעקויפט א קוילן־גרוב אין וועסט־ווירדזשיניע און אין גיך נאך פראפיטן האט די קוילן־גרוב באשעפטיקט ניט־יוניאן ארבעטער. די יונייטעד מיין ווארקערס האט שארף פראטעסטירט, אבער סטאון האט געשאפן די טעאריע, אז די באנק, ווי אן ארבעטער־אינסטיטוציע, מוז קאנקורירן מיט די פריוואטע קוילן־קאמפאניעס, דעריבער קען זי ניט אנשטעלן קיין יוניאן־ארבעטער. די אקציאנערן פון דער ליבאר־באנק דארפן קריגן דיווידענטן און דאס באדארף מען באצאלן ניט־יוניאן אונטערנעמונגען.

די באנק איז אויך אריין אין גרויסע ריל־עסטייט געשעפטן. זי האט אויפגעשטעלט א קליינעם הימל־קראצער אין קליוולאנד. די אנדערע פינאנציעלע אינסטיטוציעס זיינען אריין אין איל־געשעפטן, שפייז־געשעפטן, פארזיכערונג־געשעפטן און נאך.

וואל־סטריט האט אויפגענומען סטאונען מיט אפענע ארעמס. מיט קאמפלימענטן און א ליבן שמייכל האט וואל־סטריט אויסגעלייגט פאר אים און

פאר די איבעריקע פרעזידענטן פון לייבאר־באנקען איר נעץ. קאפּיטאַליס־טישע פּראָפעסאָרן האָבן געהאָלפן שפּרייטן אילוזיעס וועגן דער קאָלאָסאַלער פּאָטענציעלער מאַכט וואָס איז אַנגעגרייט פאַר די ארבעטער, אויב זיי וועלן נאָר אויסנוצן זייערע פינאַנציעלע מעגלעכקייטן און ברענגען זייערע אָפּ־שפּאָרונגען אין אייגענע פינאַנציעלע אינסטיטוציעס. די לאָזונג „ארבעט ווערט קאַפּיטאַליסטיש״ איז באַפעסטיקט געוואָרן פון כלומרשטע וויסנשאַפט־לעכע אַנאַליזן. אזוי האָט פּראָפעסאָר גאַרווער פון האַרוואַרד אוניווערזיטעט, אין זיין בוך „די איצטיקע עקאָנאָמישע רעוואָלוציע אין די פאַראייניקטע שטאַטן״ געשריבן:

„די אָפּשפּאָרונג־קראַפט פון אַמעריקאַנישן אַרבעטער איז אַזוי גרויס, אַז ווען זיי זאָלן שפּאָרן און פאַרזיכטיק אַריינלייגן זייער געלט אין פינאַנ־ציעלע אינסטיטוציעס צען יאָר צייט, וועלן זיי ווערן דער הערשנדיקער פינאַנציעלער כח אין דער וועלט.״ (ציטירט לויט חבר פאָסטערס רעקינג לייבאָר בענקס (די ברעכער פון אַרבעטער-באַנקען), זייט 8.)

דער זעלבער פּראָפעסאָר האָט אויסגערעכנט, אַז „אויב די באַן־ארבעטער זאָלן אריינלייגן נאָר זייער לוין-העכערונג אין באַן־ווערט־פּאַפּירן, וועלן זיי אין פינף יאָר ארום פאַרמאָגן דריי ביליאָן, 490 מיליאָן דאָלאַר ווערט־פּאַפּירן. דאָס וועט זיי געבן אַ מערהייט פון אַלע ווערט־פּאַפּירן אויפן מאַרק״.

די פירערשאַפט פון דער לאָקאָמאָטיוו אינזשענערס בראָדערהוד האָט ווידערהאָלט גאַרווערס אויסרעכענונגען און פאַראויסזאָגונגען. דער זשורנאַל פון דער יוניאָן האָט געשריבן אין 1925:

„לייבאָר-באַנקינג איז די איינציקע רעוואָלוציע אין דער וועלט וואָס איז ווערט אַ שיסל בעבלעך. זאָל נאָר אַ מערהייט פון אַרבעטער און פאַרמער פון אַמעריקע קאָנצענטרירן זייער אָפּשפּאָרונג און זייער קרעדיט-קראַפט אין זייערע אייגענע באַנקען און אין איין דור וועלן זיי קאָנטראָלירן די רייכ־טימער פון דעם רייכסטן לאַנד אויף דער וועלט.״

ה. וו. באָסוועל, אַ לייבאָר־באַנקיר פון דער בראָדערהוד, האָט זיך צע־לאָזט אין דעם „אַמעריקאַן לייבאָר יאָר־בוך פון 1926״ (זייט 323) מיט אַ פּאָטעטישן געזאַנג:

„אַנשטאָט צו שטיין אויף אַ 'סאָופּ-באָקס' אויף אַ גאַסן-ווינקל און פּיל־דערן מיט צאָרן געגן די קאַפּיטאַליסטן וואָס פאַרמאָגן דאָס לאַנד, באַנק־ביכלעך און אָטאָמאָבילן, גייט דער לאָקאָמאָטיוו-אינזשענער אַליין אין געשעפט און ווערט אַ קאַפּיטאַליסט.״

„ארבעטער־באַנקען וועלן אָרגאַניזירן די ארבעטער־דאָלארן", אונטער אזא טיטל איז אין דעם זשורנאַל פון די באַן-טעלעגראַפיסטן דערשינען אַן ארטיקל פון מעניאַן, פּרעזידענט פון דער יוניאָן. דער גלענצנדיקער געדאַנק אין דעם ארטיקל איז די פּרוקטבארע טעאָריע אַז דורך די ארבעטער־באַנקען וועלן די ארבעטער קענען דורכפירן אין לעבן זייער גרויסע שטרעבונג — אַ דעה אין דער קאַפּיטאַליסטישער פאַרוואַלטונג פון דער אינדוסטריע אין וועלכער זיי ארבעטן. מעניאַנס טעאָריע איז זייער קאָנקרעט. די קאַפּיטאַנען פון אינדוסטריע וועלן מיט גוטן ניט צולאָזן די ארבעטער אין דער פאַר־וואַלטונג. בלייבט דער איינציקער וועג: צו אָרגאַניזירן די ארבעטער־דאָלארן און מיט זייער כח דערשלאָגן זיך אַ פּלאַץ אין די דירעקטאָרן־באָרדס (פאַר־וואַלטונגען) פון די אינדוסטריעס. פּשוט געזעדט: זיך איינקויפן אַ פּלאַץ פון אַ דירעקטאָר. דער פּראַקטישער מיטל ווי אַזוי צו אָרגאַניזירן די דאָלארן איז דורך ארבעטער־באַנקען. („רעילראָוד טעלעגראַפער", יאַנואַר 1924, זייט 29. ציטירט לויט דעם בוך פון דייוויד סאַפּאָס, רידינגס אין טרייד־יוניאָניזם, זייט 391.)

די ערשטע פּאָר יאָר, ווען אַ סך געלט איז אַריינגעקומען, זיינען די גע־שעפטן אויבן־אויף געוועזן פיין און גוט. סטאָון איז געוואָרן דער אידעאַלער פירער אין די אויגן פון דער יוניאָן־ביוראָקראַטיע, וואָס האָט געגאַרט אוועק־לייגן איר האַנט אויף די אָפּגעשפּאָרטע ארבעטער־געלטער. סטאָון אַליין האָט שטאָלץ דערקלערט, אַז די לייבאָר־באַנקען זיינען דער אָנהייב פון דער נייער „ערא" פון קאָאָפּעראַציע, אָנשטאָט קריג מיט די ארבעטגעבער.

פאַר זיין גרויסן פאַרדינסט פון אַריינפירן די נייע „ערא" האָט סטאָון געקראָגן 25,000 דאָלאַר אַ יאָר געהאַלט מיט אויסגאַבן פון דער זעלבער גרויס. דאָס איז אַלס צוגאָב צו זיין הויכן געהאַלט ווי דער הויפּט פון דער בראָדערהוד. הויכע געהאַלטן האָבן אויך גענומען אַלע אַנדערע לייבאָר־באַנקירן.

## הילמאַנס לירישער געזאַנג וועגן די לייבאָר־באַנקען

אַ סך גרויסע יוניאָנס האָבן זיך פאַרקוקט אויף דער בראָדערהוד און לייבאָר-באַנקען זיינען אַריין אין דער מאָדע. זיי זיינען געוואָרן אַ מיטל אָפּצוהאַלטן די ארבעטער פון סטרייקן. די קאַפּיטאַליסטישע פּרעסע האָט עס אויפגעכאַפּט ווי אַ באַווייז, אַז די אָרגאַניזירטע ארבעטער טשוכען זיך אויס פון זייער פריערדיקער פאַלשער שטעלונג אַז צווישן זיי און די קאַפּיטאַליסטן

זיינען פאַראַן געגנזאַצן. פאַרקערט, די אָרגאַניזירטע אַרבעטער גייען אַליין אַריין אין באַנק־געשעפטן. זיי וועלן קריגן דיווידענטן גלייך ווי אַלע אַקציאָנערן פון באַנקען. די אינטערנעשאָנאַל לײדיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן האָט געגרינדעט אַ באַנק אין ניו יאָרק. די אַמאַלגאַמייטעד קלאָדינג וואָירקערס יוניאָן — צוויי באַנקען, איינע אין שיקאַגאָ און איינע אין ניו יאָרק. די א. פ. אָוו ל. אין ניו יאָרק האָט געגרינדעט אַ באַנק, וואָס האָט זיך באַרימט מיט 20 מיליאָן דאָלאַר אין דעפּאַזיטס.

סידני הילמאַן האָט זיך צעגאָסן אין אַ לירישער רעדע וועגן די קאָלאָסאַלע מעגלעכקייטן פון די לייבאָר־באַנקען. ער האָט אַפילו געבראַכט דעם גרענדמייסטער פון דער לאָקאָמאָטיוו אינזשינערן בראָדערהוד, סטאָון, צו דער קאָנווענשאָן אין 1923 אין פילאַדעלפיע און ניו יאָרק.

הילמאַן האָט פאָרגעשטעלט סטאָון ווי דעם גרעסטן לייבאָר־שטאַטסמאַן. שפּעטער, אין זיין רעדע וועגן די לייבאָר־באַנקען, האָט הילמאַן געזאָגט:

„מיר האָבן אויפגעטאָן עטוואָס אַזוינס, וואָס פון אָנהייב איז אויפגענומען געוואָרן גלייכגילטיק און מיט אַ געלעכטער. מיר זיינען אַריין אין באַנק־געשעפטן. מיט אייער שטיצע דענקען מיר צו גיין ווייטער, ניט נאָר אין באַנקען, נאָר אויך אין דעם אַלגעמיינעם געביט פון קאָאָפּעראַציע. נאָך אַלעמען, דאָרטן ליגט די האָפענונג פון די אַרבעטער (אונטערגעשטראָכן פון מיר.—מ. ע.). דאָרטן קריגן מיר ניט בלויז מער מאַכט, נאָר אויך אַ גרעסערן באַגריף פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט וואָס איז נויטווענדיק אין באַנוצן מאַכט."

דער „אַדוועַנס", אָפיציעלער ענגלישער אָרגאַן פון דער אַמאַלגאַמייטעד, האָט געלייגט דעם טעאָרעטישן גרונט פאַר די לייבאָר־באַנקען:

„די אַרבעטער־באַוועגונג" — שרייבט דער „אַדוועַנס" — „הויבט אָן צו פאַרשטיין, אַז זי האַלט אין אירע הענט דעם מאַטעריאַל פון וועלכן צו שאַפן וואָפן אַזוי מעכטיק ווי די וועלכע קאַפּיטאַל באַנוצט. די אַרבעטער־באַוועגונג הויבט אָן צו באַגרייפן דעם ווערט פון קרעדיט און די מאַכט פון באַנק־אינסטיטוציעס."

די „גערעכטיקייט" (ענגלישע אויסגאַבע), אָרגאַן פון דער אינטערנעשאָנאַל לײדיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן, האָט אין דעם נומער פון נאָוועמבער 2, 1923, דערקלערט מיט שטאָלץ:

„די פאַרזוכן פון די יוניאָנס צו גרינדן לייבאָר־באַנקען זיינען פון אָנהייב אַפילו אין אַרבעטער־קרייזן אויפגענומען געוואָרן מיט אַ גרויסער מאָס פּעסימיזם. מענטשן האָבן דערוואַרטעט אַ קראַך און אַנטוישונג אין די סאַמע ערשטע צייטן פון די באַמיאונגען פון די אַרבעטער צו קאָנקורירן מיט

דער ריזיקער באַנק-מאָנאָפּאָליע וואָס קאָנטראָלירט דעם קרעדיט אין אַמעריקע. די שוואַרצע נביאים האָבן אָבער ניט געטראָפן. אַרבעטער-באַנקען זיינען איצט אַ גרויסער דערפאָלג. אַ צאָל אַזעלכע באַנקען זיינען שוין אין עקזיסטענץ און זיי פירן זייערע אָפּעראַציעס ניט פאַר דעם הויפל רייכע מענטשן, נאָר אויסשליסלעך פאַר די אינטערעסן פון זייערע אַרבעטער-דעפּאזיטאָרס און אַקציאָנערן."

ביי די פירער פון דער אינטערנעשאָנאַל איז דאָס געווען אַ מין פאָרוואָרט צו דער גרינדונג פון דער באַנק, וואָס איז אונטערגעגאַנגען שפּעטער אין אַ שאַנדהאַפטיקן קראַך.

די באַנקען פון די צוויי נאָדל־פאַך יוניאָנס זיינען אַפילו אין פאָרמע ניט געווען קיין קאָאָפּעראַטיווע אינסטיטוציעס. זייער צוועק איז געווען, מיט דעם כח פון קרעדיט אויסאיבן אַ דרוק אויף דעם קלענערן און מיטעלן פאַבריקאַנט, ער זאָל ניט אָפּברעכן מיט דער יוניאָן. די צוויי באַנקען האָבן געליען געלט צו קאָנטראַקטאָרס און קליינע פאַבריקאַנטן, וועלכע האָבן געהאַט אָפּמאַכן מיט דער יוניאָן. ניט נויטיק צו זאָגן, אַז אַזאַ קאַמף־מיטל איז ניט ווערט קיין שישקע פּולווער. די סיסטעמאַטישע פאַרערגערונג אין דער לאַגע פון די מענער־שניידער און פרויען־קלײדער אַרבעטער איז געווען דער בעסטער באַוויז.

## באַאַמטע העלפן אויספּלינדערן די לייבאָר־באַנקען

1926 איז געווען דער העכסטער יאָר פון די לייבאָר-באַנקען. אַרום 45 באַנקען זיינען געעפנט געוואָרן אין אַ ריי שטעט פון ניו יאָרק ביז סאַן־פראַנציסקאָ. די ניו יאָרק פעדערייזשאָן באַנק האָט זיך באַרימט מיט דע־פּאזיטס וואָס באַטרעפן צוואַנציק מיליאָן דאָלאַר. די אַמאַלגאַמייטעד אין ניו יאָרק האָט געהאַט העכער זיבן מיליאָן דאָלאַר דעפּאזיטס. אַ סך שניידער רענג און פייל טוער האָבן געקראָגן די „וואונדערבאַרע געלעגנהייט" צו קויפן די אַקציעס פון דער באַנק. דערביי האָט מען זיי פאַרזיכערט גרויסע דיווי־דענטן, אויסער, פאַרשטייט זיך, די הילף אין שאַפן אַ נייעם אינסטרומענט אין די הענט פון דער אַמאַלגאַמייטעד יוניאָן.

אויסגעלאָזט האָט זיך, אַז זיי האָבן יאָרן־לאַנג ניט געקראָגן קיין דיווי־דענטן. וואָס אָנבאַלאַנגט אַן אינסטרומענט, איז די באַנק עס געוואָרן — אָבער אויסשליסלעך אין הילמאַנס הענט.

אויסער באַנקען האָבן אייניקע באַן־יוניאָנס זיך אַריינגעלאָזט אין פינאַנ־

ציעלע געשעפטן שוין אַן דעם שלייער פון קאָאָפּעראַציע. זיי האָבן געגרינדעט אינוועסטמענט־קאָמפּאַניעס, פינאַנציעלע אינסטיטוציעס וואָס לייגן אַריין געלט צו פינאַנסירן פאַרשיידענע אונטערנעמונגען און בויאונגען.

קיין לאַנגע יאָרן האָבן די ליבאָר־באַנקען ניט געהאַט. די „אויס־שפּרייטונג" האָט זיי אומגעבראַכט, ווי עס האָט דריי יאָר שפּעטער אומגע־בראַכט אַ סך אַנדערע קלענערע און מיטעלע באַנקען. די אַלע האָפֿע־נונגען וואָס די אַרבעטער האָבן געלייגט אויף זיי, זיינען צעשמעטערט געוואָרן אין דער קאַלטער ווירקלעכקייט פון קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט. די צע־רונענע האָפֿענונגען זיינען ניט געווען די איינציקע רעזולטאַטן. די מערסטע באַנקען האָבן געפּלאַצט אויף אַ מיאוסן שטייגער. די אַרבעטער האָבן פאַר־לאָרן זייער געלט און אַ היפּשע צאָל יוניאָן־פירער זיינען באַשולדיקט געוואָרן אין שווינדל און ענלעכע איידעלע זאַכן.

די פּיאָנערן אויף דעם ליבאָר־באַנק געביט, די מיטגלידער פון דער בראָדערהוד פון לאָקאָמאָטיוו אינזשינערן, האָבן פאַרלאָרן פיל צענדליקער מיליאָנען דאָלאַרן. די געשעפטן זיינען פאַרכאַפּט געוואָרן פון פּריוואַטע פינאַנציעלע אינסטיטוציעס. צו מאַכן דעם בעכער פון אַנטוישונג פול, מוזן די מיטגלידער פון דער בראָדערהוד נאָך ביז איצט צאָלן אַ שווערן שטייער אויסצופילן די טיפע פינאַנציעלע לעכער וואָס זייערע פירער האָבן פאַר־אורזאַכט אין די באַנקען און אינוועסטמענט קאָמפּאַניעס. גלייכצייטיק זיינען די בראָדערהוד־פירער געשטעלט געוואָרן צום געריכט פאַר שווינדל.

### הילקוויטס געשעפטן אין ליקווידירן די אינטערנעשאָנאַל באַנק

די מיטגלידער פון דער אינטערנעשאָנאַל לײדיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן (פרויען־קליידער אַרבעטער) האָבן אויך באַצאָלט מיט זייער געלט פאַר זיך לאָזן נאַרן מיט דער אילוזיע אַז אַ יוניאָן ליבאָר־באַנק וועט פאַרטרייבן די הערשאַפט פון פינאַנץ־קאַפּיטאַל און וועט שטאַרקן די פּאָזיציע פון דער יוניאָן אין די פאַרהאַנדלונגען מיט די פאַבריקאַנטן.

די פרויען־קליידער אַרבעטער האָבן געהאַט דאָס גליק צו זען אין שפּיץ פון באַנק די זעלבע „העלדן", וואָס האָבן געפירט די יוניאָן און האָבן פאַר־טאַכלעוועט די אַרבעטער־באַדינגונגען אין די שעפּער. זייערע פירונגען אין דער באַנק האָבן געבראַכט צו דער זעלבער פּרוכט. די באַנק איז ליקווידירט געוואָרן ווי אַ יוניאָן־אינסטיטוציע. מאָריס הילקוויט, לאָיער פון דער יוניאָן, וועלכער האָט צוגעלייגט אַ האַנט צו דער ליקווידאַציע פון דער באַנק,

איז אָפן באַשולדיקט געוואָרן פון דער „מאָרגן־פרייהייט״ אין אַ קרימינעלן אַקט. הילקוויט האָט אומגעזעצלעכערהייט פאַרכאַפּט און פאַרקויפט אַ גרויסן טייל פון די אַקציעס אויף פרייזן אונטער די עקזיסטירנדיקע מאַרק־פרייזן. שפּעטער האָט ער די אַקציעס איינגעקויפט. די באַשולדיקונג האָט אָנגעגעבן, אַז אין דער פינאַנציעלער טראַנסאַקציע האָבן הילקוויט און זיינע פריינט געמאַכט העכער הונדערט טויזנט דאָלאַר פּראָפיטן, אויסנאַרנדיק די מיטגלידער און די לאָקאַלע יוניאָנס, וואָס האָבן אַריינגעלייגט געלט אין די אַקציעס.

הילקוויט האָט אָנגעקלאָגט די „מאָרגן־פרייהייט״ אין קרימינעלן לייבעל. ער האָט אָבער ניט געמאַכט קיין איין שריט אַז דער פּראָצעס זאָל פאָרקומען. אפילו קיין איינציקער פאַרהער איז ניט אָפּגעהאַלטן געוואָרן. דאָס אַליין איז געווען אַ באַווייז, אַז הילקוויטס אויפפירונג ביים פאַרקויפן פון די באַנק־אַקציעס איז געווען ווייט פון אומשולד. ווען הילקוויט זאָל זיך פילן ריין, וואָלט דער פּראָצעס פאָרגעקומען.

פון די אַלע לייבאָר־באַנקען, אַרום 45 אין צאָל, איז ווי ווייט מיר ווייסן געבליבן נאָר די צוויי אַמאַלגאַמייטעד באַנקען, וואָס זיינען ניט קיין לייבאָר־באַנקען און ניט קיין יוניאָן־אינסטיטוציעס. נאָר דער נאָמען אַמאַלגאַמייטעד איז געבליבן און די שטעלעס פאַר הילמאַנס מענטשן.

אויף די פליגלען פון פּראָספּעריטעט האָט דער גוט־באַקאַנטער מעטיו וואָל אויפגעגעבן זיין פּרעזידענטשאַפט איבער דער יוניאָן פון פאָטאָענגרייווערס (וואָס גיסן אויס בילדער פאַר צייטונגען און ביכער) און איז אַריין אין מער פּראָפיטאַבעלע געשעפטן, אין אַ לייבאָר פאַרזיכערונג־קאָמפּאַניע. צוזאַמען מיט נאָך אַ באַקאַנטן לייבאָר־פייקער, פוירקינס, פון דער ציגאַרמאַכער יוניאָן, האָט מעטיו וואָל געגרינדעט די לייבאָר־יוניאָן אינשורענס קאָמפּאַניע, אַ רעקעט צו ציען געלט פון יוניאָן־מיטגלידער אין נאָמען פון אַן אייגענער אַרבעטער־פאַרזיכערונג קאָמפּאַניע. מעטיו וואָל האָט געהאַט גרויסע פּלענער, און נאָך גרעסערע אַפּעטיטן, אָבער זיי האָבן זיך אים ניט איינגעגעבן. די אַמעריקאַן לייבאָר־יוניאָן אינשורענס קאָמפּאַניע איז קוים וואָס זי זשיפּעט. מעטיו וואָל מוז מאַכן זיין לעבן פון דירעקטן אַרבעטער־פאַראַט, ווי פריער. מעטיו וואָל איז דער „טעאָרעטישער״ זייל פון דער רעאַקציאָנערער א. פ. אָוו ל. ביוראָקראַטיע. ער איז אַ גרויסער שרייפל, אַ וויים־פּעזידענט, פון דער פאַרביסענער, רעאַקציאָנערער נעשאָנאַל סיוויק פעדערייש אָן, און איינער פון די ערגסטע סאָוועטן־פרעסער אין לאַנד.

## „אַרבעטער־שותפות" אין די קאַפּיטאַליסטישע קאָמפּאַניעס

די צווייטע זייט פון דער זעלבער מטבעה — לייבאָר־קאַפּיטאַליזם — איז געווען די קאָמפּאַניע צו מאַכן די אַרבעטער פאַר שותפים (פּאַרטנערס) אין די אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען אין וועלכע זיי אַרבעטן. אַט־די באַוועגונג האָט זיך אָנגעהויבן אין 1924, אומגעפער אין דער זעלבער צייט מיט די לייבאָר־באַנקען.

א ריי גרויסע קאַפּיטאַליסטישע קאָמפּאַניעס און טראַסטן זיינען אַרויסגעקומען מיט א שפּאָגל־נייער אידייע. זיי וועלן מעגלעך מאַכן פאַר זייערע אַרבעטער, ווי א גרויסע געפעליקייט, פאַרשטייט זיך, איינצוקויפן אַקציעס (שערס). דאָס וועט אויפהויבן די אַרבעטער פון דעם פּראָסטן צושטאַנד פון לוין־שקלאַפן און זיי דערהויבן צום צושטאַנד פון אַקציאָנערן פון דער קאָמפּאַניע. אַקציאָנערן מיינט שותפים. די אַרבעטער וועלן ווערן שותפים, און אפילו דעה־זאָגער אין דער פאַרוואַלטונג פון די אונטערנעמונגען אין וועלכע זיי אַרבעטן. באמת א זעלטענע אידיליע.

די קאַפּיטאַליסטישע פּרעסע, זשורנאַלן און עקאָנאָמיסטן האָבן זיך אָנגעכאַפּט אין דעם אַקציע־פּלאַן ווי א נייער אויסדרוק פון דעם „לייבאָר־קאַפּיטאַליזם". די לעצטע שפּורן פון קאַמף צווישן אַרבעט און קאַפּיטאַל וועלן פאַרשווינדן. די אַרבעטער וועלן דאָך ניט סטרייקן געגן זיך אַליין. ווען אַרבעטער פאַרמאָגן אַקציעס פון זייערע קאָמפּאַניעס ווערן זיי פאַראינטערעסירט אַז די קאָמפּאַניעס זאָלן מאַכן וואָס מער פּראָפיטן. וואָס מער פּראָפיטן אַלץ העכער וועט די ווערט פון די אַקציעס שטייגן.

אַזעלכע אינדוסטריעלע ריזן ווי דער שטאָל־טראָסט, די גוד־יאיר ראָבער קאָרפּאָריישאָן, די אמעריקאַן טעלעפאָן און טעלעגראַף קאָמפּאַניע, די נעשאָנאַל סיטי באַנק, די עדיסאָן עלעקטריק קאָמפּאַניע, ענדיקאָט־דזשאָנסאָן שוך־קאָמפּאַניע און נאָך און נאָך האָבן אָנגענומען דעם נייעם „וואונדערבאַרן" פּלאַן צו מאַכן די אַרבעטער פאַר שותפים. דער שטאָל־טראָסט האָט אפילו אַרויסגעלאָזט ספּעציעלע סעריעס אַקציעס נאָר פאַר די אַרבעטער און אָנגעשטעלטע. פּרעמדע קענען ניט האָבן די געלעגנהייט איינצוקויפן די אַקציעס, נאָר די אייגענע מענטשן.

א באַרג מיט טינט איז פאַרנוצט געוואָרן צו באַזינגען די וויכטיקייט און דעם גייסט פון שטאַטסמאַנשאַפט וואָס דער מאָדערנער קאַפּיטאַליזם וויזט אַרויס צו די אַרבעטער און די טובות וואָס די אַרבעטער וועלן קריגן פון דעם. אין א סך פּלעצער איז די אַקציע־ביזנעס באַגלייט געוואָרן מיט

א קאמפאניע־יוניאן וואס האט כלומרשט א פארטרעטערשאפט אין דער פאר־וואלטונג פון דעם געשעפט.

די קאמפאניע־יוניאן איז אן אינסטיטוציע ארגאניזירט און פארוואלטעט פון דער קאמפאניע און ניט פון די ארבעטער. עס איז א שילד צו פארשטעלן דעם וועג פאר אן אמתער ארגאניזאציע פון ארבעטער פאר די ארבעטער. די קאמפאניע־יוניאן איז דאס אייגנטום פון די באלעבאטים, ווי די פאבריקן און די מאשינען. די קאמפאניע־יוניאנס אונטער פארשיידענע נעמען האבן שפעטער געקראגן א שטארקן שטויס פאראויס אין 1934-1933 אונטער דער נ.ר.א. דער אימפעטיקער דראנג פון די ארבעטער אין אומארגאניזירטע אינ־דוסטריעס זיך צו ארגאניזירן איז באגעגנט געווארן פון די קאפיטאליסטן מיט א פארשטארקטער טעטיקייט צו שאפן קאמפאניע־יוניאנס. די נ.ר.א. און די לייבאר־באארדס זיינען זיי געווען שטארק באהילפיק דורך פארשיידענע אויסטייטשונגען און דריידלעך פון דעם נ.ר.א.־געזעץ.

### אקציעס האבן באדארפט פארבייטן לוין־העכערונגען און בעסערע באדינגונגען

וויפיל געלט די קאמפאניעס האבן ארויסגעפאמפעט פון זייערע ארבעטער דורך שותפות־פלענער איז ניט באוואוסט גענוי. עס איז יא באוואוסט, אז אין די מערסטע פאלן האבן די ארבעטער אויפגענומען דעם שותפות מיט א גרויסן ווידערגעפיל. די ארבעטער זיינען איינפאך געצוואונגען געווארן צו קויפן אקציעס אויף אויסצאלן. די קאמפאניע־אויפזעער און פארלייט (מייסטערס) האבן שוין געזען אז די ארבעטער זאלן „פרייוויליק" זיך פאר־שרייבן אויף א געוויסער צאל אקציעס. ביי יעדן אויסצאלן דעם לוין איז ארונטערגערעכנט געווארן א סומע געלט פאר די אקציעס. עס זיינען אויך געווען ארבעטער וואס האבן זיך געלאזט פארפירן פון די צוזאגענישן פון הויכע דיווידענטן.

די קאמפאניעס האבן גערעכנט אויף דעם, אז ארבעטער וואס האבן איינגעצאלט עטלעכע הונדערט דאלאר פאר אקציעס וועלן ניט גערן ארויסגיין אין א סטרייק און שטעלן אין קאן זייערע, מיט אזויפיל מי, אפגעשפארטע געלט. די אקציעס זיינען באטראכט געווארן פאר א פארזיכערונג געגן סטרייקס. צווייטנס, איז עס אויך געווען א מיטל צו קריגן נייע פינאנסירונגען אן א סענט געלט אויסגאבן. ווען א קארפאריישאן, ווי גרויס זי זאל ניט זיין, דארף געלט פאר ווייטערדיקער פינאנסירונג און אויסשפרייטונג, מוז זי

צאָלן קאָמישאָן (מעקלעריי) צו דער באנק וואָס לאָזט ארויס די אַקציעס פאַר איר און פארקויפט עס צום ברייטן פובליקום. דאָ האָט די קאָרפּאָריישאָן געהאט א קוואַל פון נייע געלט פאר פינאַנסירונג אָן דער נויטווענדיקייט צו צאָלן וועמען עס איז קאָמיסיע-געלטער.

אויך דער „גאָלדענער" פּלאַן האָט געהאט קורצע יאָרן. עס האָט לאַנג ניט געדויערט און פאַר די ארבעטער איז קלאָר געוואָרן אַז עטלעכע סענט אָדער עטלעכע דאָלאַר א יאָר דיווידענטן אָדער פּראָפיטן, פארבייטן ניט א לוין־העכערונג, קירצערע ארבעט-שטונדן און בעסערע ארבעט-באדינגונגען. דער ווידערשטאַנד געגן דער געצוואונגענער אַקציע־קויפן איז געוואָרן שטאַרקער. די קאָמפּאַניעס האָבן זיך אָנגעשטויסן אויף גרעסערע שוועריקייטן אין ארויפ־צווינגען זייערע ווערט-פּאַפּירן אויף די ארבעטער. דער פולער קראַך פון דעם פּלאַן איז געקומען נאָך דער פינאַנציעלער פּאַניק און גרויסן קריזיס אין 1929.

ארבעטער וואָס האָבן יאָרן־לאַנג אויסגעצאָלט פאר די אַקציעס און האָבן באַדאַרפט דאָס געלט אין קריזיס, האָבן געזען ווי די ווערט-פּאַפּירן פאַלן ארונטער מיט א קאָפּ־שווינדלערישער שנעלקייט. דער שטאָל־ארבעטער וואָס האָט אויסגעצאָלט 98 דאָלאַר פאַר אַן אַקציע, האָט געזען ווי די אַקציע פאַלט ביז 21 דאָלאַר און נידעריקער. אַנדערע אַקציעס, ווי פון דער אמעריקאַנער קופּער־קאָמפּאַניע, זיינען געזונקען ביז 4 און 5 דאָלאַר. דער ארבעטער איז געבליבן אָן ארבעט און אָן די לעצטע פּאָר גראָשן.

## אָנגעשטעלטע מוזן נאָך מאַכן צאָלונגען לויט העכערע פּרייזן

אין די פאַלן וואו די אַקציעס זיינען נאָך ניט געווען אויסגעצאָלט אין פולן און די ארבעטער זיינען נאָך געווען אויף דעם לוין-צעטל פון דער קאָמ־פּאַניע, זיינען זיי געצוואונגען געוואָרן צו מאַכן די פולע צאָלונגען לויט דעם אָריגינעלן פּרייז, ניט קוקנדיק אויף דעם וואָס דער מאַרק-פּרייז פון די „ווערט-פּאַפּירן" איז געווען זייער נידעריק. צו לוין-רעדוצירונגען און ווייניק ארבעט זיינען צוגעקומען די צאָלונגען פאַר די אַקציעס.

א מוסטער פון אַזא קאַלט-בלוטיקער רויבעריי איז ארויסגעבראַכט גע־וואָרן זומער 1933, אויף די פאַרהערן פון דער סענאַט-קאָמיטע וואָס האָט אונטערזוכט די טעטיקייטן פון די גרויסע באַנקען און זייערע אינוועסטירונ־גען און הלוואות. דער פּרעזידענט פון דער נעשאַנאַל סיטי באַנק, מיטשעל, האָט צוגעגעבן, אַז די אָנגעשטעלטע פון באַנק, וועמענס געהאַלט איז שוין צוויי מאָל געשניטן געוואָרן, זיינען געצוואונגען צו מאַכן די ווייטערע

צאָלונגען פאַר די אַקציעס פון באַנק, וואָס מען האָט זיי איבערגוואַלד אַריינגעשטופּט אין די יאָרן פון אַרויפגעשרויפטע פּרייזן. די צאָלונגען מוזן זיי מאַכן לויט די הויכע פּרייזן פון דער פּראָספּעריטעט, אין דער צייט ווען די אַקציעס זיינען שטאַרק געפאַלן. די אַנגעשטעלטע זיינען איינפאַכע קרבנות פון אַ רויבערישן איבערפאַל (האָלד־אַפּ) פון די באַנק־דירעקטאָרן, וואָס האָבן אַליין געפּלינדערט די באַנק וויפיל זיי האָבן געוואָלט. זייער ניט־אָרגאַניזירטקייט מאַכט זיי הילפלאָז.

## דער ב.־אָ. פּלאַן און זיינע רעזולטאַטן

נאָך אַן אידיליע וואָס האָט געזאָלט אָפּשאַפן די רייבונגען צווישן אַרבעט און קאַפּיטאַל און ברענגען צו אייביקער האַרמאָניע און קאָאָפּעראַציע, איז געווען דער באַוואוסטער פּלאַן פון דער באַלטימאָר און אָהייאָ באַן־קאָמפּאַניע. דאָס איז אויך געווען אַן אויסדרוק פון דער פילאָזאָפיע פון „נייעם קאַפּיטאַליזם”.

דער פּלאַן, אַרויסגערוקט פון דעם באַן־פּרעזידענט דעניעל ווילאַרד, האָט געשאַפן אַ פאַרוויקלטע סיסטעם פון קאָאָפּעראַציע צווישן די אַרבעטער און דער באַן-פאַרוואַלטונג. די אַרבעטער, אָרגאַניזירט לויט זייערע צעכן און פאַכן, וועלן זיין פאַרטראָטן צוזאַמען מיט די פאָרשטייער פון דער באַן־פאַרוואַלטונג אין איין קערפּערשאַפט צו פאַרהאַנדלען אַלע פראַגן וואָס האָבן אַ שייכות צו דער פּראָדוקציע און אַרבעט־באַדינגונגען. די יוניאָנס ווערן אָנערקענט פון דער באַן־פאַרוואַלטונג. דערפאַר פאַרפליכטן זיך די יוניאָנס מיטצוהעלפן דער פאַרוואַלטונג איינצופירן מער טיכטיקייט אין דער פּראָדוקציע, מער שפּאָרזאַמקייט, און דאָס גלייכן.

ד מאַשיניסטן־יוניאָן, געפירט פון דעם „סאָציאַליסט” דזשאָנסטאָן, האָט גערן אָנגענומען דעם פּלאַן. דער א. פ. אָוו ל. צוזאַמענפאָר אין 1925 אין פּאָרטלאַנד האָט עס באַשטעטיקט. ווידער האָבן קאַפּיטאַליסטישע און יוניאָן-שרייבער געקראָגן אַ געלעגנהייט צו באַזינגען די נייע ערע פון גוטן ווילן צווישן אַרבעטער און וויטזיכטיקע קאַפּיטאַליסטן.

דער אוממיטלבאַרער רעזולטאַט פון דעם ב.־אָ. פּלאַן איז געווען אַ פאַרערגערונג פון די אַרבעט־באַדינגונגען אין די באַן־שעפּער און אַ פאַרגרעסערטע אַרבעטלאָזיקייט. די מאַשיניסטן־יוניאָן איז געוואָרן אַ שותּף צו די ערגסטע ראַציאָנאַליזאַציע-מעטאָדן וואָס האָבן אַרויסגעוואָרפן פיל צענדליקער טויזנטער אַרבעטער פון די באַן־שעפּער. גענוג צו פאַרצייכענען, אַז

די מאשינסטן־יוניאן, וואס האט געציילט אין 1920 330,800 ווירקלעכע מיטגלידער (דיוס־צאָלער), האט פיר יאר שפעטער געציילט 70,000 ווירקלעכע מיטגלידער. אין די קריזיס־יאָרן איז די מאשינסטן־יוניאן געפאלן ביז 40 טויזנט מיטגלידער. אויף די באנען זיינען באשעפטיקט אין 1934 כמעט א העלפט ארבעטער פון דער צאָל וואס זיינען באשעפטיקט געווען אין 1920. ארום 900,000 ארבעטער זיינען פערמאנענט ארויסגעוואָרפן געוואָרן פון דעם באן־טראנספּאָרט, ניט ווייל די צאָל באנען איז געשניטן געוואָרן, נאָר ווייל די ארבעט־אָנלאָדונג איז געשטיגן.

### מיליאָנען פרויען און קינדער באשעפטיקט אין אינדוסטריע

א באַגריף פון דער עקאָנאָמישער לאגע פון דעם ארבעטער־קלאס גיט אונז די צאָל פרויען און קינדער וואס זיינען באשעפטיקט אין דער אינדוסטריע. די אמעריקאנישע קאפּיטאליסטן און זייערע גייסטיקע פאָרשטייער האלטן זייער שטארק פון דעם רעספּעקטאבעל־פרומען לאָזונג: האלט אויף דעם פאמיליע־לעבן („קיפּ יאָר האָום פּייערס בורנינג”). גלייכצייטיק טוען זיי אלץ אין זייערע כוחות צו ברעכן פאמיליעס, אפּרייסן מוטערס פון זייערע קינדער און ארויסנעמען קינדער פון שול און שיקן זיי אין פאבריק. נאָך אין 1920, ווען פּראָדוקציע איז געווען אין פולן שוואונג און פארדינסטן זיינען געווען פארהעלטנישמעסיק בעסער ווי אין די יאָרן 1921, 1922, 1923 און 1924, זיינען אכט־און־א־האלב מיליאָן מיידלעך און פרויען געווען באשעפטיקט אין פאבריקן און געשעפטן. דאס איז לויט די ציפערן פון דעם פעדעראלן צענזוס אין זעלבן יאָר. איבעריק צו זאָגן, אז די גרויסע מערהייט פון פרויען און מיידלעך זיינען ניט געגאנגען אין די פאבריקן ווייל זיי איז דערעסן געוואָרן צו פירן א גוטן לעבן אין זייערע היימען. עקאָנאָמישע נויט האָט זיי געטריבן צו פארלאָזן די היים און גיין זוכן באשעפטיקונג צו קענען זיך אויפהאלטן.

אין גאנצע פאכן און אינדוסטריעס, עלף אין צאָל, האָבן פרויען אויסגעמאכט א מערהייט אין דער אינדוסטריע. אין די עלף גייט אריין די קליידער־אינדוסטריע, קענדי (צוקערקעס) אינדוסטריע, קאטן, טעקסטיל, א. אז. וו. א העלפט פון די אָנגעשטעלטע ביי דער פעדעראלער רעגירונג זיינען פרויען. די מערהייט ארבעטער אין דער שפּייז־פּרעזערווין אינדוסטריע (קענערים), א געפערלעכע פאך געזונט באשעפטיקונג, זיינען פרויען און מינדעריאָריקע. א מיליאָן און ניין הונדערט טויזנט פון די פרויען זיינען פארהייראט. דאס

מיינט, פון יעדע עלף אַרבעטנדיקע פרויען איז איינע פאַרהייראַט און דעם מאַנס פאַרדינסט איז ניט גענוג אויסצוקומען.

אין די מערסטע אינדוסטריעס קריגן די פרויען אַ העלפט און אַמאָל אַ דריטל פון דעם לוין וואָס מענער קריגן פאַר גלייכער אַרבעט. פאַרשטייט זיך, אַז די נידעריקע ווייזשעס פאַר פרויען איז ניט בלויז אַ קלאַפּ פאַר די פרויען, נאָר עס פירט צו האַלטן נידעריק די ווייזשעס פון די מענער־אַרבעטער.

פון 1910 ביז 1920 זיינען צוגעקומען אַ האַלב מיליאָן אַרבעטנדיקע פרויען. דאָס אַליין איז אַ באַווייז, אַז די מאַטעריעלע לאַגע פון דער אַרבעטער־באַפעלקערונג אין די יאָרן פון אינדוסטריעלער אויסשפּרייטונג איז ניט געוואָרן בעסער נאָר ערגער. אָט־די פאַרערגערטע לאַגע האָט געטריבן אַזוי פיל פרויען אין די אינדוסטריעס.

קיין גענויע ציפערן זינט 1920 פאַרן גאַנצן לאַנד זיינען ניטאָ, אָבער פון אונטערזוכונגען וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן אין איינציקע שטאַטן קען מען גרינג זען די טענדענץ פון אַ גרעסערן שטראָם פרויען און מינדעריאָריקע אין די אינדוסטריעס.

אַ ביישפּיל וועט געבן אָהייאָ, וואָס איז דער דריטער גרעסטער אינ־דוסטריעלער שטאַט אין לאַנד.

אין 1919 האָבן פרויען אויסגעמאַכט 15.8 פּראָצענט פון די אַרבעטער אין די פאַבריקן און שעפּער.

אין 1924 האָבן די פרויען שוין אויסגעמאַכט 16.8 פּראָצענט פון די אַרבעטער אין פאַבריקן און שעפּער. אין פאַרלויף פון די פינף יאָר צווישן 1919 און 1924 איז אין אָהייאָ געפאַלן די צאָל אַרבעטער אויף 1,500, אָבער די צאָל פון אַרבעטערינס איז געשטיגן אויף 18,000 מער.

דער פעדעראַלער צענזוס פון 1890 האָט געוויזן, אַז פון יעדע 22 אַר־בעטער־פרויען איז איינע פאַרהייראַט. דער זעלבער צענזוס אין 1920 האָט שוין געגעבן פאַר יעדע עלף פרויען איינע פאַרהייראַט.

## די פרעמד־געבאָרענע אַרבעטער־פרוי

אַן אונטערזוכונג דורכגעפירט אָנהייב 1928 אין אַ ריי פאַבריקן, גע־שעפטן און אונטערנעמונגען האָט געוויזן, אַז 35 פּראָצענט פון אַלע באַ־שעפטיקטע פרויען זיינען פאַרהייראַט. אויב מען זאָל נעמען דעם פּראָצענט פאַר אַ באַזע, זיינען אין 1928, אין דעם זעכסטן יאָר פון פּראָספּעריטעט,

געווען צוויי מיליאָן מיט 750 טויזנט פאַרהייראַטע פרויען אין פאַבריקן, שעפער און געשעפטן.

ניט קוקנדיק אויף אַ רייַ שוץ־געזעצן, וואָס אַ סך שטאַטן האָבן אָנגענומען, זיינען פרויען באַשעפטיקט אין אַרבעטן וואָס זיינען שעדלעך פאַרן געזונט, לאַנגע שטונדן און אומסאַניטאַרישע באַדינגונגען. איין אינדוסטריע האָבן מיר געבראַכט אַלס ביישפּיל — די שפּייז־קאָנסערוון. אין דער טעקסטיל אינדוסטריע אין דרום האָבן פרויען געאַרבעט אין דער נאַכט־סמענע (שיפט) 12 און 13 שטונדן. לאַנגע שטונדן האָבן אויך עקזיסטירט אין דער גלאָז־אינדוסטריע אין אָהייאָ, א. אַ.

אַן אונטערזוכונג דורכגעפירט אין 1928 אין פילאַדעלפיע האָט געגעבן אַ בילד פון דער לאַגע פון דער פרעמד־געבאָרענער אַרבעטער־פרוי. נאָך מיט אַכט יאָר צוריק האָט דער פעדעראַלער צענזוס געוויזן, אַז העלפט פון אַלע פרעמד־געבוירענע פרויען זיינען לוין־אַרבעטער. די פאַקטן, אַרויסגעבראַכט אין פילאַדעלפיע, גיבן צו אַ סך וויכטיקע איינצעלהייטן.

איבער אַ העלפט פון אַלע אַרבעטערינס זיינען באַשעפטיקט אין דער טעקסטיל און קליידער אינדוסטריע. 94 פּראָצענט קומען פון ניט־ענגליש שפּרעכנדע לענדער. אַ העלפט האָבן אין דער אַלטער היים געאַרבעט אויף פאַרמס, גרעסטנטיילס ביי זיך אינדערהיים.

22 פּראָצענט זיינען געבוירן געוואָרן אין פּוילן, 15 פּראָצענט אין עסטרייך, 15 פּראָצענט אין אונגאַרן, פון זעקס ביז ניין פּראָצענט אין רוסלאַנד, איטאַליע, טשעכאָסלאָוואַקיע און יוגאָסלאַוויע. נאָר אַ פינפטל פון זיי זיינען בירגער פון די פאַראייניקטע שטאַטן. אַרום אַכצן פּראָצענט זיינען געווען אונטער 18 יאָר אַלט. איינע פון זיבן האָט אינגאַנצן ניט געקענט לייענען און שרייבן (אַפילו ניט די מוטער־שפּראַך), אַ העלפט פון די אַרבעטערינס זיינען געווען פאַרהייראַט, און צוויי פאַמיליעס פון יעדע פינף האָט געהאַט צוויי און דריי קינדער (פונדעסטוועגן האָט די מוטער געמוזט גיין אַרבעטן). אין 165 פאַמיליעס איז די פרוי געווען די איינציקע ברויט־פאַרדינערין, און דער מאַן איז געווען אַרבעטלאָז.

די דורכשניטלעכע פאַרדינסטן פאַר אַ פולער וואָך אַרבעט אין צייט פון סעזאָן אין פילאַדעלפיע איז געווען 25 דאָלאַר אַ וואָך. צען פּראָצענט האָבן פאַרדינט ווייניקער ווי 10 דאָלאַר אַ וואָך. די פרויען וואָס האָבן אַרויסגענומען אַרבעט אַהיים האָבן פאַרדינט אַרום צען סענט אַ שטונדע.

די זעלבע קראַפט — נויט — וואָס האָט געטריבן מוטערס פון קינדער אין פאַבריק אָדער צו היים־אַרבעט, האָט געטריבן מינדעריאָריקע אַהין. נאָך

אין 1920 זיינען איבער אַ העלפט פון אַלע יונגע מענטשן אין עלטער ביז 19 יאָר געווען באַשעפטיקט. אַ דריטל פון זיי זיינען געווען אינגער פון פופצן יאָר.

## די פאַרשפרייטונג פון קינדער־אַרבעט

די ציפערן זיינען געבויט אויף דעם פעדעראַלן צענזוס פון 1920. זינט יענע יאָרן איז די צאָל קינדער וואָס זיינען צוגענומען געוואָרן פון די שולן און געבראַכט געוואָרן אין אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, געוואַקסן. אָבער אַפילו די ציפערן זיינען ניט פול פאַר דעם יאָר 1920.

דער צענזוס איז גענומען געוואָרן אין מיטן ווינטער. דאָס האָט אַרויס־גענומען פון צעטל הונדערטער טויזנטער קינדער, וועלכע אַרבעטן אויף די פאַרמס און אין די פאַרשיידענע סעזאָנען ביי גרינס און ביי פרוכט.

הונדערטער טויזנטער פאַמיליעס פון לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעטער, זייערע פרויען און קינדער, אַרבעטן אויף די פעלדער זומער. די טאָמייטאָ־גערטנער אין ניו דזשוירזי, די ציבעלע־פעלדער אין אָהייאָ און די גרינס־ און פרוכט־טאָלן אין קאַליפאָרניע, און די קאָטן־פעלדער אין דרום, זיינען געבויט אויף דער שווערער פּראַצע פון קינדער פון פינף און זעקס יאָר אַלט, וואָס פּראַצעווען אונטער שוידערלעכע באַדינגונגען פאַר עטלעכע סענטן. די אַלע קינדער זיינען ניט אַריין אין דעם פעדעראַלן צענזוס.

די דרום־שטאַטן צייכענען זיך אויס מיט זייער גרויסער צאָל קינדער־אַרבעטער. אין 1920 זיינען אין דזשאָרדזשיאַ העכער 88,000 קינדער געווען באַשעפטיקט ביי פאַרשיידענע אַרבעטן. זיי האָבן אויסגעמאַכט 20.8 פּראָ־צענט פון אַלע אַרבעטער אין דעם שטאַט. נאָך דזשאָרדזשיאַ קומט דער באַוואוסטער שטאַט אַלאַבאַמאַ, אַ גרויסער אינדוסטריעלער שטאַט אין דרום מיט העכער 84,000 קינדער, וואָס מאַכן אויס איבער 24 פּראָצענט פון אַלע דערוואַקסענע אַרבעטער. נאָכדעם קומט טעקסאַס מיט נאָענט צו 81,000 קינדער.

ווי געזאָגט, זיינען ניטאָ קיין גענויע ציפערן פאַר די שפּעטערדיקע יאָרן. די פעדעראַלע רעגירונג איז נייגעריק געווען צו באַהאַלטן די צאָל אַרבעטלאָזע בכלל און די צאָל פרויען און קינדער וואָס זיינען באַשעפטיקט אין אינדוסט־ריע, ווייל דאָס וועט אָפּלייקענען די פאַרשפּרייטע אילוזיע אַז אַמעריקע איז דאָס לאַנד וואו דאָס פאַמיליע־לעבן איז איינגעפונדעוועט און איינגעוואָרצלט,

## גרויזאַמע היים־אַרבעט בליט אין פּראָספּעריטי־יאָרן

איינער פון די שרעקלעכסטע פּלאָגן אויף דעם אַרבעטער־קלאַס איז די היים־אַרבעט, וואָס האָט זיך פאַרשפּרייט אין די גוטע יאָרן פון דער פּראָס־פּעריטעט.

די היים־אַרבעט האָט אויפגעהאַלטן די גרונט־שטריכן פון דער סוועט־שאָפּ סיסטעם: לאַנגע שטונדן, קלעגלעכער פאַרדינסט און אומסאַניטאַרישע באַדינגונגען.

די היים־אַרבעט איז פאַרשפּרייט אין אַ סך אינדוסטריעס און געגנטן, ניט בלויז אין די „אָפּגעשטאַנענע" דרום־שטאַטן, נאָר אויך אין אַזאַ „פּראָ־גרעסיוון" און מאָדערנעם שטאַט ווי ניו יאָרק זיינען טויזנטער קינדער באַ־שעפטיקט אונטער די גרויזאַמע היים־באַדינגונגען.

קיינע פון די אָפיציעלע קערפּערשאַפטן האָט זיך ניט באַמיט צו מאַכן אַ געניויע אונטערזוכונג וויפיל פאַמיליעס, קינדער אַריינגערעכנט, זיינען באַשעפטיקט אין די היים־אינדוסטריעס. טיילווייזע אונטערזוכונגען וואָס זיינען דורכגעפירט געוואָרן פון דער נעשאָנאַל אַנטי-טשיילד לייבאָר אַסאָסי־איישאָן (געזעלשאַפט געגן קינדער־אַרבעט) אין ניו יאָרק, ניו דזשוירזי, פּענ־סילווייניע און קאָנעטיקוט, האָבן אַרויסגעבראַכט שרעקלעכע פאַקטן. אין היים־אַרבעט זיינען געווען — און זיינען אויך איצט — באַשעפטיקט אַרום צוויי מיליאָן אַרבעטער, אין דער גרויסער מערהייט פרויען און קינדער. דאָס זיינען די ציפערן פון דער אַנטי־טשיילד לייבאָר אַסאָסיאיישאָן. די פאַר־דינסטן זיינען אַזוי נידעריק ווי פיר און פיר־און־אַ-האַלב דאָלאַר אַ וואָך.

אין ניו יאָרק זיינען פאַראַן פאַמיליעס וואָס נעמען אַרויס אַרבעט פון די מענער־קליידער פאַבריקאַנטן. די גאַנצע פאַמיליעס, מאַן, פרוי און קליינע קינדער אַרבעטן אין אַ פינצטערער קיך און פאַרדינען ניט מער ווי צען און צוועלף דאָלאַר אַ וואָך. דער רייכער, אַריסטאָקראַטישער קאָסטאָם־טיילאָרינג פאַך (אָנצוגן געמאַכט אויף באַשטעלונגען) האַלט זיך אין אַ גרויסער מאָס אויף היים־אַרבעט, וואו די גאַנצע פאַמיליע נעמט אָנטייל. די גאַנציע אינדוסטריע פון קינסטלעכע פעדערן און בלומען, אין ניו יאָרק, ליגט אין דער גרויזאַמער היים־אַרבעט. דער אינדוסטריעלער קאָמישאָנער פון ניו יאָרק האָט פיל מאָל געמאָלדן וועגן דעם הונגער־לוין און שרעקלעכע אַרבעט-באַדינגונגען וואָס הערשן אין דער היים־אַרבעט פון קינסטלעכע פעדערן און בלומען, פונדעסטוועגן איז אַלצדינג געבליבן ביים אַלטן. אין

די קריזיס־יארן און אונטער דער נ.ר.א. איז די לאגע פון דער היים־אינדוסטריע געווארן נאך ערגער. אין ניו יארק שטאט איז אין 1934 איינגעפירט געווארן א לייסענס־סיסטעם (א רעגיסטראציע פאר א דערלויבעניש), וואס לעגאליזירט די אומגליקלעכע היים־ארבעט. דאס איז געטאן געווארן אונטער דער לאזונג: ניט בארויבן ארעמע מענטשן פון באשעפטיקונג.

## א. פ. אוו ל. נוצט ניט אויס די פראספעריטעט צו ארגאניזירן די אומארגאניזירטע

ניט געקוקט אויף די אלע ראציאנאליזאציע־מעטאדן און ארבעט־פאר־שפארנדיקע מאשינען, איז די צאל לוין-ארבעטער געשטיגן. די צאל מענטשן וואס זיינען ניט אנגעוויזן אויף זייער ארבעט פאר לעבן, איז קלענער געווארן.

דער פעדעראלער צענזוס אנערקענט ניט קיין ארבעטער. דער צענזוס פארמאגט א פונקט וועגן די פארדינסטפולע באשעפטיקונגען (גיינפול אקופיישאנס). אין דעם צעטל פון פארדינסטפולע באשעפטיקונגען גייען אריין באנקירן און דירעקטארן פון די גרויסע קארפאריישאנס, פארוואלטער, און זייער גלייכן. די רעגירונג מיידט באוואוסטזיניק אויס פעסטצושטעלן וויפיל לוין־ארבעטער זיינען פאראן אין לאנד. די רעגירונג וויל ניט אנער־קענען לוין־ארבעטער ווי א באזונדער קלאס און מישט זיי צונויף מיט א פרוכט־בארער באשעפטיקונג, וואו דער באנקיר און דער קלויערק, דער פאבריקאנט און דער פראסטער ארבעטער זיינען אריינגעווארפן אין איין טאפ.

אין 1926 איז אויסגערעכנט געווארן, אז 78 פראצענט פון די וועלכע זיינען „פארדינסטפול״ (גיינפול) באשעפטיקט, זיינען לוין־ארבעטער. די צאל לוין־ארבעטער איז אויסגעוואקסן פון נאענט צו דרייסיק מיליאן אין 1925 צו 33,976,000 אין 1928. אין 1931 האט די צאל לוין־ארבעטער באטראפן ארום 35 מיליאן.

פון אט־דעם פיל־מיליאנענדיקן פראלעטאריאט זיינען נאר קליינע טיילן געווען ארגאניזירט. אזוי שנעל ווי די ווילסאן־רעגירונג האט אויפגעהערט צו שטיצן די יוניאן־פירער ווען די מלחמה־נויטווענדיקייט איז פארשוואונדן, איז די צאל ארגאניזירטע ארבעטער נאכאנאנד געפאלן. פון 1924 איז די צאל מיטגלידער געשטאנען אויף איין ארט, לויט די אפיציעלע באריכטן פון דער א. פ. אוו ל. אין דער ווירקלעכקייט איז די צאל געפאלן.

מיטגלידערשאַפט אין די א. פ. אָוו ל. יוניאָנס 1900—1930

| יאָר | צאָל מיטגלידער |
|---|---|
| 1900 | 548,321 |
| 1904 | 1,676,200 |
| 1908 | 1,585,885 |
| 1912 | 1,770,145 |
| 1916 | 2,072,702 |
| 1920 | 4,780,740 |
| 1924 | 2,865,979 |
| 1925 | 2,878,297 |
| 1926 | 2,803,966 |
| 1927 | 2,812,526 |
| 1928 | 2,896,063 |
| 1930 | 2,961,000 |

אין 1932 איז די צאָל מיטגלידער פון דער א. פ אָוו ל. געפאַלן ביז צוויי און א האַלב מיליאָן.

די ציפערן פאַר די לעצטע צוויי יאָר זיינען אויפגעבלאָזן. אזוי צום ביישפּיל האָט דזשאָן ל. לואיס אָנגעגעבן פיר הונדערט טויזנט מיטגלידער אין זיין יוניאָן אין 1930, ווען דאָרט זיינען געווען קוים הונדערט טויזנט. די יוניאָן-באַאמטע זיינען פאַראינטערעסירט אָנצוגעבן מער מיטגלידער, ווייל דאָס גיט זיי מער שטימען אויף דעם א. פ. אָוו ל. צוזאַמענפאָר. אין דריי מאָנאַטן פאַר דעם צוזאַמענפאָר טראָגן זיי אריין א גרעסערע סומע געלט פאַר דעם מיטגליד־אָפּצאָל און אזוי ארום וואַקסט אויפן פּאַפּיר די צאָל ארבעטער אין זייערע יוניאָנס.

אין 1928 און 1930 איז די צאָל אָרגאַניזירטע ארבעטער אין אַלע יוניאָנס אין דער אַמעריקאַן פעדעריישאָן אָוו לייבאָר און אויסער דער א. פ. אָוו ל., ווי באַן-בראָדערהודס, די אַמאַלגאַמייטעד קלאָדינג וואָירקערס און די יוניאָנס פון דער טרייד־יוניאָן יוניטי ליג באַטראָפן ארום דריי און א האַלב מיליאָן מיטגלידער פון אַן ארמיי פון 35 מיליאָן לוין-ארבעטער. די פאַראייניקטע שטאַטן איז די נידעריקסטע אין דעם פּראָצענט אָרגאַניזירטע ארבעטער, נידעריקער פון אַזעלכע „אָפּגעשטאַנענע" לענדער ווי שפּאַניע (פאַר דער רעוואָלוציע), פּוילן און פּאָרטוגאַל.

## קאָרופּציע און רעקעטירינג אין די יוניאָנס

די פּראָספּעריטי־יאָרן האָבן פאַרשנעלערט דעם פּראָצעס פון דעמאָראַליזאַציע און קאָרופּציע אין די אויבערשטע שיכטן פון דער א. פ. אָוו ל. געננסטעריזם איז געוואָרן אַ ווייט־פאַרשפּרייטער מיטל אין די הענט פון די יוניאָן-באַאמטע צו באַקעמפן די רענק און פייל אָפּאָזיציאָנערן און דעם לינקן פליגל. רעקעטירינג וואָס האָט זיך צעלייגט אַזוי ברייט אין דער אַמעריקאַנישער פּאָליטיק און אין דער געשעפט-וועלט, האָט זיך איינגעגעסן אין דער יוניאָן־ביוראָקראַטיע. אין אַ סך יוניאָנס איז שווער געוואָרן אונטערצושיידן, וואו עס הויבט זיך אָן די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע און וואו עס ענדיקט זיך דער רעקעטיר־געשעפט. די אַרבעטער זיינען געמאָלקן געוואָרן מיט דעם כח פון רעקעטירינג־מעטאָדן. אויסרעדן אַ וואָרט האָט געמיינט צעמזיקט ווערן פון „שטאַרקע״. גענויער וועגן דער קאָרופּציע און געננסטעריזם וועט דער לייענער געפינען אין די קאַפּיטלען א. פ. אָוו ל., טעאָריע און פּראַקטיק, דער לינקער פליגל, און דעם קאַפּיטל וועגן קריזיס.

פון דער צווייטער זייט האָבן די פּראָספּעריטעט־יאָרן בייגעוואוינט גרויסע העלדישע סטרייקס אין די אַזוי-גערופענע „קראַנקע״ אינדוסטריעס, ווי טעקסטיל (פּאַסייק און ניו־בעדפאָרד), צווישן די מיינער אין פּענסילווייניע, נאָדל־פּאַכן א. אַז. וו. די סטרייקס זיינען געפירט געוואָרן פון די לינקע. דער קלאָוקמאַכער גענעראַל־סטרייק און דער פאָריער גענעראַל־סטרייק אין ניו יאָרק זיינען פאָרגעקומען אין 1926.

דער קלאָוקמאַכער־סטרייק האָט געדויערט 16 וואָכן, צוליב דעם סאַבאָטאַזש פון די אינטערנעשאָנאַל-באַאמטע מיט פּרעזידענט זיגמאַן אין דער שפּיץ. די 35,000 קלאָוקמאַכער האָבן פונדעסטוועגן געוואונען אַ לוין־העכערונג פון 4 ביז 8 דאָלאַר אַ וואָך און אַ באַשרענקונג פון דעם רעכט פון באַלעבאָס אוועקצושיקן צען פּראָצענט פון די אַרבעטער פון שאַפּ יעדן יאָר, אַ רעכט וואָס די רעכטע יוניאָן־פירער האָבן פריער באַווויליקט די באַלעבאַטים.

דער סטרייק פון די צען טויזנט פאָריער האָט אויך צוליב די שטערונגען און סאַבאָטאַזש פון די נאַציאָנאַלע באַאמטע פון דער אינטערנעשאָנאַל פאָר־אַרבעטער יוניאָן און פון גרין, פּרעזידענט פון דער א. פ. אָוו ל., זיך געצויגן 32 וואָכן. די אַרבעטער האָבן געוואונען די פערציק אַרבעט־שטונדן אַ וואָך אָנשטאָט 44, און אַ לוין־העכערונג. ווען ניט די אַריינמישונג פון

גרין וואָלט דער זיג פון די פאַריער געווען נאָך גרעסער און דער סטרייק קירצער.

אין די יאָרן האָט זיך אויך אויסגעשיילט און קריסטאַליזירט דער לינקער פליגל אין די יוניאָנס. די קאַמפּן פון דעם לינקן פליגל אין דער פרויען־קליידער אינדוסטריע און צווישן די קירזשנער (פאַריער) זיינען אריינגעשריבן געוואָרן אין דער געשיכטע פון ארבעטער־קלאַס מיט פייערדיקע בוכשטאַבן. קלאַסן־מיטאַרבעטערשאַפט און קלאַסן־מעטאָדן אין די יוניאָנס זיינען געוואָרן שאַרף אָפּגעגרענעצט. דיקטאַטור איבער ארבעטער אין דער יוניאָן און דעמאָ־קראַטיע און ארבעטער־רעכט אין דער יוניאָן זיינען געוואָרן ברענענדיקע לאָזונגען אין אַ הייסן קאַמף וואָס האָט אויפגערודערט הונדערטער טויזנטער ארבעטער אין דער קליידער־אינדוסטריע, קוילן־אינדוסטריע, טעקסטיל־אינ־דוסטריע, שיך־אינדוסטריע, און נאָך.

די סאַקאָ־וואַנזעטי פארשווערונג האָט אויך אָפּגעשפּיגלט די כוחות־פאַהעלטעניש צווישן די קלאַסן אין אַמעריקע, און אין דער ארבעטער־באַוועגונג גופא.

### סאַקאָ און וואַנזעטי אַרעסטירט אין דער אַנטי־רויטער היסטעריע

סאַקאָ און וואַנזעטי זיינען געקומען אין אַמעריקע אין 1908 פון איטאַליע. זיי האָבן זיך באַזעצט ארום באָסטאָן און זיינען געוואָרן טעטיק אין דער איטאַליענישער ארבעטער־באַוועגונג. סאַקאָ האָט געאַרבעט אין אַ שוך־פאַבריק און וואַנזעטי, וואָס איז געשטעלט געוואָרן אויף דער שווארצער ליסט פון די פאַבריקאַנטן, איז געוואָרן אַ פיש־פּעדלער (איינער וואָס פירט ארום אַ וועגעלע מיט פיש צום פארקויפן).

אין די מלחמה־יאָרן האָבן זיי אַנטיילגענומען און געהאָלפן אין אַ סך סטרייקס. זיי זיינען אויך ביידע געווען אַקטיווע מלחמה־געגנער און ווי וואַנזעטי האָט זיך אויסגעדריקט:

> „איך האָב געלערנט, אַז קלאַסנקאַמף איז ניט אַ פראַזע אויסגעטראַכט פון דעם פּראָפּאַגאַנדיסט, נאָר אַ ווירקלעכער, לעבנס־נויטיקער כח. די וועלכע פילן זיין באַדייטונג זיינען מער ניט קיין חיות, נאָר מענטשלעכע וועזנס.״

ניו ענגלאַנד איז געבויט אויף צוויי גרויסע אינדוסטריעס, שיך און טעקסטיל. גרויסע מאַסן ארבעטער זיינען באַשעפטיקט אין די צוויי אינ־דוסטריעס. די ארבעטער זיינען אין יענער צייט געווען כמעט אינגאַנצן אומ־אָרגאַניזירט. די שיך־ארבעטער האָבן געהאַט די בוט און שו וואָירקערס יוניאָן,

וואָס איז אַן אָפּענע אַגענטור פון די באַלעבאַטים. די טעקסטיל-אַרבעטער האָבן ניט געהאַט דעם מינדעסטן צוטרוי צו דער יונייטעד טעקסטיל וואָירקערס יוניאָן. אין דער טעקסטיל-אינדוסטריע הערשן גאָר שווערע באַדינגונגען. די טעקסטיל-אינדוסטריע אין ניו-ענגלאַנד באַלאַנגט צו די „קראַנקע" אינ-דוסטריעס אין קאַפּיטאַליזם. קאָנקורענץ מיט די אויפגעקומענע טעקסטיל-מילן אין דרום קאָסט די אַרבעטער נויט און הונגער.

סאַקאָ און וואַנזעטי זיינען געווען טעטיק צווישן די איטאַליענישע שיך- און טעקסטיל-אַרבעטער. זייענדיק אַנאַרכיסטיש-געשטימטע מענטשן זיינען זיי אַריינגעפאַלן אין דער קאַטעגאָריע פון „געפערלעכע אויסלענדער", אויף וועמען די פעדעראַלע רעגירונג האָט אין 1919-1920 געמאַכט די מאַסן איבער-פאַלן, אונטער מיטשעל פּאַלמער, ווילסאָנס אַטוירני-דזשענעראַל.

סאַקאָ און וואַנזעטי זיינען אַרעסטירט געוואָרן אין 1920 אין דער אַנטי-רויטער היסטעריע וואָס מיטשעל פּאַלמער און די קאַפּיטאַליסטישע פּרעסע האָבן פאַנאַנדערגעבלאָזן. די פּאָליציי האָט זיי פאַרהאַלטן ווען זיי זיינען געגאַנגען פון אַ פאַרזאַמלונג. ביידע זיינען געווען קענטיקע מענטשן און די שיך- און טעקסטיל-פאַבריקאַנטן האָבן פון זיי געוואָלט פּטור ווערן. די אַרעסטירטע האָבן געזאָלט געשטעלט ווערן צום געריכט אויפן גרונט פון דעם אַנטי-סינדיקאַליסטישן געזעץ, ווי טויזנטער אַנדערע פּאָליטישע אַרעס-טירטע, און נאָכדעם דעפּאָרטירט ווערן. קיין אַנדערע קלאַגעס זיינען ניט אַרויסגעשטעלט געוואָרן געגן סאַקאָ און וואַנזעטי. ערשט מאָנאַטן שפּעטער האָט די פּאָליציי, געשטופּט פון די לאָקאַלע קאַפּיטאַליסטן, זיך געכאַפּט אַז זי קען שיקן די צוויי אַרבעטער-קעמפער צום טויט אויף אַ פאַבריצירטער קלאַגע פון רויבעריי און מאָרד.

די פּאָליציי האָט אָנגעהאַנגען סאַקאָ און וואַנזעטי אַ קלאַגע, אַז זיי האָבן דורכגעפירט אַ באַוואָפנטן איבערפאַל אויף דעם קאַסירער פון אַ שיך-פאַבריק אין דעם שטעטל דעדהעם. אין דעם איבערפאַל איז דער קאַסירער דערשאָסן געוואָרן אויף טויט. אַלע אין דעם געגנט האָבן געוואוסט, אַז דער איבערפאַל איז באַגאַנגען געוואָרן פון אַ באַוואוסטער גענג (באַנדע) קרימי-נעלע פאַרברעכער (גענגסטער), אָבער פאַר דעם הערשנדיקן קלאַס אין מאַסאַטשוזעטס האָט זיך געלוינט צו פאַרוואַנדלען צוויי אַרבעטער-טוער אין רויבער און מערדער. אַזאַ קלאַגע גיט די געלעגנהייט צו דיסקרעדיטירן די גאַנצע אַרבעטער-באַוועגונג און הויפּטזאַכלעך איינציען די לייצעס פון מאַכט און פאַרשטאַרקן דעם טעראָר געגן אַלע קעמפנדיקע אַרבעטער. סאַקאָ און וואַנזעטי זיינען דעריבער געשטעלט געוואָרן אונטער דער קלאַגע פון מאָרד.

מען דארף ניט פארגעסן, אז די פארשווערונג איז אויסגעוואקסן אין דעם יאר 1921, ווען די קאפיטאליסטן האבן פאנאנדערגעוויקלט זייער מעכטיקע אפענסיווע געגן די ארבעטער־ארגאניזאציעס און געגן די ארבעטער־באדינגונגען. יעדער פראצעס געגן ארבעטער־קעמפער איז נאך א וואפן אין די הענט פון די קאפיטאליסטן און העלפט זייער אפענסיווע געגן די ארבעטער.

אין דער אויפגעהעצטער שטימונג פון א קליינבירגערלעך שטעטל, דעדהעם, אויף א פראצעס געפירט פון א ריכטער וואס האט אפן ארויסגעוויזן זיין האס און פאראכטונג צו די אנגעקלאגטע, מיט אן אנקלאגע וואס האט פאבריצירט באווייזן, און מיט א לאקאלער פרעסע וואס האט געטאן איר טייל פון העצעריי, איז ניט קיין וואונדער וואס סאקא און וואנזעטי זיינען געפונען געווארן שולדיק אין 1921 און פאראורטיילט געווארן פארברענט צו ווערן אויף טויט.

## סאוועטישע ארבעטער, די ערשטע אנצוהייבן פראטעסט־באוועגונג

מען מוז פארצייכענען, אז פון אנהייב האט די פארשווערונג ניט געפונען דעם געהעריקן אפקלאנג אין די פאראייניקטע שטאטן. די רעוואלוציאנערע באוועגונג, פערזאניפיצירט אין דער קאמוניסטישער פארטיי, איז געווען פארטריבן אונטער דער ערד, און די אפיציעלע ארבעטער־באוועגונג, פערזאניפיצירט אין דער א. פ. אוו ל. פירערשאפט, האט זיך ניט געקימערט וואס וועט פאסירן מיט צוויי איטאליענישע אנארכיסטן. דער ערשטער, הילכיקער פראטעסט איז געקומען פון די ארבעטער אין אויסלאנד. פונקט ווי דער פאל איז געווען אין דער פראטעסט־באוועגונג געגן דעם אורטייל אויף טאם מוני און בילינגס, אזוי זיינען אויך דא די סאוועטישע ארבעטער אין לענינגראד און מאסקווע געווען די ערשטע אויפצוהייבן זייער שטימע געגן דעם קלאסן־אורטייל אויף צוויי ארבעטער־קעמפער אין די פאראייניקטע שטאטן.

לויט דער איניציאטיווע פון דעם קאמוניסטישן אינטערנאציאנאל און דעם רויטן טרייד־יוניאן אינטערנאציאנאל, זיינען פארגעקומען אימפאזאנטע מאסן־דעמאנסטראציעס אין אלע הויפט-שטעט פון דער וועלט. די דעמאנסטראציעס האבן געפאדערט די באפרייאונג פון די צוויי אומשולדיקע פאראורטיילטע.

דער אפקלאנג פון די מעכטיקע דעמאנסטראציעס האט זיך געקייקלט צוריק אין די פאראייניקטע שטאטן. א מאסן־שטימונג איז באשאפן געווארן

פאַר דער באַפרייאונג, אָדער פאַר אַ נייעם פּראָצעס פאַר סאַקאָ און וואַנזעטי. די פּראָטעסט־באַוועגונג האָט פאַרהאַלטן די באַלדיקע הינריכטונג פון די צוויי קעמפער. פינף יאָר האָט זיך געצויגן דער קאַמף, ביז וואַנען די קאַפּיטאַליסטן אין דעם „קולטורעלן" בלוי־בלוטיקן שטאַט פון אַלטן ניו־ענגלאַנד האָבן געוואָגט צו הינריכטן זייערע קרבנות. אָן צווייפל, די צעטיילונג אין דעם אַרבעטער־קלאַס און דער פאַרברעכערישער סאַבאָטאַזש פון יעדער אַקציע, איז פאַראַנטוואָרטלעך דערפאַר וואָס עס איז ניט געלונגען אַרויסצורייסן סאַקאָ און וואַנזעטי פון די קאַפּיטאַליסטישע נעגל.

קאַפּיטאַליסטישער קלאַס אייניק, אַרבעטער קלאַס צעטיילט

דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס אין מאַסאַטשוזעטס האָט געהאַנדלט אייניק און פעסט ביז דער סאַמע לעצטער מינוט. די גאַנצע פּרעסע איז געשטאַנען שטאָל און אייזן פאַר דער „אומפּאַרטייאישקייט" פון ריכטער טהייער און פון דעם פּראָצעס. דער ריכטער, וואָס האָט זיך באַצויגן אַזוי גראָב־פּאַרטייאיש צו די אָנגעקלאָגטע, איז געווען דער יעניקער וועלכער האָט גע־דאַרפט אורטיילן אויף אַפּילס געגן זיין אויפפירונג. דער העכסטער געריכט אין שטאַט האָט זיך באַהאַלטן הינטער פאָרמעלע טעכנישע דריידלעך צוריקצואָווייזן אַ נייעם פּראָצעס. דער דרוק פון דעם הערשנדיקן קלאַס איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז די צוויי אַזוי־גערופענע ליבעראַלן פון פעדעראַלן העכסטן געריכט, ביידע פון מאַסאַטשוזעטס, אָליווערווענדל האָלמס און לואיס ד. בראַנדעיס, האָבן זיך אַנטזאָגט אַריינצומישן זיך. זיי האָבן זיך אויך אַנטזאָגט אַרויסצוגעבן, אין דער לעצטער מינוט, אַ האַבאַס קאָרפּוס, וואָס וואָלט אויטאָמאַטיש אָפּגעשטעלט די הינריכטונג. פּריוואַט איז איבערגעגעבן געוואָרן, אַז בראַנדעיס זאָל האָבן געזאָגט: „איך קען ניט גיין געגן מיין קלאַס."

דריי פון די אָנגעזעענסטע זיילן פון דער קאַפּיטאַליסטישער קולטור, דער פּרעזידענט פון האַרוואַרד־אוניווערזיטעט, לאָועל, דער פּרעזידענט פון דעם מאַסאַטשוזעטס טעכנאָלאָגישן אינסטיטוט, גרענט, און דער געוועזענער פּרע־זידענט פון דער באַר־אַסאָסיאיישאָן (געזעלשאַפט פון די אַדוואָקאַטן), סטראַ־טאָן, זיינען באַשטימט געוואָרן אין אַן אונטערזוכונג-קאָמיסיע פון דעם גאָווערנאָר. זייער אויפפירונג איז געווען אַ חצופהדיקע פאַרלעצונג פון אַלע אָנגענומענע עלעמענטאַרע כללים פון אונטערזוכונג. טויזנטער ליבעראַלע לאָיערס איבערן לאַנד זיינען געווען דערשטוינט. זיי האָבן ניט באַגריפן דעם

קלאַסן־כאַראַקטער פון דער סאַקאָ־וואַנזעטי פאַרשווערונג. פאַר זיי איז דאָס געווען נאָר אַ פראַגע פון אַן אַלטן יענקי־ריכטער וואָס האָט פאַראורטיילן געגן אויסלענדישע ראַדיקאַלן. די ליבעראַלן האָבן זיך ניט געקענט פאָרשטעלן, אַז אַזעלכע טרעגער פון ציוויליזאַציע און דערציער פון יונגן דור, ווי די פּרעזידענטן פון אוניווערזיטעטן, זאָלן זיך דערלויבן צו טרעטן אַזוי גראָב איבער פונדאַמענטאַלע רעכט און גערעכטיקייט. די ליבעראַלע „ניו רעפּאָבליק" האָט אָפּגעדרוקט אַ באַצאָלטן אַדווערטייזמענט (רעקלאַמע) אין אַלע גרויסע ציַיטונגען — אַנדערש וואָלט עס ניט געדרוקט געוואָרן — מיט אַ ריי יורידישע פראַגן צו די פּראָמינענטע מיטגלידער פון דער אונטערזוכונג־קאָמיסיע. פאַרשטייט זיך, אַז דער ליבעראַלער זשורנאַל האָט ניט געקראָגן קיין ענטפער. וואָס האָבן די לאָועלס געקענט ענטפערן? פאַר אַלעמען איז קלאָר געווען אַז די באַווייזן זיינען פאַבריצירט און אַז די אונטערזוכער האָבן ניט געוואָלט אויסהערן עדות פאַר די פאַראורטיילטע.

## די לאָועלס האָבן געהאָלפן זייער קלאַס

די ליבעראַלן פון אַלע מינים האָבן ניט באַגריפן אַז סאַקאָ און וואַנזעטי זיינען ניט קיין פּראָדוקטן פון געוויינטלעכער און אָפטער פאַרקריפּלונג פון בלינדער גערעכטיקייט. סאַקאָ און וואַנזעטי זיינען ניט געפאַלן קרבנות פון אַן אַלטן ריכטער פול מיט פאַראורטיילן געגן אויסלענדער. זיי זיינען געווען קרבנות פון דעם גאַנצן קאַפּיטאַליסטישן קלאַס, וואָס האָט באַדאַרפט האָבן די פאַרשווערונג געגן צוויי איטאַליענישע ראַדיקאַלן אין 1921 ווי אַ טעראָר־מיטל געגן די שיך־ און טעקסטיל־אַרבעטער אין מיטן פון אַן אָפענסיווע געגן דעם אַרבעטער־קלאַס. שפּעטער האָט דער זעלבער קלאַס ניט געוואָלט אַרויסלאָזן די צוויי אומשולדיקע קרבנות. דאָס וואָלט געווען אַן אָפענער צוריקטריט, אַ קלאָרער צוגעבן אַז סאַקאָ און וואַנזעטי זיינען אַריינגעפאַלן אין דעם שפּינוועב פון קאַפּיטאַליסטישער יוסטיץ. נאָר אַ פאַראייניקטע אַקציע פון גאַנצן אַרבעטער־קלאַס וואָלט געצוואונגען די קאַפּיטאַליסטן דאָס צו טאָן. אַזאַ פאַראייניקטע אַקציע האָט אָבער אויסגעפעלט. דאָס האָט אונטערגעשפּילט די קאַפּיטאַליסטן.

די אויפפירונג פון די דריי הויך־געשטעלטע מיטגלידער פון גאָווערנאָר פולערס אונטערזוכונג־קאָמיסיע שטאַמט דירעקט און אויסשליסלעך פון דעם קלאַסן־כאַראַקטער פון דער פאַרשווערונג. פּרעזידענט לאָועל און די איבעריקע צוויי מיטגלידער זיינען אָן צווייפל דזשענטלמען פון אַ הויכן קאַליבער. זיי

וועלן נים באגיין קיין טאט וואס זאל ווארפן אויף זיי א פלעק אין די אויגן פון זייערע פריינט און באקאנטע. זיי וועלן נים קריכן אין פרעמדע קעשענעס ארויסצושלעפן געלט. אבער דא האט זיך געהאנדלט וועגן זייער קלאס, קומען צו הילף זייער עקאנאמישן, פאליטישן און סאציאלן קרייז, פון וועלכן זיי ציען זייער מאטעריעלן און סאציאלן לעבן. דא האט זיך געהאנדלט וועגן דעם מאראל פון זייער קלאס, זיין פרעסטיזש און וואוילזיין, זיינען די לאועלס קינדער פון זייער קלאס און זיינען דורכגעזאפט מיט זיין קלאסן־מאראל און קלאסן־עטיק. דער פרעסטיזש און מאראל פון זייער קלאס האט געפאדערט, אז די צוויי איטאליענישע ראדיקאלן זאלן פארברענט ווערן, האבן די לאועלס געטאן אלצדינג צו העלפן זייער קלאס צו דערגרייכן זיין ציל.

## א. פ. או ל. און סאציאליסטן שטערן געמיינזאמע אקציע

דער ארבעטער-פראנט איז געווען צעריסן אנשטאט צו זיין פאראייניקט. אין באסטאן האט זיך ארגאניזירט א סאקא־וואנזעטי פארטיידיקונג־קאמיטע פון ליבעראלן און עטלעכע „פילאזאפישע" אנארכיסטן. די קאמיטע האט פון סאמע אנהייב קאנצענטרירט איר גאנצע אויפמערקזאמקייט אויף דער ריין־לעגאלער זייט פון דעם קאמף.

די קאמיטע האט געהאט אומבאשרענקטן צוטרוי און גלויבן אין די געריכטן, אין אפילס, און אין די לעגאלע דאקומענטן וואס באווייזן קלאר די אומשולד פון סאקא און וואנזעטי. דער פאקט וואס דער פעדעראלער יוסטיץ־דעפארטמענט האט צוגעלייגט א האנט צו דער פארשווערונג דורך זיינע אגענטן אין באסטאן, האט נים געמאכט אויף זיי קיין איינדרוק. אלע באמיאונגען און געלט זיינען געגעבן געווארן אויסשליסלעך אויף דעם יורידישן קאמף און אויף וועקן דעם געוויסן פון דער בירגערלעכער עפנטלעכער מיינונג. קיינער וועט נים לייקענען די וויכטיקייט פון א קאנסטיטוציא־נעלן קאמף אין די געריכט־הייזער. די אינטערנעשאנאל לייבאר דעפענס האט עס אויסגעצייכנט געטאן אין דער פארשווערונג געגן די סקאטסבארא-אינגלעך אין אלאבאמא. אבער פארלאזן זיך אויף יורידישע מיטלען אליין איז אן אומזין. דער קאפיטאליסטישער געזעץ איז ווי גומי. מען קען אים ציען און דרייען ווי איינעם ווילט זיך. ס'איז נישטא קיין סוף צום קוואל פון טעכנישע דריידלעך, מיט וועלכע די געריכט־הייזער קענען פארשטעלן דעם וועג צו גערעכטיקייט פאר קלאסן־קרבנות. וואס אנבאלאנגט די אזוי־גערופענע עפנט־לעכע מיינונג, איז זי באארבעט געווארן פון דער קאפיטאליסטישער פרעסע.

די באָסטאָנער פּאַרטיידיקונג־קאָמיטע האָט ניט געלאָזט, און אפילו גע־שטערט יעדן מאסן־ארויסטריט פאַר סאקאָ און וואַנזעטי. די קאָמיטע האָט געוואָרנט געגן „אויפרעגן" די עפנטלעכע מיינונג, מיינענדיק די קאַפּיטאַליסטן, מיט דעמאָנסטראַציעס און סטרייקס. ערשט אין דער לעצטער מינוט ערב דער היגריכטונג, ווען אַלע האָפענונגען אויף בראַנדעיס און האָלמס האָבן געפּלאַצט, האָבן די טוער פון דער קאָמיטע דערזען די אמתע לאַגע. דעמאָלט איז שוין אָבער געווען צו שפּעט. דער סאַבאָטאַזש פון דער א. פ. אָוו ל. און פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי האָט געשטערט דעם גענעראַל־סטרייק וואָס די קאָמוניסטן און די אינטערנעשאָנאַל לייבאָר דעפענס האָבן גערופן אויף דעם 21סטן אויגוסט, 1927, אין דעם טאָג ווען די הינריכטונג איז באַשטימט געוואָרן, נאָכדעם ווי זי איז אָפּגעלייגט געוואָרן אַ וואָך צייט.

די א. פ. אָוו ל. ביוראָקראַטיע האָט געהאַנדלט אין דער סאַקאָ־וואַנזעטי פאַרשווערונג אויף דעם זעלבן מעסער־אין־רוקן אופן ווי אין דער טאָם מוני פאַרשווערונג. דער צוזאַמענפאָר פון דער א. פ. אָוו ל. אין דעטראָיט אין 1926 האָט אָנגענומען אַ רעזאָלוציע פאַר באַגנאַדיקונג. אין דעם זינען האָט וויליאַם גרין געמאַכט אַ פּאָר דערקלערונגען. אָבער יעדעס מאָל האָט גרין ניט פאַרפעלט צו דערמאָנען, אַז די א. פ. אָוו ל. איז שאַרף געגן די מעטאָדן און דער פילאָזאָפיע פון די צוויי פּאַראַורטיילטע. גרין האָט אויך ניט פאַר־פעלט אויסצודריקן זיין צוטרוי אין דער געריכט־סיסטעם פון לאַנד. פאַר־שטייט זיך, אַז די קאַפּיטאַליסטן אין מאַסאַטשוזעטס האָבן זיך ניט געשראָקן פאַר אַזעלכע דערקלערונגען.

די קאָמוניסטישע פּאַרטיי, פריער די וואָירקערס פּאַרטיי, האָט פיל מאָל זיך געווענדט צו דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און צו דער א. פ. אָוו ל. פאַר אַ פאַראייניקטער אַקציע. די פּאָרשלאָגן זיינען צוריקגעוויזן געוואָרן. די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט אָנטייל גענומען אין דעלעגאַציעס צו גאָ־ווערנאָר פולער. ווייטער האָט זי גאָרניט געוואָלט טאָן. די פירער פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי האָבן געשטיצט די בלינדע טאַקטיק פון דער באָס־טאָנער קאָמיטע, אַז דעמאָנסטראַציעס און סטרייקס וועלן אויפרעגן די קאַפּי־טאַליסטן און שטערן די באַמיאונגען פאַר אַ נייעם פּראָצעס פאַר סאַקאָ און וואַנזעטי.

דער מאַנגל פון אַ פאַראייניקטער מיליטאַנטישער אַקציע און די קאַפּי־טאַליסטישע פּראָספּעריטעט זיינען געווען די צוויי פאַקטאָרן וואָס האָבן פאַרורזאַכט דעם מאָרד פון סאַקאָ און וואַנזעטי. דער רעוואָלוציאָנערער אוואַנגאַרד און דער לינקער פליגל האָבן אַליין ניט געקענט אויסאיבן דעם

נויטיקן דרוק אויפן הערשנדיקן קלאס אין מאסאטשוזעטס און אויף דער פעדעראלער רעגירונג. די עקאנאמישע לאגע פון קאפיטאליזם אין 1927, די סטאביליזאציע פון דער פראדוקציע און די הויכע פראפיטן האבן באשאפן א לאגע, אז די קאפיטאליסטן האבן זיך געפילט שטארק און זאטל. די ביליאנען דאלארן וואס האבן געשטראמט פון די פאראייניקטע שטאטן אין אויסלאנד האבן געמאכט דעם יענקי־אימפעריאליזם פאר דעם קרעדיטאר פון א האלבער וועלט. דער פראטעסט וואס האט זיך געטראגן פון די אויס־



. . סאקא



וואנזעטי

לענדישע ארבעטער־ארגאניזאציעס און פון בארימטע אינטעלעקטואלן, האבן די אמעריקאנער קאפיטאליסטן געקענט פארביילאזן אן דער געהעריקער אויפ־מערקזאמקייט. אייראפע האט געזוכט הלואות ביי וואל־סטריט, און דער באנקיר רעכנט זיך ניט שטארק מיט די שטימונגען און מיינונגען פון די וועלכע קומען לייען ביי אים געלט.

סאקא און וואנזעטי זיינען פארברענט געווארן אין דער נאכט פון דעם 21סטן אויפן 22סטן אויגוסט, 1927. ביידע האבן זיך געהאלטן מיט אויסער־געוויינטלעכער מוט און פעסטקייט די אלע יארן וואס מען האט זיי געהאלטן אין טויטן־הויז. זיי זיינען געגאנגען צו זייער טויט מיט רעוואלוציאנערן שטאלץ. וואנזעטי איז געווען ניט־פארהייראט. סאקא איז געווען אינגער און האט איבערגעלאזט א פרוי מיט א אינגל פון אכט יאר.

## סאקאָ־וואַנזעטיס לעצטע מינוטן

אין לעצטן טאָג פון זייער לעבן האָבן סאקאָ און וואנזעטי ארויסגעשיקט דעם פאָלגנדיקן רוף צו אַלע ארבעטער פון לאַנד:

„נאָר מיר צוויי שטאַרבן. אונזער אידעאַל, אייער אידעאַל, וועט לעבן אין די מיליאָנען. מיר האָבן געוואונען. מיר זיינען ניט באַזיגט. האַלט טייער אונזערע ליידן, אונזערע טעותן, אונזער פארלוסט, אונזער לײדנשאַפט פאַר די קינפטיקע שלאַכטן פאַר דער גרויסער באַפרייאונג. מיר נעמען אייך אַלעמען אַרום און געזעגענען זיך מיט אייך. אַ לאַנגן לעבן צו אייך אַלעמען. זאָל לעבן די פרייהייט!"

די צוויי פריער־אומבאַקאַנטע, באַשיידענע ארבעטער־קעמפער זיינען גע־שטאָרבן ווי העלדישע מארטירער פון ארבעטער־קלאַס.

די הינריכטונג האָט אויפגעטרייסלט מיליאָנען ארבעטער און אינ-טעלעקטואַלן איבער דער גאַנצער וועלט. די קאַפּיטאַליסטישע פּרעסע אין לאַנד איז זייער פרום ארויסגעקומען מיט דער לאָזונג: וואָס איז געווען איז געווען, איצט איז שוין סיי ווי סיי פארפאַלן, סאקאָ און וואנזעטי זיינען טויט, לאָמיר עס פארגעסן און פארטרייבן די ביטערקייט און די ליידנשאַפט וואָס זייער לעבן האָט ארויסגערופן.

גאָווערנאָר פולער, דער געזעצלעכער מערדער פון סאקאָ און וואנזעטי, אַ גרויסער און רייכער פאַבריקאַנט פון וועליסאָפּעדן (בייסיקעלס), האָט אויף מאָרגן נאָך דער הינריכטונג אויפגענומען ד צייטונגלייט מיט אַ בלום אין לאַץ און מיט אַ שמייכל:

„גוט מאָרגן, דזשענטלמען" — האָט ער זיי באַגריסט — אַ שיינער טאָג, ניט אמת?"

ביי פולערן איז דאָס געווען אַ זשעסט צו דעמאָנסטרירן אַז דאָס קאַפּיטל סאקאָ־וואנזעטי איז פאַריבער און פארגעסן.

אָבער ביים ארבעטער־קלאַס איז דאָס קאַפּיטל ניט פאַריבער און ניט פארגעסן.

## זיבן-און-דרייסיקסטער קאַפּיטל

# דער קריזיס

הואָווער און קאַפּיטאַליסטן זוכן צו באַהאַלטן קריזיס. — די טומלדיקע קאַמפּאַניעס צו פאַבריצירן אָפּטימיזם און צוטרוי אין 1930, 1931 און 1932. — קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל האָט פאָראויסגעזען קריזיס. — די טעאָריעס פון די הילפערדינגס און אַנדערע וועגן דעם „אָרגאַניזירטן" קאַפּיטאַליזם. — מאָנאָפּאָליעס און הערשאַפט פון פינאַנץ-קאַפּיטאַל האָבן פאַרשאַרפט אינערלעכע און אויסערלעכע געגנזאַצן פון קאַפּיטאַליזם. — ראַציאָנאַליזאַציע און די שטענדיקע אַרמיי אַרבעטלאָזע. — וואוקס פון פּראָדוקציע און פאַרקלענערטע קויף-קראַפט פון דער באַפעלקערונג.—גרין זאָגט צו ניט צו סטרייקן און האַלט וואָרט. — קאַפּיטאַליסטן הייבן אָן זייער אָפענסיווע. — 17 מיליאָן אַרבעטלאָזע אין 1932. — זעלבסטמאָרדן, אַרויסזעצונגען און הונגער פאַרשפּרייטן זיך.—דער סטרייק פון די מיינערס אין פּענסילווייניע אין 1931 און די צוויי סטרייקס אין קענטאָקי. — נאָר לינקע פירן סטרייקס אין קריזיס. — קאָמוניסטן און לינקער פליגל הייבן אָן אַרבעטלאָזע קאַמפּן אָנהייב 1930. — די כוואַליע דעמאָנסטראַציעס און הונגער-מאַרשן איבערן לאַנד. — דער ערשטער און צווייטער נאַציאָנאַלער הונגער-מאַרש אויף וואַשינגטאָן אין דעצעמבער 1931 און דעצעמבער 1932. — די צוויי באָנוס-מאַרשן פון די וועטעראַנען אין 1931 און 1932. — די פעדעראַלע רעגירונג הייבט אָן אַ מלחמה געגן די אַרבעטלאָזע וועטעראַנען. — דער צאָרן געגן הואָווערן. — די ריכטיקייט פון לענינס כאַראַקטעריסטיק איבער דער פּאַרטיי-סיסטעם אונטער קאַפּיטאַליזם.

ווען די פּאַניק אויף וואָל־סטריט איז אויסגעבראָכן דעם 29סטן אָקטאָבער, 1929, האָט די גאַנצע קאַפּיטאַליסטישע עפנטלעכע מיינונג, פון פּרעזידענט הואָווער און זיינע מיניסטאָרן ביז דעם לעצטן פינאַנציעלן שרייבער ערגעץ אין אַ ציישונג, געהאָרעוועט צו פאַרזיכערן אַז דער קראַך אויף דער בירזשע האָט גאָרניט צו טאָן מיט דער ווירטשאַפטלעכער לאַגע פון לאַנד.

הואָווער איז אויפן דריטן טאָג אַרויסגעקומען מיט אַ פייערלעכער דערקלערונג, אַז דער פונדאַמענט פון דער ווירטשאַפט איז אַזוי שטאַרק ווי פריער. אין זעכציק טעג אַרום וועט אַלץ ווידער ווערן גוט אויף דער בירזשע. הואָווערס האַנדלס־סעקרעטאַר און זיין באַקאַנטער געהילף דר. דזשוליוס

קליין האָבן זיך ניט אָפּגעשטעלט צו פאַלשעווען ציפערן שוין מאַנאַטן־לאַנג אין קריזיס צו איבערצייגן די באַפעלקערונג אַז עס איז ניטאָ קיין אורזאַך צו פּילן אומרואיק.

די קאַפּיטאַליסטישע פּרעסע און אירע עקאָנאָמיסטן האָבן פון אָנהייב צו־געשריבן דעם קראַך פון די ווערט־פּאַפּירן צו איבער־ספּעקולאַציע און ענלעכע פּסיכאָלאָגישע אורזאַכן. מאַסן מענטשן זיינען צוגעצויגן געוואָרן צו וואָל־סטריט צוליב די פאַרשפּרעכונגען פון שנעל רייך ווערן. די מענטשן האָבן אַ ביסל איבערגעכאַפּט די מאָס אין זייערע ספּעקולאַציעס און דערפון איז גע־קומען די פּאַניק. דער עולם וועט זיך באַלד בארואיקן, פּרייזן פון ווערט־פּאַפּירן וועלן זיך צוריק איינשטעלן און די ראָד וועט זיך ווידער דרייען, פרייליך און טומלדיק פאַר די קאַפּיטאַליסטן.

די צייטונגען האָבן פאַרגעסן, אַז ערשט מיט עטלעכע טעג פאַרן קראַך אויף דער בירזשע האָבן זיי אַליין געהאָלפן אויפצובלאָזן די גוואַלדיקע ספּעקולאַציע. זייערע פינאַנציעלע שרייבער האָבן ביז דער לעצטער מינוט אָנגעהאַלטן דעם געמאַכטן אָפּטימיזם און געהאָלפן אריינשלעפּן מיליאָנען קליינבירגער און אפילו בעסער־באַצאָלטע אַרבעטער אין מאַטעריעלן אומגליק. מיליאָנען מענטשן האָבן פאַרלאָרן זייערע לעצטע אָפּגעשפּאָרטע געלטער.

## קאַפּיטאַליסטן זוכן פאַבריצירן אָפּטימיזם

אַלע מאַגנאַטן פון אינדוסטריע און פינאַנץ האָבן געשאָטן מיט דער־קלערונגען, וואָס האָבן געזוכט צו באַהאַלטן דעםווירקלעכן פאַרנעם און כאַראַקטער פון דעם קריזיס. דער אַלטער ראַקפעלער האָט אפילו עפנטלעך געמאָלדן, אַז אַלס צייכן פון זיין גרויסן צוטרוי אין דער פעסטקייט פון דער עקאָנאָמישער לאַגע אינוועסטירט ער שווערע מיליאָנען אין ווערט־פּאַפּירן. צי ער האָט טאַקע פאַרווירקלעכט זיין גרויסן צוטרוי מיט נייע אינוועסטירונ־גען אויף דער בירזשע, ווייסן מיר ניט, אָבער די ווערט־פּאַפּירן, אַלע אָן אויסנאַם, אריינגערעכנט די וועלכע זיינען באַטראַכט געוואָרן פעסט ווי דער פעלז פון גיבראַלטאַר, זיינען געפלויגן באַרג־אַרונטער אָן אָפּשטעל. אַלע קינסטלעכע מיטלען און איינשפּריצונגען האָבן גאָרניט געהאָלפן. ווערט־פּאַפּירן פון גרויסע באַן־קאָמפּאַניעס, ווי די ניו יאָרק סענטראַל און די פּענסילווייניע־סיסטעם, וואָס זיינען פאַררעכנט מיט גאָלד גלייך (גילט עדזש), האָבן זיך געפונען טיף אונטן צוגלייך מיט אַנדערע, פריער ניט אַזוינע גילדענע, ווערט־פּאַפּירן.

הואווער און וואל־סטריט האבן נאך אלץ ניט געוואלט צוגעבן עפנטלעך, אז דאס לאנד איז אריינגעטראטן אין אן עקאנאמישן קריזיס. די אלטע, אויסגעפרובירטע „באליהו" (פוסטער אנשטעל) און בלאפערישע מעטאדן פון די פאליטישע וואל־קאמפאניעס מיט וועלכע די פאראייניקטע שטאטן צייכנט זיך אויס, זיינען אריבערגעפירט געווארן צו היילן דעם קריזיס. פאראדן און מארשן מיט פאנען און מוזיק זיינען דורכגעפירט געווארן אין די מערסטע שטעט. די פאראדן האבן באדארפט אויפהויבן דעם צוטרוי פון דער באפעלקערונג. דער גאנצער אומגליק איז דער מאנגל פון צוטרוי. א ספעציעלער נאציאנאלער קאמיטעט איז געשאפן געווארן אין וואשינגטאן אנצופירן, מיט טאצן און פויקן, די קאמפאניע אויפצוהויבן דעם צוטרוי. אין איין טאג ווינטער 1929־1930 זיינען אלע עפנטלעכע פלעצער אין אלע שטעט פארקלעפט געווארן מיט אפישן (פאסטערס):

„אמעריקא, פארוואַרד!
ביזנעס איז גוד, קיפ איט גוד!
נאטינג קען העפן טו אלד יו עס איי."

(אמעריקע, פאראויס!
געשעפט איז גוט, האלט עס ווייטער גוט!
קיין שלעכטס קען ניט פאסירן מיט דער אלטער אמעריקע.)

די פרייליכע אפישן האבן געריסן די אויגן פון אלע סאבוויים און טראמווייען און פון אלע ווענט. הונדערטער טויזנטער ארבעטער זיינען שוין אפגעלייגט געווארן פון דער ארבעט. אבער די אפיציעלע קאמיטע אונטער די שוץ־פליגלען פון דעם ווייסן הויז האט פלייסיק געטריבן דעם בלאף, אז געשעפטן זיינען גוט און וועלן בלייבן גוט. א פאר אפטימיסטישע שטויסן און די גוטע צייטן וועלן זיך ווידער באווייזן.

די קאמפאניע אויפצושרויפן א קינסטלעכן אפטימיזם האט ניט גע־ארבעט. פראדוקציע איז נאכאנאנד געפאלן. אין אפריל 1930 האט די פראדוקציע גענומען זינקען מיט א קאטאסטראפאלישער שנעלקייט. פאבריק נאך פאבריק האט זיך צוגעמאכט און מיליאנען ארבעטער זיינען געבליבן ארבעטלאז. יעדע צוגעמאכטע פאבריק האט פארקלענערט די קויף־קראפט פון דער ארבעטער־באפעלקערונג. די פארקלענערטע קויף־קראפט ווידער האט געטריבן נייע פאבריקן זיך צו פארמאכן. אזוי האט זיך עס געדרייט ווי א כישוף־קרייז.

א מאסן־באנקראט פון באנקען אין 1933 האט פאראורזאכט א שארפן

פינאַנציעלן קריזיס און האָט נאָך מער באַרויבט אַ סך האָרעפּאַשניקעס פון דער מעגלעכקייט צו קויפן נויטווענדיקע פּראָדוקטן.

ווען הואָווער האָט פאַרלאָזט דאָס ווייסע הויז אין מערץ 1933, איז די פּראָדוקציע געשטאַנען מיט 49 פּראָצענט נידעריקער ווי אין 1929. די אַרבעטלאָזע אַרמיי האָט געציילט 17 מיליאָן מענטשן. די גאַנצע פּראָדוקציע האָט געהאַלטן ביי דעם צושטאַנד פון 1911 און ווען פאַרגלייכט מיט דעם וואוקס פון דער באַפעלקערונג, איז עס געווען ניט גרעסער ווי אין דעם 19טן יאָרהונדערט. טויזנטער באַנקען זיינען געווען צוגעמאַכט און די איבעריקע זיינען געווען אויפן שוועל צוגעמאַכט צו ווערן. העכער פיר ביליאָן דאָלאַר איז געווען „פאַרפרוירן" אין די באַנקראָטירטע באַנקען. די קרבנות זיינען געוויינלעך געווען די קליינע דעפּאָזיטאָרס. עס זיינען געווען שטעט וואו קיין איין באַנק איז ניט געבליבן אָפן.

דעם פערטן אָקטאָבער 1929 זיינען געווען אין לאַנד 24,991 באַנקען, וואָס האָבן פאַרמאָגט דעפּאַזיטס אויף 55 ביליאָן מיט 180 מיליאָן דאָלאַר.

דעם 30סטן יוני 1933 האָט די צאָל באַנקען באַטראָפן ניט מער ווי 14,530 מיט אַן אַלגעמיינער סומע פון דעפּאַזיטס פון 38 ביליאָן און 11 מיליאָן דאָלאַר. (דער גרויסער פאַרלוסט אין דעפּאַזיטס דערקלערט זיך ניט איינגאַנצן מיט די פאַרלוסטן פון די דעפּאַזיטאָרס אין די פאַרמאַכטע באַנקען, נאָר אויך מיט די פאַרקלענערטע געשעפטן בכלל). דער אומזאַץ פון געלט איז שטאַרק געפאַלן. דעפּאַזיטס זיינען פון אָקטאָבער 1929 ביז יוני 1933 געוואָרן וויניקער מיט דרייסיק פּראָצענט. הלוואות וואָס באַנקען מאַכן צו געשעפטסלייט און פאַבריקאַנטן, זיינען געפאַלן אין דער זעלבער צייט פון 42 ביליאָן מיט 201 מיליאָן דאָלאַר אויף 22 ביליאָן מיט 215 מיליאָן דאָלאַר.

### קריזיס איז געווען אומפאַרמיידלעך, קאָמיניסטן האָט עס פאָראויסגעזען

די קאַפּיטאַליסטישע עקאָנאָמיסטן און פינאַנציעלע שרייבער האָבן לאַנג ניט געקענט האַלטן זיך ביי זייערע טעמפּע „טעאָריעס" פון פּסיכאָלאָגיע און איבער־ספּעקולאַציע. די מאַסן, אויפגערודערט, האָבן געזוכט אַן ענטפער אויף די פראַגן וואָס האָבן זיי געמאַטערט. די בורזשואַזע עקאָנאָמיסטן האָבן דעמאָלט אַרויסגערוקט די צווייטע טעאָריע: די אורזאַך פון קריזיס איז איבערפּראָדוקציע. די אַמעריקאַנישע אינדוסטריע — האָבן זיי געזאָגט — האָט באַשאַפן אַ וואונדערבאַרע טעכניק. מיט דער הילף פון דער וואונדערבאַרער טעכניק האָט די אינדוסטריע אַריבערגעיאָגט די באַדערפעניש און

געברויך, האָט זיך באַקומען אַז די אינדוסטריעס האָבן מער ווי צופֿרידנגעשטעלט די נויטן פֿון דער באַפֿעלקערונג, זיינען די פּאָליצעס אין די וואַרעהייזער געבליבן אָנגעשטאָפּט מיט סחורות און די פֿאַבריקן מוזן זיך דעריבער צומאַכן. דער קריזיס וועט פֿאַרשווינדן ווען די וואַרעהייזער וועלן אויסגעליידיקט ווערן פֿון די אָנגעקליבענע זאַפּאַסן. דעמאָלט וועלן די פֿאַבריקן קריגן נייע באַשטעלונגען און מיט די נייע באַשטעלונגען וועט די אינדוסטריע באַנייען איר פֿריערדיקע הויכע פּראָדוקציע. אגב, איז דאָס וואָרט קריזיס אינגאַנצן ניט דערמאָנט געוואָרן די ערשטע פּאָר יאָר. מען האָט עס גערופֿן דעפּרעסיע, אַ צייטווייליקע געדריקטקייט, וואָס וועט אינגיכן פֿאַרשווינדן.

די דערקלערונג איז געווען אַ האַלבער אמת און אַ האַלבער אמת איז אָפֿט אַ גאַנצער ליגן. איבערפּראָדוקציע איז טאַקע געקומען, אָבער ניט דערפֿאַר ווייל געברויך איז געוואָרן אַזוי איבערגעזעטיקט אַז די באַפֿעלקערונג האָט ניט געהאַט וואָס מער צו קויפֿן. איבערפּראָדוקציע איז געשטיגן, ווייל אין דער זעלבער צייט ווען די אינדוסטריע האָט איינגעפֿירט נייע מאַשינען און שנעלערע אַרבעט־מעטאָדן, איז די קויף־קראַפֿט פֿון דער האָרעפּאַשנער באַפֿעלקערונג געפֿאַלן, איז אַנטשטאַנען אומפֿאַרמיידלעך דער אָפּגרונט צווישן פּראָדוקציע און געברויך.

עס איז ניט ריכטיק, אַז דער קריזיס איז אויסגעבראָכן פּלוצלונג און אומדערוואַרטעט. די וועלכע האָבן שאַרף און גרינטלעך צעגלידערט די פּראָדוציר־מאַשינעריע פֿון קאַפּיטאַליזם, האָבן פֿאָראויסגעזען דאָס אָנקומען פֿון קריזיס. דער זעקסטער וועלט־קאָנגרעס פֿון דעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל, אָפּגעהאַלטן אין מאָסקווע, זומער, 1928, האָט אין זיין אָפּשאַצונג פֿון דער לאַגע פֿון קאַפּיטאַליזם אָנגעוויזן גענוי אויף די זוימען פֿון אינערלעכע און אויסערלעכע געגנזאַצן וואָס זאַמלען זיך אין דעם אינגעווייד פֿון דער קאַפּיטאַליסטישערווירטשאַפֿט. אינערלעכע געגנזאַצן צווישן דעם וואוקס פֿון די פּראָדוציר־מיטלען און דעם איינגעשרומפּטן מאַרק אין לאַנד און די אויסערלעכע געגנזאַצן: די האַלז־שניידנדיקע קאָנקורענץ צווישן די אימפּעריאַליסטישע לענדער אין קאַמף פֿאַר מערק און פֿאַר קוואַלן פֿון רוי־מאַטעריאַלן זיינען די שרויפֿן וואָס טרייבן דעם קאַפּיטאַליזם צו זיין אַלגעמיינעם קריזיס.

דער קאָנגרעס פֿון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל האָט דעריבער פֿאָראויסגעזען אין דעם העכסטן יאָר פֿון קאַפּיטאַליסטישער פּראָספּעריטעט, אַז אַ גרויסער, טיפֿער און אַלוועלטלעכער קריזיס קומט אָן אומפֿאַרמיידלעך, אַ קריזיס וואָס וועט ניט זיין באַשרענקט צו איין לאַנד, אַ קריזיס וואָס וועט

אַרומכאַפּן אַלע צווייגן פון ווירטשאַפט, אינדוסטריע, אַגריקולטור, האַנדל און פינאַנץ.

די פּראָגראַם פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל — אָנגענומען אין 1928 — גיט די פאָלגנדיקע אָפּשאַצונג פון די כוחות וואָס טרייבן דעם קאַפּיטאַליזם צו זיין גרויסן אַלוועלטלעכן קריזיס:

„ווידערשפּרוכן פון דער קאַפּיטאַליסטישער סטאַביליזאַציע און די אומפאַרמיידלעכקייט פון אַ רעוואָלוציאָנערן דורכפאַל פון קאַפּיטאַליזם.

„די דערפאַרונג פון דער גאַנצער נאָך־מלחמהדיקער היסטאָרישער שטרעקע באַווייזט, אַז די סטאַביליזאַציע פון קאַפּיטאַליזם, וואָס איז דערגרייכט געוואָרן דורך פאַרגוואַלדיקן דעם אַרבעטער־קלאַס און אַ סיסטעמאַטישן דרוק אויף זיין לעבנס־סטאַנדאַרד, קען זיין נאָר אַ טיילווייזע, ציטוויליקע, פוילע.

„די שפּרונגהאַפטיקע און פיבערהאַפטיקע אַנטוויקלונג פון טעכניק, וואָס אין איניקע לענדער איז זי שיר ניט אַ נייע טעכנישע איבערקערעניש; דער פאַרשנעלערטער פּראָצעס פון קאָנצענטראַציע און צענטראַליזאַציע פון קאַפּיטאַל, די שאַפונג פון ריזיקע טראַסטס, 'נאַציאָנאַלע' און 'אינטערנאַציאָנאַלע' מאָנאָפּאָליעס ; דאָס צוזאַמענוואַקסן פון די טראַסטס מיט דער מלוכה־מאַכט; דער וואוקס פון דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט־ווירטשאַפט קענען פונדעסטוועגן ניט גובר זיין דעם אַלגעמיינעם קריזיס פון דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם. די שפּאַלטונג פון דער וועלט־ווירטשאַפט אויף אַ קאַפּיטאַליסטישן און סאָציאַליסטישן סעקטאָר ; די פאַרשמעלערונג פון די מערק ; די אַנטי־אימפּעריאַליסטישע באַוועגונג אין די קאָלאָניעס פאַרשאַרפן אויסערגעוויינטלעך אַלע ווידערשפּרוכן פון קאַפּיטאַליזם, וועלכער אַנטוויקלט זיך אויף אַ נייער, נאָך־מלחמהדיקער באַזע. די טעכנישע פּראָגראַם און די ראַציאָנאַליזאַציע גופא פון דער אינדוסטריע, וואָס זייער צווייטע זייט איז דאָס שליסן און ליקווידירן פון אַ גאַנצער ריי אונטערנעמונגען, די באַשרענקונג פון דער פּראָדוקציע, די אומדערבאַרעמדיקע און רויבערישע עקספּלואַטאַציע פון דער אַרבעט־קראַפט פירט צו אַ ריזיקער כראָנישער אַרבעטלאָזיקייט, וואָס אַזוינס האָט מען פריער ניט געזען. אַפילו אין אַ ריי אַנטוויקלטע קאַפּיטאַליסטישע לענדער ווערט די אַבסאָלוטע פאַרערגערונג פון דער לאַגע פונם אַרבעטער־קלאַס אַ פאַקט. דער וואוקס פון דער קאָנקורענץ צווישן די אימפּעריאַליסטישע לענדער און די שטענדיקע דראָאונג פון אַ מלחמה, די וואַקסנדיקע אינטענסיווקייט פון די קלאַסן־קאָנפליקטן באַשאַפן פאָרבאַדינגונגען פאַר אַ נייעם, נאָך העכערן עטאַפּ אין דער אַנטוויקלונג פון דעם אַלגעמיינעם קריזיס פון קאַפּיטאַליזם און פון דער פּראָלעטאַרישער וועלט־רעוואָלוציע."
(קאַפּיטאַליזם און קאָמוניזם, פּראָגראַם פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל, אידישע אויסגאַבע, זייטן 34-35.)

נאָך מיט אַ יאָר פריער, אין זיין באַריכט צום פופצענטן צוזאַמענפאָר

פון דער סאָוועטישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, האָט חבר י. סטאַלין דער־קלערט, אַז „די טיילווייזע סטאַביליזאַציע (באַפעסטיקונג), וואָס קאַפּיטאַליזם מאַכט איצט דורך, וועט ברענגען צו אַן אינטענסיוון (פאַרשטאַרקטן) קריזיס פון קאַפּיטאַליזם".

אין מאַי, 1929, ווען וואָל־סטריט האָט זיך נאָך געבאָדן אין געשוואָלענע פּראָפיטן און הימל־הויכע פּרייזן אויף ווערט־פּאַפּירן, האָט חבר סטאַלין אין זיין רעדע אויף דעם פּרעזידיום פון אויספיר־קאָמיטעט פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל נאָכאַמאָל געגעבן אַ פּינקטלעכע אָפּשאַצונג פון דעם קריזיס וואָס רוקט זיך אויף דעם אַלוועלטלעכן קאַפּיטאַליזם. די רעדע האָט חבר סטאַלין געהאַלטן, ווען דער פּרעזידיום פון אויספיר־קאָמיטעט פון קאָמוניס־טישן אינטערנאַציאָנאַל האָט באַהאַנדלט די פראַקציאָנעלע שטרייטיקייטן אין דער אַמעריקאַנישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און אויסגעאַרבעט די פּאָליטישע ליניע וואָס זאָל די שטרייטיקייטן אָפּשאַפן. חבר סטאַלין האָט באַטאָנט, אַז דער אומפאַרמיידלעכער אויסברוך פון קריזיס לייגט אַרויף אַ גרויסע פאַר־אַנטוואָרטלעכקייט אויף דער אַמעריקאַנישער פּאַרטיי. אַן אויסצוג פון זיין רעדע לייענט זיך:

„איך דענק, חברים, אַז די אַמעריקאַנער קאָמוניסטישע פּאַרטיי איז איינע פון די ווייניקע קאָמוניסטישע פּאַרטייען אין דער וועלט, אויף וועלכער די געשיכטע האָט אַרויפגעלייגט אויפגאַבן פון אַן אַנטשיידענעם כאַראַקטער פון דעם שטאַנדפּונקט פון דער אַלוועלטלעכער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. איר ווייסט אַלע גאַנץ גוט ווי שטאַרק און מעכטיק עס איז דער אַמעריקאַנער אימפּעריאַליזם. פיל דענקען איצט (דאָס איז גערעדט געוואָרן אין מאַי, 1929), אַז דער אַלגעמיינער קריזיס פון דעם וועלט-קאַפּיטאַליזם וועט ניט באַרירן אַמעריקע. געוויס איז דאָס ניט אמת. חברים, עס איז אינגאַנצן ניט אמת. דער קריזיס פון דעם אַלוועלטלעכן קאַפּיטאַליזם אַנטוויקלט זיך מיט אַן אַלץ פאַרגרעסערטער שנעלקייט און מוז אויך אָנרירן דעם אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליזם. די 3 מיליאָן אַרבעטלאָזע אין אַמעריקע זיינען די ערשטע שוואַלבן, וואָס זאָגן אָן די צייטיקייט פון דעם עקאָנאָמישן קריזיס אין אַמעריקע. די פאַרשאַרפטע געגנזאַצן צווישן אַמעריקע און ענגלאַנד, דער קאַמף פאַר מערק און רוי-מאַטעריאַלן און, ענדלעך, דער קאָלאָסאַלער וואוקס אין באַוואָפענונגען — דאָס אַלץ איז דער צווייטער אָנזאָג פון דעם אָנ-קומענדיקן קריזיס. איך דענק, אַז דער מאָמענט איז ניט זייער וויים, ווען אַ רעוואָלוציאָנערער קריזיס וועט זיך אַנטוויקלען אין אַמעריקע, ווען דאָס זיין דער אָנהייב פון דעם סוף פון דעם וועלט-קאַפּיטאַליזם אַלס גאַנצן."
(פון סטאַלינס רעדע אויפן פּרעזידיום פון אויספיר-קאָמיטעט פון קאָמינטערן, מאַי 1929.)

## די טעאָריעס פון די הילפערדינגס און אָטאָ באוערס וועגן אָרגאַניזירטן קאַפּיטאַליזם

די גאַנצע קאַפּיטאַליסטישע וועלט, טיכטיק ארויסגעהאָלפן פון די סאָציאַ־ליסטישע פירער און עקאָנאָמיסטן, האָבן אויפגענומען מיט גרינגשעצונג און שפּאָט די פּראָוויסאָריזאַנגען פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל. די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פירער זיינען געווען זייער באַגייסטערט פון דעם הויכן צושטאַנד פון דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט. זיי זיינען געקומען צו אַן אַנדער פּראָוויסאָזאַונג — צום אַזוי־גערופענעם „אָרגאַניזירטן קאַפּיטאַליזם״.

אַזאַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישער עקאָנאָמיסט און טעאָרעטיקער ווי היל־פערדינג, איין צייט פינאַנץ־מיניסטער אין דער דייטשער קאָאַליציע (שותפות) רעגירונג, האָט אָנגעשריבן צוויי ביכער וועגן דעם כאַראַקטער פון דעם מאָדערנעם פינאַנץ־קאַפּיטאַל. די ראַשיקע קאָנצענטראַציע פון די רייכטימער אין איינצלנע הענט און די שנעל־שטייגנדיקע מאַכט פון פינאַנץ־קאַפּיטאַל איז ביי דר. הילפערדינג געווען אַ באַווייז, אַז קאַפּיטאַליזם איז אַריינגעטראָטן נאָך דער וועלט־מלחמה אין אַ נייער שטופע, אַ שטופע וואָס צוליב דעם הויכן גראַד אָרגאַניזירטקייט פון אינדוסטריע און פינאַנץ וועט קאַפּיטאַליזם ביי־קומען זיינע געגנזאַצן און וועט זיין אימשטאַנד אָפּצושאַפן אין אַ גרויסער מאָס די קאָנקורענץ און דעם כאַאָטישן צושטאַנד וואָס הערשט אין דער פּראָדוקציע. די גרויסע מאָנאָפּאָליעס, די קאַרטעלן און די סופּער־טראָסטן וועלן פאַרטיילן צווישן זיך דעם וועלט־מאַרק. זיי וועלן באַשטימען פאַר יעדן לאַנד זיין „פּאַיאַק״ פון וועלט־מאַרק און פון די רויע מאַטעריאַלן. די גרויסע באַנקען, וועלכע קאָנטראָלירן די סופּער־טראַסטן, וועלן שפּרייזן איבער די גרענעצן פון לענדער און די אָקעאַנען וואָס טיילן אָפּ די באַ־זונדערע קאָנטינענטן. די גרויסע באַנקען, ענג פאַרבונדן מיט דער מלוכה וואָס ווערט אַ גרויסער שותף צו זייערע פינאַנצן דורך סובסידיעס און אַנדערע פאָרמען פון שטיצע, וועלן זיין דער דאָמינירנדיקער כח אַריינצוברענגען טאָלק און אָרדענונג אין דער אינדוסטריע. שפּעטער וועלן די באַנקען ביסלכעווייז איבערגענומען ווערן פון דער מלוכה, וואָס וועט אַזוי אַרום אַריינקריגן די מאַכט איבער דער אינדוסטריע. דאָס, ווידער, וועט ברענגען צום סאָציאַליזם, ווען דער אַרבעטער־קלאַס וועט אַמאָל אין דער צוקונפט געווינען די מערהייט אין פּאַרלאַמענט.

הילפערדינג האָט געבויט זיין טעאָריע אויף די גרויסע קאַרטעלן און

מאָנאָפּאָליעס וואָס זיינען אויפגעשטאַנען אין די גוטע יאָרן. ער האָט אָנגעוויזן אויף אַ פאַרשטענדיקונג צווישן די שטאָל־אינטערעסן פון אייראָפּע און אַמעריקע, אויף אַ שטילן אָפּמאַך צווישן די כעמישע אינדוסטריעס פון דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט, צווישן די אָיל־מאַגנאַטן און דאָס גלייכן. איבער זיי אַלעמען שטייען די גרויסע קאַפּיטאַנען פון פינאַנץ. אין זייערע אינטערעסן ליגט ניט צו פירן מלחמות פאַר מערק. מלחמות האַקן אונטער די קויף־קראַפט פון דער באַפעלקערונג און שטעלן אין קאָן די גאַנצע קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג. די פינאַנציעלע קעניגן זיינען פאַראינטערעסירט אין אַ פרידלעכער עקאָנאָמישער עקספּלואַטאַציע און זיי זיינען אַ זייל פון פרידן אויף דער וועלט.

אַ ביסל שפּעטער, אין אַן אַנדער פאָרמע, האָט די זעלבע טעאָריע אַרויסגערוקט די עסטרייכישע שולע פון מאַרקסיזם. די שולע איז פאַררעכנט געוועזן אין דעם צווייטן סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל פאַר די איינציקע אָרטאָדאָקסישע מאַרקסיסטן. באַוער, רענער און פריץ אַדלער האָבן זיך אויך אַרומגעטראָגן מיט שפּאָגל־נייע „אויסבעסערונגען" צום מאַרקסיזם, אויסבעסערונגען וואָס האָבן פאַרקריפּלט די פונדאַמענטאַלע לערע פון דעם גרינדער פון וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם.

אין דער אויבנדערמאָנטער פּראָגראַם פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל פון 1928, איז פאַראַן אַ טיפע און גרינטלעכע אָפּשאַצונג פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אויף אַלע געביטן: אינערלעכע פּאָליטיק, אויסערלעכע פּאָליטיק, טעאָריע און פּראַקטיק און פון אירע אַלע ריכטונגען און גרופּירונגען. וועגן דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער טעאָריע זאָגט די פּראָגראַם:

„אויפן געביט פון טעאָריע האָט די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אינגאַנצן און פולשטענדיק פאַרראַטן דעם מאַרקסיזם, דורכגייענדיק דורך דעם רעוויזיאָניסטישן עטאַפּ צו אַ פאַרענדיקטן ליבעראַל־בורזשואַזן רעפאָרמיזם און צו אָפענעם סאָציאַל־אימפּעריאַליזם; די לערע פון מאַרקסן וועגן די ווידערשפּרוכן פון קאַפּיטאַליזם האָט זי פאַרביטן אויף דער בורזשואַזער לערע וועגן זיין האַרמאָנישער אַנטוויקלונג; די לערע וועגן קריזיסן און וועגן דער פאַראָרעמונג פונם פּראָלעטאַריאַט האָט זי אַוועקגעלייגט אין אַרכיוו; די גרויזאַמע און פלאַמענדיקע טעאָריע פון קלאַסן־קאַמף האָט זי פאַרוואַנדלט אין אַ וואולגאַרער פּראָפּאַגאַנדע פון קלאַסן־שלום; די לערע וועגן דער פאַרשאַרפונג פון קלאַסן־ווידערשפּרוכן האָט זי פאַרביטן אויף דער קליינבירגערלעכער באָבע־מעשה וועגן דער „דעמאָקראַטיזאַציע" פון קאַפּיטאַל; אויפן אָרט פון דער טעאָריע פון מלחמות, וואָס זיינען אומפאַרמיידלעך אונטערן קאַפּיטאַליזם, האָט זי אַוועקגעשטעלט די בורזשואַזע נאַרעריי פון פּאַציפיזם און די פאַלשע פּראָפּאַגאַנדע פון 'אולטראַ־אימפּעריאַליזם'; די טעאָריע פון דעם רעוואָלוציאָ-

נערן צוזאַמענברוך פון קאַפּיטאַליזם האָט זי צעבוטן אויף דעם פאַלשן מינץ פון אַ 'געזונטן' קאַפּיטאַליזם, וועלכער פאַרוואַנדלט זיך פרידלעך אין סאָציאַליזם; די רעוואָלוציע האָט זי פאַרביטן אויף עוואָלוציע; די צע־שטערונג פון דער בורזשואַזער מלוכה — אויף איר אַקטיוון אויפבוי; די לערע וועגן פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור — אויף דער טעאָריע פון קאַאַליציעס מיט דער בורזשואַזיע; די לערע וועגן אינטערנאַציאָנאַלער פּראָלעטאַרישער סאָלידאַריטעט — אויף דער לערע וועגן פאַרטיידיקן די אימפּעריאַליסטישע פאָטערלענדער; דעם דיאַלעקטישן מאַטעריאַליזם פון מאַרקס — אויף דער אידעאַליסטישער פילאָזאָפיע און אויף קאָקעטירן מיט די רעליגיעזע שיריים פון דער בורזשואַזיע.

„אינעווייניק אין אָט־דעם סאָציאַל־דעמאָקראַטישן רעפאָרמיזם טיילט זיך אַרויס אַ ריי ריכטונגען, וואָס זיינען באַזונדערס כאַראַקטעריסטיש פונם שטאַנדפּונקט פון בורזשואַזער דעגענעראַציע פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.״ (קאָמוניסטישע פּראָגראַם, זייטן 94-95.)

אונטער פאַרשיידענע פאָרמולעס האָט זיך פון די אַלע טעאָריעס געטראָגן דער זעלבער אויספיר: קאַפּיטאַליזם אין זיין נייער געשטאַלט האָט אָפּגע־שאַפט זיינע פריערדיקע איבלען, די קריזיסן. ער וועט אויך אָפּשאַפן אַ צווייטן שרעקלעכן איבל: אימפּעריאַליסטישע מלחמה. קאַפּיטאַליזם וועט אַזוי אָנ־גיין מיט זיין אָרגאַניזירטער קאָנצענטראַציע ביז וואַנען ער וועט אַמאָל — קיינער ווייסט ניט ווען און ווי אַזוי — אַריבערגיין צום צושטאַנד פון מלוכה־סאָציאַליזם. די מלוכה אין די הענט פון סאָציאַל־דעמאָקראַטן וועט איבערנעמען די אינדוסטריעס און די קוואַלן פון קרעדיט און — אויס קאַפּיטאַליזם. מיר געניסן די פרוכט פון סאָציאַליזם.

וואָס פון די אַלע אָפּטימיסטישע טעאָריעס האָט זיך אויסגעלאָזט, איז אַ זאַך פון דער נאָענטער פאַרגאַנגענהייט. די הילפּערדינגס און די באַוערס האָבן געמוזט אַנטלויפן פון זייערע אייגענע לענדער נאָכדעם ווי זיי האָבן פריער אויסגעבעט דעם וועג פאַר די פאַשיסטן. מאָדערנער קאַפּיטאַליזם איז טיף צעלעכערט און צעשאָסן און מוז אין אַ ריי לענדער אָנקומען צו די ברוטאַלסטע מיטלאַלטערלעכע מעטאָדן און פינצטערע טעאָריעס אויפצוהאַלטן ציטעווייליק זיין מאַכט. קאָנקורענץ צווישן די קאַפּיטאַליסטישע אינדוסטריעס איז ניט אָפּגעשאַפט געוואָרן. פאַרקערט, דער קריזיס האָט די קאָנקורענץ נאָך מער צעפלאַקערט. אַרבעטלאָזיקייט און אַ נידעריקערער לעבנס־סטאַנדאַרד איז געוואָרן דער כלל פאַר דעם אַרבעטער־קלאַס אין אַלע קאַפּיטאַליסטישע לענדער. דער גייעג אין באַוואָפענונג האָט דערגרייכט דעם העכסטן פּונקט און די מלחמה־געפאַר ווערט אַלץ דראָענדיקער און נעענטער. נאָר איין גרויס לאַנד האָט אויסגעמיטן אינגאַנצן די פרוכט פון דעם קריזיס. דאָס איז

דאָס גרויס לאַנד וואָס האָט אָפּגעשאַפט דעם קאַפּיטאַליזם, דאָס לאַנד פון די סאָוועטן, וואָס בויט מיט גרויס דערפאָלג אַ סאָציאַליסטישע אינדוסטריע און אַ סאָציאַליסטיש לעבן.

## די סימנים פון דעם קריזיס זיינען געווען נאָך פריער

די סימנים פון דעם קריזיס זיינען געלעגן אין דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט נאָך אין די גוטע יאָרן. אויסער אַ ריי „קראַנקע" אינדוסטריעס אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אינדוסטריעס וואָס באַשעפטיקן פיל הונדערטער טויזנטער אַרבעטער, ווי קוילן און טעקסטיל, האָבן די איבעריקע „געזונטע" אינדוסטריעס אויך גענומען ליידן פון אַ כראָנישער דעפּרעסיע (געדריקטקייט) וואָס האָט זיי געשטערט אויסצונוצן זייער פּראָדוציר־קאַפּאַציטעט (מעגלעכקייט) אין אַ פולער מאָס.

נאָך דעם מלחמה־פּעריאָד האָט קאַפּיטאַליזם אין די פאַראייניקטע שטאַטן אינוועסטירט ביליאָנען דאָלאַרן אין נייער אויסשטאַטונג אין דער שווערער אינדוסטריע, די אינדוסטריע וואָס פּראָדוצירט מאַשינען און געצייג. די נייע אויסשטאַטונג האָט דיקטירט אַ פאַרגרעסערטע פּראָדוקציע, אָבער די מערק זיינען פאַרבליבן אין זעלבן צושטאַנד. זיי זיינען נאָך מער איינגעצויגן געוואָרן צוליב דער פאַרשפּרייטער אַרבעטלאָזיקייט און קלענערן לוין. דער רעזולטאַט איז געווען אַז די נייע מאַשינען און רויע מאַטעריאַלן זיינען געבליבן ניט אויסגענוצט אין דער צייט ווען די וואַרעהייזער זיינען געוואָרן וואָס ווייטער אַלץ מער אָנגעפּילט מיט אומפאַרקויפטע סחורות און פּראָדוקטן.

די שטאָל־אינדוסטריע איז געוויינלעך אַ באַראָמעטער פון דער אינדוסטריעלער אַקטיוויטעט. שטאָל ווערט באַנוצט כמעט אין אַלע אינדוסטריעס. שוין אין 1927 האָט די פּראָדוקציע פון שטאָל־באַלקעס (גראָבע שטיקער שטאָל, פון וועלכע מען מאַכט אַלע שטאָל־מאַטעריאַלן) באַטראָפן נאָר 76 פּראָצענט פון איר פּראָדוציר־קאַפּאַציטעט. אָיל־רעפיינערים האָבן אין 1929 געאַרבעט נאָר אויף צוויי־דריטל פון זייער קאַפּאַציטעט און דערפון איז זיי אויך פאַרבליבן אומפאַרקויפט אין די זיבן פּראָספּעריטעט־יאָרן 305 מיליאָן פעסלעך אָיל. אין 1929, זייער אַ גוטער יאָר פאַר דער אָטאָמאָביל־אינדוסטריע, איז אַרויסגעלאָזט געוואָרן פינף און אַ האַלב מיליאָן אָטאָמאָבילן, אין דער צייט ווען די אינדוסטריע פאַרמאָגט אַן אויסשטאַטונג צו פּראָדוצירן נאָענט צו ניין מיליאָן אָטאָמאָבילן. אין דער קאָטן־טעקסטיל אינדוסטריע זיינען נאָענט צו צוויי און אַ האַלב מיליאָן שפּינדלען געשטאַנען

לײדיק. די איבעריקע האָבן געאַרבעט נאָר עטלעכע טעג אין וואָך. און קאַטן־טעקסטיל איז אַ באַראָמעטער פון דעם געברויך, ווײל זי פּראָדוצירט ביליקערע סחורות.

דער פּראָצעס פון קאַפּיטאַליזם צו צענטראַליזאַציע און דער שטײגנדיקער קאָנטראָל פון פינאַנץ־קאַפּיטאַל האָט ניט אָפּגעשאַפט די קאָנקורענץ צווישן די באַזונדערע אונטערנעמונגען אין יעדער אינדוסטריע און צווישן די אינדוסטריעס. אָנשטאָט אַ פּלאַנירטן קאַפּיטאַליזם ווי די עקאָנאָמיסטן פון דעם טיפּ פון סטוארט טשייס האָבן פאַראויסגעזאָגט אין זײערע זעאונגען (טשייס איז אַ געוועזענער מיטגליד פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטײ), איז געוואַקסן דער כאַאָס אין דער פּראָדוקציע און די האַלז־שנײדנדיקע קאָנקורענץ צווישן די פאַרשײדענע גרופּעס קאַפּיטאַליסטן.

דער פאַקט וואָס די באַנק־הויז דזש. פּ. מאָרגאַן האָט קאָנטראָלירט קאָרפּאָרײשאָנס און געשעפטן וואָס האָבן פאַרמאָגט העכער פינף ביליאָן דאָלאַר, איז ניט געווען קײן פאַקטאָר פון אָרגאַניזאַציע און פּלאַנירונג פאַר דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט. דאָס זעלבע האָט ניט געהאָלפן דער פאַקט, וואָס די אינוועסטמענט־קאָמפּאַניעס ווי אַ טײל פון די גרויסע באַנקען האָבן אײנגעקראָגן קאָנטראָל איבער גרויסע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען. די פּראָפיטן וואָס די באַנקען און די אינוועסטמענט־קאָמפּאַניעס האָבן געמאַכט האָבן זײ אַרײנגעלײגט אין נײע אינדוסטריעס אָדער אין אויסשפּרײטן די אַלטע און פאַרגרעסערטע אויסשטאַטונג. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז די הערשאַפט פון פינאַנץ־קאַפּיטאַל און די אַנטשטײאונג פון גיגאַנטישע אינדוסטריעלע קאָמבינאַציעס האָט פאַרשטאַרקט די קאָנקורענץ און פאַרגרעסערט דעם כאַאָס אין דער פּראָדוקציע. ווען מאָרגאַן איז געגאַנגען שאַפן אַ שפּײז־טראָסט דורך דער סטאַנדאַרד פוד פּראָדוקטס קאָמפּאַניע, האָט ער פאַרגרעסערט די פּראָדוציר־קאַפּאַציטעט פון דער שפּײז־אינדוסטריע, ניט רעכענענדיק זיך אויף אַ האָר, צי די באַפעלקערונג פאַרמאָגט די מעגלעכקײט אײנצוקויפן מער פון אַלע סאָרטן שפּײז.

די סיסטעם פון „אינטערלאַקינג״ (געקײטלטע) דירעקטאָרן, דורך וועלכער אַ גרויסע באַנק האַלט אירע פינגער אויף הונדערטער אונטערנעמונגען, אַרײנשטעלנדיק אומעטום אירע מענטשן פאַר דירעקטאָרן, האָט אויך ניט געהאָלפן סטאַביליזירן די פּראָדוקציע. אַלץ וואָס די באַנקען האָבן דערגרײכט דורך דער אינטערלאַקינג דירעקטאָרן־סיסטעם, איז אַרויסזויגן מער פּראָפיטן פון אינדוסטריעס אונטער זײער קאָנטראָל, אומגעזען צי די אינדוסטריעס וועלן שפּעטער זײן באַנקראָט.

די באנקען־הויז פון מארגאן און קאמפאני, די באנקען־הויז פון קון, לאעב און קאמפאניע און זייערע פארבינדעטע איבערן לאנד זיינען געווען די צוויי מעכטיקסטע פינאנציעלע גרופן אין די פאראייניקטע שטאטן. זיי האבן קאנטראלירט די שטאל־אינדוסטריע, דעם גרעסטן טייל פון דער קוילן־אינ־ אינדוסטריע (אויסער דער פארד־קאמפאניע, וואס איז אן אומאפהענגיק אינדוסטריע, דורך דער דזשענעראל מאטארס קאמפאניע — די אטאמאביל־ אינדוסטריע (אויסער דער פארד־קאמפאניע, וואס איז אן אומאפהענגיקער געשעפט). זיי האבן קאנטראלירט דעם באן־טראנספארט און דעם טעלעגראף און טעלעפאן און נאך און נאך אינדוסטריעס. די ראקפעלערס און זייערע פארבינדעטע האבן באהערשט די איל־אינדוסטריע און געהאט א האנט אין שטאל, קוילן און אנדערע אינדוסטריעס. די אלע מעכטיקע פינאנציעלע גרופעס האבן ניט געקענט פארהאלטן, אויסמיידן אדער אפשטעלן דאס אנ־ קומען פון דעם קריזיס. פארקערט, זייער גייעג צו קאנטראל און קאנ־ צענטראציע האט דעם קריזיס פארשנעלערט און פארטיפט.

## די אויסערלעכע געגנזאצן פון קאפיטאליזם

די גוואלדיקע אינוועסטמענטס וואס וואל סטריט האט ארייגעלייגט אין אייראפע און אין די לענדער פון דרום־ און צענטראל־אמעריקע האבן ניט געהאלפן אויף א האר די אמעריקאנישע אינדוסטריע. גיכער האבן די אינ־ וועסטמענטס געשאפן נייע קאנקורענטן צו די אמעריקאנישע אינדוסטריעס און האבן קלענער געמאכט דעם אויסלענדישן מארק פאר די אמעריקאנישע קאפיטאליסטן.

פינאנסירט פון וואל־סטריט, האבן יענקי־קאפיטאליסטן אויפגעשטעלט פאבריקן אין די אפגעשטאנענע לענדער, וואס זיינען פריער געווען מערק פאר אמעריקאנישע אינדוסטריעלע פראדוקטן. דאס זעלבע האבן געטאן די ענג־ לישע קאפיטאליסטן. די 17 און א האלב ביליאן דאלאר וואס איז ארײנ־ געלייגט געווארן אין אויסלאנד אין הלוואות אדער אין אינדוסטריעלע אונטער־ נעמונגען האט דעריבער געארבעט צו פארשנעלערן און פארגרעסערן דעם אומפארמיידלעכן קריזיס. אזוי צום ביישפיל האבן די פירער פון דער מאשיניסטן־יוניאן פראטעסטירט צו דער רעגירונג אין 1925 פארוואס די קאנטראקטן פאר פיר קלענערע אמעריקאנישע קריג־שיפן פאר די כינעזישע וואסערן זיינען אוועקגעגעבן געווארן צו אמעריקאנישע שיף־בוי קאמפאניעס וואס האבן זייערע בוי־פאבריקן לעבן שאנכאי, אנשטאט אין אמעריקאנישע

האפנס. די יוניאן האט ניט פראטעסטירט געגן דעם וואס וואשינגטאן גיט אוים מיליאנען דאלארן צו בויען און אויפהאלטן קריג־שיפן אין פרעמדע וואסערן, קריג־שיפן וועמענס צוועק איז אויפצוהאלטן די בלוטיקע הערשאפט פון די מיליטאריסטן און באנקירן אין כינע און די אימפעריאליסטישע אינ־טערעסן פון די אמעריקאנישע קאפיטאליסטן. די זאך איז אבער זייער כאראקטעריסטיש פאר די כאאטישע מעטאדן פון מאדערנעם קאפיטאליזם. די רעגירונג אין וואשינגטאן גיט ארוים קאנטראקטן צו בויען קריג־שיפן. די קאנטראקטן קריגן נאטירלעך אמעריקאנישע שיף־בוי קאמפאניעס. אבער די אמעריקאנישע שיף־בוי קאמפאניעס האבן אויפגעשטעלט שיף־בוי פאבריקן אין כינע צוליב דער ביליקער ארבעט־קראפט. אזוי ווי די שיפן גייען פאר דינסט אין כינע, וועלן זיי דארטן געבויט ווערן. אמעריקאנישע קאפיטאליסטן וועלן מאכן פראפיטן, אבער אמעריקאנישע ארבעטער פארלירן באשעפטיקונג. (דאס איז אויסער דעם מיליטאריסטיש־אימפעריאליסטישן כאראקטער פון דער גאנצער אונטערנעמונג.)

די גרויסע קאמפאניעס, געשטיצט פון די באנקען, האבן געהאט די מעגלעכקייט איינצופירן בעסערע ראציאנאליזאציע־מעטאדן און דערמיט פאר־גרעסערן זייערע פראפיטן. דאס האט פארשטארקט די קאנקורענץ מיט די קלענערע, אומאפהענגיקע קאמפאניעס. די פארשטארקטע קאנקורענץ האט ווידער געפירט צו א גרויסער פארגרעסערונג פון דער צאל באנקראטן. די ארבעטער וואס זיינען ארויסגעפאלן פון די קלענערע, באנקראטירטע קאמ־פאניעס, זיינען ניט איינגעשלונגען געווארן אין די פארבליבענע אונטער־נעמונגען. פארקערט, די פארבליבענע אונטערנעמונגען האבן אליין פאר־קלענערט זייער צאל ארבעטער דורך א פארגרעסערטער יאגעניש און טיכ־טיקערער ראציאנאליזאציע.

## די פרוכט פון ראציאנאליזאציע און יאגעניש

די שטענדיקע ארמיי ארבעטלאזע איז געוואקסן. יאגעניש און ראציא־נאליזאציע האבן מעגלעך געמאכט אז א קלענערע צאל ארבעטער זאלן פרא־דוצירן א גרעסערע סומע פראדוקטן. אין די צען יאר צווישן 1917 און 1927 איז די פראדוציר־קראפט פון דעם דורכשניטלעכן ארבעטער געשטיגן אויף 53 פראצענט. אין 1929 האבן די אינדוסטריעס באוויזן צו פראדוצירן 40 פראצענט מער ווי אין 1910 מיט א קלענערער צאל ארבעטער. וואוהין האבן זיך אהינגעטאן די „איבעריקע" ארבעטער? דער גרעסטער טייל איז געבליבן

אין דער אַרמיי שטענדיקע אַרבעטלאָזע. די סאַמע קאָנסערוואַטיווע ציפערן אָנגעגעבן פון בורזשואַזע עקאָנאָמיסטן האָבן אָפּגעשאַצט, אַז אין דעם גאַנצן פּראָספּעריטעט־פּעריאָד איז די אַרבעטלאָזע אַרמיי קיינמאָל ניט געווען ווייניקער פון אַ מיליאָן און אַ האַלב. אין דער ווירקלעכקייט איז זי געווען פיל גרעסער. לויט דער אָפּשאַצונג פון דער לייבאָר־ביוראָ, איז אין 1928 געווען ניט ווייניקער פון פיר מיליאָן אַרבעטלאָזע.

קאַפּיטאַליזם האָט באַשאַפן דעם אינדוסטריעלן מאָנסטער, וואָס שטיקט אים פאַרן האַלז. אַ וואונדערבאַרע טעכניק, וואָס האָט באַדאַרפט זיין אַ גרויסע הילף אין הויבן דעם לעבנס־סטאַנדאַרד פון די מאַסן, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אומגליק פאַר מיליאָנען מענטשן. וואָס איז די איבערראַשונג, וואָס קאַפּיטאַליסטן באַדויערן איצט זייער געיעג נאָך מאַשינען און וואָס די בורזשואַזע געלערנטע האָבן אָנגעהויבן אַ קאַמפּאַניע געגן באַנוצן מאַ־שינען. זיי פאָדערן אַ מאַרש צוריק צו דער פּרימיטיווער אַרבעט מיט דער האַנט.

דער קריזיס פון אַגריקולטור האָט זיך אָנגעהויבן פיל פריער

נאָך פריער, פאַר דעם אינדוסטריעלן קריזיס, האָט אין לאַנד געהערשט אַ שטילער אָבער אַ סיסטעמאַטישער און דויערהאַפטער אַגריקולטורעלער קריזיס. די פאַרמער־באַפעלקערונג איז דערמוטיקט געוואָרן אין די מלחמה־יאָרן צו פאַרזייען וואָס מער באָדן, איינצוקויפן וואָס מער לאַנדווירטשאַפט־לעכע מאַשינען און צו באַנוצן וואָס מער פּוירטילייזערס (כעמישע שטאָפן צו הויבן די פּרוכטבאַרקייט פון דעם באָדן). די פאַרמער זיינען ענג אַריינגעצויגן געוואָרן אין די ראַמען פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע. דער פאַרמער איז געוואָרן אינגאַנצן אָפּהענגיק אויף דעם מאַרק. זיין ווירטשאַפט איז גע־וואָרן אויסשליסלעך אַ קאַפּיטאַליסטישע ווירטשאַפט. די פּרייזן אויפן היימישן און וועלט־מאַרק זיינען געוואָרן די דיקטאַטאָרן פון זיין שיקזאַל. אָבער פּרייזן זיינען געפאַלן, ווייל די מאַשינען און פּוירטילייזערס האָבן אומעטום אין אַלע לענדער פאַרגרעסערט די אַגריקולטור־ווירטשאַפט און האָבן געשאַפן אַ פאַרשטאָפּטן מאַרק.

די ברייטע שטאָטישע באַפעלקערונג האָט ניט געקענט פאַרנוצן מער און בעסערע שפּייז און קליידער. די „איבערפּראָדוקציע” אין קאָטן, תבואה, פלייש, מילך, גרינס און פּרוכט איז אַנטשטאַנען. דער פאַרמער קען ווייניקער אויס־האַלטן אַ פאַרשטאָפּטן מאַרק ווי דער גרויסער קאַפּיטאַליסט. פאַר די מאַשינען און פּוירטילייזערס מוז ער צאָלן, דער באַנק פאַר הלוואות מוז ער אויך צאָלן,

דאָס זעלבע שטייערן, וואָס זיינען נאָכאַנאַנד געשטיגן צוליב דעם פּרעסערישן אַפּעטיט פון די פּראָפּעסיאָנעלע פּאָליטישענס מיט זייערע אַרויסהעלפער. דער אַפּגרונט צווישן אינדוסטריע און אַגריקולטור איז טיפער געוואָרן. שטאָטישע פּראָדוקטן זיינען ניט געפאַלן שטאַרק אין פּרייז צוליב דעם מאָנאָ־פּאָליסטישן כאַראַקטער פון דער אינדוסטריע, אָבער לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן זיינען שטאַרק געפאַלן, כאָטש דער קאָנסומער אין שטאָט האָט געמוזט צאָלן הויכן פּרייזן פאַר עסנוואַרג. דער פאַרמער האָט געקראָגן אַ נידעריקן פּרייז פאַר זיינע פּראָדוקטן און האָט געמוזט צאָלן אַ הויכן פּרייז פאַר די שטאָטישע פּראָדוקטן וואָס ער מוז האָבן. די פאַרגרעסע־רונג פון לאַנדווירטשאַפטלעכן קריזיס האָט געפירט צו דער פאַראָרעמונג פון פאַרמער, וואָס האָט באַאיינפלוסט זיין קויף־קראַפט צום ערגערן. האָט דער־פון געליטן די אינדוסטריע.

אין ברען פון קריזיס זיינען לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן גוואַלדיק געפאַלן. אַ פּאָר ציפערן וועלן עס אילוסטרירן.

פון פעברואַר 1929 ביז פעברואַר 1933 איז דער האָלסייל־פּרייז אויף ווייץ געפאַלן פון $1.30 אַ בושל ביז 48 סענט אַ בושל.

קאָרן איז געפאַלן אין דער זעלבער צייט פון אַ דאָלאַר אַ בושל אויף 48 סענט.

חזיר־פלייש — פון $11.20 פאַר הונדערט פונט אויף $3.41.

קאַטן — פון 19 סענט אַ פונט אויף 6 סענט אַ פונט.

דער ווערט פון פאַרמס, אַריינגערעכנט די מאַשינען און דעם לעבעדיקן אינוועטאַר (הויז־חיות) איז געוואָרן וויניקער מיט 14 ביליאָן דאָלאַר אין די צוויי יאָר פון 1930 ביז 1932.

העכער אַ פערטל מיליאָן פאַרמס זיינען אויספאַרקויפט געוואָרן אין עפנטלעכע אָקשאָנס (אויספאַרקויפן) אין 1932. ווען ניט דער מאַסן־ווידערשטאַנד פון די פאַרמער, וואָס האָבן מיט ביקסן אין די הענט אָפּ־געהאַלטן די אויספאַרקויפן אין אַ ריי שטאַטן אין מיטל־מערב און דרום־מערב, וואָלט די צאָל פאַרמער אַראָפּגעטריבן פון זייערע פאַרמס דערגרייכט פיל, פיל מער. אין אַ סך שטאַטן זיינען די גאָווערנאָרס געצוואונגען געוואָרן אין 1933 צו דערקלערן אַ מאָראַטאָריום אויף פאַרם־מאָרטגעדזשעס אויף עטלעכע יאָר. אַזוי פאַרשפּרייט איז געווען דער אָרגאַניזירטער רעוואָלט פון די פאַרמער.

לעבנס־סטאַנדאַרד שטאַרק אַרונטערגעקוועטשט

די פאַרמער האָבן אויך געפירט אַ ריי גרויסע סטרייקס אין מיטל־וועסט געגן די געזונקענע פרייזן וואָס זיי קריגן פאַר זייערע פּראָדוקטן אין דער צייט וואָס דער קאָנסומער אין שטאָט צאָלט נאָך אַלץ הויכע פרייזן. פרייזן אויף שפּייז זיינען גוואַלדיק געשטיגן אין צווייטן העלפט פון 1934 און אין ערשטן העלפט פון 1935, אַ דאַנק דער פּאָליטיק פון רוזוועלטס „א. א. א.". פון מערץ 1933 ביז מערץ 1935 איז שפּייז טייערער געוואָרן אויף 34.4 פּראָצענט פון די לעבנס־קאָסטן אויף 25 פּראָצענט. דאָס זיינען אָפיציעלע ציפערן פון דער פעדעראַלער רעגירונג. אָבער די פאַרמער האָבן זייער ווייניק געהאַט פון די שטייגנדיקע פרייזן. די פּראָפיטן זיינען פאַרבליבן ביי דעם קאַפּיטאַליסטישן מיטלמאַן און סוחר. דערצו האָט די פאַרטייערונג געבראַכט צו אַ קלענערן פאַרברויך.

דער קריזיס האָט אויך געבראַכט צו אַ זינקען פון פרייזן אויף אינ־דוסטריעלע פּראָדוקטן. די סחורות וואָס ווערן קאָנטראָלירט פון טראָסטי־פיצירטע אינדוסטריעס, ווי שטאָל, אַלומינום, וואָל. א. א., האָבן מער ווייניקער אויפגעהאַלטן זייערע הויכע פרייזן. די פאַרקלענערטע פּראָדוקציע האָט ניט געשטערט די קאַפּיטאַליסטן אין די מאָנאָפּאָליע־אינדוסטריעס צו רעכענען די אַלטע פרייזן. אָבער אין די ניט־טראָסטיפיצירטע אינדוסטריעס אין די מערסטע רוי־מאַטעריאַלן זיינען פרייזן געזונקען צום נידעריקסטן גראַד, אַזוי הויך ווי 40 און 50 פּראָצענט ווייניקער ווי אין 1929.

די אַרבעטער־באַפעלקערונג האָט זיך ניט געקענט באַנוצן מיט די גע־פאַלענע פרייזן, ווייל אירע פאַרדינסטן זיינען געפאַלן נאָך נידעריקער. שפּע־טער, ווען די רוזוועלט־רעגירונג האָט איינגעפירט די קאָודס פון „יושרדיקער קאָנקורענץ" און דורך אינפלאַציע־מיטלען געהויבן די פרייזן אויף אינ־דוסטריעלע פּראָדוקטן, האָט עס געטראָפן די אַרבעטער, וועמענס רעאַלע פאַרדינסטן האָבן ניט אָנגעיאָגט די שטייגנדיקע פרייזן. דער רעזולטאַט איז געווען — נאָך אַ נידעריקער לעבנס־סטאַנדאַרד אונטער דער „אויפלעבונג"־פּראָגראַם.

ניט געקוקט אויף דער פאַרפלייצונג פון אָפּטימיסטישע פאַרזיכערונגען וואָס האָט זיך געטראָגן פון וואָל־סטריט און פון וואַשינגטאָן אין אָנהייב פון קריזיס, האָבן די קאַפּיטאַלען פון אינדוסטריע און פינאַנץ ביי זיך געוואוסט בעסער די לאַגע. זיי האָבן געהאַט די דערפאַרונג אין 1922, ווען זייער

אַפּענסיווע געגן דעם לעבנס־סטאַנדאַרד פון דעם אַרבעטער־קלאַס האָט זיך אָנגעשטויסן אויף דעם שטאַלענעם ווידערשטאַנד פון די אַרבעטער. דאָס מאָל האָבן זיי זיך געוואָלט באַוואָרענען, אַז קיין ווידערשטאַנד זאָל ניט קומען פון די אַרבעטער.

## גרין זאָגט־צו ניט צו סטרייקן און האַלט וואָרט

פּרעזידענט הואווער האָט דעם 11טן נאָוועמבער, 1929, פאַררופן אין וואַשינגטאָן אַ נאַציאָנאַלע קאָנפערענץ פון פאָרשטייער פון אַרבעט און קאַפּיטאַל. אויף דער קאָנפערענץ האָט הואווער אַרויסגעקראָגן אַ צווייענדיקע פאַרשפּרעכונג. די קאַפּיטאַליסטן האָבן צוגעזאָגט אַז זיי וועלן ניט שניידן דעם לוין און דערמיט אָנהאַלטן די קויף־קראַפט פון דער באַפעלקערונג אויף דער זעלבער הויך און די יוניאָן־פּרעזידענטן האָבן צוגעזאָגט זיך ניט צו באַנוצן מיט דער שווערער צייט אָנצופירן סטרייקס פאַר קירצערע שטונדן, לוין־העכערונגען און דאָס גלייכן.

די קאַפּיטאַליסטישע פּרעסע האָט צעפּויקט דעם רעזולטאַט פון דער קאָנפערענץ ווי אַ מוסטער פון בירגערלעכער פליכט און ווירטשאַפטלעכקייט פון די צוויי שותּפים אין אינדוסטריע. העגרי פאָרד איז געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ער האָט פון די שטיגן פון ווייסן הויז פּראָקלאַמירט אַ 5־פּראָצענטיקע לוין־העכערונג פאַר זיינע אַרבעטער, ווי אַ צייכן פון זיין טיפן גלויבן אין דער קורצער צייטווייליקייט פון דער דעפּרעסיע און אין דער נויטווענדיקייט אויפצוהאַלטן די קויף־קראַפט פון די אַרבעטער. ביי פאָרדן איז דאָס געווען ניט מער ווי אַן אומזיסטע און פאַלשע רעקלאַמע פאַר זיינע אָטאָמאָבילן, אָבער די פּרעסע האָט דאָס אויך אויפגעכאַפּט ווי אַ טייערן ביישפּיל.

יעדער איינער האָט געקענט פאַרשטיין, אַז עס ליגט אין דעם סאַמע כאַראַקטער פון קאַפּיטאַליזם אַז אין צייט פון אַ קריזיס זאָל ער זוכן אַרויפצולייגן אַלע שוועריקייטן און קרבּנות אויף די פּלייצעס פון די אַרבעטער. דאָס איז קלאָר פון דער גאַנצער דערפאַרונג פון די פריערדיקע קריזיסן און דעפּרעסיעס. אָבער די גרינס זענען ניט אַזאַ קלאָרן פאַקט און לערנען גאָרניט פון דערפאַרונג. זיי האָבן אויסגעצייכנט געוואוסט, אַז באַלד וועט זיך אַ שאָט טאָן מאַסן לוין־שניטן און פאַרערגערטע אַרבעט־באַדינגונגען, פונדעסטוועגן האָבן זיי גאָרניט געטאָן צוצוגרייטן די אַרבעטער צו דער אָנקומענדיקער קאַפּיטאַליסטישער אָפּענסיווע.

קאַפּיטאַליסטן הויבן אָן אָפענסיווע

פאַרשטייט זיך, אַז די קאַפּיטאַליסטן האָבן פרעך פאַרלעצט זייערע פאַר־פליכטונגען. דורך דער דיקער וואַנט פון דער פרעסע־צענזור האָבן זיך דאָ און דאָרטן דורכגעריסן באַריכטן פון טיפע לוין־שניטן און אָפּגעלייגטע מאַסן אַרבעטער. די א. פ. אָוו ל. פירער האָבן עס געמוזט שפּעטער צוגעבן. פונ־דעסטוועגן האָט פּרעזידענט וויליאַם גרין אין זיין באַריכט צום צוזאַמענפאָר פון דער א. פ. אָוו ל. אין 1930 זיך באַרימט אַז ער האָט מיטגעאַרבעט מיט די קאַפּיטאַליסטן.

„דורך ניט אויפהויבן פּראָבלעמען (אישוס) וואָס וואָלטן געקענט שטעלן אין אַ פאַרלעגנהייט, אָדער שטערן די פאַרזוכן און די באַמיאונגען צו גיין באַרג־אַרויף. יוניאָנס האָבן ווידער אַמאָל — האָט גרין זיך געגלעט איבערן בעקל — אַרויסגעוויזן זייערע מעטאָדן און זייער פאַרשטענדעניש פאַר דער געגנזייטיקער אָפּהענגיקייט פון זייערע אינטערעסן און די אינטערעסן פון דער געזעלשאַפט.“

די אַלטע באַנקראָטירטע טעאָריע פון געמיינשאַפטלעכע אינטערעסן צווישן אַרבעטער און קאַפּיטאַליסטן (די „געזעלשאַפט“ איז נאָר צוליב באַ־קוועמלעכקייט וועגן). דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס הויבט אָן אַ מעכטיקע אָפענסיווע אויף דעם ברויט און פוטער פון דעם אַרבעטער־קלאַס, אויף זיין סאַמע לעבן און די אָפיציעלע אַרבעטער־פירער קייען איבער ווי פּאַפּוגייען די שעדלעכע רייד פון קלאַסן־מיטאַרבעטערשאַפט, וואָס מיינט געבן די אַר־בעטער אָן אַ ווידערשטאַנד לוין־שניטן און ערגערע אַרבעט־באַדינגונגען.

די קאַפּיטאַליסטן האָבן ניט געהאַלטן זייער פאַרפליכטונג און די גרינס האָבן יאָ געהאַלטן, און זייער הייליק, זייער פאַרפליכטונג. די מעכטיקע קאַ־פּיטאַליסטישע אַטאַקע האָט באַגעגנט אַ קליינעם ווידערשטאַנד פון די אַר־בעטער הויפּטזאַכלעך צוליב די ענערגישע באַמיאונגען פון די יוניאָן־ביוראָ־קראַטן ניט צו דערלאָזן קיין סטרייקס. אַ צווייטע טעאָריע איז פון זיי אַרויס־געררוקט געוואָרן, אַז מען קען ניט סטרייקן אין אַ קריזיס, ווייל מען קען ניט געווינען, אַ טעאָריע וואָס איז פונקט אַזוי פאַלש און שעדלעך ווי די טעאָריע פון די געמיינזאַמע אינטערעסן צווישן אַרבעט און קאַפּיטאַל. די דערפאַרונגען פון די קאַמפן אין דעם קריזיס פון 1922 האָבן דעמאָנסטרירט, אַז אַרבעטער ווילן און זיינען גרייט אין פאַרלויף פון אַ קריזיס מיט סטרייקס אָפּצוהאַלטן דעם אָנגריף פון די קאַפּיטאַליסטן. די כוואַליע סטרייקס וואָס האָט זיך געטראָגן איבערן לאַנד זומער 1933 און האַרבסט 1934 איז אַ

קאטעגאָרישע אַפּליקאַציע פון אַט־דער טעאָריע. דער קריזיס איז זיכער ניט פאַריבער. די וואָרע־הייזער זיינען ווידער פאַרשטאָפּט געוועזן פון אומ־פאַרקויפטע סחורות, אָבער דער דראַנג פון די אַרבעטער ארויסצוטרעטן אין קאַמף צו פאַרבעסערן זייער לאַגע איז אומגעהויער געשטיגן. אונטער דעם דראַנג האָבן די א. פ. אָוו ל. פירער, דאָרטן וואו זיי האָבן זיך ניט געקענט העלפן, דערלויבט סטרייקס — און זיי גרעסטנטיילס פאַרשאַכערט, ווי דער גרויסער טעקסטיל־סטרייק אין סעפּטעמבער 1934. אין אַ סך פאַלן איז זיי געלונגען אָפּצוציען די קאַמף־גרייטקייט פון די אַרבעטער און אויסמיידן סטרייקס און צוזאַמען מיט די סטרייקס אויסמיידן געווינסן פאַר די אַרבעטער. אַזוי האָט פּאַסירט אין דער שטאָל־אינדוסטריע און אין דער אַטאָמאָביל־אינדוסטריע סוף 1933 און אָנהייב 1934. איןביידע אינדוסטריעס זיינען די א. פ. אָוו ל. פירער געווען אינסטרומענטאַל אין די הענט פון רוזוועלט און די מאַגנאַטן אויסצומאַנעווּרירן די אַרבעטער מיט דער הילף פון כיטרע אַרביטריישאָן־פּלענער.

וואָס אַנבאַלאַנגט די יאָרן 1930, 1931 און 1932, ווען די קאַפּיטאַ־ליסטישע אָפענסיווע האָט געשלאָגן הויך, האָבן די יוניאָנס פון דער טרייד־יוניאָן יוניטי ליג און עטלעכע אומאָפּהענגיקע יוניאָנס אָרגאַניזירט די אַר־בעטער און אָנגעפירט מיט זייער ווידערשטאַנד געגן די אַטאַקעס פון די אַרבעטגעבער. דער סטרייק פון 40 טויזנט קוילן־גרעבער אין פּענסילווייניע און אָהייאָ אין זומער 1930, דער קוילן־סטרייק אין קענטאָקי און טענעסי אין אָנהייב 1932, דער סטרייק פון צען טויזנט טאַבאַק־אַרבעטער אין טאַמפּאַ, פלאָרידאַ, נאָוועמבער 1931, דער סטרייק פון די שטאָל־אַרבעטער אין איימ־ברידזש, אין זעלבן יאָר, דער סטרייק פון 18 טויזנט אַגריקולטורעלע (בוריקעס) אַרבעטער, מאַי 1932, אין קאָלאָראַדאָ און נאָך — אַלץ קאַמפן וואָס האָבן געקאָסט מענטשלעכע קרבנות — האָבן דעמאָנסטרירט אַז די אַרבעטער זיינען גרייט צו קעמפן פאַר זייערע פונדאַמענטאַלע פאָדערונגען, אויב זיי האָבן נאָר די געהעריקע אָרגאַניזאַציע וואָס איז ווילִיק צו פירן זיי אין קאַמף.

די קאַפּיטאַליסטישע פּרעסע האָט אין די ערשטע קריזיס־יאָרן אויפגע־שפּילט דעם שטאַרקן פאַלן פון פּרייזן אויף אַלע סחורות און די גרויסע פאַר־לוסטן וואָס דאָס ברענגט דער אינדוסטריע, מיינענדיק די קאַפּיטאַליסטן. אַז אַרבעטער־פאַרדינסטן זיינען געפאַלן נאָך נידעריקער ווי די פּרייזן, האָבן מיר דערמאָנט פריער. וואָס אַנבאַלאַנגט די פאַרלוסטן, איז די פאָלגנדיקע טאַבעלע ווערט מען זאָל זי אויפמערקזאַם באַטראַכטן.

## א טאבעלע פון פארדינסטן און פון פראפיטן

די פעדעראלע ביורא פון אינערלעכן און אויסערלעכן האנדל האט דעם 21סטן יאנואר 1934 צוגעשטעלט דעם סענאט ציפערן וועגן פארדינסטן און פראפיטן אין די יארן 1929, 1930, 1931 און 1932. די לעצטע צוויי יארן זיינען געווען די שארפסטע אין קריזיס. די ציפערן זיינען זייער כאראקטעריסטיש. זיי אילוסטרירן דעם טיפן אונטערשייד צווישן פארדינסטן און פראפיטן. צום באדויערן, האט די פעדעראלע ביורא ווארשיינלעך באוואוסטזיניק ארייננערעכנט צווישן די פראפיטן אויך דעם איינקונפט פון די פארמער. די פארמער האבן אין קריזיס פארלארן נאענט צו צוויי־דריטל פון זייער איינקונפט. דאס מאכט דעם פארלוסט פון פראפיטן בכלל פיל גרעסער ווי אין דער ווירקלעכקייט. עס איז אויך נויטיק צו דערמאנען, אז ווען 1933 און 1934 זיינען מיט רוזוועלטס הילף געווארן יארן פון געשוואלענע פראפיטן פאר אלע קאפיטאליסטישע אונטערנעמונגען, זיינען זיי פארבליבן זייער מאגערע יארן פאר די לוין־ארבעטער און ניט־פארמעגלעכע פארמער. א טאבעלע פון די יארן 1933 און 1934 וועט נאך שארפער אונטערשטרייכן דעם אפגרונט צווישן פארדינסטן און פראפיטן.

ארבעטער־לוין אין א געקליבענער גרופע אינדוסטריעס

1929 — 17 ביליאן און 180 מיליאן דאלאר.
1930 — 14 ביליאן און 290 מיליאן דאלאר.
1931 — 10 ביליאן און 541 מיליאן דאלאר.
1932 — 6 ביליאן און 839 מיליאן דאלאר.

— א פארלוסט פון 60 פראצענט.

דיווידענטן אויסגעצאלט

1929 — 5 ביליאן און 63 מיליאן דאלאר.
1930 — 5 ביליאן און 795 מיליאן דאלאר.
1931 — 4 ביליאן און 311 מיליאן דאלאר.
1932 — 2 ביליאן און 599 מיליאן דאלאר.

— א פארלוסט פון 57 פראצענט.

פראצענטן אויסגעצאלט

1929 — 5 ביליאן און 687 מיליאן דאלאר.
1930 — 5 ביליאן און 826 מיליאן דאלאר.
1931 — 5 ביליאן און 662 מיליאן דאלאר.
1932 — 5 ביליאן און 506 מיליאן דאלאר.

— א פארלוסט פון דריי פראצענט.

איינקונפט פון ניט-אינקאָרפּאָרירטע געשעפטן, פאַרמעריי אַריינגערעכנט

1929 — 12 ביליאָן און 121 מיליאָן דאָלאַר.
1930 — 11 ביליאָן און 275 מיליאָן דאָלאַר.
1931 — 9 ביליאָן און 259 מיליאָן דאָלאַר.
1932 — 7 ביליאָן און 181 מיליאָן דאָלאַר.
— אַ פאַרלוסט פון 41 פּראָצענט.

(לייבאָר פעקט-בוק, צווייטער טייל.)

דער איינקונפט פון אייגנטום בכלל, אַריינרעכענענדיק פאַרמעריי, איז געפאַלן אין די דריי יאָר אויף אַכט און דרייסיק פּראָצענט.

דער איינקונפט פון די אינדוסטריעלע ארבעטער איז געפאַלן אין פאַרלויף פון די דריי יאָר אויף זעכציק פּראָצענט. לעבנס-קאָסטן זיינען אָבער געפאַלן נאָר אויף 25 פּראָצענט.

ווען מען רעכנט אַרונטער דעם פאַרלוסט פון די פאַרמער, וואָס האָבן געליטן אַ שניט פון אַרום 75 פּראָצענט אין זייער איינקונפט, פאַרבלייבט פאַר די קאַפּיטאַליסטן אַ פאַרלוסט פון 30 פּראָצענט פון זייער איינקונפט.

גלייכצייטיק איז ווערט צו פאַרצייכענען, אַז דער פּאַראַזיטישער קאַפּיטאַל וואָס לעבט פון פּראָצענטן, ווי מאָרטגעדזשעס און דאָס גלייכן, האָט אינגאַנצן פאַרלאָרן נישטיקע דריי פּראָצענט פון זיין ריזיקן איינקונפט. די וועלכע האָבן געקויפט ווערט-פּאַפּירן (באָנדס) פון די מאָרטגעדזש-קאָמפּאַניעס זיינען אינגאַנצן רואינירט געוואָרן.

אין דער געקליבענער גרופּע אינדוסטריעס זיינען אַריינגעגאַנגען קוילן און מעטאַל-מינען, אינדוסטריעס וואָס פּראָדוצירן פאַרטיקע סחורות, באַן-טראַנספּאָרט און וואַסער-טראַנספּאָרט.

די באָנדס פון די גרעסטע מאָרטגעדזש-קאָמפּאַניעס זיינען געזונקען ווי אין זאַמד, אָבער די דירעקטאָרן און די וועלכע קאָנטראָלירן די קאָמפּאַניעס, האָבן געמאַכט די זעלבע פּראָפיטן. שפּעטער האָט די פעדעראַלע רעגירונג אָנגעפּאָמפּעט אין די באַנקראָטירטע מאָרטגעדזש-קאָמפּאַניעס נייעם קאַפּיטאַל. די גרויסע קאַפּיטאַליסטן, צו וועמען די קאָמפּאַניעס באַלאַנגען, האָבן גאָרניט צוגעלייגט צו די שלעכטע צייטן און צו דעם זינקען פון ריל-עסטייט-ווערט.

דער מאַטעריעלער צושטאַנד פון דער אַרבעטער-באַפעלקערונג

אַן אָנגעזעענער עקאָנאָמיסט, פּראָפעסאָר ראָבערט ר. דאָן, האָט צונויפגעשטעלט אַ טאַבעלע פון דעם איינקונפט פון די פאַרשיידענע שיכטן פון דער

באַפעלקערונג וואָס זיינען אָנגעוויזן אויף לוין אָדער געהאַלטן. (אין דעם גייען אריין דאָקטוירים, אדוואָקאַטן, אינזשענערן און זייער גליכן). זיין אונטער-זוכונג האָט אים געבראַכט צום שלוס, אַז אין 1932 זיינען 80 פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג אין לאַנד געווען אונטער דעם צושטאַנד וואָס ער רופט באַקוועמער סטאַנדאַרד פון לעבן. זיינע ציפערן זיינען געבויט אויף אַ שטודיום פון די באַריכטן פון די פעדעראַלע סטאַטיסטישע אַגענטורן.

## איינקונפט אין די יאָרן 1929 און 1932

איינגעטיילט אין גרופּעס, לויט דער פּראָפּאָרציע פון דער גאַנצער באַפעלקערונג

| | יאָר 1929 | יאָר 1932 |
|---|---|---|
| פון $5,000 אַ יאָר און העכער — — | 0.48 פּראָצענט | 0.7 פּראָצענט |
| פון $5,000 ביז $25,000 — — — — | 2.97 פּראָצענט | 1.07 פּראָצענט |
| פון $3,000 ביז $5,000 — — — — | 6.17 פּראָצענט | 2.24 פּראָצענט |
| פון $2,000 ביז $3,000 — — — — | 13.41 פּראָצענט | 8.19 פּראָצענט |
| פון $1,500 ביז $2,000 — — — — | 15.82 פּראָצענט | 12.81 פּראָצענט |
| פון $1,000 ביז $1,500 — — — — | 18.80 פּראָצענט | 16.42 פּראָצענט |
| פון $600 ביז $1,000 — — — — | 22.35 פּראָצענט | 25.39 פּראָצענט |
| פון $600 און ווייניקער — — — — | 18.75 פּראָצענט | 22.44 פּראָצענט |
| אויף רעליף — — — — — — — | 1.20 פּראָצענט | 11.43 פּראָצ. *) |

פּראָפעסאָר דאָן באַטראַכט די גרופּע פון $1,000 ביז $1,500 אין דער קאַטעגאָריע פאַר דעם מינימום געזונט-צושטאַנד. די גרופּע פון $600 ביז $1,000 — אין דער קאַטעגאָריע פון „נאַקעטער" אויפהאַלטונג („בעיר סאָבסיסטענס") און די גרופּע פון $600 און ווייניקער—אין דער קאַטעגאָריע פון אָרעמקייט. וועגן די וועלכע האַלטן זיך אויף אויף רעליף איז דאָך אָפּגערעדט. אָרעמקייט איז פאַר זיי אָפּט אַ צו הויכער וואָרט.

פּראָפעסאָר דאָן קומט צום פאָלגנדיקן שלוס:

„אין 1929, אין דעם העכסטן יאָר פון פּראָספּעריטעט פון אַלע צייטן, האָבן העכער פערציק פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג זיך געפונען אין אַ

*) אין מערץ 1935, צוויי יאָר נאָך רוזוועלטס „אויפלעבונג"-פּראָגראַם, זיינען 22 מיליאָן, 350 טויזנט געווען אָנגעוויזן אויף רעליף, דאָס איז אַ זעקסט חלק פון דער גאַנצער באַפעלקערונג. דאָס מיינט נאָך ניט, אַז אַלע נויט-באַדערפטיקע אַרבעט-לאָזע האָבן געקראָגן רעליף.

צושטאַנד פון נאַקעטער אויפהאַלטונג און נידעריקער. אין 1932 האָבן פולע דרייַ-פערטל פון דער גרויסער אַמעריקאַנישער באַפעלקערונג זיך געפונען אויף דעם מינימום סטאַנדאַרד פון געזונט-צושטאַנד, אָדער נידעריקער.״ לייבאָר יאיר פעקט בוק 2, זייט 82.)

הונגער פאַרשפרייט, קינדער וואַלגערן זיך אויף די וועגן

וויפיל די קאַפּיטאַליסטישע פּרעסע, די פילמס און די איבעריקע גייסטיקע אַרויסהעלפער פון הערשנדיקן קלאַס האָבן ניט געזוכט צו מאָלן אַ העל בילד פון דער עקאָנאָמישער לאַגע אין לאַנד און פון דעם מאַטעריעלן צושטאַנד פון דער באַפעלקערונג, אינגאַנצן באַהאַלטן דעם שרעקלעכן אמת האָבן זיי ניט באַוויזן.

די פייערלעכע פאַרזיכערונג פון דער „ניו יאָרק טיימז״, אַז „קיין קינד הונגערט ניט אין אַמעריקע״, האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין אַ פּוסטע, ליגנערישע באַרימעריי. קינדער און דערוואַקסענע האָבן געליטן הונגער אין בוכשטעבלעכן זין פון וואָרט. דאָס פאַמיליע-לעבן, וואָס איז כלומרשט אַזוי פאַרהייליקט ביי דער בורזשואַזיע, איז צעריסן געוואָרן אין הונדערטער טויזנטער פאַמיליעס. אַ ריזיקע אַרמיי פון 17 מיליאָן אַרבעטלאָזע האָט שפּאַצירט איבער די גאַסן ניט פון וואוילטאָג. די וועלכע האָבן נאָך געהאַט אָפּגעשפּאַרטע געלט האָבן עס אויפגעגעסן אָדער באַגראָבן אין באַנקראָטירטע באַנקען און אין די געזונקענע ווערט-פּאַפּירן.

אַ פערטל מיליאָן מינדעריאָריקע פון ביידע געשלעכטן האָבן זיך אַרומגעשלעפּט אויף די וועגן און געגנבעט רייזעס אויף די פראַכט-באַנען. הונדערטער פון זיי זיינען אומגעקומען פון הונגער, קעלט און פון באַן-אומגליקן ביים אַרויפשפּרינגען און אַרונטערשפּרינגען פון די וואַגאָנעס. דער סקאַנדאַל מיט די היימלאָזע קינדער איז אַ לאַנגע צייט געהאַלטן געוואָרן אין געהיימניש פון דער באַפעלקערונג. ערשט די צוזאַמענשטויסן מיט די באַן-וועכטער און דעפּיוטי-שעריפס אין עטלעכע מערב-שטעט האָט אויפגעדעקט דעם פאַקט, אַז אין דער געבענטשטער אַמעריקע, וואָס ליידט פון אַן איבערפּראָדוקציע״ פון שפּייז, קליידער און הייזער, וואַלגערן זיך אַזוי פיל קינדער אָן שפּייז, אָן קליידער און אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ, שוין ניט רעדנדיק פון אַ שולע.

זעלבסטמאָרדן פון אַרבעטלאָזע זיינען געוואָרן אַ טעגלעכע פאַסירונג. פון אָנהייב האָבן נאָך די צייטונגען געגעבן ערגעץ פאַררוקט עטלעכע שורות, אַז אַ מענטש איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד פון הונגער אָדער אַז אימיצער איז געפונען געוואָרן פאַרחלשט פון הונגער. ווען די זעלבסטמאָרדן און דאָס

חלשן זיינען געוואָרן צו אָפּט, האָבן די צייטונגען געגעבן אינסטרוקציעס זייערע רעפּאָרטערס ניט צו דערמאָנען די אורזאַכן פון זעלבסטמאָרד. דאָס זעלבע האָבן זיי געטאָן מיט די פאַרחלשטע. אומעטום זיינען אריינגעשטעלט געוואָרן די זעלבע ווערטער: אורזאַך פון זעלבסטמאָרד אומבאַשטימט.

זעלבסטמאָרדן שטייגן, געזונט־צושטאַנד פון ארבעטלאָזע אונטערגעריסן

דער סטאַטיסטיקער פרעדעריק ל. האָפּמאַן האָט כאַראַקטעריזירט די זעלבסטמאָרדן ווי „דער רעזולטאַט פון פינאַנציעלער און אינדוסטריעלער דעפּרעסיע". קיין אַנדער כאַראַקטעריסטיק קען ניט זיין. די ציפערן פון זעלבסטמאָרדן וואָס האָפּמאַן האָט צונויפגעקליבן גיבן אַ בילד פון דער שרעקלעכער פאַרצווייפלונג צו וועלכער פיל טויזנטער מענטשן זיינען געטריבן געוואָרן.

אין 1931 זיינען 20,088 מענטשן באַגאַנגען זעלבסטמאָרד.

אין 1932 זיינען אַרום 23,000 מענטשן באַגאַנגען זעלבסטמאָרד.

אין הונדערט אַמעריקאַנישע שטעט איז דער פּראָצענט זעלבסטמערדער געשטיגען צווישן 1931 און 1932 פון 20 מענטשן פאַר יעדע הונדערט טויזנט ביז 21.3 פאַר יעדע הונדערט טויזנט מענטשן. אין 1933, אַ דאַנק דעם דערפּאָלגרייכן קאַמף פאַר רעליף, איז די צאָל זעלבסטמאָרדן געפאַלן אויף זעקס און אַ האַלב פּראָצענט. אין 1934 איז די צאָל זעלבסטמערדער ווידער געשטיגן אומגעפער אויף צען פּראָצענט.

אין 1932, ווען די מערסטע שטאָט־רעגירונגען זיינען שוין געצוואונגען געווען דורך אומצייליקע מאַסן־דעמאָנסטראַציעס, געפירט פון די אַנעמפּלאָיד קאָונסילס (ארבעטלאָזע ראַטן) צו מאַכן די ערשטע אַסיגנירונגען צו שפּייזן די הונגעריקע, איז די גרעסטע און רייכסטע שטאָט אין לאַנד — און מעגלעך אין דער וועלט — געווען אַ שטאָט וואו ארבעטלאָזע זיינען געשטאָרבן פון הונגער. אַ קורצער באַריכט אין דער „בעטער טיימז" („בעסערע צייטן") פון מערץ 6, 1933, ארויסגעגעבן פון דעם וועלפעיר קאָונסיל אין ניו יאָרק (אַ צענטראַלע קערפּערשאַפט פון די פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס), האָט זיך געלייענט:

„32 מענער און פרויען זיינען געשטאָרבן פון הונגער אין דער רייכסטער שטאָט אין דער וועלט אין 1932 ! כאָטש 80 מיליאָן דאָלאַר איז אויסגעגעבן געוואָרן אין פאַרלויף פון יאָר פאַר רעליף.

„81 מענטשן זיינען געבראַכט געוואָרן אין שטאָטישע האָספּיטאַלן געפער-

לעך קראַנק פון הונגער. אין דעם צעטל גייען ניט אַריין די קראַנקע וואָס האָבן פאַרלאָרן די מעגלעכקייט צו פאַרדינען עסן אָדער די וועלכע זיינען דיאַגנאָזירט געוואָרן ווי מענטשן וואָס ליידן פון שלעכטער אָדער פון ווייניק שפּייז.

„צווישן די פאַרהונגערטע און ערנסט קראַנקע זיינען געווען קינדער אין זייערע פריסטע יאָרן, יונגע מענטשן, קוואַליפיצירטע אַרבעטער, מענער, פרויען, און אומקוואַליפיצירטע.” (לייבאָר פעקט בוק, 2טער טייל, זייט 97.)

אין דער צווייטער גרעסטער שטאָט אין לאַנד, שיקאַגאָ, האָבן דער־וואַקסענע און מינדעריאָריקע אַרבעטלאָזע זיך געראַיעט אין די אָפּפאַל־קאַסטנס צו זוכן אַ שטיקל האַרטע ברויט, צעפוילטע פרוכט און דאָס גלייכן. ענלעכע בילדער האָט מען געזען אין אַנדערע שטעט. צום טויט פאַר־הונגערטע מענטשן זיינען געפונען געוואָרן אויף די גאַסן פון ניו יאָרק און אַנדערע שטעט אויך מאַנאַטן־לאַנג נאָכדעם ווי רוזוועלטס נייער דיל (דאַליע) איז געווען אין קראַפט.

הערי ל. האָפּקינס, פעדעראַלער רעליף־אַדמיניסטראַטאָר, האָט אין זיין דערקלערונג דעם 12טן יאַנואַר, 1934, צוגעגעבן אַז „די קינדער האָבן געליטן מער פון אַלעמען אין דער דעפּרעסיע”. די פעדעראַלע רעגירונג האָט אויס־געמיטן צו זאַמלען ציפערן וועגן דער צאָל קינדער וואָס הונגערן. פון דער אונטערזוכונג וואָס פילאַנטראָפּישע אָרגאַניזאַציעס האָבן דורכגעמאַכט קען מען קריגן אַ שטיקל באַגריף ווען די ליידן פון די קינדער.

דער פּראָצענט פון קינדער פון שול-עלטער אָדער אינגער וואָס האָבן געליטן פון שפּייז-מאַנגל אין 1932

| | |
|---|---|
| מאַנהעטן — — — — — — — — — — | 21.1 פּראָצענט פון אַלע קינדער |
| בראָנקס — — — — — — — — — — — | 23.4 פּראָצענט פון אַלע קינדער |
| ברוקלין — — — — — — — — — — | 20. פּראָצענט פון אַלע קינדער |
| איסט האַרלעם — — — — — — — — — | 24. פּראָצענט פון אַלע קינדער |
| פילאַדעלפיע — קינדער פון שול-עלטער — | 42 פּראָצענט פון אַלע קינדער |
| אינגער פון שול-עלטער — — — — — | 23 פּראָצענט פון אַלע קינדער |
| פענסילווייניע פאַרם-געגנט — — — — — — | 31 פּראָצענט פון אַלע קינדער |
| מאַסאַטשוזעטס — — — — — — — — — | 19 פּראָצענט פון אַלע קינדער |
| אין דער קוילן-געגנט — — — — פון 50 ביז | 90 פּראָצענט פון אַלע קינדער |

די פאַרזיכערונגען פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּרעסע, אַז דער געזונט־צושטאַנד פון דער באַפעלקערונג ווערט בעסער פון יאָר צו יאָר, ניט געקוקט

אויף דער דעפרעסיע, איז געווען אזוי אמת ווי די פארזיכערונג אז קיין קינדער הונגערן ניט אין דעם געבענטשטן לאנד. די פעדעראלע געזונטהייט-אפטיילונג האט געהאלפן די ציימונגען צו פארשפרייטן די ניט-געשטויגענע, אפטימיסטישע באריכטן. אין דער ווירקלעכקייט האט דער לאנגער קריזיס אונטערגעריסן דעם געזונט-צושטאנד פון די מיליאנען ארבעטלאזע און זייערע פאמיליעס. די ציפערן, געזאמלט פון די פארשיידענע פילאנטראפישע ארגאניזאציעס צו וועמען די ארבעטלאזע האבן זיך געווענדעט נאך הילף, האבן גשטעמפלט די פארזיכערונגען פון די ציימונגען פאר איינפאכע ליגנס. 18 פראצענט פון אלע פרויען אין ניו יארק, וואס האבן זיך געווענדעט אין 1932 נאך הילף, האבן געליטן פון נערוועזע קראנקהייטן, לויט דעם באריכט פון דער עמוירדזשענסי אנעמפלאיד סוירוויס (נויטפאל-הילף), ארגאניזירט אין 1933 פון דער פעדעראלער רעגירונג נאך אלע הונגער-מארשן און דעמאנסטראציעס.

די אונטערזוכונג פון דעם מילבאנק-פאנד, געפירט פון א באוואוסטן געזונטהייט-ספעציאליסט, דר. סיידענסטריקער, האט ארויסגעבראכט, אז דער פראצענט קראנקע אין ארבעטלאזע פאמיליעס איז מיט 49 פראצענט העכער ווי אין פאמיליעס וואס האבן געהאט א ברויט-פארדינער און מיט 25 פראצענט העכער אין די פאמיליעס וואו דער ברויט-פארדינער האט געארבעט ניט קיין פולע וואכן. די אונטערזוכונג איז אנגעפירט געווארן אין דריי אינדוסטריעלע שטעט: דעטראיט, פיטסבורג און בירמינגהעם, אלאבאמא. דער זעלבער דר. סיידענסטריקער האט אויך אנגעוויזן אז די ציפערן וועגן טויט-פאלן שפיגלען ניט אפ דעם פארערגערטן געזונט-צושטאנד. עס נעמט יארן ביז וואנען א סיסטעמאטישער הונגער און נויט רופט זיך אפ דורך א פארגרעסערטער צאל טויט-פאלן. דער ערשטער און אוממיטלבארער רעזולטאט איז קראנקהייטן, וואס מאכן דעם מענטשן אומפייאיק צו ארבעטן ווען אפילו ער קריגט שוין יא ארבעט.

די ניו יארקער אסאסיאיישאן צו העלפן די ארעמע האט אויסגעפונען, אז צווישן די ארבעטלאזע פאמיליעס זיינען קראנקהייטן געוואקסן אויף 83 פראצענט צווישן 1930 און 1932. באזונדערס שווער איז געווען די לאגע פון די ארבעטלאזע אויף דעם נידעריקערן טייל פון דער איסט סייד (מזרח-געגנט), וואו עס וואוינען ארעמע אידן, איטאליענער, נעגערס א. א. דער פראצענט טויט-פאלן איז ביי זיי געוואקסן פון 70 פון יעדע טויזנט איינוואוינער אין 1930 אויף 129 אין 1932, א העכערונג פון 38 פראצענט.

מאסן־ארויסזעצונגען; ארבעטלאָזע שלאָפן אין די פּאַרקן

די גרויסע ארבעטלאָזיקייט איז באַלד געוואָרן מיט מאסן־ארויס־זעצונגען פון פאמיליעס.

אין ניו יאָרק זיינען אין פארלויף פון די אכט מאָנאטן וואָס האָבן זיך געענדיקט דעם 30סטן יוני, 1932, ארויסגעגעבן געוואָרן 185,794 דיס־פּאָזעסעס (געריכט־אנטשיידונגען ארויסצוזעצן דעם שכן). נאָר 70 טויזנט פאמיליעס זיינען געראטעוועט געוואָרן פון ארויסזעצונג, לויט דעם זעלבן באריכט.

אין פילאדעלפיע זיינען ארויסגעגעבן געוואָרן פיל צענדליקער טויזנטער דיספּאָזעסעס, לויט די באריכטן פון די פילאנטראָפּישע אָרגאניזאציעס. די מערסטע פאמיליעס האָבן זיך געראטעוועט מיט דער ענערגישער הילף פון דעם ארבעטלאָזן קאונסיל, וואָס האָט אָרגאניזירט מאסן־דעמאָנסטראציעס און מאסן־ווידערשטאנד געגן די ארויסזעצונגען. אָבער 28 טויזנט פאמיליעס זיינען ארויסגעוואָרפן געוואָרן פון זייערע וואוינונגען איידער די באוועגונג פון ארבעטלאָזן קאונסיל האָט זיך פארשפּרייט.

אין שיקאַגאָ זיינען נאָענט צו פיר טויזנט פאמיליעס ארויסגעזעצט געוואָרן אין דעם צווייטן העלפט פון 1932. שפּעטער איז דער ארבעטלאָזער קאונסיל געווען אזוי דערפאָלגרייך אין זיין קאמפּאניע, אז די לענדלאָרדס האָבן געמוזט אויפגעבן די ארויסזעצונגען. א לאנגע צייט האָבן די ארבעט־לאָזע פאמיליעס אויפגעהערט זיך צו שרעקן, אז זיי וועלן ארויסגעוואָרפן ווערן אויפן גאס.

דאָס מיינט ניט צו זאָגן, אז אַלע ארבעטלאָזע האָבן געהאט א דאך איבערן קאָפּ. אין די צענדליקער טויזנטער האָבן זיך ארבעטלאָזע געוואלגערט אין די שמוציקע נאכט־הייזער וואָס די שטאָט־רעגירונגען האָבן געעפנט. דער נאָמען „פלאָפּ”־הייזער, וואָס די אומזיסטע נאכטלעגערס האָבן געקראָגן, האָבן אויסגעדריקט דעם טיפן ווידערגעפיל וואָס די ארבעטלאָזע האָבן געהאט צו די נעסטן פון שמוץ און קעלט.

זומער זיינען אַלע פּאַרקן געווען איבערפולט מיט ארבעטלאָזע, וואָס זיינען געשלאָפן אויפן גראָז דאָרטן וואו פּאָליציי האָט עס דערלויבט. אָבער אפילו אין קאַלטע ווינטער־נעכט האָט מען געקענט זען אין אַלע שטעט ווי ארבעטלאָזע ליגן אין די אריינגאנגען פון הייזער צוגעדעקט מיט אַלטע צייטונגען. דאָרטן וואו פון טראָטואר האָט געשלאָגן א וואַרימקייט פון דער פּאַרע פון א קעסל אין א קעלער פון א הויז, איז מען אַלע מאָל געווען זיכער

צו געפינען א פאר מענטשן אויסגעצויגן אויף דעם „ווארעמען ארט" אין די ווינטער-נעכט.

די פראדוקציע איז סיסטעמאטיש געפאלן, מיט א קורצן אויסנאם פון זומער 1933. צווישן יולי 1929 און מערץ 1933 איז די שטאל-פראדוקציע געפאלן אויף 86 פראצענט אונטער די פראדוציר-מעגלעכקייטן, צעמענט — אויף 65 פראצענט, בוי-קאנטראקטן זיינען געפאלן אויף 78 פראצענט. די פראדוקציע פון הארטע קוילן איז געזונקען אויף העלפט. די געהילץ-פראדוקציע האט דערגרייכט דעם נידעריקסטן גראד פאר די לעצטע 60 יאר.

זומער 1933 און 1934 און טיילווייז אויך אנהייב 1935, האבן די וויזערס פון דער פראדוקציע זיך א ביסל געהויבן. די נאענט צו זיבן ביליאן דאלאר וואס די רוזוועלט-רעגירונג האט ארייגעפאמפעט די גרויסע קאפיטאליסטן דורך אירע „אויפלעבונג"-אינסטיטוציעס, האט געשאפן א צייטווייליקע פארגרעסערונג פון דער פראדוקציע, ניט פון א שטענדיקן און ווייט פון א דויערהאפטיקן כאראקטער. ווי האט די צייטווייליקע פארבעסערונג געווירקט אויפן ארבעטער-קלאס?

ארבעט-סעקרעטאר, מאדאם פוירקינס, וועמענס אמטלעכע אויפגאבע פארלאנגט אומאויפהערלעכן אפטימיזם און די פארשפרייטונג פון פרײלעכע ציפערן, האט אבער געמוזט צוגעבן, אז די לאגע פון די באשעפטיקטע ארבעטער איז אומפארגלייכלעך ערגער געווען אין 1933 ווי פארן קריזיס. זי האט זיך ניט געקענט העלפן צו דערקלערן, אז „אנשטאט יעדע 10 דאלאר וואס די ארבעטער האבן געקראגן אויסגעצאלט אין 1926, האבן זיי געקראגן אויסגעצאלט אין יוני 1933 נאר 4.31. דאס איז א פארקלענערונג פון נאענט צו זעכציק פראצענט. און יוני 1933 איז געווען צווישן די העכסטע זומער-מאנאטן אין פראדוקציע זינט רוזוועלט איז אריין אין ווייסן הויז.

דער צייטווייליקער הויב אין פראדוקציע, זומער 1933, האט נאר אויף א קליינעם גראד פארקלענערט די ארבעטלאזיקייט. אזוי צום ביישפיל איז די פראדוקציע פון שטאל-באלקעס אין מאי 1933 געווען מיט 105 פראצענט העכער ווי מאי 1932, אבער דער סך הכל פון ארבעט-שטונדן איז געשטיגן אינגאנצן אויף 40 פראצענט און די צאל צוגעקומענע ארבעטער האט באטראפן די נישטיקע צאל פון 2.6 פראצענט. דער אלגעמיינער לוין פון די ארבעטער איז געהעכערט געווארן אויף 25 פראצענט ווייניקער פון דער צאל פארגרעסערטע ארבעט-שטונדן. די ציפערן אילוסטרירן וואס ראציאנאליזאציע און יאגעניש האבן אויפגעטאן. די שטאל-אינדוסטריע און די איבעריקע אינדוסטריעס האבן אין פארלויף פון די ערשטע קריזיס-יארן

נאָכאַנאַנד פאַרבעסערט זייער אויסשטאַטונג, איינגעפירט אַרבעט־פאַרשפּאָרנ־דיקע מאַשינען און הויפּטזאַכלעך דער טעמפּאָ פון דער אַרבעט איז אומ־געהויער פאַרשנעלערט געוואָרן. אין אַזוינע באַדינגונגען האָט דער אינדעקס (אָנצייגער) פון דער פּראָדוקציע אויפגעהערט צו זיין דער באַראָמעטער פון דער גרויס פון באַשעפטיקונג. פּראָדוקציע קען שטייגן און די צאָל באַ־שעפטיקטע אַרבעטער זאָל זיך קוים רירן פון אָרט. נאָר ווען דער אַרבעט־טאָג וועט שטאַרק רעדוצירט ווערן, וועט אַ פאַרגרעסערטע פּראָדוקציע אָפּ־רופן זיך מיט אַ שטייגנדיקער באַשעפטיקונג. דערפון שטאַמט דער לאָזונג פון דרייסיק שטונדן, וואָס די יוניאָנס האָבן אַרויסגעשטעלט זומער 1934. אַזאַ געזעץ־פּראָיעקט איז אַריינגעטראָגן געוואָרן אין קאָנגרעס און איז דאָרטן פאַרבליבן.

### דער טעקסטיל־סטרייק און דער מיינער־סטרייק אין דרום

די פעסטע פּאָליטיק פון די אַ. פ. אָוו ל. פירער אין די פּראָספּעריטעט־יאָרן אויסצומיידן סטרייקס אויפן חשבון פון די אַרבעטער־פאָדערונגען, איז דערפירט געוואָרן צו אַ פולשטענדיקן פאַרבאָט אין די יאָרן פון קריזיס. די הויכע אַ. פ. אָוו ל. באַאַמטע האָבן זיך געאיילט צו ליקווידירן די עטלעכע סטרייקס וואָס האָבן זיך נאָכגעשלעפּט נאָך זיי פון ערב דעם קריזיס. אַזעלכע סטרייקס זיינען פאָרגעקומען אין די דרום־שטאַטן אין די צוויי „קראַנקע" אינדוסטריעס, טעקסטיל און קוילן.

די בוואַליע סטרייקס אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע אין דרום, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט גאַסטאָניאַ אין 1929, האָט זיך אַריבערגעקייקלט אין דענוויל, ווירדזשיניאַ, בעסעמער סיטי, נאָרט קאַראָליינאַ און עליזאַ־בעטאָן, טענעסי. דער גרעסטער סטרייק איז פאָרגעקומען אין דענוויל, אַ וויכ־טיקער טעקסטיל־צענטער. די אַרבעטער האָבן געוואָרפן די אַרבעט אין פּראָטעסט געגן אַ לוין־שניט פון צען פּראָצענט. די יונייטעד טעקסטיל וואָירקערס און די אַ. פ. אָוו ל., וואָס האָבן מיט אַ יאָר פריער פּראָקלאַמירט אַ גרויסע אָרגאַניזאַציע־קאַמפּאַניע אין די דרום־שטאַטן, האָבן ניט געהאַט דעם מינדעסטן פאַרלאַנג „פּאַרוויקלט צו ווערן" אין לאַנגע סטרייקס אין אָנהייב פון קריזיס. זיי האָבן געשלאָסן אַ געהיימע פאַרשטענדיקונג מיט די פאַבריקאַנטן, וואָס האָט געבראַכט צום פאַרלוסט פון סטרייק און פון דער יוניאָן. די יונייטעד איז פאַרשוואונדן געוואָרן אין דרום ביז זומער 1933.

אָנהייב 1930 האָט די יונייטעד מיין וואָירקערס געפירט אַ סטרייק אין

הארלאן, קענטאקי. דער אויסדרוק „געפירט א סטרייק״ איז ווייט פון פינקט־לעכקייט. די יונייטעד האט זיך באוויזן אין 1930 צווישן די קוילן־פעלדער פון קענטאקי, איינער פון די אפגעשטאנענסטע קוילן־צענטרען, און האט אנגעהויבן טאן ארגאניזיר־ארבעט. די קוילן־גרעבער, אויסגעהונגערט און אונטערדריקט פון די באוואפנטע קאמפאניע־וועכטער, האבן זיך אנגעכאפט אין דער יוניאן ווי אין א דערלייזער. מיט גרויס אנשטרענגונג האבן די קוילן־גרעבער געזאמלט די סומע וואס האט זיך געפאדערט צו ווערן א מיט־גליד אין דער יוניאן. כאטש עס האט באטראפן ניט מער ווי א דאלאר, אבער א קוילן־גרעבער אין דרום זעט זעלטן אן א מטבעה. ער קריגט באצאלט אין קאמפאניע־פאפירלעך (סקריפ) און איז שטענדיק אין שולדן ביי דער קאמפאניע.

די קוילן־גרובן אין הארלאן קאונטי ווערן קאנטראלירט אין א גרויסער מאס פון שטאל־טראסט. אזוי שנעל ווי די מינען־אויפזעער האבן אויס־געפונען אז די ארבעטער האלטן אפ פארזאמלונגען אין די וועלדער און בא־לאנגען צו א יוניאן, האבן זיי גענומען ארויסווארפן די טעטיקע יוניאן־מיטגלידער. די קוילן־גרעבער, מיט דעם באוואוסטזיין אז זיי זיינען אנ־געשלאסן אין א יוניאן, האבן געענטפערט מיט א סטרייק. דער סטרייק האט זיך שנעל פארשפרייט איבער דער גאנצער קאונטי און האט אויך ארומגעכאפט א סך מינען אין דער שכנותדיקער בעל קאונטי.

די פירער פון דער יונייטעד מיין וואירקערס האבן זיך פון אנהייב ניט געקענט העלפן. עטוואס שפעטער, ווען דער סטרייק האט אנגענומען א בלוטיקן כאראקטער, האבן זיי זיך אויף א שענדלעכן אופן צוריקגעצויגן און איבער־געלאזט די סטרייקער אויף זייער אייגענעם באראט.

### דער סטרייק פון די קוילן־גרעבער אין הארלאן, קענטאקי

דער סטרייק אין הארלאן האט געעפנט א נייעם שיכט אין דער אר־בעטערשאפט, א שיכט וואס איז געווען רוי און אפגעשטאנען. אזוי שנעל ווי אט־די רויע, אפגעשטאנענע ארבעטער האבן זיך אנגעשטויסן אויף א שטיק קלאסנקאמף, האט פון זיי א שלאג געטאן מיט א קוואל פון מילי־טאנטישקייט און אנטשלאסנקייט. אין דעם הינזיכט איז דער טעקסטיל־סטרייק אין גאסטאניא און דער ערשטער און צווייטער סטרייק אין די קוילן־פעלדער אין קענטאקי געווען ווי אן אקעראייזן וואס גראבט טיף מיט זיינע ציינער אין ניט־באארבעטער ערד. די ערד איז אויפגעגאנגען אין גרויסע ארבעטער־קאמפן. די שפראצונגען זיינען געקומען שפעטער.

די סטרייקער אין די פּאַרוואָרפענע בערג־קעמפּס האָבן אַרויסגעוויזן אַ שטייפן ווידערשטאַנד די באַוואָפנטע מערדער וואָס די קוילן־קאָמפּאַניעס באַשעפטיקן צו טעראָריזירן די אַרבעטער. אין איין פּלאַץ האָבן די סטרייקער דערשאָסן דריי וועכטער וואָס זיינען אַרומגעפאָרן אין אַטאָמאָבילן צו זוכן פאַרזאַמלונגען פון סטרייקער. די באַוואָפנטע וועכטער האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער בלוטדורשטיקייט. זיי זיינען געווען גרעסטנטייל פון דער אונטערוועלט אין שיקאַגאָ.

אָן אַ פירערשאַפט און אָן די מינדעסטע מיטלען זיך אויפצוהאַלטן — די סטרייקער האָבן אפילו ניט געהאַט קיין איין מאָלצייט פאַר זייערע פאַמיליעס — נאָך עטלעכע מאָנאַטן וואַלגערן זיך אין ביידלעך, איז דער סטרייק אויפגעגעבן געוואָרן. פופצן הונדערט קוילן־גרעבער זיינען געשטעלט געוואָרן אויף דער שוואַרצער ליסטע און האָבן מער ניט געקענט קריגן קיין טאָג אַרבעט. די אָרטיקע פירער פון דער יוניאָן, 41 אין צאָל, זיינען געשטעלט געוואָרן צום געריכט פאַר דעם מאָרד פון די דריי וועכטער. זיי זיינען געפונען געוואָרן שולדיק און פאַראורטיילט געוואָרן צו לאַנגע טערמינען טורמע. דער פּאָרזיצער פון דער אָרטיקער יוניאָן, אַ קוילן־גרעבער 69 יאָר אַלט, איז פאַראורטיילט געוואָרן צו צוואַנציק יאָר טורמע.

נאָכדעם ווי די יונייטעד מיין וואָירקערס האָבן זיך אָפּגעטראָגן פון קענטאָקי, האָבן זיך דאָרטן באַוויזן די א. וו. וו. (אינדאַסטריעל וואָירקערס אָוו די וואָירלד), אָבער מער ווי אַ קליינעם טומל האָבן זיי ניט פאַראורזאַכט. די נעשאָנאַל מיינערס יוניאָן האָט איבערגענומען די פירערשאַפט פון די קאַמפּן אין קענטאָקי.

דער סטרייק פון 40,000 מיינערס אין פענסילווייניע, געפירט פון דער נעשאָנאַל מיינערס יוניאָן

נאָך איידער דער סטרייק אין קענטאָקי איז אויפגעגעבן געוואָרן, איז די נעשאָנאַל מיינערס יוניאָן, געגרינדעט אין 1929, אריינגעטראָטן אין קענטאָקי צו אָרגאַניזירן די מיינער אין אַ נייעם קאַמף געגן הונגער־לוין און טעראָר.

פריער, זומער 1931, האָט די נעשאָנאַל מיינערס יוניאָן געפירט אַ גרויסן סטרייק פון קוילן־גרעבער אין דער ווייכער קוילן אינדוסטריע אין פענסילווייניע און אָהייאָ. דער סטרייק איז געשטאַנען אויף אַ הויכן גראַד מיליטאַנטישקייט און סאָלידאַריטעט. די אַרבעטער פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן, ווייסע און שוואַרצע, האָבן זיך פעסט געהאַלטן צוזאַמען.

דער סטרייק איז דערקלערט געווארן דעם 28סטן מאי, נאכדעם ווי די ארבעטער אין עטלעכע וויכטיקע מינען האבן אליין געווארפן די ארבעט. די יוניאן איז ניט געווען צוגעגרייט פאר אזא מאסן־קאמף, וואס איז פאקטיש ארויפגעצוואונגען געווארן פון די ארבעטער אליין. דער גאנצער לינקער פליגל איז מאביליזירט געווארן צו הילף די סטרייקער. דאס אליין איז געווען אן אפלייקענונג, אז ארבעטער ווילן ניט סטרייקן אין א קריזיס.

די קוילן־באראנען האבן אנגעווענדעט מיט א פרייער האנט זייערע אויסגעפרובירטע מיטלען פון טעראר און פארפאלגונג. די פיקעט־ליניעס זיינען אנגעגאנגען געגן די מאביליזירטע שטאט־קאזאקן און דעפיוטי־שעריפס



פיקעט-ליין פון פענסילווייניע מיינערס

און די פריוואטע ארמייען פון די קאמפאניעס. צוויי סטרייקער זיינען דערשאסן געווארן. איין פריינטלעכער, קליינער געשעפטסמאן איז דערשאסן געווארן אויף די שטיגן פון זיין הויז. טויזנטער מיינערס זיינען ארויסגעזעצט געווארן פון די קאמפאניע־הייזער. די ווענן זיינען אפגעשלאסן געווארן פון די שטאט־קאזאקן און קיינער האט ניט געקענט צוקומען צו א גרויסער קוילן־גרוב. זופ־קיכן זיינען אויפגעריסן געווארן און א סך סטרייקער זיינען געווארפן געווארן אין טורמע. אבער די סטרייקער האבן זיך געהאלטן

מוטיק. אנשטרענגונגען זיינען געמאכט געוואָרן פון דער אינטערנאַציאָנאַלער ארבעטער - הילף (דאָבליו־אי־אר) צו שפייזן די סטרייקער און זייערע פאַמיליעס.

דאָ האָט זיך אָבער אריינגעמישט די יונייטעד מיין וואָירקערס. די קוילן־קאָמפּאַניעס האָבן געבראַכט די פירער פון דער יונייטעד, געשלאָסן מיט זיי אַן אָפּמאַך און געעפנט די מינען אויף כלומרשטע יוניאָן־באַדינגונגען. גליכצייטיק איז דער טעראָר פארשטאַרקט געוואָרן.

די פירער פון דער יונייטעד זיינען געווען פארהאַסט צווישן די קוילן־גרעבער. די יונייטעד האָט פּאַקטיש ניט עקזיסטירט אין וואַשינגטאָן, מאַר־לאַנד און פעיעט קאונטיס, די וויכטיקסטע צענטערען פון דער ווייכער קוילן־אינדוסטריע. אָבער צו שעדיקן א לאַנג־פאַרצויגענעם, בלוטיקן סטרייק, וואָס האָט געהאַט אַלע שאַנסן געוואונען צו ווערן, אויף דעם האָבן לואיס, פעיגען און די איבעריקע דיסקרעדיטירטע נאַציאָנאַלע און געגנט־פירער פון דער יונייטעד, פאַרמאָגט כח און ענערגיע.

דער שרייבער פון דער געשיכטע איז אָנוועזנד געווען א זונטיק אין מיטן יולי אין וואַשינגטאָן קאונטי, ווען פינף טויזנט מיינערס האָבן אָפּ־געבראָכן א פאַרזאַמלונג וואָס פעיגען, דיסטריקט־פּרעזידענט פון דער יו־נייטעד, האָט פאַררופן איינצורעדן די סטרייקער זיך צוריקקערן צו דער ארבעט און אָננעמען דעם אָפּמאַך וואָס זיין מאַשין האָט געשלאָסן מיט די קוילן־קאָמפּאַניעס, אַן אָפּמאַך וואָס וועט סיי ווי סיי בלייבן אויף פּאַפּיר. פינף יוניאָן־טוער זיינען ארעסטירט געוואָרן פון די שטאַט־קאָזאַקן פאַר „העצן צו אומרוען". זיי זיינען פאַראורטיילט געוואָרן צו פון דריי ביז פינף יאָר.

דער אָפּמאַך מיט דער יונייטעד האָט געגעבן דער שטאַט־רעגירונג א בעסערן אויסרייד צו אונטערדריקן דעם סטרייק. פּיקעטן איז אינגאַנצן פאַר־באָטן געוואָרן און די ליפערונג פון שפּייז איז געשטערט געוואָרן. דער סטרייק האָט געמוזט צוריקגערופן ווערן. אייניקע קאָמפּאַניעס האָבן אָבער גע־שליכטעט מיט די קאָמיטעס פון זייערע ארבעטער.

הער צווייטער קענטאָקי־סטרייק געפירט פון דער נ. מ. יוניאָן

פון ניט זייער קיין גרויסן פארנעם לויט דער צאָל ארבעטער, אָבער פון א גרויסער באַדייטונג לויט זיינע מעגלעכקייטן איז געווען דער צווייטער קוילן־סטרייק אין בעל קאונטי, קענטאָקי, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין פעברואַר 1931.

אויך דאָ איז דער דראַנג פון די אַרבעטער צום סטרייק געווען אַזוי אימפּעטיק, אַז די יוניאָן האָט פּאַקטיש געמוזט זיך אונטעראײַלן און אײַנשטימען צו אַ סטרייק, כאָטש עס איז ניט געווען גענוג צײַט צו באַפעסטיקן זיך אין די מינען און מאַכן די געהעריקע צוגרייטונג צו דעם סאָרט קאַמף וואָס איז אומפאַרמײַדלעך אין די בערג פון קענטאַקי און טענעסי. אין יאַנואַר איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן די קאָנפערענץ פון די מיינער און אַ מאָנאַט שפּעטער איז דערקלערט געוואָרן דער סטרייק.

דער סטרייק איז געווען דער ערשטער אין דעם געגנט (אין די נײַנציקער יאָרן האָבן די נייטס אָוו לייבאָר געפירט אַ קלענערן קאַמף אין טענעסי). די אַרבעטער האָבן ניט געהאַט קיין אַנונג פון סטרייק-מעטאָדן און טאַקטיק. מען האָט זיי באַדאַרפט לערנען ווי קינדער. זיי האָבן אָבער געוואוסט, אַז זייער לאַגע איז שרעקלעך און האָבן פאַרמאָגט דעם ווילן און מוט זייער שרעקלעכע לאַגע צו פאַרבעסערן.

די קוילן-קאָמפּאַניעס, מיט דער דערפאַרונג וואָס זיי האָבן געהאַט אין אונטערדריקן דעם סטרייק אין האַרלאַן, האָבן פאַרצענפאַכט זייער טעראָר. דער געגנט איז פאַרפלייצט געוואָרן פון די פּריוואַטע אַרמייען וואָס די קאָמפּאַניעס האָבן צוגעגרייט. אָפּצוהאַלטן אַ פאַרזאַמלונג איז געווען אוממעגלעך. די באַוואָפנטע באַנדיטן האָבן זיך אַרײַנגעריסן אין די היימען פון די סטרייקער, געזוכט ליטעראַטור, מיטגלידער-ליסטן און געווער. (אין די דרום-שטאַטן מעג יעדער איינער האַלטן געווער בײַ זיך אין הויז פאַר זעלבסט-פאַרטיידיקונג און די מערסטע מיינערס האָבן פאַרמאָגט אַלטמאָדישע ביקסן.)

שפּייז-ליפערונג אָפּגעשטעלט, העצע געגן „פרעמדע" רויטע

באַזונדערס האָבן זיך די קוילן-קאָמפּאַניעס אָנגעזעצט צו פאַרניכטן דעם הילף-אַפּאַראַט וואָס די יוניאָן און די דאָבעליו-אײ-אַר אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער הילף) האָבן אויפגעשטעלט. דער לינקער פליגל האָט געזאַמלט אַ סך שפּייז, קליידער און געלט, אויפצוהאַלטן די סטרייקער. אַפילו ווען זיי אַרבעטן אַ פּאָר טעג אַ וואָך, מוזן די מיינערס אונטערהונגערן. צוויי מאָגערע מאָלצײַטן אַ טאָג איז פאַר זיי גענוג אויסצוהאַלטן אַ סטרייק מאָנאַטן און יאָרן לאַנג. די לאָקאַלע רעגירונג און די באַוואָפנטע וועכטער און דעפּיוטי-שעריפס האָבן דעריבער אָנגעווענדעט אַלע מיטלען אויפצורייסן די ליפערונג פון שפּייז און קליידער. די רעליף-קוואַרטיר אין פּײַנוויל, הויפּט-שטאָט פון בעל קאַונטי, איז עטלעכע מאָל באַפאַלן געוואָרן און די טוער זײַנען אַרעסטירט געוואָרן. אַלע טראָק-טרײַבער וואָס האָבן געפירט שפּייז האָבן

געקראָגן אַ וואָרנונג פֿון דער פּאָליציי, אַז זיי וועלן פֿאַרלירן די לייסענס (דערלויבענישן) אויב זיי וועלן פֿירן פּראָכט פֿאַר די סטרייקער. די סטרייק־קאָמיטע האָט זיך געפֿונען אין נאַקסוויל, טענעסי, ניינציק מייל ווייט פֿון דעם געגנט. אָפֿן ווייזן זיך אין קענטאָקי האָט געמיינט דערמאָרדעט ווערן. מיט דער הילף פֿון שפּיאָנען האָבן די קאָמפּאַניעס אַרעסטירט אַ סך רענק און פֿייל טוער, וועלכע האָבן זיך צוריקגעקערט שפּעט ביינאַכט פֿון אַ סטרייק־מיטינג אין נאַקסוויל.

אין די ערגסטע צייטן פֿון צאַרישער הערשאַפֿט האָט מען ניט געוואוסט פֿון אַזאַ ווילדן סיסטעמאַטישן טעראָר ווי דער וואָס האָט געהערשט אין



הערי סימס

קענטאָקי. די קאָמפּאַניעס האָבן אַרויסגענומען אינדזשאָנקשאָנס געגן דעם סטרייק און געגן די סטרייק־פֿירער פֿון די לאָקאַלע ריכטער און פֿון דעם פֿעדעראַלן געריכט. הונדערטער טעטיקע יוניאָן־מיטגלידער האָבן ניט גע־קענט נעכטיקן ביי זיך אין דער היים. זיי זיינען געצוואונגען געווען זיך צו באַהאַלטן און אַרומוואַנדערן פֿון פּלאַץ צו פּלאַץ אין מיטן נאַכט. קידנעפּן סטרייק־טוער און מערדערלעך זיי שלאָגן איז געוואָרן אַן אָפּטע דערשיינונג.

אַ יונגער סטרייק־פירער, הערי סימס, געשיקט פון דער יאַנג קאָמיוניסט ליג צו אַרבעטן צווישן דער סטרייק־יוגנט, איז דערשאָסן געוואָרן אין מיטן העלן טאָג אויפן וועג אין האַרלאַן.

צענדליקער אָטאָמאָבילן מיט באַוואָפנטע וועכטער האָבן זיך געטראָגן איבער די געציילטע וועגן וואָס קענטאַקי פאַרמאָגט. די אָטאָמאָבילן האָבן געהאַט גרויסע לאָמפּן צו וואַרפן אַ ליכט און זוכן סטרייקער און סטרייק־טוער. די גאַנצע פּרעסע אין דרום און די קירך האָבן געטריבן אַ העצערישע קאַמפּאַניע קעגן די „פרעמדע" קאָמוניסטן, וואָס זיינען געשיקט געוואָרן פון מאָסקווע צו רואינירן דאָס זיסע און פרידלעכע דרום־לאַנד. די קירך און די פּרעסע האָבן געשפּילט אויף די רעליגיעזע געפילן וואָס זיינען נאָך פאַרשפּרייט צווישן די מיינערס אין דרום. ניט קיין סטרייק פאַר די גערעכטע פאָדערונגען פון די קוילן־גרעבער איז עס, נאָר אַ פאַרשווערונג אויפצורייסן די קירכן און אָרונטערצורייסן די אַמעריקאַנישע פאָן.

די העצע האָט ניט געווירקט. די סטרייקער, ווי אָפּגעשטאַנען זיי זיינען ניט געווען, האָבן געזען ווער איז זייער פריינט און ווער איז זייער פיינט. אַ סך איינגעוואָרצלטע אילוזיאַס זיינען פון זיי אַרויסגעפלויגן אין פאַרלויף פון קאַמף. די קאָמוניסטישע פּאַרטיי איז צום ערשטן מאָל אַריינגעקומען אין דער ווייטער, בערגיקער קענטאַקי ווי אַ לעבעדיקער כח, צו וועלכן טויזנטער אַרבעטער הערן זיך צו מיט צוטרוי. דער שרייבער פון דעם בוך איז אַנוועזנד געווען אין קענטאַקי אין צייט פון סטרייק און האָט געזען דעם קוואַל פון מיליטאַנטישקייט וואָס אַט־די „אָפּגעשטאַנענע" אַרבעטער האָבן אַרויסגעוויזן און זייער צוטרוי צו די אָרגאַניזאַטאָרן פון צפון און צו דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. (יעדער איינער וואָס קומט פון צפון איז אַן „אויס־לענדער" אין דרום און די פּרעסע האָט באַנוצט דעם פּאָראורטייל וואָס האָט געהערשט אין די ווייטע דרום־פּלעצער קעגן „אויסלענדער" פון די צפון־שטאַטן.)

נאָך העכער פינף מאָנאַטן איז דער סטרייק צוריקגערופן געוואָרן. די קאָמפּאַניעס האָבן אָבער געמוזט צוריקרופן אייניקע פון די זייער דריקנדיקע רעגולאַציעס וואָס זיי האָבן איינגעפירט. אויסער די קאָנצעסיעס האָט דער סטרייק געבראַכט אַ טיפע אידעאָלאָגישע און פּאָליטישע ענדערונג אין דער אַרבעטערשאַפט אין קענטאַקי און טענעסי. עס איז פאָרגעקומען אַ גרויסע פּאָליטישע דערוואַכונג, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין אַ קאָמוניסטישער וואַל־קאַמפּאַניע אין אַ ריי אַרבעטער־שטעטלעך. אָבער די קוילן־מאַגנאַטן איז געלונגען אָפּצוהאַלטן דעם סטרייק פון פאַרשפּרייטן זיך אין די איבעריקע

צענטרען אין דרום — דאָס אייגנטלעך וואָס זיי האָבן געזוכט צו דערגרייכן מיט אַזוי פיל בלוטיקע מיטלען. אין די דרום־שטאַטן זיינען באַשעפטיקט העכער צוויי הונדערט טויזנט קוילן־גרעבער.

דער סטרייק אין קענטאַקי און די אָפּשאַפונג פון אַלע קאָנסטיטוציאָנעלע רעכט פון די אַרבעטער האָט אויפגערודערט די עפנטלעכע מיינונג פון גרויסע אַרבעטער־מאַסן און פון דער פּראָגרעסיווער אינטעליגענץ. נאָך די א. פ. אָוו ל. האָט זיך אַנטזאָגט צו העלפן די סטרייקער. אַ דעלעגאַציע פון אָנגעזעענע שריפטשטעלער, וואָס איז געפאָרן צו אונטערזוכן די לאַגע אין קענטאַקי, איז באַגעגנט געוואָרן ביי דער גרענעץ פון באַוואָפנטע פּראָמינענטע בירגער פון פּיינוויל מיט דעם דיסטריקט־אַטוירני אין דער שפּיץ. די שרייבער זיינען איבערגעוואַלד אַוועקגעפירט געוואָרן צוריק אין טענעסי. וואַלדאָ פראַנק און עלען טאַוב, דער לאָיער פון דער אי־על־די, זיינען צעשלאָגן געוואָרן מיט די הענטלעך פון רעוואָלווערן.

דעם זעלבן שיקזאַל האָט געהאַט אַ דעלעגאַציע פון סטודענטן פון אַ סך גרויסע אוניווערזיטעטן. די דעלעגאַציע איז מיט גרויס באַליידיקונג אַרויסגעפירט געוואָרן פון דער גרענעץ פון קענטאַקי.

די צוויי סטרייקס געפירט פון די לינקע האָבן געלייקנט די טעאָריע פון דער אַמעריקאַן פעדערייישאַן אָוו לייבאָר און פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי־פירער, אַז אַרבעטער זיינען ניט גרייט צו סטרייקן אין אַ קריזיס, ווען זיי ווייסן אַז גרויסע טיילן אַרבעטער זיינען אַרבעטלאָז. די ווייטערדיקע דערפאַרונג מיט די סטרייקס אין 1933 האָט באַשטעטיקט די טעאָריע פון די קאָמוניסטן, אַז די אַרבעטלאָזע, ביי געהעריקער פּראָפּאַגאַנדע און אָרגאַניזאַציע, וועלן זיך ניט פאַרוואַנדלען אין סטרייקברעכער. ערגעץ ניט, אין קיין איין איינציקן גרויסן סטרייק אין 1933 און 1934, האָבן די קאַפּיטאַליסטן ניט באַוויזן צו רעקרוטירן סטרייקברעכער פון די רייען פון די אַרבעטלאָזע. אומעטום זיינען עס געווען פּראָפעסיאָנעלע סטרייקברעכער.

### די גרויסע קאַמפּן פאַר אַרבעטלאָזער הילף

מאַנאַטן נאָכדעם ווי דער קריזיס איז אויסגעבראָכן האָבן די רעגירונג און דער הערשנדיקער קלאַס זיך געמאַכט ניט וויסנדיק פון דער גרויסער און וויט־פאַרשפּרייטער נויט וואָס האָט געשפּרייזט מיט ברייטע טריט איבער די שטעט און גאַסן פון לאַנד. אַלץ וואָס די קאַפּיטאַליסטן האָבן אונטערגענומען איז פילאַנטראָפּישע קאַמפּאַניעס אויף אַ גרעסערן שטייגער ווי געוויינלעך.

אין יעדער שטאַט האָבן די זיילן פון דער געזעלשאַפט, די „בעסערע עלעמענטן", ווי מען רופט זיי, דורכגעפירט מיט גרויס טאַראַראַם רעליף־קאַמפּאַניעס אונטער פאַרשיידענע שיין־קלינגענדיקע נעמען און לאָזונגען, ווי „שערינג איז נאָט סאָפערינג" (טיילן זיך איז ניט ליידן) און נאָך פון דעם סאָרט. די רעליף־קאַמפּאַניעס האָבן געהאַט עטלעכע צוועקן מיט איין מאָל. ערשטנס, אויסצומיידן און פאַרהיטן אַ פעדעראַלע רעליף־פּראָגראַם און אַן אַרבעטלאָזע פאַרזיכערונג פּראָגראַם; צווייטנס, אַריינציען די וועלכע אַרבעטן נאָך, אין דעם קרייז פון ביישטייערער פאַר די אַרבעטלאָזע, אין אַנדערע ווערטער, אַז די אַרבעטער זאָלן זיך טיילן מיטן ביסן מיט די אַרבעטלאָזע אַנשטאָט די קאַפּיטאַליסטן זאָלן שפּייזן די אַרבעטלאָזע; דריטנס, צו שאַפן די פּאַטריאָטישע שטימונג פון בירגערלעכער פליכט צווישן אַלע קלאַסן און געבן די קאַפּיטאַליסטן אַ געלעגנהייט צו דעמאָנסטרירן זייער גרייטקייט צו טאָן זייער פליכט צום אָרעמען שכן דורך נדבות.

די קאַפּיטאַליסטישע פּרעסע האָט אויף איר געוויינלעכן שטייגער אויפגעבלאָזן די פילאַנטראָפּישע קאַמפּאַניעס ווי מיטלען וואָס לייזן דעם הונגער צווישן די אַרבעטלאָזע. אומעטום זיינען גרויסע קאַפּיטאַליסטן געשטאַנען אין שפּיץ פון די קאַמפּאַניעס, צו שיינען מיט זייער מענטשן־ליבע. גיפאָרד, פּרעזידענט פון דער אַמעריקאַן טעלעפאָן און טעלעגראַף קאָמפּאַניע און גיבסאָן, אַ פּראָמינענטער באַנקיר, זיינען געווען די אָנפירער פון די רעליף־קאַמפּאַניעס אין ניו יאָרק. אין אַנדערע שטעט איז געווען דאָס זעלבע. דזש. פּ. מאָרגאַן האָט געמאַכט אַ פּערזענלעכן אַפּיל דורך דער ראַדיאָ צו אַלע בירגער, פאַרמעגלעכע און אומפאַרמעגלעכע, צו מאַכן גרויסע אָנשטרענגונגען און צו ביישטייערן צום פאָנד פאַר די אומגליקלעכע אַרבעטלאָזע. די שטעט זיינען צעטיילט געוואָרן אין געגנטן און די געגנטן אין גאַסן און טויזנטער מענטשן זיינען געגאַנגען פון הויז צו הויז צו פאַרשרייבן רעגלמעסיקע ביישטייערונגען.

אין די גרויסע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען זיינען די אַרבעטער געצוואונגען געוואָרן „פרייוויליק" צו פאַרשרייבן זייערע ביישטייערונגען. די סומע איז וועכנטלעך אַרונטערגענומען געוואָרן פון זייערע פאַרדינסטן. די גרויסע קאַפּיטאַליסטישע געשעפטן האָבן געקענט אַרויסקומען מיט הערלעכע באַריכטן וועגן זייער אָנטייל אין די רעליף־קאַמפּאַניעס. אין דער ווירקלעכקייט זיינען די געזאַמלטע סומען געלט געקומען הויפּטזאַכלעך נאָר פון די אַרבעטער און אָנגעשטעלטע, וואָס האָבן געמוזט געבן געלט פאַר רעליף אַלס צוגאָב צו די לוין־שניטן וואָס זיי האָבן געליטן.

די וואָל־סטריט אָנטרייבער פון די רעליף־קאַמפּאַניעס האָבן גערעכנט, אַז מיט צען, פופצן אָדער זיבעצן מיליאָן דאָלאַר וואָס זיי זאַמלען אַ יאָר וועלן זיי פאַרשטעלן דעם וועג פאַר אַ קאַמף פון די אַרבעטלאָזע. די גיבסאָן־קאָמיטע אין ניו יאָרק האָט ווינטער 1930-1931 געזאַמלט 17 מיליאָן דאָלאַר און האָט דאָס באַטראַכט ווי אַ ריזיקן אויפטו. 17 מיליאָן דאָלאַר איז געווען אַ טראָפּן אין ים, אין פאַרגלייך מיט דער פאַרשפּרייטער נויט.

די אַרבעטלאָזע, געפירט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, דער טרייד־יוניאָן יוניטי ליג און די אַרבעטלאָזע קאָונסילס, האָבן צונישט געמאַכט אַלע אויסרעכענונגען פון די פּריש־געבאַקענע פילאַנטראָפּן. דער קאַמף פון די אַרבעטלאָזע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין מערץ 1930, איז געוואַקסן אין פאַרנעם און אין גרויס. דער קאַמף האָט געבראַכט פרוכט, כאָטש נים אין דער פולער מאָס.

### די גרויסע דעמאָנסטראַציע דעם זעקסטן מערץ, 1930

נאָך אין 1928 האָט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי אויסגעאַרבעט אַ פּראָגראַם פאַר אַרבעטלאָזיקייט מיט דער פאָדערונג פון סאָציאַלער פאַרזיכערונג אויפן רעכענונג פון דער רעגירונג און די קאַפּיטאַליסטן. גלייכצייטיק האָט די פּאַרטיי אָנגענומען די ערשטע שריט צו שאַפן אָרגאַניזאַציעס פון די אַרבעטלאָזע קאָונסילס.

ווען דער קריזיס איז אויסגעבראָכן איז די קאָמוניסטישע פּאַרטיי געווען די ערשטע און די איינציקע וואָס האָט געהאַט אַ פּראָגראַם פון פאָדערונגען און אַ פּלאַן פון אַקציע פאַר די אַרבעטלאָזע. די נויטווענדיקייט פון אַזאַ פּראָגראַם איז שאַרף אַרויסגעבראַכט געוואָרן אין די קאָלאָסאַלע אַרבעטלאָזע דעמאָנסטראַציעס דעם זעקסטן מערץ, 1930. די דעמאָנסטראַציעס, איינ־באַרופן פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, פון דער טרייד־יוניאָן יוניטי ליג און פון די ניי־געשאַפענע אַרבעטלאָזע קאָונסילס, האָבן קלאָר פעסטגעשטעלט דריי זאַכן: ערשטנס, אַז די נויט איז גרויס, כאָטש דער קריזיס איז נאָך נים אַלט קיין לאַנגע צייט. צווייטנס, די הונגעריקע מאַסן זיינען גרייט און גערן אויפצוהויבן אַ קאַמף פאַר הילף. דריטנס, אַז דער הערשנדיקער קלאַס וועט מיט גוטן די הילף ניט געבן. פריער וועט ער פּרובירן מיט קלעפּ און קוילן איינצושטילן די אַרבעטלאָזע. ווען דאָס וועט נים געלינגען, וועט קומען הילף, אָבער נאָר אין דער מאָס פון דעם דרוק וואָס די מאַסן וועלן באַוויייזן צו שאַפן.

די דעמאָנסטראַציעס האָבן צוגעצויגן גרויסע מאַסן אַרבעטלאָזע און באַשעפטיקטע. דאָס זיינען געווען די גרעסטע אַרבעטער־דעמאָנסטראַציעס אין דער געשיכטע פון לאַנד. אַרום אַ מיליאָן און אַ פערטל מענטשן האָבן זיך אין זיי באַטייליקט. אין ניו יאָרק, אויף יוניאָן סקווער און אַרום, זיינען געווען נאָענט צו 100 טויזנט אַרבעטער; אין דעטראָיט העכער 60 טויזנט. דאָס איז געווען די ערשטע גרויסע אַרויסטרעטונג אין דעם קעניגרייך פון אַטאָמאָבילן. אין אַלע אַנדערע שטעט, גרויסע און מיטעלע, זיינען די דעמאָנ־סטראַציעס געווען ריזיק.

אין די מערסטע שטעט, באַזונדערס ניו יאָרק און דעטראָיט, האָט די פּאָליציי זיך געוואָרפן ברוטאַל אויף די דעמאָנסטראַנטן. אין דעטראָיט איז געקומען צו אַ גרויסן צוזאַמענשטויס מיט דער פּאָליציי. דאָס זעלבע איז געווען אין ניו יאָרק. אַ סך אַרבעטער זיינען צעשלאָגן געוואָרן. די קאַפּי־טאַליסטישע צייטונגען האָבן אָפּגעשפּיגלט די אומרואיקייט פון די קאַפּיטאַ־ליסטן. די ניו יאָרק „טיימז" האָט געשריבן, אַז צום ערשטן מאָל האָט דער גייסט פון קאָמוניזם געשוועבט איבער ניו יאָרק. דאָס איז געווען אַ מיטל אָפּצוציען די אויפמערקזאַמקייט פון דער באַפעלקערונג פון דעם פאַקט, אַז די מלוכה טוט גאָרניט צו שפּייזן די מיליאָנען אַרבעטלאָזע.

דעלעגאַציע מיט חבר פאָסטער פאַראורטיילט אויף זעקס מאָנאַטן

גראָוועד וועילען, פּאָליציי־קאָמישאָנער אין ניו יאָרק, האָט אַרעסטירט די גאַנצע דעלעגאַציע וואָס איז אויסגעקליבן געוואָרן פון דער דעמאָנסטראַציע צו ברענגען די פאָדערונגען צו דער שטאָט־רעגירונג. די מיטגלידער פון דער דעלעגאַציע, וויליאַם ז. פאָסטער, איזראַעל אַמטער, ראָבערט מיינאָר, העררי ריימאָנד און דזשאָזעף לעסטער, זיינען אַרעסטירט געוואָרן אויף די שטיגן פון דעם סיטי האָל נאָך איידער זיי האָבן געהאַט אַ געלעגנהייט צו דערלאַנגען די פאָדערונגען. די קאַפּיטאַליסטישע פּרעסע האָט געהאָלפן גראָוועד וועילען אויפצובלאָזן די רויטע געפאַר. די אַרעסטירטע אַרבעטער־טוער איז אַנט־זאָגט געוואָרן בעיל. דער אורטייל איז געווען זעקס מאָנאַטן טורמע פאַר „אויפהעצן צו אומרוען", כאָטש די אומרוען האָט פאַראורזאַכט וועילען מיט זיין אָנגעגרייטער און מאָביליזירטער פּאָליציי. די פאַראורטיילטע זיינען אָפּגעזעסן זייער פולן טערמין אין טורמע. גראָוועד וועילען איז שפּעטער אַרויסגעקומען מיט געפעלשטע דאָקומענטן וועגן קאָמוניסטישע פאַר־ברעכערישע פאַרשווערונגען. די „דאָקומענטן" האָבן אָבער גלייך געפּלאַצט.

דער זעקסטער מערץ האָט געגעבן אַ גוואַלדיקן שטויס דער באַוועגונג פאַר ארבעטלאָזער הילף. אין הונדערטער שטעט זיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן קאָנפערענצן און קאונסילס זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן. דעמאָנסטראַציעס און הונגער־מארשן צו די שטאָט־ און שטאַט־רעגירונגען זיינען פאָרגעקומען אין אַלע טיילן פון לאַנד. די שטאָט־ און שטאַט־רעגירונגען האָבן ניט געהאַט קיין אַנדער אויסוועג, נאָכדעם ווי קלעפּ און קוילן האָבן ניט געהאָלפן, ווי אָנצוהויבן צו אַסיגנירן געלט פאַר די ארבעטלאָזע. פון אָנהייב איז די אַסיגנירונג געווען קליין. ניו יאָרק האָט אָנגעהויבן מיט איין מיליאָן דאָלאַר. אונטערן דרוק פון וויטערדיקע קאַמפן זיינען די אַסיגנירונגען געוואָרן גרעסער. נאָך דעם צווייטן גרויסן הונגער־מארש און נאָך די באָנוס־מאַרשן אויף וואשינגטאָן, האָט די פעדעראַלע רעגירונג, אונטער רוזוועלטן, פון די ביליאָנען וואָס זי האָט אויסגעגעבן אויף „אויפלעבונג”, אַסיגנירט נאָענט צו אַ ביליאָן און אַ האַלב דאָלאַר פאַר דירעקטער הילף די ארבעטלאָזע דורך די שטאָט־ און שטאַט־רעגירונגען, וואָס האָבן באַשאַפן ספּעציעלע קערפּער־שאַפטן פאַר דעם צוועק.

אַ ביישפּיל, אַז קאַמף ברענגט פּרוכט, האָט געגעבן דער ארבעטלאָזער קאונסיל אין ניו יאָרק. די שטאַט־רעגירונג האָט זיך אינגאַנצן פאַרלאָזט אויף דער פילאַנטראָפּישער טעטיקייט פון די פאַרשיידענע צדקה־געזעלשאַפטן. דעם 17טן פעברואַר, 1931, האָט דער ארבעטלאָזער קאונסיל געפירט אַ דעמאָנסטראַציע צום סיטי האָל. אַ דעלעגאַציע פון דריי איז אריינגעלאָזט געוואָרן צום מעיאָר, דזשימי וואָקער. ווען די דעלעגאַטן האָבן גענומען ענערגיש פאָדערן הילף פאַר די ארבעטלאָזע, האָט וואָקער זיך באַליידיקט און אויף זיין וואונק האָבן די דעטעקטיווס מערדערלעך צעשלאָגן איינעם פון די דעלעגאַטן, סעם נעסין. די איבעריקע דעלעגאַטן זיינען בוכשטעבלעך ארויסגעשלעפּט געוואָרן פון מעיאָרס צימער. אָבער אַ האַלבע שטונדע שפּע־טער האָט דער זעלבער דזשימי וואָקער, דעמאָלט אַ גרויסער צירונג פון טעמעני האָל און זיין באָארד אָוו עסטימייט אַסיגנירט דעם ערשטן מיליאָן דאָלאַר פאַר ארבעטלאָזער הילף. דאָס האָט די דעמאָנסטראַציע און אַנט־שלאָסנקייט פון די פירער פון די ארבעטלאָזע קאונסילס, מיט זייער בלוט, פאַרגאָסן אין קאַמף, געצוואונגען די טעמעני האָל שטאָט־באַאמטע צו דער־זען, אַז אין ניו יאָרק איז פאַראַן אַן ארבעטלאָזע פּראָבלעם.

זייט יענער צייט האָט די שטאַט־רעגירונג אויסגעגעבן ארום 17 מיליאָן דאָלאַר אַ מאָנאַט פאַר ארבעטלאָזער רעליף. 300,000 פאַמיליעס זיינען גע־שטאַנען אויף רעליף, מערץ און אַפּריל 1934, אין ניו יאָרק. די פעדעראַלע

און די שטאט־רעגירונג גיבן צוויי־דריטל פון דער סומע. אבער אפילו די מיליאנען זיינען ווייט ניט גענוג צו שפייזן און באקליידן אלע ארבעטלאזע. פאלן פון פארהונגערטע מענטשן אויף די ניו יארקער גאסן זיינען ניט קיין זעלטנהייט. אין מעיאר לאגווארדיאס צימער זיינען ארבעטלאזע צוזאמענגעבראכן פון הונגער.

די הילף וואס די ארבעטלאזע קריגן, קלעקט ניט אויף די סאמע עלעמענטארסטע נויטן. אין ניו יארק, וואו די זאך איז אוועקגעשטעלט בעסער ווי אין דעם גרעסטן טייל פון לאנד, באקומט א פאמיליע פון פיר, ארום 12 דאלאר פאר צוויי וואכן, א טייל פון איר דירה־געלט. ביי דער פארטייערונג פון לעבנס־קאסטן איז אוממעגלעך פאר א פאמיליע פון פיר זיך צו שפייזן — שוין ניט רעדנדיק פון אנדערע באדערפעונישן — אויף וויניקער פון א דאלאר א טאג. אין אנדערע טיילן פון לאנד איז די הילף פיל קלענער. אין די קליינע אינדוסטריעלע צענטרען איז די שטיצע ארום דריי דאלאר א וואך. דער שרייבער פון דעם בוך האט געזען סוף 1934 אין מיסיסיפי, אין טענעסי און אין טעקסאס, הילף־טשעקס פון איין דאלאר א וואך פאר א גרויסער פאמיליע.

גלייכצייטיק איז אבער נויטיק צו אונטערשטרייכן, אז דאס ביסל הילף וואס די ארבעטלאזע קריגן איבערן לאנד איז א דירעקטער רעזולטאט פון די העלדישע, איינגעשפארטע און בלוטיקע ארויסטרעטונגען וואס זיי האבן געפירט אין 1931, 1932 און 1933. אן די ארויסטרעטונגען וואלט די לאגע פון די מיליאנען ארבעטלאזע און זייערע פאמיליעס געווען הונדערט מאל ערגער ווי איצט.

### דער מארד פון פיר ארבעטער לעבן פארדס פאבריק

אין די ראמען פון דעם קאפיטל איז אוממעגלעך אפילו צו דערמאנען די אלע מאסן־ארויסטרעטונגען פון די ארבעטלאזע און פון די פארהונגערטע פארמער. גענוג צו זאגן, אז די הונגער־מארשן, די נאציאנאלע און ארטיקע, האבן אויפגערודערט דאס גאנצע לאנד. די ברענענדיקע נויט, וואס איז אזוי זארגפעלטיק באהאלטן געווארן פון דער קאפיטאליסטישער עפנטלעכער מיינונג, איז ארויסגעשוואומען אין איר גאנצער גרויס און ברייט. די באַרימערייען פון די צייטונגען אז די הונגעריקע ווערן באזארגט, האבן געפלאצט ווי זייפן־בלאזן.

פון די הונדערטער הונגער־מארשן וואס זיינען באגעגנט געווארן מיט

גאז־באמבעס און קלאבס איז וויכטיק צו פארצייכענען דעם מארד פון פיר יונגע ארבעטער אין דירבארן, לעבן די טויערן פון פארדס אטאמאביל־פאבריק. די בלוטיקע פאסירונג אין דעטראיט (דירבארן איז לעבן דעטראיט) האט אויפגעריסן די שענדלעכע בלאפס וואס פארד האט געשפרייט איבערן לאנד מיט זיינע רעקלאמעס. ער האט אויך דעמאנסטרירט די ארגאנישע פאר־בינדונגען פון די ארבעטלאזע און די וועלכע ארבעטן נאך, אין דעם קאמף פאר ברויט און ארבעט.

נאך אין נאוועמבער 1929 איז פארד ארויסגעגאנגען פון דער קאנ־פערענץ, וואס הוּווער האט פאררופן פון פארשטייער פון קאפיטאל און ארבעט, מיט א ברייטער מעלדונג אז ער גייט געבן זיינע ארבעטער א לוין־העכערונג פון פינף פראצענט. אנהייב 1930 האבן די צייטונגען צעטראגן זיינע א צווייטע מעלדונג, אז ער וועט אנשטעלן נייע דרייסיק טויזנט אר־בעטער, אזוי זיכער איז ער אז די פראספעריטעט ווארט ביים שוועל פון לאנד, מען דארף נאר האבן צוטרוי.

ביידע מעלדונגען זיינען געווען רעקלאמעס און ניט מער. אבער פיל טויזנטער ארבעטער, מעכאניקער און מאשיניסטן פון אלע סארטן, זיינען אנגעקומען אין דעטראיט. אויפן דריטן טאג נאך דער מעלדונג האבן צען טויזנט ארבעטער, אויפגערייצט פון שטיין לאנגע שטונדן אין קעלט ביי דער פערסאנאל־ביורא (עמפלאימענט אפיס) פון דער פארד קאמפאניע, גע־שטורעמט און פארטיליקט דעם אפיס. פייערלעשער האבן זיי באגאסן מיט קאלט וואסער אין מיטן ווינטער.

אנשטאט אנשטעלן נייע ארבעטער האט פארד כסדר אפגעלייגט די אלטע ארבעטער און געשניטן דעם לוין פון די וועלכע זיינען פארבליבן. אפיציעל האט עס געהייסן, אז דער לוין איז ניט גערירט, נאר פארד האט צוגעטראכט א מיטל ווי אזוי צו שניידן טיף דעם לוין און דערביי פארמעל אויספאלגן די פארשפרעכונגען וואס ער האט געגעבן אויף דער נאוועמבער־קאנפערענץ אין ווייסן הויז. דעם מיטל האבן פראקטיצירט אלע אטאמאביל־מאגנאטן און אלע אנדערע גרויסע ארבעטגעבער. דער מיטל איז באשטאנען אין אוועקשיקן די אלטע, דערפארענע ארבעטער און זיי צוריק אנשטעלן א פאר טעג שפעטער ווי נייע, אומדערפארענע ארבעטער. פארד און די איבעריקע גרויסע קאמפאניעס האבן אזוי ארום באוויזן צו פארוואנדלען אלטע אר־בעטער, וועמענס לוין איז געווען צווישן זעקס, זיבן און אכט דאלאר א טאג, אין נייע פאבריק־„הענט", וועמען מען צאלט דעם מינימום פון $5.60 א טאג. פארשטייט זיך, אז ארבעט האבן זיי געטאן ווי קוואליפיצירטע.

## די דעמאָנסטראַציע צו פאָרדס פאַבריק

זומער 1931 האָט די פאָרד־קאָמפּאַניע אָוועקגעשיקט מיט איין מאָל אַ סך אַרבעטער. די אַנטזאָגטע, וויסנדיק אַז זיי ווערן אַרויסגעוואָרפן צו אַ הונגער־טויט, האָבן געמאַכט אַ גרויסן טומל, באַפאַלן די פאַרשיידענע געביידעס, אויסגעבראָכן פענצטער און דאָס גלייכן. פאָרד האָט זיך באַוואָרנט. פאַרבינדונגען מיט דער אונטערוועלט אין דעטראָיט האָט ער שוין לאַנג געהאַט. מאַשין־ביקסן זיינען אַרומגעשטעלט געוואָרן אויף סטראַטעגישע פּאָזיציעס אין דער פאַבריק, נאָך אונטערוועלט־מענטשן זיינען אַריינגענומען געוואָרן אין דער פּאָליציי. דירבאָרן האָט דעם סטאַטוס פון אַ באַזונדער שטאָט און דער מעיאָר איז פאָרדס אַ קרוב. די שפּיאָנאַזש־סיסטעם וואָס פאָרד האָט שטענדיק אויפגעהאַלטן צו באַקעמפן יעדן פאַרזוך פון זיינע אַרבעטער זיך צו אָרגאַניזירן, איז פאַרדאָפּלט געוואָרן.

דער האַס צו פאָרדן איז געוואַקסן אין דער גאַנצער שטאָט. ניט בלויז די אַרבעטער, נאָר די גאַנצע באַפעלקערונג, מיט דער אויסנאַם פון די אָטאָמאָביל־מאַגנאַטן און זייערע הויכע באַאַמטע, האָבן פיינט געהאַט פאָרדן פאַר זיין האַרצלאָזער עקספּלואַטאַציע און זיינע ליגנערישע באַרימערייען וועגן הויכן לוין. די אַרבעטלאָזע און די וועלכע זיינען פון אים אַנטזאָגט געוואָרן, האָבן געפאָדערט הילף. די פאָרד־קאָמפּאַניע האָט זיך אינגאַנצן אַרויסגעדרייט פון טראָגן די מינדעסטע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַרן הונגער פון אירע טויזנטער געוועזענע אַרבעטער. אגב, אין די גוטע יאָרן האָט די פאָרד־קאָמפּאַניע איינגערעדט מיט „וואָגיקע” מיטלען די בעסער־באַצאָלטע אַרבעטער, זיי זאָלן קויפן אייגענע הייזער אויף אויסצאָלן. עטלעכע טויזנט אַרבעטער האָבן געפאָלגט. יאָרן לאַנג האָבן זיי געצאָלט אויף די הייזער, ביז וואַנען דער קריזיס האָט זיי באַרויבט פון אַרבעט און פון דער מעגלעכקייט צו מאַכן ווייטערע אויסצאָלונגען. די הייזער האָט די מאָרטגעדזש־קאָמפּאַניע צוגענומען און די אַרבעטער אַרויסגעוואָרפן. פאָרד, וואָס איז פינאַנציעל פאַראינטערעסירט געווען אין די הייזער, האָט זיך געמאַכט ניט וויסנדיק.

דער אָנגעקליבענער צאָרן פון די מאַסן געגן פאָרד האָט געפונען אַן אויסדרוק אין אַ דעמאָנסטראַציע צו דער פאָרד־פאַבריק. אין אַ ביטער־קאַלטן טאָג, דעם 7טן מערץ, האָבן פינף טויזנט אַרבעטער, מענער און פרויען און מינדעריעריקע, מאַרשירט צופוס אין דירבאָרן צו פאָדערן פון דעם מעכטיקן פאָרד ברויט און אַרבעט.

ביי די גרעניצן פון דירבאָרן זיינען זיי באַגעגנט געוואָרן פון פאָרדס פּאָליציי, וואָס האָט געלאָזט אויף זיי גאַז־באָמבעס און קלאָבס, אָבער די מאַרשירער האָבן אַרויסגעוויזן אַזאַ ווידערשטאַנד, אַז די פּאָליציי האָט געמוזט צוריקטרעטן צוויי מייל ביז די טויערן פון דער פאַבריק. דאָרטן זיינען געווען אָנגעגרייט מאַשין־ביקסן און אָן אַ וואָרנונג, אין דער אָנוועזנהייט פון פאָרדס זון, עדזעל, און דעם גענעראַל־פאַרוואַלטער פון די פאַבריקן, סאָרענסאָן, האָט דער הויפּט פון פאָרדס פּריוואַטער פּאָליציי, בענעט, געגעבן אַ באַפעל צו שיסן. פיר יונגע אַרבעטער, דזשאָ יאָרק, 19 יאָר אַלט, דזשאָ באָסעל, 16 יאָר — ביידע טעטיק אין דער יאָנג קאָמיוניסט ליג — קאָלמאַן לינאַי און דזשאָ דע בלאַסיאָ זיינען דערשאָסן געוואָרן אויף טויט. 22 אַר־בעטער זיינען פאַרוואונדעט געוואָרן.

די אָטאָמאָביל־מאַגנאַטן און זייער פּרעסע האָבן געגלויבט, אַז זיי האָבן דאָ אַ גוטע געלעגנהייט איינצופירן אַ טעראָר־הערשאַפט, וואָס וועט דער־שטיקן די קאָמוניסטישע באַוועגונג און דעם אַרבעטלאָזן קאָונסיל. די ציייטונגען האָבן פון אָנהייב געשריען, אַז דאָס האָבן קאָמוניסטן פּראָוואָצירט די בלוט־באָד. מאַסן אַרעסטן פון קאָמוניסטן זיינען פאָרגעקומען. פאַר־וואונדעטע זיינען געשמידט געוואָרן אין קייטן אין די האָספּיטאַלן. די קוואַר־טיר פון די לינקע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס איז באַפאַלן געוואָרן. אָבער די אָטאָמאָביל־מאַגנאַטן און דער ליבעראַלער מעיאָר פראַנק מורפי, וועמען רוזוועלט האָט נאָכדעם באַשטימט פאַר גאָווערנאָר־גענעראַל פון די פיליפינען אינזלען, האָבן געמאַכט דעם חשבון אָן די מאַסן.

אַ שטורעמדיקע, צאָרנדיקע כוואַליע פון פּראָטעסט האָט זיך אויפגעהויבן צווישן די אַרבעטער אין דעטראָיט. עס האָט ניט גענומען קיין 24 שטונדן און אפילו פאַר דעם טעמפּסטן אָטאָמאָביל־מאַגנאַט איז קלאָר געוואָרן, אַז דאָ איז אַ שפּיל מיט פייער. דעטראָיט האָט געציילט עטלעכע הונדערט טויזנט אַרבעטלאָזע און זייער געדולד איז געווען אָנגעצויגן ביז דעם העכסטן פּונקט. די קאַפּיטאַליסטישע פּרעסע האָט שנעל געביטן דעם טאָן. אַלע אַרעסטירטע זיינען אַרויסגעלאָזט געוואָרן. מורפי האָט געמאַכט אַ דער־קלערונג, אַז ער פּראָטעסטירט געגן פאָרדן, נאָר דירבאָרן איז אַ באַזונדערע שטאָט און ער קען גאָר ניט טאָן.

פרייטיק, דעם 12טן מערץ, זיינען די פיר קרבנות געבראַכט געוואָרן צו זייער רו. פערציק טויזנט אַרבעטער האָבן מאַרשירט אין דער פּראָצעסיע. די קברים געפינען זיך טאַקע ניט ווייט פון דער גרויסער פאָרד־פאַבריק. די

אַרבעטער וואָס גייען אין און פון דער פאַבריק מוזן זען די שטיינער מיט די אויסגעקריצטע אויפשריפטן אויף זיי.

## אַרבעטלאָזע דערשאָסן אין שיקאַגאָ און קליוולאַנד

דעטראָיט איז ניט געווען די איינציקע גרויסע שטאָט וואו אַרבעטלאָזע האָבן באַצאָלט מיט זייער לעבן אין קאַמף פאַר רעליף. אין זעלבן יאָר זיינען אין שיקאַגאָ, אין איינער פון די אָרטיקע דעמאָנסטראַציעס אין דעם נעגער־געגנט, דערשאָסן געוואָרן דריי אַרבעטלאָזע, צווישן זיי צוויי נעגערס. דער קאַלטבלוטיקער מאָרד אין אַ שטאָט וואָס איז באַהערשט פון קאַפּאָנע מיט זיין אונטערוועלט מאָרד־באַנדע, האָט אויפגעצאָרנט די אַרבעטער. אַריבער הונ־דערט טויזנט אַרבעטער האָבן אָנטיילגענומען אין דער לויה, געפירט פון דעם אַרבעטלאָזן קאָונסיל און פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. אַ דריטל פון די מאַרשירער זיינען געווען נעגערס. די לויה האָט געמאַכט אַן אומ־געהויערן איינדרוק. די שטאָט־רעגירונג האָט אָנגעהויבן טיילן רעליף מיט אַ ברייטער האַנט, כאָטש ווייט ניט גענוג אין פאַרגלייך מיט דער נויט. די אַרבעטלאָזע אין שיקאַגאָ האָבן אין אַ צווייטער פאַראייניקטער דעמאָנ־סטראַציע געוואונען זייער פאָדערונג געגן אַ רעדוצירונג פון רעליף.

אין 1933 זיינען צוויי אַרבעטער דערשאָסן געוואָרן אין פראָנט פון דער שטאָט־רעגירונג אין קליוולאַנד, אויך אין אַ דעמאָנסטראַציע פון אַרבעטלאָזע געגן אַ שניט אין רעליף. פערציק טויזנט אַרבעטער, צווישן זיי אַ סך שוואַרצע, האָבן מאַרשירט אין דער לויה.

די אַלע דעמאָנסטראַציעס האָבן אָנגעזאַמלט אַ סך ברען־מאַטעריאַל, וואָס האָט געשאַפן אַ דרוק אויף דעם הערשנדיקן קלאַס. די שטאָט־רעגירונגען, די מערסטע פון זיי באַנקראָט, האָבן געמוזט זוכן מיטלען ווי אַזוי כאָטש טייל־ווייז צו שפּייזן די הונגעריקע. שיקאַגאָ איז געווען אַזוי באַנקראָט, אַז די לערער אין די שולן האָבן העכער אַ יאָר ניט געקראָגן זייער געהאַלט.

דער קלימאַקס פון דעם אָרגאַניזירטן קאַמף וואָס די אַרבעטלאָזע האָבן אָנגעפירט, זיינען געווען די צוויי נאַציאָנאַלע הונגער־מאַרשן אויף וואַשינג־טאָן. דער ערשטער מאַרש אין דעצעמבער 1931 און דער צווייטער — דעצעמבער 1932. ביידע מאַרשן זיינען אויסגערעכנט געוואָרן צו דער דער־עפענונג פון קאָנגרעס. צו די צוויי הונגער־מאַרשן דאַרף מען צורעכענען די צוויי באָנוס־מאַרשן, וואָס די עקס־סאָלדאַטן פון דער וועלט־מלחמה האָבן דורכגעפירט אין וואַשינגטאָן. דער פּאָליטישער אָפּקלאַנג פון ביידע סאָרטן

מאַרשן איז געווען טיף און ברייט. די מאַרשן זיינען געווען פאַקטאָרן וואָס האָבן געהאָלפן צו אַקטיוויזירן די ברייטע שיכטן האָרעפּאַשניקעס, וואָס זיינען געווען פּאָליטיש אָפּגעשטאַנען, פּאַסיוו, פול מיט אילוזיעס אַז בעסערע צייטן וועלן קומען, אָדער אָפּהענטיק און פאַרצווייפלט.

## די צוויי נאַציאָנאַלע הונגער־מאַרשן און זייער באַדייטונג

אַמעריקע האָט שוין איינמאָל געהאַט אַ מאַרש פון אַרבעטלאָזע אויף וואַשינגטאָן, געפירט פון גענעראַל קאָקסי אין 1894. אין יענעם קריזיס איז ניט געווען קיין קריסטאַליזירטע, אויסגעשמידטע באַוועגונג הינטער די אַר־בעטלאָזע. קאָקס, אַ קליינשטעטלדיקער ליבעראַל, איז געפאַלן אויף אַ גלענצנ־דיקן פּלאַן. ביי אים איז דער מאַרש געווען נאָר אַ מיטל צו וועקן רחמנות איבערן לאַנד צו דער ביטערער לאַגע פון די אַרבעטלאָזע. ווייטער איז קאָקסי ניט געגאַנגען. הינטער די אַרבעטלאָזע מאַרשן אויף דער הויפּט־שטאָט אין 1931 און 1932 איז געשטאַנען די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג מיט דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין דער שפּיץ. די אַרבעטלאָזע האָבן געהאַט אַ קלאָר־פאָרמולירטע פּראָגראַם מיט קאָנקרעטע פאָדערונגען. עס האָבן מאַר־שירט ניט קיין צעוואָרפענע גרופּעס אַרבעטלאָזע, אָן אַ צענטראַלער אידייע און פירערשאַפט. די קאָלאָנעס פון דעם ערשטן און צווייטן נאַציאָנאַלן הונגער־מאַרש אין דעם גרויסן קאַפּיטאַליסטישן קריזיס זיינען געווען גע־קליבענע באַטאַליאָנען פון אַ 17־מיליאָניקער אַרמיי, וואָס האָט זיי באַגלייט מיט האָפענונג און שפּאַנונג. אַ צווייטער וויכטיקער פּאָליטישער שטריך, וואָס איז ניט געווען אין יאָר 1894, איז די אייניקייט צווישן די באַ־שעפטיקטע און אומבאַשעפטיקטע אַרבעטער. די אַרבעטלאָזע קאָונסילס, וואָס האָבן אָרגאַניזירט און געפירט די מאַרשן, זיינען געשטאַנען פאַרבונדן מיט דער גאַנצער מיליטאַנטישער אַרבעטער־באַוועגונג און האָבן געהאַט איר אַקטיווע הילף און מיטאַרבעטערשאַפט.

דער ערשטער נאַציאָנאַלער הונגער־מאַרש איז אָנגעקומען אין וואַשינג־טאָן פון ביידע זייטן — מזרח און מערב — דעם זעקסטן דעצעמבער, ערב דער דערעפענונג פון דעם 72סטן קאָנגרעס. אַרום 1,500 הונגער־דעלעגאַטן דערוויילט אין די מערסטע שטעט פון לאַנד אויף אָפענע פאַרזאַמלונגען און קאָנפערענצן, האָבן דורכגעבראַכן אַ סך אומצייליקע שוועריקייטן, וואָס די אָרטיקע פּאָליציי האָט זיי געשטעלט אויפן וועג. פיל הונגער־דעלעגאַטן זיינען געקומען אויף פראַכט־אָטאָמאָבילן און אויף פראַכט־וואַגאָנעס. די

הואווער־רעגירונג, וואס האט דעמאלט ניט געהאט דעם מוט צו פארשפארן די הויפט־שטאט, האט געבעטן די גאווערנארס אפצוהאלטן די מארשירער אויפן וועג. די הונגער־דעלעגאטן זיינען אבער ניט אפגעהאלטן געווארן. נאר עטלעכע קליינע גרופעס זיינען ארעסטירט געווארן אין פיטסבורג און אין אנדערע ערטער אויפן וועג. אין א ריי שטעט האבן די שטאט־רעגירונגען געמוזט באזארגן די מארשירער מיט א נאכטלעגער און מיט עסן, אזוי שטארק איז געווען דער סענטימענט פון די ארבעטער. אין יעדער שטאט זיינען די מארשירער באגעגנט געווארן פון גרויסע ארבעטער־מאסן.

די קאלאנעס פון ניו יארק און פון ניו ענגלאנד זיינען דורכגעגאנגען ווילמינגטאן, די קעניגרייך פון פולוועך און אמוניציע. ווילמינגטאן און דער גאנצער שטאט דעלאווער ליגן אין דער זשילעט (וועסט) קעשענע פון דער דיופאנט־פאמיליע, די גרעסטע אמוניציע־פאבריקאנטן אין לאנד און איינע פון די גרעסטע אין דער וועלט. די דיופאנט־פאמיליע איז געשעפטלעך פאר־בונדן מיט די ריזיקע אמוניציע־קאמפאניעס אין אייראפע, ווי די סענאט־אונטערזוכונג, סעפטעמבער 1934, האט פעסטגעשטעלט. די פאליציי אין וויל־מינגטאן האט געלאזט וויסן אז זי וועט ניט דורכלאזן די הונגער־מארשירער, אבער ווען די פראכט־אטאמאבילן זיינען אנגעקומען און די הונגער־דעלעגאטן האבן ארויסגעוויזן אנטשלאסנקייט אנצוגיין מיט זייער מארש, האט די פא־ליציי געענדערט איר מיינונג און די נאענט צו אכט הונדערט דעלעגאטן, זינגענדיק רעוואלוציאנערע לידער, האבן דורכגעמארשירט די שטאט. פיל טויזנטער אינדוסטריעלע שקלאפן פון די דיופאנטס, ווייסע און שווארצע, האבן אנגעפילט די גאסן. צום ערשטן מאל האבן זיי געזען ארבעטער־פארשטייער מארשירן מיט אויפגעהויבענע קעפ און מיט פאדערונגען. אין ווילמינגטאן קען קיין ארבעטער־ארגאניזאציע ניט אפהאלטן קיין אפענע פארזאמלונג.*)

די הואווער־אדמיניסטראציע האט אויך זיך ניט געקענט העלפן. דער מארש איז אנגעקומען צו דער צייט אין וואשינגטאן אוןביידע קאלאנעס פון מזרח און מערב האב זיך באגעגנט מיט גרויס באגייסטערונג. די רע־גירונג האט אוועקגעגעבן א פאר קאלטע געביידעס פאר נאכטלעגער און האט געמאכט פארבארייטונגען צו שפייזן די הונגער־דעלעגאטן. פאליציי־

*) אין מערץ, 1935, האט די שטאט-לעגיסלאטור פון דעלאווער אנגענומען א געזעץ, וואס פארבאט די קאמוניסטישע פארטיי און יעדע רעוואלוציאנערע ארבעטער-ארגאניזאציע. דיופאנטס שטאט איז געווען דער ערשטער אויסצופאלגן הורסטס אנטי-קאמוניסטישע העצע.

הויפט איז געווען גענעראל גלעספארד. ער האט געטראכט, אז מיט א „ווייבער" טאקטיק וועט ער אפטויטן די מיליטאנטישע שטימונג צווישן די מארשירער, אפזונדערן די קאמוניסטן פון דער ברייטער ארבעטלאזער ארמיי.

אויף מארגן איז פארגעקומען דער מארש צום קאפיטאל, וואו ביידע הייזער פון קאנגרעס און דער העכסטער געריכט געפינען זיך. ארומגערינגלט פון ביידע זייטן מיט פאליציי באוואפנט מיט די לעצטע טויטלעכע וואפן, זיינען די דעלעגאטן מיט לידער און לאזונגען געגאנגען דורך די הויפט־גאסן צום קאנגרעס און נאכדעם צום ווייסן הויז און צו דער געביידע פון דער אמעריקאן פעדעריישאן אוו לייבאר.

## אין פראנט פון קאנגרעס

אין דער געביידע פון קאנגרעס איז אנגעגאנגען א שטרייטיקייט צווישן די פאליטישענס וואס צו טאן. אויף דעם פלאץ אנטקעגן דער קאנגרעס־געביידע זיינען געשטאנען אויסגעשטעלט אין א האלבן קרייז די 1,500 דעלע־גאטן, ווייסע און שווארצע, מענער און פרויען (עס זיינען אויך געווען עטלעכע אינדיאנער) און האבן אן אויפהער געשריען: מיר פאדערן ארבעט און ברויט! מיר פאדערן ארבעטלאזע פארזיכערונג!

ווען די דעלעגאציע, וואס איז אויסגעקליבן געווארן צום קאנגרעס, איז ניט אריינגעלאזט געווארן מיט דעם אויסרייד אז קאנגרעס האט זיך נאך ניט ארגאניזירט און קען ניט אויפנעמען קיין קאמיטעט, האט דער אר־קעסטער פון „רויטן פראנט" אויסגעבראכן מיט דעם „אינטערנאציאנאל". די דעלעגאטן האבן אונטערגעכאפט. צום ערשטן מאל האבן אויפן פלאץ אנטקעגן דער רעגירונג פון די פאראייניקטע שטאטן געקלונגען הויך, מוטיק און שטאלץ די קאמף־טענער פון דער אינטערנאציאנאלער הימנע פון אר־בעטער־קלאס. די גאסן ארום דעם פלאץ זיינען געווען אנגעפאקט מיט צענדליקער טויזנטער מענטשן. די גאנצע שטאט איז געקומען זען דעם מארש. דורך דער גאנצער לענג פון דעם מארש זיינען די טראטוארן געווען געדיכט מיט מענטשן. די מערסטע פון זיי האבן אפן ארויסגעוויזן זייער סימפאטיע מיט די מארשירער.

הואווערס ווייסע הויז איז געווען ארומגערינגלט ווי א פעסטונג פון מאשין־ביקסן. אויך הואווער האט זיך אנטזאגט אויפצונעמען די דעלעגאציע, אבער דורך די פענצטער האט ער גוט געזען די לאזונגען און געהערט די געשרייען פון די הונגער־דעלעגאטן.

וויליאם גרין האט אויפגענומען די דעלעגאציע, באוואכט פון דעטעק־טיווס און פאליציי, פונקט ווי אימיצער האט זיך געקליבן מאכן אן אנפאל אויף אים. די דעלעגאטן זיינען באשטאנען פון מיטגלידער פון א. פ. או ל. יוניאנס. דער פרעזידענט פון דער א. פ. או ל. האט זיך געדרייט ווי א שלייען און געזוכט פאר די רעפארטערס צו דיסקרעדיטירן די גאנצע ארבעט־לאזע באוועגונג. גרין האט זיך אנטזאגט צו געבן זיין צושטימונג צו דעם געזעץ־פראיעקט פאר ארבעטלאזער פארזיכערונג, כאטש „זיין הארץ טוט וויי פאר די ארבעטלאזע". די א. פ. או ל. פירערשאפט האט נאך אין 1932 ביטער באקעמפט ארבעטלאזע פארזיכערונג און צוזאמען מיט די קאפיטא־ליסטן עס באצייכנט מיט דעםווארט „דאול", וואס מיינט צדקה, צו פאר־מיאוסן עס אין די אויגן פון די ארבעטער.

אין זעלבן אוונט איז אין דעם גרויסן וואשינגטאן אדיטאריום אפגע־האלטן געווארן א באגייסטערטער צוזאמענפאר פון די הונגער־דעלעגאטן און א נאציאנאלע ארגאניזאציע איז געגרינדעט געווארן. הערבערט בענדזשאמין איז אויסגעקליבן געווארן פאר נאציאנאלן סעקרעטאר.

### צווייטער הונגער־מארש גרעסער און בעסער ארגאניזירט

נאך א טיפערע פאליטישע באדייטונג האט געהאט דער צווייטער נאציא־נאלער הונגער־מארש, דעם זעקסטן דעצעמבער, 1932. בעסער צוגעגרייט און טיכטיקער ארגאניזירט, איז דער אפקלאנג פון דעם הונגער־מארש, וואס האט פארמאגט הויכע דראמאטישע מאמענטן, געווען נאך פיל ברייטער. מיליאנען מענטשן האבן מיט שפאנונג געוואכט אויף די אנטוויקלונגען אין דעם מארש. מען קען מיט זיכערקייט זאגן, אז דער צווייטער נאציאנאלער הונגער־מארש איז געווען א שטארקער דרוק אויף די קאפיטאליסטן און זייער רעגירונג אנצוהויבן געבן מער רעליף.

דריי טויזנט הונגער־דעלעגאטן האבן אנטיילגענומען אין דעם מארש. זיי זיינען געקומען פון אלע טיילן פון לאנד, פון מעין ביז סעאטל. אין א ריי גרויסע שטעט, ווי ניו יארק, פילאדעלפיע, שיקאגא, קליוולאנד, באלטי־מאר, האבן די שטאט־רעגירונגען געמוזט געבן נאכטלעגער און שפייז די דעלעגאטן.

די קאלאנע פון ניו יארק איז דורכגעגאנגען ווילמינגטאן. די פאליציי האט ניט געוואלט לאזן די דעלעגאטן איבערנעכטיקן און אלס אקט פון נקמה פארוואס די מארשירער האבן איר ניט געפאלגט, איז די פאליציי ביי־

נאַכט באַפאַלן די געבײדע פון אַ געװעזענער קירך װאו אַ סך דעלעגאַטן, די מערסטע פון זײ פרױען, זײַנען געשלאָפן. די דעלעגאַטן אײנגעװײניק האָבן פאַרבאַריקאַדירט דעם אַרײַנגאַנג און אַרױסגעװיזן אַן ענערגישן װידערשטאַנד די אָנפאַלער. עטלעכע דעלעגאַטן זײַנען מערדערלעך צעשלאָגן געװאָרן און אַרעסטירט געװאָרן פאַר אָנגריף אױף דער פּאָליצײ. בען גאָלד, פירער פון דער נאָדל־טרײדס אינדוסטריעלער יוניאָן, אײנער פון די װאָס האָבן אָרגאַניזירט די פּאַרטײדיקונג געגן דער כוליגאַנישער פּאָליצײ, איז זײער שטאַרק צעשלאָגן געװאָרן. שפּעטער איז ער געזעסן פערציק טעג אין טורמע אין װילימינגטאָן.

די אַלע אָנפאַלן און שטערונגען אױפן װעג האָבן ניט אָפּגעהאַלטן דעם מאַרש. צו דער באַשטימטער שטונדע זײַנען אַלע קאָלאָנעס אַרײַן פון דרײַ זײַטן אין דער הױפּט־שטאָט.

די האָװער־רעגירונג האָט באַשלאָסן צו נעמען אַ מער אַקטיװ־פײַנטלעכע שטעלונג צום מאַרש. סוף 1932 האָט דער הערשנדיקער קלאַס אָנגעהױבן זײַן רעגולערע פּעריאָדישע קאַמפּאַניע, אַז אָט־אָט און די דעפּרעסיע איז שױן פאַריבער. די קאַמפּאַניע איז געװײנטלעך אָנגעהױבן געװאָרן מיט רעדעס און דערקלערונגען פון עטלעכע גרױסע װאָל־סטריט בערן. נאָכדעם, װי פון אַ צױבער־שטעקל דיריגירט ערגעץ װאו, האָבן זיך אַ שאָט געטאָן מעלע־גראַמעס אין די צײַטונגען, אַז דאָ האָט זיך געעפנט אַ פאַבריק און דאָרט האָט אַ פאַבריק אָנגעהױבן אַרבעטן אין פולן גאַנג און נאָך פון דעם סאָרט פאַבריצירטן אָפּטימיזם. די קאַמפּאַניע פון אָפּטימיזם איז באַזונדערס שטאַרק געװען סוף 1932 צו פאַרשטיקן דעם אָפּקלאַנג פון דעם הונגער־מאַרש און צו באַרואיקן די מאַסן, װעמענס געדולד האָט געהאַלטן אין פּלאַצן. די באַריכטן פון פאַבריקן װאָס עפענען זיך זײַנען ניט געװען געבױט אױף פאַקטן, אָבער די האָװער־רעגירונג האָט זיך שױן געפילט פעסטער און האָט באַשלאָסן צו נעמען אַ „שטאַרקערע" שטעלונג געגן הונגער־מאַרש און געגן דעם מאַרש פון די עקס־סאָלדאַטן פון דער װעלט־מלחמה.

די הונגער־דעלעגאַטן האָבן שױן ניט געקראָגן קײן נאַכטלעגער און שפּײַז. די פּאָליצײ האָט אָפּגעצאַמט פאַר זײ אַ שטיקל פעלד אױסערן שטאָט, אָפּגעטײלט פון אײן זײַט מיט אַן אײַזנבאַן פראַכט־דעפּאָ און פון דער צװײטער זײַט מיט אַ בערגל. אַ קאָרדאָן באַװאָפנטע פּאָליצײ מיט ביקסן, מאַשין־ביקסן און גאַז־באָמבעס האָט אָפּגעשניטן דעם „לאַגער" פון דער דרױסנדיקער װעלט. די הונגער־דעלעגאַטן האָבן ניט געקענט אַרױסגײן און אַרײַנגײן. געשלאָפן האָבן זײ אױף דער נאַקעטער ערד אָדער אין די פראַכט־

אַטאָמאָבילן. וואסער האָט מען צוגעפירט פון דרויסן. קיין סאַניטאַרישע באַ־דינגונגען זיינען, פאַרשטייט זיך, ניט געווען.

די פּאָליציי האָט געהאָפט, אַז אַזא גרויזאַמע באַהאַנדלונג וועט פּראָוואָ־צירן אַ טייל פון די מאַרשירער צו אַקטן פון גוואַלדטאַט, וועט זי קענען זיך אַ לאָז טאָן און מאַכן אַ בלוט־באָד. אָבער די דיסציפּלין פון די דעלעגאַטן איז געווען אויסערגעוויינלעך. דער אַרבעטלאָזער קאָונסיל האָט ניט אונטער־געשפּילט דער פּאָליציי אין די הענט. דער לאַגער איז געווען אַ מוסטער פון אָרדענונג און געזעלשאַפטלעכן לעבן.

נאָך לאַנגער דינגעניש האָט די פעדעראַלע רעגירונג געמוזט צוריקטרעטן און דערלויבן די הונגער־דעלעגאַטן צו מאַרשירן איבער די גאַסן מיט זייערע לאָזונגען און אויפשריפטן. די פאָדערונגען זיינען געווען: באַלדיקע הילף אין דער פאָרמע פון פופציק דאָלאַר פאַר יעדן דערוואַקסענעם אַרבעטלאָזן און צו צען דאָלאַר פאַר יעדן קינד. אויסער דעם — שטענדיקע רעליף פון די שטאָט־ און שטאַט־רעגירונגען ביז וואַנען פעדעראַלע אַרבעטלאָזע פאַר־זיכערונג וועט אייגעפירט ווערן.

אין לאַגער איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן דער צוזאַמענפאָר. דריי טויזנט דעלעגאַטן האָבן מיט אַ וואונדערבאַרער ערנסטקייט אויסגעהערט די באַריכטן און אויסגעקליבן דעם נאַציאָנאַלן קאָמיטעט. איזראַעל אַמטער איז דערוויילט געוואָרן נאַציאָנאַלער סעקרעטאַר און הערבערט בענדזשאַמין נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַטאָר.

אין דעצעמבער 1933 איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין וואַשינגטאָן אַ נאַ־ציאָנאַלער צוזאַמענפאָר פאַר אַרבעטלאָזער הילף און פאַרזיכערונג. ניין הונ־דערט דעלעגאַטן זיינען געווען אָנוועזנד. דער ספּיקער (פאָרזיצער) פון דעם רעפּרעזענטאַנטן הויז און דער פּרעזידענט פון סענאַט האָבן אויפגענומען דעלעגאַציעס וואָס דער צוזאַמענפאָר האָט געשיקט. ביידע האָבן געזוכט זיך אַרויסצודרייען פון קלאָרע ענטפערס. ביידע האָבן זיך באַהאַלטן הינטער דער אַלגעמיינער פאַרזיכערונג, אַז די רעגירונג גיט אַכטונג אויף די נויט־ליידנ־דיקע. דער צוזאַמענפאָר האָט אָבער געהאָלפן ווייטער צו קאָנצענטרירן די אויפמערקזאַמקייט פון דער אַרבעטער עפנטלעכער מיינונג צו דער אַרבעט־לאָזער פאַרזיכערונג. די קאַמפּאַניע פאַר פאַרזיכערונג איז אַריינגעדרונגען מיט גרויס דערפאָלג אין די יוניאָנס פון דער א. פ. אָוו ל.

דער צווייטער נאַציאָנאַלער הונגער־מאַרש האָט געצויגן די אויפמערק־זאַמקייט פון פיל מיליאָנען אַרבעטער אויף דער אַרבעטלאָזער פאַרזיכערונג. דער פּראָפּאַגאַנדע־רויך, אַז די דעפּרעסיע איז פאַריבער, איז פאַרשוואונדן.

אַרבעטלאָזיקייט איז געוואַקסן און צוזאַמען מיט איר איז געוואַקסן די שטרעבונג פון די מיליאָנען אַרבעטלאָזע און באַשעפטיקטע אַרבעטער צו קריגן אַ פאַרזיכערונג קעגן הונגער.

א. פ. אָוו ל. פירער מוזן אויפגעבן געגנערשאַפט
צו אַרבעטלאָזער פאַרזיכערונג

אַ ספּעציעלער קאָמיטעט פון מיטגלידער פון דער א. פ. אָוו ל. פאַר אַרבעטלאָזער פאַרזיכערונג איז באַשאַפן געוואָרן. דער קאָמיטעט האָט פאַנאַנדערגעוויקלט אַ ברייטע טעטיקייט. שטאַט־קאָנפערענצן און שטאַט־קאָנפערענצן זיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין די מערסטע ערטער. פאַרזאַמלונגען פון יוניאָנס זיינען באַזוכט געוואָרן צו קריגן זייער צושטימונג פאַר דעם געזעץ־פּראָיעקט פון אַרבעטלאָזער און סאָציאַלער פאַרזיכערונג. דער קאָמיטעט האָט ענערגיש געאַרבעט צו דערגרייכן אַ פאַראייניקטן פראָנט מיט אַלע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס וועגן אַרבעטלאָזער פאַרזיכערונג.

קאָנגרעסמאַן לאָנדין פון מינעסאָטאַ האָט איינגעוויליקט אַריינצוטראָגן דעם געזעץ־פּראָיעקט אין קאָנגרעס. כאָטש דאָס איז ניט אינגאַנצן וואָס די אַרבעטלאָזע קאָונסילס, די טרייד־יוניאָן יוניטי ליג און די קאָמוניסטישע פּאַרטיי האָבן געזוכט, איז דער געזעץ־פּראָיעקט דאָס בעסטע און דאָס נאָענטסטע צו סאָציאַלער פאַרזיכערונג און די גאַנצע לינקע באַוועגונג האָט אונטערשטיצט און אַרבעט פאַר דעם געזעץ־פּראָיעקט, באַקאַנט אונטער דעם נאָמען ה. ר. ביל 7598, שפּעטער 2827.

זייט דער קאָמיטעט האָט אַנטוויקלט זיין קאַמפּאַניע האָבן העכער 2,500 אָרטיקע יוניאָנס פון דער א. פ. אָוו ל. און גאַנצע שטאַט־פעדעראַציעס זיך אַרויסגעזאָגט פאַר דעם געזעץ־פּראָיעקט. די צאָל אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס וואָס האָבן אָנגענומען די אַרבעטלאָזע פאַרזיכערונג פּראָגראַם דערגרייכט אין די טויזנטער. דער סענטימענט פאַר אַרבעטלאָזער פאַרזיכערונג איז אַריינגעדרונגען אַזוי טיף צווישן די מאַסן, אַז די א. פ. אָוו ל. פירער האָבן געמוזט אויפגעבן זייער אָפּאָזיציע און דער א. פ. אָוו ל. צוזאַמענפאָר אין אָקטאָבער 1933 האָט אָנגענומען אַ רעזאָלוציע וועגן דער נויטווענדיקייט פון פאַרזיכערונג. די גאַנצע צייט האָבן די גרינס און מעטיו וואָלס געטענהט אַז דער אַמעריקאַנישער אַרבעטער איז צו שטאָלץ אָנצונעמען אַ „דאָול" („דאָול" איז דער נאָמען וואָס די ענגלישע קאַפּיטאַליסטן האָבן אָנגעקלעפּט דער אַרבעטלאָזער פאַרזיכערונג, צו געבן עס אַ שלעכטן און אַ באַליידיקנדיקן

טעם). דער אמעריקאנישער ארבעטער איז ניט צו שטאַלץ געווען צו שטיין שטונדן לאַנג אין רעגן און אין קעלט צו וואַרטן אויף אַ טרוקענעם סענדוויטש און אַ שלעכטער גלאָז קאַפּע, אָבער צו קריגן רעגלמעסיק פון דער רעגירונג פאַרזיכערונג, איז אונטער זיין ווירדע...

אויף דעם צוזאַמענפאָר אין באָסטאָן, 1930, האָט די א. פ. אָוו ל. פירער־שאַפט צוריקגעוויזן די רעזאָלוציעס פאַר ארבעטלאָזער פאַרזיכערונג מיט דעם קלוגן מאָטיוו:

„די ארבעטלאָזע פלענער וואָס ווערן פאָרגעשלאָגן אין דער רעזאָלוציע וועלן פירן דערצו, אַז ארבעטער וועלן זיך אָפּהאַלטן אָנצושליסן זיך אין דער באַוועגונג פאַר העכערן לוין און בעסערע ארבעט-באַדינגונגען אין דער מורא אַז דערמיט וועלן זיי ברענגען אַ קרבן זייער מעגלעכקייט צו קריגן ארבעטלאָזע פאַרזיכערונג."

אין אַנדערע ווערטער, די זעלבע טענה פון אַלע קאַפּיטאַליסטן, אַז ארבעטלאָזע פאַרזיכערונג וועט ברענגען צו פוילקייט. צו וואָס זאָל אַן אַר־בעטער זוכן ארבעט, אַז ער קען לעבן אָן ארבעט? אגב איז די רייד וועגן דער באַוועגונג צו העכערן לוין און פאַרבעסערן די ארבעט־באַדינגונגען געווען אַ פּוסטע אויסטראַכטעניש. די א. פ. אָוו ל. פירער האָבן צוריק־געטראָטן איבער דער גאַנצער ליניע פאַר דעם קאַפּיטאַליסטישן אָנגריף.

אויף דעם צוזאַמענפאָר אין וואַנקואַווער, 1931, האָט די זעלבע פירער־שאַפט צוריק געוויזן די רעזאָלוציע פאַר ארבעטלאָזער פאַרזיכערונג מיט אַ נייעם, פאַלשן אויסרייד. „ארבעטלאָזע פאַרזיכערונג — האָט זיך געזאָגט אין דער רעזאָלוציע אָנגענומען פון צוזאַמענפאָר — וועט ברענגען צו אַ צושטאַנד, אַז די ארבעטער וועלן פאַקטיש זיך אונטערגעבן אין די קאַמפן וואָס זיי פירן איצט פאַר דעם רעכט צו זיין אָרגאַניזירט און אַז די ארבעט־געבער וועלן דורך דער פאַרזיכערונג־סיסטעם קריגן מער מאַכט איבער די ארבעטער."

אין דער ווירקלעכקייט איז די לאַגע פונקט פאַרקערט. ווען מיליאָנען ארבעטלאָזע וועלן זיין געזיכערט געגן הונגער און נויט, וועט דער פּרייז פון ארבעט־קראַפט שטייגן און די געלעגנהייט פון די ארבעטער צו קעמפן פאַר דעם רעכט צו זיין אָרגאַניזירט וועט פיל געהויבן ווערן.

די א. פ. אָוו ל. ביוראָקראַטיע האָט לאַנג ניט געקענט אויסהאַלטן דעם דרוק פון די מיטגלידער אין די יוניאָנס. גרין האָט פאַרגעסן זיין פלאַפּלעריי וועגן שטאָלץ און „דאָול". אויף דער זיצונג פון דעם עקזעקוטיוו־קאַונסיל, דעם 22סטן יולי, 1932, איז אָנגענומען געוואָרן אַ פּלאַן פאַר ארבעטלאָזער

פאַרזיכערונג. דער צוזאַמענפאַר אין 1933 האָט דעם פּלאַן באַשטעטיקט. דער פּלאַן באַנוגנט זיך מיט אַלגעמיינע ווערטער און לאָזט זיך טייטשן. אָבער אפילו פאַר דעם פּלאַן האָט גרין און די איבעריקע יוניאָן־פּרעזידענטן ניט געהויבן אַ פינגער. די גאַנצע זאַך איז אויף זיי געווען אַרויפגעצוואונגען.

## דער אונטערשייד צווישן אמתער פאַרזיכערונג און דעם וויסקאָנסין־געזעץ

די קאַמפּאַניע פאַר אַרבעטלאָזער פאַרזיכערונג האָט געוואונען גרויס אָנהענגערשאַפט. אויך טיילן פון מיטל־קלאַס זיינען אַרויסגעקומען פאַר דעם. עס האָט געהייסן, אַז זיי האָבן איינגעזען די נויטווענדיקייט פון אַזאַ סיסטעם און זיי זיינען גרייט צו אַרבעטן דערפאַר. אין דערווירקלעכקייט זיינען זייערע באַמיאונגען — מיט ווייניק אויסנאַמען — געצילט געווען צו פאַר־שטעלן דעם וועג פאַר אַ ברייטער סיסטעם פון סאָציאַלער און אַרבעטלאָזער פאַרזיכערונג וואָס איז פאָרגעשלאָגן אין דעם געזעץ־פּראָיעקט ה. ר. 2827.

דער ערשטער שטאַט איינצופירן די אַזוי־גערופענע אַרבעטלאָזע פאַר־זיכערונג־סיסטעם איז וויסקאָנסין, וואָס איז פאַררעכנט פאַר דעם פּאָרגע־שריטענסטן אין לאַנד. דער געזעץ איז אָנגענומען געוואָרן זומער 1932 און איז אָפּגעלייגט געוואָרן אויף יולי 1933, מיט דער האָפענונג אַז די צייט וועט ווערן בעסער. ענלעכע געזעץ־פּראָיעקטן ליגן אין די געזעצגעבונגען פון אָהייאָ און ניו יאָרק. אין ניו יאָרק זיינען אַריינגעטראָגן געוואָרן צוויי געזעץ־פּראָיעקטן פון סענאַטאָר מעסטיק און פון ביירען־קאַנדאָן. ביידע אונ־טערשיידן זיך ניט וועזנטלעך איינע פון די אַנדערע. די געזעץ־פּראָיעקטן ליגן שוין אַ לענגערע צייט אין אָלבאַני, אָבער די געזעצגעבער האָבן זיי אָפּגע־לייגט, ניט געקוקט אויף דעם וואָס אַ קאָמיסיע פון דער געזעצגעבונג, באַ־שטימט פון רוזוועלט ווען ער איז געווען גאָווערנאָר, האָט נאָך 2 יאָר פאָרשונג זיך אַרויסגעזאָגט פאַר דער נויטווענדיקייט פון אַ געזעץ פאַר אַרבעטלאָזער פאַרזיכערונג. די געזעצגעבער אין אָלבאַני וואַרטן אויך אויף בעסערע צייטן.

וואָס איז דער גרונט־שטריך פון די געזעצן און וואָס איז דער טיפער אונטערשייד צווישן זיי און דעם געזעץ־פּראָיעקט וואָס די אַרבעטלאָזע קאָונסילס און די קאָמוניסטישע פּאַרטיי שטיצן?

דער אונטערשייד איז אַ פונדאַמענטאַלער און ליגט אין סאַמע כאַראַק־טער פון דער באַזונדערער אויפפאַסונג אויף אַרבעטלאָזיקייט און אירע פּראָבלעמען.

דער געזעץ-פּראָיעקט, אַריינגעטראָגן פון קאָנגרעסמאַן לאַנדין, גייט אַרויס פון דעם פּרינציפּ, אַז די מלוכה און די אַרבעטגעבער זיינען פאַר־אַנטוואָרטלעך פאַר דעם וואָס מיליאָנען אַרבעטער זיינען אָן באַשעפטיקונג. עס איז ניט די שולד פון די אַרבעטלאָזע, נאָר פון דער איצטיקער סיסטעם, וואָס האָדעוועט „איבעריקע" אַרבעטער. דעריבער איז די פליכט פון דער סיסטעם, פּערזאָניפיצירט אין דער מלוכה און אין די קאַפּיטאַליסטן, צו באַזאָרגן די אַרבעטלאָזע מיט אַ מינימום לעבנס-עקזיסטענץ וואָס זאָל זיי פאַרהיטן פון הונגער און קראַנקהייט.

די אַרבעטלאָזע און סאָציאַלע פאַרזיכערונג סיסטעם נעמט אַריין אַלע, וועלכע זיינען אומבאַשעפטיקט צוליב וועלכער אורזאַך עס זאָל ניט זיין. דער אַרבעטלאָזער איז באַרעכטיקט צו קריגן די סומע וואָס ער פאַרדינט אַלס מינימום ווען ער איז באַשעפטיקט אַ פולע וואָך. די סומע טאָר ניט זיין אונטער צען דאָלאַר אַ וואָך, מיט אַ צוגאָב פון דריי דאָלאַר פאַר יעדן מינדעריאָריקן אין דער פאַמיליע.

די פאַרזיכערונג איז גילטיק פאַר דער גאַנצער צייט פון דער אַרבעט־לאָזיקייט, אָן וועלכע עס איז צייט-באַשרענקונג.

קיין דיסקרימינאַציעס געגן פרעמד-געבוירענע, ניט קיין בירגער. קיין בעשרענקונג צוליב דער קורצער צייט פון וואוינונג אין אַ געוויסער שטאָט. קיין דיסקרימינאַציע צוליב ראַסע און נאַציאָנאַליטעט.

אַרבעטער וואָס זיינען באַשעפטיקט טיילווייז זיינען באַרעכטיקט צו קריגן פון דער פאַרזיכערונג די סומע וואָס זאָל אויספילן זייער מינימום־פאַרדינסט פון אַ פולער וואָך אַרבעט. אַרבעטער איבער פופציק יאָר, וואָס קריגן ניט קיין אַרבעט צוליב זייער עלטער, זיינען באַרעכטיקט צו פּענסיע, וואָס דאַרף באַטרעפן דעם פולן מינימום פון זייער פאַרדינסט.

אַרבעטער קריגן באַצאָלט אין פאַל פון קראַנקהייט, אומגליק-פאַלן און דאָס גלייכן.

די אַרבעטער צאָלן גאָרניט צום פאַרזיכערונג-פאָנד. די פעדעראַלע רעגירונג און די קאַפּיטאַליסטן זיינען די יעניקע, וואָס גיבן די געלטער וואָס זיינען נויטיק פאַר דער סאָציאַלער פאַרזיכערונג.

דער פאָנד ווערט פאַרוואַלטעט פון אַ פעדעראַלן צענטער מיטן אָנטייל פון די אָרגאַניזאַציעס פון די אַרבעטלאָזע און פון דער אַרבעטער-באַוועגונג.

דער וויסקאָנסין-פּלאַן און דער מעסטיק-בייראָן-קאָנדאָן געזעץ-פּראָיעקט און די ענלעכע געזעצן זיינען ניט קיין פּלענער פון אַרבעטלאָזער און סאָציאַלער פאַרזיכערונג. די פּלענער צילן אויסצומיידן אַזאַ פאַרזיכערונג.

זיי נעמען אריין נאָר די אַרבעטער וואָס זיינען באַשעפטיקט ווען דער פּלאַן גייט אריין אין קראַפט און שליסן אויטאָמאַטיש אויס די מיליאָנען אַרבעט־לאָזע וואָס נויטיקן זיך בלוטיק אין פאַרזיכערונג. זיי באַשטימען, אַז אויך די אַרבעטער דאַרפן צאָלן צום פאָנד. דער גאַנצער פּרינציפּ איז געבויט אויף דעם געדאַנק, אַז דער אַרבעטגעבער איז פאַראינטערעסירט צו סטאַביליזירן זיין אַרבעט־מאַנשאַפט. אים לוינט זיך צו באַזאָרגן זיי מיט אַ געוויסער קליינער מינימום שטיצע, זיי זאָלן זיך ניט צעלויפן ווען די פאַבריק אָדער שאַפּ מאַכט זיך צו. דעריבער הייסט דער פּלאַן רעזערוו, אָנשטאָט פאַר־זיכערונג.

## רעזערוו, אָנשטאָט פאַרזיכערונג

דער רעזערוו־פּלאַן פאַרוואַנדלט די גאַנצע זאַך אין דער אָנגעלעגנהייט פון יעדן אַרבעטגעבער מיט זיינע אַרבעטער. עס איז ניט די אויפגאַבע פון דעם שטאַט צו באַזאָרגן די פאַרזיכערונג. יעדער אַרבעטגעבער — דאָס איז דער וויסקאָנסין־געזעץ — וואָס באַשעפטיקט ניט ווייניקער פון פופציק אַרבעטער לייגט אָפּ אַ געוויסע סומע, פון צוויי ביז דריי פּראָצענט, פאַר אַ רעזערוו־פאָנד אין פאַל דער שאַפּ אָדער פאַבריק שליסט זיך צו. די אַר־בעטער מאַכן די זעלבעביישטייערונג. פון דעם רעזערוו־פאָנד קריגט יעדער אַרבעטער צו צען דאָלאַר אַ וואָך אין פאַרלויף פון זעכצן וואָכן אין יאָר. ווען די זעכצן וואָכן זיינען פאַריבער איז אויס פאַרזיכערונג. אויב דער רעזערוו־פאָנד פון דעם אַרבעטגעבער סטייעט ניט אויף די זעכצן וואָכן, איז פאַרפאַלן, האָבן ניט אַרבעטער ניט קיין מזל.

די ראָל פון דעם שטאַט אין דעם רעזערוון־געזעץ איז פּונקט ווי אין דעם פאַרגיטיקונג־געזעץ אין אומגליק־פאַלן. דער שטאַט דאַרף אַכטונג געבן אַז די געזעצן זאָלן דורכגעפירט ווערן אין לעבן. ווייטער גייט ער ניט. אויב אַרבעטער פילן זיך געקריוודעט ווי אַזוי דער אַרבעטגעבער זאַמלט אָדער טיילט אויס דעם פאָנד, דאַרפן זיי זיך ווענדן צו דער ספּעציעלער קאָמיסיע פון דעם שטאַט און נאָכדעם גיין אין געריכט.

ניט געקוקט אויף דער לעבערלעכקייט פון אַט־די געזעץ־פּראָיעקטן, האָט די ניו יאָרק פעדערייישאָן אָוו לייבאָר זיי אונטערשטיצט. די סאָציאַליסטישע פירער האָבן עס אויך אָנגענומען אונטער דער טעאָריע אַז דאָס איז בעסער „איידער גאָרניט”. אין דער ווירקלעכקייט זיינען די אַלע רעזערוו־פּלענער נאָר אַ מיטל צו הינדערן די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פון אַ ווירקלעכער,

פולער סאָציאַלער פאַרזיכערונג סיסטעם, וואָס זאָל אַרומכאַפּן די אַרבעט־לאָזע פון גאַנצן לאַנד אין איין צענטראַלן פאָנד בייגעשטייערט פון דער רעגירונג און פון די קאַפּיטאַליסטן.

אין פרילינג 1934 האָט סענאַטאָר וואַגנער פון ניו יאָרק אַריינגעטראָגן אין קאָנגרעס א געזעץ־פּראָיעקט פאַר א פעדעראַלער פאַרזיכערונג־סיסטעם. די א. פ. אָוו ל. פירער האָבן באַלד געגעבן זייער צושטימונג. אין דער ווירקלעכקייט איז סענאַטאָר וואַגנערס פּראָיעקט נאָר אַן אָנשטעל פון פעדע־ראַלער פאַרזיכערונג פאַר אַרבעטלאָזע. זיין ביל איז געבויט אויף די זעלבע פונדאַמענטאַלע ליניעס ווי דער וויסקאָנסין־געזעץ. פאַרזיכערט ווערן נאָר די אַרבעטער וואָס זיינען באַשעפטיקט ווען דער געזעץ גייט אַריין אין קראַפט. די אַרבעטלאָזע ווערן אויסגעשלאָסן. צווייטנס, איז דער געזעץ אָפּהענגיק אויף ענלעכע געזעצן וואָס די באַזונדערע שטאַטן וועלן אָננעמען. אָן די שטאַטן קען די סיסטעם ניט פונקציאָנירן. דריטנס, איז די סומע צו וועלכער א קינפטיקער אַרבעטלאָזער וועט זיין באַרעכטיקט, נאָר 7 דאָלאַר א וואָך אין פאַרלויף פון זיבעצן וואָכן. די קינדער קריגן גאָרניט.

וואַגנערס געזעץ־פּראָיעקט איז א רויך־באַראַזש צו פאַרטומלען די מאַסן־באַוועגונג פאַר אַרבעטלאָזער פאַרזיכערונג. די קאַפּיטאַליסטן, וועלכע ווילן ניט נאָכגעבן דעם פּרינציפּ פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר אַרבעט־לאָזיקייט, זיינען אַרויסגעטראָטן געגן וואַגנערס פּראָיעקט. די קאַפּיטאַליסטן זיינען ניט געגן דעם רעזערוון־פּרינציפּ. זיי האָבן אָבער מורא פאַר דעם פּרינציפּ, אַז זיי און זייער רעגירונג טראָגן פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דעם וואָס אַרבעטער זיינען געבליבן אָן באַשעפטיקונג. דערפון שטאַמט זייער געגנערשאַפט צו וואַגנערס פּראָיעקט.

## אַרבעטער־פּראָיעקט אַריינגעטראָגן אין קאָנגרעס

אָנהייב יאַנואַר, 1935, איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין וואַשינגטאָן דער קאָנגרעס פאַר סאָציאַלער פאַרזיכערונג, פאַררופן לויט דער איניציאַטיווע פון די אַרבעטלאָזע קאַונסילס. 2,600 דעלעגאַטן זיינען געקומען צום קאָנ־גרעס, צווישן זיי פאַרטרעטער פון 300 יוניאָנס פון דער א. פ. אָוו ל.

ניט געקוקט אויף דער באַהאַלטענער געגנערשאַפט פון דער נאַציאָנאַלער קאָמיטע פון דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי, זיינען פאַרטראָטן געווען א גרופּע אָנגעזעענע טוער פון דער ס. פ., מיטגלידער פון די שטאַט־קאָמיטעס אין מאַסאַטשוזעטס, מעין, פון די דרום־שטאַטן א. אַ. די שטימונג פאַר דעם

קאָנגרעס, ד. ה. פאַר געמיינזאַמער אַקציע אין קאַמף פאַר אַרבעטלאָזער פאַר־זיכערונג, איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז נאָרמאַן טאָמאַס, פּאָרזיצער פון דער ס. פּ., האָט זיך ניט געקענט ווייטער אַרויסדרייען. טאָמאַס איז אַליין ניט געקומען, נאָר ער האָט אַריינגעשיקט אַ שריפטלעכע באַגריסונג. אין מערץ 1935 האָט די נאַציאָנאַלע קאָמיטע פון דער ס. פּ. טעלעגראַפירט איר שטיצע צום געזעץ פּראָיעקט 2827.

דער קאָנגרעס איז דורכגעגאַנגען אונטער גרויס באַגייסטערונג און האָט געגעבן אַ ווייטערדיקן שטויס דער באַוועגונג פאַר דעם אַרבעטער געזעץ־פּראָיעקט 2827. שטיצע איז צוגעקומען פון נאָך אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס און פון אינ־טעלעקטואַלן. נאָך אַ ריי פאַרהערן פאַר דער סאָב־קאָמיטע איבער אַרבעט פון דער רעפּרעזענטאַנטן־הויז, אויף וועלכע עס זיינען אַרויסגעטראָטן אוירל בראַודער, סעקרעטאַר פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, העבערט בענדזשאַמין פאַר די אַרבעטלאָזע קאָונסילס און אַ ריי עקאָנאָמיסטן, האָט פריער די סאָב־קאָמיטע און נאָכדעם די גאַנצע קאָמיטע געשטימט פאַר דעם געזעץ־פּראָיעקט. דאָס איז געווען אַ גרויסער זיג. די אָפּשטימונג איז געווען : 7 קעגן 6. עטלעכע קאָנגרעסלייט האָבן אויסגעמיטן צו נעמען אַ שטעלונג און האָבן זיך ניט געוויזן אויף דער זיצונג פון דער קאָמיטע. כאַראַקטעריסטיש פאַר דער פּאָזיציע פון דער יוניאָן־ביוראָקראַטיע איז די געגן־שטימע פון וואוד, קאָנגרעסמאַן פון מיזורי. וואוד איז פּאָרזיצער פון דער מיזורי א. פ. אָוו ל. פּונקט ווי וויליאַם גרין, שטיצט ער דעם וואַגנער־לואיס געזעץ־פּראָיעקט געגן דעם אַרבעטער געזעץ־פּראָיעקט.

דעם 14טן מערץ, 1935, האָט די אַרבעט־קאָמיטע אַריינגעטראָגן דעם לאָנדין געזעץ־פּראָיעקט אין קאָנגרעס. די מינדערהייט האָט צוגעשטעלט איר באַזונדערע, נעגאַטיווע מיינונג, געבויט אויף דעם, וואָס אַזאַ פאַרזיכערונג־סיסטעם איז אומקאָנסטיטוציאָנעל. קיין אַנדער אורזאַך האָט די מינדערהייט ניט געוואַגט אָנצוגעבן.

דעם 17טן אַפּריל איז פאָרגעקומען די אָפּשטימונג אין דעם רעפּרעזענ־טאַנטן־הויז. 158 זיינען געווען געגן, 40 פאַר. דורכגעגאַנגען איז די רוז־וועלט־פּראָגראַם. אָבער דער קאַמף פאַר אמתער פאַרזיכערונג גייט ווייטער אָן.

דערביי איז וויכטיק צו דערמאָנען, אַז דאָס איינציק לאַנד אין דער וועלט, וואָס פאַרמאָגט די פולשטענדיקסטע סאָציאַלע פאַרזיכערונג־סיסטעם, איז דאָס לאַנד פון סאָוועטן. יעדן יאָר שטייגט די סומע וואָס די פּראָלעטאַרישע מלוכה אַסיגנירט פאַר דעם סאָציאַלן וואוילזיין פון דער אַרבעטער־באַפעלקע־

רונג. אין 1932 זיינען 22 און אַ האַלב מיליאָן מענטשן אַרומגעכאַפּט געווען אין דער פאַרזיכערונג־סיסטעם. דער בודזשעט פאַר סאָציאַלער פאַרזיכערונג אין 1933 האָט באַטראָפן העכער זיבן ביליאָן רובל. אין אַלע קאַפּיטאַליס־טישע לענדער איז פון דער מאָגערער אַרבעטלאָזער פאַרזיכערונג געשניטן געוואָרן גרויסע שטיקער. אַזוי איז געווען אין ענגלאַנד און נאָך ערגער אין נאַצי־דייטשלאַנד.

## די באָנוס־מאַרש פון די מלחמה־וועטעראַנען

די אַרבעטלאָזיקייט האָט געבראַכט צום לעבן אַ באַוועגונג צווישן די פיר מיליאָן געוועזענע סאָלדאַטן פון דער וועלט־מלחמה צו פאָדערן די באַלדיקע אויסצאָלונג פון דעם באָנוס וואָס די רעגירונג דאַרף זיי געבן אין 1945. דער באָנוס איז אויסגערעכנט לויט דער צאָל טאָגאַטן וואָס יעדער עקס־סאָלדאַט איז געווען אין מיליטערישער דינסט. פאַר די וועלכע האָבן געדינט ניט ווייניקער פון אַ יאָר וואָלט עס אויסגעמאַכט אַ באַלדיקע צאָלונג פון אַרום פינף הונדערט דאָלאַר, אַ סומע וואָס קען ניט פאַרקוקט ווערן אין אַ קריזיס און אַרבעטלאָזיקייט.

דעם געדאַנק פון אַ מאַרש אויף וואַשינגטאָן צו פאָדערן דעם באָנוס האָבן די עקס־סאָלדאַטן געקראָגן פון דעם ערשטן נאַציאָנאַלן הונגער־מאַרש אין דעצעמבער 1931.

דער ערשטער באָנוס־מאַרש איז אָרגאַניזירט געוואָרן פון דער עקס־סערוויסמענס ליג (ליג פון געוועזענע סאָלדאַטן), אַן אָרגאַניזאַציע פון אַר־בעטער, אָנגעשלאָסן אין דער מיליטאַנטישער אַרבעטער־באַוועגונג. די ליג האָט געבראַכט אַרום פיר הונדערט עקס־סאָלדאַטן אין וואַשינגטאָן. דער קאָנ־גרעס האָט זיי ניט צוגעלאָזט און די פרעסע האָט עס באַטראַכט מיט גרינג־שעצונג. אָבער די באַוועגונג האָט געשלאָגן וואָרצלען און האָט זיך פאַר־שפּרייט מיט דער שנעלקייט פון אַ פייער. אין פאַרשיידענע טיילן פון לאַנד זיינען גלייכצייטיק און האַלב־ספּאָנטאַן געשאַפן געוואָרן אָרגאַניזאַציעס, וועמענס לאָזונג איז געווען אַ מאַרש אויף דער הויפּט־שטאָט און שטיין דאָרטן אַזוי לאַנג, ביז קאָנגרעס וועט נאָכגעבן דעם פאַרלאַנג פון באָנוס.

די פירער פון דעם אַמעריקאַן לידזשאָן, די גרעסטע אָרגאַניזאַציע פון עקס־סאָלדאַטן, געוועזענע אָפיצערן און איצטיקע קאַפּיטאַליסטן, האָבן מיט אַלע כחות געזוכט אָפּצוהאַלטן דעם מאַרש אויף וואַשינגטאָן. זיי האָבן אַליין אָנגעהויבן אַ קאַמפּאַניע פאַר דעם באָנוס מיט דער האָפענונג צו באַ־

רואיקן די אויפגעצאָרנטע געמיטער פון די וועטעראַנען. דאָס זעלבע האָבן געטאָן די פירער פון די „וועטעראַנען פון די אויסלענדישע מלחמות". די גאַנצע קאַפּיטאַליסטישע פּרעסע איז געווען אויפגעבראַכט געגן דעם, וואָס מענטשן וואָס האָבן זיך געשלאָגן פאַר זייער פאָטערלאַנד גייען איצט כאַפּן זייער רעגירונג פאַרן האַלז אַרויסצורייסן פון איר געלט. די פּרעסע האָט געמוסרט די וועטעראַנען און געוואָרפן די גאַנצע שולד אויף די קאָמוניסטן, וואָס שטייען אין שפּיץ פון דער עקס-סוירוויסמענס ליג.

אָבער ניט נאָר די קאַפּיטאַליסטן און זייער פּרעסע. די גאַנצע ליבעראַלע עפנטלעכע מיינונג און די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי זיינען געווען שאַרף געגן דעם מאַרש פון די וועטעראַנען. זיי זיינען אויך געווען שאַרף געגן דער פאָדערונג פון באָנוס. זיי האָבן עס באַטראַכט פאַר שעדלעך, וואָס איין גרופּע בירגער טיילט זיך אויס און פאָדערט געלט פון דער רעגירונג. די פירער פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי האָבן ניט פאַרשטאַנען די פּאָ־ליטישע מעגלעכקייטן וואָס ליגן אין דער וועטעראַנען־באַוועגונג, אַ באַוועגונג וואָס האָט אַריינגעצויגן אין פּאָליטישער טעטיקייט הונדערטער טויזנטער געוועזענע סאָלדאַטן, וואָס זיינען ביז איצט געווען פּאַסיוו אָדער נאָכגעגאַנגען נאָך די קאַפּיטאַליסטישע פּאַרטייען. אַזוי האָט זיך טאַקע אַרויסגעוויזן. די דערפאַרונג וואָס די וועטעראַנען האָבן געהאַט אין זייער „הויפּט־שטאָט", האָט זיי אויפגעטרייסלט און פיל מיטגעהאָלפן זייער פּאָליטישער אויפוואַכונג. די גרויסע מערהייט וועטעראַנען זיינען געווען אַרבעטלאָזע און אָרעמע קליינ־בירגער אין די שטעט און פאַרמער וואָס האָבן פאַרלאָרן זייערע פאַרמס.

די לאָזונג פון אַ מאַרש אויף וואַשינגטאָן און דאָרטן פאַרבלייבן ביז וואַנען דער באָנוס וועט אויסגעצאָלט ווערן, איז אויפגעכאַפּט געוואָרן פון די וועטעראַנען מיט גרויס ענערגיע. די שוואַכקייט פון דעם מאַרש איז באַ־שטאַנען אין דעם מאַנגל פון אַ צענטראַלער אָרגאַניזאַציע. יעדע קאָלאָנע פון אַ געגנט איז געווען אַ וועלט פאַר זיך. צוויייטנס, האָט געפעלט אַ באַ־וואוסטזיניקע, מיליטאַנטישע פירערשאַפט וואָס זאָל קענען אָנפירן פּאָליטיש און אָרגאַניזאַציאָנעל מיט אַזאַ מאַסן־באַוועגונג.

## שווינדלער, אַוואַנטוריסטן און שפּיאָנען פאַרכאַפּן פירערשאַפט

פאַרשיידענע טונקעלע פאַרשוינען, אַוואַנטוריסטן און קאַריעריסטן האָבן זיך אַרויפגעכאַפּט אין דער שפּיץ פון אייניקע קאָלאָנעס. דער יוסטיץ־דעפּאַרטמענט האָט מאָביליזירט אַלע זיינע אַגענטן וואָס זיינען געווען אין

דער וועלט־מלחמה און האט זיי ארייגעשיקט פארשטעלטערהייט אין די רייען פון די וועטעראנען, אויפצורייסן דעם מארש פון אינעווייניק. (די זעלבע טאקטיק האט דער יוסטיץ־דעפארטמענט אנגעווענדעט אויך אין דעם הונגער־מארש, אבער דארטן איז די שפיאנען ניט געלונגען ארויסצורופן קיין טומל. זיי זיינען שנעל איזאלירט געווארן.)

אזא פארשוין ווי וואלטער וו. וואטערס, א געוועזענער פאבריק־פארוואלטער אין פארטלאנד, ארעגאן, ה. ב. פולקראד, א דעטעקטיוו פון דער בוירנס־אגענטור, און דאאק קארטער, א געוועזענער פאליציאנט פון דער פענסילווייניע באן־קאמפאניע, זיינען געווען פירער פון גאנצע אפטיילונגען. צו זייער דעמאגאגיע איז ניט געווען קיין גרענעץ. די עקס־סוירוויסמענס ליג, וואס האט גענומען די איניציאטיווע אין איינבארופן דעם באנוס־מארש, איז פארשריען געווארן פון די שווינדלער, אוואנטוריסטן און שפיאנען ווי געפערלעכע רויטע וואס ווילן אומברענגען דאס לאנד און די רעגירונג און ארונטער־רייסן די אמעריקאנישע פאן. דער גרויסער מאסע וועטעראנען האט מען איינגערעדט, אז אויב די „רויטע" וועלן געהאלטן ווערן פון ווייטן וועלן קאנגרעס און הואווער זיכער באוויליקן דעם גערעכטן פארלאנג פון די וועטעראנען.

דעם זיבעטן און אכטן יוני, 1932, זיינען פיל טויזנטער וועטעראנען אנגעקומען אין וואשינגטאן. זיי זיינען געפארן און געגאנגען צופוס. אין פיל פעלער האבן זיי מיט גוואלד פארכאפט ליידיקע באן־וואגאנעס און גע־צוואונגען די קאמפאניעס זיי צו פירן ביז דער ווייטערדיקער שטאט. א סך צוזאמענשטויסן זיינען פארגעקומען צווישן די וועטעראנען און דער באן־פאליציי און דעפיוטי־שעריפס.

געווי וויפיל וועטעראנען זיינען אנגעקומען אין וואשינגטאן ווייסט מען ניט. מען שאצט אז עס זיינען געווען טעג ווען זייער צאל האט דערגרייכט צוואנציק טויזנט. זיי האבן ארייגמארשירט מיט אויפשריפטן: „אין 1917 — העלדן, אין 1932 — שלעפער"; „מיר האבן זיך געשלאגן פאר דעמאָ־קראטיע — וואס קריגן מיר איצט?" און נאך ענלעכע אומאנגענעמע אמתן.

די הואווער־רעגירונג איז געווען צעטומלט און דערשראקן. אירע סטראשונקעס אז די ארבעטלאזע וועלן בלייבן אן א דאך איבערן קאפ און אן שפייז, האבן ניט געווירקט. די טויזנטער וועטעראנען זיינען געקומען, האט די רעגירונג געמוזט אפגעבן זיי א פארלאזטן לאגער, קעמפ אנאקאסטא, עטלעכע מייל פון שטאט, און עטלעכע צעבראכענע געביידעס אין מיטן שטאט.

באלד האט זיך ארויסגעוויזן, אז די שווינדלער און אוואנטוריסטן קענען ניט קאנטראלירן די פיל טויזנטער וועטעראנען. די אלע האפענונגען, אז

קאָנגרעס וועט האָבן איינזעעניש מיט דער שווערער לאַגע פון די אַרבעט־לאָזע עקס־סאָלדאַטן, זיינען צעבלאָזן געוואָרן ווי רויך. דער פּאָליציי־שעף, גענעראַל־גלעספאָרד, וואָס האָט אָרגאַניזירט זיינע מענטשן אין לאַגער און האָט באַוואוסטזיניק געהאָלפן וואָטערס, האָט אויך געזען אַז אַלע זיינע מיטלען זיינען אַרויסגעוואָרפן. די וועטעראַנען זיינען געקומען קריגן דעם באָנוס און ווילן ניט אַוועקגיין מיט ליידיקע הענט. אַ סך זיינען געקומען מיט זייערע פאַמיליעס.

די לעצטע האָפענונג מיט וואָס וואָטערס און זיינע מענטשן האָבן געשפּייזט די וועטעראַנען, איז פאַרשוואונדן ווען קאָנגרעס האָט זיך אויפ־געלייזט. די אויפרעגונג פון די וועטעראַנען איז געשטיגן. זייער גלויבן אין דער רעגירונג און קאָנגרעס האָט געליטן אַ פאַרניכטנדיקן קלאַפּ. פינף טעג נאָכדעם ווי קאָנגרעס האָט געשלאָסן זיינע זיצונגען האָבן די שטאָט־קאָמישאָנערס פון וואַשינגטאָן געגעבן די וועטעראַנען פינף טעג צו פאַרלאָזן די שטאָט. די וועטעראַנען האָבן זיך אַנטזאָגט אויסצופאָלגן דעם באַשלוס, ניט געקוקט אויף די באַמיאונגען פון וואָטערס און זיינע אַרויסהעלפער.

די עקס־סערוויסמענס ליג האָט אַרויסגעלאָזט אַ רוף צו די וועטעראַנען מיט אַ דערקלערונג וועגן דער אמתער לאַגע און אויפפאָדערנדיק זיי צו פאַר־בלייבן אָרגאַניזירטערהייט, וואָס עס זאָל ניט געשען.

מיליטאַנטישע וועטעראַנען ערשטע אַטאַקירט צו ווערן

פאַר דעם ערשטן פּונקט פון דער אַטאַקע האָט די פּאָליציי אונטער דעם „ליבעראַלן" גלעספאָרד אויסגעקליבן דאָס האַלב־צעשמעטערטע הויז וואו די עקס־סערוויסמענס ליג האָט זיך געפונען. פּאָליציי, באַוואָפנט מיט די לעצטע מאָדערנע וואָפן, זיינען באַפאַלן די וועטעראַנען אין הויז. צוויי וועטעראַנען, וויליאַם האַשקאַ, אַ ליטווישער אַרבעטער פון שיקאַגאָ, אַ מיט־גליד פון דער ליג, און עריק קאַרלסאָן, זיינען געשטאָרבן פון זייערע וואונדן. אָבער די וועטעראַנען האָבן צוריקגעשטויסן די פּאָליציי. דעמאָלט האָט האָוווער, אונטער דעם אויסרייד אַז אין דער הויפּט־שטאָט ברויזט אַ רעוואָ־לוציע, אַרויסגערופן פעדעראַלע מיליטער, וואָס איז געשטאַנען אָנגעגרייט עטלעכע טעג אין אַ דערבייאיקער פעסטונג. עס זיינען אויך געווען אָנגעגרייט אַ פּאָר טויזנט מאַרינען (ים־סאָלדאַטן), אָבער זיי האָט מען צוריקגערופן אין דער לעצטער מינוט. אַ קלאַנג האָט זיך פאַרשפּרייט, אַז די מאַרינען האָבן ניט אַרויסגעוויזן קיין גרייטקייט צו שיסן אויף זייערע געוועזענע חברים.

גענעראַל דאָגלאַס מעקאַרטור, הויפּט פון גענעראַל־שטאַב פון דער אַמעריקאַנישער אַרמיי, האָט זיך פּערזענלעך געשטעלט אין דער שפּיץ פון די אַרמיי־אָפּטיילונגען; טאַנקעס, מאַשין־ביקסן, קאַוואַלעריע און אינפאַנטעריע האָבן זיך געלאָזט שפּעט נאָכמיטאָג איבער די הויפּט־גאַסן צום קעמפּ אַנאַקאָסטאַ. אָן אַ וואָרנונג האָבן די פעדעראַלע טרופּן אָנגעהויבן אַ גאַז־אַטאַקע אויף די איינוואוינער פון קעמפּ. נאָך דער גאַז־אַטאַקע האָבן זיך געקייקלט די טאַנקעס און די מאַשין־ביקסן. סאָלדאַטן אָנגעטאָן אין שטאָלענע היטלען, גאַז־מאַסקעס אויפן פּנים און באַיאָנעטן אין די הענט, האָבן געטריבן די וועטעראַנען און זייערע פאַמיליעס ווי מען טרייבט אַ פיינטלעכע אַרמיי נאָך אַ געלונגענער אַטאַקע. די ביידלעך זיינען אָנגעצונדן געוואָרן. דער קעמפּ איז אינגאַנצן פאַרברענט געוואָרן. אַלץ וואָס די וועטעראַנען האָבן געהאַט מיט זיך איז אומגעקומען אין די פלאַמען. די סאָלדאַטן האָבן ניט געלאָזט קיינעם נעמען עטוואָס פון די ביידלעך. די רעגירונג פון די פאַראייניקטע שטאַטן איז אַרויס אין מלחמה געגן די אַרבעטלאָזע, געוועזענע סאָלדאַטן.

די וועטעראַנען זיינען ניט צוריקגעטראָטן אָן אַ ווידערשטאַנד. די סאָלדאַטן זיינען באַגעגנט געוואָרן מיט שטיינער. פיל וועטעראַנען האָבן זיך געשטעלט מיט הוילע הענט געגן די באַיאָנעטן. אָבער דער שיקזאַל פון דעם ווידערשטאַנד איז געווען פאַרזיגלט אין פאָראויס. די עטלעכע טויזנט אומבאַוואָפנטע עקס־סאָלדאַטן האָבן גאָרניט געקענט טאָן געגן אַ פלוצלונגדיקער אָרגאַניזירטער אַטאַקע פון באַטאַליאָנען פעדעראַלע סאָלדאַטן באַוואָפנט מיט מאַשין־ביקסן, טאַנקעס און גאַז. די וועטעראַנען זיינען געטריבן געוואָרן אַ גאַנצע נאַכט. די פלאַמען פון קעמפּ זיינען געווען די איינציקע ליכט וואָס האָט זיי באַלויכטן דעם וועג.

אַ טייל פון די וועטעראַנען איז געקומען אין אַ שטעטל אין פּענסילווייניע. די איבעריקע זיינען צעטריבן געוואָרן אין פאַרשיידענע זייטן. וואָטערס און די אַנדערע שווינדלער און שפּיאָנען זיינען פאַרשוואונדן נאָכדעם ווי זיי האָבן פּרובירט רעאָרגאַניזירן זייערע רייען און שאַפן נייע פאַלשע וועטעראַנען־אָרגאַניזאַציעס וועלכע זיי זאָלן באַהערשן. זיי איז דאָס ניט געלונגען. די עקס־סוירוויסמענס ליג איז געוואָרן גרעסער און פּאָפּולערער.

דער גערויש וואָס די טאַנקעס האָבן אָנגעמאַכט אויף די גאַסן פון וואַשינגטאָן האָט אַרויסגערופן אַ קאָלאָסאַלן גערודער איבערן לאַנד. די פלאַמען פון דעם פאַרברענטן קעמפּ אַנאַקאָסטאַ האָבן באַלויכטן פאַר מיליאָנען האַרעפּאַשניקעס די גאַנצע גרויזאַמע ברוטאַליטעט פון דער הואָווער־

רעגירונג. הואווערם אטוירני־דזשענעראל, מיטשעל, האט פרובירט ווארפן די פאראנטוואָרטלעכקייט אויף די קאָמוניסטן. ער האָט געמאכט א כלומרשטע אונטערזוכונג און אויסגעפונען „שרעקלעכע פארשווערונגען" פון די קאָמוניסטן, אָבער קיינער האָט אים ניט גענומען ערנסט. ניט אלע האָרעפּאַשניקעס האָבן אָבער געזען, אז הינטער הואווערן איז געשטאַנען דער גאנצער קאפּיטאַליסטישער קלאַס, וואָס האָט אַפּלאָדירט הואווערם מוט און קוראזש אין באַהאנדלען די רויטע און די „שלעפּער". מיליאָנען האָרעפּאַשניקעס, אויפגעבראכט געגן הואווערס גוואלדטאטן און דערצאָרנט פון זיין געגנערשאַפט צו יעדער פּראָגראַם פון הילף פאַר די ארבעטלאָזע, האָבן אויסגעלאָזט זייער האַס געגן רעפּובליקאַנישן הואווער און מיט א גרויסער מערהייט אויסגעקליבן פרענקלין ד. רוזוועלט, קאַנדידאַט פון דער דעמאָקראַטישער פּארטיי, פאַר פּרעזידענט. לעניגס באַרימטע כאַראַקטעריסטיק פון דער צוויי־פּאַרטיי — אָדער דריי־פּאַרטיי — סיסטעם פון בורזשואזן פּאַרלאַמענטאַריזם, האָט זיך ווידעראַמאָל גלענצנדיק באַשטעטיקט.

### לעניגס כאַראַקטעריסטיק פון די צוויי פּאָליטישע הענט פון קאַפּיטאַליזם

לענין האָט אין זיין בריוו צו די ענגלישע ארבעטער אין 1920 אָנגעוויזן, אז די צוויי פּאַרטייען וואָס דער בריטישער קאַפּיטאַליזם האַלט אויף, די קאָנסערוואַטיווע פּאַרטיי און די ליבעראַלע פּאַרטיי, (זינט יענער צייט איז צוגעקומען נאָך א פּאַרטיי, די לייבאָר־פּאַרטיי), זיינען די צוויי הענט מיט וועלכע דער ענגלישער קאַפּיטאַליזם רעגירט. קאַפּיטאַליזם דאַרף האָבן צוויי הענט, ווייל ווען איין האַנט ווערט מיד, ווען איין פּאַרטיי ווערט דיסקרעדיטירט און פאַרהאַסט צווישן די מאַסן, שטעלט אַרויס דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס זיין צווייטע האַנט, די צווייטע פּאַרטיי. די מאַסן דענקען, אז די צווייטע פּאַרטיי, די פּאַרטיי פון דער אָפּאָזיציע, איז שטאַרק אַנדערש פון דער פּאַרטיי אין מאַכט. די מאַסן גייען צו די שטים־קעסטלעך אין די וואַלן און וואַרפן אַרונטער די רעגירנדיקע פּאַרטיי און ברענגען אריין אין מאַכט די אָפּאָזיציע־פּאַרטיי. די מאַסן גלויבן, אז זיי האָבן דערמיט דערלאַנגט א קלאַפּ זייערע הערשער און פאַרבעסערט זייער לאַגע, אויסקלייבנדיק נייע מענטשן אין דער רעגירונג. אין דער ווירקלעכקייט האָבן זיי אויסגעקליבן די צווייטע האַנט פון זעלבן הערשנדיקן קאַפּיטאַליסטישן קלאַס.

די זעלבע לאַגע ווי אין ענגלאַנד איז אין די פאַראייניקטע שטאַטן. דער הערשנדיקער קלאַס האָט צו זיין דינסט צוויי גרויסע פּאַרטייען, די רעפּוב־

ליקאַנישע און די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי. די מאַסן וואָס האָבן געשטורעמט נעגן דער הואווער־רעגירונג האָבן געגלויבט, אַז שטימענדיק פאַר דעם געגן־קאַנדידאַט גיבן זיי אַ קלאַפּ וואָל־סטריט, פאַר וועמען הוואווער האָט רעגירט. רוזוועלט האָט באַנוצט אַ סך ראַדיקאַלע פראַזן צו פאַנגען די מאַסן. ער איז אַרויסגעטראָטן געגן די באַנקירן. די מאַסן האָבן דעמאָלט, נאָוועמבער 1932, ניט געוואוסט אַז הואווערס דעמאָקראַטישער געגן־קאַנדידאַט איז אַ צווייטע האַנט פון דער זעלבער וואָל־סטריט, אַז זיי קלייבן אויס אַ צווייטע רעגירונג פון זעלבן קאַפּיטאַליסטישן קלאַס, וועמען הואווער האָט פריער געדינט. די מאַסן האָבן פאַרמאָגט גרויסע אילוזיעס. זייער אַנטוישונג אין רוזוועלטן איז געקומען שפּעטער.

## אַכט-און-דרייסיקסטער קאַפּיטל

# רוזוועלטס „אויפלעבונג”-פּראָגראַם

רוזוועלטס סאָציאַלע דעמאַגאָגיע. — רוזוועלט האָט פאַרגרעסערט פּראָפיטן פון קאַפּיטאַליסטן. — נ.ר.א. האָט ניט אָפּגעשאַפט אַרבעט-לאָזיקייט און ניט געהעכערט קויף-קראַפט. — די פאַרשטאַרקטע ראַציאָנאַליזאַציע און יאָגעניש. — דאָס רעכט צו זיין אָרגאַניזירט איז געבליבן אויפן פּאַפּיר. — א. פ. אָוו ל. און ס. פּ. פירער העלפן שפּרייטן נ.ר.א. אילוזיעס. — די סטרייק-כוואַליע אין 1933 און 1934. — טאָלידאָ, מינעאַפּאָלים און סאַן פראַנציסקאָ. — די פרוכט-באַרע טעטיקייט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. — דער קורצער ברוגז צווישן די א. פ. אָוו ל. פירער און רוזוועלטן. — די פאַרשטאַרקונג פון קריג-פאַרברייטונגען. — הערשנדיקער קלאַס באַנוצט אָפּטער פאַשיסטישע מיטלען.—די אָנקומענדיקע גרויסע אַרבעטער-קאַמפּן.

פרענקלין ד. רוזוועלט האָט אַריינגעמאַרשירט אין ווייסן הויז, מערץ 4, 1933, נאָך אַ קאָלאָסאַלער סאָציאַל־דעמאַגאָגישער וואַל־קאַמפּאַניע, וואָס האָט קוים איר גלייכן אין דער פּאָליטישער געשיכטע פון אַ לאַנד, וואָס צייכנט זיך אויס מיט סאָציאַלער דעמאַגאָגיע אין וואַל־קאַמפּאַניעס.

ווי גוטע פּאָליטישענס, האָבן די פירער פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי שטאַרק אויסגענוצט די אָנגעקליבענע ביטערקייט און צאָרן ביי די ברייטע שיכטן פון דער באַפעלקערונג געגן דער הואווער־הונגער־רעגירונג. רוזוועלט האָט אין זיינע וואַל־רעדעס אויסגעשמידט צוויי ביטערע לאָזונגען. ער האָט דערקלערט, אַז אין לאַנד געפינט זיך אַ „פאַרגעסענער מענטש”. אַכציק פּראָ־צענט פון דער באַפעלקערונג באַלאַנגען צו דער פאַרגעסענער קאַטעגאָריע. ווען רוזוועלט וועט דערוויילט ווערן פּרעזידענט, וועט ער געבן די פאַרגעסענע מענטשן אַ „נייעם דיל” (דאָליע, מערכה). דער דעמאָקראַטישער פּרעזידענט־קאַנדידאַט האָט זיך ניט געפוילט צוצוזאָגן אַרבעטלאָזע פאַרזיכערונג, הילף די פאַרמער, די אייגנטימער פון קליינע געשעפטן און הייזער א. ד. ג.

רוזוועלט איז דערוויילט געוואָרן מיט 22,321,525 שטימען געגן הואווערס 15,957,527 שטימען. א ריי זיכערע רעפּובליקאַנישע שטאַטן זיינען

אריבער אין דעמאָקראַטישן לאַגער. אַ יאָר שפּעטער האָט רוזוועלט אויך געקראָגן אַ גרויסע דעמאָקראַטישע מערהייט אין ביידע הייזער פון קאָנגרעס. דער וועג איז געלעגן פריי דורכצופירן זיינע פאַרשפּרעכונגען.

די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי איז פאַרבליבן אַנטוישט פון דעם וואַל־רעזולטאַט. אַנשטאָט די פיר אָדער פינף מיליאָן שטימען וואָס די ס. פּ. האָט זיך געריכט צו קריגן, אַ דאַנק דער פריינטלעכער שטיצע פון דער קאַפּיטאַ־ליסטישער פּרעסע, האָט איר פּרעזידענט־קאַנדידאַט, נאָרמאַן טאָמאַס, געצויגן ווייניקער פון אַ מיליאָן — 884,781 שטימען. פּאַסטער, דער פּרעזידענט־קאַנדידאַט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, האָט אָפיציעל געקראָגן 102,991 שטימען. אין אייניקע וויכטיקע שטאַטן איז די קאָמוניסטישע פּאַרטיי ארונטערגענומען געוואָרן פון באַלאָט; אַ סך שטימען זיינען, ווי אַלע מאָל, פאַרציילט געוואָרן. אַפילו אַזוי, איז דאָס געווען דאָפּלט ווי אין 1928.

אין זיין אינאַגוראַציע־רעדע האָט רוזוועלט פייערלעך פאַרזיכערט:

> „די געלט-טוישער זיינען אַנטלאָפן פון זייערע הויכע ערטער אין דעם טעמפּל פון אונזער ציוויליזאַציע. איצט קענען מיר אומקערן דעם טעמפּל צו די אוראַלטע אמתן. די מאָס פון דעם אומקער ליגט אין דעם אופן, ווי אַזוי מיר וועלן אָנווענדן סאָציאַלע ווערטן, וואָס זיינען נאָבעלער ווי בלויז געלט-פּראָפיטן."

רוזוועלט האָט איבערגענומען די רעגירונג אין דעם נידעריקסטן פּונקט פון קריזיס. אַ האַלבע שטונדע נאָך זיין אינאַגוראַציע־רעדע האָט ער געמוזט דורך אַ פּראָקלאַמאַציע צושליסן אַלע באַנקען פון לאַנד אויף אַ וואָך צייט; ווען ניט דער אייליקער שריט, וואָלטן די באַנקען זיך אַליין צוגעמאַכט — אָן דעם אויסזיכט זיך צו עפענען נאָכאַמאָל.

## רוזוועלט האָט געהאָלפן די קאַפּיטאַליסטן

מען דאַרף צוגעבן, אַז רוזוועלט האָט געהאַנדלט שנעל און ענערגיש. ער האָט געפאָדערט און געקראָגן פון קאָנגרעס פול־מאַכט, וואָס קיין פּרעזי־דענט האָט ניט פאַרמאָגט אין פרידן־צייט. אַ ריי רעגירונג־אָרגאַנען זיינען גלייך איינגעשטעלט געוואָרן, אַרויסצושטופּן דעםווירטשאַפטלעכן וואָגן פון דער טיפער בלאָטע. די אָרגאַנען האָבן געהאַט נאָענט צו צען ביליאָן דאָלאַר אין צוויי יאָר צייט. מיט אָט־דער ריזיקער סומע האָבן זיי באַדאַרפט ברענגען די צוגעזאָגטע עקאָנאָמישע אויפלעבונג.

נאָך פולע צוויי יאָרן רוזוועלט־אַדמיניסטראַציע, איז דער ריינער רעזול־

טאַט פון דער גוואַלדיק־צעפּויקטער אויפלעבונג־פּראָגראַם — אַ צייטווייליקע אַטעם־איבערכאַפּונג פון קאַפּיטאַליזם, וואָס דריקט זיך אויס אין פאַר־גרעסערטע פּראָפיטן פאַר די קאַפּיטאַליסטן און אין אַ פאַרקלענערטער קויף־קראַפט פאַר די מאַסן פון דער באַפעלקערונג.

די אַלע ספּעציעלע קערפּערשאַפטן, ווי די רעקאָנסטראַקשאַן פיינענס קאָרפּאָריישאָן (געגרינדעט נאָך פון הואווערן), די האוזינג קאָרפּאָריישאָן, די נעשאָנאַל ריקאָווערי אַדמיניסטריישאָן (נ.ר.א.), די אַגריקאַלטשורעל אַד־דזשאַסטמענט אַדמיניסטריישאָן (א.א.א.) און די איבעריקע נויט־פאַל אָרגאַנען האָבן געהאַט איין צוועק: צו ראַטעווען די איצטיקע באַנקראָטירטע סיסטעם אויפן רעכענונג פון די ברייטע שיכטן פון דער באַפעלקערונג אין די שטעט און אויף די פאַרמס.

די אַלע קרעדיט־איינשפּריצונגען אין דירעקטע הלואות וואָס די קאַפּי־טאַליסטן האָבן באַקומען פון דער רוזוועלט־רעגירונג, צוזאַמען מיט די נ.ר.א. באַמיאונגען אָפּצוהאַלטן די אַרבעטער פון פאָדערן אַ גרעסערן טייל פון דעם ווערט פון זייער פּראָדוקציע, האָט גוואַלדיק געהויבן די פּראָפיטן פון די קאַפּיטאַליסטן. די נ.ר.א. האָט זיי געהאָלפן אָפּן אויסצומיידן די אַנטי־טראָסט געזעצן. דאָס האָט געפירט צו העכערן די פּרייזן און צו פאַרשטאַרקן דעם מאָנאָפּאָליסטישן קאָנטראָל פון גרויס־קאַפּיטאַל אויף אַלע צווייגן פון דער ווירטשאַפט.*)

## דער וואוקס פון פּראָפיטן און די פאַרערגערטע לאַגע פון די אַרבעטער

די ספּעציעלע אָנשטרענגונגען וואָס רוזוועלט האָט געמאַכט צו פאַר־בעסערן די עקאָנאָמישע לאַגע, האָבן ווייניק וואָס געהויבן די פּראָדוקציע, זיי האָבן אָבער געהעכערט דעם טייל וואָס דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס קריגט פון דער פּראָדוקציע. די שטייגנדיקע פּראָפיטן און דיווידענטן שטאַמען מער פון דעם פאַרגרעסערטן קאַפּיטאַליסטישן חלק, ווי פון דער פאַר־גרעסערטער פּראָדוקציע.

אין 1933 האָט די דזשענעראַל מאָטאָרס קאָמפּאַניע, די גרעסטע אָטאָ־

*) קלאַרענס דאַראָו און טאָמפּסאָן האָבן מאַי, 1934, צוגעשטעלט אַ באַריכט פון זייער אונטערזוכונג — באַשטעלט פון רוזוועלטן — איבער דער טעטיקייט פון דער נ.ר.א. און אירע קאָודס פון יושרדיקער קאָנקורענץ. דער באַריכט איז געווען אַ שאַרפע אָנקלאַגע געגן דעם מאָנאָפּאָליסטישן כאַראַקטער פון דער נ.ר.א., וואָס טרייבט אַרויס דעם קליינעם געשעפטמאַן פון דער אינדוסטריע.

מאָביל־פירמע, געמאַלדן פּראָפיטן פון 83 מיליאָן דאָלאַר. דאָס איז אין פאַר־גלייך מיט 600,000 דאָלאַר פּראָפיטן אין 1932. אין 1934 זיינען די פּראָפיטן געשטיגן אויף עלף און אַ האַלב מיליאָן דאָלאַר.

אַן אונטערזוכונג דורכגעפירט פון דער באַנקען־הויז דילאָן און קאָמ־פּאַניע איבער דעם איינקונפט פון 224 גרויסע פירמעס, האָט פעסטגעשטעלט אַז זייערע פּראָפיטן זיינען אין דעם צווייטן פערטל יאָר פון 1934 געווען מיט 37 פּראָצענט גרעסער ווי אין דעם זעלבן פערטל יאָר פון 1933. („טייםז", אויגוסט 12, 1934.)

לויט די ציפערן פון דער פעדעראַלער רעזערוו באַנק פון ניו יאָרק, האָבן 500 גרויסע פירמעס פאַרגרעסערט זייערע פּראָפיטן אין 1934 אויף 112 פּראָצענט אין פאַרגלייך מיט 1933. די פּראָפיטן פון 290 גרעסטע קאָר־פּאָראַציעס האָבן אין דעם זעלבן פעריאָד דערגרייכט די סומע פון 430 און אַ האַלבן מיליאָן דאָלאַר, אַנשטאָט די קאַרגע 203 מיליאָן דאָלאַר אין די זעלבע ניין מאָנאַטן פון 1933. די צאָל מיליאָנערן האָט זיך פאַרדאָפּלט אין 1933. דער פולער באַריכט פאַר 1934 וועט אָן צווייפל אַרויסברענגען נאָך אַ גרעסערע צאָל מענטשן מיט איינקונפטן פון אַ מיליאָן און העכער אַ יאָר.

די פאַרערגערטע לאַגע פון דעם אַרבעטער־קלאַס איז אָפּגעשפּיגלט אין די ציפערן פון דער נעשאָנאַל קאָנפערענץ באָארד, די סטאַטיסטישע אָרגאַני־זאַציע פון די אַרבעטגעבער.

יולי 1934 — צאָל באַשעפטיקטע — 15 פּראָצענט העכער ווי יולי 1933.
״ ״ — אַלגעמיינער לוין — 19.1 פּראָצענט העכער ווי יולי 1933.
״ ״ — רעאַלע קויף־קראַפט — 2.1 — נידעריקער ווי אין יולי 1933.

יוני 1934 איז געווען אַ הויכער פּונקט פון פּראָדוקציע, וואָס האָט דער־גרייכט אַכציק פּראָצענט פון דער פּראָדוקציע אין 1926. אין יולי איז דער אינדוסטריעלער באַראָמעטער געפאַלן אויף 73 פּראָצענט. דער באַרג־אַרונטער פּראָצעס איז, מיט ווייניק אויסנאַמען, אַ שטענדיקער. דערפאַר איז דער רעאַלער לוין געפאַלן אויף דריי פּראָצענט אָנהייב 1935.

## די נ.ר.א. — וואָס זי האָט געוואָלט זיין און וואָס זי איז געווען

די נ.ר.א. האָט באַדאַרפט זיין דער וויכטיקסטער אינסטרומענט פאַר עקאָנאָמישער אויפלעבונג. די נ.ר.א. האָט געוואָלט הויבן די קויף־קראַפט פון די אַרבעטער דורך:

1. העכערן לוין;
2. קירצערע שטונדן;
3. דאָס רעכט צו זיין אָרגאַניזירט.

אויסגעלאָזט האָט זיך, אַז קיין איין פּונקט איז ניט פאַרווירקלעכט געוואָרן אין לעבן.

דער מינימום־לוין. די קאָודס האָבן באַשטימט אַ מינימום־לוין פון 23 סענט ביז 40 סענט אַ שטונדע. אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע איז דער מינימום־לוין געווען 13 דאָלאַר אַ וואָך אין די צפון־שטאַטן און 12 דאָלאַר אין די דרום־שטאַטן. צוליב דעם הונגער־לוין, וואָס האָט געהערשט אין דער גרויסער מערהייט אינדוסטריעס, איז דער נידעריקער מינימום־לוין געווען אַ קליינע העכערונג פאַר ניט־געשולטע און האַלב־געשולטע אַרבעטער. אָבער דער שטייגנדיקער יקרות, וואָס איז געקומען צוליב רוזוועלטס באַמיאונגען, האָט איינגעשלונגען די קליינע לוין־העכערונג. די געשולטע אַרבעטער האָבן אין אַ ריי אינדוסטריעס באַקומען אַ דירעקטן לוין־שניט פון די קאָודס.

### דער שטייגנדיקער יקרות אויף לעבנס־מיטלען

אין מערץ 1935 האָט דער אַגריקולטור־סעקרעטאַר וואָלאַס צוגעגעבן, אַז שפּייז איז געשטיגן, זינט מערץ 1933, אויף 34.2 פּראָצענט. וואָלאַס האָט מיט שטאָלץ פאַרזיכערט, אַז איידער דער האַלב יאָר וועט זיין פאַריבער וועט שפּייז שטייגן אויף נאָך 11 פּראָצענט. די פּאַרטייערונג איז אָנגעגעבן געוואָרן ווי אַ הילף די פאַרמער. אין דער ווירקלעכקייט איז די לאַגע פון פאַרמער ערגער, ווייל אים קומט אויס צו צאָלן נאָך טייערער פאַר אינדוסטריעלע פּראָדוקטן, אין דער צייט ווען די שפּייז־קאָמפּאַניעס נעמען צו דעם גרעסטן טייל פון די העכערע פּרייזן אויף פאַרם־פּראָדוקטן. דאָס איז דער ריינער אויפטו פון דער פּראָגראַם פון דער א. א. א., וואָס האָט געשניטן דעם פאַרזיי־שטח אויף אַ דריטל און אויסגעקוילעט מיליאָנען קי, שעפּסן און חזירים, צו שאַפן אַ קינסטלעכן מאַנגל אין פאַרם־פּראָדוקטן.

די צאָל אַרבעטלאָזע, וואָס איז פאַרקלענערט געוואָרן אָנהייב זומער 1934, איז ווידער געשטיגן. קיין אָפיציעלע ציפערן זיינען ניטאָ. די א. פ. אָוו ל., וואָס רעכנט נאָר אינגאַנצן אַרבעטלאָזע, האָט אָנגעגעבן נאָענט צו עלף מיליאָן אַרבעטלאָזע אין פעברואַר 1935. די לייבאָר ריסוירטש אַסאָסיי־איישאָן האָט אין אירע באַריכטן פאַרן זעלבן מאָנאַט אָנגעגעבן די צאָל

אַרבעטלאָזע העכער 17 מיליאָן. קלאָר איז, די אַרבעטלאָזע אַרמיי האַלט אין וואַקסן. דאָס קען מען זען פון דער שטייגנדיקער צאָל אַפּליקאַנטן פאַר הילף. אין פעברואַר 1935 זיינען 22 מיליאָן, 320 טויזנט מענטשן געווען אויף די הילף־צעטלען און ווייט ניט אַלע אַרבעטלאָזע קריגן הילף.*)

די אַרבעט־שטונדן. מיט איניקע אויסנאַמען, איז די דורכשניטלעכע אַרבעט־וואָך אין די קאָודס — 40 שטונדן. (איניקע נאָדל־פאַכן האָבן 35 שטונדן און די אַרבעטער אין די אַזוי־גערופענע באַדינונג־אינדוסטריעס, ווי פאַרקויפער, פאַרמאַצעווטן א. אַ., האָבן אַ פיל לענגערע אַרבעט־וואָך.) אַ פאַרקירצטע אַרבעט־וואָך איז אַ באַדייטנדיקע פאַרבעסערונג, ווען ניט די לעכער, וואָס די קאַפּיטאַליסטן האָבן אויסגעפונען אין די קאָודס, וואָס האָבן פאַקטיש געגעבן זיי אַ פרייע האַנט אַרויפצוצווינגען אויף די אַרבעטער לענגערע שטונדן, ווי דער פאַל אין דער אָטאָמאָביל־אינדוסטריע. (דאָרטן איז די פערציק שטונדן גערעכנט ניט לויט איין אַרבעט־וואָך, נאָר לויט אַ האַלב־יאָריקן פעריאָד. דאָס מיינט, אַז אין סעזאָן מוזן די אַרבעטער פראַצעווען לאַנגע שטונדן אויפן רעכענונג פון אַ געצוואונגענער אַרבעטלאָזיקייט נאָכן סעזאָן. איינגעטיילט אויף 25 וואָכן, באַקומט זיך דורכשניטלעך ווייניקער פון 40 אַרבעט־שטונדן.)

דער גרעסטער פּלאָג איז געוואָרן די אומגעהויערע ראַציאָנאַליזאַציע און יאָגעניש, וואָס די קאָוד־אָטאָריטעטן, פאַרוואַלטעט פון די קאַפּיטאַליסטן, האָבן דערלויבט איינצופירן. די אָנשטרענגונג פון דעם אַרבעטער איז פיל גרעסער. די אַרבעטגעבער קריגן אַרויס מער פּראָדוקציע ווי פריער אונטער אַ לענגערער אַרבעט־וואָך. נעמענדיק, ווידער, די אָטאָמאָביל־אינדוסטריע פאַר אַ ביישפּיל, האָט דער אָפיציעלער באַריכט פון דער נ.ר.א. פאָרשונג־און פּלאַניר־אָפּטיילונג, געפירט פון פּראָפעסאָר ל. הענדערסאָן, אַרויסגעבראַכט שרעקלעכע פאַקטן פון אוממענטשלעכער עקספּלואַטאַציע און שפּיאָנאַזש. דער באַריכט איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן פעברואַר 1935. די אָטאָמאָביל־אינדוסטריע איז ניט ערגער און ניט בעסער פון די איבעריקע אינדוסטריעס. איינע פון די הויפּט־פאָדערונגען פון די טעקסטיל־אַרבעטער, אין זייער גענעראַל־סטרייק, סעפּטעמבער 1934, איז געווען אָפּצושאַפן דעם שרעקלעכן

---

*) סוף מערץ, 1935, האָט מעיאָר לאַגוואַרדיאַס אונטערזוכונג-קאָמיטע צו-געשטעלט אַ באַריכט, אַז צוויי מיליאָן, 664 טויזנט מענטשן ליידן נויט אין ניו יאָרק, ווייל די ברויט-פאַרדינער זיינען אַרבעטלאָז. דאָס איז באַלד העלפט פון דער גאַנצער ניו יאָרקער באַפעלקערונג.

„סטרעטש־אוט״ סיסטעם, וואָס זויגט אויס די זאַפט פון די ביינער, דורך א גרויזאַם־אַרויפגעצוואונגענער פּראָדוציר־אַנלאָדונג.

דאָס רעכט צו זיין אָרגאַניזירט. דער טרויעריק־באַרימטער סעקשאָן סעווען איי (זיבעטער טייל פון דער נ.ר.א.), וואָס האָט אויסדריקלעך באַ־וואָרנט דאָס רעכט פון די אַרבעטער צו באַלאַנגען צו אַ יוניאָן פון זייער אייגענעם אויסוואַל, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ברוטאַלן פאַרס. טעאָ־רעטיש האָט דאָס געזעץ און זיינע אויספיר־אָרגאַנען באַדאַרפט קומען צו הילף די אַרבעטער אין זייערע אַרויסטרעטונגען צו צווינגען די אַרבעט־געבער צו אָנערקענען זייער רעכט צו זיין אָרגאַניזירט אין זייערע אייגענע יוניאָנס. אין דער ווירקלעכקייט, איז די גאַנצע נ.ר.א. מאַשינעריע אַריינ־געוואָרפן געוואָרן אויף דער זייט פון די אַרבעטגעבער, אין אַלע טראָסטי־פיצירטע אינדוסטריעס, ווי אָטאָמאָביל, אייזן און שטאָל, אַלומינום, מאַשינען־געבוי, כעמישע פּראָדוקטן, עראָפּלאַנען א. אז. וו.

סעקשאָן 7־א איז געוואָרן דער גרעסטער קוואַל פון שווינדל און באַ־טרוג. סענאַטאָר וואַגנער, פון אָנהייב פּאָרזיצער פון דער נעשאָנאַל לייבאָר באָארד, האָט אָפּגעשאַצט אַז אין 1933 אַליין זיינען די קאָמפּאַניע־יוניאָנס אויסגעוואַקסן אויף 169 פּראָצענט. (וואַגנערס אַרטיקל, ניו יאָרק „טיימז״, מערץ 11, 1934.)

דאָס געזעץ איז אַזוי פאַרדרייט געוואָרן, אַז דער אָטאָמאָביל־קאָוד האָט שוין פּאַקטיש אָנערקענט מינדערהייט־גרופּעס אין יעדער פאַבריק. דער דעמאָקראַטישער פּרינציפּ פון מאַיאָריטעט־הערשאַפט איז אָפּגעווישט געוואָרן. דאָס אַליין האָט געגעבן די קאַפּיטאַליסטן אַ מעגלעכקייטן צו שפּאַלטן זייערע אַרבעטער. זיי איז ניט שווער געווען צו אָרגאַניזירן קליינע גרופּעס אין די פאַבריקן, און געבנדיק זיי פאַרטרעטערשאַפט אין די קאָלעקטיווע פאַרהאַנד־לונגען, אַריינברענגען דעמאָראַליזאַציע, וואָס פירט צו דער אונטערגראָבונג פון דער אמתער יוניאָן.

די קאָודס אין די אָטאָמאָביל און שטאָל אינדוסטריעס האָבן אויך איינגעפירט די אַזוי־גערופענע „מעריט״־סיסטעם. אַרבעטער קענען אָנ־געשטעלט און אַנטזאָגט ווערן לויט זייערע פערזענלעכע אייגנשאַפטן. ווער באַשטימט די „אייגנשאַפטן״? דער פאָרמאַן (מייסטער), לויט זיין איינ־זעעניש. די יוניאָן עקזיסטירט בלויז אויפן פּאַפּיר, ווען די אַלטע „מעריט״־סיסטעם פאַרבלייבט אין קראַפט. אַ יוניאָן אָן דעם רעכט זיך אַריינ־צומישן ווען אַרבעטער ווערן אַנטזאָגט, האָט ניט קיין עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג.

רוזוועלט האָט געהאַט די אַקטיוו הילף פון די א. פ. אָוו ל. פירער

יעדע פּראָגראַם וואָס צילט צו ראַטעווען די קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג אויפן רעכענונג פון די מאַסן אין שטאָט און דאָרף, מוז זיך באַוואָרענען מיט זייער געהאָרכזאַמער צושטימונג. א באַוואוסטזיניקער, ענערגישער ווידערשטאַנד פון די מאַסן, וועט אומוואַרפן די פּראָגראַם ביי דעם ערשטן שריט זי צו פאַרווירקלעכן.

רוזוועלט האָט געזוכט זיך צו פאַרזיכערן מיט אַזאַ באַוואָרעניש דורך צוויי מיטלען: זיינע אייגענע זיסע פאַרשפּרעכונגען און די אַקטיווע שטיצע פון די א. פ. אָוו ל. פירער. פון זיינע ליפּן האָט געטריפט האָניק און בוימל האָט זיך געטראָגן פון יעדער רעדע. רוזוועלטס ווענדונג צום נייעם קאָנגרעס, יאַנואַר 1935, איז געווען אַ מייסטערווערק פון סאָציאַלער דעמאַגאָגיע. אויפן פּאַפּיר איז דאָרטן פאַנאַנדערגעוויקלט געוואָרן אַ גראַנדיעזע פּראָגראַם פון סאָציאַלער געזעצגעבונג, ווען אין דער ווירקלעכקייט האָט ער אונטערגעטראָגן די אומגעדולדיקע מאַסן אָרעמע ברעקלעך פון אַ צווייפל־האַפטן כאַראַקטער.

אָנהייב 1935 איז די אַנטווישונג אין רוזוועלטן געווען אין פולן שוואונג. רוזוועלט איז אָבער נאָך טריי געווען זיין פּאָליטיק: איין שריט פאָראויס, אין אַ רעדע, און צוויי שריט צוריק אין דער ווירקלעכקייט. זיין פּראָגראַם פון אַרבעטלאָזער פאַרזיכערונג, עלטע לייט־פּענסיע א. אז. וו., איז שוין אויפגענומען געוואָרן מיט אָפענעם אומצוטרוי פון די אַרבעטער. די גרויסע געשעענישן, זומער 1934, און די שטייגנדיקע אַרבעטלאָזיקייט, האָט געהאָלפן אויסניכטערן די אַרבעטער פון די גרויסע רוזוועלט־אילוזיעס.

דער צווייטער מיטל, וואָס איז געגאַנגען האַנט אין האַנט מיטן ערשטן, איז געווען די אָפיציעלע פירערשאַפט פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין דער א. פ. אָוו ל. און אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

די יוניאָן־פירער, די סאָציאַליסטישע אַריינגערעכנט, זיינען געווען די טעטיקסטע אַגענטן צו „פאַרקויפן" די מאַסן דעם „נייעם דיל". מיט זיכער־קייט קען מען זאָגן, אַז אָן זייער הילף, אָן זייער זינגענדיקער פּראָפּאַגאַנדע פאַר רוזוועלטן, וואָלט דעם אַפּאַסטאָל פון דעם „פאַרגעסענעם מענטשן" ניט געלונגען אָנצוהענגען די אַרבעטער אַ סטרייק־ברעכערישן אַפּאַראַט, אונטער אַ ריי וואויל־קלינגענדיקע נעמען.

## „מיר האָבן אַ גרויסן פריינט אין ווייסן הויז" — מעקמעהאָן

וויליאַם גרין, מעטיו וואָל, דזשאָן ל. לואיס, האָטשינסאָן, טאָבין, היל־מאַן, דובינסקי און נאָך און נאָך, זיינען ארומגעפאָרן איבערן לאַנד און געשפרייט האָפענונגען צווישן די ארבעטער אויף דעם דעמאָקראַטישן פּרעזי־דענט. נאָך אַזוי שפּעט ווי סעפּטעמבער 1934, האָט מעקמעהאָן, פּרעזידענט פון דער יונייטעד טעקסטיל וואָירקערס יוניאָן, אין אַ ראַדיאָ־רעדע צו די סטרייקער אין דעם ערשטן טאָג פון גענעראַל־סטרייק, פאַרזיכערט זיי: „אין ווייסן הויז זיצט אַ גרויסער ארבעטער־פריינט." ביי די נאַציאָנאַלע באַאמטע פון דער יו. ט. וו. יו. איז רוזוועלט געבליבן אַ גרויסער ארבעטער־פריינט, נאָכדעם ווי ער האָט פאַרלאַנגט פון זיי צוריקשיקן העכער 350,000 סטרייקער אין די פאַבריקן נאָך 20 טעג סטרייק, 16 דערשאָסענע און צענדליקער פאַר־וואונדעטע, אָן די מינדעסטע פאַרזיכערונגען געגן דיסקרימינאַציעס, שוין ניט רעדנדיק פון די מינדעסטע געווינסן. רוזוועלטס האָפענונג, אַז די טעקסטיל־קאָמפּאַניעס וועלן זיין אָנשטענדיק געגנוג צוריקצונעמען אַלע סטריי־קער, און אַ פאַרשפּרעכונג פאַר אַ נייער אונטערזוכונג, איז געווען דער איינציקער „זיג", וואָס מעקמעהאָן און גאָרמאַן האָבן געהאַט אין זייער קעשענע, צו באַרעכטיקן אַזאַ אומדערהערטע אַקציע געגן די אינטערעסן פון די ארבעטער אין דער גאַנצער טעקסטיל־אינדוסטריע. דער גאַנצער גענעראַל־סטרייק איז ארויפגעצוואונגען געווען אויף די פירער פון די ארבעטער. ביי דער ערשטער געלעגנהייט, רוזוועלטס אריינמישונג, האָבן זיי דעם סטרייק אויפגעגעבן. ארום 35,000 טעטיקע יוניאָן־מיטגלידער זיינען געבליבן אויסער ארבעט, צוליב דיסקרימינאַציע.

## ס. פּ. פירער טראָגן צו זייער טייל

די פירערשאַפט פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי האָט צוגעלייגט איר האַנט צו שטאַרקן רוזוועלטס אויפלעבונג־פּראָגראַם. ווען רוזוועלט האָט צוגעגרייט די נ.ר.א., האָט ער אויפגענומען ביידע ס. פּ. פירער, הילקוויט און טאָמאַס. ארויסגייענדיק, האָבן ביידע זיך אַנטזאָגט צו זאָגן אַ וואָרט געגן רוזוועלטס פּלענער.

נאָרמאַן טאָמאַס האָט ביי אַ סך געלעגנהייטן, אין דעם האָניק־פּעריאָד פון דער נ.ר.א., אויסגעדריקט זיין צופרידנקייט מיט דער נ.ר.א., וואָס „די ארבעטער קענען פיל דערוואַרטן פון איר". אב. קאַהאַן איז אַזוי פאַרכלינעט

געוועזן פון זיין באגייסטערונג פאר רוזוועלטן, אז ער האט אים פארגעשלאגן א מיטגליד־ביכל אין דער סאציאליסטישער פארטיי. (קאהאנ׳ס רעדע, אקטאבער 5, 1933, אויף דעם דרעסמאכער־מיטינג אין מעדיסאן סקווער גארדן. גראווער וההיילען, געוועזענער הויפט פון דער ניו יארקער פאליציי, וואס האט אטאקירט די ארבעטלאזע דעמאנסטראציע, מערץ 6, 1930, א פארשפרייטער פון די געפעלשטע אנטי־סאוועטישע דאקומענטן, איז געווען דער הויפט־העלד אויף דעם מיטינג.)

אויף דעם „פעלד־טאג פארהער" פון דער נ.ר.א. אין וואשינגטאן, סוף פעברואר 1934, ווען ארבעטער־דעלעגאציעס פון אטאמאביל, שטאל און אנדערע אינדוסטריעס האבן געשטורעמט געגן דער נ.ר.א., האט לואיס וואלדמאן, פארזיצער פון דער ס. פ. אין שטאט ניו יארק, נאך אלץ אויס־געדריקט זיין גלויבן, אז די נ.ר.א. איז א „פראגרעסיווע געזעצגעבונג". וואלדמאן האט אויך פארטראטן די סאציאליסטישע פירער אין די נאדל־פאך יוניאנס. וואלדמאן איז אפילו אין טאן ניט געווען אנדערש ווי די רעכטע א. פ. או ל. באאמטע.

ערשטן אויפן ס. פ. פארטיי־צוזאמענפאר אין דעטראיט, יוני 1934, האבן די לינקע און די מיליטאנטן (צענטריסטן) אין זייער פלאטפארמע פון א „רעוואלוציאנערער פאליטיק" אריינגעשטעלט א פאראגראף, וואס ברענגט ארויס, כאטש ניט גענוג קלאר, די אנטי־ארבעטער צוועקן פון דער נ.ר.א. דער רעכטער פליגל האט דערקלערט א קאמף ביז ארונטער — ביז א שפאלטונג — די פלאטפארמע, וואס די מערהייט דעלעגאטן און א מערהייט מיטגלידער האבן אנגענומען. (די אפשטימונג אין רעפערענדום איז געווען: פאר דער פלאטפארמע — 5,993 שטימען; געגן דער פלאטפארמע — 4,872 שטימען. ניו יארק, וואו די מערסטע יוניאן־באאמטע, סאציאליסטישע אדוואקאטן און „פארווערטס"־מענטשן געפינען זיך, האט געגעבן: פאר — 1,189 שטימען; געגן — 1,557 שטימען. אין מילוואקי, אן אלטע סאציאליסטישע פעסטונג, איז די אפשטימונג געווען: פאר — 1,032 שטימען; געגן — 109.)

### גרין קען ניט פארהיטן פון סטרייקס

שוין נאכדעם ווי די קאודס אין אטאמאביל און שטאל זיינען אונטער־געשריבן געווארן פון רוזוועלטן, קאודס וואס האבן ארויסגעבראכט דעם אנטי־ארבעטער כאראקטער פון דער נ.ר.א., האט וויליאם גרין געשריבן:

„מיר קענען ניט דערלויבן דעם גרויסן עקאָנאָמישן עקספּערימענט דורכצופאַלן. מיר קענען ניט דערלויבן אַז עס זאָל סאַבאָטאַזשעוועט ווערן. עס מוז זיין אַ דערפאָלג און עס וועט זיין אַ דערפאָלג. איך ציטער ביי דעם געדאַנק, וואָס עס וועט פּאַסירן מיט אונזער לאַנד, אויב עס פאַלט דורך. די אַרבעטער מוזן זען, אַז דער עקספּערימענט זאָל ניט דורכפאַלן. (וויקלי ניוס סוירוויס, א. פ. אָוו ל., אָקטאָבער 15, 1933.)

אַ מאָנאַט שפּעטער, אין נאָוועמבער־נומער „פעדערייישאָניסט”, האָט דער פּרעזידענט פון דער א. פ. אָוו ל. געמאַכט אַ שטאַרקערע אַרויסטרעטונג: „סטרייקס מוזן אויסגעמיטן ווערן” — האָט גרין געוואָרנט.

נאָר אַ טייל סטרייקס זיינען אויסגעמיטן געוואָרן. די סטרייק־כוואַליע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן זומער 1933, האָט געשלאָגן העכער אין 1934 און וועט, לויט אַלע אָנצייגער, שלאָגן נאָך העכער אין דער גאָר נאָענטער צוקונפט. צוויי־דריטל מיליאָן אַרבעטער האָבן אָנטיילגענומען אין די סטרייקס אין 1933 און נאָענט צו צוויי מיליאָן אין 1934. דער א. פ. אָוו ל. איז געלונגען צו דערשטיקן די סטרייק־באַוועגונג אין קוילן, שטאָל און אָטאָמאָביל. (מיטן אויסנאַם פון אָרטיקע סטרייקס). דער רוזוועלט־סעטלמענט פון דער אָטאָמאָביל־סיטואַציע, מערץ 1934, איז אַ מאָנומענט פון באַוואוסטזיניקער אָפּנאַרעריי. אָן גרינס אַקטיווע באַמיאונגען, וואָלט רוזוועלטן קיינמאָל ניט געלונגען אָנצוהענגען די אָטאָמאָביל־אַרבעטער אַזאַ שווינדל ווי די וואָלמאַן לייבאָר רילייישאָנס באָאַרד, אונטער וועמענס שוץ קאָמפּאַניע־יוניאָנס האָבן זיך פאַנאַנדערגעבליט.

שווער צו געפינען אַן אינדוסטריע, וואָס איז ניט פאַרוויקלט געווען אין דער סטרייק־באַוועגונג. אַרבעטער אין גאַז־ און עלעקטריציטעט־סטאַנציעס, טראַמוויי־אַרבעטער (מילוואָקי), אַלומינום־אַרבעטער, פאַרם־אַרבעטער (קאַליפאָרניע, ניו דזשוירזי, אָהייאָ א. אַ.), שטאָל און אייזן, אָטאָמאָביל, טעקסטיל, מאַשין־געבוי, עראָפּלאַנען, שיף־בוי און דאָק, מאַטראָסן, טרייבער, נאָדל־פאַך אַרבעטער, פאַרקויפער אין גרויסע געשעפטן (די באָסטאָן סטאָר אין מילוואָקי, קליין און אָרבאַק אין ניו יאָרק א. אַ.), און נאָך און נאָך. נייע אַרבעטער־שיכטן זיינען אַריינגעטראָטן אין די גרויסע קאַמפן, וואָס האָבן אין פיל ערטער דערגרייכט אַ הויכן גראַד און אפילו אַ פּאָליטישן כאַראַקטער, ווי די סטרייקס אין טאָלידאָ, מילוואָקי, מינעאַפּאָליס און דער גענעראַל־סטרייק אין סאַן־פראַנציסקאָ. צו זיי דאַרף אויך צוגערעכנט ווערן דער טעקסטיל גענעראַל־סטרייק.

אין די געשעענישן אין טאָלידאָ, מילוואָקי, מינעאַפּאָליס און סאַן־

פראַנציסקאָ האָבן מיר אַ קלאַסישן מוסטער פון דעם קאָמוניסטישן טעזיס:
אין איצטיקן פעריאָד פון קאַפּיטאַליסטישן באַרג־אַראָפּגאַנג, וואַקסט אויס יעדער איינגעשפּאַרטער אַרבעטער־קאַמף פאַר טאָג־טעגלעכע פאָדערונגען אין אַן אַלגעמיינעם קאַמף צווישן די קלאַסן.

די פיר מעכטיקע און פּרעכטיקע אַרבעטער־אַרויסטרעטונגען האָבן געצויגן זייער קוואַל פון „געוויינלעכע" סטרייקס, וואָס האָבן אַרומגעכאַפּט דאָס לאַנד, זומער 1934, ווי אַ פייער כאַפּט אַרום טרוקן האָלץ. אין דער אַנגעגליטער אַטמאָספערע פון זייער אָנגעצויגענע קלאַסן־באַציאונגען, האָבן די סטרייקס, שריט ביי שריט, אָנגענומען אַ העכערע פאָרמע. אַרום יעדן צד האָבן זיך געזאַמלט זיינע קלאַסן־כוחות. די באַפעלקערונג אין שטאָט איז פאַקטיש צעטיילט געווען אין צוויי פיינטלעכע לאַגערן. די צווישן־עלעמענטן האָבן זיך געצויגן, ווער צו איין קלאַס, ווער צום צווייטן. די קלאַסן־ליניע איז געווען שאַרף אויסגעלייגט, כאָטש ניט אַלע אַרבעטער־אָנטיילנעמער האָבן זי באַנומען מיטן פולן באַוואוסטזיין.

די געשיכטע מוז, צום באַדויערן, זיך באַנוגענען נאָר מיט אַ קורצער רעזומע פון די אָטעם־פאַרכאַפּנדיקע קאַמפן אין די פיר שטעט. אַ פולע באַשרייבונג און אָפּשאַצונג מוז אויסגעלאָזט ווערן. זייער גראַנדיעזער פאַרנעם און גרויסע לערע וואָס זיי ברענגען דעם אַרבעטער־קלאַס, איז פון היסטאָרישער באַדייטונג.

## מאַסן־קאַמף אין טאָלידאָ געווינט סטרייק

אין טאָלידאָ איז פון אָנהויב אַפּריל 1934 אָנגעגאַנגען אַ סטרייק פון צוויי טויזנט אַרבעטער אין דער אָטאָ־לייט פאַבריק, וואָס פּראָדוצירט טיילן פאַר אָטאָמאָבילן. די מאַנעווורעס פון דער לייבאָר־באָארד און די אומטעטיקייט פון די יוניאָן־באַאמטע — דער סטרייק איז געפירט געוואָרן פון אָנהענגער פון מאָסטי — האָבן געבראַכן די רייען פון די אַרבעטער. אָנהייב מאַי זיינען 1,200 סטרייקער צוריקגעגאַנגען צו דער אַרבעט, נאָר העכער 600 זיינען געבליבן אין סטרייק.

דאָ זיינען צו הילף די סטרייקער געקומען די טויזנטער מיטגלידער פון אַרבעטלאָזן קאָונסיל. די ערשטע מאַי דעמאָנסטראַציע איז געווען דער ערשטער אָנזאָג פון אַ מאַסן־קאַמף. דער גאָווערנאָר פון אָהייאָ האָט גלייך געשיקט די מיליציע. זייער אַריינמישונג אין דעם סטרייק האָט אָנגעצונדן אַלע אַרבעטער אין טאָלידאָ. דער געגנט אַרום דער פאַבריק איז פאַרפּלייצט

געווען פון פיל טויזנטער ארבעטער, וועלכע האָבן עטלעכע מאָל געשטורעמט די פאַבריק מיט די סאָלדאַטן. ניט ווייניקער פון 15 טויזנט ארבעטער האָבן אָנטיילגענומען אין די גאַסן־קאַמפן דעם 2טן מאַי. נאָענט צו 10 טעג איז דער קאַמף אָנגעגאַנגען. די סאָלדאַטן האָבן געשאָסן. צוויי ארבעטער זיינען דערהרגעט געוואָרן. די ארבעטער זיינען נאָך טיפער אויפגעבראַכט געוואָרן. א גענעראַל־סטרייק איז געווען אומפאַרמיידלעך.

רוזוועלט האָט געשיקט אַ ספּעציעלע אויסגלייך־קאָמיסיע מיט הענרי טעפּט אין דער שפּיץ. די אָרטיקע א. פ. אָוו ל. פירער האָבן זייער שטאַרק ניט געוואָלט האָבן קיין גענעראַל־סטרייק, באַזונדערס נאָך ווען דער איינפלוס פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי איז שנעל געוואַקסן. האָבן זיי איינגעאָרדנט א גרויסן פּראָטעסט־מאַרש צו באַרואיקן די אויפגעצאָרנטע ארבעטער.

טעפּט האָט דערזען די שטימונג פון די ארבעטער און די אומוויליקייט פון די א. פ. אָוו ל. ־ מאַסטי־טוער צו האָבן א גענעראַל־סטרייק, האָט ער אַרויסגעקראָגן אַ קאָמפּראָמיס. די סטרייקער האָבן געקראָגן נאָר אַ טייל פון זייערע פאָדערונגען. גלייכצייטיק, איז דער מאַסן־קאַמף געווען א וואָרנונג דעם האַנדל־קאַמער אין טאָלידאָ אָפּצושטעלן די טעראָר־קאַמפּאַניע געגן די מיליטאַנטישע ארבעטער־אָרגאַניזאַציעס.

דער סטרייק פון די טראַמוויי־אַרבעטער אין „סאָציאַליסטישער" מילוואָקי

דער טראַמוויי־סטרייק אין מילוואָקי איז אויסגעבראָכן דעם 24סטן יוני. די סטרייק־פירער, א. פ. אָוו ל. באַאמטע, האָבן אָנגעהאַנגען זייער האָפענונג אויף דער נ.ר.א., וואָס וועט „צווינגען" די קאָמפּאַניע נאָכצוקומען סעקשאָן 7־איי. געצוואונגען די קאָמפּאַניע האָבן טויזנטער ארבעטער, הויפּטזאַכלעך די מיטגלידער פון ארבעטלאָזן קאונסיל, וואָס האָבן זיך געשטעלט געגן די שטאָט־סאָלדאַטן און ניט געלאָזט די טראַמווייען זיך רירן פון אָרט.

אַלע ארביטריישאָן־פּלענער פון דער נ.ר.א. און די טעראָר־מיטלען פון דער וויסקאָנסין שטאָט־רעגירונג און פון דער מילוואָקי־פּאָליציי זיינען געווען הילפלאָז געגן די שטאָלענע קאָלאָנעס פון ארבעטער, וואָס זיינען געשטאַנען אויף די רעלסן. אויך דער סטרייק איז געענדיקט געוואָרן מיט א קאָמפּראָמיס. די א. פ. אָוו ל. באַאמטע, וועלכע זיינען געווען איבער־געשראָקן פון דעם גאַנג פון סטרייק, ניט ווייניקער פון די קאַפּיטאַליסטן, האָבן זיך געאיילט צו שיקן די סטרייקער צוריק אָן די וויכטיקסטע פאָ־

דערונגען, ווי יוניאָן־אַנערקענונג און אַ לוין־העכערונג. אָבער די דיסקרימי־נאַציעס געגן יוניאָן־מיטגלידער זיינען אָפּגעשטעלט געוואָרן.

נאָכן סטרייק האָט דער „מילוואָקי סענטינעל" געשריבן:

„איצט קען מען זאָגן, אַז אונזער שטאָט האָט זיך געפונען אין אַ צושטאַנד פון ווירקלעכער רעוואָלוציע."

פאַרשטייט זיך, אַז מילוואָקי האָט זיך נאָך ניט געפונען אין אַ צושטאַנד פון ווירקלעכער רעוואָלוציע. אָבער אַז די בורזשואַזיע האָט געזען פאַר זיך אין איר שרעק דעם געשפּענסט פון רעוואָלוציע, איז אָן צווייפל.

## טראָצקיסטן אַרבעטן צו דערשטיקן גענעראַל־סטרייק אין מינעאַפּאָליס

די טרייבער (טימסטער) אין מינעאַפּאָליס, אַרום פינף טויזנט אין צאָל, זיינען פריער אַרויס אין סטרייק אין מאַי און אָפּגעשטעלט די ליפערונג פון סחורו... די צוויי הויפּט־פאָדערונגען זיינען געווען: יוניאָן־אַנערקענונג און אַ לוין־העכערונג. די סטרייקער, אַ רויער עלעמענט פּאָליטיש, האָבן דורכגעפירט מיליטאַנטישע פּיקעט־ליניעס. צוזאַמען מיט טויזנטער אַרבעט־לאָזע, מאָביליזירט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און אַרבעטלאָזן קאונסיל, האָבן זיי צעשמעטערט די פאַראייניקטע כוחות פון דעם האַנדל־קאַמער און פון דער פּאָליציי. אין אַ רויסן קאַמף מיט אַ פיל־טויזנט־קעפּיקער אַרבעטער־מאַסע אַרום דעם פּרוכט־גרינס מאַרק, איז אַ וויצע־פּרעזידענט פון אַ באַנק, איינגעשוואָרן פאַר אַ דעפּיוטי־שעריף, דערהרגעט געוואָרן. (דער הערשנ־דיקער קלאַס אין מינעאַפּאָליס האָט זיך ניט באַנוגנט מיט מאָביליזירן די אונטערוועלט־עלעמענטן. צווישן די 15 הונדערט איינגעשוואָרענע דעפּיוטי־שעריפס איז די מערהייט באַשטאַנען פון קאַפּיטאַליסטן. אַזוי ערנסט האָבן זיי באַטראַכט די סיטואַציע אין שטאָט.)

אין שפּיץ פון דעם לאָקאַל 574 פון דער אינטערנעשאָנאַל טימסטערס יוניאָן זיינען געשטאַנען די דאָן־ברידער, באַקאַנטע טראָצקיסטן. די טראָצקי־גרופּע, וואָס באַטראַכט זיך „רעוואָלוציאָנערער" ווי דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל, האָט אין דעם סטרייק זיך אויפגעפירט ווי עכטע, דער־פאַרענע אָפּאָרטוניסטן. זיי האָבן דערשטיקט די באַוועגונג פאַר אַ סימ־פּאַטיע־גענעראַל־סטרייק און געשליכטעט דעם סטרייק, מיט דער הילף פון דער נ.ר.א. און פון גאָווערנאָר אָלסאָן, פירער פון דער פאַרמער־לייבאָר פּאַרטיי און ערשט־קלאַסיקער דעמאַגאָג.

דער געווינס איז אָבער געווען א פּוסטער. די אָרגאַניזירטע קאַפּי־טאַליסטן האָבן צוויי מאָנאַטן שפּעטער, אין יולי, פּראָוואָצירט א נייעם סטרייק. די טרייבער האָבן איינגעזען, אז דער נ.ר.א.־אָלסאָן סעטלמענט האָט גאָרניט געשליכטעט.

די דאָן־ברידער האָבן ווידער קאָקעטירט מיט גאָווערנאָר אָלסאָן, פּונקט ווי ער איז אויסן צו העלפן די סטרייקער. ווען א פּאָליציי־פּאַטרול איז באַפאַלן פּיקעטס און דערשאָסן צוויי אויף טויט און עטלעכע צענדליק פאַר־וואונדעט, האָבן די סטרייק־פירער באַגריסט אָלסאָנס דערקלערונג פון קריג־צושטאַנד און די שטאַט־טרופּן.

אויסגעלאָזט האָט זיך, אז אָלסאָנס צוג איז געצילט געווען צו ברעכן דעם רינג מיט וועלכן די סטרייקער און זייערע סימפּאַטיקער האָבן אָפּגע־שטעלט די טראַנספּאָרטאַציע צו און פון די וואַרעהייזער און מערק. אָלסאָן האָט אַרויסגעגעבן הונדערטער דערלויבענישן צו פירמעס צו פירן סחורות. סאָלדאַטן זיינען מיטגעפאָרן אויף די טראָקס. אָלסאָנס סאָלדאַטן זיינען באַפאַלן די סטרייק־קוואַרטיר און געהאַלטן הונדערטער סטרייקער אין א לאַגער. שפּעטער האָט אָלסאָן דורכגעפירט אַן „איבערפאַל״ אויף דער אָר־גאַניזאַציע פון די קאַפּיטאַליסטן, צו דעמאָנסטרירן זיין אומפּאַרטייאישקייט. דאָרטן איז אָבער קיינער ניט אַרעסטירט געוואָרן.

דער צאָרן פון די אַרבעטער איז געשטיגן. א גענעראַל־סטרייק האָט זיך אָנגערוקט. די מערסטע יוניאָנס האָבן אָפּגעשטימט פאַר א גענעראַל־סטרייק. די דאָן־ברידער מיט די איבעריקע א. פ. אָוו ל. פירער, אָלסאָן און די פאַרמער־לייבאָר פּאָליטישענס האָבן גענומען איבערצייגן דעם האַנדל־קאַמער, אז די קאַפּיטאַליסטן לוינט זיך בעסער אויסצומיידן א קלאַסן־שלאַכט, באַ־זונדערס ווען אויף דעם פּאַסיפישן ים־ברעג פלאַקערט אַזא שלאַכט. א צוויי־טער סעטלמענט, אויך פון די קאָמפּראָמיס־כאַראַקטער, איז פון די סטרייקער אָנגענומען געוואָרן אָן באַזונדערער באַגייסטערונג.

## דער גענעראַל־סטרייק אין סאַן־פראַנציסקאָ

דער העכסטער אויסדרוק פון קאָנצענטרירטער קלאַסן־אַקציע איז געווען דער גענעראַל־סטרייק אין סאַן־פראַנציסקאָ, וואָס האָט אָנגעהאַלטן 3 טעג, יולי 16—18, 1934. פינף־און־זעכציק טויזנט אַרבעטער אין סאַן־פראַנ־ציסקאָ און אָוקלאַנד האָבן געוואָרפן די אַרבעט אין סימפּאַטיע מיט דעם מאַרין־סטרייק פון דריי טויזנט אַרבעטער, וואָס זיינען נאָענט צו עלף וואָכן

געווען פארוויקלט אין א בלוטיקן סטרייק געגן די שיף- און דאק-קאמפאניעס.

דעם סטרייק האבן אנגעהויבן די דאק-ארבעטער אין סאן-פראנציסקא. א גרופע מיליטאנטישע ארבעטער, מיט בריזשעס אין דער שפיץ, זיינען געשטאנען אין דער פירערשאפט פון סטרייק, וועמענס הויפט-פאדערונג איז געווען: קאנטראל איבער די דזשאבס (ארבעט). דער סטרייק האט זיך אריבערגעטראגן צו די איבעריקע האפנס ביים פאסיפישן אקעאן, פארטלאנד און סעאטל, געגן דעם ווילן פון דזשאזעף פ. ראיען, פרעזידענט פון דער דאק-ארבעטער (לאנגשארמען) יוניאן. די לינקע אינדוסטריעלע מארין אר־בעטער יוניאן איז צוגעשטאנען צום סטרייק און האט געהאלפן אפשטעלן דעם גרעסטן פאסיפישן האפן.

דעם 16טן יוני האט ראיען געשלאסן אן אפמאך מיט די דאק-קאמ־פאניעס. זיין אפמאך איז אנטשיידן צוריקגעוויזן געווארן פון די סטרייקער. ראיען און די קאמפאניעס האבן זיך ניט אפגעשטעלט. פלייסיק האבן זיי געמאכט צוגרייטונגען צו ברעכן דעם מארין-סטרייק מאנטיק, דעם 18טן יוני, און צו פארטרייבן די מיליטאנטן פון דער יוניאן.

די געמיינשאפטלעכע סטרייק-קאמיטע פון די צוויי יוניאנס האט גע־ענטפערט מיט א ריזיקער מאסן-פארזאמלונג פון סטרייקער און ארבעטער פון אנדערע פאכן. אויף דער פארזאמלונג איז ארויסגעשטעלט געווארן דער לאזונג: א סימפאטיע גענעראל-סטרייק געגן דער געפלאנטער אפענסיווע פון די קאפיטאליסטן. די קאמוניסטישע פארטיי איז געשטאנען הינטער דעם לאזונג.

### טרייבער, ערשטע ארויסצוגיין אין א סימפאטיע-סטרייק

די באוועגונג פאר א גענעראל-סטרייק איז געשטיגן מיט יעדן טאג. דער פלאן צו עפענען דעם האפן איז דורכעפאלן, ניט קוקנדיק אויף אלע פארבארייטונגען. צוויי סטרייקער זיינען דערשאסן געווארן אין קאמף צווישן פאליציי, סטרייקער און זייערע סימפאטיקער. גאווערנאר מעריאם האט גע־שיקט שטאט-טרופן, אבער דער האפן איז געבליבן פאראליזירט. אלע טרייבער זיינען נאך דעם 6טן יולי ארויס אין א סימפאטיע-סטרייק. דאס האט אינגאנצן אפגעשטעלט די טעטיקייט אין האפן.

די סאלידארישע האנדלונג פון די טרייבער — וועלכע ווערן פאררעכנט פאר פאליטיש-קאנסערוואטיווע ארבעטער — האט אנגעצונדן די מוחות פון די איבעריקע ארבעטער. העכער ניינציק יוניאנס האבן אפגעשטימט פאר

דעם גענעראַל־סטרייק. די פירער פון סענטראַל לייבאָר קאונסיל האָבן באַ־גריפן, אַז פאַר זיי איז געפערלעך זיך צו שטעלן געגן דעם מעכטיקן אַרבעטער־שטראָם, זיי וועלן אָפּגעשווענקט ווערן. האָבן זיי געענדערט זייער טאַקטיק, זיך געשטעלט אין שפּיץ פון דעם שטראָם, כדי ביי דער ערשטער געלעגנהייט פאַרקירעווען אים אַן אַ זייט.

די סענטראַל לייבאָר קאונסיל באַאמטע האָבן פאַרכאַפּט די פירער־שאַפט פון גענעראַל־סטרייק. זיי האָבן דערלויבט די גאַז־ און עלעקטריע־אַרבעטער צו פאַרבלייבן אויף די פּאָסטנס. די ציימונג־אַרבעטער האָבן זיך געלאָזט איבעררעדן פון זייערע באַאמטע און מיט דער הילף פון אַ שנעל־באַנייטן אָפּמאַך און אַ לוין־העכערונג פון צען פּראָצענט, פּונקט ערב דעם גענעראַל־סטרייק, זיינען זיי פאַרבליבן אויסער דעם סטרייק. די איבעריקע אינדוסטריעס זיינען פולשטענדיק פּאַראַליזירט געוואָרן.

די רוזוועלט־רעגירונג האָט אַוועקגעשיקט אַ גאַנצן שטאַב מיט הויכע באַאמטע צו ברעכן דעם גענעראַל־סטרייק איידער ער כאַפּט אַרום אַלע פּאַסיפישע שטאַטן. סענאַטאָר וואַגנער, גענעראַל דזשאָנסאָן, נ.ר.א. הויפּט, און מעקגריידי, געהילף־אַרבעט־מיניסטער א. אַ. האָבן געהאָרעוועט דער גענעראַל־סטרייק זאָל אויפגעגעבן ווערן. דזשאָנסאָן האָט געסטראַשעט די קאָמוניסטן מיט אויסראָטונג. מעקגריידי האָט באַאַרבעט די יוניאָן־פירער.

די פּרעסע אין קאַליפאָרניע האָט געטריבן אַ ווילדע היסטערישע העצע געגן די קאָמוניסטן. דער גענעראַל־סטרייק איז אונטערגעטראָגן געוואָרן ווי אַ טייוולשער פּלאַן פון מאָסקווע אָנצוהויבן די סאָציאַלע רעוואָלוציע אין אַמעריקע פון סאַן־פראַנציסקאָ. די ראַדיאָ, די קירכן האָבן מיטגעהאָלפן. אָבער די אַרבעטער האָבן זיך ניט צוגעהערט צו דער העצע. מיט אַ גע־הויבענער שטימונג האָבן זיי אָנטשלאָסן פאַרגעזעצט זייער קרעפטיקע סאָלידאַריטעט־אַקציע.

סטרייק אויפגעריסן פון אינעווייניק ; די טעראָר־קאַמפּאַניע געגן קאָמוניסטן

אויפן דריטן טאָג פון גענעראַל־סטרייק, ווען די פרוכט פון אַ פולן זיג איז געווען גאָר נאָענט, ווען די אַרבעטערשאַפט פון גאַנצן לאַנד האָט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם נאָכגעפאָלגט דעם גאַנג פון די פּאַסירונגען אין סאַן־פראַנציסקאָ און אַ באַוועגונג פאַר סימפּאַטיע־סטרייקס איז געוואַקסן אין צענדליקער שטעט, איז געקומען די פאַררעטערישע האַנדלונג. מיט אַ מערהייט שטימען פון די דעלעגאַטן צו דער סטרייק־קאָמיטע — אַלע באַאַמטע

און ניט אויסגעקליבן פון די מיטגלידער אין דער סטרייק־קאָמיטע — האָבן די פירער פון דעם סענטראַל לייבאָר קאונסיל דורכגעשטופּט אַ רעזאָלוציע אויפצוגעבן דעם סטרייק, ווייל „ער האָט שוין דערגרייכט זיין ציל". דער „ציל" איז באַשטאַנען אין פאַרשפּרעכונגען, וואָס וואַגנער, דזשאָנסאָן און מעקגריידי האָבן געמאַכט אַז רוזוועלט וועט אויסאיבן דרוק אויף די שיף־און דאָק־קאָמפּאַניעס.

דער גרעסטער גענעראַל־סטרייק אין דער געשיכטע פון לאַנד איז אויפ־געריסן געוואָרן פון אינעווייניק, ניט דורך דעם כח פון די דרויסנדיקע קלאַסן־פיינט.

דאָס צוריקרופן פון גענעראַל־סטרייק איז אויסגענוצט געוואָרן פון די אָרגאַניזירטע קאַפּיטאַליסטן און זייער שטאַט־רעגירונג אָנצוהייבן אַ טעראָר־קאַמפּאַניע, וואָס האָט ווייט, ווייט אַריבערגעשטיגן דעם טעראָר געגן קלאַסן־באַוואוסטזיניקע אַרבעטער אין דעם מלחמה־פּעריאָד. איבערטונענע דעטעק־טיוון האָבן פּאַרטיליקט די קוואַרטירן פון לינקע און קאָמוניסטישע אַר־בעטער־אָרגאַניזאַציעס. פיל הונדערטער אַרבעטער זיינען מערדערלעך צע־שלאָגן געוואָרן און געהאַלטן געוואָרן אין טורמע. די קאָמוניסטישע פּאַרטיי און די לינקע מאַסן־אָרגאַניזאַציעס זיינען געוואָרן אומלעגאַל, אָבער נאָר אויף אַ גאָר קורצער צייט. די קאָמוניסטישע פּאַרטיי האָט געהאַט אויף איר זייט די בעסטע אַרבעטער־כוחות אין קאַליפאָרניע, אָרעגאָן און וואַשינג־טאָן. די פּראָגרעסיווע אינטעליגענץ איז אויך אַרויסגעקומען מיט פּראָטעסטן. די פּאַרטיי האָט געוואונען איר אָפענע עקזיסטענץ דורך אַן ענערגישן, מוטיקן ווידערשטאַנד. אין סאַקראַמענטאָ, קאַליפאָרניע, און אין פּאָרטלאַנד, אָרעגאָן, זיינען פאָרגעקומען אַנטי־סינדיקאַליסטישע פּראָצעסן, וואָס האָבן זיך געענדיקט מיט שווערע טורמע־טערמינען פאַר די אָנגעקלאָגטע.

די מאַרין־סטרייקער האָבן אָבער געוואונען זייערע הויפּט־פאָדערונגען. די שטימונג פון די אַרבעטער אין סאַן־פראַנציסקאָ איז פאַרבליבן אַ מיליטאַנטישע. דער שרייבער פון דער געשיכטע איז דאָרטן געווען דריי מאָנאַטן נאָך דעם סטרייק און האָט אין פיל געשפּרעכן מיט אַרבעטער זיך איבערצייגט אין דעם. די אָרטיקע יוניאָנס האָבן אין פאַרלויף פון די דריי מאָנאַטן געוואונען 12,000 מיטגלידער. דער וואוקס רעדט פאַר זיך. ער לייקנט די באַריכטן וועגן פּעסימיזם צווישן די אַרבעטער, וואָס די קאַפּיטאַליסטישע פּרעסע און די רעכטע טוער האָבן פאַרשפּרייט אונטערצוגראָבן די סאַמע אידייע פון גענעראַל־סטרייקס. די קאָמוניסטישע פּאַרטיי אין קאַליפאָרניע

איז א ווייכטיקער, שעפערישער פאקטאר אין ארבעטער־קלאס. איר איינפלוס שטייגט.

די פיר מאסן־ארויסטרעטונגען זיינען געווען אן אויסגעצייכנטע שולע פאר דעם ארבעטער־קלאס. די ארבעטער האבן געזען פאר זיך דעם גאנצן קאפיטאליסטישן קלאס, מיט אלע זיינע אינסטרומענטן, פיזישע און אידעאלאגישע. זיי האבן געזען די רוזוועלט־רעגירונג אן דעם שלייער פון ארבעטער־פריינטלעכקייט. זיי האבן אויך געהאט די געלעגנהייט צו דערזען די א. פ. און ל. פירער אין זייער ריכטיקער געשטאלט. (גרין האט פארעפנטלעכט א פארדאמונג פון גענעראל־סטרייק אין מיטן פון גענעראל־סטרייק.) די ארבעטער האבן אויך געלערנט די באדייטונג פון סאלידארישער אקציע ווי א קלאס געגן א קלאס.

די פיר מאסן־ארויסטרעטונגען ליפערן א רייכע דערפארונג פון סטרייק־סטראטעגיע און טאקטיק. זיי ווייזן, אז ביי געהעריקער ארגאניזאציע זיינען די ארבעטלאזע ניט די רעזערוו פאר סטרייקברעכער, נאר, פארקערט, די ארבעטלאזע זיינען מיליטאנטישע פריינט און ארויסהעלפער אין יעדן סטרייק פון באשעפטיקטע ארבעטער. אין אלע פיר שטעט האבן די ארגאניזירטע ארבעטלאזע פארנומען א ווייכטיקן פלאץ אין די קאמפן פון די ארבעטער פאר בעסערע באדינגונגען און פאר דעם רעכט צו זיין ארגאניזירט אין אייגענע יוניאנס.

## פאשיסטישע שפראצונגען און קריג־פארברייטונגען

אונטער רוזוועלטס רעזשים האבן זיך געמערט די פאשיסטישע שפראצונגען. שטאט־טרופן זיינען באנוצט געווארן געגן יעדן באדייטנדיקן סטרייק — זיבן־און־פופציק ארבעטער זיינען דערשאסן געווארן צום טויט נאר אין דעם יאר 1934. טויזנטער זיינען פארקריפלט געווארן. מאסן־ארעסטן פון סטרייקער און דעפארטאציעס פון פרעמד־געבוירענע ארבעטער וועלכע זיינען טעטיק אין סטרייקס, זיינען געווארן טעגלעכע פאסירונגען. הונדערטער האלב־געהיימע, פאשיסטיש־אנטיסעמיטישע ארגאניזאציעס פונקציאנירן אין אלע טיילן פון לאנד. די דיקשטיין־מעקארמאק קאנגרעס־קאמיטע, וואס האט באדארפט אונטערזוכן די פאשיסטיש־נאצי טעטיקייטן, האט אריינגעבראכט רעקאמענדאציעס אין קאנגרעס צו מאכן אומלעגאל די קאמוניסטישע פארטיי און די גאנצע ראדיקאלע ארבעטער־באוועגונג. אין אייניקע טיילן פון לאנד, ווי אין דרום, איז די קאמוניסטישע פארטיי אומלעגאל.

די צעיושעטע העצע־קאמפאניע פון דער הוירסט־פרעסע צוזאמען מיט דער פראפאגאנדע פון די פירער פון אמעריקאן לידזשאן, האט פאראורזאכט געזעץ־פראיעקטן אין 18 שטאט־לעגיסלאטורן געגן דער קאמוניסטישער פארטיי און געגן יעדער מיליטאנטישער ארבעטער־ארגאניזאציע. אין דעלאווער איז דער געזעץ שוין אריין אין קראפט. אין ארעגאן און אין מישיגען זיינען די געזעץ־פראיעקטן געטויט געווארן צוליב די ענערגישע פראטעסטן פון די ארבעטער.

דער גלח קאגלין אין דעטראיט און סענאטאר יואי לאנג פון לואיזיאנא שפרייטן זייער פאשיסטישע דעמאגאגיע, איינגעוויקלט אין כלומרשטער אגיטאציע געגן די באנקירן. דורך פראיעקטן „פאנאנדערצוטיילן דעם רייכטום” און באזארגן יעדן איינעם מיט באשעפטיקונג, א היים, א ראדיא און אן אטאמאביל, זוכט לאנג צו באשאפן א פאלק־באוועגונג אויף היטלערס שניט, מיט זיך אליין פאר דעם דיקטאטאר. קאגלין האט באשאפן אן ארגאניזאציע, די „נאציאנאלע יוניאן פאר סאציאלער גערעכטיקייט”, וואס פארמאגט אלע שטריכן פון פאשיזם באפוצט אין פאלק־פריינטלעכע פראזן.

נאך אלע פרידלעכע רעדעס, פול מיט גוט־שכנישע געפילן, האט רוזוועלט שטארק אויפגעשרויפט דעם קריג־בודזשעט. ער יאגט די בויאונג פון נייע קריג־שיפן און די פארגרעסערונג פון דער ארמיי. (אין 1934 האט רוזוועלט אסיגנירט 350 מיליאן דאלאר פון א פאנד צו שאפן באשעפטיקונג, אויף בויען נייע קריג־שיפן.) אין דעם יאר וואס ענדיקט זיך דעם ערשטן יולי 1936 וועט די רעגירונג האבן אויסגעגעבן נאר פאר ריינע, אויסשליסלעכע קריג־צוועקן — אן פענסיעס, הילף פאר קראנקע וועטעראנען א. ד. ג — העכער אכט הונדערט מיליאן דאלאר. דאס איז דער העכסטער קריג־בודזשעט אין דער וועלט. די שטענדיקע ארמיי וועט פארגרעסערט ווערן ביז 162,000 מענטשן. די סיוויל קאנסערוויישאן קעמפס טרענירן מיליטעריש הונדערטער טויזנטער יונגע לייט. די נעשאנאל גארד (שטאט־טרופן) איז פארגרעסערט געווארן און ווערט צוגעגרייט צו מלחמה אונטער דער אויפזיכט פון דעם פעדעראלן קריג־מיניסטעריום. פלענער פאר דער קריג־מאביליזאציע פון דער אינדוסטריע זיינען פולשטענדיק אויסגעארבעט. רוזוועלטס „אויפלעבונג”־פראגראם האט צופרידנגעשטעלט די מיליטאריסטישע אפעטיטן פון די עקסטרעמע מארד־פאטריאטן.

אין דער אינטערנאציאנאלער פאליטיק איז די רוזוועלט־רעגירונג פריינטלעך די גאנצע צייט צו דער נאצי־דייטשלאנד. געגן דעם סאוועטן־פארבאנד וועמען רוזוועלט האט אנערקענט זומער, 1934, האט ער געוויזן

זיין פיינטלעכקייט, צוריקווייזנדיק דעם פאָרשלאָג פון דער סאָוועטן־רעגירונג וועגן שליכטן די צארישע און קערענסקי־חובות און צוריקציענדיק די אטאַשעס פון מאָסקווע. אלס רעזולטאַט פון די פארערגערטע באַציאונגען מיט יאפּאַן, גייט אָן אַ פיבערישע מיליטאַריזאציע פון די אַמעריקאַנישע אינזלען אויפן פּאַסיפישן אָקעאַן. דער „נייער דיל" גרייט זיך ענערגיש צו דער קומענדיקער מלחמה.

* * *

אין לאַנד האָט דער „נייער דיל" געבראַכט אַ נידעריקערן לעבנס־סטאַנדאַרד פאַר די ברייטע שיכטן פון דער באַפעלקערונג און אַ ווייטערע באַרויבונג פון זייערע דעמאָקראַטישע רעכט. דערפאַר, זיינען געשטיגן די פּראָפיטן פון די קאַפּיטאַליסטן. דערפאַר, די פיבערישע קריג־פּאָרברייטונגען.

רוזוועלט האָט ניט אָפּגעשאַפט — און קען ניט אָפּשאַפן — די טיפע ווידערשפּרוכן צווישן קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע און סאָציאַלן געברויך פון דער פּראָדוקציע. אַלע זיינע באַמיאונגען האָבן נאָר שאַרפער אַרויס־גערוקט די דיספּראָפּאָרציע צווישן אַ הויך־אַנטוויקלטער אינדוסטריע און אַ געזונקענער קויף־קראַפט.

רוזוועלטס דורכפאַל טרייבט דעם קאַפּיטאַליסטישן קלאַס צו ווייטערע אַטאַקעס אויפן לעבנס־סטאַנדאַרד פון אַרבעטער־קלאַס. דער שטייגנדיקער ווידערשטאַנד פון אַרבעטער־קלאַס, ווידער, טרייבט די קאַפּיטאַליסטן אָנ־צונעמען פאַשיסטישע מיטלען. אַ גרעסערע, אימפּעטיקערע און אַלץ־וואַקסנ־דיקע כוחות־פאַרמעסטונג צווישן די צוויי קלאַסן איז אומפאַרמיידלעך אין דער גאָר נאָענטער צוקונפט. נאָר די לערע פון מאַרקסיזם־לעניניזם באַוואָפנט דעם אַרבעטער־קלאַס, ער זאָל אַרויסקומען זיגרייך פון דער כוחות־פאַר־מעסטונג. נאָר די באַוועגונג וואָס איז געבויט אויף מאַרקסיזם־לעניניזם — די טעאָריע פון רעוואָלוציאָנערן קלאַסנקאַמף — פירט דעם אַרבעטער־קלאַס צו דער פאַרווירקלעכונג פון זיין היסטאָרישער אויפגאַבע, די אומוואַרפונג פון קאַפּיטאַליזם און די אויפבויאונג פון סאָציאַליזם.

# אינדעקס פון ערשטן בוך

# אינדעקס פון צווייטן בוך

## פעלער-אויסבעסערונג

דער קאַפּיטל: „אַרבעטער-קאַמפן אונטער דער נ.ר.א.", וואָס ווערט דערמאָנט אין אַ פּאָר פּלעצער, איז אַריין אונטער דעם נאָמען: „רוזוועלטס 'אויפלעבונג'-פּראָגראַם".